

הערריעט ביטשער סטאָו.

# אנקעל טאָמ׳ס קעבין

אָדער

## די שווארצע שקלאווען אין אמעריקא

— פון —

**העררימט בימשער סטאו.**

איבערזעצט פון ענגליש

— פון —

**י. יאפפא.**



ניו יאָרק:
היברו פּאָבלישינג קאָמפּאני
83-85 קאַנאל סטריט
1911.

# פאָררעדע

„אַנקעל טאָם'ס קעבין" איז ארויס אין דער וועלט דעם 20טען מערץ, 1852 און איז געשריעבען פון דער גרויסער פערפאסערין הער־ריעט ביטשער סטאָו. דיעזער הויך־בעגאַבטע פרוי איז געבאָרען געוואָרען דעם 14טען יוני, 1811, און איז געשטאָרבען דעם ערשטען יולי, 1896, אין דעם אַלטער פון 85 יאָהר. מיסעס סטאָו האָט מעהר ווי די העלפט פון איהרע יאָהרען פערבראכט צווישען שקלאַווען און דער־פאר האָט זי געקענט די שקלאַווען פראגע דורך און דורך. אזוי ווי זי איז געווען אַ פרוי מיט גרויסע מענשליכע געפיהלען האָט זי שרעקליך געליטען פון די גרויעלטהאַטען, וועלכע זיינען בעגאַנגען געוואָרען געגען די אונגליקליכע, און זי האָט בעשלאָסען דיעזע גרויעל־טהאַטען בעקאַנט צו מאַכען פאר די וועלט.

זי האָט לאַנגע יאָהרען געקליעבען מאַטעריאַל פאר איהר בוך, ביז זי האָט געזעהען, אז זי האָט שוין גענוג פאַקטען אויף ארויסצוטרע־טען פאר דער וועלט און בעווייזען ווי ווייט מענשען קענען ווערן חיות רעות געגען אונגליקליכע, אונבעשיצטע מענשען, וועלכע זיי־נען מיט געוואַלד צוגענומען געוואָרען פון זייער לאַנד און האַבען דאָס אונגליק צו האַבען אַ שוואַרצע הויט.

ווען דער בוך איז ארויס, האָט ער אַנגעמאַכט אַ שרעקליכען שטורם אין דער גאַנצער וועלט. מען האָט געוואוסט אז יעדער וואָרט איז אמת, אָבוואָהל אַזעלכע שרעקליכע פאַקטען, ווי אין איהם ווערען געבראַכט, זיינען געווען קוים גלויבליך. מיט וועלכער היץ דער בוך איז געכאַפּט געוואָרען, ווייזט דער פאַקט, אז אין אַ פּאָאָר יאָהר איז ער איבערזעצט געוואָרען אין נייגצעהן שפּראַכען און פינף מיליאָן עקזעמפּלאַרען זיינען פערקויפט געוואָרען. אַזאַ גרויסע פערברייטונג האָט נאָך קיין בוך ניט ערריכט.

## II

יעצט ועט „אנקעל טאָם'ס קעבין" זיין אין צוואַנציג שפּראַכען. אונזער אידישע שפּראַך וועט זיין די צוואַנציגסטע.

איך אַלס איבערזעצער פון דיעזען ווערק האָב מיר געגעבען אַלע מיהע אַז אין אידיש זאָל ער זיין ריכטיג נאָכ'ן טעקסט; ניט ווי פיעלע אידישע איבערזעצונגען, וועלכע טראָגען נאָר דעם נאָמען פון א ווערק און האָבען זעהר ווענינ שייכות מיט דעם אָריגינאַל.

אין אידיש איז „אַנקעל טאָם'ס קעבין" פּונקט ווי הערריעט ביטשער סטאָו האָט איהם געשריעבען אין ענגליש. עס זיינען בלויז געמאַכט געוואָרען אייניגע קליינע ענדערונגען, וואו די פערפאַסערין לאָזט זיך אַריין אין טיעפע קריסטליכע רעליגיעזע חקירות, און דאָס איז געווען נויטהיג, אום דאָס ווערק זאָל זיין פּאַסענד פאַר'ן אידישען לעזער.

י. יאַפּפּאַ.



# אינהאלט פערצייכניס

# אַנקעל טאָמ'ס קעבּין

אָדער

# די שווארצע שקלאווען אין אמעריקא.

---

ערשטער קאַפּיטעל.

## א מענש אָהן געפיהלען.

אין א קאַלטען אבענד אין מאָנאט פעברואר, אין שטעדטעל פּ—, אין סטייט קענטאַקי, זיינען אין א שעהן מעבלירטען צימער געזעסען צוויי מענער און האָבען געטרונקען וויין. אויסער זיי איז קיינער ניט געווען אין צימער. זיי האָבען געמוזט פיהרען איין ערנסטען געשפּרעך, דען זיי זיינען געזעסען זעהר נאָהענט איינער פון אַנדערן.

איינער פון זיי איז געווען ניט קיין הויכער אָבער שטארק געבוימטער מאַן און האָט געהאַט א גראָבען פּנים, וועלכער האָט אויף זיך געטראָגען יענע געמיינע גדלות, מיט וועלכע אזעלכע מענשען שטאָלצירען און ווילען צייגען אז זיי שפּיעלען א ראָלע אין דער וועלט. ער איז געווען צו מאָדנע געפּוצט און זיינע קליידער זיינען געווען פון פערשיעדענע פארבען: א קאַלירטע וועסט, א בלויער קראוואט מיט געלע פּינטלעך און מיט א מאָדנעם שלייף. דיעזע זאָנדערבארע קליידונג האָט געשטימט מיט דעם מאַן'ס האַלטונג. זיינע גראָבע פינגער זיינען געווען בעדעקט מיט פיעלע רינגען און פון זיין וועסט האָט אראָפּגעהאַנגען א שווערע גאָלדענע קייט מיט פיעלע אנגעהאַנגענע צאַצקעס פון פערשיעדענע קאָלאָרען. ווען ער האָט גערעדט האָט ער זיך געשפּיעלט מיט דער קייט און האָט געקלינגעלט מיט די צאַצקעס. זיין שפּראַך איז געווען גרייזיג און ער האָט זיך

בענוצט מיט גראָבע אויסדריקע, וועלכע האָבען קלאהר געצייגט זיין כאראקטער.

דער אַנדערער מאַן, מר. שעלבי, איז שוין געוועזען אַ גאַנץ אַנדערע פּערזאָן. זיין פּנים האָט געצייגט אַז ער איז אַ פיינער מאַן, און די איינריכטונג פון צימער האָט געוויזען אַז ער איז געוועזען אַ פערמעגליכער מאַן. ביידע מענער זיינען געוועזען פערטיפט אין איין ערנסטען געשפּרעך.

— אַזוי קען די זאַך געמאַכט ווערן, דענק איך, האָט מר. שעלבי געזאָגט.

— און איך דענק, אַז אויף אַזאַ ארט קען די זאַך בשום אופן ניט געמאַכט ווערן, האָט דער אַנדערער געענטפערט און האָט דערביי בעטראַכט אַ גלאָז ווייַן געגען ליכט.

— וואָס רעדט איהר, האַלעי! טאָם איז איין אונגעוויינליכער מאַן. דאָס געלד איז ער געוויס ווערטה. ער איז אַן עהרליכער און רוהיגער מענש. אונטער זיין פיהרונג געהט מיין גאַנצעווירטהשאַפט ווי נאָך אַ זייגער.

— איהר מיינט אודאי אַזוי עהרליך ווי די נעגערס זיינען, האָט האַלעי געזאָגט און האָט זיך דערביי אָנגעגאָסען אַ גלאָז בראַנפען.

— ניין, איך מיין אַז ער איז עהרליך. טאָם איז אַ גוטער און פליסיגער פרומער קערל. ער איז פאַר פיער יאָהרען געוועזען אויף אַ רעליגיעזע פערזאַמלונג און פון דאַן אָן, גלויב איך איז ער ווירקליך געוואָרען פרום. פון יענער צייט אָן האָב איך איהם אָנגעפאַנגען צו טרויען געלט, די הויז, די פערד, און איך ערלויב איהם אַרומצוגעהן פריי איבעראַל. איך האָב אויסגעפונען אַז ער איז טריי און עהרליך אין אַלעם.

— אַ סך מענשען, שעלבי, גלויבען ניט אַז עס זיינען דאָ פרומע נעגערס, האָט האַלעי געזאָגט און האָט געגעבען אַ מאַך מיט דער האַנד צו בעקרעפטיגען זיינע ווערטער, אָבער איך גלויב. צווישען דעם פּאַק נעגערס, וועלכע איך האָב די לעצטע צייט געשיקט נאָך אָרליענס, האָב איך געהאַט אַ קערל, וועלכער האָט געזאָגט זיינע תפילות אַזוי שעהן, דאָס עס איז געוועזען אַנגענעהם צו הערען. ער איז אויך געוועזען אַ גוטער און רוהיגער מאַן. ער האָט מיר אויך געבראַכט אַ היבשע סומע געלד, דען איך האָב איהם געקויפט ביליג



מר. שעלבי און האלעי.

פון א מאַן, וועלכער האָט געמוזט פערקויפען זיין פּלאַנטאַציע. איך האָב פאר איהם בעקומען זעקס הונדערט דאָלאר. דאָס ווייזט מיר, אז א פרומער נעגער איז א גוטער ארטיקעל ווען ער איז אמת פרום.

— דאַן איז טאָם דער אמת'ער ארטיקעל. דען אויב עס געבען פרומע נעגערס איז עס טאָם געוויס, האָט מר. שעלבי געזאָגט. ערשט פערגאַנגענעם ווינטער האָב איך איהם געשיקט אין סינסינעטי וועגען געשעפטס־זאכען. ער האָט מיר געדארפט ברענגען פינף הונדערט דאָ־לאר. „טאָם, האָב איך צו איהם געזאָגט, איך טרוי דיר ווייל איך גלויב אז דו ביזט א קריסט און איך וויים, אז דו וועסט מיך ניט בעטריגען." טאָם איז אויך ריכטיג צוריקגעקומען. איך בין געווען זיכער אז ער וועט עס טהאָן. איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אז שלעכטע קערלס האָבען איהם אָנגערעדט אז ער זאָל ענטלויפען נאָך קאַנאדא, און ער האָט זיי געענטפערט, אז ער פערראַטה ניט א הערין, וועלכער האָט צו איהם צוטרויען. איך מוז אָפען געשטעהן, אז עס טהוט מיר הערצליך לייד זיך צו שיידען פון טאָם'ן. איהר דארפט איהם אננעהמען פאר'ן גאַנצען חוב, האַלעי, אויב איהר זייט א מאַן פון געוויסען.

— וועל, איך האָב אויף אזוי פיעל געוויסען ווי א געשעפטסמאַן דארף עס האָבען. דאָס הייסט אויף אזוי פיעל, אז אויב עס קומט אוים צו שווערן, זאָל זיין גענוג געוויסען אויף וואָס צו שווערן, האָט דער שקלאַפענהענדלער געזאָגט אין א שפּאַסהאַפטען טאָן. איך בין בערייט צו טהאָן אלעס וואָס מעגליך איז, ווען איך טהו דערמיט א געפעליגקייט א פריינד, אָבער דאָס וואָס איהר בעט מיך, זעהט איהר, איז שוין אָביסעל צו שווער, ווירקליך שווער. דערביי האָט דער הענדלער מיט נאָכדענקען ארויסגעלאָזען א זיפץ און האָט זיך אָנגעגאָסען נאָך אביסעל בראַנפען.

— וועל, האַלעי, ווי ווילט איהר דען, אז מיר זאָלען צורעכט קומען? האָט מר. שעלבי נאָך א קורצען אונרוהיגען שווייגען גע־פרעגט.

— האָט איהר ניט א אינגעלע אָדער א מיידעלע אלס א צוגאָב צו טאָם'ן?

— הום, אזא קינד וואָס איך וואָלט וועלען גערן אוועקגעבען, האָב איך ניט. דעם אמת זאָגענדיג איז עס נאָר די שווערע נויטה

וואָס צווינגט מיך איבערהויפּט אימעצען צו פערקויפען. עס איז מיר שווער זיך צו שיידען אפילו מיט דעם ערגסטען פון מיינע שקלאַפען. דאָס קענט איהר מיר זיכער גלויבען.

דאָ האָט זיך די טהיר געעפענט און א פיער־פינף יאָהריגער מולאַ־טאָ איז אריין אין צימער. ער איז געווען א מערקווירדיגעס און ליעב־ליבעס קינד. שווארצע זיידענע האָאר האָבען בעדעקט זיין רונדע געזיכט אין געקרייזעלטע גלאַנציגע לאָקען און א פּאָאר גרויסע שוואר־צע פייערדיגע און מילדע אויגען האָבען ארויסגעקוקט פון אונטער זיינע לאַנגע סאַמעטענע ברעמען, ווען ער האָט אריינגעבליקט אין צימער. ער האָט זיך נייגעריג אומגעקוקט ווען ער איז אריין אין צימער. ער איז געווען אָנגעטהאָן אין קאָלירטע קליידלעך און דאָס האָט געגעבען נאָך מעהר חן צו זיין ליעבליכער געשטאַלט. זיין צו־טרויליכער און קאָמישער אָנבליק האָט געוויזען אז ער איז געווען א ליעבלינג ביי זיין בעל הבית.

— העלאָ ! דזשים קראָו, האָט מר. שעלבי אויסגערופען און האָט איהם דערביי פייפענדיג צוגעוואָרפען א בינטעל וויינטרויבען. נעהם, הייב דאָס אויף. דער אינגעל האָט מיט זיין גאַנצער קינדישער שנעלקייט א שפּרונג געטהאָן צו די וויינטרויבען, ווערענד זיין מאַסטער האָט געלאַכט.

— איצטער קום אהער, דזשים קראָו !

דאָס קינד איז צוגעגאַנגען און זיין מאַסטער האָט גענומען גלעט־טען זיינע זיידענע האָאר און איהם לאַשטשען.

— נו, דזשים, יעצט צייג דעם הערן ווי דו קענסט טאַנצען און זינגען.

דער אינגעל האָט אָנגעפאַנגען צו זינגען איינע פון יענע ווילדע און קאָמישע ליעדער וועלכע די נעגערס זינגען געוויינליך און האָט עס געזונגען מיט א רייכער קלאָהרער שטימע און דערביי געמאַכט קאָמי־שע האַוואַיעס מיט'ן פּנים און דעם גאַנצען קערפּער.

— בראַוואָ ! האָט האַלעי אויסגערופען און האָט דעם קינד צו־געוואָרפען א שטיקעל אָראַנדזש.

— יעצט געה ווי דער אַלטער אָנקעל קודזשאָ געהט, ווען ער האָט רומאַטיזם, האָט זיין מאַסטער געזאָגט.

די ווייכע גלידער פון דעם קינד האָבען זיך גלייך פערוואַנדעלט



דער אינגעל מאכט נאך ווי אנקעל קודזשא געהט.

אין דער געשטאַלט פון א קריפּעל. דער רוקען האָט זיך ביי איהם אויסגעבויגען און די פים האָבען זיך ביי איהם געשאָקעלט ווי ביי איינעם וואָס קען קוים געהן. ער האָט גענומען זיין מאַסטער׳ס שטעקען און האָט אָנגעפאנגען צו הינקען איבער׳ן שטוב. זיין קינדישעס געזיכט האָט זיך פערקרימט און מיט יעדען טריט האָט ער ארויסגעלאָזען א קרעכץ. ביידע מענער האָבען געלאכט אויפ׳ן קול.

— נו, דזשים, יעצט צייג אונז ווי דער אַלטער ראָבינס, דער קירכען פאָרשטעהער, זאָגט די פּסאַלמען, האָט מיר שעלבי געזאָגט.

דעם קינד׳ס רונדעס געזיכט האָט זיך אויסגעצויגען שרעקליך לאַנג און מיט אן ערנסטער מיענע האָט ער אָנגעפאנגען צו זאָגען אונטער׳ן נאָז א פּסאַלם.

— הוראה ! בראוואָ ! האָט האַלעי אויסגעשריען. אָט דאָס איז א יונג. ער איז א טהייערע כלי, זאָג איך אייך. פּלוצלונג האָט ער זיך געווענדעט צו מר. שעלבי און האָט איהם ארויפגעלייגט די האַנד אויפ׳ן פּלייצע : גיט מיר דעם נפש׳ל אַלס צוגאָב און דער געשעפט וועט זיין געשלאָסען, דאָס וועט מאַכען אַלעס גלאַט.

אין דיעזען אויגענבליק האָט זיך די טהיר לויז אויפגעמאַכט און א יונגע מולאַטין פון א יאָהר פינף און צוואַנציג אין אריינגעקומען.

מען האָט נאָר געדאַרפט געבען איין קוק אויף איהר און אויפ׳ן קינד האָט מען געזעהען אַז זי איז געוועזן זיין מוטער. זי האָט געהאַט דיזעלבע גלענצענדע שוואַרצע אויגען מיט די לאַנגע ברעמען און דיזעלבע קרייזלאָך זיידענע האָאָר. איהר ברוינעם געזיכט האָט געקריגען א רויטליכע פאַרב, ווען זי האָט בעמערקט ווי דער פרעמדער מאַן האָט אויף איהר געקוקט מיט בעוואונדערונג. איהרע קליידער, וועלכע זיינען געוועזן זעהר צוגעפּאַסט צו איהר, האָבען צוגעגעבען נאָך מעהר שעהנקייט צו איהר שיינער געשטאַלט, און איהרע שעהנע הענט און איהרע שעהנע קליינע פים האָבען נאָך מעהר צוגעצויגען דעם בליק פון דעם שקלאַווענהענדלער, וועלכער איז געוועזן א מבין אויף שעהנע פרויען.

— נו, עליזא ? האָט זי מר. שעלבי געפרעגט, ווען ער האָט געזעהען, אַז זי שטעלט זיך אָפּ און קוקט אויף איהם.

— ענטשולדיגט מיר, מאַסטער, איך זוך הערריע׳ן. דאָס קינד

איז צו איהר צוגעשפּרונגען און האָט איהר געצייגט די מתנות, וואָס ער האָט צוזאַמענגענומען אין די ברעגעס פון זיין קליידעל.

— קענסט איהם נעהמען, האָט מר. שעלבי געזאָגט. זי האָט שנעל גענומען דאָס קינד אויף די אָרעמס און איז ארויס פון צימער.

— ביי יופּיטער! האָט דער הענדלער אויסגערופען ווענדענדיג זיין בליק אויף דעם קינד מיט בעוואונדערונג. אָט דאָס איז אן אר־טיקעל! מיט דיעזער פרוי קענט איהר דאָרטען אין ניו אָרליענס מאַכען אַ פערמעגען. איך האָב געזעהען ווי מען צאָהלט טויזענד דאָלאר פאר אַ מיידעל, וועלכע איז ווייט ניט אזוי שעהן ווי דיעזע.

— איך וויל אָן איהר ניט מאַכען קיין פערמעגען, האָט מר. שעלבי טרוקען געזאָגט, און ער האָט געזוכט וועגען עפּעס אנדערס צו ריידען. ער האָט אויפגעמאַכט אַ פלאַש וויין און האָט געפרעגט ביי האלעי זיין מיינונג וועגען דעם.

— אויסגעצייכענט! האָט דער הענדלער געזאָגט, דערביי האָט ער זיך געווענדט צו מר. שעלבי און האָט איהם ארויפגעלייגט די האַנד אויפ'ן אַקסעל אויף אַ גאַנץ פריינדליכען אַרט.

— נו, וואָס איז אייער מקח פיר די ווייבעל? ווי פיעל זאָל איך אייך באַטען? ווי פיעל וועט איהר נעהמען?

— מר. האלעי, זי איז ניט צו פערקויפען, האָט מר. שעלבי גע־ענטפערט. מיין פרוי וועט זיך פון איהר ניט שיידען אפילו ווען מען זאָל זי אָפּוועגען מיט גאָלד.

— ווייס איך וואָס! פרויען ריידען אַלע מאָל אזוי, ווייל זיי האָבען קיין איבערלייגונג. ווייזט זיי נאָר וויפיעל זייגערלאַך, פעדערן און ציערונג מען קען קויפען פאר אזא געוויכט גאָלד, וועט איהר זעהען, ווי זיי וועלען ריידען גאַנץ אנדערס.

— איך זאָג אייך, האלעי, אז איך וויל דעריבער גאָרניט ריי־דען. איך האָב אייך געזאָגט ניין און אזוי מיין איך טאַקע, האָט מר. שעלבי געזאָגט ענטשלאָסען.

— נו, גיט מיר כאָטש דעם איינגעל, האָט דער הענדלער געזאָגט. איהר וועט דאָך צוגעבען, אז איך בין וועניגסטענס אזוי פיעל ווערטה.

— צו וואָס פיר אַ טייוועל דארפט איהר דאָס קינד? האָט איהם מר. שעלבי פרעגענדיג אנגעקוקט.

— איך האָב אַ פריינד, וועלכער געהט אריין אין דיעזען סאָרט געשעפט. ער קויפט אויף שעהנע קינדער, האַדעוועט זיי אויס און פערקויפט זיי. דאָס איז אַ פיינער ארטיקעל. ער פערקויפט זיי צו רייכע לייט, וועלכע בענוצען זיי אלס דיענער, לאַקייען און זאַ ווייטער, און נעהמט פאר זיי גוטע געלט. און אייער קליינער ליץ האָט אין זיך אַזעלכע קאָמישע תנועות און איז דערצו נאָך אַזאַ זינגער׳ל, דאָס ער וועט זיין אַ פראַכטפאָלע סחורה.

— איך וואָלט איהם ניט וועלען פערקויפען, האָט מר. שעלבי טראַכטענדיג געזאָגט. דער פאקט איז. מיין הערר, אַז איך בין אַ מענש מיט מענשליכע געפיהלען און עס טהוט מיר זעהר וועה אַוועקצורייסען אַ קינד פון זיין מוטער.

— אַזוי ? — נו, דאָס איז אַ זאַך וואָס ליגט אין דער נאַטור. איך פערשטעהע דאָס גאַנץ גוט. און איך וויים אַז מיט פרויען צו האָבען צו טהאָן איז ניט אַלע מאָל אנגענעהם. איך האָב פיינט צו הערן זייערע געשרייען און געוואַלטען. עס איז זעהר אונאנגענעהם. אָבער איך בין אַ בריה דאָס אויסצומיידען. איך אין אייער פּלאַץ נעהם די מוטער אַוועק אויף אַ פּאָאַר וואָכען און ביז וואַנען איהר ברענגט זי צוריק איז שוין דער עסק לאַנג אָפּגע׳פּטר׳ט. אייער פרוי מאַכט דער מוטער אַ פרעזענט אַ פּאָאַר אויער־רינגלעך אָדער אַ נייע קלייד, אָדער אנדערע שמאָטעס און זי וואָלט זיך בערוהיגען.

— איך האָב מורא, אַז דאָס וועט ניט געהן.

— איהר רעדט ווי אַ קינד. די שווארצע נפשות זיינען ניט ווי ווייסע. זיי קענען אַלעס פערטראָגען, מען דאַרף וויסען ווי מיט זיי צו האַנדלען. מען זאָגט, האָט האַלעי פאָרטגעזעצט מיט אַ צוטרוילּיכען טאָן, אַז דיעזער מסחר מאַכט הארט דעם מענשענס געפיהלען, אָבער איך האָב עס ניט אויסגעפונען. דער פאקט איז, אַז איך פיהר מיין מסחר גאַנץ אנדערש ווי די אנדערע. איך האָב געזעהען ווי זיי רייסען אַוועק אַ קינד פון דער מוטערס ארעם און פערקויפען איהם אויפ׳ן פּלאַץ, און קוקען ניט אויף די שרעקליכע געשרייען פון דער פרוי און ווי זי רייסט זיך די האָאַר און קראַצט זיך דעם פּנים, —דאָס איז אַ נאַרישער וועג ; זיי פערדאַרבען די סחורה. עס איז נאָכדעם שווער צו פערקויפען. איך האָב אַמאָל געקענט אין אָרליענס אַ ווירקליך שעהנע שקלאַווין, וועלכע איז אין גאַנצען רואינירט געוואָרען

פון אזא פיהרונג. דער מאַן וואָס האָט זי געקויפט האָט ניט געוואָלט נעהמען איהר קינד, און זי איז געווען זעהר אַ הייסע מוטער. וואָלט איהר גערארפט זעהען ווי זי האָט צוגעדריקט דאָס קינד צו איהר ברוסט, האָט געלארמט און געארבייט מעשים. דאָס בלוט ווערט אין מיר נאָך יעצט פערגליווערט ווען איך דערמאהן זיך אָן דעם. און ווען מען האָט פון איהר דאָס קינד אוועקגעריסען און זי פערשלאָסען, איז זי אין גאנצען משוגע געוואָרען און אַ וואָך שפּעטער איז זי געשטאָרבען. דאָס איז פּראָסט געגומען טויזענד דאָלאר און דורכגעוואָרפען דורכ'ן פענסטער. און דאָס איז אַלעס וויל מען ווייס ניט ווי צו פיהרען. דערפאר זאָג איך אז עס איז אַלע מאָל בעסער צו זיין מענשליך. דיעזע ערפאהרונג האָב איך געמאַכט. דערביי האָט זיך דער שקלאַווענהענדלער אויסגעצויגען אויפ'ן שטוהל און האָט אָנגענומען אַ מינע אזוי ווי ער וואָלט געווען דער גרעסטער מענשען־פריינד אין דער וועלט. און ווען ער האָט געזעהען, אז מר. שעלבי ענטפערט ניט, האָט ער ווייטער געזאָגט.

— עס איז אפילו ניט שעהן, אז אַ מענש לויבט זיך אַליין, אָבער איך דערצייל עס וויל עס איז אמת. איך בין פערערעכענט אַלס איינער פון די בעסטע שקלאַווענהענדלערס וואָס האָט די בעסטע סחורה, און דאָס איז דערפאר וויל איך ווייס ווי צו פיהרען מיין געשעפט, און וויל איך בעהאַנדעל מענשליך מיינע שקלאַווען.

מר. שעלבי האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן און האָט נאָר געזאָגט: „אזוי?"

— מען לאכט פון מיינע מיינונגען, זיי געפעלען קיינעם ניט, אָבער איך בלייב ביי מיינס און מאַך גאַנץ גוט, האָט האַלעי געלאַכט מיט צופריעדענהייט איבער זיין אייגענע חכמה.

עס איז געווען אזוי פיעל אָריגינעלעס און אזוי פיעל לעכערליכעס אין דיעזען סאָרט ערקלערונג איבער מענשליכע געפיהלען, דאָס מר. שעלבי האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האָט זיך אויך צולאַכט. דיעזער געלעכטער האָט דעם שקלאַווענהענדלער צוגעגעבען מוטה און ער האָט ווייטער גערעדט.

— עס שיינט צו זיין אונגלויבליך, אָבער איך האָב עס דאָך ניט געקענט אריינדרומלען אין די מענשענס קעפּ. עס גיעבט איינער, אַ טאָם לאָקער, ער איז געווען מיינער אַ שותף דאָרטען אין נאטשעז. ער

איז געווען א קלוגער יונג, אָבער א טייוועל געגען נעגערס. זאָנסט איז ער געווען א גוט־האַרציגער מענש. צו זיין שטרענג געגען נע־גערס איז געווען זיין פּרינציפּ. איך פלעג צו איהם אַלע מאָל זאָגען: „טאָם צו וואָס טהוסטו דאָס? אז דיינע שקלאַווינס ווײנען שמייסטו זיי איבער די קעפּ און יאָגסט זיי ארום ווי די ווילדע חיות? דאָס ברענגט דיר קיין נוצען. וואָס שאַט עס אז זיי וויינען. עס איז א נאַטור זאַך, און אז מען לאָזט די נאַטור ניט דורך פון איין זייט געהט זי דורך דער אנדערער. און צוווייטענס שעדיגסטו דערמיט די שקלאַ־ווינס, דען זיי ווערען קראַנק און מיאוס. פאַר וואָס זאָלסטו ניט פּרובירען מיט גוטען. אביסעל מענשליכקייט איז בעסער ווי דיינע שטרענגקייט און עס צאַהלט זיך בעסער; דו קענסט זיך דערויף פערלאָזען.״ אָבער טאָם האָט דאָס ניט געוואָלט פערשטעהן. ער האָט מיר געשעדיגט אַזוי פיעל שקלאַווען, דאָס איך האָב זיך געמוזט מיט איהם שיידען, כאָטש אַזוי איז ער געווען א גוטהערציגער מענש און א גוטער געשעפטסמאַן.

— און איהר געפינט אז אייער אַרט ווי צו פיהרען די ביזנעס איז בעסער ווי טאָם׳ם? האָט מר. שעלבי געפרעגט.

— יעס, גאַנץ געוויס. זעהט איהר, אז עס קומט מיר אויס די אונאַנגענעהמע זאַך, ווי צום ביישפּיעל, צו פערקויפען א קינד פון א מוטער, נעהם איך צוערשט אוועק די מוטער פון דעם וועג. און ווען דאָס קינד איז שוין פערקויפט, דאַן ברייננ איך זי צוריק און מיט דער צייט פערגעסט זי אַן איהר קינד. ווי איהר ווייסט זיינען די נעגערס ניט ווי ווייסע, וועלכע לעבען אין פאַמיליע און האָבען די קינדער שטענדיג לעבען זיך. נעגערס זיינען ניט מעהר ווי א סחורה; ווען זיי ווערען נאָר ריכטיג ערצויגען, ערוואַרטען זיי ניט, אז זיי זאָלען בעהאַנדעלט ווערן ווי ווייסע מענשען, און דער עסק מיט זיי געהט גלאַט.

— איך האָב מורא אז מיינע נעגערס זיינען ניט אַזוי ערצויגען געוואָרען ווי מען דאַרף און דערפאַר דענק איך, אז זיי וועלען פאַר אייך ניט פּאַסען, האָט מר. שעלבי געזאָגט.

— איך מיין אויך אַזוי. איהר קענטאַקיער לייט פערדאַרבט אייערע נעגערס. איהר מיינט עס זייער טובה, אָבער איהר טהוט זיי דערמיט א רעה. א נעגער איז א סחורה. היינט איז ער ביי אייך

און מאָרגען איז ער ביי דזשאָהן אָדער סמיטח. מען וואַרפט זיך מיט איהם אַרום ווי מיט אַ טויטער זאַך און ער דאַרף זיך דורכוואַלגערן אין אַלע שטורעמס און מוז דורכמאַכען אַלע צרות; ווען איהר גע־וויינט איהם איין אין אַ לייכטען לעבען, פאַלט עס פאַר איהם צעהן מאָל אַזוי ביטער ווען עס קומט איהם אויס צו ליידען. איך מוז אייך זאָגען, אַז אייערע נעגערס וואָלטען ליידען אויף אַ פּלאַנטאַציע, וואו די אַנדערע נעגערס זינגען און מאַכען זיך לוסטיג, ווי די רוחות וואָלטען זיי געטראָגען. יעדער מענש דענקט, אַז ער האַנדעלט ריכ־טיג, און איך דענק אויך אַז איך האַנדעל ריכטיג מיט מיינע נעגערס, אויף אַזוי פיעל, נאַטירליך, ווי עס לוינט זיך מיר.

— עס איז זעהר גוט, אַז אַ מענש איז מיט זיך צופריעדען, האָט מר. שעלבי געזאָגט, ציעהענדיג די אַקסלען מיט אַן אונצופריעדענער מיענע.

— נו, האָט האַלעי געזאָגט, נאָכדעם, ווי זיי האָבעןביידע פאַר אַ צייט געשוויגען, וואָס זאָגט איהר?

— איך וועל זיך די זאַך איבערלייגען און וועל דעריבער ריידען מיט מיין פרוי, האָט מר. שעלבי געזאָגט. דערווייל, האַלעי, ווען איהר ווילט, אַז קיינער זאָל ניט וויסען, האָט איהר זיך צו פער־האַלטען רוהיג און זאָלט קיינעם ניט דערציילען וואָס מיר האָבען גע־רעדט, דען ווען מיינע לייט זאָלען זיך דערוויסען, אַז מען וויל איי־נעם פון זיי צונעהמען, וועל איך האָבען קאַלט און וואַרעם.

— זייט נאָר זיכער; איך וועל געוויס האַלטען דעם מויל. אָבער איך מוז אייך זאָגען, אַז איך האָב גאָר קיין צייט ניט. איך מוז דערפאַר באַלד וויסען, ווען זאָל איך ערוואַרטען אייער בעשלוס, האָט האַלעי געזאָגט און האָט זיך אויפגעהויבען אָנצוטהאָן זיין איבער־ציעהער.

— קומט היינט אָבענד צווישען זעקס און זיעבען, וועט איהר האָבען מיין ענטפער, האָט מר. שעלבי געזאָגט, און דער שקלאַווענ־הענדלער האָט זיך פערנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען.

— ווי ליעב וואָלט עס מיר געווען, ווען איך וואָלט געקענט דעם אונפערשעהמטען קערל אַראָפּוואַרפען פון די טרעפּ, האָט מר. שעלבי צו זיך געמורמעלט ווען יענער איז געווען דרויסען, אָבער ער ווייס אַז ער האָט מיך אין די הענד. ווען איינער וואָלט מיר געזאָגט,

אַז איך זאָל פערקויפען טאָם'ען צו די פּרעכע שקלאַווענהענדלער אין די סאָוטה,*) וואָלט איך איהם געענטפערט : בין איך דען אַ הונד, אַז איך זאָל עס טהאָן ? אָבער ליידער יעצט, ווי איך זעה, מוז עס געשעהן. און דערצו נאָך עליזע'ס קינד אויך ! איך ווייס וואָס פיר אַ חתונה איך וועל האָבען, ווען איך וועל דאָס דערציילען מיין פרוי און נאָך וועגען טאָם'ען ! אָט דאָס הייסט זיין אַ בעל־חוב ! דער חברה־מאַן האָט מיך אין האַנד און וועט מיך ניט אָפּלאָזען.

אין קענטאָקי האָבען די שקלאַווען געהאַט אַ בעסערן לעבען ווי אין אַלע אַנדערע שטאַאַטען. ווייל די פאַרמערס האָבען זיך ניט גע־יאָגט נאָך גרויסע פערדיענסטען און האָבען געלעבט אַ רוהיגען לעבען, דערפאַר האָבען זיי ניט געדאַרפט אָנטרייבען דעם נעגער און האָבען איהם געקענט בעהאַנדלען מענשליכער. אין די אַנדערע שטאַאַטען איז געווען די קאָנקורענץ גרויס און יעדערער האָט זיך געגעבען מיהע צו שאַפען וואָס מעהר פּראָדוקטען, דערפון איז געקומען דער שטאַרקער האַנדעל פון שקלאַווען און דער שקלאַוו איז אַלץ מעהר בעטראַכט גע־וואָרען אַלס אַ סחורה, און האָט אַלץ מעהר פערלאָרען דעם ווערטה אַלס מענש און אַלץ מעהר גרויזאַם איז ער בעהאַנדעלט געוואָרען.

ווען מען בעזוכט דאָרטען אייניגע פּלאַנטאַציעס און מען זעהט ווי די מאַסטערס און זייערע פרויען בעהאַנדלען פריינדליך זייערע שקלאַווען און דיעזע זיינען צוגעטהאָן צו זייער הערשאַפט מיט ליעב און לעבען, וואָלט מען מיינען אַז מען געפינט זיך אין אַ מענשליכען גן־עדן, אָבער ווען מען דערמאַנט זיך, אַז עס איז דאָ אַ געזעץ, וועלכער בעטראַכט דעם שקלאַוו ניט אַלס אַ מענש פון פלייש און בלוט נאָר אַלס אַ זאַך און זיין מאַסטער קען מיט איהם טהאָן וואָס ער וויל, איז דער שקלאַוו אַזוי לאַנג גליקליך ווי לאַנג ער געפינט זיך ביי אַ גוטען מאַסטער, אָבער אַז דער מאַסטער שטאַרבט אָדער מען נעהמט ביי איהם צו זיין פּלאַנטאַציע פאַר אַ חוב און זיינע שקלאַווען פאַלען אריין אין שלעכ־טע הענד, דאַן הערט דער גן־עדן אויף און דער שקלאַוו פיהלט די גאַנצע שרעקליכקייט פון דעם געזעץ. מר. שעלבי איז געווען אַן עהר־ליכער, פריינדליכער מענש און האָט געהאַט אַ גוטע הארץ, און אַלע ארום איהם האָבען איהם ליעב געהאַט. ער האָט זיינע נעגערס

*) סאָוטה מיינט די זידליכע שטאַאַטען.

גוט בעהאַנדעלט און האָט געזעהען אַז עס זאָל זיי גאָרניט פעהלען. ער האָט אָרער שטארק ספּעקולירט און האָט דערביי פערלאָרען פיעל געלד. פיעלע פון זיינע וועקסלען זיינען אריינגעפאלען אין האַלעי'ס הענד, און דאָס האָט געבראכט דערצו אַז ער זאָל האָבען מיט איהם די לאַנגע אונטערהאַלטונג.

עס האָט אַזוי פּאַסירט, אַז ווען עליזא איז געווען לעבען איהר מאַסטער'ס טהיר, האָט זי אַזוי פיעל געהערט פון זיין אונטערהאַלטונג מיט האַלעי, דאָס זי האָט שוין געוואוסט, אַז דער שקלאַווענהענדלער וויל אימיצען קויפען. ווען זי איז ארויס פון צימער האָט זי זעהר געוואָלט זיך אָפּשטעלען ביי דער טהיר און הערן, אָבער אין דיעזען אויגענבליק האָט זי איהר מיסעס גערופען. דאָך האָט זיך איהר געדוכט, אַז זי האָט געהערט ווי דער שקלאַווענהענדלער האָט אָנגעבאָטען אַ פּרייז פאר איהר קינד. האָט זי אפשר געהאַט אַ טעות? איהר הארץ האָט זיך געהויבען און האָט געצאַפּעלט, און ניט־ווילענדיג האָט זי דעם קליינעם נפש אַזוי צוגעדריקט צו איהר ברוסט דאָס ער האָט זי בעטראַכט מיט ערשטוינען.

— וואָס איז מיט דיר היינט, עליזא? האָט איהר מיסעס געפרעגט, ווען יענע האָט איבערגעקעהרט אַ קרוג מיט וואסער מיט דעם טישעל און האָט איהר דערלאַנגט אַ נאַכט־קלייד אנשטאט אַ זיידענע קלייד וואָס זי האָט איהר געהייסען ברענגען.

עליזא האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט, און האָט אויסגערופען „אָה, מיסיס!" דאַן זיינען טרעהרען ארויס פון איהרע אויגען, און זיך אַראָפּלאָזענדיג אויף אַ שטוהל האָט זי אָנגעפאַנגען שטאַרק צו וויינען.

— וואָס איז געשעהען, עליזא, קינד! האָט די מיסעס אויסגערופען.

— אָה, מיסיס, האָט עליזא געזאָגט, אַ שקלאַווענהענדלער איז דאָ געוועזן און האָט גערעדט מיט'ן מאַסטער, איך האָב געהערט.

— נו, איז וואָס, נאַרישע קינד! אַז ער האָט גערעדט איז וואָס?

— אָה, מיסיס, דענקט איהר אַז דער מאַסטער וואָלט פערקויפען מיין הערריי? און די אונגליקליכע פרוי האָט זיך צו־וויינט אויפ'ן קול.



מִיסיס שעלבי און עליזא,

— איהם פערקויפען ! קיין מאָל ניט, דו נארישע פרוי ! דו ווייסט דאָך אז דיין מאסטער האנדעלט קיינמאָל ניט מיט די זידליכע שקלאווענהענדלער, און דענקסט קיינמאָל ניט צו פערקויפען זיינע דיענער, ווען זיי פיהרען זיך אויף גוט. דו נארישע פרוי ! ווער דארף עס האָבען דיין הערריי ? דענקסטו אז די גאנצע וועלט איז אין איהם אזוי פערקאָכט ווי דו, בהמה ! געה, זיי א מענש, און העלף מיר צושפילען די קלייד. איצטער נעהם און פערקעם מיר שעהן די האָאר און געה ניט הערן אונטער די טהירען.

— אָבער מיסים, וועט א י ה ר צולאָזען צו —

— רעד ניט קיין נארישקייטען, קינד ! איך וועל געוויס ניט צולאָזען. אָבער פאר וואָס רעדסטו אזוי ? עס וואָלט געווען גלייך אזוי ווי איך וואָלט וועלען פערקויפען מיין אייגענע קינד. אין אמת'ן, עליזא, ווערסטו גאָר משוגע פאר דעם קליינעם נפש'ל. אז א מאַן שטעקט נאָר אריין די נאָז אין טהיר, מיינסטו שוין, אז מען קומט איהם אויסכאַפּען.

עליזא האָט זיך געפיהלט בערוהיגט פון איהר מיסעס' פערזיכע־רענדע ווערטער און האָט איהר שטילערהייט געהאָלפען אָנטהאָן.

מיסעס שעלבי איז געווען א פיין געבילדעטע און אמת פרומע, גוטהערציגע, פרייגעביגע פרוי. איהר מאַן האָט זי געליעבט און גע־אכטעט און האָט איהר געגעבען פולע פרייהייט צו פיהרען די ווירטה־שאַפט נאָך איהר אייגענעם ווילען. ער האָט זיך אין איהרע הייםישע זאכען ניט געמישט.

מר. שעלבי איז געבליעבען מיט א שווערער משא אויפ'ן קאָפּ, ווען האַלעי איז אוועקגעגאנגען. ער האָט געוואוסט וואָס פאר א שווערען קאַמפּף ער וועט האָבען, ווען ער וועט דערציילען זיין ווייב וועגען וואָס עס האנדעלט זיך. מיסעס שעלבי ווידער, וועלכע האָט ניט געוואוסט פון איהר מאַן'ס חובות און אז ער איז געווען אין די הענד פון דעם שקלאווענהענדלער, האָט זיך גאָר ניט גע'חלום'ט אז צווישען איהר מאַן און האַלעי זאָל זיין א ריידע וועגען פערקויפען איינעם פון איהרע דיענער. דעריבער האָט זי עס נעקענט פערזיכערן עליזא'ן, אז איהר קינד וועט ניט פערקויפט ווערען. באלד האָט זי זיך די גאנצע זאך ארויסגעשלאָגען פון קאָפּ און האָט זיך פאַרבערייטעט אויסצופאָהרען שפּאציערען.

## צווייטער קאפיטעל.

## די מוטער.

עליזא איז אויפגעצויגען געוואָרען ביי איהר מיסעס פון קינדווייז אויף אַלס א ליעבלינג אין הויז.

דער רייזענדער אין די זידליכע געגענדען פון אמעריקא האָט אָפט געמוזט בעמערקען די זאָנדערבארע פיינע מאַניערען, די ווייכקייט פון דער שפּראך, מיט וועלכע די מולאטאָ פרויען זיינען געוועזען בעגאבט. דיעזע געבאָרענע פיינע אייגענשאַפטען ביי דער מולאטין זיינען זעהר אָפט פעראייניגט מיט מערקווירדיגער שעהנהייט און געבען איהר איין עדלען און סימפּאטישען אויסזעהען, עליזא, אזוי ווי מיר האָבען זי בעשריעבען, איז ניט קיין אויסגעטראכטער בילד, זאָנדערן א פּערזאָן, וועלכע מיר האָבען געזעהען מיט יאָהרען צוריק אין קענטאַקי. אונטער דעם שוץ פון איהר מיסעס, האָט עליזא ניט געקענט אריינפאלען אין די נעצען, אין וועלכע שעהנע שקלאווינען פאלען געוועהנליך אריין. זי איז געוועזען פערהייראט מיט א שעהנעם, קלוגען און יונגען מולאטאָ מיט גרויסען טאלאנט, וועלכער האָט בעלאנגט צו א פאַרמער פון דער נאכבארשאפט; ער האָט געטראָגען דעם נאָמען דזשאָרדזש הערריס.

דער מאסטער פון דיעזען יונגען מאַן האָט איהם פערדונגען אין א פאבריק פון זאק-לייווענט, וואו ער האָט זיך דורך זיינע געשיקטקייט און ערפינדונגען ערוואָרבען דעם בעסטען פּלאץ צווישען אַלע ארבייטער. ער האָט אויסגעקלעהרט א מאשין צו רייניגען דעם האנף (קאַנאָפּליע) און די מאשין איז געוועזען זעהר גוט. ווען מען זאָל נעהמען אין בעטראכט זיין בילדונג און די אומשטענדען אונטער וועלכע ער אַלס שקלאוו האָט געדארפט לערנען און ארבייטען, האָט ער געמוזט האָבען א געניאַלען גייסט. (אזא מאשין איז טאקע ערפונדען געוואָרען פון א מולאטאָ אין קענטאַקי).

ער איז געוועזען שעהן געוואקסען און האָט געהאט אנגענעהמע מאַניערען. ער איז געוועזען דער ליעבלינג אין פעקטאָרי. פון דעסטוועגען איז דיעזער יונגער מאַן בעטראכט געוואָרען נאָכ'ן געזעץ ניט אַלס

מענש זאַנדערן אַלס אַ זאַך און ער מיט אַלע זיינע גרויסע מעלות זיינען געווען אין די הענד-פון אַ גראָבען און געמיינעם טיראַנישען מאַסטער. ווען דיזער תכשיט האַט געהערט פון דעם נאָמען וואָס זיין שקלאַוו האָט בעקומען דורך זיין ערפינדונג, איז ער אריבערגעפאָהרען אין דער פעקטאָרי צו זעהן וואָס ער האָט דאָרטען אויפגעטהאָן. דער פאַבריקאַנט האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס פרייד און האָט איהם גראַטולירט וואָס ער האָט אַזאַ טהייערן שקלאַוו.

דזשאָרדזש האָט געפיהרט זיין מאַסטער דורך די גאַנצע פעקטאָרי און האָט איהם אַלעס ערקלעהרט שנעל און מיט בעגייסטערונג און האָט דערביי מיט זיין שעהנער געשטאַלט ווירקליך אויסגעזעהען ווי אַ העלד געגען איהם. דאָס האָט זיין מאַסטער זעהר פערדראָסען. ווי קומט זיינער אַ שקלאַוו אַרומצופאָהרען אין לאַנד, אויסגעפינען מאַ־שינעס און זיך האַלטען גרויס צווישען ווייסע מענשען ? ער וועט באַלד מאַכען אַ סוף פון זיין גדולה. ער וועט איהם נעהמען אַהיים און וועט איהם לאָזען גראָבען די ערד, דאַן וועט ער זעהען וואָס ער וועט מאַכען מיט זיין גאַנצע חכמה. ער האָט עס טאַקע באַלד געטהאָן און דער פאַבריקאַנט מיט אַלע זיינע מענשען זיינען ערשטוינט גע־וואָרען, ווען דער פאַרמער האָט זיי געמעלדעט, אַז ער נעהמט זיין שקלאַוו אַהיים.

— וואָס איז עפּעס מיט אַ מאָל, מר. הערריס ? האָט איהם דער פאַבריקאַנט געפרעגט.

— נו, אַז מיט אַ מאָל, איז וואָס, האָט יענער געענטפערט. איז דען דער מאַן ניט מ י י נ ע ר ?

— אפשר ווילט איהר מעהר בעצאָהלט ?

— ניין, ניט וועגען דעם. איך פערדינג מיינע לייט נאָר ווען איך האָב חשק דערצו.

— אָבער ער איז דאָך זעהר פעהיג צו דיעזען געשעפט.

— עס קען זיין. ער איז אָבער קיין מאָל ניט געווען פעהיג צו זאַ־כען וועלכע א י ך האָב איהם געגעבען מאַכען.

— אָבער בעטראַכט נאָר די מאַשין, וואָס ער האָט געמאַכט, האָט איינער פון די אַרבייטער געזאָגט.

— אַזוי ! אַ מאַשין צו פערשפּאָרען אַרבייטען מיט די הענד ? אַזאַ מאַשין קען ער שוין אויסטראַכטען, דאָס גלויב איך, אין אַזעל־

בע זאכען זאָלט איהר די נעגערס לאָזען צופריעדען. זיי ווילען אלע האָבען מאשינען, אום זיי זעלבסט זאָלען פערשפּאָרען ארבייטען. ער מוז געהן אהיים!

דזשאָרדזש איז געשטאנען ווי פערשטיינערט ווען ער האָט געהערט זיין משפּט פון וועלכען קיין מאכט האָט איהם ניט געקענט רעטען. ער האָט צונויפגעלייגט די הענד און האָט שטארק צוגעקוועטשט די ליפּען, אָבער א גאנצער וואולקאן פון ביטערע געפיהלען האָט זיך אָנגעצונדען אין זיין ברוסט און האָט געשאָסען שטראהלען פון פייער דורך זיינע אָדערן. ער האָט שווער געאָטהעמט און זיינע גרויסע שווארצע אויגען האָבען געבלישטשעט ווי פייערדיגע קוילען. און דער וואולקאן וואָלט אפשר אויסגעבראָכען, ווען דער מענשענפריינדליכער פאבריקאנט וואָלט איהם ניט אָנגעריהרט דעם ארעם און צו איהם געזאָגט שטילערהייד:

— בערוהיג זיך, דזשאָרדזש, געה מיט איהם דערווייל, מיר וועלען דיר פּרובירען צו העלפען.

דער טיראַן האָט בעמערקט דעם שטילען געשפּרעך און האָט פערשטאנען וועגען וואס עס האנדעלט זיך, כאָטש ער האָט ניט געהערט די ווערטער. דאָס האָט איהם נאָך מעהר אויפגערייצט און ער האָט נאָך פעסטער בעשלאָסען זיין שקלאַוו אוועקצונעהמען.

דזשאָרדזש איז געבראכט געוואָרען אהיים און איז אוועקגע־שטעלט געוואָרען אויף די גרעבסטע און שווערסטע ארבייט אין דער פארם. ער האָט זיך געקענט בעהערשען און ניט ארויסלאָזען א שאר־פען וואָרט, אָבער דעם פייער פון זיינע אויגען און דעם קנייטשען פון זיין שטערן האָט ער ניט געקענט אונטערדריקען, דאָס איז שוין געוועזען איבער דער נאַטור, און דאָס צייגט אז א מענש איז ניט קיין שטיין.

דאָס איז געוועזען אין דער גליקליכער צייט פון זיין בעשעפטיגונג אין דער פאבריק, דאָס דזשאָרדזש האָט געמאכט די בעקאנטשאפט מיט עליזא און האָט מיט איהר געהייראט. ער האָט דאן געהאט דעם פולען צוטרויען און די אכטונג פון דעם פאבריקאנט. ער האָט געקענט געהן און קומען וואוהין און ווען ער האָט געוואָלט. מיסעס שעלבי איז געוועזען זעהר צופריעדען מיט זייער הייראט ווייל זיי זיינען געוועזען א פּאסענדע פּאָאָר פאָלק. די חתונה איז געוועזען ביי איהר אין הויז




דזשאָרדזש, דער פאַבריקאַנט און מר. הערריס.

און זי וואָלט ניט געמאַכט געוואָרען בעסער ווען עליזא וואָלט אפילו געווען איהר אייגענע טאָכטער. א פּאָאר יאָהר האָט זיך עליזא גע־זעהן מיט איהר מאַן זעהר אָפט און קיין זאך האָט ניט געשטערט זייער גליק, אויסער וואָס זיי האָבען פערלאָרען צוויי קינדער, צו וועלכע עליזא איז געווען ליידענשאַפטלי,' צוגעבונדען. איהרע שמער־צען זיינען געווען אַזוי גרויס, דאָס עס האָט גענומען איהר גוטער מיסעס א צייט, ביז זי האָט זי עטוואָס בערוהיגט.

אָבער ווען איהר קליינער הערריּ איז געבאָרען געוואָרען האָט זי זיך אין גאַנצען בערוהיגט. זי איז געווען א גליקליכע פרוי ביז דער מערדערישער מאַסטער האָט צוגענומען דזשאָרדזשען פון פעקטאָרי און האָט מיט איהם אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען עבודת פּרך.

זיין פאַבריקאַנט האָט געהאַלטען וואָרט. א פּאָאר וואָכען שפּע־טער האָט ער בעזוכט דזשאָרדזש'ס מאַסטער און האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען דזשאָרדזשען צו נעהמען צוריק אין פעקטאָרי.

— איהר דאַרפט זיך ניט בעמיהען מיך איינצוריידען, האָט ער אויסווייכענד געענטפערט, איך וויים וואָס איך האָב צו טהאָן.

— איך זוך אייך ניט איינצוריידען. איך האָב גערעכענט, אַז עס איז פאַר אייך א טובה מיר איהם צו געבען אויף מיין נייען פאַר־שלאַג.

— איך פערשטעה גאַנץ גוט. איך האָב געזעהן, ווי איהר האָט זיך געשושקעט יענעם טאָג. דאָ איז א פרייע מדינה, מיין הערר. דער שקלאַף איז מיינער און איך טהו מיט איהם ווי איך וויל — דאָס איז אַלעם!

און אַזוי איז פערלאָרען געוואָרען דזשאָרדזשעס לעצטע האָפנונג. פאַר איהם איז יעצט מעהר ניט געבליעבען ווי א שווערער און ביטע־רער לעבען אונטער דעם יאָך פון א טיראַנישען מאַסטער.

---

דריטער קאַפּיטעל.

## מאַן און פאַטער.

מרס. שעלבי איז אַוועק אויף א וויזיט און עליזא איז געשטאַנען אויף דער ווערעאַנדא און האָט ניעדערגעשלאַגען געקוקט ווי דער וואָ־

נען איז אַפּגעפאָהרען. פּלוצלונג האָט זי דערפּיהלט אַ האַנד אויף איהרע פּלייצעס. זי האָט זיך אומגעקוקט און איהר גאַנצער פּנים האָט אויפגעבליהט.

— דאָס ביזטו, דזשאָרדזש! דו האָסט מיך אַזוי איבערגעשראָ־ק׳׳ן! אָה, ווי בין איך גליקליך וואָס דו ביזט געקומען. די מיסעס איז יעצט אַוועקגעפאָהרען. קום אַריין צו מיר אין צימער וועלען מיר ריידען.

ריידענדיג אַזוי האָט זי איהם אַריינגעצווינגען אין אַ שעהנעם קליי־נעם צימער מיט אַ טהיר צו דער וועראַנדאַ. דאָ פּלעגט זי זיצען מיט איהר נעהגעצייג און וואַרטען ווען די מיסעס פּלעגט זי דאַרפען.

— אַך, ווי גליקליך איך בין! פאַר וואָס שמייכעלסטו ניט. פאַר וואָס קוקסטו ניט אויף הערריען, — זעה ווי ער וואַקסט. דער אינגעל איז געשטאַנען און האָט פון אונטער זיינע לאָקען אַנגעקוקט זיין פאָטער מיט אַ מין פּחד׳יגען בליק האַלטענדיג זיך פאַר דער מאַמעס קלייד. איז ער ניט שעהן? האָט עליזאַ געזאָגט אויפהייבענדיג זיינע לאָקען און איהם קושענדיג.

— הלוואי וואָלט ער גאָר ניט געבאָרען געוואָרען, האָט דזשאָרדזש מיט אַ ביטערער שטימע געזאָגט. אָ, הלוואי וואָלט איך זעלבסט גאָר ניט געבאָרען געוואָרען!

איבערראַשט און דערשראָקען האָט זיך עליזאַ אַנידערגעזעצט און האָט אַנגעשפּאַרט איהר קאָפּ אַן איהר מאַן׳ס פּלייצעס און האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין.

— וויין ניט עליזאַ! עס איז זעהר שלעכט פון מיר וואָס איך מאַך דיך ליידען. אָה, עליזאַ! הלוואי וואָלסטו מיך קיינמאָל ניט געזעהען, — וואָלסטו געווען גליקליך!

— דזשאָרדזש! דזשאָרדזש! ווי קענסטו אַזוי ריידען? האָט עפּעס שרעקליכעס פּאַסירט, אָדער דאַרף עפּעס פּאַסירען? איך בין זיכער, אַז ביז פאַר אַ קורצער צייט זיינען מיר געווען גליקליך!

— אַזוי איז עס געווען, מיין טהייערע, האָט ער געזאָגט. ער האָט דערביי גענומען דאָס קינד אויף די קניע און האָט געשפּיעלט מיט זיינע זיידענע לאָקען.

— פּונקט ווי דו, עליזאַ, און דו ביזט די שעהנסטע פרוי וואָס איך האָב ביז יעצט געזעהן, און די בעסטע וואָס איך קען אַ מאָל

זעהען, אָבער עס וואָלט געווען בעסער אז דו וואָלסט מיך ניט געקענט און איך דיך ניט !

— וואָס איז מיט דיר, דזשאָרדזש !

— יעס עליזא, עס איז טרויריג ! טרויריג ! טרויריג ! מיין לעבען איז ביטער ווי גאַל ; איך בין איין אָרימער, אונגליקליכער, פערלאָהרענער שקלאוו. איך קען דיך נאָך מיטשלעפען. צו וועלכען צוועק דארפען מיר לערנען, זיך געבען מיהע עפּעס אויפצוטהאָן ? צו וואָס דארפען מיר לעבען ? הלוואי וואָלט איך געווען טויט !

— אָה, דזשאָרדזש, דו זינדיגסט, ווירקליך ! איך וויים, אז עס שמערצט דיך וואָס דו האָסט פערלאָהרען דעם פּלאַץ אין דער פעק־טאָרי און אז דו האָסט א שלעכטען מאַסטער, אָבער מען דארף זיין געדולדיג ; אפשר וועט עפּעס —

— געדולדיג ! האָט ער זי אונטערבראָכען. בין איך ניט געווען געדולדיג ? האָב איך גערעדט א וואָרט ווען ער האָט מיך צוגענומען פון פעקטאָרי, וואו אלע האָבען מיך געליעבט, אָהנע יעדע אורזאך ! איך האָב איהם אוועקגעגעבען מיין גאנצען פערדיענסט, און אלע זאָגען אז איך האָב גוט געאַרבייט.

— עס איז שרעקליך, האָט עליזא געזאָגט, אָבער נאָך אלעמען איז ער דאָך דיין מאַסטער.

— מיין מאַסטער ! און ווער האָט איהם געמאַכט פאר מיין מאַסטער ? מיט וועלכען רעכט הערשט ער איבער מיר ? איך בין אזא מענש ווי ער ; זאָגאר א בעסערער מענש פאר איהם. איך בין א בעסערער געשעפטספיהרער פאר איהם. איך קען בעסער שרייבען פאר איהם און האָב דאָס אליין געלערנט, טראָץ דעם וואָס ער האָט ניט געוואָלט. מיט וועלכען רעכט מאַכט ער פון מיר א לאַסט־פערד ? מיך אוועקצונעהמען פון א בעשעפטיגונג וואָס איך קען און ער קען ניט און מיר געבען ארבייט וואָס א פערד דארף טהאָן ? ער זאָגט, אז ער וועט מיך אָנלערנען, און גיט מיר די שווערסטע, די שענדליכ־סטע ארבייט וואָס עס קען נאָר געבען.

— אָה, דזשאָרדזש, דזשאָרדזש ! דו שרעקסט מיך ! דו האָסט נאָך קיינמאָל אזוי ניט גערעדט. איך האָב מורא אז דו וועסט בעגעהן א שרעקליכע זאַך. איך וואונדער זיך ניט איבער דיינע גע־

פיהלען, אָבער זיי פאַרזיכטיג, דזשאָרדזש ! טו עס פון מיינעטוועגען, פון אונזער הערריס וועגען !

— איך בין געווען פאַרזיכטיג און איך בין געווען געדולדיג, אָבער עס ווערט אַלץ ערגער און ערגער ; פלייש און בלוט קענען עס שוין מעהר ניט אויסהאַלטען. ביי יעדער געלעגענהייט מוטשעט ער מיך און בעליידיגט מיך. איך האָב געגלויבט, אַז איך וועל טהאָן מיין ארבייט בעסער און שנעלער, וועט פאר מיר בלייבען עטוואס צייט פאר לעזען און שרייבען, אָבער וואָס שנעלער איך מאַך מיין ארבייט גיט ער מיר אַלץ מעהר וואָס צו טהאָן. ער זעהט, זאָגט ער, אַז אין מיר ליגט דער טייוועל, און ער וויל איהם ארויסטרייבען. דער טייוועל וועט אין די צייטען טאַקע ארויס פון מיר, אָבער אין אַזאַ ארט, אַז עס וועט איהם ניט שמעקען !

— אָה, מיין טהייערער, וואָס וועלען מיר טהאָן ? האָט עליזא טרויעריג געפרעגט.

— דאָס איז ערשט געווען נעכטען, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, איך האָב געלאַדען שטיינער אויף אַ וואָגען, דערביי איז געשטאַנען דער יונגער מאַסטער טאָם און האָט געדרעהט מיט אַ בייטש אַזוי נאָהענט צום פערד'ס קאָפּ, דאָס די אָרימע חיה איז געשטאַנען אין איין שרעק. איך האָב איהם געבעטען אַזוי פריינדליך ווי איך האָב געקענט, אַז ער זאָל אויפהערען, אָבער ער האָט מיך ניט געהערט. איך האָב איהם ווייטער געבעטען. דאָ האָט ער אנשטאַט דעם פערד מיך אָנגעפאַנגען צו שמייסען מיט דער בייטש. איך האָב איהם אָנגעכאַפּט פאַר'ן האַנד אַז ער זאָל מיך ניט שמייסען, האָט ער זיך אויסגעריסען מיט גוואַלט און איז געלאָפען צום פאטער און האָט איהם דערצעהלט אַז איך האָב איהם געשלאָגען. ער איז געקומען צו לויפען אַ צוקאָכטער און האָט געשריען אַז ער וועט מיר ווייזען ווער מיין מאַסטער איז. ער האָט מיך צוגעבונדען צו אַ בוים און האָט אָנגעשניטען ריטער און האָט זיי געגעבען זיין זוהן, און האָט איהם געהייסען מיך אַזוי לאַנג שמייסען ביז ער וועט ווערען מיעד. און ער האָט עס טאַקע געטהאָן ! איך וועל עס איהם אַ מאָל דערמאָהנען ! און דעם יונגען מאַן'ס שטערן האָט זיך פערפינסטערט און זיינע אויגען האָבען געשפריצט מיט אַזאַ פייער, דאָס זיין יונגע פרוי האָט געציטערט. „ווער

האט דיעזען מאן געמאכט פאר מיין מאסטער ? דאס וואלט איך ווע־לען וויסען !" האט ער געענדיגט.

— וועל, האט עליזא טרויעריג געזאגט, איך האב אלע מאל גענלויבט, אז מען דארף פאלגען דעם מאסטער און די מיסעס, אז ניט בין איך ניט קיין קריסטין.

— מיט דיר איז א גאנץ אנדערע זאך. דיינע בעלי־הבתים האָ־בען דיך ערצויגען און בעהאנדעלט ווי איין אייגענע קינד, האבען זיי א רעכט אויף דיר, אבער איך האב אין מיין גאנצען לעבען מעהר ניט געהאט ווי קללות און מכות און מיין בעסטע צייט איז געווען ווען מען האט מיך געלאזען צופריעדען. און פאר דיעזער הינטישער בעהאנד־לונג האב איך דעם מאסטער בעצאהלט הונדערט מאל מעהר ווי עס וואלט איהם געקומט ווען ער וואלט מיך מענשליך בעהאנדעלט. איך וויל עס מעהר ניט פערטראגען ! איך וויל ניט ! האט ער אויסגע־רופען קוועטשענדיג די פויסט. עליזא האט געציטערט און האט געשוויגען. זי האט איהר מאן קיינמאל ניט געזעהען אין אזא אויפ־געגרעגטען צושטאנד.

— דו געדיינקסט דעם קליינעם הינטעל וואס דו האסט מיר גע־שיינקט, האט דזשארדזש ווייטער געזאגט, דאס איז געווען מיין גאנצער פערגעניגען. ער איז מיט מיר געשלאפען ביי נאכט און איז מיר נאכגעגאנגען ביי טאג. ער פלעגט מיר קוקען אין די אויגען אזוי ווי ער וואלט פערשטעהן מיינע געדאנקען. דא ניט לאנג האב איך איהם געגעבען עסען די שטיקלעך וואס איך האב אויפגעקליעבען נעבען טהיר ביי דער קיך. דער מאסטער איז פערבייגעגאנגען און האט עס געזעהען. ער האט מיר געזאגט, אז ער קען ניט בעשטעהן אז די נעגערס זאלען האדעווען הינט אויף זיין חשבון, און האט מיר בע־פוילען, אז איך זאל אנבינדען דען הינטעל א שטיין אויפ׳ן האלז און איהם אריינווארפען אין טייך.

— אה, דזשארדזש, דו האסט עס דאך ניט געטהאן !

— דאס טהאן ! ניט איך ! אבער ער האט עס געטהאן. מאסטער טאם האט פערווארפען דעם ארימען הינטעל מיט שטיינער ווען ער האט זיך געטרונקען. ארימע חיה׳לע ! ער האט מיך אזוי טרויעריג אנגעקוקט, אזוי ווי ער וואלט זיך געוואונדערט וואס איך העלף איהם ניט. מען האט מיך נאך געשמיסען פאר וואס איך האב ניט געוואלט

צו העלפען. זאל זיין אזוי ! דער מאסטער וועט אויסגעפינען אז מיט שמייסען וועט ער מיך ניט מאכען ווייך. מיין צייט וועט דאך קומען, ווען ער וועט זיך ניט אין אכט נעהמען.

— וואס ווילסטו טהאן ? טו ניט קיין זינדיגע זאך, דזשארדזש ! גלויב אין גאט און טהו ניט קיין אונרעכט, וועט ער דיר העלפען.

— איך בין ניט אזא קריסט ווי דו, עליזא. מיין הארץ איז פערביטערט. איך קען ניט גלויבען אין גאט. פאר וואס לאזט ער צו אזעלכע מעשים ?

— אה, דזשארדזש מיר מוזען גלויבען. די מיסעס זאגט, ווען אונז איז זעהר שלעכט מוזען מיר גלויבען, אז גאט מיינט עס פיר אונזער טובה.

— פאר מענשען וואס זיצען אין ווייכע שטוהלען און פאהרען ארום אין קארעטעס איז עס זעהר לייכט צו זאגען, אבער זאלען זיי זיין אויף מיין פלאץ, בין איך זיכער, אז זיי וועלען אנדערש ריידען. דו אויף מיין פלאץ וואלסט אויך אנדערש גערעדט, און דו וועסט עס ניט זאגען, ווען דו וועסט אלעס וויסען, דען דו ווייסט נאך ניט אלעס.

— וואס קען נאך זיין מעהר ?

— דא ניט לאנג האט דער מאסטער געזאגט, דאס ער איז געווען א נאר וואס ער האט מיך געלאזען הייראטהען מיט א מיידעל, וועלכע איז ווייט פון זיין פלאץ, און אז ער האסט מר. שעלבי און זיין גאנצע משפחה, ווייל זיי האלטען זיך גרויס, און ווייל דו ביזט ביי זיי ערצויגען געווארען האסטו אויך פליגען אין נאז און איך האב זיך פון דיר אנגענומען. איך, זאגט ער, דארף נעהמען א פרוי פון זיינע שקלאווען וועל איך זיין א היימישער. ביז יעצט פלעגט ער ריידען וועגען דעם מיט א האלבען מויל, נעכטען אבער האט ער מיר שוין גאנץ קלאהר געזאגט, אז איך זאל נעהמען מינא פאר א ווייב און איך זאל זיין א היימישער, אויב ניט וועט ער מיך בערקויפען ווייט איבער'ן טייך.

— ווי אזוי ! דו ביזט דאך פערהייראט מיט מיר דורך א גייסטליכען אזוי ווי די ווייסע לייט.

— ווייסטו דען ניט, אז א שקלאוו טהאר ניט הייראטען ? דערויף איז דא אין לאנד קיין געזעץ ניטא. ווען ער שיידעט אונז

ביזטו ניט מיין ווייב. דערפאר וואָלט געווען בעסער, אז איך וואָלט דיך קיינמאָל ניט געזעהען, — בעסער אז איך וואָלט ניט געבאָרען גע־וואָרען. עס וואָלט געווען בעסער פאר אונזביידען; עס וואָלט גע־ווען בעסער פאר דיעזען אָרימען קינד אז ער וואָלט גאָרניט געבאָרען געוואָרען. עס קען נאָך אַלעס מיט איהם פּאסירען!

— אָבער אונזער מאסטער איז אזוי גוט!

— יעס, אָבער וואָס קען מען וויסען? ער קען שטארבען, און דאן קען דאָס קינד פערקויפט ווערען ווער וויים וואוהין און צו וועמען. וואָס פאר א פערגעניגען איז עס, אז ער איז קלוג, שעהן און מיט אַלע מעלות? איך זאָג דיר, עליזא, אז אַ שווערד וועט דורכשטעכען דיין זעעלע פאר יעדע גוטע און שעהנע מעלה וואָס דיין קינד האָט. עס וועט דיר זיין זעהר שווער איהם צו האָבען נעבען זיך.

דיעזע ווערטער זיינען געפאלען ווי שווערע קלעפּ אויף עליזא׳ס הארץ. זי האָט זיך דאָ דערמאהנט אן דעם שקלאווענהענדלער און אָן די ווערטער וואָס זי האָט געהערט און אַ קאַלטער שוידער איז אריבער איבער איהר קערפּער. זי איז בלייך געוואָרען און האָט קוים געצויגען דעם אטהעם. ציטערענדיג האָט זי געקוקט דורכ׳ן פענסטער און האָט דאָרטען געזעהען איהר אינגעלע, וועלכער איז ארוים אין הויף ווייל עס איז איהם געוואָרען לאנגווייליג צו הערען דעם ערנסטען געשפּרעך פון זיינע עלטערן. ער איז ארומגעלאָפען רייטענדיג אויף מר. שעל־בי׳ס אַ שטעקען און איז געווען גליקליך. זי האָט געוואָלט איהר מאַן דערצעהלען פון איהר שרעק וועגען דעם קינד, אָבער זי האָט זיך אָפּ־געהאַלטען דערפון, ווייל ער ליידט שוין גענוג אָהן דעם.

— אַלזאָ, עליזא, מיין טהייערע, האָט איהר מאַן טרויעריג גע־זאָגט, פאַס מוטה און זיי געזונד, ווייל איך מוז אוועק.

—געהסט אוועק! וואוהין, דזשאָרדזש?

— נאָך קאנאדא, האָט ער געזאָגט זיך אויסגלייכענדיג, און ווען איך וועל זיין דאָרטען וועל איך דיך קויפען. דאָס איז די איינציגע האָפנונג וואָס אונז איז געבליבען. דו האָסט אַ גוטען מאסטער און ער וועט זיך ניט ענטזאגען דיך צו פערקויפען. איך וועל דיך קויפען צוזאמען מיט׳ן קינד. מיט גאָט׳ס הילף וועל איך עס טהאָן!

— אָה, ווי שרעקליך! מאָמער כאַפּט מען דיך?

— מען וועט מיך ניט כאַפּען, עליזא ; איך וועל פריהער שטאַר־בען ! איך וועל זיין פריי, אָדער טויט.

— וועסט זיך דאָך אַליין ניט נעהמען דאָס לעבען !

— דאָס איז ניט נויטהיג. זיי וועלען מיך טויט־שלאָגען נאָך איידער זיי וועלען מיך ברענגען דאָרטען איבער'ן טייך. לעבעדיג וועלען זיי מיך אַהין ניט ברענגען !

— אָה, דזשאָרדזש ! זיי פאָרזיכטיג ; טהו עס פון מיינעט־וועגען ! בעגעה ניט קיין זינדיגע טהאַט. לייג ניט קיין האַנד אויף זיך און אויך אויף קיינעם ניט. דו ביזט צו פיעל אויפגערעגט, אָבער היט זיך, אַוועק מוזטו, אָבער האַנדעל מיט פערשטאַנד און פאָר־זיכטיג, און בעט גאָט ער זאָל דיר העלפען.

— אלזאָ, הער מיין פּלאַן, עליזא. מיין מאַסטער האָט זיך פערוואָלט מיך צו שיקען צו מר. סיממעס, וועלכער וואָהנט א מייל פון דאַנען, מיט א בריעפעל. ער האָט געוואוסט, אַז איך וועל זיין ביי דיר און וועל דיר דערציילען מיינע צרות. זיין אבזיכט איז דערביי צו קרענקען די שעלבי'ס, דען ער ווייס אַז דיעזע געשיכטע וועט זיי אויפרעגען. איך געה איצט אַהיים מיט אַן אונטערטהעניגער מיענע, ער זאָל דענקען, אַז איך גיעב זיך אונטער. דערווייל וועל איך זיך פאָרבערייטען אין וועג, דערצו האָב איך אַזעלכע וואָס וועלען מיר ביישטעהן. אין א וואָך אַרום וועט מען הערן אַז איך בין ענטלאָפען. בעט פאַר מיר, עליזא, אפשר וועט דער גוטער גאָט דיך הערען !

— בעט אַליין, דזשאָרדזש, טרוי איהם, דאַן וועסטו ניט בע־געהן קיין זינדיגע טהאַט.

נאָך א שווערען „זיי געזונד", נאָך פיעלע טרעהרען און קלאָגען האָבען זיך די פּאָאַר פּאָלק געשיידעט, מיט ווייניג האָפנונג זיך וויע־דער צו זעהען.

---

### פיערטער קאַפּיטעל.

## אַנקעל טאָם'ס קעבין.

אַנקעל טאָם'ס קעבין איז געווען א קליינע שטיבעל געבויט פון קלעצער און איז געשטאַנען ביי דעם מאַסטער'ס הויז. אין פראָנט פון



אנקעל טאָם'ס קינדער.

דעם קעבין איז געווען אַ שעהן אויסגעלייגטער גאָרטען וואו אלע זומער פלעגען דאָרטען וואקסען פערשיעדענע יאגעדעס, פרוכטען און גרינ־צייג. די גאנצע פראָנט וואנט אין געווען אַזוי בעצויגען מיט פלאנ־צען און בלומען, דאָס מען האָט גאָרניט ארויסגעזעהען די קלעצער. אין גאָרטען האָבען אויך געוואקסען פערשיעדענע שעהנע בלומען און אי־אַלעמען האָט דער אנבליק פון דעם קעבין געמאַכט אַ צויבערהאַפטען איינדרוק.

דער אינעווענינ פון דעם קעבין איז בעשטאַנען פון איין צימער, וועלכער איז געווען צוטהיילט אין דריי אפטהיילונגען. אין איין זייט איז געווען די קיך ארומגעהאַנגען מיט בלישצענדע טעפּ און געשיר. אין די אַנדערע צוויי זייטען זיינען געשטאַנען צוויי בעטען, איינע אַ בעסערע פאַר די דריי קינדער און איינע אַ פּראָסטערע פאַר אָנקעל טאָם און זיין פרוי. אין מיטען צימער איז געשטאַנען אַ הינקעדיגער טיש מיט שטוהלען. די אָרדנונג פון צימער האָט געוויזען אז די בעל־הבית'טע איז געווען אַ גרויסע ווירטהין. איבערהויפּט איז טאַנטע קלאָע — אַזוי האָט געהייסען טאָם'ס פרוי — געווען אַ גרויסארטיגע קעכין און איז געווען אַ גרויסע בריה צו מאַכען פערשיעדענע קוכענס. מיט דעם איז זי געווען בעריהמט אין דער גאנצער געגענד.

דאָס איז געווען אין אבענד און טאַנטע קלאָע האָט ערשט גע־ענדיגט דעם אבענד־ברויט פאַר די הערשאַפט. יעצט האָט זי גע־מאַכט דעם עסען פאַר איהרע אייגענע פאַמיליע. נעבען טיש איז גע־זעסען אָנקעל טאָם, אַ שטאַרק געבויטער מאַן מיט אַ שווארצען גוט־מיטהיגען פּנים, און האָט עפּעס געשריעבען. נעבען איהם איז גע־שטאַנען מאַסטער דזשאָרדזש, מר. שעלבי'ס דרייצעהן יאָהריגער זוהן, און האָט איהם גענעבען אונטערריכט אין שרייבען און לעזען. אויפ'ן פּאָדלאָגע האָבען זיך געשפּיעלט די דריי קינדער, טאַנטע קלאָע'ס צוויי איינגלאַך מאָוז און פּעט און אַ קליין קינד.

מאַסטער דזשאָרדזש האָט זעהר ליעב געהאַט טאַנטע קלאָע'ס קוכענס און זי פלעגט איהם דאָס מאַכען ווען ער איז געקומען. אויך היינט האָט זי פאַר איהם געמאַכט קוכען. איהרע קינדער האָבען געוואַרט אויף דיעזער געלעגענהייט, דען טאַנטע קלאָע פלעגט איהם מאַכען אַזוי פיעל קוכען דאָס עס פלעגט נאָך בלייבען ; דאַמאַלס האָ־בען זיי גענאַסען אַ קייזערליכע מאָהלצייט.

אין אַנקעל טאָם'ס קעבין איז יעדען אבענד געווען לעבעדיג. און וועהרענד אין דיעזען אבענד איז דאָ געווען לוסטיג, האָט זיך אַנאַנ־דער סצענע אָפּגעשפּיעלט ביי מר. שעלבי אין צימער.

דער שקלאַווענהענדלער און מר. שעלבי זיינען געזעסען ביי א טיש, וועלכער איז געווען בעדעקט מיט פּאַפּיער און שרייב־געצייג.

מר. שעלבי האָט געצעהלט פּעקלעך פּאַפּיער־געלד און האָט זיי צוגערוקט צום הענדלער, וועלכער האָט זיי אויך איבערגעצעהלט.

— אַלעס איז ריכטיג, האָט דער הענדלער געזאָגט, יעצט שרייבט דאָס אונטער.

מר. שעלבי האָט האסטיג צוגעצויגען צו זיך די פּאַפּיערען און האָט זיי אונטערשריעבען, אזוי ווי א מאַן וואָס וויל גיך פּטור ווערען פון א מיאוס'ען געשעפט און האָט דאַן צוגערוקט די געלד מיט די פּאַפּיערען צום הענדלער. האַלעי האָט ארויסגענומען פון קעשענע איין אַלטען טייסטער און האָט פון דאָרטען ארויסגענומען א פּאַפּיער, וועלכען ער האָט איבערגעקוקט און האָט עס דערלאַנגט מר. שעלבי'ן; דיעזער האט עס צוגענומען מיט א זשעדניקייט.

— נו, יעצט איז דער עסק פ א ר ט י ג! האָט דער הענדלער געזאָגט זיך אויפהייבענדיג.

— פ א ר ט י ג! האָט מר. שעלבי נאָכדענקענד געענטפערט. ער האָט דאַן שווער אויפגעאָטהעמט און האָט וויעדערהאָלט „עס איז פ א ר ט י ג!"

— ווי מיר שיינט, זייט איהר דערמיט ניט זעהר צופריעדען? האָט דער הענדלער געזאָגט.

— האַלעי, פערגעסט ניט, אז איהר האָט מיר געגעבען אייער עהרענוואָרט, דאָס איהר וועט ניט פערקויפען טאָם'ן ביז איהר וועט נים וויסען צו וועמען איהר פערקויפט איהם.

— האָט איהר דאָס איצט אַליין ניט געטהאָן! האָט האַלעי געזאָגט. ווייסט איהר צו וועמען איהר פערקויפט איהם?

— מיך האָבען אומשטענדען דערצו געצוואונגען, דאָס ווייסט איהר, האָט מר. שעלבי מיט שטאָלץ געענטפערט.

— מיך קענען אויך אומשטענדען צווינגען, האָט דער שקלאַווענ־הענדלער געזאָגט. פון דעסטוועגען וועל איך זעהען, אז טאָם זאָל האָבען א גוטען פּלאַץ. וואָס אנבעלאַנגט זיין בעהאַנדלונג זאָלט איהר



מאַמע קלאָע.

זיין גאנץ רוהיג. אויב עס איז דאָ א זאך פאר וואָס איך זאָל דאנקען גאָט, איז, וואָס איך בין קיינמאָל ניט גרוויזאם.

נאָך דעם ווי מר. שעלבי האָט ביז יעצט קענען געלערנט די מענש־ליכע געפיהלען פון דעם הענדלער, האָבען זיינע ווערטער איהם ווענינ בערוהיגט, אָבער אזוי ווי ער האָט בעסער ניט געקענט מאכען האָט ער איהם געלאָזען שטילערהייט אוועקגעהן און האָט זיך פער־רויכערט א ציגאַר.

---

פינפטער קאַפּיטעל.

## די געפיהלען פון מענשען־סחורה.

מר. און מיסעס שעלבי זיינען אוועק אין זייער צימער צו געהן שלאָפען. ער איז געזעסען אין א גרויסען שטוהל און האָט דורכגע־קוקט די בריעף וועלכע זיינען אָנגעקומען אין אבענד. זי איז געשטאַ־נען לעבען שפּיעגעל און האָט לויז געמאכט די האָאָר.

— זאָג, ארטהור, וואָס איז דאָס געוועזען פאר א גראָבער קערל, וועלכען דו האָסט היינט געהאַט ביי אונזער טיש ?

— ער הייסט האַלעי, האָט מר. שעלבי געענטפערט, זיך דרע־הענדיג אונרוהיג אויפ'ן שטוהל.

— האַלעי ! ווער איז ער, און וואָס דארף ער דאָ ?

— דאָס איז א מאַן מיט וועמען איך האָב געמאכט א געשעפט, אויסצוגלייכען איינינע רעכנונגען, האָט מר. שעלבי געענטפערט.

— און דערפאר האָט ער גערענקט, אז ער איז דאָ א גאַנצער מחותן אין הויז ? ער קען קומען, ער קען דאָ עסען ! ווי זאָל איך עס פערשטעהן ?

— איך האָב איהם איינגעלאַדען. איך האָב געהאַט מיט איהם אויסצוגלייכען איינינע רעכנונגען, האָט מר. שעלבי געענטפערט

— איז ער א שקלאַווענהענדלער ? האָט מיסעס שעלבי געפרעגט, ווען זי האָט בעמערקט זיינע פערלעגענהייט.

— וואָס איז מיט דיר, טהייערע, וואָס איז דיר אריין אין קאָפּ ? האָט מר. שעלבי אויסגערופען זי אָנקוקענדיג.

— גאָר ניט. עפּעס איז עליזא היינט נאָכמיטאג צו מיר אַריינגעקומען אַ דערשראָקענע מיט פערוויינטע אויגען און האָט מיר דערצעהלט, אַז דו ביזט געזעסען מיט אַ שקוואועניהענדלער און ער האָט דיר פאָרגעשלאגען דו זאָלסט איהם פערקויפען איהר קינד, — די נאַרישע גאַנז!

— אזוי! דאָס האָט זי געזאָגט? האָט מר. שעלבי געזאָגט זיך אומקעהרענדיג צו זיינע פּאַפּיערען און האָט איינעם פון זיי גענומען ערנסט דורכקוקען; ער האָט ניט בעמערקט אַז ער האַלט איהם מיט'ן קאָפּ אַראָפּ. „עס וועט דאָך מוזען אַרויסקומען, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט, ניט איצטער איז שפּעטער."

— איך האָב עליזא'ן געזאָגט, האָט מיסעס שעלבי פאָרטגעזעצט קעמענדיג איהרע האָאָר, דאָס זי איז אַ נאַר און דו וועסט קיינמאָל ניט האָבען קיין עסקים מיט אַזאַ מענשען. נאַטירליך האָב איך געוואוסט אַז דו וועסט קיינמאָל ניט פערקויפען איינעם פון אונזערע לייט, איבערהויפּט נאָך צו אַזאַ קערל.

— וועל, עמילי, האָט איהר מאַן געזאָגט, אַזוי האָב איך אַלעמאָל געזאָגט און געפיהלט. מיינע געשעפטען זיינען אָבער איצטער אַזוי שלעכט דאָס איך קען אָהן דעם ניט אויסקומען. איך וועל מוזען איינעם פון מיינע לייט פערקויפען.

— צו דיעזען נפש! אונמעגליך! דו מיינסט עס ניט ערנסט.

— ליידער מוז איך זאָגען אַז איך מיין עס ערנסט, האָט מר. שעלבי געזאָגט, איך האָב איינגעשטימט צו פערקויפען טאָם'ען.

— וואָס! אונזער טאָם! דיעזען גוטען, טרייען נפש! וועלכער איז געוועזען דיין טרייער דיענער פון קינדהייט אָן! אָה, שעלבי. און דו האָסט איהם פערשפּראָכען זאָגאָר זיין פרייהייט. מיר ביידע האָבען צו איהם וועגען דעם הונדערט מאָל גערעדט. ווען אַזוי קען איך שוין אַלעס גלויבען. איך קען שוין גלויבען, אַז דו וואָלסט פערקויפען זאָגאָר דעם קליינעם הערריּ—דער אָרימער עליזא'ס קינד, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט מיט אַ טאָן פון שמערץ און צאָרן.

— וועל, ווען דו מוזט שוין יא אַלעס וויסען, מוז איך דיר זאָגען אַז עס איז אַזוי. איך האָב איינגעשטימט צו פערקויפען ביידע, טאָם און הערריּ, און איך וויים ניט פאַר וואָס זאָל איך דערפאַר גע-

רעכענט ווערן פאַר אַ שלעכטען מענשען, ווען אנדערע טהוען עס אַלע טאָג.

— אָבער פאַר וואָס האָסטו פון אַלע אנדערע אויסגעקליבען גראַד די. ווען דו מוזט שוין יאַ פערקויפען, פאַרוואָס עפּעס גראַד זיי ?

— ווייל זיי וועלען ברענגען דעם העכסטען פּרייז. איך קען אויס־קלייבען אַנאַנדערן אויב דו ווילסט. דער קערל האָט מיר אָנגעבאָטען אַ הויכען פּרייז פאַר עליזא'ן, אויב דאָס איז פאַר דיר גלייכער, וועל איך דאָס טהאָן.

— דער אויסוואורף! האָט מיסעס שעלבי אויסגערופען. מיט גרויס צאָרן.

— איך האָב ניט געוואָלט הערען דערפון, ווייל איך האָב גע־וואוסט אַז דאָס וועט דיך קרענקען. דערפאַר וועניגסטענס ועסטו מיר דאָך געבען קרעדיט!

— אָבער, מיין ליעבער שעלבי, פערצייהע מיר, טאָם איז איין עדעלער און גוטהערציגער מאַן, אָבוואָהל ער איז שוואַרץ. איך בין זיכער דאָס ווען ער וואָלט דאַרפען פאַר דיר לייגען דעם קאָפּ וואָלט ער עס געטהאָן.

— איך ווייס עס. אָבער צו וואָס נוצט עס, אַז איך קען זיך ניט העלפען.

— פאַר וואָס זאָל מען ניט אָפּפערן געלט ? איך וויל צוהעלפען אין דעם. דערמאַהן זיך וואָס איך האָב געטהאָן און וואָס איך טהו פאַר דיעזע אונגליקליכע, אָרימע נפשות! איך האָב זיי געלערנט און ערצויגען. איך האָב געזעהען אַז זיי זאָלען ניט שווער ארבייטען און זאָלען לעבען אין פריעדען. איך האָב זיי געלערנט די פליכטען פון פאַמיליען־לעבען, ווי צו לעבען צווישען זיך און ווי צו ערציעהען זייערע קינדער. וואָס וועט זי פאָרט דענקען ווען זי וועט זעהן, אַז מען פערקויפט איהר קינד.

— עס קרענקט מיך זעהר, עמילי, וואָס דו האָסט דערפון יסורים, האָט מר. שעלבי געזאָגט, אָבער איך מוז דיר גאַנץ ערנסט זאָגען, אַז איך קען זיך ניט העלפען. איך האָב עס דיר ניט געוואָלט זאָגען, אָבער דו מוזט עס ענדליך דאָך וויסען, אַז מיר איז געבליע־בען די ברירה ענטוועדער צו פערקויפען די צוויי נפשות אָדער אַלעס.

אויב איך וואָלט ניט פערקויפט טאָם און הערריין וואָלט אַ ל ע ס געמוזט פערקויפט ווערן. האַלעי האָט דערטאַפּט מיינעם אַ וועקסעל, אויף וועלכען ער וואָלט געקענט פון מיר אַלעס צונעהמען. איך האָב גע־באָרגט און צוזאַמענגעקראַצט אַלעס וואָס איך האָב געהאַט און עס איז ניט געוועזן גענוג; נאָר מיט דעם פּרייז פון די צוויי נפשות האָב איך קוים געקענט דעקען דעם חוב. איך האָב זיי דעריבער געמוזט אַוועקגעבען. האַלעי האָט געוואָרפען אַן אויג אויפ'ן קינד און האָט אַנדערש ניט געוואָלט ווי נאָר איהם האָבען. איך בין געוועזן אין זיין מאַכט און בין געוועזן געצוואונגען איהם נאָכצוגעבען. ווען דו קרענקסט זיך אַזוי וואָס איך האָב זיי פערקויפט, היינט ווי וואָלט שוין געוועזן, ווען איך וואָלט געמוזט אַ ל ע ס פערקויפען?

מיסעס שעלבי איז געשטאַנען ווי פון אַ דונער געטראָפען. ענד־ליך איז זי אַוועק פון שפּיעגעל, האָט זיך אַניעדערגעזעצט און האָט אַריינגענומען איהר געזיכט אין די הענד און האָט אַרויסגעלאָזען אַ שווערן קרעכץ.

— דאָס איז גאָט'ס פלוך אויף שקלאַווערייי! אַ ביטערע, פער־פלוכטע זאַך! אַ פלוך אויפ'ן מאַסטער און אַ פלוך אויפ'ן שקלאַוו! איך בין געוועזן אַ נאַר, ווען איך האָב געדענקט אַז איך קען מאַכען עטוואָס גוטעס פון אַזאַ טייוואַלישער צרה. עס איז אַ זינד צו האַלטען אַ שקלאַוו אונטער אַזעלכע געזעצע. דאָס האָב איך אימער געפיהלט; איך האָב עס געפיהלט ווען איך בין געוועזן אַ קינד, אָבער איך האָב גערעכענט, אַז איך קען די זאַך פערגלעטען. איך האָב גערעכענט אַז מיט פריינדליכקייט, מיט לערנען וועל איך מאַכען די לאַגע פון די שקלאַווען בעסער ווי זיי וואָלטען געוועזן פריי, — נאַר, וואָס איך בין געוועזן!

— וואָס איז מיט דיר, מיין ווייב! דו ווערסט שוין גאָר איין אַבאָלישאָניסט, איינע פון יענע וואָס ווילען אָפּשאַפען שקלאַווערייי?

— מען דאַרף דערצו ניט זיין קיין אַבאָלישאָניסט. איך דאַרף ניט האָבען אַז זיי זאָלען עס מיר דערציילען. איך האָב אַלע מאָל גע־דענקט אַז שקלאַווערייי איז אַן אונרעכט; איך האָב קיין מאָל ניט גע־וואָלט האָבען קיין שקלאַווען.

— דערמיט אונטערשיידסט דו זיך פון פיעלע קלוגע און פרומע

לייט. האָסטו געהערט וואָס מר. ב. האָט געפּרעדיגט לעצטען זונטאָג אין קירכע ?

— אַזעלכע פּרעדיגטען וויל איך ניט הערען. איך וויל איהם קיינמאָל ניט הערן אין אונזער קירכע. די גייסטליכע קענען ניט אָפּ־שאַפען די צרה ; זיי קענען זי ניט היילען. אָבער זיי דארפען ניט פערטהיידיגען. דאָס איז געגען דעם געזונדען פערשטאַנד. איך גלויב אַז דו אליין האָלסט אויך וועניג פון אזא פּרעדיגען.

— איך מוז זאָגען, אז דיעזע גייסטליכע געהען אָפט ווייטער, ווי מיר אָרימע זינדיגע וואָלטען עס געוואגט צו טהאָן. אלזאָ, מיין טהייערע, וועסטו איינזעהען אַז איך האָב אנדערס ניט געקענט האנד־לען, און איך האָב געטהאָן דאָס וואָס אין אזא פאל האָב איך געמוזט טהאָן.

— אָה, יעס, יעס ! האָט מיסעס שעלבי שנעל געענטפערט און האָט דערביי האסטיג געשאָקעלט איהר גאָלדענעם זייגער, — איך האָב ניט קיין סך ציערונג, האָט זי נאָכדענקליך צוגעזעצט, אָבער טאָמער וואָלט דער זייגער עפּעס געהאָלפען. ער האָט אַ מאָל געקאָסט פיעל געלד. ווען איך וואָלט געקענט רעטען בלויז עליזאַ'ס קינד, וואָלט איך אוועקגעגעבען אלעס וואָס איך האָב.

— עס טהוט מיר זעהר, זעהר לייד, עמילי, וואָס דאָס גרייפט דיך אַזוי אָן, אָבער וואָס קען עס העלפען. דער פאקט איז, עמילי, אַז די זאַך איז שוין געמאַכט געוואָרען. די פּאַפּיערען זיינען שוין אונ־טערשריעבען און זיינען אין האלעי'ס הענד ; דו מוזט נאָך זיין צו־פריעדען, וואָס עס האָט זיך ניט אויסגעלאָזען ערגער. דער מאַן האָט געהאַט די מאַכט אונז אין גאַנצען בדלות צו שטעלען. ווען דו וואָלסט קענען דעם מאַן אַזוי ווי איך, וואָלסטו געזעהען, אַז מיר זיינען געראַטעוועט געוואָרען פון אַ גרויסער געפאהר.

— איז ער דען אַזוי שלעכט ?

— מען קען ניט זאָגען, אַז ער איז אין גאַנצען גרויזאַם, אָבער אַ קאַלטער מענש. זיין גאַנצער לעבען און שטרעבען איז האַנדעל און פּראָפיט. ער איז קאַלט און ענטשלאָסען און גיט ניט נאָך אַזוי ווי דער טויט און דער קבר. ער וואָלט פערקויפט זיין אייגענע מוטער ווען ער וואָלט קריגען גוט בעצאָהלט און וואָלט דערביי ניט מיינען איהר צו טהאָן שלעכטס.

— און דיעזער אויסוואורף בעזיצט עס איצטער טאָם'ען און עלי־זא'ס קינד !

— מיין טהייערע, דו ווייסט ניט ווי דאָס שמערצט מיך. האַ־לעי וויל זיי מאָרגען צונעהמען. איך קען דערביי ניט זיין. איך וועל מאָרגען גאַנץ פריה אוועקפאָהרען. איך קען טאָם'ען ניט זעהען. איך ראטה דיר אז דו זאָלסט עס אויך טהאָן. נעהם מיט עליזא'ן און פאָהר ערגעץ אוועק. זאָל די זאַך געטהאָן ווערן אונטער די אויגען.

— אָה, ניין ! האָט מיסעס שעלבי אויסגערופען. איך וויל ניט זיין קיין מיטהעלפערין אין דיעזען שרעקליכען עסק. איך וועל געהן זעהן דעם אָרימען טאָם. גאָט זאָל איהם העלפען אין זיין נויטה. זאָלען זיי וויינגסטענס זעהען, אז זייער מיסעס פיהלט זייער שמערץ גלייך מיט זיי. וואָס אנבעטרעפט עליזא'ן, האָב איך גאָר מורא צו דענקען וועגען דעם. זאָל זיך גאָט איבער אונז ערבאַרימען ! וואָס האָבען מיר געטהאָן, אז אזא שרעקליכע צרה זאָל אונז טרעפען ?

ביי דיעזען געשפּרעך איז געוועזן א צוהערער, פון וועלכען מר. און מיסעס שעלבי האָבען גאָר קיין אהנונג ניט געהאַט.

אין זייער צימער איז געשטאַנען א גרויסער שאַפּ ; איין טהיר פון איהם האָט זיך געעפענט אין צימער און אנאנדער טהיר האָט זיך געעפענט אין א קליינעם קאָרידאָר פון דער אנדערער זייט. ווען מי־סעס שעלבי האָט געהייסען עליזא'ן געהען שלאָפען איז עליזא'ן אריין דער גערדאנקען אריינצוקריכען אין שאַפּ און צו הערן וואָס איהרע הערר־שאַפט וועלען ריידען. זי האָט צוגעשפּארט דעם אויער צו א שפּאַלט פון דער טהיר און האָט געהערט יעדען וואָרט וואָס עס איז גערעדט געוואָרען.

ווען די שטימען זיינען אנשוויגען געוואָרען איז זי אַרויסגעקראָ־כען. בלייך און ציטערנדיג מיט א פערשטיינערטען פּנים און צונויפ־געפרעסטע ליפּען האָט זי גאַנץ אנדערש אויסגעזעהען פון דער ווייכער און גוטמוטהיגער עליזא'ן. זי איז לאַנגזאַם אוועקגעגאַנגען. ווען זי איז פערבייגעגאַנגען איהר מיסעס' טהיר האָט זי אויפגעהויבען די הענד און איהרע ליפּען האָבען זיך בעוועגט מיט א שטילען געבעט צום הימעל. זי איז דאַן האַסטיג אריין צו זיך אין צימער. עס איז גע־ווען א רוהיגער און שעהנער צימער, אויף דעם זעלביגען שטאָק וואו איהר מיסעס צימער, מיט די פענסטער געגען דער זונן, וואו זי

פלעגט אזוי אָפט זיצען און נעהען און זינגען און פערברענגען איהר גליקליכע צייט. אין צימער האָבען זיך געפונען איהרע ביכער און אנדערע זאכען, וועלכע זי פלעגט בעקומען אַלס געשענק פון איהר מיסעס. אין אַלעמען איז עס געווען א ליעבליכער פּלאַץ וואו זי האָט פערבראכט אזוי פיעל יאָהרען. אויפ'ן בעט איז געלעגען איהר קליי־נער זוהן און האָט געשלאָפען. א ליכטיגער שמייכעל האָט געשוועבט אויף זיין קינדישען געזיכט.

—אָרימעס קינד ! אָרימער נפש ! האָט עליזא געזאָגט. זיי האָבען דיך פערקויפט, אָבער דיין מוטער וועט דיך נאָך רעטען !

קיין טרעהר איז געפאַלען אויפ'ן קישען. אין אַזעלכע שמערצען ווי דיעזע גיט די הארץ ניט אַרויס קיין טרעהרען ; עס טריפט נאָר אינעווייניג שטיל דאָס בלוט. זי האָט גענומען א שטיקעל פּאַפּיער און א בליישטיפט און האָט האסטיג אָנגעשריעבען :

„אָה, טהייערע מיסים ! האַלט מיך ניט פאר אונדאנקבאר און זייט אויף מיר ניט בייז. איך האָב אַלעס געהערט וואָס איהר האָט גערעדט. איך וועל פּרובירען צו רעטען מיין קינד. פערצייהט מיר דאָס. זאָל אייך גאָט העלפען און בעצאָהלען פאר אייער גוטס־קייט !"

זי האָט שנעל צוזאמענגעלייגט דעם בריעפעל, איהם אדרעסירט און האָט איהם אַוועקגעלייגט אויפ'ן טיש, דאן האָט זי געמאכט א פּעקעל פון איהרע און דעם קינד'ס זאכען און, טראָץ דעם וואָס זי איז געווען אין אַזא שרעקליך צושטערטען צושטאנד, האָט זי נאָך אין זינען געהאַט אריינצולייגען א פּאָאַר שפּיעלצייג פאר'ן קינד. דאן האָט זי איהם אויפגעוועקט.

— וואו געהסטו, מאמע ? האָט ער געפרעגט, ווען ער האָט גע־זעהען ווי זי האַלט זיין מענטעלע און זיין היטעל.

זי האָט איהם צוגעצויגען צו זיך און האָט איהם אזוי ערנסט גע־קוקט אין די אויגען, דאָס ער האָט פערשטאַנען, אַז עפּעס אונגע־וויינליכעס האָט געמוזט פּאסירען.

— שוויג, הערריִ ! רייד ניט הויך, דען זיי קענען נאָך דער־הערען. א שלעכטער מאַן איז געקומען און וויל דיך צונעהמען און דיך פערטראָגען ווייט, ווייט. אָבער דיין מאמע וועט איהם ניט לאָ־

זען. איך וועל דיר אָנטהאָן דיין מענטעלע און די היטעלע און מיר וועלען ענטלויפען, וועט ער דיך ניט קענען כאַפּען.

זאָגענדיג דאָס, האָט זי אָנגעטהאָן דאָס קינד אין זיין איינפּאַ־כען אנצוגעל און נעהמענדיג איהם אין איהרע ארמס, האָט זי איהם אריינגעשושקעט אין אויער ער זאָל זיין שטיל; זי האָט דאַן געעפענט א טהיר, וואָס האָט געפיהרט פון איהר צימער צו דער ווערענדא, און האָט זיך שטילערהייד ארויסגערוקט.

עס איז געווען א פראָסטיגע נאַכט און די שטערן האָבען געשיינט, ווען די מוטער מיט'ן קינד איז ארויס אין דרויסען. זי האָט איהם ארומגעוויקעלט מיט אַ שאַל און ער האָט זיך אין איינע ציטערניש צוגעטולעט צו איהר ברוסט און איז געווען שטיל.

דער אַלטער ברונאָ, א גרויסער נייפאונדלענדער הונד, וועלכער איז געווען אין הויף, האָט אָנגעפאנגען צו ברומען, ווען ער האָט זי געזעהען געהן. זי האָט איהם שטיל אָנגערופען ביי זיין נאָמען און ער איז צו איהר גלייך צוגעלאָפען און האָט זיך געלאַשטשעט צו איהר. עלזיא איז געגאַנגען צו אָנקעל טאָם'ס קעבין. ווען זי איז דאָרטען צוגעקומען האָט זי לייכט אָנגעקלאַפּט אין פענסטער.

ביי אָנקעל טאָם'ן איז דיעזע נאַכט געווען אַ רעליגיעזע פערזאַמ־לונג און ער איז געגאַנגען שלאָפען שפּעט. אָבוואָהל עס איז יעצט געווען צווישען צוועלף און איינס ביינאַכט איז ער נאָך געווען אויף.

— גרויסער גאָט! וואָס איז דאָס? האָט טאַנטע קלאָע אויס־גערופען און איז צוגעלאָפען צום פענסטער און האָט אויפגעהויבען דעם פאָרהאַנג. וואָס זעה איך, עס איז ליזי! טהו זיך אָן, גיכער, אַלטער! ברונאָ איז אויך דאָ, וואָס איז געשעהען? איך געה עפענען די טהיר.

זי האָט אויפגעמאַכט די טהיר און דער שיין פון דער חלב'נער ליכטעל, וואָס טאָם האָט געהאַלטען אין די הענד, איז געפאַלען אויף עליזא'ס צושטערטען געזיכט און איהרע שווארצע ווילדע אויגען.

— גאָט איז מיט דיר, ליזי! עס איז אַ שרעק צו קוקען אויף דיר. ביסטו קראַנק, אָדער האָט מיט דיר עפּעס אַנדערש פּאַ־סירט?

— איך ענטלויף, אָנקעל טאָם און טאַנטע קלאָע, און איך נעהם מיט מיין קינד. דער מאַסטער האָט איהם פערקויפט!

— איהם פערקויפט ! האָבעןביידע אויסגערופען אויפהייבענ־דיג די הענד אין שרעק.

— יעס, זיי האָבען איהם פערקויפט, האָט עליזא געזאָגט מיט א פעסטען טאָן. איך האָב זיך היינט פער׳גנב׳עט אין שאַף פון דער מיסעס׳ צימער און האָב געהערט ווי דער מאַסטער האָט דערציילט דער מיסיס, אז ער האָט פערקויפט צו א שקלאַווענהענדלער מיין הערריי און אויך דיך, אָנקעל טאָם, און אז דער מאַסטער וועט מאָרגען אין דער פריה אוועקפאָהרען און דער מאַן וועט קומען און וועט ביידען צונעהמען.

וועהרענד זי האָט גערעדט איז טאָם געשטאַנען ווי פערגליווערט, עס האָט איהם אָפּגענומען די שפּראַך. ער איז לאַנגזאַם אנידערגעזונ־קען אין שטוהל און האָט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ צו די קניע. און איז אזוי געבליבען זיצען.

— זאָל זיך גאָט איבער אונז ערבארימען ! האָט טאַנטע קלאָע ארויסגערעדט. עס שיינט צו זיין אונגלויבליך ! וואָס האָט ער גע־טהאָן, אז דער מאַסטער זאָל א י ה ם פערקויפען ?

— ער האָט גאָרניט געטהאָן. דאָס איז ניט דערפאַר. דער מאַסטער האָט ניט געוואָלט און וויל ניט פערקויפען. און די מיסעס איז אַלע מאָל גוט. איך האָב געהערט ווי זי האָט איהם געבעטען רחמים אז ער זאָל ניט פערקויפען. דער מאַסטער האָט ניט געקענט העלפען. דער מאַסטער איז שולדיג דעם שקלאַווענהענדלער פיעל געלד און יענער האָט עס פערלאַנגט. ווען ער וואָלט ניט בעצאָהלט וואָלט דער מאַן פון איהם אַלעס צוגענומען און דער מאַכטער וואָלט גע־בליעבען ביי גאָרניט. איך האָב געהערט ווי דער מאַסטער האָט גע־זאָגט צו דער מיסיס, אז דער הענדלער פערלאַנגט פאַר זיין חוב טאָם און הערריי, אויב ניט נעהמט ער אַלעס צו. דער מאַסטער האָט געזאָגט, אז עס טהוט איהם לייד, אָבער איהר האָט געדאַרפט הע־רען, ווי זי האָט גע׳טענה׳ט ! אויב זי איז ניט קיין מלאך, ווייס איך ניט אויב עס זיינען גאָר דאָ מלאכים ! איך בין א זינדיגע פרוי, וואָס איך לאָז זי איבער אזוי, אָבער איך קען ניט העלפען. ווען איך זאָל איהם לאָזען צונעהמען, וועל איך דאָך ניט וויסען וואו זיין גע־ביין וועט אהינקומען. אויב איך האָב אונרעכט וועט מיר גאָט פער־געבען. איך קען אנדערש ניט טהאָן.

— נו, אַלטער! האָט טאַנטע קלאָע געזאָגט, פאַר וואָס זאָלסטו אויך ניט געהן? ווילסטו, אז מען זאָל דיך אוועקשיקען דאָרטען איבער'ן טייך, וואו מען פייניגט צום טוידט די נעגערס מיט שווערע ארבייט און מיט הונגער? איך וואָלט בעסער שטאַרבען איידער געהן אהין! טאָם, געה מיט ליזי'ן, דו האָסט אַ פּאַס און דו קענסט געהן צו יעדער צייט. נעהם מאַך זיך צורעכט, איך וועל צונויפ־פּאַקען דיינע זאַכען.

טאָם האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבען דעם קאָפּ; ער האָט זיך ארומגעקוקט טרויריג אָבער רוהיג און האָט געזאָגט:

— ניין, ניין, איך געה ניט. ליזי קען געהן, זי האָט איהר רעכט דערצו, און איך וועל ניט זאָגען, אז זי זאָל עס ניט טהאָן. דו האָסט דאָך געהערט וואָס זי האָט דערציילט! אויב ניט איך וואָלט אַלעס מוזען פערקויפט ווערן. בעסער וועל איך אַליין ליידען. איך וועל עס קענען בעסער פערטראָגען, האָט ער צוגעזעצט, וועהרענד אַ שווערער זיפץ האָט אויפגעטרייסעלט זיין ברייטע, רויהע ברוסט. דער מאַסטער האָט מיך אימער געפונען אויפ'ן פּלאַץ און וועט מיך אויך ווייטער געפינען. ער האָט מיר אַלע מאָל געטרויט און איך האָב קיין מאָל ניט געבראָכען מיין וואָרט און איך וועל עס ווייטער אויך ניט טהאָן. עס איז בעסער פאַר מיר צו געהן אַליין איידער אַלעס זאָל געהן. דער מאַסטער איז ניט שולדיג און ער וועט אויף דיר אויפפּאַסען און אויך אויף די אָרימע —

מעהר האָט ער שוין ניט געקענט אויסהאַלטען. דאָ האָט ער זיך צוגעקעהרט צו דער צובראָכענער בעטעל, וואו עס זיינען געלעגען קליינע קינדערלאַך, און האָט צוזאמענגעבראָכען און יאָמערליך גע־וויינט.

עליזא איז געשטאַנען ביי דער טהיר און האָט צוגעזעהען דיעזע האַרצרייסענדע סצענע. דאָס איז געווען אַ צונאָב צו איהרע אייגענע שרעקליכע ליידען. ווען עס איז געוואָרען אַ ביסעל רוהיגער האָט זי געזאָגט:

— ערשט היינט האָב איך געזעהען מיין מאַן. עס האָט זיך מיר דאַן ווענינ גע'חלום'ט, אז איך וועל אויך מוזען ענטלויפען. זיי האָ־בען איהם געטריעבען צו דער העכסטער שטופע פון פערצווייפלונג און ער האָט מיר היינט געזאָגט, אז ער וועט ענטלויפען. אפשר וועט



עליזא מיט איהר קינד ביי אָנקעל טאָם אין הויז פאר׳ן אנטלויפען.

איהר פון איהם עפּעס הערן און איהר וועט איהם קענען איבערגעבען, דערציילט איהם ווי אזוי און פארוואָס איך בין אוועק, זאָגט איהם, אז איך וועל זיך געבען מיהע צו קומען אין קאנאדא. דערציילט איהם, אז אויב מיר וועלען זיך שוין מעהר ניט זעהען אויף דיעזער וועלט, וועלען מיר זיך טרעפען אויף יענער וועלט. רופט אריין ברונאָ און האַלט איהם דאָ, דעם אָרימען הונט, ער וויל מיר נאָכגעהן.

נאָך אייניגע לעצטע ווערטע, מעהר טרעהרען, און עליזא איז אוועק מיט איהר קינד.

---

## זעקסטער קאפּיטעל.

## די ענטדעקונג.

נאָך דער טרויריגער אונטערהאַלטונג פון דער פערגאנגענער נאכט זיינען מר. און מיסעס שעלבי שפּעט איינגעשלאָפען און זיינען אויפגעשטאַנען אביסעל שפּעטער דעם נעכסטען מאָרגען.

— איך ווייס ניט וואָס איז די מעשה מיט עליזא'ן, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט, ווען זי האָט עטליכע מאָל געקלונגען און עליזא איז ניט אריינגעקומען.

מר. שעלבי איז געשטאַנען ביי'ן שפּיעגעל און האָט געשאַרפט דעם ראזיר־מעסער. אין דעם איז אריינגעקומען א שווארצער אינגעל מיט וואסער צום ראזירען.

— ענדי, האָט די מיסעס צו איהם געזאָגט, געה אריין צו עלי־זא'ן און זאָג איהר, אז איך האָב זי שוין דריי מאָל גערופען. אָרימע זעעלע! האָט זי צו זיך געמורמעלט מיט א זיפץ.

ענדי איז גלייך געקומען צוריק א דערשראָקענער.

— מיסים! ליזי'ס שאַפע איז אָפען און די זאכען ליגען צו־וואָרפען איבער'ן גאנצען צימער. איך דענק, אז זי האָט זיך געמוזט אַפּטראָגען.

די זאך איז דאָ געוואָרען קלאהר פאר מר. און מיסעס שעלבי. ער האָט דערויף אויסגערופען:

— זי האָט געמוזט האָבען פערדאכט און איז אוועק!

— נאָט זיי דאנק ! האָט מיסעס שעלבי אויסגערופען. הלוואי איז עס אמת !

— פרוי, דו רעדסט ווי א נאַר ! עס וואָלט געווען א פיינע זאַך ווען זי זאָל ווירקליך ענטלויפען. האלעי האָט געזעהען ווי איך האָב זיך צוריקגעהאַלטען איהם צו געבען דאָס קינד, וועט ער דענקען, אז איך אַליין האָב צוגעהאָלפען איהם אוועקצושאפען. דאָס גרייפט אָן מיין עהרע. דערמיט האָט מר. שעלבי האסטיג פערלאָזען דאָס צימער.

דערווייל איז געוואָרען לעבעדיג אין הויף. די נייעס פון עליזא'ס ענטלויפען האָט זיך שנעל פערשפרייט צווישען די נעגערס און עס איז געוואָרען א געלאף און געטומעל ווי אויף א יאריד. נאָר איין פערזאָן האָט זיך געמאכט ניט וויסענדיג פון דער גאנצער געשיכטע, און דאָס איז געווען טאנטע קלאָע, וועלכע איז געווען אין קיך און צורעכט געמאכט דעם פריהשטיק. איהר געזיכט, וועלכער איז שטענ־דיג געווען פרעהליך, איז יעצט געווען פערטרויערט און אונרוהיג.

א דוצענד קליינע נעגערס האָבען זיך געדרייט ארום דער וועראנדא און יעדער פון זיי האָט געוואָלט זיין דער ערסטער אָנצוזאָגען דעם נייעם מאסטער די טרויריגע בשורה.

— ער וועט זיין שטארק אין כעס, בנאמנות, האָט ענדי גע־זאָגט.

— אי וועט ער פלוכען ! האָט געזאָגט דער קליינער שווארצער דזשייק.

— יע, געוויס, ווייל ער קען גוט פלוכען, האָט געזאָגט מאנדי, א נעגעריל מיט א וואָליגען קעפעל ; איך האָב געהערט ווי ער האָט געפלוכט נעכטען ביי'ם מיטטאָג־עסען.

ווען האלעי איז ענדליך אָנגעקומען מיט א בייטש, האָבען איהם אלע מיט אמאָל אָנגעזאָגט די טרויעריגע בשורה.

— ווען איך וואָלט האָבען דיעזע קליינע טייוואָלים, האָט האלעי געברומט צווישען די צייהן.

— אָבער איהר האָט זיי ניט, האָט ענדי געענטפערט און איז ענטלאָפען.

— דאָס איז א פיינער געשעפט, שעלבי, האָט האלעי געזאָגט

אריינקומענדיג אין צימער. ווי עס שיינט איז די פרוי ענטלאָפען מיט'ן קינד.

— מר. האלעי, מיסעס שעלבי איז אין צימער, האָט מר. שעלבי געזאָגט.

— אָה, איך בעט אום פערצייהונג, מאדאם. האָט האלעי גע־זאָגט זיך פערבייגענדיג. אָבער איך זאָג נאָך אמאָל, אז דאָס איז א מאָדנע זאַך פון אייך. איז די נייעס אמת?

— מיין הערר, האָט מר. שעלבי געענטפערט, אויב איהר ווילט מיט מיר רײדען זאָלט איהר זיך בענעהמען ווי איין אנשטענדיגער מאַן, ענדי נעהם צו ביי דעם הערר׳ן דעם הוט מיט די בייטש. יעצט, ביטע זעצט זיך. איך מוז אייך לײדער זאָגען, אז די יונגע פרוי האָט געמוזט הערן וואָס מיר האָבען גערעדט אָדער אימעצער האָט איהר דערציילט, האָט זי צוגענומען איהר קינד און איז היינט בײנאַכט מיט איהם ענטלאָפען.

— איך מוז אייך זאָגען, האָט האלעי געזאָגט, אז איך האָב ערוואַרטעט איין עהרליכען מסחר.

— וועל, מיין הערר, האָט מר. שעלבי שאַרף געענטפערט, אויב אימיצער צווייפעלט אין מיינע ווערטער האָב איך פאַר איהם נאָר איין ענטפער —.

דער שקלאַווענהענדלער האָט פערשטאַנען דעם וואונק און האָט געענטפערט מיט א שוואַכערען טאָן:

— עס קרענק זעהר ווען מען מאַכט איין עהרליכען מסחר און מען ווערט אזוי פערפיהרט.

— מר. האלעי, ווען איך וואָלט ניט געפיהלט, אז איהר האָט איין אורזאַך צו זיין אונצופריעדען וואָלט איך ניט געדולדעט, אז איהר זאָלט אריינקומען אין מיין צימער מיט אזא פרייהייט. אָבער אזוי ווי די זאַך פערהאַלט זיך אַנדערס, וויל איך ניט אז עס זאָל פאַלען א פלעק אויף מיר און איך וועל טהאָן אַלעס אין מיין מעגליכ־קייט אייך צו העלפען קריעגען אייער אייגענטהום. מיינע דיענער און מיינע פערד שטעהען צו אייערע דיענסטען. — אלזאָ, האלעי, האָט ער שוין געזאָגט מיט א פריינדליכע שטימע, די בעסטע זאַך איז, גיט צו פערליערען דעם מוטה, עסען פריהשטיק, און דאַן וועט מען זעהן וואָס מען קען טהאָן.

מיסעס שעלבי האָט זיך דערביי ענטשולדיגט ; זי האָט געזאָגט אַז זי דאַרף אָוועקגעהען און האָט אַריינגעשיקט אַ מולאַטין צו דער־לאַנגען צום טיש. דערויף איז זי אַרויס פון צימער.

— די מאַדאַם האָט ניט שטאַרק גערן אייער געהאָרכזאַמען דינע־נער, האָט האַלעי געזאָגט מיט אַ היימישען טאָן.

— איך בין ניט געוועהנט צו הערען ריידען וועגען מיין פרוי מיט אַזאַ פרייהייט, האָט מר. שעלבי טרוקען געזאָגט.

— איך בעט אום פערצייהונג, עס איז נאָר אַ שפּאַס, האָט האַ־לעי געענטפערט מיט אַ געצוואונגענעם געלעכטער.

— עס געבען זעהר אונאַנגענעהמע שפּאַסען.

— ווי שטאָלץ ער איז געוואָרען, צייט איך האָב איהם אָפּגעגע־בען דעם וועקסעל, האָט האַלעי צו זיך געמורמעלט.

דערווייל האָבען זיך די נעגערס אונטערהאַלטען וועגען דער פּאַ־סירונג, און יעדערער האָט געוואָלט זאָגען אַ בעסערע מיינונג. איבער־הויפּט האָט זיך דאָ אויסגעצייכענט דער פּעך־שוואַרצער סעם. ער איז געוועזען דער שוואַרצעסטער פון אַלע. ווען ער האָט גערעדט האָט ער געהאַלטען אין איין אַרויפשלעפּען די הויזען און יעדערער האָט גע־זעהען, אַז עס פעהלט איהם אַ קנעפּעל, וואו דער סוספּענדער איז געוועזען אָנגעטשעפּעט און אַנשטאַט אַ קנעפּעל האָט דאָרטען געשטעקט אַ פערבויגענער נאָגעל, און ווי עס האָט געשיינט איז ער געוועזען שטאָלץ אויף זיין ערפינדונג.

— יעס, האָט ער געזאָגט, אַ בייזער ווינד בלאָזט יעצט. טאָם איז אַרונטער, וועט ער מאַכען פּלאַץ פאַר אַנאַנדער נעגער. אַזוי דאַרף זיין. האָסטו געזעהען ! טאָם פאָהרט אַרום ווי אַ פריץ אויפ'ן לאַנד מיט געפּוצטע שטיוועל, מיט אַ פּאַס אין קעשענע, — פאַר וואָס ניט סעם ? דאָס וואָלט איך וועלען וויסען !

— העלאָ, סעם ! דער מאַסטער רופט דיך. ער האָט געהייסען אַז דו זאָלסט אָנזאָטלען ביל און דזשערי, האָט איהם ענדי קורץ אי־בערגעשניטען זיין רעדע.

— וואָס איז דאָרטען, דו קליינער ?

— וואָס דו ווייסט ניט, אַז ליזי האָט געמאַכט אַ ויברח מיט איהר קליינעם !

— געה, דערציייל דאָס דעם טאַטען דיינעם ! איך האָב עס גע־וואוסט פריהער פאר דיר.

— פון דעסטוועגען זאָלסטו אָנזאָטלען די פערד און מירביידע און מאַסטער האַלעי וועלען פאָהרען זוכען די ענטלאָפענע.

— אָט זעהסטו, אין אַזעלכע זאַכען רופט מען סעם׳ען. און סעם וועט ווייזען וואָס ער קען. וועסט זעהן, אז איך וועל זי כאַפּען.

— אָבער סעם, איבערלייג זיך בעסער וואָס דו רעדסט. די מי־סעס וויל ניט, אז מען זאָל זי כאַפּען, דען זי וועט דיר אויסצופּען ריינע וואָלענע האָאָר.

— וואָס ! האָט סעם אויסגערופען, און ער האָט ווייט אויפ־געריסען די אויגען. פון וואַנען ווייסטו דאָס ?

— היינט אין דער פריה, ווען איך האָב אריינגעטראָגען דעם מאַסטער וואַסער צום ראַזירען, האָב איך אַליין געהערט ווי זי האָט עס געזאָגט. זי האָט מיך געשיקט רופען ליזי׳ן און ווען איך בין גע־קומען צוריק און האָב איהר געזאָגט אַז ליזי האָט זיך אָפּגעטראָגען. האָט זי זיך אויפגעהויבען און האָט אויסגערופען : „געלויבט איז גאָט !" און דער מאַסטער האָט געשיינט צו זיין גאַנץ ווילד. „פרוי", האָט ער אויסגעשריען, „דו רעדסט ווי אַ משוגענע". אָבער איך זאָג דיר, אַז דער מאַסטער וועט אויך בעסער ווערן. די בעסטע זאַך איז צו האַלטען מיט דער מיסיס.

דער שוואַרצער סעם איז געשטאַנען און האָט זיך געקראַצט דעם קאָפּ. ער האָט געגעבען אַ הייב די הויזען, דאַן האָט ער געזאָגט :

— איך בין זיכער אַז די מיסיס וואָלט געפאָהרען אין עק וועלט זוכען ליזי׳ן.

— אָבער קענסטו דען ניט זעהען, דו שוואַרצער, אַז די מיסיס וויל ניט, אַז מאַסטער האַלעי זאָל געהמען ליזי׳ס קינד ?

— אַזוי ! האָט סעם געזאָגט מיט אַ ניגון, וועלכען מען הערט נאָר צווישען נעגערס.

— דאַן וועל איך דיר זאָגען נאָך עפּעס, האָט ענדי ווייטער גע־זאָגט, געה ברייננ די פערדע און ריהר זיך. די מיסיס האָט שוין גע־פרעגט אויף דיר. גענוג שוין שטעהן און קלאַפּען מיט דער צונג.

סעם איז געוואָרען לעבעדיגער, ער איז גלייך געלאָפען און האָט געבראַכט די פערד פאר דער הויז. האַלעי׳ס יונגער פערד, וועלכער

איז דאָ געשטאַנען איז אונרוהיג געוואָרען פון סעם'ס האסטיגען צו־פאָהרען און האָט אָנגעפאַנגען צו רייסען זיין צוים, וועלכע איז גע־ווען צוגעבונדען צו דער ווערענדא.

—הא הא, האָט סעם צו זיך געלאַכט, האסט מורא, און אויף זיין גלענציגען פּנים האָט זיך בעוויזען א גנב'ישער אויסדרוק. איך וועל דיך שוין צורעכט מאַכען!

אויף דיעזען פּלאַץ איז געשטאַנען א גרויסער בוכען־בוים, וועל־כער האָט מיט זיינע ברייטע צווייגען בעשאָטענט אַלעם ארום זיך. אונטערן בוים זיינען געלעגען די אראָפּגעפאַלענע קליינע דריי־קאַנטי־גע שפּיציגע ניס. סעם האָט אויפגעהויבען א ניסעל און איז צוגעגאַנ־גען צו האַלעי'ס פערד. ער האָט זיך געמאַכט, אז ער גלעט דעם פערד און מאַכט איהם צורעכט דעם זאָטעל, און האָט דאָרטען ארונטערגע־רוקט דעם ניסעל, אויף אַזא אָרט, אז די קלענסטע געוויכט אויפ'ן זאָטעל זאָל ווירקען אויף די נערוועז פון פערד און זאָל איהם קיין וואונד ניט מאַכען.

— איצטער האָב איך איהם שוין צורעכט געמאַכט — האָט ער געמורמעלט מיט צופריעדענהייט.

אין דיעזען אויגענבליק איז מיסעס שעלבי ארויסגעקומען אויפ'ן באַלקאָן און האָט איהם צוגערופען. סעם איז צוגעגאַנגען און האָט זיך פאַר איהר טיעף פערנייגט.

— וואו האָסטו זיך ארומגעטריבען, סעם? איך האָב געשיקט נאָך דיר ענדי'ן, און ער האָט דיך קוים געפונען.

— גאָט זאָל אייך בענשען, מיסיס, מען קען ניט חאַפּען די פערד אין א מינוט; זיי זיינען ווייט אין פעלד, — גאָט ווייס וואו.

— סעם, איך האָב דיר שוין וויפיעל מאָל געזאָגט, אז דו זאָלסט ניט זאָגען „גאָט זאָל אייך בענשען", „גאָט ווייס" און נאָך אַזעלכע זאַכען. עס איז א זינד.

— אָ, גאָט זאָל מיך היטען! איך האָב פערגעסען, מיסיס. איך וועל דאָס שוין מעהר קיין מאָל ניט זאָגען.

— אָבער דו האָסט עס דאָך יעצט ווידער געזאָגט.

— טאַקע! אָ גאָט! איך מיין — איך האָב עס ניט געוואָלט זאָגען.

— דו מוזט זיך היטען, סעם.



דער שוואַרצער סעם.

— איך וועל זיך היטען, מיסיס.

— וועל, סעם, דו וועסט געהן מיט מר. האלעי און וועסט איהם צייגען דעם וועג ; וועסט איהם אויך העלפען. גיב אכטונג אויף די פערד, סעם. דו ווייסט, אז דזשערי האט אביסעל געהונקען לעצטע וואך. טרייב זיי ניט שטארק.

די לעצטע ווערטער האט מיסעס שעלבי געזאגט מיט א שטילער שטימע און א שטארקער בעטאנונג.

— זייט רוהיג וועגען קינד, האט סעם געזאגט, און האט דערביי געמאכט מיט די אויגען, כדי זי זאל פערשטעהן, אז ער ווייס וועגען וואס עס האנדעלט זיך. — גאט ווייס . . . אה, איך האב שוין ווידער געזאגט, האט ער זיך שנעל פערכאפט ; ער האט דערביי געמאכט אזא קאמישע מיענע, דאס זיין מיסעס האט זיך ניט געוואלט צולאכט. — יעס, מיסיס, איך וועל שוין אכטונג געבען אויף די פערד !

— נו, ענדי, האט סעם געזאגט, ווען ער איז צוריקגעקומען צום בוים, איך וועל זיך גארניט וואונדערן, ווען דער פערד וועט אראפ׳-הרג׳ענען זיין רייטער פון זאטעל, ווען ער וועט זיך אויף איהם וועלען זעצען ; אזעלכע זאכען פאסירען זעהר אפט. דערביי האט ער געגעבען א רוק ענדי׳ן אין זייט אז ער זאל פערשטעהן.

— אוהו ! האט ענדי צושטימענד אויסגערופען.

— זעהסטו ענדי, די מיסים וויל געווינען צייט, דאס איז קלאהר אפילו פאר א פראסטען מענשען, און אין דעם וועל איך איהר העלפען. דו וועסט לויז מאכען די פערד און וועסט זיי ארויסטרייבען אהין אין פעלד. אז דער מאסטער וועט וועלען ארויספאהרען וועט ער זיך מוזען נעהמען אביסעל צייט.

ענדי האט געשצירעט די צייהן.

— זעהסטו, ענדי, ווען עס זאל פאסירען אז האלעי׳ס פערד זאל מאכען א קונץ און איהם אראפשליידערן פון זיך, וועלען מיר איהם „העלפען“.

און סעם מיט ענדי׳ן האבען זיך ארומגענומען און האבען ארויסגעלאזען א פערשטיקטען געלעכטער, און פאר גרוים שמחה האבען זיי געקנאקט מיט די פינגער און געדריגעט מיט די פים.

אין דיעזען אויגענבליק איז האלעי ערשיענען אויף דער ווראנ־

דא. זיין פּנים האָט שוין געטראַגען אַ פריילּיכערע מיענע פון די עט־ליכע גלעזער קאַפע וואָס ער האָט אין זיך אַריינגעגאָסען. סעם און ענדי זיינען שוין געשטאַנען אויף זייערע פּלעצער צו „העלפען" דעם מאַסטער

— נו, קינדער, האָט האַלעי געזאָגט, ריהרט זיך ; מיר דאַר־פען ניט פערלירען קיין צייט.

— געוויס דאַרף מען ניט פערלירען קיין צייט, האָט סעם גע־ענטפערט, און האָט דערלאַנגט האַלעי'ן די צוים אין האַנד, וועהרענד ענדי האָט פריי געמאַכט די אַנדערע צוויי פערד.

אַזוי באַלד ווי האַלעי האָט בעריהרט דעם זאָטעל האָט דער פערד געגעבען אַ שפּרונג אין דער הויך און האָט איהם אַראָפּגעשליידערט אויף דער ווייכער ערד. סעם האָט זיך מיט גרויס אימפּעט אַרויפגע־וואָרפען אויפ'ן פערד'ס צוים און האָט דערביי דערלאַנגט דעם פערד אַ שטאָך אין אויג מיט אַ ברעג פון זיין צוריסענעם שטרוי־הוט. דער־פון איז דער פערד נאָך ווילדער געוואָרען און האָט אַ שליידער געגע־בען סעם'ען אן דר'ערד און איז ענטלאָפען אין פעלד. נאָך איהם זיי־נען באַלד נאָכגעלאָפען ביל און דזשעררי, מר. שעלבי'ס צוויי פערד, וועלכע ענדי האָט געגעבען אַ יאָג לויט ווי ער האָט אָפּגעמאַכט מיט סעם'ען.

דאָס האָט אַרויסגערופען אַ גאַנצען געטומעל. סעם און ענדי זיי־נען אַרומגעלאָפען און האָבען געמאַכט קולות און הינט האָבען געבולעז אין אַלע זייטען, דערצו זיינען נאָך אַנגעלאָפען די גאַנצע שוואַרצע קאַמאַנדע פון הויז מיט זייער געשריי און געפּילדער און עס איז גע־וואָרען אַ שרעקליכע מהומה.

האַלעי'ס פערד איז געווען אַ ווייסער און מען האָט איהם געקענט זעהן פון וויטענס בעסער, אָבער איהם כאַפּען איז גע־ווען שווער. אז מען איז שוין געווען גאַר נאָהענט פון איהם, פלעגט ער מיט צוויי שפּרונג זיין פאַר אַ מייל. מעהר פאַר אַלעמען האָט זיך אויסגעצייכענט סעם. ווען ער איז שוין געוועזן נאָהענט פון פערד און קיינער האָט ניט געזעהן, האָט ער איהם אָפּגעטהאָן אַ שפּיצעל און דער פערד האָט גענומען פליהען נאָך שטאַרקער. דערביי פלעגט ער שרייען מיט קולות „כאַפּט איהם ! כאַפּט איהם !"

האַלעי איז אַרומגעלאָפען אין אַלע זייטען ווי אַ ווילדער און

האָט געשריען און געפּלוכט. מר. שעלבי איז געשטאַנען אויפ'ן באַל־קאָן און האָט קאָמאַנדירט וואוהין מען זאָל לויפען. מיסעס שעלבי האָט געקוקט דורכ'ן פענסטער אין איהר צימער און האָט געלאַכט. זי האָט פערשטאַנען וואָס דאָ געהט פאָר.

ענדליך איז געגען צוועלף אַזייגער ערשיענען סעם רייטענדיג אויף דזשעררין און האָט געפיהרט האַלעי'ס פערד ביי דער זייט. ער איז געווען פערשוויצט און זיין פּנים האָט געגלענצט פון נצחון.

— איך האָב איהם געכאַפּט! האָט ער אויסגערופען מיט שטאָלץ. ווען ניט איך וואָלטען זיי אַלע געפּלאַצט און וואָלטען איהם ניט געכאַפּט!

— דו! האָט האַלעי געברומט. ווען ניט דו, וואָלט די גאַנצע געשיכטע גאָרניט פּאַסירט.

— גאָט איז מיט אייך, מאַסטער, האָט סעם געזאָגט מיט אַן ערנסטען טאָן; זעהט ווי איך בין דורך און דורך נאַס ארומלוי־פענדיג.

— וועל, וועל, דורך דיין פערפלוכטע דומהייט האָב איך פער־לאָהרען דריי שטונדען. יעצט אָבער לאָמיר שוין פאָהרען.

— וואָס רעדט איהר, מאַסטער! האָט סעם אויסגערופען מיט אַן אונצופריעדענעם טאָן. איהר דענקט דען אונז אַלעמען צו הרג'ע־נען? מיר פאַלען אום פון מיעדקייט און די פערד זיינען דורכגע־ווייקט. איהר דענקט דאָך ניט צו פאָהרען פאָר'ן עסען. מען דאַרף אייער פערד אָפּרייבען און גוט דורכלופטערן. זעהט ווי ער זעהט אויס. און דזשעררי הינקט אויך. איך גלויב ניט אז די מיסעס וועט אונז ערלויבען צו פאָהרען אין אזא צושטאַנד. גאָט זאָל אייך בענשען, מאַסטער, ווען מיר וועלען זיך אויסרוהען וועלען מיר געווינען וואָס מיר פערלירען. ליזי איז קיין מאָל ניט געווען קיין שנעלגעהערקע.

מיסעס שעלבי, וועלכע האָט מיט גרויס פערגעניגען געהערט דעם געשפּרעך, האָט זיך בעשלאָסען אויך עפּעס אריינצוריידען. זי איז צוגעגאַנגען צו האַלעי און האָט זעהר בעדויערט דעם אונאַנגענעהמען פּאַרפּאַל און האָט איהם גאַנץ העפליך איינגעלאַדען צום מיטאָג־עסען.

האַלעי האָט זיך געפונען געשמייכעלט פון דער איינלאַדינג און האָט נאַטירליך איינגעווילינגט. און וועהרענד ער איז געגאַנגען אין

הויז האָט איהם סעם אָנגעקוקט מיט אַ מאָדנעם בליק — און איז אוועק אין שטאַל מיט די פערד.

— האָסטו איהם בעטראַכט, ענדי ? האָט סעם געזאָגט ווען ער איז ארויס צוריק פון שטאַל. האָסטו געזעהען ווי ער האָט זיך געבייזערט און געטאַנצט ? און ביידע שווארצע האָבען זיך אַרומגע־נומען און געלאַכט פון גאַנצען הארצען.

— דו האָסט געדארפט זעהען, ווי ער האָט מיך אָנגעקוקט, ווען איך האָב איהם געבראַכט דעם פערד ! גרויסער גאָט ! ער וואָלט מיך גע'הרג'עט ווען ער וואָלט געקענט. און איך בין מיר געשטאַנען ווי איינער וואָס קען קיין צוויי ניט ציילען !

— ווער קען דיך ניט, האָט ענדי געזאָגט, ביזטו דען ניט איין אַלטער דורכגעטריבער קערל !

— דאָס בין איך טאַקע, האָט סעם געזאָגט. האָסטו געזעהען ווי די מיסיס איז געשטאַנען אין פענסטער און האָט געלאַכט ?

— איך בין אַזוי ארומגעפלויגען דאָס איך האָב גאָרניט געזעהען, האָט ענדי געענטפערט.

— זעהסטו, האָט סעם געזאָגט מיט אַן ערנסטען טאָן, וואַשענ־דיג האַלעי'ס פערד, איך האָב אַ געוואָהנהייט אַלעס צו בעטראַכטען. דאָס איז זעהר אַ גוטע געוואָהנהייט, ענדי, און איך ראטה דיר אַז דו זאָלסט עס אויך לערנען כל זמן דו ביזט נאָך יונג. רייניג אָפּ דעם הינטערשטען פוס, ענדי — זעהסט, ענדי, עס איז אַ גרויסער אונטער־שיעד פון אַ נעגער, וואָס קען בעטראַכטען זאַכען, און אַ נעגער וואָס קען עס ניט. האָב איך ניט געזעהען וואוהין דער ווינד האָט געבלאָ־זען היינט אין דער פריה ? האָב איך ניט געזעהען וואָס די מיסיס האָט געוואָלט פון מיר, כאָטש זי האָט עס מיר ניט געזאָגט ? דאָס קומט פון קענען בעטראַכטען, ענדי. דאָס איז וואָס מען רופט פע־היגקייט דער גראַד פון פעהיגקייט ביי מענשען איז פערשיעדען ; עס ווענט זיך ווי ווייט מען ענטוויקעלט איהם.

— איך דענק ווען איך וואָלט דיר היינט אין דער פריה ניט גע־האָלפען וואָלסטו ניט געווען אַזאַ חכם, האָט ענדי געזאָגט.

— ענדי, האָט סעם געזאָגט, דו ביזט ניט קיין נאַרישער אינ־געל, דאָס איז גאָר קיין צווייפעל ניט. איך האַלט פון דיר זעהר פיעל

און אנערקען, אז איך נעהם אמאָל דיינע אידעען. מען דארף אלעם בעטראכטען, דען דער קליגסטער גליטשט זיך זעהר אָפט אויס און פאלט. יעצט, ענדי, לאָמיר אריינגעהן אין הויז. איך בין זיכער, אז די מיסיס וועט אונז געבען גוטע זאכען צו עסען.

---

## זיעבעטער קאפיטעל.

## דער מוטער׳ס קאמפף.

מען קען זיך פאָרשטעלען עליזא׳ס שרעקליכע לאגע, ווען זי האט פערלאָזען אָנקעל טאָם׳ס שטיבעל. די ליידען און די געפאהרען פון איהר מאַן און די געפאהר פון איהר קינד און דער לעבענס געפעהר־ליכער וועג, וועלכען זי האט אונטערנומען, דאָס אלעס האט גע־ברענט ווי א פייער אין איהר קאפּ. זי האט פערלאָזען דעם איינציגען פלאץ וואָס זי האט געקענט, וואו זי איז געוועזען אונטער דעם ליבלי־כען שוץ פון איהר מיסעס. עס האט געשיינט אז אלעס ארום איהר: די שעהנע בוימער, די לאָנקעס, וואו זי איז אויפגעוואקסען געוואָרען און וואו זי פלעגט אזוי אָפט שפּאצירען מיט איהר יונגען מאַן, האָ־בען זי געפרעגט מיט א פאָרוואורף, פארוואָס זי פערלאָזט זיי און וואוהין זי געהט.

אָבער שטארקער פאר אלעס איז מוטער־ליעבע, וועלכע האט קיין גרענעץ אין א צייט פון א שרעקליכער געפאהר פאר איהר קינד. איהר קינד איז שוין געוועזען אין די יאָהרען, אז ער זאָל קענען געהן און זי וואָלט איהם פיהרען פאר׳ן האנד, אָבער יעצט ווען זי האט גע־פיהלט אז ער איז אין געפאהר, האט זי איהם מורא געהאט ארויס־צולאָזען פון האנד. זי האט איהם שטארק צוגעדריקט צום ברוסט און איז געגאנגען פאָרווערטס.

די געפראָהרענע ערד האט געקנאקט אונטער איהרע פיס און דער געררויש דערפון האט זי געמאכט ציטערן. יעדער שאָרך פון אבלעטעל, יעדער בעוועגליכער שאטען האט געטריעבען איהר בלוט צום הארצען און האט זי געמאכט שנעלער געהן. זי האט זיך אליין געוואונדערט

אויף די קראפט וואָס זי האָט בעקומען, דען זי האָט געפיהלט דעם געוויכט פון איהר קינד אזוי ווי ער וואָלט געווען א פעדער, און יע־דער גערויש האָט נאָך פערדאָפּעלט איהר קראפט. פון איהרע ליפּען, האָט זיך פון צייט צו צייט ארויסגעלאָזען א געמורמעל צום הימעל · „גאָט העלף מיר! רעטע מיך!"

ווען דאָס וואָלט געווען א י י ע ר העררי, מוטער, אייער ווילי, ועמען מען וואָלט וועלען אוועקרייסען פון אייך און פערקויפען צו א ברוטאלען שקלאַווען־הענדלער, און ווען איהר וואָלט געזעהען דעם מאַן און איהר וואָלט געהערט, אז די פּאַפּיערען זיינען שוין געמאַכט געוואָרען און גע'חתמ'עט, און אז איהר וואָלט געהאַט צייט צו ענט־לויפען נאָר פון צוועלף א זייגער ביינאַכט ביז פארטאָג, — ווי שנעל וואָלט א י ה ר געלאָפען? וויפיעל מייל וואָלט איהר געקענט לוי־פען אין דיעזע קורצע שטונדען מיט אייער ליעבלינג צוגעדריקט צו אייער ברוסט; מיט זיין קליינעם קעפּעל אויף אייער אקסעל און מיט זיינע קליינע הענטלעך ארום אייער האַלז? דאָס קינד איז געשלאָפען. אין אָנפאנג איז ער געווען וואך און האָט ניט געוואוסט וואָס דאָ טהוט זיך, ער האָט זיך ארומגעקוקט און האָט ניט געשלאָ־פען, אָבער ווען זיין מוטער האָט איהם איינגערעדט ער זאָל זיין רו־היג, אז זיי געהען אויף א גוטען פּלאַץ, האָט ער אָנגעפאנגען איינ־צושלעפערן; ער האָט אָבער בעפאָר געפרעגט:

— מאַמע, מעג איך שלאָפען?

— יעס, מיין טהייערער, שלאָף אז דו ווילסט.

— אָבער מאַמע, ווען איך וועל איינשלאָפען וועלען וועסטו איהם ניט לאָזען מיר נעהמען?

— ניין! אזוי זאָל מיר גאָט העלפען! האָט זיין מוטער אויס־גערופען מיט א בלייכען פּנים און מיט א פייערדיגען בליק פון איהרע גרויסע שווארצע אויגען.

— דו ביזט זיכער, מאַמע, זיכער?

— יעס, ז י כ ע ר! האָט די מוטער געענטפערט מיט א שטי־מע וועלכע האָט איהר געשיינט צו זיין ניט איהרע; אזוי ווי אי־מיצער אנדערס וואָלט פאר איהר געענטפערט. און דאָס קינד האָט אָנגעשפּארט זיין מיעדען קאָפּ אויף איהרע אקסעל און איז באַלד אנ־שלאָפען געוואָרען. די בעריהרונג פון זיינע קליינע הענטלעך און דער

הויך פון זיין וואַרימען אָטהעם האָט צוגעגעבען פייער און בעגייסטע־
רונג צו איהר בעוועגונג. עס האָט איהר געשיינט, אז יעדע בעווע־
גונג פון איהר קינד האָט אריינגעפלאָסען נייע קראפט אין איהר קער־
פער. הערליך איז די בעהערשונג פון דעם גייסט איבער'ן קערפער.
צייטענווייז מאכט עס פלייש און נערווען שטארק ווי פעלז און מאכט
די אָדערן שטייף ווי שטאָהל, אזוי דאָס פון דעם שוואכסטען מענ־
שען ווערט א גבור.

עס האָט שוין אָנגעפאנגען צו טאָגען ווען זי איז געגאנגען
אַלץ ווייטער און ווייטער. זי האָט שוין געלאָזען הינטער זיך אַלע
בעקאנטע געגענדען, לאנגע מיילען האָבען זי אָפגעטהיילט פון איהר
פארם און יעצט האָט זי מארשירט איבער גרויסע פרעמדע פעלדער.

זי פלעגט זעהר אָפט פאָהרען מיט איהר מיסעס צו קרובים אין
א קליינעם דאָרף ט—, ניט ווייט פון דעם טייך אָהייאָ און זי האָט
געקענט דעם וועג זעהר גוט. איהר ציעל איז געווען צו געהן אהין,
זי וועט אריבער דעם טייך און דאָרטען ווי גאָט וועט געבען.

ווען פוהרען האָבען זיך אָנגעפאנגען צו בעווייזען, האָט עליזא
זיך ארומגעזעהען, אז אזוי ווי זי זעהט אויס פערשוויצט און צו־
שטערט קען מען זי נאָך פערדעכטיגען אז זי ענטלויפט, האָט זי שנעל
אראָפגעלאָזען דאָס קינד און צורעכט מאכענדיג איהרע קליידער, איז
זי געגאנגען אזוי שנעל. זי האָט מיט זיך געטראָגען א פעקעל מיט
פרוכט און נאָך קלייניגקייטען. אום דאָס קינד זאָל געהען שנעלער
האָט זי אוועקגעקייקעלט אַן עפּעל און ער איז איהם געלאָפען כאפּען.
אויף אזא ארט האָט זי געקענט געהן שנעלער.

אין א ווײַלע ארום זיינען זיי אָנגעקומען אין א קליינעם וועלדעל,
דורך וועלכען עס האָט זיך געהערט דער גערויש פון א קליינעם טייכעל.
דאָ האָט זיך שוין דאָס קינד געקלאָגט, אז ער איז הונגעריג און דורס־
טיג. זי איז מיט איהם אריבערגעקראָכען איבער א פארקאַן און האָט
זיך מיט איהם אנידערגעזעצט הינטער א גרויסען פעלזען, וועלכער
האָט זיי בעהאַלטען פון דעם וועג. דאָרטען האָט זי איהם פון איהר
פעקעל געגעבען עסען. דאָס קינד האָט זיך געוואונדערט, פאר וואָס
זי עסט ניט. ער האָט זי דאן ארומגענומען און האָט איהר מיט גע־
וואלד געשטופּט זיין ביסקוויט אין מויל. עס איז איהר אָבער געבלי־
בען שטעקען אין האלז.

— ניין, ניין, מיין טהייערער הערריּ, דיין מאַמע קען ניט עסען ביז זי איז זיכער, אז דו ביזט גערעטעט. מיר מוזען געהן ביז מיר וועלען קומען צום טייך. דערמיט האָט זי גענומען דאָס קינד און איז אוועק אין וועג.

זי איז שוין ווייט אריבער אלע בעקאַנטע פּלעצער. זי האָט זיך געקלעהרט, דאָס ווען זי זאָל אפילו יא טרעפען א בעקאַנטען, וועט עס קיינעם ניט איינפאלען, אז זי איז ענטלאָפען, דען פון אזעלכע גוטע מענשען ווי איהרע בעלי הבתים ענטלויפט ניט קיין שקלאוו. און ווידער, אזוי ווי זי און איהר קינד זיינען געווען כמעט גאַנץ ווייס, וואָלט קיין פרעמדער גאָרניט געוואוסט, אז זיי זיינען נעגערס און וואָלט זיי דעריבער אויך ניט פערדעכטיגט.

אונטער דיעזע געדאַנקען האָט זי זיך ארום מיטאָג־צייט אָפּגע־שטעלט אין אַ שעהנער פארם־הויז אום זיך אויסצורוהען און קויפען פאר זיך און פאר'ן קינד וואָס צו עסען. וואָס ווייטער זי איז געווען אוועק פון דעם פּלאַץ פון געפאהר האָט זי רוהיגער געפיהלט און זי האָט בעקומען אַפּעטיט צום עסען. די גוטע און פריינדליכע פרוי פון דער פארם איז געווען צופריעדען דאָס אימיצער איז געקומען זי זאָל האָבען מיט וועמען צו ריידען. עליזא האָט איהר דערציילט, (וואָס זי האָט געהאָפּט אין הארצען, אז עס וועט זיין אמת), אז זי געהט צו אַ פריינד פערברייננגען אַ וואָך צייט. די פארם־פרוי האָט אין דעם ניט געצווייפעלט.

אַ שטונדע פאר דעם אונטערגאַנג פון דער זונן איז זי אָנגעקומען אין דעם דאָרף ט— ביי דעם טייך אָהייאָ. זי איז געווען שוואך און מיעד אָבער מוטהיג. איהר ערשטער בליק איז געווען אויפ'ן טייך, וועלכער איז געלעגען ווי דער ירדן צווישען איהר און דעם לאַנד כנען, וואו די פרייהייט האָט זי ערוואַרטעט.

עס איז געווען אין אנפאַנג פון פריה־יאָהר און דער טייך איז געווען איבערפילט און אונרוהיג; גרויסע שטיקער אייז זיינען ארומגעשוואומען און האָבען זיך אָנגעקליעבען אין גרויסע מאַסען.

עליזא איז פאר אַן אויגענבליק געשטאַנען און האָט בעטראַכט דעם טייך מיט דעם שווימענדען אייז. זי האָט מיט שמערץ געזעהען, דאָס דער וועג פיר אַ פערריּ (פּראָם) איז פערשפּאַרט. ניט ווייט איז געשטאַנען אַ קרעטשמע, און זי איז אַהין אוועק זיך אָנפרעגען.



עליזא און איהר קינד.

דיווירטהין וועלכע איז געווען בעשעפטיגט מיט'ן קאָכען דעם אבענד־ברויט, האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט א גאָפּעל אין האנד ווען זי האָט דערהערט די אנגענעהמע, טרויעריגע שטימע און געזעהען דעם סימפּאטישען פּנים פון עליזא'ן.

— וואָס ווינשט איהר? האָט זי געפרעגט.

— איז דאָ ניטאָ א פעררי אָדער א שיפעל וואָס פיהרט אריבער מענשען אויף דער אנדערער זייט, נאָך ב—?

— ניין, איצטער ניט. די שיפען געהען ניט וועגען דעם אייז.

די פרוי האָט געמערקט עליזא'ס פערצווייפעלטען בליק און האָט מיט א פראגענדע שטימע געזאָגט:

— איהר ווילט אוודאי אריבערפאָהרען? איז ווער קראנק? איהר שיינט זעהר אונרוהיג צו זיין.

— איך האָב א קינד, וואָס איז אין גרויסער געפאהר, האָט עליזא געענטפערט. איך האָב זיך ערשט נעכטען ביינאכט דערוואוסט דערפון און איך בין היינט געגאנגען א שטיק וועג אום צו קומען צו דער פעררי.

— וועל, עס איז טאַקע זעהר ניט גוט, האָט געזאָגט די פרוי, ביי וועלכער עס האָט זיך ערוועקט א מוטערליכע סימפּאטהיע. עס טהוט מיר ווירקליך לייד. „סאָלאָמאָן!” האָט זי אויסגערופען דורכ'ן פענסטער.

פון א קליינעם הייזעל אין הויף איז ארויסגעקומען א מאן אין א לעדערנעם פארטוך און זעהר שמוציגע הענד.

— זאָג נאָר, סאָל, האָט זי צו איהם געזאָגט, וועט דער מאן היינט ביינאכט אריבערפיהרען די פעסלעך?

— ער האָט געזאָגט, אז ער וועט פּרובירען ווען עס וועט זיך נאָר לאָזען, האָט ער געענטפערט.

— דאָ ארונטער איז דאָ אַ מאן וועלכער וויל היינט אריבער־פאָהרען אויף יענער זייט מיט וואארע, האָט די פרוי צו עליזא'ן גע־זאָגט. ער דארף היינט קומען צו אבענד־ברויט. זעצט זיך און ווארט. וואָס פאר א ליעבליכער אינגעלע, האָט זי צוגעזעצט, און האָט איהם דערלאנגט א קוכען.

אָבער דאָס קינד איז געווען זעהר מיעד און האָט געוויינט.

— אָרימעס קינד, האָט עליזא געזאָגט. ער איז ניט געוויינט צו געהן און איך האָב איהם אזוי געיאָגט.

— וועל, נעהמט איהם אריין אין דיעזען צימער, האָט די פרוי געזאָגט עפענענדיג א טהיר פון א קליינעם שלאָפצימער, וואו א בעקוועמע בעט איז געשטאַנען. עליזא האָט אריינגעלייגט דאָס מיעדע קינד אין בעט און האָט אזוי לאַנג געהאלטען זיין האנד אין איהרע ביז ער איז אנשלאָפען געוואָרען. פאר איהר איז קיין רוהע ניט געווען. דער געדאַנקען וועגען איהרע פערפאָלגערס האָט זי אונרוהיג געמאַכט. זי איז געזעסען לעבען פענסטער און האָט געקוקט מיט א הייסען פערלאַנג אויף יענער זייט טייך, וואו די פרייהייט האָט אויף איהר געוואַרט.

דאָ מוזען מיר זיך מיט איהר געזעגענען אויף א ווײַלע און זיך אומקעהרען צו איהרע פערפאָלגערס.

---

כאָטש מיסעס שעלבי האָט פערשפּראָכען אז דער מיטאָג וועט שנעל דערלאַנגט ווערן אויפ׳ן טיש, האָט מען דאָך געזעהען אז מען איילט זיך ניט דאָס צו טהאָן. האלעי האָט אפילו אליין געהערט ווי די בעפעהלען זיינען געגעבען געוואָרען אז טאַנטע קלאָע זאָל זיך צואיילען, פון דעסטוועגען האָט זיך יעדערער בעוועגט זעהר לאַנגזאם

עפעס האָבען אַלע דיענסטען און דיענער געפיהלט אז היינטיגען מאָל וועט זיך מיסעס שעלבי ניט בייזערן ווען זיי וועלען זיך ניט אזוי איילען ביי׳ן מיטאָג. עס האָט אויך ניט אויסגעמאַכט, אז איינער האָט אויסגעגאָסען א קריגעל וואסער און האָט געמוזט געהן נאָך אנדערען. אנאנדערער האָט צובראָכען א פּאָאר גלעזער, טאַנטע קלאָע האָט גע׳טענה׳נעט אז די פלייש איז נאָך רוי. נאָר האלעי איז ארומגעלאָפען אונרוהיג ווי אויף שפּילקעס.

ווען טאַנטע קלאָע האָט געזעהען ווי האלעי טאַנצט ארום ווי א ווילדער, האָט זי געזאָגט :

— זעהר רעכט אויף איהם ! ער וועט אויך אמאָל פיהלען די צרות וואָס ער שאַפט פאר אנדערע.

— ער וועט געוויס געהן אין העלל אריין ! האָט דער קליינער דזשייק געזאָגט.

ער פערדיענט עס כשר, האט טאנטע קלאָע געזאָגט מיט צאָרן. ער האט צוברֿאָכען פיעלע הערצער און איך זאג אייך אז דערפאר וועט ער בעצאָהלט ווערן.

דער מיטאג איז ענדליך דערלאנגט געוואָרען צום טיש און אלע דיענער זיינען געווען פערזאמעלט ביי טאנטע קלאָע אין דער קיך.

— ברענט ניט אזעלכער אייביג אין העלל ? האט ענדי געזאָגט.

— גאנץ געווים, האט זיך דער קליינער דזשייק אָפּגערופען, און איך וואָלט עס זעהר וועלען זעהען.

— קינדער, האט אָנקעל טאָם געזאָגט אריינקומענדיג ווען ער האט געהערט זייער געשפּרעך, איהר ווייסט ניט וואָס איהר רעדט. אייביג איז א שרעקליכעס וואָרט. מען דאַרף עס ניט ווינשען אפילו דעם ערגסטען מענשען.

— מיר ווינשען עס אויך קיינעם ניט, נאָר די שקלאווענהענדלער. זיי מעג מען עס ווינשען, האט ענדי געזאָגט.

— די נאַטור אליין איז אויפגעבראכט געגען זיי, האט טאנטע קלאָע געזאָגט. רייסען זיי ניט אוועק זייגעדיגע קינדער פון דער מוטער'ס ברוסט זיי צו פערקויפען ? רייסען זיי ניט פאנאנדער מאן און פרוי ? האט זי וויינענדיג צוגעזעצט. איז עס ניט דאָס זעלבע ווי זיי צו הרג'ענען ? און דערביי עסען זיי און טרינקען, רויכען און מאכען זיך בעקוועם. אַך, גאָט ! ווען דער טייוועל נעהמט זיי ניט, ווייס איך ניט צו וואָס ער טויג. דערביי האט טאנטע קלאָע פערדעקט דעם פּנים מיט'ן פארטוך און האט ביטערליך געוויינט.

— בעט גאָט פאר די וואָס טהוען דיר אָן יסורים, אזוי זאָגט די הייליגע ביבעל, האט אָנקעל טאָם געזאָגט.

— בעטען פאר זיי ! האט זיך טאנטע קלאָע אָפּגערופען ; מיין גאָט, דאָס איז שוין צו פיעל. איך קען פאר זיי ניט בעטען.

— דאָס איז א נאַטור זאך, האט אָנקעל טאָם געזאָגט, און די נאַטור איז שטארקער, אָבער גאָט'ס גנאָד איז שטארקער פאר דער נאַטור. דו דארפסט וויסען וואָס אזא נפש וועט שפּעטער בעצאָהלען פאר זיינע שרעקליכע טהאטען, דו דארפסט דאנקען גאָט וואָס ער האט דיך ניט בעשאפען פאר אזא מענשען. איך וויל בעסער צעהן טויזענד מאָל פערקויפט ווערן איידער צו האָבען זיינע עבירות און דערנאָך פאר זיי בעצאָהלען.

— איך אויך אזוי, האָט דזשייק געזאָגט. וועלען מיר דאָרטען ניט קריגען מיט די ריטער?

ענדי האָט געצויגען מיט די אַקסלען און האָט געגעבען א פּייף.

— איך בין צופריעדען וואָס דער מאַסטער איז היינט אין דער פריה ניט אוועקגעפאָהרען, האָט טאָם געזאָגט. דאָס וואָלט מיר מעהר וועה געטהאָן ווי דער פערקויפען. עס קען זיין אז ער וואָלט זיך דערפון גאָרניט געמאַכט, אָבער מיר וואָלט עס געווען שמערצליך, דען איך קען איהם צייט ער איז געווען א פּיצעל קינד. אָבער יעצט, אז איך האָב איהם געזעהען איז מיר עטוואָס לייכטער. דער מאַסטער האָט זיך אַנדערס ניט געקענט העלפען; ער האָט געהאַנדעלט ריכ־טיג. אָבער איך האָב מורא אז אלעס וועט דאָ געהן צו גרונד, ווען איך וועל דאָ ניט זיין. ער וועט דארפען זיין איבעראַל און ער איז דערצו ניט געוויינט. אַזוי פלעגט ער זיך פערלאָזען אויף מיר. די יונגען זיינען אפילו אַלע טריי, אָבער זיי זיינען זעהר נאַכלעסיג און מען קען זיך אויף זיי ניט פערלאָזען.

דאָ האָט געקלונגען דער גלעקעל אז טאָם זאָל אריינקומען אין זאַל.

— טאָם, האָט זיין מאַסטער געזאָגט פריינדליך, דו זאָלסט ווי־סען, אז איך לייג איין ביי דיעזען העררן א וועקסעל אויף טויזענד דאָלאַר מיט דעם תנאי, אז ער האָט א רעכט פון מיר צו מאָהנען די־זע גנלד ווען דו וועסט ניט זיין אויפ'ן פּלאַץ ווען ער וועט דיך רופען. ער געהט יעצט אוועק וועגען זיינע אנדערע געשעפטען און דו קענסט האָבען דעם טאָג פריי פיר זיך אליין. דו קענסט היינט געהן וואוהין דו ווילסט.

— א דאַנק אייך, מאַסטער, האָט טאָם געענטפערט.

— און גיב אכטונג, האָט דער שקלאַווענהענדלער געזאָגט, אז דו זאָלסט ניט ווייזען דיין מאַסטער עפּעס א נעגערשען שפּיצעל, דען איך וועל ביי איהם צונעהמען יעדען סענט ווען איך געפין דיך ניט אויפ'ן פּלאַץ. ווען ער וואָלט מיר פאָלגען וואָלט ער אייך קיינעם ניט געטרויט, דען איהר גליטשט זיך ארויס ווי די שלייען.

— מאַסטער, האָט טאָם געזאָגט זיך אויסגלייכענדיג און רעדענ־דיג צו מר. שעלבי, איך בין געווען אַלט אכט יאָהר ווען אייער מו־

טער איז צו מיר צוגעקומען און האָט אייך ארייגגעלייגט צו מיר אין די אָרעמס. איהר זייט דאן נאָך ניט געווען קיין יאָהר אַלט. „טאַם, האָט זי געזאָגט, האַלט איהם און פּאַס אויף איהם אויף. ער וועט אַמאָל זיין דיין מאַסטער.״ יעצט, מאַסטער, פרעג איך אייך, האָב איך ניט געהאַלטען מיין וואָרט, אָדער האָב איך עפּעס געטהאָן גע־גען אייער ווילען, איבערהויפּט צייט איך בין געוואָרען אַ קריסט?

מר. שעלבי איז געוואָרען זעהר גערירט און טרעהרען האָבען זיך בעוויזען אין זיינע אויגען.

— מיין גוטער טאַם, האָט ער געזאָגט, גאָט איז מיין עדות, אַז דאָס וואָס דו זאָגסט איז אמת, און ווען איך וואָלט געווען בכח דיר צו העלפען, וואָלטען אַלע עשירות אין דער וועלט דיך ניט געקענט קויפען.

— און אַזוי זיכער ווי איך בין אַ קריסטין, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט, וועסטו אויסגעלייזט ווערען, אַזוי באַלד ווי איך וועל האָ־בען די מיטלען דערצו, „מיין הערר, האָט זי געזאָגט צו האַלעי. פּאַסט גוט אויף, צו וועמען איהר פערקויפט איהם און לאָזט מיר וויסען.״

— ביי גאָט, דאָס וועל איך טהאָן, האָט דער הענדלער געזאָגט. עס קען זיין, אַז אין אַ יאָהר ארום וועל איך איהם ברענגען אין דעם זעלביגען גוטען צושטאַנד און וועל איהם אייך פערקויפען צוריק און ער וועט זיין דערזעלבער ווי איצטער.

— איך וועל איהם ביי אייך קויפען און אייך נאָך געבען אַ פּראָ־פיט, אַז איהר וועט זיין צופריעדען, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט.

— געוויינליך, האָט דער שקלאַווענהענדלער געזאָגט, איז מיר אַלץ איינס, אבי מסחר. אַלעס וואָס איך וויל איז צו מאַכען אַ לעבען, מאַדאַם, און דאָס וויל דאָך יעדערער פון אונז.

מר. און מיסעס שעלבי האָבען זיך געפיהלט געקריינקט און ער־נידריגט פון דעם שקלאַווענהענדלערס אונפערשעהמטהייט, דאָך האָבען זיי געמוזט אונטערדריקען זייערע געפיהלען. וואָס מעהר יע־נער האָט זיך געצייגט אייגענגוציג און געפיהללאָז אַלץ גרעסער איז געוואָרען מיסעס שעלבי׳ס אנגסט פאַר עליזא׳ס און איהר קינד׳ס שיקזאַל. זי האָט אַלזאָ געדאַרפט אַנווענדען איהר גאַנצע פרויענ־שפּיציגקייט וואָס לענגער צוריק צו האַלטען דעם שקלאַווענהענדלער.

זי האָט אַלזאָ גנעדיג צו איהם געשמייכעלט און איז געווען מיט איהם פריינדליך, אז ער זאָל ניט בעמערקען ווי די צייט געהט אוועק.

צוויי אַ זייגער האָבען סעם און ענדי געבראכט די פערד צו די סלופּעס. ווי עס האָט געשיינט האָבען זיך די פערד אין גאנצען ערהאָלט פון דער פריה־מאָרגענדיגער ארומיאָגעריי.

סעם איז נאָר וואָס געקומען פון מיטטאָג מיט פרישע קרעפטען און איז געווען בערייט צו בעדיענען. אין דעם איז האַלעי צוריקגעקומען.

— ווי איך זעה האָט אייער מאַסטער קיין הינט ניט, האָט האַלעי געזאָגט פערטראַכט, און האָט געוואָלט ארויפשטייגען אויפ'ן פערד.

— אויב דער מאַסטער האָט הינט! האָט סעם אויסגערופען מיט טריאומף. זעהט איהר אָט דעם ברונאָ? ער ברומט ווי אַ לייב! אויסער דעם האָט יעדערער פון אונזערע נעגער ביי זיך אַ הינטעלע.

— געה צום שווארץ יאָהר! איך פרעג דיך אויב דיין מאַסטער האָלט הינט אויף נאָכצויאָגען נעגערס.

סעם האָט גאַנץ גוט געוואוסט וואָס ער האָט געמיינט, אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג. אויף די לעצטע פראַגע האָט ער געענטפערט מיט איין ערנסטען טאָן:

— אונזערע הינט זיינען זעהר גוטע שמעקערס. און איך דענק אז אַזעלכע הינט מיינט איהר. די גאנצע זאַך איז, אז זיי האָבען נאָך קיין מאָל ניט פּרובירט נאָכלויפען נאָך נעגערס. זיי זיינען זעהר פלינק צו יעדער זאַך, אַזוי ווי מען לאָזט זיי נאָר ארויס. דערביי האָט ער אַ פייף געטהאָן און האָט אויסגערופען: „אהער, ברונאָ!" צום גרויסען ניופאונדלענדער הונד, וועלכער איז צו איהם גלייך צוגעלאָפען און האָט פריינדליך געשאָקעלט מיט'ן עק.

— געה, ווער געהאַנגען! האָט האַלעי געזאָגט ארויפשטייגענדיג אויפ'ן פערד. יעצט קום, ריהר זיך.

סעם האָט געגעבען אַ טאַנץ און איז ארויף אויפ'ן פערד. ער האָט דערביי אָנגעקוקט ענדי'ן, וועלכער איז שוין אויך געזעסען אויפ'ן פערד, מיט אַזאַ בליק, דאָס יענער האָט ארויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער. דאָס האָט נאַטירליך צורייצט האַלעי'ן און ער האָט צו איהם געגעבען אַ מאַך מיט'ן בייטש.



טאָם זאָן מר, און מיסיס שעלבי און האַלעי.

— וואָס איז מיט דיר, ענדי! האָט סעם געזאָגט מיט איין ערנסטען טאָן. דאָס איז זעהר איין ערנסטע זאַך און דו דאַרפסט דערפון ניט מאַכען קיין שפּאס. ניט אַזוי דאַרף מען העלפען דעם מאַסטער.

— איך וועל נעהמען דעם גלייכען וועג צום טייך, האָט האַלעי געזאָגט, ווען זיי זיינען געווען ביים ענדע פון שעלבי'ס פאַרם. איך קען דעם וועג גאַנץ גוט.

— זעהר ריכטיג, האָט סעם געזאָגט, מאַסטער האַלעי טרעפט די זאַך צום פּונקט. אָבער עס זיינען דאָ צוויי וועגען צום טייך. איינער איז דער ווייכער און דער צווייטער איז דער לאַנד־וועג, וועלכען ווילט איהר נעהמען?

ענדי האָט תמ'עוואַטע געקוקט אויף סעם'ען און האָט זיך געוואונדערט וואו ער האָט גענומען די נייע ידיעה וועגען די צוויי וועגען.

— איך, האָט סעם פאָרטגעזעצט, וואָלט גענומען דעם בלאָטיגען וועג, דען איך דענק אַז ליזי האָט איהם געמוזט נעהמען, ווייל ער ווערט ווייניגער בענוצט.

כאָטש האַלעי איז געווען אַ דורכגעטריעבענער חברה־מאַן און האָט ניט געגלויבט אין ווערטער, איז איהם דאָך דיזע מיינונג געפעהלען געוואָרען.

— ווען איהר וואָלט ביידע ניט געווען אַזעלכע פערפלוכטע ליגנערס! האָט ער געזאָגט נאָכדענקענד און האָט זיך אויף אַן אויגענבליק פערטראַכט.

האַלעי'ס פערטראַכטקייט האָט אַזוי אַמוזירט ענדי'ן, דאָס ער האָט זיך געמוזט איינהאַלטען מיט אַלע כחות ניט אַרויסצופּלאַצען מיט אַ געלעכטער. ער איז דערביי שיעור ניט אַראָפּגעפאַלען פון פערד. סעם האָט אָבער דערביי געטראָגען זיין ערנסטע מיענע אַזוי ווי ניט איהם מיינט מען עס.

— געוויס, האָט סעם ווייטער געזאָגט, קען דער מאַסטער טהאָן ווי ער וויל. ער קען נעהמען דעם גלייכען וועג, ווען ער דענקט, אַז דאָס איז דער בעסטער. אונז איז עס אַלץ איינס. ווי איך דענק איצטער נאָך, שיינט מיר אַז דער גלייכער וועג איז דער בעסטער.

— זי מוז נאַטירליך געהן אויף אַן איינזאַמען וועג, האָט האַ־

לעי צו זיך געזאָגט און האָט זיך געמאַכט ניט הערענדיג וואָס סעם האָט געזאָגט.

— עס איז ניטאָ וואָס צו ריידען, האָט סעם געזאָגט, די פרויען זיינען מאָדנע ; זיי טהוען קיין מאָל ניט דאָס וואָס איהר דענקט אז זיי דארפען טהאָן, און זעהר אָפט גראד דאָס געגענטהייל. די פרויען זיינען בעשאַפען צו טהאָן פערקעהרט. און דערפאר טאקע, ווערהענד איהר דענקט אז זיי האָבען געדארפט געהן מיט דעם וועג, זאָלט איהרי געהן מיט דעם אַנדערן און איהר קענט זיין זיכער, אז איהר וועט זיי דאַרטען געפינען. נאָך מיין אייגענער מיינונג האָט ליזי געדארפט נעהמען דעם בלאָטיגען וועג, דערפאר דארפען מיר געהן מיט'ן גלייכען וועג.

דיעזע טיעפע מיינונג וועגען פרויען האָט ניט געשיינט צו זיין אזוי איבערצייגענד פאר האלעי, אז ער זאָל נעהמען דעם גלייכען וועג און ער האָט געזאָגט :

— איך האָב אויך שטודירט דיעזען פּלאַן און עס איז ביי מיר געבליעבען ניט צו נעהמען דעם גלייכען וועג. ער האָט דערביי גע־פרעגט סעם'ען ווי וויט זיי האָבען נאָך ביז דעם וויכען וועג.

— ניט וויט, האָט סעם געענטפערט. ער האָט דערביי געגע־בען אַ געהיימען וואונק צו ענדי'ן און האָט פאַרטגעזעצט מיט איין ערנסטע שטימע : איך וואָלט ניט געהן מיט דיעזען וועג, דען ער איז איינזאם און מיר קענען נאָך פערבלאָנדזענען גאָט וויס וואוהין.

— פון דעסטוועגען, האָט האלעי געזאָגט, וועל איך געהן מיט דיעזען וועג.

— איך האָב געהערט אז וויטער ארויף איז דער וועג פערצאַמט ביי'ם טייכעל און מען קען דאַרטען ניט אריבער מיט פערד. ניט אמת, ענדי ?

ענדי האָט געענטפערט, אז ער האָט עס אויך געהערט, אָבער אויף זיכער וויס ער ניט, דען ער איז דאָ קיין מאָל ניט געוועזן.

האלעי, וועלכער איז געוועזן געוויינט צו מאַכען פּשרות צווישען גרויסע און קליינע ליגנערס, האָט גע'פּסק'ענט, אז דער וויכער וועג איז דער בעכטער. ער האָט געשיינט צו בעמערקען, אז זיין בעשלום האָט געמאַכט אַ שווערען איינדרוק אויף סעם'ן. דאָס האָט איהם נאָך מעהר בעוויעזען אז ער האָט גענומען דעם ריכטיגען וועג,

און ווען סעם האָט איהם געציינגט וואו ער איז, איז ער גלייך אוועק־ געריטען אהין. סעם און ענדי האָבען נאָכגעפּאָלגט.

דיעזער ווייכער וועג איז אמאָל זעהר פיעל בענוצט געוואָרען, אָבער צייט מען האָט געמאַכט דעם נייעם וועג איז ער פערלאָזען גע־ וואָרען און מען פלעגט זעלטען אויף איהם פאָהרען. אויף דיעזען גאַנצען וועג ביז'ן טייך האָט מען אין פיעלע פּלעצער אויפגעבויט פּארמס און זיי פערצויגען מיט פּארקאַנעס.

— יעצט, זאָג איך אייך, אז איהר זאָלט זיך היטען, ווארים איך קען אייך. אייערע פערפלוכטע ליגענס וועלען מיך ניט אראָפּפיהרען פון דיעזען וועג. איהר זאָלט האַלטען אייערע מיילער!

— דער מאַסטער קען געהן אין זיין אייגענעם וועג, האָט סעם געזאָגט מיט איין אונטערטהעניגען טאָן, דערביי האָט ער געוואונקען צו ענדי'ן און יענער האָט וויעדער שיעור ניט ארויסגעפּלאַצט אין א געלעכטער.

סעם איז געווען זעהר גוט אויפגעלייגט; ער האָט געקוקט אין אלע זייטען און האָט געשיינט עפּעס צו זוכען. אלע ווייל פלעגט ער אויסרופען אין דער הויך: „ענדי, זעהסטו ניט דאָרטען א פרוי'ס הוט"? „איך וואָלט שווערען, אז דאָס איז ליזי." דאָס פלעגט מאַכען האַלעי'ן אלע מאָל אויפטאַנצען.

נאָכדעם ווי זיי האָבען אַזוי געריטען געגען א שטונדע, זיינען זיי מיט אמאָל ארויף אויף א גרויסען הויף מיט שייערן, וועלכער האָט בעלאַנגט צו א גרויסער פּארם. קיין לעבעדיגען מענשען האָט מען דאָרטען ניט געזעהען, ווייל אלע זיינען געווען אין פעלד. אַזוי ווי דער הויף איז געשטאַנען איבער'ן גאַנצען מיטען פון וועג און האָט איהם אָפּגעשפּאַרט, האָט מען ווייטער ניט געקענט פאָהרען.

— האָב איך אייך דאָס ניט געזאָגט, מאַסטער? האָט סעם געזאָגט מיט א מיענע ווי איינער וואָס געפינט זיך אומזיסט בעשול־ דיגט. ווי קען א פרעמדער מעהר וויסען פאר איינעם וואָס איז אין דער געגענד געבאָרען און אויפגעוואקסען?

— דו זשוליק! האָט האַלעי אויסגערופען, דו האָסט עס אלעס געוואוסט!

— האָב איך אייך ניט געזאָגט, אז איך וויים און איהר האָט ניט געוואָלט גלויבען? האָב איך אייך ניט געזאָגט, אז אלעס איז פער־

שפּאָרט און פערצאַמט און מיר וועלען ניט קענען דורכגעהן ? ענדי האָט עס אַליין געהערט.

עס איז אַלעס געווען זעהר ריכטיג, און האַלעי האָט זיך געמוזט אונטערגעבען. מען האָט זיך געמוזט אומקעהרען און נעהמען דעם לאַנד־וועג.

נאָך אַלע דיעזע אָפּהאַלטונגען איז עס מעהר ניט געווען ווי א דריי פערטעל שטונדע, זייט עליזא האָט אין דער דאָרף קרעטשמע אוועקגעלייגט איהר קינד שלאָפען, ווען די דריי רייטערס זיינען דאָר־טען אָנגעקומען. עליזא איז געשטאַנען נעבען פענסטער און האָט גע־קוקט אין אַן אנדער זייט ווען סעם'ס שנעלער בליק האָט זי בע־מערקט. האַלעי און ענדי זיינען געווען א פּאָאַר טריט הינטער איהם. אין דיעזען קריטישען מאָמענט האָט סעם געמאַכט אַז זיין הוט זאָל אַראָפּפאַלען און האָט געגעבען א מין קוויטש, וועלכען עליזא זאָל פערשטעהן. מיט איין קוק האָט זי געזעהען וואָס דאָ טהוט זיך און האָט געגעבען א שפּרונג צוריק פון פענסטער. דערווייל זיינען די דריי פערבייגעריטען דעם פענסטער און האָבען ארומג־ריטען צו דער פראָנט־טהיר.

אין דיעזען איין מאָמענט האָט עליזא בעקומען טויזענד לעבענס אין זיך. אין איהר צימער האָט זיך געעפענט א זייט טהיר צום טייך. זי האָט געכאַפּט דאָס קינד און איז מיט איהם אַראָפּגעשפּרונגען פון די טרעפּ. דער שקלאַווענהענדלער האָט זי דערזעהען אין דעם מאָמענט ווען זי האָט זיך גענעהענט צום ברעג. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד, און רופענדיג סעם און ענדי האָט ער גענומען לויפען נאָך איהר מיט אַלע זיינע כחות. עליזא איז דערווייל צוגעפלויגען צום טייך, וואו גרויסע שטיקער אייז זיינען ארומגעשוואומען, און אָהנע צו בע־דענקען דעם לעבענס־געפאַהר, איז זיי מיט א שרעקליכען געשריי ארויפגעשפּרונגען אויף א שטיק אייז אין טייך. אַזא טהאַט האָט גע־קענט אויסגעפיהרט ווערען נאָר אין שרעקליכער פערצווייפלונג. ניט ווילענדיג האָבען האַלעי, סעם און ענדי אויך אַרויסגעלאָזען געשרייען פון איבערראַשונג און האָבען אויפגעהויבען די הענד איבער די קעפּ צוזעהענדיג אַזא שרעקליכע סצענע.

דער גרויסער שטיק אייז, אויף וועלכען זי איז ארויפגעשפּרונ־גען, האָט זיך שטאַרק צושאָקעלט פון איהר געוויכט, אָבער זי איז



עליזא לויפט מיט איהר קינד אויפ׳ן אייז.

אויף איהם ניט געבליעבען שטעהן; מיט א גשריי און מיט פער־צווייפעלטער ענערגיע איז זי ארויפגעשפרונגען אויף אנאנדער שטיק אייז און דאן אויף נאך איינעם, זיך גליטשענדיג און שאקלענדיג אהן אן אויפהער, וואו דער קלענסטער פאלשער טריט וואלט זי גע־קענט בעגראבען מיט איהר קינד אין א וואסערדיגען קבר אויף אייביג. איהרע שיך זיינען אראפגעפאלען, איהרע זאקען זיינען צו־ריסען געווארען אויף שטיקער און בלוטיגע פלעקען זיינען איבערגע־בליעבען אויף די פלעצער וואו איהרע פיס זיינען געשטאנען. אבער זי האט גארניט גזעהען, גארניט געפיהלט, ביז זי האט, ווי דורך א טרוים, געזעהען ווי א מאן האט זי געפיהרט צום ברעג פון דעם טייך אהייא.

— זאל זיין ווער איהר זייט, האט דער מאן געזאגט, איהר זייט א בראווע פרוי!

עליזא האט דערקענט די שטימע און דאס געזיכט פון א מאן, וועלכער האט געהאט א פארם ניט ווייט פון איהר אלטער היים.

— אה, מר. סיממעס! רעטעט מיך! א רעטעט מיך! בע־האלט מיך! האט עליזא אויסגערופען.

— וואס זעה איך! האט דער מאן אויסגערופען אין איבעררא־שונג. ביזט דאך מר. שעלבי'ס דיענערין.

— מען האט פערקויפט מיין קינד, דיעזען אינגעלע. אט דאר־טען איז זיין מאסטער! און זי האט געצייגט מיט דער האנד צו דעם ברעג פון קענטאקי. אה, מר. סיממעס, איהר האט דאך אויך א קליי־נעם זוהן!

— געוויס האב איך, האט דער מאן געזאגט ארויפציהענדיג זי צום ברעג. — דו ביזט איין ארענטליכע און בראווע פרוי, און איך האב ליעב מענשען, וועלכע האבען אזא מוטה.

ווען זיי זיינען ארויף אויפ'ן ברעג האט זיך דער מאן אפגע־שטעלט.

— איך וואלט זעהר וועלען עפעס טהאן פאר דיר, האט ער גע־זאגט, אבער איך וויים ניט וואו איך זאל דיך נעהמען. דאס בעסטע וואס איך קען טהאן פאר דיר, איז דיר צו זאגען, אז דו זאלסט געהן א ה י ן. דערביי האט ער אנגעצייגט אויף א גרויסע ווייסע הויז, וועלכע איז געשטאנען פאר זיך אליין ניט ווייט פון דער הויפט גאס

אין דאָרף. געה אהין, זיי זיינען גוטע מענשען און זיי וועלען דיר געוויס העלפען. זיי טהוען עס אַלע מאָל.

— גאָט זאָל אייך בעצאָהלען פאר אייער גוטסקייט, האָט עליזא געזאָגט מיט הארץ.

— דאנק מיר ניט, דאנק מיר ניט. דאָס וואָס איך האָב געטהאָן איז ניט ווערטה קיין דאנק.

— אָבער, גוטער הערר, איהר וועט דאָך קיינעם ניט דער־ציילען!

— געה, דו נאַר! פיר וועמען האלסט דו מיך! געוויס ניט, האָט ער צוגעזעצט. געה, דו ביזט א פערשטענדיגע פרוי. דו האָסט פערדיענט דיין פרייהייט, און דו זאָלסט דאָס האָבען, דאָס זאָג א י ך דיר.

די פרוי האָט צוגעדריקט דאָס קינד צו איהר ברוסט און איז אוועק מיט פעסטע און שנעלע שריט. דער מאַן איז געשטאַנען און האָט איהר נאָכגעקוקט.

— שעלבי, וועט דאָס געוויס ניט בעטראכטען פיר א פריינדליכ־קייט פון מיר, האָט ער צו זיך געזאָגט, ווען ער וועט זיך דערוויסען וואָס איך האָב דאָ געטהאָן. ווען ער וועט כאַפּען מיינע א שקלאווין וועט ער מיר אָפּצאָהלען דאָס זעלביגע. אָבער וואָס קען איך העלפען; איך בין ניט קיין כאַפּער פאַר יענעם.

האלעי איז געשטאַנען ווי פערשטיינערט ווען ער האָט געזעהען ווי אזוי עליזא איז אריבער אויף יענער זייט טייך. ער האָט זיך אומ־געדרייט צו סעם און ענדי און האָט זיי אָנגעקוקט מיט א פראַגענדען בליק.

— דאָס איז געוועזען א שעהנע שטיקעל ארבייט, האָט סעם גע־זאָגט.

— די פרוי מוז אין זיך האָבען זיעבען טייוואָלים, האָט האלעי געזאָגט. אזא מין שפּרינגען קען נאָר א ווילדע קאַץ.

איך האָף, האָט סעם געזאָגט זיך קראַצענדיג דעם קאָפּ, אז דער מאַסטער וועט מיר פערצייהען וואָס מיר האָבען גענומען יענעם וועג. דענקט ניט אז דאָס קרענקט מיך ניט, האָט ער צוגעזעצט, און האָט דערביי הייזעריג געלאַכט.

— דו לאַכסט! האָט דער הענדלער געברומט,

— געזונד זאָלט איהר זיין, מאַסטער, איך האָב זיך ניט גע־קענט איינהאַלטען, האָט סעם געזאָגט און האָט זיך צולאַכט אויפ׳ן קול. זי האָט אויסגעזעהען אַזוי מאָדנע ווען זי איז געשפרונגען ווי א ציעג פון איין שטיק אייז אויפ׳ן אַנדערן. א שפרונג און א טאַנץ, אָה, גאָט, עס איז צום קראַנק לאַכען. און סעם און ענדי האָבען אַזוי לאַנג געלאַכט ביז טרעהרען זיינען ביי זיי געגאַנגען פון די אויגען.

— איהר וועט שוין ביי מיר לאַכען אויף אַן אַנדער שטייגער, האָט דער שקלאַווענהענדלער געשריען און האָט א מאַך געטהאָן מיט דער בייטש איבער זייערע קעפּ.

ביידע האָבען אויסגעמיעדען זיינע שמיץ און זיינען געלאָפען לאַכענדיג צו די פערד און האָבען זיך אויף זיי אַרויפגעזעצט נאָך איי־דער ער איז צוגעקומען צו זיין פערד.

— זייט געזונד, מאַסטער, האָט סעם אויסגערופען. מיר קע־נען דאָ לענגער ניט בלייבען, דען די מיסיס וואַרט אויף אונז. אי־בערהויפּט דאַרף זי דזשערי׳ן (דעם פערד) זי וואָלט ניט וועלען אַז די פערד זאָלען אַריבערפאָהרען ליזי׳ס בריק. דערמיט איז ער אַוועק און ענדי נאָך איהם. פאַר האַלעי׳ן איז נאָר געבליעבען צו הערען זייער שטאַרקען געלעכטער, וועהרענד זיי האָבען גאַלאָפּירט ווייטער.

---

אכטער קאַפּיטעל.

## עליזא׳ס ענטלויפען.

עליזא האָט געמאַכט איהר לעבענסגעפעהרליכען אַריבערגאַנג איבער׳ן טייך, ווען עס האָט שוין אָנגעפאַנגען צו ווערן טונקעל. דער גרויער אבענד טומאַן, וועלכער איז לאַנגזאַם אַרויס פון טייך, האָט זי אַרומגעוויקעלט ווען זי האָט זיך דערווייטערט פון ברעג און דער שטראָם מיט די גרויסע שטיקער אייז האָט זי אָפּגעשניטען פון איהרע פערפאָלגער. פאַר האַלעי איז אַלזאָ קיין אַנדערע זאַך ניט געבליעבען ווי צו געהן צוריק אין קרעטשמע און דאָרטען זיך רייטב זיין וואָס צו טהאָן. די פרוי האָט איהם אויפגעמאַכט א טהיר פון א קליינעם מעב־

לירטען זאָל. האַלעי האָט זיך אנידערגעזעצט און האָט נאָכגעטראַכט וועגען דעם וואָס האָט מיט איהם פּאַסירט.

— צו וואָס האָב איך געדאַרפט האָבען אַן עסק מיט דעם קליינעם נפש, און זאָל אַזוי דום אריינפאלען און מאַכען פון זיך חוזק, האָט ער צו זיך גע'טענה'ט. און ער האָט דערביי אַרויסגעלאָזען אויף זיך אליין אַ ים שימפּפווערטער, וואָס פּאַסען זיך ניט איבערצוגעבען.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שטימע פון אַ מאַן, וועלכער איז אַראָפּ פון אַ פערד ביי דער טהיר. האַלעי איז צוגעלאָפען צום פענסטער.

— אָט דאָס רוף איך אַ צופאַל! האָט ער אויסגערופען. ווער וואָלט עס געקענט גלויבען! דאָס איז דאָך טאָם לאָקער.

האַלעי איז גלייך אריינגעלאָפען אין דעם אנדערן צימער פון שיינק.

ביי דעם בופעט איז געשטאַנען אַ טונקעלער, שטאַרקער מאַן, אַ זעקס פוס די הויך און מיט ברייטע פּלייצעס. ער האָט געטראָגען אַ באַפאַלאָ פעלץ מיט די האָאָר אַרויף און דאָס האָט צוגעגעבען פיעל ווילדקייט צו זיין אויסזעהען. זיין פּנים האָט געטראָגען דעם אויס־דרוק פון אַ רוצח, וועלכער שרעקט זיך ניט אָפּ צו בעגעהן די גרעסטע מערדעריי. ווען מען שטעלט זיך פאָר אַ בייזע חיה אָנגעטהאָן אין מענשען קליידער — איז דאָס געוועזען דער מאַן. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ חבר מיט וועלכען ער האָט גערייזט, און וועלכער איז געוועזען דער הפך פון איהם. דאָס איז געוועזען אַ קליינער און מאַגערער מאַן מיט בעוועגונגען פון אַ קאַץ. זיינע שוואַרצע אויגען האָבען אַרומגע־טאַנצט און זיין לאַנגע דינע נאָז האָט אַרויסגעשטאַרטשעט פון פּנים ווי אַ שפּיעז וואָס וואָלט וועלען אַלעס דורכבויערן. דער גרויסער מאַן האָט זיך אָנגעגאָסען אַ היבשע גלעזעל ספּירט און האָט עס מיט איין מאָל אַרונטערגעשלונגען. דער קליינער האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פיס און האָט בעטראַכט די פלעשער; דאַן האָט ער מיט אַ דינער, קוויטשיגער שטימע זיך געהייסען געבען אַ גלעזעל משקה. ווען מען האָט איהם אָנגעגאָסען האָט ער אַ ווייל בעטראַכט די גלעזעל מיט אַ צופריעדענער מיענע, און האָט עס נאָך דעם גענומען זופען.

— ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז איך וועל האָבען אַזאַ גליקלי־

כען צופאל, לאָקער ! ווי געהט עס ? האָט האלעי געזאָגט צום גרויסען מאַן און האָט איהם געגעבען די האַנד.

— צום טייוועל ! האָט יענער געענטפערט, ווי קומסטו אהער, האלעי ?

דער קליינער מענשעל, וועלכער האָט געהייסען מארקס, האָט גלייך בעטראכט די נייע בעקאַנטשאפט און האָט אָנגעשפּיצט די אויערן.

— הער, טאָם, דאָס איז א גליקליכער צופאל פאר מיר וואָס איך האָב דיך דאָ געטראָפען. איך בין דאָ אריינגעקראָכען אין א טיעפער בלאָטע און איך וויל אז דו זאָלסט מיר העלפען ארויסקריכען.

— אָהאָ ! אין א נויטה דערקענט מען פריינד. וואָס איז שוין דאָרטען ? וואָס האָט שוין ווידער פּאסירט ?

— דו האָסט דאָ א פריינד, האָט האלעי געזאָגט צייגענדיג אויף מארקס'ן ; אוודאי א שותף ?

— יעס, אָט דאָס איז דער מאַן, מיט וועמען איך בין געווען אין שותפות אין נאַטשעז.

— עס פרייט מיך זעהר אייך צו קענען, האָט מארקס געזאָגט און האָט איהם דערלאַנגט זיין האַנד, וועלכע האָט אויסגעזעהען ווי א פיסעל פון א קראָע מיט איהרע לאַנגע נעגעל. איך גלויב עס איז מר. האלעי ? האָט ער צוגעזעצט.

— יעס, דאָס בין איך זעלבסט. און יעצט, מיינע העררען, אזוי ווי מיר האָבען דאָ אַן אנגענעהמען בעגעגענים וועלען מיר צוזאַמען עפּעס געניעסען. — וועל, אלטער, האָט ער געזאָגט צו דעם מאַן הינטער דעם בופעט, דערלאַנג אונז נאָר הייסע וואסער, צוקער, ציגארען און א שנעפּסיל, הערסטו !

ליכט זיינען אָנגעצונדען געוואָרען אין צימער ; דער פייער אין אויווען איז אָפּגעפרישט געוואָרען און די דריי תכשיטים האָבען זיך אוועקגעזעצט ביי א טיש מיט אלעם גוטען, און האלעי האָט אָנגעפאַנגען דערצעהלען זיינע צרות.

לאָקער האָט געשוויגען און האָט איהם אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט

מארקס האָט זיך דערווייל אָנגעגאָסען פּונש און האָט אלע וויילע כמעט אריינגעשטעקט זיין שפּיציגע נאָז אין האלעי'ס פּנים, אום ער

זאָל ניט פערלירען קיין וואָרט וואָס ער זאָגט. דער כוף פון דער געשיכטע האָט איהם איבערהויפט זעהר אמוזירט.

— אזוי, און איהר זייט אין אַ טיעפער בלאָטע ? האָט ער געזאָגט. עס איז קונציג אָפּגעארבייט געוואָרען. הא, הא, הא !

— עס איז אַ צרה'דיגע זאַך צו האָבען צו טהאָן מיט קליינוואַרג, האָט האַלעי געזאָגט מיט כעס.

— ווען מיר וואָלטען געקענט אויסהאָדעווען אזא סאָרט פרויען, וואָס זאָלען זיך ניט קימערן וועגען זייערע קינדער, וואָלט עס געווען אַ גרויסע טובה פאַר אונזער מסחר, האָט מארקס געזאָגט מיט אַ געלעכטער'ל.

— איך האָב קיין מאָל ניט געקענט גלויבען, אז פרויען, ביי וועלכע קינדער זיינען אַ לאַסט זאָלען זיך אזוי רייסען דעם פעלץ פאַר זיי. יעצט זעה איך, אז זיי טהוען דאָס. וואָס מעהר אַ קינד מאַכט זיי עגמת נפש און וואָס מעהר צרות זיי האָבען פון איהם, אַלץ מעהר ציהען זיי איהם צו זיך און אַלץ מעהר זיינען זיי זיך מוסר נפש פאַר איהם.

— וועלל, מר, האַלעי, איהר זאָגט דאָס וואָס איך וויים און וואָס איך האָב אַלע מאָל געוואוסט. ווען איך בין געווען אין דעם שקלאַ־ווענהאַנדעל האָב איך געהאַט אַ שקלאַווין. זי איז געווען אַ שעהנע און קלוגע נעגערקע און האָט געהאַט אַ קינד. מיר דאַכט זיך אז דאָס קינד האָט געהאַט אַ קרומען רוקען. וועל, ווען איך האָב די פרוי פערקויפט האָט דער קויפער ניט געוואָלט נעהמען דאָס קינד. האָט איהר געדאַרפט זעהען וואָס די נעגערקע האָט אָנגעגעבען ! זי האָט זיך געוואָרפען אַן דר'ערד, זי האָט זיך געריסען די האָאַר און האָט געמאַכט קולות, אַז זיי האָבען געקענט לעבעדיג מאַכען אַ טויטען. דאָס האָט מיר געוויזען, אַז גראַדע ווייל דאָס קינד איז געווען קראַנק, איז זי געווען מעהר צוגעבונדען צו איהם. פאַר מיר איז עס געווען אַ ווירקליך קאָמישע סצענע, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען ; די פרויען זיינען ווירקליך מאָדנע ברואים.

— דער זעלבער פאַל איז געווען מיט מיר, האָט האַלעי געזאָגט. לעצטען זומער, ווען איך בין געווען אונטען נעבען רויטען טייך, האָב איך געקויפט אַ שקלאַווין מיט אַ קינד. ווי עס האָט געשיינט איז דאָס קינד געווען געזונד און האָט געהאַט געזונדע שוואַרצע אויגען

אזוי ווי אייערע. ווען איך האב זיך אבער נעהנטער צוגערוקט, האב איך געזעהען אז דאס קינד איז געווען שטאק בלינד. וואס האב איך געזאלט טהאן? איך האב געגלויבט אז זיין מוטער וועט זיך ניט אפּעסען די הארץ ווען איך וועל איהם אוועקגעבען, האב איך איהם שטילערהייד אוועקגעגעבען פאר א פעסעל בראנפען. אבער ווען עס איז געקומען די צייט איהם צו נעהמען איז די מוטער געוואָרען א וואהרער טיגער. דאס איז געווען פונקט פאר'ן אבפאהרען מיט'ן שיף. מיין גאנצע באנדע נעגערס זיינען נאך ניט געווען געשמידט. פלוצלונג האט זי געגעבען א שפּרונג אויף איינעם פון מיינע לייט און האט ביי איהם ארויסגעכאפּט דעם האנף מעסער און האט אלעמען פעריאגט. דאן איז זי געבליעבען שטעהן, און ווען זי האט געזעהען, אז זי וועט גארניט אויספיהרען, האט זי געגעבען א שפּרונג צום טייך און איידער מען האט זיך אומגעקוקט איז זי אריינגעשפּרונגען מיט'ן קינד אין טייך און מען האט זי מעהר ניט געזעהען.

— עך, האט טאם לאקער געזאגט, וועלכער האט צוגעהערט די גאנצע געשיכטע מיט אונצופריעדענהייט, איהר זייט ביידע פאר־טאטשעס. ביי מיר מאכען ניט די נעגערקעס אזעלכע קונצען. איהר קענט זיך דערויף פערלאזען!

— אזוי! ווי קענסטו דאס פערהינדערן? האט מארקס גע־פרעגט מיט א גערייצטער שטימע.

— ווי איך קען דאס פערהינדערן! ווען איך קויף א נעגערקע מיט א קינד און איך וויל דאס קינד פערקויפען, געה איך צו איהר צו און נעהם זי אן פאר'ן האלז און זאג איהר: „אויב דו וועסט אויסרעדען א וואָרט וועל איך דיר צוברעכען דעם גניק. דאס קינד בעלאנגט צו מיר און דו האסט גארניט וואס צו זאגען. איך וועל דיין קינד פערקויפען ביי דער ערסטער געלעגענהייט, און אויב דו וועסט מאכען קונצען וועסטו פון מיר האבען אזוי פיעל, דאס דו וועסט פער־פלוכען דעם טאג וואס דו ביזט געבארען געוואָרען." איך זאג אייך, אז ווען די נעגערקעס הערען אזעלכע דיבורים פערגעהט זיי דער חשק צו מאכען משוגענע קונצען. ווען זיי פּרובירען דאס דאך, דאן — דא האט מר. לאקער אראפּגעלאזען זיין געוואלדיגען קולאק מיט אזא מאכט דאס אלע פלעשער און גלעזער האבען זיך צוטאנצט אויפ'ן טיש.

— אָט דאָס רוף איך ווערטער ! האָט מארקס געזאָגט שטור־בענדיג האַלעי'ן אין די זייט. טאָם איז א בריה א יונג, הא, הא, הא ! טאָם איז דער איינציגער, וועלכער קען דעם נעגער געבען צו פער־שטעהן אז ער, דער נעגער, האָט וואָל אויפ'ן קאָפּ. איך גלויב, טאָם, אז די נעגערס צווייפלען ניט אין דיינע ווערטער, ווען דו זאָגסט זיי עפּעס. און אויב דו ביזט ניט דער טייוועל אליין, ביסטו זיינער א ברודער.

טאָם האָט זיך צוגעהערט צו דיזע קאָמפּלימענטען און האָט גאָרניט געזאָגט. האַלעי, וועלכער האָט ניט געזשאַלעוועט די משקה אויפ'ן טיש און איז געווען אביסעל אונטערגעוואָרעמט, האָט בעקו־מען עפּעס א מין מענשליכען געפיהל.

— וועל טאָם, האָט ער געזאָגט, דו ביזט נאָך אלץ אזא רשע ווי דו ביזט אמאָל געווען. געדיינקסטו ווען מיר זיינען געווען אין נאַטשעז און איך פלעג דיר זאָגען, אז עס איז גלייכער צו בעהאַנדלען די נעגערס בעסער, ווייל עס צאָהלט זיך בעסער. יעצט זאָג איך דיר אז עס איז נאָך דאָ א יענע וועלט אויך, וואו מען בעצאָהלט פאר די שלעכטע מעשים. ווייסטו דען דאָס ניט ?

— א פראגע אויב איך ווייס. מאך מיך ניט קראנק מיט דיינע פוסטע דבורים, מיין מאָגען קען זיי היינט ניט פערדייהען. ער האָט אויסגעטרונקען נאָך א גלאָז בראנפען דערביי.

— הער אויס, טאָם, האָט האַלעי געזאָגט מיט א וויכטיגער שטימע, זיך אויסציהענדיג אין זיין שטוהל, איך האָב אלע מאָל געשטרעבט צו מאכען וואָס מעהר געלט ; אָבער מסחר איז ניט אלעס און געלט איז אויך ניט אלעס. דער מענש האָט אויך א נשמה. איך האַלט פון רעליגיאָן און איך ווייס, אז עס וועט קומען א צייט ווען מען וועט דארפען געבען דין וחשבון פאר די מעשים, וואָס מען האָט בעגאנגען אויף דער וועלט. היינט צו וואָס דארף איך נאָך מעהר זינ־דיגען ?

— זאָרג פאר דיין נשמה, האָט טאָם געזאָגט מיט פעראַכטונג. נעהם א ליכט און זוך זי אין דיין גוף און זעה, אז זי זאָל ניט זינדי־גען. ווען דער טייוועל וועט זי זוכען וועט ער זי אויך ניט געפינען.

— וואָס איז מיט דיר, טאָם, האָט האַלעי געזאָגט, קענסטו זיך ניט בענעהמען בעסער, ווען מען רעדט צו דיר וועגען דיין טובה ?

— הער אויף מיט דיינע פוסטע רייד, האָט טאָם מיט כעס גע־ענטפערט. איך קען פערטראָגען אלע דיינע דומהייטען, אָבער ניט ווען דו ווערסט א גאָטספאָרכטיגער מאַן. דאָס מאַכט מיר דעם טויט. נאָך אַלעמען, וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען מיר און דיר? האָנדעלסטו בעסער פאר מיר? האָסטו בעסערע געפיהלען? עס איז נידערטרעכטיג צו וועלען אָפּנארען דעם טײַוועל און פערהיטען די אייגענע פעל.

— העי, העי, מיינע הערר׳ען, דאָס איז גאָר קיין געשעפט ניט, האָט זיך מארקס אריינגעמישט. עס געבען פערשיעדענע וועגען ווי צו קוקען אויף א זאך. מר. האַלעי איז אָהן צווייפעל זעהר א פיינער מאַן און האָט זיין אייגענעם געוויסען, און דו, טאָם, האָסט אויך דיינע וועגען, און טאַקע גוטע אויך, אָבער זיך קריעגען האָט קיין שום צוועק ניט. לאָמיר זיך נעהמען צו געשעפט. נו, מר. האַלעי, וואָס ווילט איהר? איהר ווילט, אז מען זאָל אייך באַפּען די שקלאַווין?

— עליזא נעהט מיך גאָרניט אָן. זי איז שעלבי׳ס. מיר גע־הערט דאָס קינד. איך בין א נאר וואָס איך האָב גאָר געקויפט דעם נפש.

— דו ביזט אין אַלעמען א נאר, האָט טאָם געברומט.

— הער שוין אויף, לאָקער, זאָל זיין געמוג, האָט מאַרקס גע־זאָגט. איך רעכען, אז מר. האַלעי וויל אונז געבען א גוטע שטיק ארבייט. דו זיי רוהיג. אויף דיעזען עסק בין איך א מאכער. אלזאָ, מר. האַלעי, ווי זעהט די פרוי אוים?

— וועל, זי איז ווייס און שעהן און גוט ערצויגען. איך וואָלט שעלבי׳ן פאר איהר געגעבען אכט הונדערט אָדער טויזענד דאָלאר און וואָלט נאָך געמאַכט אן איהר געלט.

— ווייס און שעהן, גוט ערצויגען, האָט מאַרקס איבערגע־חזר׳ט און זיינע שארפע אויגען האָבען געבלישצעט און דער שפּיצי־גער נאָז האָט זיך אויסגעצויגען. — זעה, לאָקער, דאָס איז איין אויסגעצייכענטע זאך פאר אונז! מיר וועלען זיי כאַפּען. דעם אינגעל וועלען מיר נאַטירליך אוועקגעבען האַלעי׳ן און די פרוי וועלען מיר אוועקפיהרען צום פערקויפען אין אָרליענס. איז עס ניט אויסגע־צייכענט!

טאָם, ביי וועמען דער גרויסער מויל האָט זיך געעפענט, ווען ער

האָט געהערט זיין שותּף'ס ערקלערונג, האָט פּלוצלונג צוזאמענגע־שטשימעט די ליפּען אַזוי ווי אַ הונד, וואָס כאַפּט אַ ביין און האָט איהם מורא אַרויסצולאָזען, און האָט זיך גענומען איבערלעגען.

— זעהט איהר מר. האַלעי, האָט מארקס געזאָגט, מישענדיג זיין הייסען פּונש, מיר האָבען ביי אַלע פּונקטען פון ברעג טייך ריב־טער וועלכע מאכען אָפּ אַלע אונזערע עסקים פיר אַ קלייניגקייט. ווען מיר האָבען וואָס צו פערקויפען בין איך דער אייגענטהימער און טאָם איז דער פערקויפער. איך טהו זיך אָן ווי אַ פּאַריץ מיט אַ ווייסער העמד און געפּוצטע שטיוועל. ווען איך קום צום ריכטער דערצעהל איך איהם אַ מעשה, אַז איך הייס מר. טוויקקעם און האָב אַ פּלאַנ־טאַציע מיט זיעבען הונדערט שקלאַווען. ווען איך פערקויף איינעם אָדער אַ פּאָאַר שקלאַווען, שווער איך אַז דאָס איז מיין נאָמען און שרייב אונטער די פּאַפּיערען. ווען איך קום צו אַנאַנדער ריכטער האָב איך אַנאַנדער נאָמען און שווער ווייטער. וואָס אַנבעלאַנגט זאָגען ליי־גען און פאַלש שווערן, ווייס איך ניט, אויב עס איז דאָ נאָך איינער אין גאַנצען לאַנד, וואָס זאָל זיך קענען גלייכען צו מיר. טאָם טויג צו די זאַכען ניט, ער איז נאָר אַ בריה אויף שלאָגען.—

טאָם לאָקער, וועלכער איז געווען שטיל ביז איצטער, האָט מארקס'ן אונטערבראָכען מיט אַ שטאַרקען קלאַפּ אין טיש. „גענוג גערעדט!" האָט ער אויסגערופען.

— גאָט איז מיט דיר, טאָם, צוברעך ניט די גלעזער! שפּאָר דיין קולאַק פאַר אַנאַנדער צייט.

— אָבער ליעבער פריינד, וואָס וועל איך האָבען פון דעם מסחר? האָט האַלעי געפרעגט.

— איז ניט גענוג, אַז מיר וועלען פאַר דיר כאַפּען דאָס קינד? האָט זיך טאָם אָבגערופען. וואָס ווילסטו נאָך מעהר?

— וועל, האָט האַלעי געזאָגט, ווען איך גיב דיר דעם עסק, איז עס דאָך עטוואָס ווערטה. לאָמיר זאָגען צעהן פּראָצענט פון דעם פּראָ־פיט, די הוצאות אַריינגערעכענט.

— אַזוי! האָט לאָקער אויסגערופען מיט אַ שטאַרקען פלוך און קלאַפּענדיג מיט זיין גראָבען פויסט אין טיש. קען איך דיך דען ניט, האַלעי! דענקסטו, אַז דו האָסט געטראָפען אַ נאַר! דענקסטו אַז איך און מארקס וועלען ווערען שקלאַווען־יעגער אום אַזאַ פּאַריץ צו

בעפריעדיגען און אליין זאָלען מיר גאָרניט האָבען ? עס הייבט זיך גאָרניט אָן ! מיר וועלען נעהמען די שקלאווין פאר זיך. און ווער וועט אונז גאָר שטערען צו נעהמעןביידע ? האָסטו אונז ניט געוויזען דעם וועג ? מיר מעגען זיך נעהמען דאָס זעלבע רעכט וואָס דו. אויב דו אָדער שעלבי ווילט אונז נאָכיאָגען, קענט איהר עס טהאָן, אָבער פערגעסט ניט מיטצונעהמען זאַלץ אונז אָנצושיטען אויפ'ן עק.

— אָה, וואָס רעדסטו, טאָם, האָט האַלעי געזאָגט א דערשראָקענער. זאָל זיין אַזוי ווי דו זאָגסט. ברענגט מיר דעם אינגעל און דער עסק איז געמאַכט. דו האָסט דאָך אַלע מאָל עהרליך געהאַנדעלט, טאָם.

— היינט וואָס דרעהסטו א מוח, האָט טאָם געזאָגט. איך האָב ניט דיינע פאַלשע וועגען. איך לאָז זיך ניט שטערען אין מיינע האַנדלונגען אפילו פון טייוועל אַליין. וואָס איך זאָג דאָס טהו איך. דאָס ווייסטו גוט, האַלעי.

— גאַנץ געוויס, גאַנץ געוויס, דאָס האָב איך געזאָגט, טאָם. און ווען דו וועסט מיר נאָר פערשפּרעכען, אַז דו וועסט קריגען דאָס קינד אין א וואָך ארום, און דו וועסט מיר אָנגעבען דעם פּלאַטץ וואו איך זאָל איהם אָפּנעהמען, וועט עס זיין אַלעס וואָס איך וויל.

— אָבער דאָס איז ניט אַלעס וואָס א י ך וויל, האָט טאָם געזאָגט. דו וועסט דאָך מיינען, האַלעי, אַז איך האָב מיט דיר געהאַט ביזנעס דאָרטען אין נאַטשעז אומזיסט ? איך פערשטעהע שוין ווי צו האַלטען א שלייען, ווען איך האָב איהם אין די הענד ! דו וועסט מוזען אַנידערלעגען פופציג דאָלאַר, זאָנסט וועט דער אינגעל זיך ניט ריהרען פון אָרט. איך קען דאָך דיך !

— וואָס איז די מעשה מיט דיר, טאָם ! איך גיב דיר אַן עסק וואָס קען דיר ברענגען א טויזענד אָדער פופצעהן הונדערט דאָלאַר רייַנעם פּראָפיט, איז דיר נאָך ניט גענוג ! טאָם, דו ביזט א בערייַסער, האָט האַלעי געזאָגט.

— אַזוי ! מיר האָבען ארבייט אויף פיעלע וואָכען אין פאָראויס א חוץ דיין עסק. ווען מיר זאָלען אונזערע עסקים אָוועקלעגען און זיך נעהמען צו דיינעם און יאָגען זיך נאָך דעם קינד און מיר וועלען די פרוי ניט כאַפּען, ווארום פרויען קען נאָר דער טייוועל כאַפּען. — וואָס וועט זיין דאַן ? וועסטו אונז בעצאָהלען ? אפילו

אַ סענט? איך זעה שוין ווי דו צאָהלסט. ניין, ניין, רוק זיך ארוים מיט די פופציג דאָלאר. אויב מיר וועלען אויספיהרען דעם עסק און מיר וועלען דערביי פערדיענען, קריגסטו דיין געלד צוריק. איז עס ניט עהרליך? וואָס זאָגסטו, מארקס?

— גאַנץ געוויס, גאַנץ געוויס, האָט מארקס אונטערגעכאַפּט מיט אַ טאָן פון אַ פּשרה־מאכער. דאָס הייסט נאָר טרחה־געלד. טאָם וועט אייך שוין ברענגען דעם אינגעל וואוהין איהר ווילט. ניט אזוי, טאָם?

— ווען איך וועל האָבען דעם אינגעל וועל איך איהם לאָזען ביי גרענני בעלטשער אין סינסינעטי, ביין ברעג פון טייך.

מארקס האָט ארויסגענומען פון בוזים קעשענע איין אלטען פער־שמוצטען טייסטער און האָט פון דאָרטען ארויסגעצויגען אַ לאַנגען פּאַפּיער. ער האָט אין איהם אריינגעקוקט און האָט געלעזען אונטער'ן נאָז: „בארנעס, שעלבי קאונטי, פאר דעם אינגעל דזשים דריי הונדערט דאָלאר, טויט אָדער לעבעדיג. עדווארדס — דיק און לוסי, מאַן און ווייב, — זעקס הונדערט דאָלאר; די פרוי פּאָלי מיט צוויי קינדער, זעקס הונדערט דאָלאר, פאר איהר אָדער איהר קאָפּ.״

— איך קוק דורך אונזער צעטעל, לאָקער. איך וויל וויסען אויב מיר קענען אָננעהמען האלעי'ס עסק אויך, האָט מארקס געזאָגט נאָך אַ קורצען שווייגען. יענע נאָכצויאָגען וועלען מיר שיקען עדעמס און ספּרינגער. זיי זיינען שוין ביי אונז אַ לייננגערע צייט אויפ'ן צעטעל.

— זיי ווילען צופיעל, האָט טאָם געזאָגט.

— דאָס וועל איך שוין זעהן. זיי זיינען נאָך יונג אין דעם גע־שעפט און דארפען ניט פערלאַנגען פיעל. האָט מארקס געזאָגט לע־זענדיג דעם צעטעל ווייטער. דריי פעלע זיינען דאָ זעהר לייכטע; אַלעס וואָס מען האָט צו טהאָן איז טויט צו שיסען אָדער שווערן, אז מען האָט זיי געשאָסען. פאר דעם קענען זיי דאָך ניט פערלאַנגען אַ סך געלט. די אנדערע פעלע, האָט ער געזאָגט צונויפלייגענדיג דעם פּאַפּיער, האָבען נאָך צייט. לאָמיר יעצט ריידען וועגען די אייני־צעלהייטען. אַלזאָ, מר. האלעי, האָט איהר געזעהען די שקלאווין ווען זי איז אריבער דעם טייך?

— גאַנץ געוויס! אזוי קלאָהר ווי איך זעה אייך.

— און ווי אַ מאַן האָט זי אַרויסגעפֿיהרט אויפ'ן ברעג ? האָט לאָקער געפֿרעגט.

— געוויס האָב איך עס געזעהען.

— נאַטירליך האָט מען זי געמוזט ערגעץ אַריינגעהמען, די פֿראַגע איז אָבער וואוהין ? וואָס דענקסטו, טאָם ?

— מיר מוזען היינטיגע נאַכט אַריבער דעם טייך, אָהן אַ שום תירוץ, האָט טאָם געענטפֿערט.

— אָבער עס געהט דאָך דאָרטען קיין שיף ניט, האָט מאַרקס געזאָגט. דער אייז שווימט אַרום און דער טייך איז געפֿעהרליך.

— דערפֿון וויל איך ניט וויסען; מיר מוזען אַריבער דעם טייך, האָט טאָם מיט פֿעסטקייט געזאָגט.

— וואָס רעדסטו, טאָם, גיעב נאָר אַ קוק אין דרויסען, עס איז פֿינסטער ווי אין אַ גרוב און איך גלויב —

— מאַך דאָס קורץ, מאַרקס, זאָג אַז דו האָסט מורא, אָבער עס וועט ניט העלפֿען; מיר מוזען געהן. ווען מיר וועלען פֿערוויילען אַ טאָג אָדער צוויי, וועט מען דערווייל די פֿרוי ערגעץ אַוועקפֿיהרען און מיר וועלען זי נאָכדעם ניט קענען געפֿינען.

— איך שרעק זיך גאָרניט, האָט מאַרקס געזאָגט, נאָר —

— נאָר וואָס ? האָט טאָם געפֿרעגט.

— וועגען אַ שיפֿעל. עס איז דאָך ניטאָ קיין שיף.

— איך האָב געהערט ווי די ווירטהין האָט געזאָגט, אַז אַ מאַן דאַרף היינט ביינאַכט קומען מיט אַ שיפֿעל און וועט מיט איהר אַרי־בער דעם טייך. עס קען זיין וואָס עס וויל, מיר מוזען אַריבער דעם טייך, האָט טאָם געענדיגט.

— האָט איהר גוטע הינט ? האָט האַליי געפֿרעגט.

— אויסגעצייכענטע, האָט מאַרקס געענטפֿערט. אָבער צו וואָס נוצט עס ? מיר האָבען פֿון איהר ניט קיין זאַך, וועלכע די הינט זאָ־לען קענען פֿריהער שמעקען.

— אָה, איך האָב ! האָט האַליי אויסגערופֿען מיט פֿרייד. אָט איז איהר שאַל, וועלכען זי האָט אין איילעניש איבערגעלאָזען אויפ'ן בעט, און אויך איהר הוט.

— דאָס איז זעהר גוט, האָט לאָקער געזאָגט, גיב נאָר אַהער.

— איך דענק, אז די הינט וועלען שעדיגען די פרוי, ווען זיי זאָלען אויף איהר פלוצלונג ארויספאלען, האָט האַליי געזאָגט.

— דאָס איז שוין א פראגע, האָט מארקס געזאָגט. אונזערע הינט האָבען דאָרטען, אין מאָביל, צוריסען א קערל אויף שטיקער איידער מיר האָבען צייט געהאַט זיי אָפצורייסען.

— זעהט איהר, דאָס וועט שוין ניט טויגען. ווען דער פרייז פון א זאך הענגט אָפּ דערפון ווי זי זעהט אויס, פערלירט זי דעם גאַנצען ווערטה ווען זי זאָל אויף א האָאַר בעשעדיגט ווערען, האָט האַ־לעי געזאָגט.

— עס איז ריכטיג, האָט מארקס געזאָגט. אויסער דעם אויב מען האָט איהר ערגעץ ארייננגענומען, וועט עס סיי ווי סיי ניט טוי־גען. הינט האָבען קיין ווערטה ניט אין יענע שטאַאַטען וואו מען בע־האַנדעלט די נפשות אזוי גוט. הינט זיינען נאָר גוט אין די פלאַנ־טאַציעס וואו מען העלפט ניט די נעגערס ענטלויפען, נאָר וואו מען העלפט זיי נאָך כאַפּען.

— וועל, האָט לאָקער געזאָגט, ווען ער איז צוריקגעקומען פון אנדערן צימער, וואו ער איז זיך געגאַנגען נאָכפרעגען; זיי זאָגען, אז דער מאַן איז געקומען מיט דער שיפעל. אלזאָ, מארקס —

— דיעזער עהרענמאַן האָט א וואָרף געטהאָן א טרויריגען בליק אויפ׳ן ווארימען צימער און די משקה אויפ׳ן טיש און האָט זיך לאַנג־זאַם אויפגעהויבען.

עס זיינען געוועקסעלט געוואָרען נאָך אייניגע ווערטער און האַ־לעי האָט מיט פערביסענע צייהן ארויסגענומען פופציג דאָלאַר און האָט זיי דערלאַנגט טאָם׳ען. דערויף האָבען זיך די דריי עהרענלייט געשיידעט.

אויב וועלכע פון אונזערע איידעלע פרומע לעזער זיינען געגען דער געזעלשאַפט, אין וועלכע דיעזע שילדערונג פיהרט זיי, בעטען מיר זיי אז זיי זאָלען אונטערדריקען דעם געפיהל פון צאָרן. די נעגער כאַפּעריי, מוזען מיר זיי זאָגען, איז שוין געוואָרען א געזעצליכע און פאַטריאָטישע פּראָפעסיאָן. ווען די ברייטע און ווייטע לאַנד צווי־שען דעם מיסיסיפּי און דעם פּאַסיפיק קען ווערן איין גרויסער מאַרק פון קערפּערס און נשמות און מענשען זאָלען קענען זיין א סחורה אין

דיעזען נייִנצעהנטען יאהרהונדערט, מעגען כאָפּערס און שקלאַווען־הענדלער זאָגאר בעלאַנגען צו אונזער אַריסטאָקראַטיע.

---

ווערענד דיעזע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּיעלט אין דער קרעטשמע זיינען סעם און ענדי געריטען אַהיים אין א זעהר פריילעכער שטימונג.

איבערהויפּט איז סעם געוועזען זעהר לוסטיג. ער האָט געשריען, געפייפט, געמאַכט קונצען אויפ'ן פערד און האָט געהאַלטען ענדי'ן א דרשה פאר וואָס ער האָט זיך געמאַכט אז ער קען קיין צוויי ניט ציילען, און דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט ביז זיי זיינען געקומען אַהיים. געגען עלף א זייגער זיינען זיי צוגעפאָהרען צו דער וועראנדא. מיסעס שעלבי איז גלייך ארויסגעלאָפען.

ביזטו עס, סעם ? וואו זיינען זיי ?

— מאַסטער האַלעי איז געבליעבען אין דער קרעטשמע, מיסיס, ער איז זעהר מיעד.

— און וואו איז עליזא ?

— זי איז אַריבער דעם ירדן און איז אין דעם לאַנד כנען, ווי אַנדערע רופען עס.

— וואָס מיינסטו דערמיט, סעם ? האָט מיסעס שעלבי האסטיג אויסגערופען, ניט גלויבענדיג איהרע אויערן וואָס זי הערט.

— וועל, מיסיס, גאָט בעשיצט וועמען ער האָט ליעב. ליזי איז אַריבער דעם טייך נאָך אַהייאָ, אַזוי מערקווירדיג, דאָס מען וואָלט געקענט מיינען, אַז גאָט האָט זי אַריבערגענומען אויף א פייערדיגען וואָגען מיט צוויי פערד.

סעם האָט אימער גערעדט מיט פרומע ווערטער, ווען ער האָט גערעדט צו דער מיסעס, און האָט אַלע מאָל בעגלייט זיינע רייד מיט ווערטער פון דער ביבעל.

— קום ארויף, סעם, האָט מר. שעלבי געזאָגט, וועלכער איז יעצט צוגעקומען צו דער וועראנדא, דערציייל דער מיסיס אַלעס. קום, עמילי, האָט ער צו איהר געזאָגט, ארומנעהמענדיג זי מיט'ן ארעם, דיר איז קאַלט און דו ציטערסט. דו נעהמסט זיך צופיעל צום הארצען.

— איך נעהם זיך צופיעל צום הארצען ! בין איך ניט א פרוי,

אַ מוטער ? זיינען מיר ניטביידע פערענטוואָרטליך צו גאָט פאַר דיעזע אַרימע פרוי ! מיין גאָט ! בעשולדיג אונז ניט אין דיעזער זינד.

— וואָס פאַר אַ זינד, עמילי ? זעהסטו דען ניט אַליין אַז מיר זיינען געווען געצוואונגען צו טהאָן וואָס מיר האָבען געטהאָן ?

— דאָך פיהל איך, אַז מיר האָבען בעגאַנגען אַן אונרעכט, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט. איך קען עס ניט גערעכט מאַכען.

— העי, ענדי, דו נעגער, ריהר זיך ! האָט סעם אויסגערופען אונטער דער וועראנדא. פיהר אריין די פערד אין שטאַל. הערסטו דען ניט ווי דער מאַסטער רופט ? דערויף האָט זיך סעם מיט אַ פּע־בער פון אַ פּאַלם־בלאַט אין האַנד געשטעלט ביי דער טהיר פון דעם גאַסט־צימער.

— איצטער, סעם, האָט מר. שעלבי געזאָגט, דערצייל אונז ריכטיג ווי די זאַך האָט פּאַסירט און וואו איז עליזא, ווען דו ווייסט ?

— וועל, מאַסטער, איך האָב געזעהען מיט מיינע אויגען ווי זי איז אריבער דעם טייך אויף די שווימענדע שטיקער אייז. עס איז געווען אַ וואונדערבאַרע זאַך. נאָר אַ נס האָט עס געקענט זיין. און איך האָב געזעהען ווי אַ מאַן פון יענער זייט טייך האָט זי ארויפגע־פיהרט אויפ'ן ברעג און זיינען ביידע פערשוואונדען אין דער פינ־סטער.

— סעם, דאָס קלינגט עפּעס ווי אַ באָבע מעשה. עס זיינען ניטאַ אַזעלכע נסים, אַז מען זאָל קענען אריבערגעהן אַ טייך אויף שווימענ־דע שטיקער אייז, האָט מר. שעלבי געזאָגט.

— אָהן גאָט'ס הילף קענען טאַקע אַזעלכע נסים ניט זיין, האָט סעם געענטפערט. די זאַך איז געווען אַזוי ; מאַסטער האַלעי, איך און ענדי זיינען אָנגעקומען אין דער קליינער קרעטשמע נעבען טייך. איך בין געפאָהרען אביסעל פאָראויס (ווייל איך האָב זעהר געוואָלט כאַפּען ליזי'ן) און איך האָב זי טאַקע געזעהען דער ערשטער. זי איז געשטאַנען נעבען פענסטער און האָט געקוקט אויפ'ן טייך. איך האָב געגעבען אַ קוויטש, אַז טויטע זאָלען זיך קענען אויפכאַפּען, זי האָט געזעהען וואָס דאָ איז און זי האָט דערלאַנגט אַ שפּרונג פון פענסטער גראָד אין דער מינוט ווען מאַסטער האַלעי איז דאָרטען פערביינגערי־טען. זי איז אַרויס פון דער הינטער טהיר און האָט גענומען פליהען

צום טייך. מאַסטער האַלעי האָט זי דערזעהען און מיט א געשריי האָט ער גענומען לויפען נאָך איהר. איך און ענדי האָבען איהר נאָכ־געפאָלגט, זי איז צוגעקומען צום ברויזענדען טייך אויף וועלכען גרויסע שטיקער אייז האָבען אַרומגעשוואומען און האָבען געמאַכט א שרעקליכען גערויש. עס האָט אויסגעזעהען ווי א בעוועגליכער אינזעל פון אייז. מיר זיינען שוין געווען ניט ווייט פון איהר און איך האָב שוין געדענקט אז אָט האָט ער זי, אָבער מיט א שרעקליכען געשריי האָט זי דערלאַנגט א שפּרונג פון ברעג און איז אַרויף אויף א שטיק אייז, וועלכער איז געווען צעהן פוס פון ברעג. דאַן איז זי אַרויף אויף אַנאַנדער שטיק אייז. און אזוי האָט זי געשריען און גע־שפּרונגען ווי א ווילדע ציג פון איין שטיק אייז אויפ'ן אנדערן. און עס האָט זיך געהערט דער טרעסקען פון אייז און דער שפּריצען פון דעם וואַסער בעגלייטעט פון איהרע שרעקליכע געשרייען. — אָט דאָס איז די ריכטיגע געשיכטע, און מיין מיינונג איז, אז אַזעלכע שפּרונגען וואָס ליזי האָט געמאַכט, האָבען נאָר געקענט זיין דורך א נס. דער־מיט האָט סעם געענדיגט.

מיסעס שעלבי איז געזעסען גאַנץ שטיל. זי איז געווען בלייך און אויפגערעגט בשעת סעם האָט דערציילט.

— געלויבט איז גאָט, וואָס זי איז ניט טויט, האָט זי געזאָגט. אָבער וואו איז די אָרימע קינד איצטער ?

— גאָט וועט זי בעשיצען, האָט סעם געזאָגט פערגלאָצענדיג די אויגען. אזוי ווי איך האָב געזאָגט, איז עס אָהן צווייפעל גאָט'ס האַנד אין דעם, ווי די מיסיס האָט אונז געלערנט. עס זיינען אימער דאָ שלוחים צו טהאָן גאָט'ס ווילען. ווען ניט איך, וואָלט מען זי שוין היינט צוואַנציג מאָל געכאַפּט. האָב איך ניט היינט אין דער פריה פערטריבען די פערד און זיי אַרומגעיאָגט ביז מיטאָג ? האָב איך ניט דעם גאַנצען אָבענד אַרומגעפיהרט מאַסטער האַלעי אויף פאַלשע וועגען ? ווען ניט איך, וואָלט מאַסטער האַלעי ליזי'ן שוין לאַנג גע־האַט.

— עס זיינען דאָ פּיעלע געטליכע זאַכען וואָס דו דאַרפסט זיך אין זיי ניט שטעקען, מאַסטער סעם. איך ערלויב ניט אַזעלכע זאַכען זאָלען פאָרקומען אין מיין הויז, האָט מר. שעלבי געזאָגט מיט א שטרענגען טאָן, וועלכער איז אין אמת'ן גאָרניט געווען שטרענג.

עס איז אומזיסט צו מאַכען א בייזע מינע געגען א נעגער אָדער א קינד, ווען זיי פיהלען אין הארצען אז איהר זייט ניט בייז. און סעם האָט זיך ווענינ איבערגעשראָקען פון זיין מאַסטערס ווערטער. ער האָט אָבער געוויזען א פּנים ווי איינער וואָס האָט געזינדיגט.

— דער מאַסטער האָט זעהר רעכט. איך האָב מיאוס געהאַנ־דעלט און נאַטירליך קען דער מאַסטער און די מיסיס ניט ערלויבען, אז דאָס זאָל ווידער פּאַסירען. וואָס קען איך אָבער העלפען? א זינדיגער נעגער קען א מאָל אויך ניט ביישטעהן דעם נסיון, ווען ער זעהט צו אַזעלכע האנדלונגען ווי מאַסטער האַלעי'ס? ער איז גאָר קיין עהרענמאַן ניט, און איינער וואָס האָט געהאַט אַזאַ ערציעהונג ווי איך, קען עס גלייכגילטיג ניט צוזעהען.

— וועל, סעם, אַזוי וויא איך זעה אז דו האָסט באמת חרטה אויף דיינע זינד, זאָלסטו געהן צו טאַנטע קלאָע און זי וועט דיר געבען די קאַלטע בראַטען וואָס איז געבליעבען פון היינטיגען מיטאַג. דו און ענדי זייט אוודאי הונגעריג.

— די מיסיס איז צו גוט צו אונז, האָט סעם געזאָגט און האָט זיך טיעף פערבייגט און איז ארויס פון צימער.

מען קען זעהן, און ווי עס איז שוין פריהער אָנגעדייטעט געוואָ־רען, אז סעם האָט געהאַט א געבאָרענעם טאַלאַנט, וועלכער וואָלט איהם געמאַכט גרויס אין פּאָליטישען לעבען. א טאַלאַנט צו ציהען נוצען פון אַלעם וואָס עס האָט זיך געמאַכט: איבערהויפּט צו טהאָן עפּעס אז זיינע בעלי בתים זאָלען מיט איהם זיין צופריעדען. — ווען ער האָט געזעהען, אז זיי זיינען צופריעדען איז ער מיט א פריילעכען פּנים אַוועק צו טאַנטע קלאָע אָנצופילען זיין מאַגען מיט גוטע זאכען.

— איך וועל יעצט האַלטען א דרשה פאר די נעגערס, האָט סעם צו זיך געזאָגט. איך האָב איצטער א געלעגענהייט זיי צו ווייזען וואָס איך קען. זיי וועלען אנשטעלען מויל און אויערן.

סעם'ס גרעסטער פערגניגען איז געווען ווען ער פלעגט פאָהרען מיט זיין מאַסטער אויף פּאָליטישע פערזאמלונגען. ער פלעגט ארויפ־קריכען אויף א פּאַרקען אָדער אויף א בוים און פלעגט צוזעהען ווי די רעדנער רעדען פאר'ן עולם. ער פלעגט כאַפּען ווערטער און זיך צו־קוקען צו אַלע בעוועגונגען, און ווען ער פלעגט קומען אהיים פלעגט ער צונויפרופען די שווארצע און פלעגט פאר זיי האַלטען פייערליכע

רעדעס. ער האָט אויך געמאכט מיט די הענד ווי יענע רעדנערס און פלעגט אויך רעדען מיט ברען ווי זיי, נאטירליך איז עס אויסגעקומען זעהר קאָמיש און די שווארצע מיידלעך פלעגען זיך קייקלען פאר געלעכטער. סעם האָט זיך געהאלטען פאר א גרויסען רעדנער.

צווישען סעם און טאנטע קלאָע האָט אַלע מאָל עקזיסטירט א קאַלטקייט. אָבער אַזוי ווי סעם פלעגט שאפען די פּראָוויזיע פאר איהר קיך האָט זי זיך ניט געוואָלט מיט איהם איינרייסען. ווען ער איז אַלזאָ געקומען און האָט איהר געזאָגט אז די מיסעס האָט איהם געהייסען געבען עסען האָט זי זיך געצייגט גאַנץ פריינדליך צו איהם. זי האָט דערלאנגט צום טיש פערשיעדענע איבערגעבליבענע פליש, קוכען, איינגעמאכץ און אנדערע גוטע זאכען און ער און ענדי האָבען זיך גענומען צום רייבען.

דערוויילע זיינען זיך אין קיך צוזאמענגעקומען פיעלע שווארצע, קליין און גרויס, צו הערן דעם גרויסען רעדנער. ווען סעם האָט שוין א היבשען טהייל אריינגעריבען האָט ער גענומען דערציילען זיין געשיכטע. וועהרענד ער האָט דערציילט ווי ער האָט געפיהרט האַלעי'ן פאר'ן נאָז, האָבען אַלע זיך געקייקעלט פאר געלעכטער. פון דעסטוועגען האָט סעם ניט געלאכט. זיין פּנים איז געווען ערנסט די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט גערעדט.

— איהר זעהט, מיינע לאַנדסלייט, האָט סעם געזאָגט, וואָס אייער לאַנדסמאַן טהוט פאר איינעם פון אייך. ווען מען נעהמט צו איינעם פון אייך איז דאָס זעלביגע, ווי מען וואָלט צונעהמען אַלע. איך וועל אייך בעשיצען ביז מיין לעצטען אָטהעם.

— סעם, האָסט שוין מסתמא פערגעסען, אז דו האָסט מיר ערשט היינט אין דער פריה געזאָגט, אז דו וועסט העלפען דעם מאסטער כאפּען ליזי'ן. דאָס שטימט גאָר ניט מיט דיין פּרעדיגען.

— איך זאָג דיר, ענדי, האָט סעם מיט גרויסקייט געענטפערט, אז דו זאָלסט ניט ריידען איבער זאכען וואָס דו פערשטעהסט ניט. חברה ווי דו, ענדי, מיינען עס אפילו גוט, אָבער זיי קענען ניט בעגרייפען דעם הויכען צוועק פון א טהאַט. ווען איך האָב געוואָלט נאָכלויפען ליזי'ן, האָב איך געמיינט, אז דער מאַסטער האָט עס טאַקע געמיינט, אָבער ווען איך האָב ערפאהרען אז די מיסיס וויל עס ניט, האָט מיר מיין געוויסען דאָס שוין ניט ערלויבט. און דאן

איז עס אַלע מאָל גלייכער צו האַלטען מיט דער מיסים. דאָס איז מיין פּרינציפּ. און וואָס טויג אַ פּרינציפּ אַז מען האַלט איהם ניט, וואָלט איך וועלען וויסען? דאָס, ענדי, זאָלסטו זיך אריינגעהמען אין קאָפּ.

אַלע האָבען זיך צוגעהערט צו דיעזער פילאָזאָפיע מיט אָפענע מיילער, און סעם האָט פאָרטגעזעצט:

— עס הענגט אָפּ פון פעסטיגקייט, ברידער נעגערס. ווען אַ מאַן שטעהט היינט פאַר איין זאַך און מאָרגען פאַר אַנאַנדערער, וועלען פיעלע זאָגען אז ער האָט ניט קיין פעסטען ווילען. אָבער לאָמיר דאָס בעטראַכטען נעהענטער, מיינע הערען און דאַמען. לאָמיך אייך געבען אַ משל. איך וויל, צום ביישפּיעל, ארויפקריכען אויף אַ קופּע היי, איך שטעל אוועק מיין לייטער פון איין זייט און עס געהט ניט. שטעל איך איהם אוועק אויף דער אנדערער זייט. הייסט עס ניט פעסטער ווילען? איך מוז ארויפקריכען אויף די קופּע היי און איך שטעל אזוי פיעל מאָל דעם לייטער ביז וואַנען ער פּאַסט. איז עס ניט ריכטיג?

— דאָס איז די איינציגע זאַך, וואו דיין ווילען איז אימער געווען פעסט! האָט טאַנטע קלאָע געמורמעלט, וועלכע איז ניט געווען צופריעדען מיט דער גאַנצער פערזאַמלונג.

— יעס, מיינע הערען און דאַמען, האָט סעם געזאָגט זיך אויפהייבענדיג פון טיש אַ זאַטער און אַ צופריעדענער, איך האָב פּרינציפּען און איך שטעה פאַר זיי, און וועל שטעהן פאַר מיינע פּרינציפּען און פאַר מיין פאַטערלאַנד ביז מיין לעצטען טראָפּען בלוט.

ווהל, האָט טאַנטע קלאָע געזאָגט, איינער פון דיינע פּרינציפּען וועט זיין, אַז דו זאָלסט געהן שלאָפען און זאָלסט לאָזען אנדערע זיך אויסרוהען. אַלע פון אייך, יונגוואַרג, געהט גלייך שלאָפען, אויב איהר ווילט ניט כאַפּען מיט דער בייטש.

— נעגערס! האָט סעם אויסגערופען מאַכענדיג מיט זיין פעכער. איך גיב אייך מיין זעגען, געהט יעצט שלאָפען און זייט גוטע יונגען.

דערויף זיינען זיך אַלע צוגאַנגען.



דער שוואַרצער סעם האַלט אַ רעדע.

## נײנטער קאַפּיטעל.

## אַ סענאַטאָר איז אויך אַ מענש.

דער פרײנדליכער פײער אין קאַמין האָט געוואָרפען זײן שײן אויף דעם קאַרפּעט און דעם שעהנעם צימער און האָט בעלויכטען די טהעע־גלעזער אין די טהעע קאַנען אויפ'ן טיש. דער סענאַטאָר בוירד האָט אַראָפּגעצויגען די שטיוועל און האָט אָנגעטהאָן די שעהנע שטעק־שיך וואָס זײן פרוי האָט פאר איהם אויסגעאַרבײט ווען ער איז אוועק צו נעהמען זײן פּלאַץ אין סענאַט. מיסיס בוירד, אַ לוסטיגע, לע־בעדיגע פרוי, האָט געסאַרווערט ארום טיש און האָט דערבײ קאָמאַנ־דעוועט מיט די קינדער, וועלכע האָבען זיך געשפּיעלט און גע־שטיפט.

— טאָם, לאָז אָפּ די הענטעל פון טהיר, אימיצער איז דאָרטען. מערי, מערי, שלעפּ ניט די קאַץ פאר'ן עק, — אָרימע פוסי! רזשים, קריך ניט אויפ'ן טיש! — דו ווייסט גאָר ניט, מײן טהייע־רער, וועלכע איבערראשונג דו האָסט אונז אַלעמען געמאַכט וואָס דו ביזט געקומען הײנט בײנאַכט אַהײם, האָט זי געזאָגט ווען זי האָט ענדליך געקענט רײדען צו איהר מאַן.

— יעס, מײן ליעבע, איך האָב אײך טאַקע געוואָלט איבער־ראשען, און דאַן האָב איך טאַקע זיך געוואָלט אַריבערכאַפּען אויף אַ נאַכט אַהײם און האָבען אַ ביסעל הײמישען פערגעניגען. איך בין טויט מיעד און דער קאָפּ טהוט מיר וועה.

מיסעס בוירד האָט אַ קוק געגעבען אויף אַ פלעשעל קאַנפער וואָס איז געשטאַנען אין אַ האַלב אָפענער שאַפע און האָט געוואָלט צוגעהן אַהין, אָבער איהר מאַן האָט זי אָפּגעהאַלטען.

— נײן, נײן, מערי, איך וויל קײנע רפואות. אַ גלאָז פון דײן גוטען הײסען טהעע און אַ ביסעל הײמישען לעבען, איז אַלעס וואָס איך וויל. דיעזע געזעצמאַכערײ איז אַ שווערער עסק.

דער סענאַטאָר האָט עס גערעדט מיט אַ טאָן, אַזוי ווי ער וואָלט מײנען צו זאָגען, דאָס ער אָפּפערט זיך פאר'ן לאַנד.

— וועל, האָט געזאָגט זײן פרוי, ווען מען האָט שוין אויפגע־

הערט טרינקען טהעע: וואָס האָבען זיי דאָרטען אויפגעטהאָן אין סענאַט?

עס איז געווען איין אונגעוועהנליכע זאַך, אז מיסעס בוירד זאָל זיך מישען אין שטאאטס־פראגען, ווייל זי האָט געהאַט געגוג צו טהאָן אין הויז. דעראיבער האָט זי מר. בוירד פערוואונדערט אנגעקוקט און האָט געענטפערט:

— ניט זעהר קיין וויכטיגע זאכען.

אָבער איז עס אמת, אז זיי האָבען געזאָלט דורכפיהרען א געזעץ, וועלכער זאָל פערביטען מענשען צו געבען עסען און טרינקען צו דורכגעהענדע שווארצע לייטע? איך האָב געהערט אז זיי האָבען בעשפּראָכען אזא געזעץ, אָבער איך גלויב ניט, אז קריסטליכע געזעצמאַכער וועלען לאָזען דורכגעהען אזא געזעץ!

— וואָס איז מיט דיר, מערי, ווערסט שוין גאָר א פּאָליטיקערין?

— עס הייבט זיך גאָר ניט אָן! איך וועל ניט געבען קיין פייג פאר אייער גאנצע פּאָליטיקע, אָבער איך דענק, אז דאָס איז אונמענשליך און ניט קריסטליך. איך האָף, מיין טהייערער, אז אזא געזעץ איז ניט דורכגעגאנגען.

— א געזעץ איז שוין אָנגענומען געוואָרען, וועלכער פערווערט מענשען צו העלפען שקלאווען וואָס קומען אריבער פון קענטאָקי, מיין ווייב. די וואָס ווילען אז מען זאָל אָפּשאַפען שקלאווערייַ האָבען שוין אָנגעמאַכט אזעלכע צרות, דאָס אונזערע שכנים אין קענטאָקי זיינען זעהר אויפגערעגט, און דעריבער שיינט עס צו זיין נייטהיג און עס איז ניט מעהר ווי מענשליך און קריסטליך אז אונזער שטאאט זאָל עפּעס טהאָן אום צו בערוהיגען דיעזע אויפרעגונג.

— איז דאָס ניט דער געזעץ, אז מען זאָל ניט אריינלאָזען דיעזע אונגליקליכע נפשות איבערנעכטיגען און מען זאָל זיי ניט געבען עפּעס צו שטילען דעם הונגער און א פּאָאר אַלטע קליידער זיי זאָלען קענען וואנדערן ווייטער?

— יעס, מיין טהייערע, דאָס וואָלט הייסען געבען די שקלאווען הילף.

מיסעס בוירד איז געווען א קליינע שרעקעדיגע, שעמעדיגע פרוי פון א פיער פוס די הויך מיט זאנפטע בלויע אויגען און מיט א ליבליכען

געזיכט און האָט געהאַט די זיסעסטע שטימע אין דער וועלט. וואָס אנבעטרעפט איהר העלדישקייט האָט אַ האַלדער פון אן אינדיק זי גע־קענט פעריאָגען פאר אַ מייל און א הונד האָט איהר נאָר געדאַרפט ווייזען די צייהן איז זי שוין געווען אויף אַ פּאַרקאַן. איהר מאַן און די קינדער זיינען פאר איהר געווען די גאַנצע וועלט. זי האָט רע־גיערט מיט פריינדליכע ווערטער מעהר ווי מיט שטרענגקייט און בע־פעהל. נאָר איין זאַך פלעגט אויפרעגען איהר גוטע און ווייכע נאַטור. דאָס איז געווען ווען זי האָט געזעהען, אז מען בעגעהט עפּעס אונ־מענשליכעס. דאָס האָט זי ניט געקענט פערטראָגען אפילו פון איהרע אייגענע קינדער. זי האָט געזעהען ווי איהרע און שכנ׳ישע אינגלעך האָבען געוואָרפען שטיינער אויף איין אָרימע קעצעל. זי איז דערפון אזוי אויפגערעגט געוואָרען דאָס זי האָט איינעם פון זיי געגעבען אזא פּאָרציע, וואָס מען וואָלט פון אזא זאַנפטע פרוי גאָר ניט געקענט ערוואַרטען.

נאָך אזא פּאָרציע איז מאַסטער ביל, איינער פון איהרע אינגלאַך געקומען צו זיינע חברים זיך קלאָגענדיג אז זיין מאַמע האָט איהם גע־שלאָגען.

— די מאַמע איז אויף מיר ארויפגעפאַלען מיט אזא כעס, דאָס איך האָב געמיינט אז זי איז משוגע געוואָרען. זי האָט מיר גוט אָנ־געבראָכען די ביינער און האָט מיך אריינגעוואָרפען אין בעט אָהן אבענד־ברויט נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט זיך צו בעקלעהרען וואָס דאָ איז. נאָך דעם האָב איך געהערט ווי מיין מאַמע האָט גע־וויינט פון יענע זייט טהיר. דאָס האָט מיך נאָך מעהר געקרענקט ווי די קלעפּ. איהר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגען, קינדער, מיר זאָלען מעהר ניט וואַרפען קיין שטיינער אויף אַ קעצעל!

ווען מיסעס בוירד האָט געהערט וואָס איהר מאַן האָט געזאָגט וועגען דעם געזעץ, איז זי שנעל אויפגעשטאַנען. איהר געזיכט האָט געפלאַמט; זי איז צוגעגאַנגען צו איהר מאַן און האָט געזאָגט מיט אַ פעסטער שטימע:

— דזשאהן, איך וויל וויסען אויב אזא געזעץ איז גערעכט און קריסטליך?

— וועסטו מיך שיסען, מערי, ווען איך וועל זאָגען יעס?

— דאָס האָב איך פון דיר קיינמאָל ניט ערוואַרטעט, דזשאהן! דו האָסט דאָך געוויס ניט געשטימט פאַר דעם געזעץ?

— געוויס האָב איך עס געטהאָן, מיין ליעבע פּאָליטיקערין.

— דו זאָלסט זיך שעהמען, דזשאהן! אָרימע, פערוואָגעלטע בעשעפּעניסען! עס איז אַ נידערטרעכטיגער, געמיינער געזעץ און איך וועל איהם איבערטרעטען ביי דער ערשטער געלעגענהייט! עס איז שוין טרויעריג אַז אַ פרוי זאָל ניט טאָרען געבען אַ טעלער וואַרימע עסען און אַ שטיקעל פּלאַץ צום שלאָפען פאַר הונגעריגע בעשעפּעני־סען, נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען שקלאַווען און זיינען געוועזן אונ־טערדריקט און מערדערליך בעהאַנדעלט זייער גאַנצען לעבען — אָרימע נפשות!

— אָבער הער מיך אויס, מערי. דיינע געפיהלען זיינען זעהר ריכטיג און זיינען אינטערעסאַנט און דערפאַר שעץ איך דיך, מיין טהייערע. פון דעסטוועגען אָבער דאַרפען מיר ניט פערליערען אונזער געזונדען אורטהייל. דו מוזט ניט פערגעסען, אַז דאָ האַנדעלט עס זיך ניט וועגען אונזערע אייגענע געפיהלען; דאָ זיינען פערוויקעלט די אַלגעמיינע אינטערעסען פון לאַנד. די גאַנצע לאַנד קאָכט דערמיט; מוזען מיר אונזערע אייגענע געפיהלען אוועקשטויסען אָן אַ זייט.

— איך קען ניט אייער פּאָליטיק, אָבער איך קען לעזען די ביי־בעל, און דאָרטען ווערט געזאָגט, אַז איך מוז זאַט מאַכען דעם הונגעריגען, געבען קליידער דעם נאַקעטען און העלפען דעם אומגליק־ליכען. און די ביבעל וועל איך פּאָלגען.

— אָבער ווען דאָס וועט שאַדען די אינטערעסען פון דעם לאַנד?

— פּאָלגען גאָט טהוט קיין מאָל קיין שאַדען ניט. די בעסטע זאַך איז צו טהאָן וואָס גאָט הייסט.

— הער זיך צו, מערי, איך וועל דיר בעווייזען —

— מאַך זיך ניט נאַריש, דזשאהן, דו קענסט צו מיר ריידען אַ גאַנצע נאַכט און עס וועט וועניג נוצען. איך פרעג דיך אַליין, דזשאהן, וואָלסט דו אַליין פערשטויסען אַן אָרימען, הונגעריגען, דער־פראָהרענעם נפש פון דיין טהיר, נאָר דערפאַר וואָס ער איז אַ שקלאַוו? וואָלסטו דאָס טהאָן?

ווען מען זאָל זאָגען דעם אמת האָט אונזער סענאַטאָר געהאַט דאָס אונגליק צו האָבען אַ גוטע נאַטור און מענשליכע געפיהלען און

ער וואָלט געווים ניט געקענט טהאָן וואָס זיין פרוי האָט איהם גע־פרעגט. זי האָט עס נאַטירליך געוואוסט און האָט דערפאר אָנגע־גריפען זיין שוואַכע זייט. ער האָט געהוסט, זיך געדרעהט, אויסגע־ווישט זיינע ברילען און האָט אַלץ ניט געענטפערט. זי האָט איהם אָבער ניט אָפּגעלאָזען און ווייטער גערעדט:

— איך וואָלט ווען זעהען, ווי דו וואָלסט עס טהאָן, דזשאָהן, איך וואָלט עס ווירקליך ווען זעהען! ניט אריינלאָזען א פרוי אין הויז אין א קאַלטען שנעע־שטורעם, צום ביישפּיעל. אָדער זי אוועק־שיקען אין געפענגניס, וואָלסטו דאָס געטהאָן? דו וואָלסט דאָ גע־וויזען א גרויסע בריה'שקייט!

— נאַטירליך וואָלט עס געווען א זעהר שמערצליכע פליכט, האָט מר. בוירד אָנגעפאנגען מיט א שוואכער שטימע.

— פליכט, דזשאָהן! בענוץ ניט דעם וואָרט! דו ווייסט, אז עס איז ניט קיין פליכט, עס קען ניט זיין א פליכט! ווען מענשען ווילען ניט, אז זייערע שקלאַווען זאָלען ענטלויפען, זאָלען זיי זיי בעסער בעהאַנדלען. דאָס איז מיין איבערצייגונג. ווען איך וואָלט געהאַט שקלאַווען (און איך האָף אז איך וועל זיי קיינמאָל ניט האָבען) וואָלט איך ווען זעהען ווי זיי וועלען פון מיר ענטלויפען, און פון דיר אויך, דזשאָהן. איך זאָג דיר אז מען ענטלויפט ניט ווען מען איז צופריעדען. און ווען דיעזע אונגליקליכע ענטלויפען ליידען זיי שוין אָהן דעם געגוג פון הונגער, קעלט און שרעק, אז מען זאָל נאָך דערצו געגען זיי אויפטרעטען! געזעץ אָדער קיין געזעץ, איך וועל דאָס ניט טהאָן, זאָל מיר גאָט אַזוי העלפען!

— מערי, מערי, מיין טהייערע, לאָמיך דיר ערקלעהרען.

— איך האָב פיינט ערקלעהרונגען, דזשאָהן, איבערהויפּט ער־קלעהרונגען איבער אַזא זאַך. איהר פּאָליטישע לייט געפינט אַלע מאָל א וועג אויסצומיידען א רעכטע זאַך וועלכע פּאַסט אייך ניט. אָבער ווען עס קומט צום דורכפיהרען האָט איהר ניט דעם מוטה. דיך קען איך גאַנץ גוט, דזשאָהן, דו האַלסט ניט פון דעם געזעץ ניט וועניגער פאַר מיר, און דו וועסט עס ניט טהאָן גלייך מיט מיר. — דו וועסט זיי ניט טרייבען.

אין דיעזען קריטישען מאָמענט האָט דער אַלטער קודזשאָ, א שווארצער דיענער, אריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין טהיר און האָט

אַנגעמעלדעט אז מען דארף האָבען די מיסיס אין קיך. ביי דיזער פּלוצליכער אונטערברעכונג האָט זיך אונזער סענאַטאָר געפיהלט אביסעל אַפּגעלעבט. ער האָט נאָכגעקוקט זיין קליינע ווייבעל מיט א האַלב שמייכעלדיגען און האַלב ערנסטען בליק, דאן האָט ער גענומען לעזען די צייטונג.

אין א ווײלע ארום האָט זיך דערהערט זיין פרוי'ס שטימע, וועלכע האָט אין א שנעלען און אויפגערעגטען טאָן אויסגערופען: דזשאהן! דזשאהן! קום אהער, איך דארף דיך האָבען.

ער האָט אוועקגעלייגט די צייטונג און איז אריינגעגאַנגען אין קיך. ער איז געבליעבען שטעהן א צוטומעלטער פאר דעם שוידער־האַפטען בילד וואָס ער האָט דערזעהען. — א יונגע שוואַך געבויטע פרוי מיט צוריסענע און פערפראָהרענע קליידער, די זאָקען אראָפּ־געריסען פון די צושניטענע און פערבלוטיגטע פיס, איז געלעגען א האַלב טויטע אויף צוויי שטוהלען. אַבוואָהל אויף איהר געזיכט האָט זיך געזעהען דער צייכען פון דער פעראכטעטער ראסע צו וועלכער זי האָט געהערט, דאָך האָט דער אנבליק פון איהר טרויריגער און טיע־פער שעהנהייט און דער אויסדרוק פון טיעפע שמערצען ניט געקענט אויף איהם פערלירען די ווירקונג. ער האָט שווער געאטהעמט און האָט געשוויגען. זיין פרוי און איהר שווארצע דיענסט, די אַלטע טאַנטע דינאַה, זיינען געווען בעשעפטיגט אָפּצומינטערן די גע־חלש'טע, וועהרענד דער אַלטער קודזשאָ האָט געהאַלטען איהר קינד אויף די קניע און האָט איהם אראָפּגעצויגען די שיך און זעקלעך און האָט איהם געוואַרעמט זיינע קאַלטע פיסלעך.

— עס איז א צער אויף איהר צו קוקען, האָט די אַלטע דינאַה מיטליידיג געזאָגט. זי האָט געמוזט חלש'ן פון דער ווארימקייט אין דער קיך. זי איז געקומען שוין א פערמאַטערטע און האָט מיך גע־פרעגט אויב זי קען זיך דאָ אָנווארעמען. ווען איך האָב זי געפרעגט פון וואַנען זי קומט, איז זי דערביי געפאַלען חלשות. ווי איהרע הענד צייגען האָט זי געטהאָן ווייניג שווערע ארבייט.

— אָרימע בעשעפענים! האָט מיסעס בוירד מיט מיטלייד גע־זאָגט, וועהרענד די פרוי האָט לאַנגזאם אויפגעמאַכט איהרע גרויסע שווארצע אויגען און האָט אויף איהר געקוקט מיט א שטומפּען בליק. פּלוצלונג האָט איהר געזיכט אויפגעפלאַמט מיט שרעק און זי איז



עליזא א געחלש׳טע אין סענאטאר בוירד׳ס הויז.

אויפגעשפּרונגען, זאָגענדיג : „מיין הערריַ ! האָבען זיי מיין קינד געכאַפּט ?”

ווען דאָס קינד האָט דערהערט זיין מוטערס שטימע, איז ער גלייך אַראָפּ פון קודזשאָ׳ס קניע און איז צו איהר צוגעלאָפען. „אָ, ער איז דאָ ! ער איז דאָ !” האָט זי אויסגערופען.

— אָה, מאַדאַם, האָט זי געזאָגט מיט אַ ציטערדיגער שטימע, בעשיצט אונז ! לאָזט איהם ניט נעהמען !

— קיינער זאָל אייך דאָ ניט ריהרען, אָרימע פרוי, האָט מי־סעס בוירד געזאָגט מיט פערזיכערונג. איהר זייט אויף אַ זיכערן פּלאַץ. האָט גאָר קיין מורא ניט.

— גאָט זאָל אייך העלפען ! האָט די פרוי געזאָגט און האָט בע־דעקט איהר פּנים און האָט געוויינט ; ווערענד דער קליינער אינגעל, זעהענדיג זי וויינען, איז איהר געקראָכען אויפ׳ן שוים.

דער גוטער און פריינדליכער מיסעס בוירד איז באַלד געלונגען זי צו בערוהיגען. מען האָט פאַר איהר געמאַכט אַ ווייכע און בע־קוועמליכע בעט נעבען פייער. זי האָט זיך באַלד געלייגט אויסרוהען און איז אויך באַלד פעסט אנשלאָפען געוואָרען. דאָס קינד איז גע־לעגען נעבען איהר. אפילו אין שלאָף האָט זי איהם אינסטינקטיוו געהאַלטען ארומגענומען, אז מען זאָל איהם ניט צונעהמען.

מר. און מיסעס בוירד זיינען אריין צוריק אין זאַל, און ווי זאָנדער־באַר עס זאָל ניט שיינען, לויט דעם פריהערדיגען געשפּרעך, האָבען זיי יעצט ניט גערעדט אַ וואָרט וועגען דעם וואָס האָט געשעהען. מיסעס בוירד האָט זיך געזעצט שטריקען אַ זאָק און מר. בוירד האָט כלומר׳שט גענומען ווידער לעזען די צייטונג.

— ווער קען זי זיין ? האָט מר. בוירד ענדליך געזאָגט אוועק־לייגענדיג די צייטונג.

— ווען זי וועט זיך אויסרוהען און וועט זיך פיהלען אביסעל בע־סער, וועלען מיר זי פרעגען.

— הער נאָר, מיין ווייב, האָט מר. בוירד געזאָגט, ווען ער איז אַ ווײַלע געזעסען פערטראכט איבער דער צייטונג.

— וואָס איז, מיין טהייערער ?

— וואָלט זי געקענט אָנטהאָן דיין קלייד, ווען מען זאָל עס אביסעל לענגער מאַכען ? זי שיינט צו זיין העכער פאַר דיר.

אַ שמייכעל האָט זיך קענטיג בעוויזען אויף מיסעס בוירד'ס פּנים ווען זי האָט געענטפערט: „מיר וועלען זעהען."

נאָך אַ קורצען שטילשווייגען האָט מר. בוירד ווידער אָנגע־פאַנגען:

— זאָג נאָר, מיין ווייב.

— נו, וואָס איז ווייטער?

— דאָרטען איז דער אַלטער מאַנטעל, מיט וועלכען דו דעקסט מיך איבער ווען איך לייג זיך צו אַ ווייל, טאָמער וואָלסטו איהר אוועקגעגעבען, — זי דאַרף קליידער.

אין דיעזען מאָמענט האָט דינאַה אַריינגעקוקט אין זאַל און האָט געזאָגט, אַז די פרוי ווינשט צו זעהען די מיסעס.

מר. און מיסעס בוירד זיינען ביידע געגאַנגען אין קיך, נאָך זיי זיינען נאָכגעגאַנגען זייערע צוויי עלטערע אינגלעך. די קליינוואַרג האָבען שוין געשלאָפען.

די פרוי איז יעצט געזעסען ביים פייער. מיט אַ פערטראַכטען און טרויעריגען בליק האָט זי געקוקט אויף די פלאַמען. זי האָט שוין פון דעסטוועגען גאַנץ אַנדערש אויסגעזעהען ווי ווען זי איז אַהער גע־קומען.

— האָסטו פערלאַנגט מיך צו זעהען? האָט מיסעס בוירד גע־פרעגט מיט אַ ווייכער שטימע. פיהלסטו אַביסעל בעסער? אָרימע פרוי!

אַ לאַנגער ציטערדיגער זיפץ איז געווען דער ענטפער. דאַן האָט זי אויפגעהויבען איהרע שוואַרצע אויגען און האָט זי אָנגעקוקט מיט אַזאַ פערצווייפעלטען און בעטענדען בליק, דאָס ביי דער קליינער פרוי האָבען זיך געשטעלט טרעהרען אין די אויגען.

— דו זאָלסט פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט האָבען; מיר זיינען דיינע פריינד, אָרימע פרוי! דערצייל מיר פון וואַנען דו ביזט און וואָס דו פערלאַנגסט?

— איך בין געקומען פון קענטאַקי, האָט די פרוי געזאָגט.

— ווען? האָט מר. בוירד געפרעגט זיך אַריינמישענדיג.

— היינט ביי נאַכט.

— ווי אַזוי ביזטו געקומען?

— איך בין אַריבער איבער'ן אייז.

— אריבער מיט'ן אייז ! האָט יעדערער אויסגערופען.

— יעס, האָט די פרוי לאַנגזאַם געזאָגט ; איך בין אריבער מיט'ן אייז, ווייל זיי זיינען געוועזען הינטער מיר, גאָר נאָהענט הינ־טער מיר. — און קיין אנדער וועג איז ניט געוועזען.

— אָך, מיסיס, האָט קודזשאָ געזאָגט. דער אייז איז אין צו־בראָכענע שטיקער און שווימט ארום אין טייך אויף אַלע זייטען.

— איך האָב עס געוואוסט, איך האָב עס געוואוסט ! האָט זי ווילד געזאָגט. אָבער איך האָב עס געטהאָן ! איך האָב גאָר ניט גע־דענקט צו איך קען, צו איך קען ניט. עס האָט מיך ניט געארט ! מעהר ווי שטארבען האָב איך ניט געקענט. גאָט האָט מיר אָבער גע־האָלפען, קיינער ווייס ניט ווי ווייט גאָט קען העלפען, ביז זיי פּרו־בירען, האָט די פרוי צוגעזעצט מיט פלאמענדע אויגען.

— ביזטו געוועזען אַ שקלאווין ? האָט מר. בוירד געפרעגט.

— יעס, הערר, איך האָב בעלאַנגט צו אַ מאַן אין קענטאָקי.

— איז ער געוועזען שלעכט צו דיר ?

— ניין, הערר, ער איז געוועזען אַ גוטער מאַסטער.

— איז דיין מיסיס געוועזען שלעכט צו דיר ?

— ניין, הערר — ניין ! מיין מיסיס איז אַלע מאָל געוועזען גוט צו מיר.

— וואָס־זשע האָט דיך בעוואויגען צו פערלאָזען אַ גוטע היים און צו ענטלויפען און זיך אריינוואַרפען אין אַזאַ געפאהר ?

די פרוי האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיסעס בוירד און דורכנעה־מענדיג איהר מיט איהר שאַרפען בליק האָט זי בעמערקט אַז זי געהט אָנגעטהאָן אין אַ טיעפער טרויער קלייד.

— מאַדאַם, האָט זי פּלוצלונג געזאָגט, האָט איהר אַ מאָל פער־לאָהרען אַ קינד ?

די פראַגע איז געוועזען אונערוואַרטעט און עס איז געוועזען אַ ריס אין אַ פרישע וואונד, דען ערשט מיט אַ מאָנאַט צוריק האָבען זיי בעגראָבען אַ זעהר געליעבטע קינד.

מר. בוירד האָט זיך אומגעדרעהט און איז צוגעגאַנגען צום פענ־סטער און מיסעס בוירד האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין. זי האָט זיך אָבער באַלד געפאַסט און האָט געפרעגט :

— צו וואָס פרעגסטו דאָס ? איך האָב פערלאָרען אַ קינד.

— דאן פיהלט איהר מיט מיר מיט. איך האָב פערלאָרען צוויי, איינע נאָכ׳ן אנדערן, און זיי ליעגען בעגראָבען דאָרטען פון וואנען איך בין אוועק. דיעזער איינער נאָר איז מיר געבליעבען. איך בין קיין מאָל ניט געשלאָפען אָהן איהם. ער איז אלעס וואָס איך האָב. ער איז געוועזען מיין טרייסט און מיין שטאָלץ טאָג און נאכט, און יעצט, מאדאם, האָבען זיי איהם געוואָלט פון מיר אוועקנעהמען — איהם פערקויפען — איהם פערקויפען דאָרטען אין דער סאוטה, מא־דאם, ער זאָל זיין אליין, א ברעקעל קינד, וועלכעס איז אין זיין גאנצען לעבען ניט געוועזען איין מינוט אָהן זיין מוטער. איך וואָלט עס ניט אויסגעהאלטען, מאדאם, און איך וואָלט ניט ווערטה געוועזען צו לעבען ווען איך וואָלט עס דערלאָזען. און ווען איך האָב געוואוסט אז די פאַפּיערען זיינען שוין געוועזען אונטערגעשריעבען און ער איז פערקויפט געוואָרען, האָב איך איהם ביינאכט מיטגענומען און בין אוועק. זיי האָבען מיך געיאָגט; — דער מאן וואָס האָט איהם גע־קויפט און א פּאָאר פון דעם מאסטער׳ס מענשען. זיי זיינען שוין גע־ווען הינטער מיר, איך האָב זיי געהערט לויפענדיג ניט וויט פון מיר. איך בין גלייך ארויפגעשפּרונגען אויפ׳ן אייז, און ווי אזוי איך בין אריבער וויים איך ניט. אלעס וואָס איך האָב געוואוסט איז, דאָס א מאן האָט מיך ארויפגעפיהרט אויפ׳ן ברעג.

די פרוי האָט ניט געזיפצט און האָט ניט געוויינט. זי איז גע־ווען אין דעם צושטאנד, וואו די טרעהרען זיינען אויסגעטריקענט, אָבער יעדערער ארום איהר האָט טיעף געפיהלט איהרע ליידען, און טרעהרען האָבען געגאָסען פון זייערע אויגען. די קינדער און די בע־דיענטע, וועלכע זיינען געוועזען דערביי, האָבען זיך אויך געווישט די אויגען.

— דו האָסט דאָך געזאָגט אז דיין מאסטער איז א גוטער מענש? האָט איהר מר. בוירד געפרעגט, וועלכער איז צו איהר צוגעגאנגען.

— ער איז געווען א גוטער מאסטער. איך וועל דאָס אלע מאָל אויף איהם זאָגען. און מיין מיסיס איז אויך געווען גוט צו מיר, אָבער זיי האָבען זיך ניט געקענט העלפען. זיי זיינען שולדיג געווען א מאן געלד און דער מאן האָט פערלאנגט מיין קינד. זיי זיינען געוועזען גע־צוואונגען דאָס צו טהאָן. איך האָב געהערט ווי די מיסיס האָט געבעט־טען דעם מאסטער אז ער זאָל עס ניט טהאָן, אָבער ער האָט ניט גע־

קענט העלפע. מיר איז אַלזאָ קיין אַנדערער וועג ניט געבליעבען ווי צו נעהמען מיין קינד און ענטלויפען, דען אָהן איהם וואָלט איך ניט געלעבט.

— האָסטו קיין מאַן ניט ?

— יעס, אָבער ער בעלאַנגט צו אַנאַנדער מאַסטער, וועלכער איז זעהר שלעכט צו איהם. ער לאָזט איהם ניט קומען מיך זעהען און ער סטראַשעט איהם אַז ער וועט איהם פערקויפען אַרונטער אין דער סאַוטה. איך דענק אַז איך וועל איהם שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהען.

דער רוהיגער טאָן מיט וועלכען זי האָט אויסגערעדט דיעזע ווער־טער, וואָלט געקענט אויף'ן ערשטען בליק מאַכען דענקען, אַז זי איז גאַנץ קאַלטבליטיג, אָבער דער אונענדליכער טיעפער שמערץ וועלכער איז געלעגען אין דעם בליק פון איהרע שווארצע אויגען האָט גאַנץ אַנדערש געוויעזען.

— און וואו דענקסטו צו געהן, מיין אָרימע פרוי ? האָט מיסעס בוירד געפרעגט.

— אין קאַנאַדאַ, ווען איך וואָלט נאָר וויסען וואו דאָס איז. איז עס זעהר ווייט נאָך קאַנאַדאַ ? האָט זי געפרעגט מיט איין איינפאַכען צוטרויליכען טאָן ביי מיסעס בוירד.

— אָרימע פרוי ! האָט מיסעס בוירד ניט ווילענדיג אַרויסגע־רעדט.

— איז עס זעהר ווייט ? האָט די פרוי ערנסט געפרעגט.

— ווייטער ווי דו דענקסט, אָרימעס קינד ! אָבער מיר וועלען זעהען וואָס מיר קענען פאַר דיר טהאָן. דינאַה, מאַך פאַר איהר די בעט אין דיין אייגענעם צימער, נאָהענט פון דער קיך, און אין דער־פריה וועל איך זעהען וואָס איך קען טהאָן פאַר איהר. דערווייל האָב קיין מורא ניט, אָרימע פרוי. פערלאָז זיך אויף גאָט, ער וועט דיך בעשיצען.

מיסעס בוירד און איהר מאַן זיינען אַריין צוריק צו זיך אין צי־מער. זי האָט זיך געזעצט אויף א וויעג־שטוהל נעבען פייער און האָט זיך געוויעגט און געטראַכט. מר. בוירד איז אַרומגעגאַנגען אין צימער הין און צוריק און האָט געמורמעלט צווישען די צייהן : הום ! הום ! א פערפלוכטע געשיכטע ! ענדליך איז ער צוגעגאַנגען צו זיין פרוי און האָט געזאָגט :

— הער, מיין ווייב, זי מוז אוועק פון דאנען און טאקע היינט ביינאכט. דער בחור וואָס שפּירט איהר נאָך וועט זיין אין דער געגענד מאָרגען פאַר טאָג. ווען עס וואָלט געווען די פרוי אַליין וואָלט מען זי געקענט בעהאַלטען ביז ער וועט אוועק פון דאנען, אָבער דעם אינ־געל וועט מען ניט קענען האַלטען רוהיג ; דאָס בין איך זיכער. ער קען פערדארבען די גאנצע געשיכטע מיט איין קוק דורכ'ן פענסטער אָדער דורך א טהיר. עס וואָלט געווען א שעהנע חתונה פאַר מיר, ווען מען וואָלט זיי דאָ ביידען געפונען, איבערהויפּט יעצט ! ניין, זיי מוזען היינט ביינאכט אוועק.

— היינט ביינאכט ! ווי איז עס מעגליך ? און וואוהין ?

— וועל, האָט דער סענאטאָר געזאָגט, איך ווייס שוין אפילו וואוהין, דערביי האָט ער ארויפגעצויגען זיינע לאנגע שטיוועל. ער איז דאן צוגעגאנגען צום פענסטער און האָט ארויסגעקוקט און האָט גע־טראכט. „עס איז א טייוועלשע געשיכטע !" האָט ער צו זיך געזאָגט. „אָבער עס מוז געטהאָן ווערען". זיין קליינע ווייבעל האָט עס געהאַל־טען פאַר בעסער איהם ניט צו אונטערברעכען און איהם לאָזען זיך אויסריידען.

— זעהסטו, האָט ער געזאָגט, דאָ איז דאָ איינער א גוטער מאַן, מיינער אַן אַלטער קליענט, מיט'ן נאָמען וואַן טראָמפּ. ער איז אהער אריבערגעקומען פון קענטאָקי און האָט בעפרייט זיינע שקלאַווען. ער האָט געקויפט א פּלאַץ זיעבען מייל ארויף פון טייכעל, הינטער דעם וואַלד, וואו קיין מענש געהט ניט, אויסער ווען זיי האָבען נעטהיג אהין צו געהן, און דאָס איז א פּלאַץ וואָס מען קען ניט אזוי לייכט געפינען, דאָרטען וועט זי זיין זיכער. די צרה איז וואָס קיינער קען אהין מיט א וואגען ניט פאָהרען ביי נאכט אויסער מ י ר.

— פאַר וואָס ניט ? קודזשאָ איז איין אויסגעצייכענטער קוטשער.

— אָט דאָ איז די צרה. מען דאַרף צוויי מאָל אריבערגעהן דעם טייכעל. דער צווייטער אריבערגאנג איז אזוי געפעהרליך ווי דער ערשטער, סיידען מען ווייס ווי אזוי צו טהאָן. איך בין אריבערגע־ריטען מיט מיין פערד דעם טייכעל הונדערטער מאָל און איך קען די גאנצע געגענד, קיין אנדערער קען עס ניט, אַלזאָ מוז עס אזוי זיין. ארום צוועלף א זייגער מוז קודזשאָ איינשפּאַנען די פערד און דאָס

מאכען שטילערהייד, און איך וועל זי אריבערנעהמען. מען מוז עס אויך מאכען פערשטעלטערהייד, אז מען זאל ניט מערקען וואס דא געהט פאר. ווען איך וועל בעשטאטען די פרוי, וועט מיך קודזשא צופיהרען צו א נאהענטע סטאנציע פון וואנען די אמניבוסען געהן נאך קאלומבוס. דיעזע אמניבוסען קומען אן א זייגער דריי, פיער פאר־טאג צו דער סטאנציע. דאס וועט אלזא אויסזעהען, אז איך בין גע־קומען אהער מיט מיין וואגען אום צו פאהרען אין סענאט. איך וועל אלזא זיין אויף מיין פלאץ פריהער פאר אלע סענאטארס. איך וועל זיך אפילו פיהלען ווי א נאסער האהן דארטען נאך דעם געזעץ וואס איך האב געהאלפען מאכען, אבער וואס צום טייוועל קען איך העל־פען !

— אין דיעזער געשיכטע איז דיין הארץ בעסער ווי דיין קאפ, דזשאהן, האט זיין פרוי געזאגט ארייגלייגענדיג איהר קליינע ווייסע האנד אין זיינע. „וואלט איך דיך דען געליעבט ווען איך וואלט דיך ניט געקענט בעסער וויא דו דיך זעלבסט ?" די קליינע פרוי האט אויסגעזעהען אזוי ליעבליך מיט איהרע פייכטע אויגען, דאס דער סענאטאר האט געדענקט, אז ער מוז דאך זיין א בראוווער יונג ווען אזא ליעבליכע נשמה זאל איהם אזוי ליידענשאפטליך ליעבען. אלזא וואס האט ער געקענט טהאן מעהר ווי צו געהן זעהן וואס עס הערט זיך מיט'ן וואגען. ווען ער איז שוין געווען ביי דער טהיר האט ער זיך אומגעקעהרט און האט צו איהר געזאגט קווינקלענדיג :

— מערי, איך ווייס ניט, ווי דו וועסט פיהלען וועגען דעם, אבער דארטען אין יענעם שופלאד זיינען דא זאכען פון—פון—אונזער העגרי. זאגענדיג דאס איז ער שנעל ארויס.

מיסעס בוירד האט אויפגעמאכט די טהיר פון דעם קליינעם שלאפצימער און מיט א ליכט אין האנד איז זי צוגעגאנגען צום קאמאד און האט ארויסגעצויגען דעם שופלאד. דארטען זיינען געלעגען פער־שיעדענע קינדערשע זאכען און פערשיעדענע שפיעלצייג. דאס זיינען געווען זאכען פון איהר ליעבלינג וואס איז ניט לאנג געשטארבען. מיסיס בוירד איז געזעסען שטילערהייד איבער דעם שופלאד און איהרע שטי־לע טרעהרען האבען בענעצט די זאכען וועלכע זיינען איהר געווען אזוי הייליג. דאן האט זי לאנגזאם אנגעפאנגען אויסצוזוכען זאכען און שפיעלצייג און דערפון מאכען א פעקעל.

— מאמע, האָט איינער פון די צוויי קינדער וואָס זיינען איהר נאָכגעגאנגען, צו איהר געזאָגט, לייכט אָנריהרענדיג איהר אָרעם, דיעזע זאכען ווילסטו אוועקגעבען ?

— מיינע ליעבע קינדער, האָט זי געענטפערט מיט א ווייכער און ערנסטער שטימע. ווען אונזער טהייערער און געליעבטער העגרי וואָלט אראָפּקוקען פון הימעל און וואָלט זעהען וואָס מיר טהוען וואָלט ער געוועזען העכסט צופריעדען. מיין הארץ האָט מיך ניט געלאָזען אוועקגעבען די זאכען צו געמיינע מענשען אָדער צו אזעלכע וואָס לע־בען גליקליך, אָבער איך גיעב עס צו א מוטער, וועלכע האָט א צו־בראָכענערע הארץ און וואָס ליידעט מעהר פאר מיר, און איך האָף אז דערמיט וועט גאָט שיקען זיין ברכה.

א ווײלע שפּעטער האָט מיסעס בוירד ארויסגענומען פון א שראנק א פּאָאר פון איהרע אייגענע קליידער און האָט זיך געזעצט ביין טיש מיט א שער און נאָדעל אין האנד, און האָט זיי גענומען מאכען לייג־גער, ווי איהר מאן האָט איהר געראטהען. זי האָט געארבייט דערביי ביז דער אלטער זייגער אין ווינקעל האָט געשלאָגען צוועלף און א וואָ־גען איז צוגעפאָהרען צום טהיר.

— מערי, האָט איהר מאן געזאָגט אריינקומענדיג מיט זיין אי־בערציהער אין האנד, דו מוזט זי אויפוועקען ; עס איז צייט צו פאָהרען.

מיסעס בוירד האָט שנעל צוזאמענגענומען די זאכען און זיי איינ־געפּאקט אין א קאסטען, וועלכען איהר מאן האָט גלייך אריינגעטראָ־גען. באלד איז אריינגעקומען עליזא, אנגעטהאָן אין א לאנגען מאנ־טעל, מיט א הוט און שאל אויף'ן קאָפּ ; איהר קינד האָט זי געהאל־טען אויף די אָרעמס. מר. בוירד האָט זי שנעל געפיהרט צום וואגען און מיכעס בוירד איז געגאנגען הינטער איהר. ווען עליזא איז געזע־סען אין וואָגען האָט זי ארויסגעשטעקט איהר האנד, צו זעגענען זיך. זי האָט אָנגעשטעלט איהרע אויגען אויף מיסעס בוירד'ס געזיכט און האָט געוואָלט עפּעס זאָגען. איהרע ליפּען האָבען זיך בעוועגט ; זי האָט פּרובירט איין מאָל, צוויי מאָל, אָבער עס האָט איהר געפעהלט די שפּראך, און צייגענדיג נאָך אויבען מיט אן אונפערגעסליכען בליק, איז זי צוריקגעפאלען אין איהר זיץ און האָט בעדעקט איהר געזיכט.

די טהיר פון וואגען איז צוגעמאכט געוואָרען און דער וואָגען איז אוועק.

אין וואָס פיר א לאַנגע פּאָרט האָט זיך יעצט געפונען דער סע־נאַטאָר וועלכער האָט אין סענאַט א גאַנצע וואָך גערעדט און געפּיל־דערט, אז מען זאָל נעהמען שטרענגע מיטלען געגען די וואָס גיבען הילפע צו ענטלאָפענע שקלאַווען ?

ווען אונזער גוטער סענאַטאָר האָט גערעדט אין סענאַט און אַלע האָבען בעוואונדערט זיין גרויסען רעדנער טאַלאַנט, האָט ער געמיינט אז ער טהוט דעם לאַנד א גרויסע טובה מיט זיין אויפטרעטען געגען די בעשיצערם פון ענטלאָפענע שקלאַווען, ווייל ער האָט ניט געזעהען און האָט ניט געפיהלט די ליידען פון די אונגליקליכע ; אָבער ווען אַזאַ פאַל איז פאָרגעקומען פאַר זיינע אויגען, ווען ער האָט געזעהען די שרעקליכע ליידען פון איין אונגליקליכער מוטער און דעם טרויריגען צושטאַנד פון איין אונבעשיצטען קינד, דאַן האָט זיך ארויסגע־וויזען אַז אונזער ארימער סענאַטאָר איז ניט פון שטיין און אייזען, דאָס ער איז א מאַן מיט הארץ און געפיהלען.

אָבער ווי די זאַך איז, איז אונזער סענאַטאָר געווען א פּאָלי־טישער זינדער און דערפאַר האָט ער די נאַכט געהאַט זיין אייגענע שטראָף.

עס האָט א לאַנגע צייט גערעגענט און די ווייכע ערד פון אָהייאָ איז געוואָרען בלאָטיג. אין פיעלע פּלעצער איז די בלאָטע געווען אַזוי טיעף, דאָס מען האָט געמוזט לעגען גרויסע קלעצער אום מען זאָל דאָרטען קענען פאָהרען. אויף די קלעצער האָט מען געלייגט צווייגען און אויף דעם האָט מען געשאָטען ערד, עס זאָל זיין גלאַט צו פאָהרען אָדער געהן. ווען א שטאַרקער רעגען איז געקומען האָט ער אראָפּגע־וואַשען די ערד און די קלעצער האָבען זיך ארומגעשאָקעלט.

אויף אַזאַ וועג איז אויסגעקומען אונזער סענאַטאָר צו פאָהרען. דער וואגען האָט געטאַנצט פון איין קלאָץ אויפ׳ן אַנדערן. באַלד זיינען געזונקען די פאָדערסטע רעדער, באַלד די הינטערסטע און די וואָס זיינען געזעסען אין דעם וואגען זיינען אַלע מאָל געוואָרפען געוואָרען איינער אויפ׳ן אַנדערן און זיינען געווען אין איינע שרעק. ערשט שפּעט אין דער נאַכט זיינען זיי אַרויסגעקראָכען פון דער בלאָטע און זיינען צוגעפאָהרען צו דער טהיר פון א גרויסער פאַרם־הויז.

עס האָט גענומען אַ היבשע ווײַלע ביז מען האָט אויפגעמאַכט די טהיר. אַ גרויסער, שטאַרקער מאַן, איבער זעקס פוס די הויך, האלב אָנגעטהאָן, איז געשטאַנען מיט אַ ליכט אין דער האַנד און האָט בע־טראַכט די רייזענדע מיט אַ שאַרפען בליק. עס האָט גענומען אַ צייט ביז אונזער סענאַטאָר האָט ערקלעהרט דעם מאַן וועגען וואָס עס האַנ־דעלט זיך.

דער עהרליכער אַלטער דזשאָהן וואַן טראָמפּ איז אַ מאָל געווען אַ גרויסער לאַנד און שקלאַווען־בעזיצער אין קענטאָקי. אַזוי ווי ער איז געווען בעגאַבט מיט אַ גוטער און עהרליכער הארץ האָט ער ניט געקענט פערטראָגען די אונגערעכטיגקייט געגען די שקלאַווען און ער האָט זיי בעפרייט. ער איז דאַן געקומען אין אָהייאָ, האָט געקויפט אַ גרויסעס שטיק פרוכטבארעס לאַנד און האָט זיי דאָרטען בעזעצט. ער אַליין האָט זיך בעזעצט אין אַ בעקוועמער פאַרם אין דעם אָרט, וועלכער איז שוין פריהער בעשריעבען געוואָרען.

— איהר זייט דער מאַן וואָס וועט בעשיצען איין אָרימע פרוי מיט אַ קינד פון שקלאַווען־יעגער ?

— דאָס בין איך געווים, האָט דער עהרליכער דזשאָהן געענט־פערט.

— איך האָב עס געוואוסט, האָט דער סענאַטאָר געזאָגט.

— אויב אימיצער זאָל קומען, האָט דער גוטער מאַן געזאָגט זיך אויסציהענדיג אין דער הויך, זאָל ער קומען, איך וועל איהם גוט אויפנעהמען ; איך האָב זיעבען זיהן, יעדערער איבער זעקס פוס די הויך. טאָמער וועט איהר זעהען די כאַפּער, גריסט זיי פון מיינעט־וועגען און זאָגט זיי אַז מיר האָבען דאָ אַ גוטען כבוד פאַר זיי, האָט ער געענדיגט מיט אַ גרויסען געלעכטער.

מיעד און צובראָכען איז עליזא מיט׳ן קינד אויפ׳ן אָרעם אַראָפּ־געקראָכען פון וואָגען און איז אריין אין צימער. דער מאַן האָט זי בע־טראַכט מיט אַן מיטליידיגען פּנים און האָט פאַר איהר אויפגעמאַכט אַ טהיר אין אַ קליינעם צימער נעבען קיך. ער האָט אָנגעצונדען אַ ליכט און האָט עס אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן טיש. ער האָט זיך דאַן גע־ווענדט צו עליזאַ׳ן, —

— יעצט דאַרפסטו גאָר קיין מורא ניט האָבען ; עס קען קומען ווער עס וויל. איך בין פאַרבערייטעט צו אַלעס, האָט ער געזאָגט

צייגענדיג מיט דער האַנד אויפ׳ן וואַנט, וואו עס האָבען געהאַנגען דריי גוטע ביקסען. מענשען וואָס קענען מיך, ווייסען, אַז עס איז אַ ריזיקע פון מיר אימיצען אַוועקצונעהמען ווען איך וויל ניט געבען. אַלזאָ געה שלאָפען און זיי רוהיג, קיינער וועט דיך ניט ריהרען. דער־מיט איז ער אַרויסגעגאַנגען און האָט צוגעמאַכט די טהיר.

— זי איז דאָך איין אונגעוועהנליכע שעהנע פרוי, האָט ער גע־זאָגט צום סענאַטאָר, ווען שעהנע שקלאַווינען ווילען זיין אַנשטענדיג מוזען זיי ענטלויפען. ניט אומזיסט איז זי ענטלאָפען. אַזעלכע זאַכען זיינען מיר בעקאַנט.

דער סענאַטאָר האָט איהם אין קורצע ווערטער דערציילט עלי־זא׳ס געשיכטע.

— אָ די אונגליקליכע, האָט דער גוטער מאַן געזאָגט מיט גרויס מיטלייד ; זי ווערט געיאָגט ווי אַ טהיר נאָר דערפאַר ווייל זי האָט נאַטירליכע געפיהלען און טהוט וואָס יעדע מוטער וואָלט געטהאָן. דיע־זע געשיכטע ערפילט מיך מיט צאָרן, האָט געזאָגט דער עהרליכער דזשאָהן, זיך ווישענדיג די אויגען. פיעלע יאָהרען האָב איך ניט גע־וואָלט געהערען צו אַ קירכע, ווייל די גלחים אין אונזערע געגענדען האָבען רעכט געמאַכט דיעזע בעהאַנדלונגען, און איך בין געוועזען גע־גען זיי. איך האָב ניט געהערט צו קיין קירכע ביז איך האָב געפונען אַ גייסטליכען, וועלכער איז געוועזען געגען דעם. יע, זייט דאַן געהער איך צו אַ קירכע, האָט געזאָגט דזשאָהן, דערלאַנגענדיג דעם סענאַ־טאָר אַ גלאָז עפּעל־קוואַס.

— בלייבט בעסער דאָ ביז פאַרטאָג, האָט ער פריינדליך געזאָגט. איך וועל רופען די פרוי וועט זי אייך באַלד מאַכען די בעט.

— איך דאַנק אייך הערצליך, מיין ליעבער פריינד, האָט דער סענאַטאָר געזאָגט, איך מוז היינט פאָהרען. איך דאַרף נעהמען דעם אָמניבוס, וועלכער געהט ביי נאַכט נאָך קאָלומבוס.

— וועל, ווען איהר מוזט, וועל איך אייך בעגלייטען אַ ביסעל. איך קען אַ פיעל בעסערען וועג ווי דער מיט וועלכען איהר זייט געקו־מען. יענער וועג איז אַ שרעקליכער.

דזשאָהן האָט גענומען אַ לאַנטערנע און האָט געפיהרט זיין וואַ־גען צו אַ ניעדריגען וועג הינטער זיין הויז. ווען זיי האָבען זיך געשיי־

דעט האָט דער סענאַטאָר ארויסגענומען אַ צעהן דאָלאַר־בילעט און האָט איהם אריינגעלייגט דזשאָהן'ען אין האַנד.

— דאָס איז פאַר איהר, האָט ער קורץ געזאָגט.

— זעהר גוט, זעהר גוט! האָט דזשאָהן געענטפערט.

זיי האָבען זיך געדריקט די הענד און האָבען זיך געשיידעט.

---

צעהנטער קאַפּיטעל.

## דאָס אייגענטהום ווערט צוגענומען.

אַ גרויער מאָרגען פון מאָנאַט פעברואר האָט אריינגעקוקט אין אַנקעל טאָם'ס קעבין. ער האָט געקוקט אויף טרויעריגע פּנים'ער און צובראָכענע הערצער. טאַנטע קלאָע האָט געפּרעס'ט אַ פּאָאַר העמדער אויפ'ן טיש און טרעהרען האָבען געררונען פון איהרע אויגען.

אַנקעל טאָם איז געזעסען אויף אַ שטוהל מיט אַ ביבעל אויף די קניע, דעם קאָפּ איינגעבויגען און האָט געשוויגען. עס איז נאָך גע־ווען פריה און זייערע קינדער האָבען נאָך געשלאָפען. אין אַ ווילע ארום איז טאָם אויפגעשטאַנען און איז צוגעגאַנגען צום בעטעל וואו די קינ־דער זיינען געשלאָפען.

— דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, האָט ער געזאָגט.

טאַנטע קלאָע האָט ניט געענטפערט. זי האָט אָנגעפאַנגען שטאַר־קער צו ביגלען. פּלוצלונג האָט זי אַוועקגעלעגט דעם ביגעל־אייזען און האָט זיך פערנאַנדערגעוויינט.

— זאָל זיין אַז מיר מוזען זיך איבערגעבען צום שיקזאל, אָבער גאָט, ווי קען איך עס פערטראָגען? ווען איך וואָלט כאָטש וויסען וואו דו וועסט אהינקומען אָדער ווי מען וועט דיך בעהאַנדלען! די מיכעס האָט אפילו געזאָגט אַז זי וועט דיך אויסלייזען אין אַ פּאָאַר יאָהר ארום, אָבער פון דאָרטען קומט מען קיינמאָל ניט צוריק! מען הרג'עט זיי! איך האָב געהערט ווי מען ארבייט מיט זיי דאָרטען אויף די פּלאַנטאַציעס.

— דאָרטען איז דערזעלבער גאָט וואָס דאָ, קלאָע.



אַנקעל טאָם און קלאָע פאר'ן אפּפאָהרען.

— און אז עס איז דאָ דערזעלבער גאָט איז וואָכ ? דאָס איז פאר מיר א קנאָפּער טרייסט, ווייל ער לאָזט צו אזעלכע שרעקליכע זאַכען.

— איך בין אין גאָט'ס הענד, האָט טאָם געזאָגט. קיין זאך קען ניט געהן ווייטער ווי ער בעשטימט. פאר איין זאך קען איך איהם דאָך דאנקען, און דאָס איז, וואָס מען האָט מ י ך פערקויפט און ניט דיך אָדער די קינדער. דו ביזט דאָ זיכער. ליידען וועל איך אליין. איך ווייס אז גאָט וועט מיך ניט פערלאָזען. לאָמיר איהם דאנקען פאר זיין גנאָד.

— דאנקען ! האָט טאַנטע קלאָע געזאָגט, פאר וואָס ? ווייל ער האָט געלאָזען דעם מאַסטער דיך פערקויפען ? דער מאַסטער האָט קיינמאָל ניט געדארפט לאָזען קומען דערצו, אז מען זאָל דיך צונעהמען פאר א חוב. דו האָסט פאר איהם צוויי מאָל אזוי פיעל אויסגעארבייט וואָכ ער קריעגט פאר דיר. ער איז דיר שולדיג דיין פרייהייט און ער האָט זי דיר געדארפט געבען מיט יאָהרען צוריק. עס קען זיין אז ער קען זיך איצטער ניט העלפען, אָבער אונרעכט האָט ער. דאָס וועט מיר קיינער ניט ארויסשלאָגען פון קאָפּ. אזא טרייער דינער ווי דו ביזט איהם געוועזען און האָסט פאר זיין אייגענטהום געזאָרגט מעהר ווי פאר זיך זעלבסט און דיין פרוי און קינדער, און ער נעהמט און פערקויפט די טרייהייט און די בלוט פון הארצען פון א פאַמיליע פאר א פּאָאָר גראָשען ! זאָל איהם גאָט דערפאר בעצאָהלען.

— קלאָע ! ווען דו ליעבסט מיך, זאָלסטו אזוי ניט ריידען, גראָד יעצט ווען מיר וועלען זיך אפשר מעהר קיינמאָל ניט זעהען ! איך קען ניט פערטראָגען קיין רייד געגען מיין מאַסטער. איך האָב איהם געהאַלטען אין מיינע ארעמס ווען ער איז נאָך געוועזען א ברעקיל קינד. ער האָט מיך די גאנצע צייט בעהאנדעלט ווי א פאָטער, ניט ווי א שקלאוו, און איך בין זיכער, ווען ער וואָלט פאָראויסגעזעהען, אז עס וועט קומען צו אזא טרויעריגע געשיכטע, וואָלט ער עס אויף קיין פאל ניט דערלאָזען.

— ווי די מעשה איז, האָט טאַנטע קלאָע טרויעריג געזאָגט אונרעכט איז עס דאָך.

— מען דארף האָפען צו גאָט. ער איז איבער אלעס ; אָהן זיין ווילען קען אפילו א פוינעל ניט ארונטערפאלען.

— דאָס אַלעס טרייסט מיך זעהר ווייניג. דער ריידען וועט גאָר ניט נוצען. נעהם בעסער עס אָפּ אַ גוטען פּריהשטיק, דען ווער ווייס ווען דו וועסט האָבען נאָך איינעם.

אום צו בעגרייפען די ליידען פון די נעגערס, וועלכע ווערען פערקויפט אין די זידליכע שטאַאטען, מוז מען וויסען ווי שטארק זייערע געפיהלען און ליידענשאַפטען זיינען. זיי זיינען זעהר צוגע־טהאַן צו זייער היים. פון נאַטור אויס זיינען זיי ניט מוטהיג און האָבען וועניג אונטערנעהמונגסגייסט, אָבער זיי האָבען ליידענשאַפט־ליך ליעב זייער היים. דערפאַר איז פאַר זיי שרעקליך אפילו דער סטראַשונאָק אליין אַז מען וועט זיי פערקויפען אין דער כאוטה. מיט די ווערטער „פערקויפען אין דער סאוטה" שרעקט מען זיי ווי מען שרעקט קינדער מיט סטראַשידלעס. אַז זיי זאָלען ניט טהאָן אַ געוויסע זאַך אָדער זיי זאָלען פאָלגען, וואָס מען הייסט זיי. דער סטראַשונאָק אַז מען וועט זיי שיקען דאָרטען ארונטער דעם טייך שרעקט זיי מעהר ווי מען וואָלט זיי זאָגען, אַז מען וועט זיי פער־שמייסען. „ארונטער דעם טייך" איז ביי זיי —

„דאָס אונענטדעקטע לאַנד פון וועלכען
קיין רייזענדער קומט צוריק."

אַ מיסיאָנער, וועלכער איז געוועזען צווישען ענטלאָפענע שקלאַ־ווען אין קאַנאַדא, האָט אונז דערציילט, אַז ער האָט געהערט פון זיי, דאָס זיי האָבען פערלאָזען גוטע היימאַטען נאָר פאַר שרעק אַז מען זאָל ניט פערקויפען אין דער סאוטה איינעם פון זייער פאַ־מיליע. זיי האָבען זיך ליעבער אונטערוואָרפען אונטער אַלע לעבענס־געפאהרען, הונגער און נויטה און אַלע קערפּערליכע ליידען איידער צו לאָזען פערקויפען איינעם פון זייערע אין יענער געגענד.

דער פּריהשטיק איז שוין געשטאַנען אָנגעגרייט אויפ'ן טיש. טאַנטע קלאָע איז יעצט געוועזען פריי פאַר זיך, ווייל מיסעס שעלבי האָט זי היינט בעפרייט וועגען אָנקעל טאָם'ס אפּשיעד. זי האָט פאַר איהם געמאַכט דעם בעסטען מאהלצייט, וואָס זיי האָבען אַמאָל גע־האַט.

— זעה, פּיט ! האָט מאָז מיט פרייד אויסגערופען, זעה נאָר דעם פּריהשטיק וואָס מיר האָבען היינט ! דערביי האָט ער געכאַפּט אַ פּיסעל פון אַן עוף.

טאַנטע קלאָע האָט איהם געגעבען אַ פּאַטש.

— וואָס פרייסטו זיך אַזוי מיט'ן פריהשטיק, וואָס דיין טאַטע וועט האָבען צום לעצטען מאָל אין דערהיים !

— אָה, קלאָע ! האָט טאָם ווייך געזאָגט.

— וועל, איך קען ניט העלפען ; האָט טאַנטע קלאָע געזאָגט בעדעקענדיג איהר פּנים מיט'ן פאַרטוך. איך בין אַזוי צומישט, דאָס איך ווייס ניט וואָס איך טהו.

די קינדער זיינען געשטאַנען שטיל. צוערסט האָבען זיי געקוקט אויפ'ן פאָטער און דאן אויף דער מוטער, ווערהענד די בייבי (קליין קינד) איז געקראָכען אויף איהר און האָט געשריען.

— נאַ, גענוג, זאָל זיין אַזוי, האָט טאַנטע קלאָע געזאָגט זיך אָפּווישענדיג די טרעהרען און נעהמענדיג דאָס קינד אויף די הענד. נעהם, עס. דאָס איז מיין בעסטע הוהן, עסט קינדער. אָרימע נפשות. אייער מאַמע איז געוועזען בייז אויף אייך. די קינדער האָבען זיך ניט געלאָזען צוויי מאָל בעטען און האָבען זיך אַרויפגעוואָרפען אויף די גוּ־טע זאַכען אויפ'ן טיש מיט זייער גאַנצען קינדישען אַפּעטיט, אַזוי ווי זייער האַרץ וואָלט זיי געזאָגט, אַז נאָך אַזאַ אָנבייסען וועלען זיי אַזוי גיך ניט האָבען.

— יעצט, האָט טאַנטע קלאָע געזאָגט, ווען מען איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן עסען, וועל איך צונויפלייגען דיינע קליידער, כאָטש איך ווייס אַז ער וועט זיי פון דיר צונעהמען. איך קען זיי, — זיי זיי־נען געמיינע, שמוציגע ברואים ! זעה, אין דיעזען ווינקעל זיינען דיינע פלאַנעל העמדער פאַר'ן רומאַטיזם. זאָלסט אויפפּאַסען, דען קיינער וועט דיר קיין אַנדערע מעהר ניט מאַכען. דאָ זיינען דיינע אַל־טע, און דאָ זיינען דיינע נייע העמדער. איך האָב נעכטען ביינאַכט פעררינכט דיינע זאָקען און אין איינעם האָב איך געלאָזען דעם שטיינ־דעל אויף צו פעררינכטען זיי ווען דו וועסט דאַרפען. אָבער, גאָט, ווער וועט זיי דיר פעררינכטען ? און ביי טאַנטע קלאָע איז דערביי געוואָרען „זוי פערקלעמט דאָס האַרץ דאָס זי האָט אָנגעבויגען דעם קאָפּ אויפ'ן קאַסטען און האָט שטאַרק געוויינט. „דערמאָהן זיך נאָר, עס וועט קיינער ניט זיין ווער עס זאָל אויף דיר אַכטונג געבען אפילו ווען דו ביסט קראַנק. עס איז גאָר קיין וואונדער ניט וואָס איך זינדיג געגען גאָט.

ווען די קינדער האָבען אויפגעגעסען אַלעס וואָס איז געווען אויפ׳ן טיש און האָבען דאַן בעטראַכט ווי די מאַמע וויינט און דער טאַטע זיצט פערטרויערט, האָבען זיי אויך צוגעלייגט די הענד צו די אויגען. אַנקעל טאָם האָט געהאַלטען די קליינע מיידעלע אויף די קניע און האָט איהר געלאָזען זיך צופּען די באָרד, קראַצען דעם פּנים און האָט עס גאָרניט געפיהלט און האָט ניט געהערט איהרע געשרייען.

— שריי, שריי, קליינער נפש ! האָט טאַנטע קלאָע געזאָגט. עס וועט אויך קומען צו דיר. דו וועסט נאָך דערלעבען צו זעהען ווי מען וועט דיין מאַן פערקויפען אָדער דיך זעלבסט, און דיעזע קינדער וועט מען מסתמא אויך פערקויפען ווען זיי וועלען עפּעס ווערטה זיין. צו וואָס דאַרף מען נעגערס וואָס זיינען גאָרנישט ווערטה.

דאָ האָט איינער פון די אינגלאַך אויסגערופען : „אָט געהט די מיסיס !"

— צו וואָס קומט זי ? וואָס קען זי העלפען ? האָט טאַנטע קלאָע געזאָגט.

מיסעס שעלבי איז אַריינגעקומען. טאַנטע קלאָע האָט איהר דער־לאַנגט אַ שטוהל, אָבער ניט מיט פריינדליכקייט. מיסעס שעלבי האָט עס געשיינט ניט צו בעמערקען. זי איז געווען בלייך און אויפגערעגט.

— טאָם, האָט זי געזאָגט, איך בין געקומען — דאָ איז איהר שפּראַך אָפּגעהאַקט געוואָרען. בעטראַכטענדיג די שטילע גרופּע האָט זי זיך אַנידערגעזעצט און האָט בעדעקט איהר געזיכט מיט׳ן טיכעל און האָט זיך צוואַויינט.

— אָך גאָט, מיסיס, וויינט ניט, וויינט ניט ! האָט טאַנטע קלאָע געזאָגט און האָט זיך אויך צוואַויינט. און אַ גאַנצע ווייל האָבען אַלע געוויינט צוזאַמען.

— מיין גוטער טאָם, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט. איך קען דיר גאָרניט געבען וואָס זאָל דיר ברענגען נוצען. ווען איך זאָל דיר געבען געלד וועט מען פון דיר צונעהמען. אָבער איך קען דיר הייליג פער־זיכערן, און גאָט איז מיין עדות, דאָס איך וועל דיך האָבען אין אויג און וועל דיך אָפּקויפען צוריק אַזוי באַלד ווי איך וועל האָבען דאָס געלט, — און ביז דאַן האָף צו גאָט !

דאָ האָבען די אינגלאַך אויסגערופען, אַז מאַסטער האַלעי קומט. אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט אַ רויהער שטויס אויפגעמאַכט די

טהיר און האַלעי איז אריין מיט אַ בייזער מיענע. די שווערע רייזע פון לעצטער נאַכט און די מפּלה וואָס ער האָט געהאַט האָט נאָך האַר־טער געמאַכט זיין גראָבען כאַראַקטער.

— קום, דו נעגער, ביזט שוין פאַרטיג ? ענטשולדיגט, מאַ־דאַם, האָט ער געזאָגט אַראָפּנעהמענדיג זיין הוט, ווען ער האָט דער־זעהען מיסעס שעלבי.

טאַנטע קלאָע האָט פערמאַכט און פערבונדען דעם קאַסטען און האָט געקוקט אויפ'ן שקלאַווענהענדלער מיט פייערדיגע טרעהרען אין איהרע אויגען.

טאָם האָט זיך אונטערטהעניג אויפגעהויבען צו געהן מיט זיין נייעם מאַסטער און האָט ארויפגעהויבען דעם שווערן קאַסטען אויף די פּלייצעס..

זיין פרוי האָט גענומען דאָס קליין קינד אויף די הענד און איז איהם נאָכגעגאַנגען צום וואָגען און די צוויי אינגלאך זיינען געגאַנגען וויינענדיג הינטער זיי.

מיסעס שעלבי איז צוגעגאַנגען צום הענדלער און האָט איהם געזאָגט שטילערהייד עטליכע ערנסטע ווערטער. און ווערענד זי האָט אַזוי גערעדט האָבען זיך ארום וואָגען פערזאַמעלט אַלע שוואַרצע פון הויף צו זאָגען זיי געזונד צו זייער חבר און פריינד. זיי האָבען איהם בעטראַכט אַלס זייער וועגווייזער און לעהרער און האָבען איהם געליעבט. אויף אַלעמענס פּנים'ער איז געלעגען אַ טיעפער טרויער און שמערץ.

— עס זעהט אויס, קלאָע, אַז דו קענסט עס פערטראָגען בעסער ווי מיר, האָט איינע פון די פרויען צו איהר געזאָגט, וועלכע האָט געהאַלטען אין איין וויינען און האָט געזעהען ווי טאַנטע קלאָע פער־האַלט זיך קאַלט.

איך האָב שוין קיין טרעהרען ניט, האָט זי געזאָגט קוקענדיג בייז אויפ'ן שקלאַווענהענדלער, וועלכער איז יעצט צוגעקומען. און דאַן וויל איך איבערהויפּט ניט אַז דיעזער כלב זאָל מיך זעהען וויינען.

— קריך ארויף ! האָט האַלעי געזאָגט צו טאָם'ען ווען זיי זיינען דורכגעגאַנגען די רייהע פון די שוואַרצע וואָס זיינען דאַ געשטאַנען מיט פינסטערע בליקען.

טאָם איז ארויפגעגאַנגען אויפ'ן וואָגען און האַלעי האָט ארויס־

גענומען פון א קעסטעל א פּאָאר שווערע אייזערנע קייטען און האָט זיי אָנגעטהאָן טאָם'ען אויף די פיס.

א ברום פון צאָרן איז ארויס פון אַלעמעס מיילער, און מיסעס שעלבי האָט אויסגערופען פון דער ווערענדא:

— מר. האַלעי, איך פערזיכער אייך, אז דיזע פּאָרזיכטיגקייט איז אין גאַנצען איבריג.

— איך וויים ניט, מאַדאַם; איך האָב שוין פערלאָרען פינף הונדערט דאָלאר פון דיעזען פּלאַץ און איך קען ניט בעשטעהן נאָך א מאָל צו ריזיקירען.

— וואָס דען האָט זי פון איהם געקענט ערווארטען? האָט טאַנ־טע קלאָא מיט צאָרן געזאָגט, וועהרענד איהרע צוויי אינגלאַך, וועל־כע האָבען שוין פערשטאַנען וואָס דאָ געהט פאָר, האָבען זיך געהאַל־טען פאַר דער מוטער'ס קלייד און האָבען געוויינט.

— עס טהוט מיר לייד, האָט טאָם געזאָגט, וואָס מאַסטער דזשאָרדזש איז ניטאָ אין דער היים.

דזשאָרדזש איז אוועקגעפאָהרען אין דער פריה אויף א פּאָאר טעג צו שכנים און האָט ניט געוואוסט פון טאָם'ס אונגליק.

— גריסט איהם הערצליך פון מיינעטוועגען, האָט טאָם ערנסט געבעטען.

האַלעי האָט א שמיץ געטהאָן דעם פערד און דער וואָגען איז אוועק. נאָך פון ווייטען האָט זיך געזעהען טאָם'ס טרויעריגער בליק אויף זיין פערלאָזענע פאַמיליע און זיין היים.

מר. שעלבי איז ביי דיעזער טרויעריגער געשיכטע ניט געוועזען אין דער היים. ער האָט פערקויפט טאָם'ן ווייל ער איז געוועזען גע־צוואונגען; ער האָט זיך געמוזט בעפרייען פון די לאַפּעס פון א מאַן, וועלכער וואָלט איהם געקענט דערקוועטשען, און ווען דער עסק איז אָפּגעמאַכט געוואָרען האָט ער זיך געפיהלט עפּעס ווי בעפרייט פון א שווערע לאַסט. אָבער די פּאָרווירפע וואָס זיין פרוי האָט איהם גע־מאַכט האָבען אויפגעוועקט זיין האַלב איינגעשלאָפענעם בעדויערן. דערצו האָט נאָך טאָם'ס בראַווע האַלטונג פערגרעסערט זיין אונאַנגע־נעהמען געפיהל. אומזיסט האָט ער געפּרואווט זיך איינריידען, אז ער האָט אַנדערש ניט געקענט טהאָן; דאָס יעדערער טהוט עס; און דאָס אַנדערע טהוען עס זאָגאר ווען זיי זיינען ניט געצוואונגען, האָט

ער דאַרף ניט געקענט בערוהיגען זיין געוויסען און האָט געמוזט אוועק אום ניט בייצואוואָהנען די הערצרייסענדע סצענע און קומען דאן צו־ריק ווען אלעס וועט שוין זיין פערביי.

טאָם און האַלעי זיינען געפאָהרען אויף דעם שטויביגען וועג, פער־בייפאָהרענדיג יעדען בעקאַנטען ווינקעלע ביז זיי האָבען געלאָזען הינ־טער זיך שעלבי'ס לאַנד און זיינען ארויף אויף דעם גרויסען לאַנד־וועג. ווען זיי זיינען אָפּגעפאָהרען געגען א מייל האָט האַלעי זיך אָפּ־געשטעלט נעבען דער טהיר פון א שמיד. ער האָט ארויסגענומען פון וואָגען א פּאָאַר אייזערנע האַנד־קייטען און האָט זיי אריינגעטראָגען צום שמיד צו ענדערן.

— זיי זיינען אביסעל צו קליין פאר איהם, האָט האַלעי געזאָגט צייגענדיג אויף טאָם'ען.

— ביי גאָט ! איז דאָס ניט שעלבי'ס טאָם ? האָט ער איהם פערקויפט ? האָט דער שמיד ערשטוינט געפרעגט.

— געוויס ? האָט ער איהם פערקויפט, האָט האַלעי געענטפערט.

— וואָס רעדט איהר ! איך וואָלט עס קיין מאָל ניט געגלויבט. צו וואָס דארפט איהר איהם שליסען אין קייטען ? ער איז דאָך אזא עהרליכער, אזא טרייער —

— יעס, יעס, און גראדע דיעזע עהרליכע קערלען האָבען חשק צו ענטלויפען. די שכורים, די פוילענצער, די דומען, די ארט קיין זאָך ניט און זיי ענטלויפען ניט, אָבער אייערע גוטע קערלען ענט־לויפען ביי דער ערשטער געלעגענהייט. — ניטאָ וואָס צו ריידען, מען מוז זיי שמיעדען. זיי האָבען פיס און זיי קענען מאַכען ויברח.

— וועל, האָט דער שמיד געזאָגט זוכענדיג צווישען זיין געצייג, די פּלאַנטאַציעס דאָרטען ארונטער זיינען זיכער ניט די פּלעצער, וואו א קענטאָקיער נעגער האָט חשק צו געהן. זיי שטאַרבען דאָרטען זעהר שנעל, ניט אזוי ?

— וועל, יעס, זיי שטאַרבען שנעל. זיי שטאַרבען אויך גענוג פון דעם קלימאַט ; דאָס מאַכט עס, אז מען דארף דאָרטען האָבען אלע מאָל פרישע נעגערס און דער מארק איז פול מיט זיי, האָט האַלעי געזאָגט.

— אמת, עס איז א גרויסער מיטלייד, אז אזא גוטער קערל ווי

טאָם זאָל דארפען געהן דאָרטען אין די צוקער פּלאַנטאַציעס און דאָר־טען געקוועלט ווערען צום טויט.

— וועל, ער האָט נאָך אַ שטיקעל גליק, דען איך האָב פערשפּראָ־כען ניט צו זיין אַזוי הארט געגען איהם ווי געגען אַנדערע. איך וועל איהם פערקויפען פיר אַ הויז־דיענער אין אַ גוטער פאַמיליע, און אויב ער וועט קענען אויסהאַלטען דעם קלימאַט, וועט ער האָבען דעם בעסטען פּלאַץ וואָס אַ נעגער קען זיך ווינשען.

— ער לאָזט דאָך אַ ווייב מיט קינדער ?

— יעס, אָבער ער וועט דאָרטען קריעגען אַנאַנדערע. נעגערקעס זיינען דאָרטען שוין דאָ גענוג, האָט האַלעי געענדיגט.

טאָם איז געזעסען זעהר טרויעריג אין וואָגען וועהרענד דעם גע־שפּרעך. פּלוצלונג האָט ער דערהערט די שנעלע טריט פון אַ פערד הינטער זיך און איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך אומצוקוקען און קומען צו זיך פון איבערראַשונג, איז דער יונגער מאַסטער דזשאָרדזש אריינגעשפּרונגען אין וואָגען, האָט איהם ארומגעכאַפּט און האָט גע־ווינט און געשריען.

— דאָס איז ווירקליך אַ שאַנדע ! מיך אַרט ניט וואָס זיי מע־גען זאָגען ! עס איז אַ נידערטרעכטיגקייט, אַ געמיינהייט ! ווען איך וואָלט געווען אַן ערוואַקסענער מאַן וואָלטען זיי עס ניט געטהאָן ! זיי האָבען עס ניט געדארפט טהאָן ! האָט דזשאָרדזש אויס־גערופען מיט אַ געשריי.

— אָה, מאַסטער דזשאָרדזש ! וואָס פאַר אַ דערקוויקונג איז דאָס פאַר מיר ! האָט טאָם געזאָגט. עס איז פאַר מיר געווען זעהר שווער אַוועקצוגעהן און דיך ניט זעהן. איך בין זיך דערמיט אַזוי מחיה, דאָס איך קען דיר גאָרניט אַרויסגעבען ! דאָ האָט טאָם גע־מאַכט אַ בעוועגונג מיט די פיס און דזשאָרדזש האָט דערזעהען די קייטען.

— דאָס איז אַ שאַנדע ! האָט ער אויסגערופען אויפהייבענדיג די הענד. איך וועל דעם קערל אַוועקלעגען, — איך וועל דאָס געוויס טהאָן !

— ניין, דו וועסט עס ניט טהאָן, מאַסטער דזשאָרדזש, און רייד ניט אַזוי הויך. איהם צו רייצען וועט מיר קיין טובה ניט טהאָן.

— וועל, צוליעב דיר וועל איך עס ניט טהאָן. אָבער איז עס ניט א שאנדע ? זיי האָבען עס מיר גאָר ניט געלאָזט וויסען. ווען ניט טאָם לינקאָלן וואָלט איך דערפון גאָרניט געוואוסט. אָבער גוט בע־צאָהלט האָב איך זיי אין דערהיים !

— איך האָב מורא אז דו האָסט געהאנדעלט ניט ריכטיג, מאס־טער דזשאָרדזש.

— איך קען ניט העלפען. איך זאָג אז עס איז א שאנדע ! זעה, אָנקעל טאָם, האָט ער געזאָגט מיט א שטילער שטימע זיך אומדרע־הענדיג מיט'ן רוקען צום שמיד, „א י ך ה אָ ב ד י ר ג ע־ ב ר א כ ט מ י י ן ד אָ ל א ר."

— אָה, מאסטער דזשאָרדזש, איך קען דאָס ניט נעהמען ! האָט טאָם געענטפערט טיעף גערירט.

— אָבער דו מ ו ז ט עפּעס נעהמען ! איך האָב טאנטע קלאָע געזאָגט, אז איך וועל עס טהאָן, האָט זי מיר געראטהען צו מאכען א לעכעל אין דאָלאר און אריינציהען א שנירעל און דיר אָנטהאָן אויפ'ן האלז, אז קיינער זאָל איהם ניט זעהען זאָנסט קען נאָך דער געמיינער לומפּ ביי דיר איהם נאָך צונעהמען. איך זאָג דיר, טאָם, אז איך וואָלט איהם וועלען צורייסען אויף שטיקער !

— ניין, מאסטער דזשאָרדזש, לאָז צורוה, דען פאר מיר וועט עס קיין טובה ניט זיין.

— וועל, צוליעב דיר וועל איך עס ניט טהאָן, האָט דזשאָ־־זש געזאָגט, אָנבינדענדיג איהם דעם דאָלאר אויפ'ן האלז. יעצט פער־שפּילע דעם ראָק און היט איהם. יעדעס מאָל ווען דו וועסט איהם זעהען, זאָלסטו זיך דערמאָהנען, אז איך וועל קומען נאָך דיר און וועל דיך ברענגען אהיים. איך האָב מיט טאנטע קלאָע גערעדט דע־ריבער. איך האָב איהר געזאָגט אז זי זאָל קיין מורא ניט האָבען, דען איך וועל דיך האָבען אין אויג. איך וועל מיין פאטער שוועך מאכען דעם לעבען, אויב ער וועט עס ניט טהאָן.

— אָה, מאסטער דזשאָרדזש, דו דארפסט, ניט ריידען אזוי וועגען דיין פאטער.

— איך מיין ניט קיין שלעכטעס, ליעבער אָנקעל טאָם.

— און יעצט, מאסטער דזשאָרדזש, האָט טאָם געזאָגט, זיי א גוטער יונג. פערגעס ניט וויפיעל הערצער עס הענגען אָפּ פון דיר.

פאָלג אימער דיין מוטער. געה ניט אין די נארישע וועגען פון די אינגלאך, וואָס האלטען זיך שטאָלץ געגען זייערע מוטערס. פיעלע זאכען גיט גאָט צוויי מאָל, אָבער א מוטער גיט ער מעהר ניט ווי איין מאָל. נאָך אזא פרוי ווי דיין מוטער וועסטו ניט זעהען ווען דו וועסט אפילו אלט זיין הונדערט יאָהר. אלזא פאָלג איהר, וואקס אויס, און זיי א מאן און זיי איהר טרויסט אויף דער עלטער. דאָס זאָג איך דיר אזוי ווי דו וואָלסט געוועזען מיין אייגענער זוהן. איך האָף אז דו וועסט עס טהאָן.

— איך וועל עס זיכער טהאָן, האָט דזשאָרדזש געזאָגט מיט איין ערנסטער שטימע.

— און פאַס אויף אויף דיינע רייד, מאַסטער דזשאָרדזש. לייטע אין דיינע יאָהרען פיהרען זיך אָפט אויף ווילד און געברויכען גראָבע ווערטער; דאָס איז אפילו נאַטירליך; אָבער א פיינער מאן, ווי דו וועסט האָפענטליך זיין, וועט קיינמאָל ניט געברויכען קיין גראָבע ווערטער געגען זיינע עלטערן. פיהלסטו זיך בעליידיגט, מאַסטער דזשאָרדזש?

— אָה, געוויס ניט, אַנקעל טאָם. דו האָסט מיר אלע מאָל גע־געבען גוטע עצות.

— איך בין עלטער, פערשטעהסטו מיך, האָט טאָם געזאָגט גלעטענדיג דעם אינגעל'ס געקרייזעלטען קאָפּ מיט זיין שטאַרקער האנד, אָבער ריידענדיג מיט א צערטליכער שטימע ווי פון א פרוי, און איך זעה אלעם וואָס עס ליעגט אין דיין הארצען. אָה, מאַסטער דזשאָרדזש, דו האָכט אלעס, עס פעהלט דיר קיין זאך ניט — לער־נען, לעזען, שרייבען, — דו וועסט אויסוואקסען א גרויסער געלערנ־טער און גוטער מאן און אלע לייטע פון אייער הויז, דיין פאטער און דיין מוטער, וועלען מיט דיר שטאָלצירען. זיי א גוטער מאַסטער ווי דיין פאטער און א גאָטספאָרכטיגער ווי דיין מוטער. דענק אָן ריין בעשעפער און דיינע יונגע יאָהרען.

— איך קען דיר זאָגען, אַנקעל טאָם, אז איך וועל זיכער זיין א גוטער מענש, האָט דזשאָרדזש געזאָגט. און דיך וועל איך נאָך ברייגגען צוריק אהער. ווי איך האָב היינט אין דער פריה געזאָגט צו טאַנטע קלאָע, וועל איך, ווען איך וועל זיין א מאן, איבערבויען

דיין הייזעל, אַז דו זאָלסט האָבען נאָך אַ שעהנעם צימער. אָה, ד:
וועסט נאָך לעבען אַ גוטען טאָג !

דערביי איז האַלעי צוגעקומען מיט די קייטען אין האַנד.

— הערט נאָר, מיסטער, האָט דזשאָרדזש צו איהם געזאָגט מיט אַ שטאָלצער מיענע, ווען ער איז אַראָפּ פון וואָגען, איך וועל דערצעהלען מיין פאטער און מוטער ווי איהר בעהאַנדעלט טאָם'ען.

— געזונטערהייד, האָט דער הענדלער געענטפערט.

— איך דענק אַז איהר דאַרפט זיך שעהמען דעם גאַנצען לעבען צו האַנדלען מיט מענער און פרויען און זיי שמיעדען אין קייטען ווי חיות ! איך דענק אַז איהר דאַרפט עס בעטראַכטען פיר געמיין, האָט דזשאָרדזש געזאָגט.

— אַזוי לאַנג ווי דיינע עלטערן מעגען קויפען מענער און פרויען, מעג איך זיי פערקויפען, האָט האַלעי געזאָגט. עס איז ניט געמייי־נער זיי צו פערקויפען ווי צו קויפען.

— איך וועלביידע זאַכען ניט טהאָן ווען איך וועל זיין אַ מאַן, האָט דזשאָרדזש געזאָגט. עס איז מיר יעצט אַ שאַנדע וואָס איך בין אַ קענטאַקער. פריהער בין איך געוועזן שטאָלץ דערויף. זאָגענדיג דאָס איז ער אַרויף אויפ'ן פערד און האָט געקוקט ארום זיך, מיט אַ שטאָל־צער מיענע, ווי זיינע ווערטער וואָלטען אויף גאַנץ קענטאַקי געדאַרפט האָבען אַ ווירקונג.

— וועל, זיי געזונד, אָנקעל טאָם. האַלט זיך מוטהיג, האָט דזשאָרדזש געזאָגט.

— זיי געזונד, מאַסטער דזשאָרדזש, האָט טאָם געענטפערט, מיט אַ הערצליכע שטימע. גאָט, זאָל דיך בענשען ! אָה, קענטאַקי האָט ניט פיעל אַזעלכע ווי דו ! האָט ער אויסגערופען פון הארצען, ווען דער איינגעל איז פערשוואונדען פון זיין בליק.

דזשאָרדזש איז אַוועק און טאָם האָט איהם נאָכגעקוקט ביז זיינע אויגען האָבען געקענט זעהען. אָבער אויף זיין הארצען האָט ער גע־פיהלט דעם דאָלאַר, וואָס דזשאָרדזש האָט איהם געלאָזען, און דאָרטען האָט ער אַרויפגעלעגט זיינע הענד.

— יעצט הער, וואָס איך וועל דיר זאָגען, טאָם, האָט האַלעי געזאָגט, אַלס ער איז צוגעקומען צום וואָגען און האָט דאָרטען אַריינ־געוואָרפען די האַנד־קייטען, איך וועל דיך גוט בעהאַנדלען אַזוי ווי

אַלע מיינע נעגערס. ווען דו וועסט זיך פערהאַלטען רוהיג און ניט מאַכען קיין קונצען ווסטו האָבען גוט; ווסטו אָבער מאַכען אייערע נעגערשע שפּיצלאַך, זאָלסטו אויף מיר קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, ווען איך וועל מיט דיר האַנדלען אַנדערס.

טאָם האָט איהם פערזיכערט אַז ער דענקט גאָר ניט צו ענטלויפען, אָבוואָהל אַזאַ פערזיכערונג איז געווען אין גאַנצען איבעריג, דען אין די שווערע קייטען וואָס ער האָט געטראָגען אויף די פיס האָט ער ניט געקענט ענטלויפען. אָבער מר. האַלעי האָט אַלע מאָל געזוכט דורך ווערטער צו ווייזען זיך צו די נעגערס פריינדליך, אום זיי זאָלען זיך פיהלען מונטערער און אום צו געווינען זייער צוטרויען.

מיר ווערלען יעצט לאָזען טאָם'ען פאָהרען מיט זיין נייען מאַכטער און מיר ווערלען געהן צו די אַנדערע פערזאָנען פון אונזער געשיכטע.

---

עלפטער קאַפּיטעל.

## די לעבעדיגע סחורה ווערט אונרוהיג.

עס איז געווען אַ כמורנער נאַכמיטאַג ווען אַ רייזענדער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טהיר פון אַ קליינעם האָטעל אין דעם דאָרף נ—— אין קענטאַקי. אין בופעט צימער זיינען געווען פערזאַמעלט אַ קאָמפּאַניע פון פערשיעדענע מענשען, וועלכע דער אונאַנגענעהמער וועטער האָט אַהער געבראַכט. אויף דעם ערשטען בליק האָט מען געזעהען אַז די מייסטע פון זיי זיינען געווען יעגערס. דאָס האָבען געוויזען די ביקסען, די אַנדערע געיעג זאַכען, די הינד, די קליינע נעגערס וואָס האָבען זיך דאָ ארומגעטריבען אין צימער.

דער רייזענדער איז געווען אַ ניעדריגער, פעטער מאַן, ריין געקליידעט און מיט אַ גוטמוטהיגען געזיכט. ער האָט געטראָגען איז איין האַנד אַ שירעם און אין דער אַנדערער אַ רייזע־זאַק און ער האָט עס געהאַלטען פעסט צו זיך; ווען די דיענער האָבען עס געוואָלט פון איהם צונעהמען, האָט ער ניט געוואָלט געבען. ער האָט זיך ארומגעקוקט אין צימער מיט אַ זוכענדיגען בליק און ווען ער האָט

דערזעהען דעם ברענענדען אויוועז איז ער אהין צוגעגאנגען. ער האָט זיך אנידערגעזעצט און האָט אנידערגעלייגט זיינע זאכען נעבען זיך אונטער'ן טיש. נעבען אויוועז איז געזעסען א לאנגער מאן מיט די פיס איבער'ן קאמין און האָט געקייט טאבאק און האָט געשפּיען רעכטס און לינקס. דער רייזענדער האָט איהם בעטראכט.

— הערט נאָר פרעמדער, וואָס מאכט איהר? האָט צו דעם רייזענדען דער מאן געזאָגט און האָט ארויסגעשאָסען א פולען מויל מיט טאבאק שפּי'עכץ אין זיין זייט.

— גאנץ גוט, האָט יענער געענטפערט, און האָט זיך שנעל אָפּגעבויגען אז ער זאָל ניט כאַפּען די עהרענבעגריסונג אין פנים.

— וואָס גיט עפּעס נייעס? האָט ער געפרעגט און האָט ארויס־גענומען א שטיק טאבאק און א גרויסען מעסער פון קעשענע.

— איך ווייס קיינע נייעס, האָט דער מאן געענטפערט.

— איהר קייט? האָט דער גרויסער געפרעגט דעם אלטען מאן, דערלאנגענדיג איהם א שטיק טאבאק.

— ניין, א דאנק. איך קען עס ניט פערטראָגען, האָט דער אל־טער געענטפערט אָפּוועהרענדיג מיט דער האנד.

— אזוי גאָר, איהר קייט ניט? האָט ער געזאָגט געמאכליך און האָט אריינגעלעגט דאָס שטיקעל טאבאק אין זיין אייגענעם מויל אום צו האָבען געגוג שפּייאכץ צו בעטהיילען דעם גאנצען עולם.

— „וואָס איז דאָרטען?" האָט געזאָגט דער אלטער, ווען ער האָט דערזעהען א גרופּע מענשען נעבען איין אָנגעקלעפּטער בעקאנטמאכונג.

— א בעקאנטמאכונג וועגען א נעגער, האָט איינער קורץ געענט־פערט.

— מר. ווילסאָן — אזוי האָט דער אלטער מאן געהייסען — האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען. ער האָט אָנגעטהאָן זיינע ברילען און האָט געלעזען פאָלגענדעס:

„מיינער א מולאטא איז ענטלאָפען. ער הייסט דזשאָרדזש, איז זעקס פוס הויך, האָט זעהר א העלען געזיכט און ברוינע געקרייזעל־טע האָאָר; איז זעהר אינטעליגענט, רעדט שעהן און קען לעזען און שרייבען. ער וועט וואהרשיינליך פּרובירען זיך אויסצוגעבען פאר א ווייסען. ער האָט טיעפע קראצען אויפ'ן רוקען און די פּלייצעס. ער האָט איין אויסגעברענטען בוכשטאב „H" אויף זיין רעכטע האנד.

„איך וויל געבען פיער הונדערט דאָלאַר ווען מען ברענגט איהם אַ לעבעדיגען און דיזעלבע סומע ווען מען ברענגט מיר זיכערע בעווייזע, אַז ער איז טוידט.”

דער אַלטער מאַן האָט דורכגעלעזען די בעקאַנטמאַכונג פון אָנפאַנג ביז ענדע מיט אַ שטילער שטימע און האָט געשיינט די בעקאַנטמאַכונג צו שטודירען.

דער גרויסער מאַן נעבען קאַמין האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז צוגעגאַנגען צו דער בעקאַנטמאַכונג, האָט אויף איהר געגעבען אַ קוק און האָט זי פערכראַקעט מיט זיין פולען מויל טאַבאַק שפייעכץ.

— אַט דאָס איז מיין מיינונג וועגען דעם, האָט ער קורץ געזאָגט און האָט זיך וויעדער אַוועקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ.

— זאָגט נאָר, פרעמדער, צו וואָס טהוט איהר דאָס ? האָט דער ווירטה געזאָגט.

— איך וואָלט געטהאָן דאָסזעלבע צום שרייבער פון דער בעקאַנטמאַכונג, ווען ער וואָלט דאָ געווען, האָט דער לאַנגער מאַן קאַלט געענטפערט און האָט זיך ווייטער גענומען צום שניידען זיין טאַבאַק. ווען אַ מאַן בעזיצט אַזאַ שקלאַף ווי דיזער און ווייס ניט ווי איהם בעסער צו בעהאַנדלען, פערדיענט ער, אַז ער זאָל איהם פערלירען. אַזעלכע בעקאַנטמאַכונגען ווי דיזע, זיינען אַ שאַנדע פאַר קענטאַקי. דאָס איז מיין מיינונג, ווען איינער וויל עס וויסען.

— דאָס איז ריכטיג, האָט דער ווירטה געזאָגט, וועהרענד ער האָט עפּעס אַריינגעפיהרט אין בוך.

— איך האָב אַ באַנדע שקלאַווען, האָט דער לאַנגער געזאָגט, נאָך אַ מאָל אַ שפּייטהאָנדיג אין אויוועז, און איך האָב קיין מורא ניט אַז זיי זאָלען ענטלויפען. איך זאָג צו זיי : „קינדער, גראָבט, טהוט מאַכט און לויפט ווען איהר ווילט, איך וועל אייך קיינמאָל ניט נאָכלויפען”. און זיי לויפען ניט. איך האָב נאָך מעהר געטהאָן. איך האָב פאַר זיי אַלעמען אויסגעמאַכט בעפרייאונגס־פּאַפּיערען און האָב זיי איינגעלעגט אין געריכט. טאָמער מאַכט זיך מיט מיר עפּעס, זיינען זיי פריי. דאָס ווייסען זיי, און דערפאַר זיינען זיי מיר טריי מיט'ן גאַנצען לעבען. איך שיק זיי מיט פיעל אָקסען אין סינסינעטי וועגען מסחר און זיי קומען צוריק. און פאַר וואָס זאָלען זיי ענטלויי־

פען ? ווען מען בעהאַנדעלט זיי ווי בייזע חיות, זיינען זיי בייזע חיות, בעהאַנדעלט מען זיי ווי מענשען, זיינען זיי מענשען.

— איך דענק אַז איהר זייט גערעכט, מיין פריינד, האָט מר. ווילסאָן געזאָגט. דער שקלאַוו, וועגען וועלכען דאָ איז די רעדע, איז טאַקע אַ פיינער מאַן, דעריבער איז גאָר קיין צווייפעל ניטאָ. ער האָט ביי מיר אין דער פאַבריק געאַרבייט אַ זעקס יאָהר און ער איז געווען מיין בעסטער ארבייטער. ער האָט זעהר אַ גוטען קאָפּ און האָט ער־פונדען אַ מאַשין צו רייניגען האַנף, (קאַנאַפּליעס), זעהר אַ גוטע מאַשין. זי איז שוין דאָ אין עטליכע פאַבריקען. זיין מאַסטער האָט דעם פּאַטענט פון איהר.

— ווי געפעלט אייך ! האָט דער לאַנגער מאַן געזאָגט : האַלט זיין פּאַטענט, מאַכט דערפון געלד און דעם ערפינדער ברענט ער אָן אַ שאַנד צייכען אויף דער האַנד. ווען איך וואָלט דעם כלב דערטאַפּט, וואָלט איך איהם אָנגעברענט אַ צייכען, וועלכען ער וואָלט אויף זיין לעבען ניט פערגעסען.

די אונטערהאַלטונג איז דאָ אונטערבראָכען געוואָרען דורך אַ פערד מיט אַ בריטשקע וואָס איז צוגעפאָהרען צו דער טהיר פון דער קרעטשמע. אַ פיין געקליידעטער מאַן איז געזעסען אין וועגעל און דער קוטשער איז געווען אַ שווארצער.

די גאַנצע קאָמפּאַניע האָט זעהר נייגעריג בעטראַכט דעם נייעם גאַסט. ער איז געווען זעהר הויך מיט אַ שפּאַנישער געזיכטס־פּאַרב, מיט שווארצע אויסדרוקספאָלע אויגען און שווארצע געגרייזעלטע האָאָר. זיין שעהן געפאָרמטער, געבויגענער נאָז זיינע גלייכע דינע ליפּען און זיין וואונדער־שעהנע געשטאַלט האָבען געצייגט דער קאָמ־פּאַניע אַז דאָס איז עפּעס אונגעוועהנליכעס. ער איז ארומגעגאַנגען געמאַכליך צווישען דער קאָמפּאַניע איבער'ן צימער, אַזוי ווי ער וואָלט דאָ געווען אַ היימישער ; ער האָט אַלעמען פריינדליך גע־גריסט און איז צוגעגאַנגען צום בופעט און האָט געגעבען זיין נאָמען אַלס הענרי באָטלער פון אָוקלאַנד, קאָונטי שעלבי. נאָכדעם איז ער גלייכגילטיג צוגעגאַנגען צו דער בעקאַנטמאַכונג און האָט זי דורכגע־לעזען.

— דזשים, האָט ער געזאָגט צו זיין שווארצען קוטשער, מיר

דאכט זיך אז מיר האָבען געזעהען אזא מאן דאָרטען ביי ברענאַן, דענקסטו ניט ?

— יעס, מאַסטער, האָט דזשים געענטפערט, אָבער איך בין ניט זיכער וועגען דעם צייכען אויף דער האנד.

— איך האָב אויך ניט אזוי גוט בעטראַכט, האָט דער פרעמדער געזאָגט נאכלעסיג און מיט אַ גענעץ. דאן איז ער צוגעגאַנגען צום ווירטה און האָט איהם געבעטען ער זאָל איהם געבען אַ צימער, ווייל ער האָט וואָס צו שרייבען.

— דער ווירטה, וועלכער איז נאַטירליך געווען צופריעדען מיט אזא גאַסט, האָט גלייך געגעבען בעפעהלען צו אַ זעקס, זיעבען שוואַר־צע דיענער און עס איז געוואָרען אַ געלאַף אזוי ווי אויף אַ מאַרק.

זייט דער נייער גאַסט איז געקומען האָט דער פאַבריקאַנט, מר. ווילסאָן, פון איהם ניט אַראָפּגעלאָזען די אויגען. עס האָט איהם גע־שיינט, אז ער האָט דעם מאַן געזעהען, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט דערמאַהנען וואו. ער האָט איהם געקוקט שאַרף אין די אוי־גען און האָט דאָרטען געוואָלט געפינען דעם ענטפער אויף דער פראַגע, אָבער דער פרעמדער האָט גאַנץ לייכט אויסגעהאַלטען זיין בליק און יענער האָט אויפגעגעבען זיין פּראָבע. פּלוצלונג האָט עס געגעבען אַ בליץ דורך זיין געדעכטניס און ער האָט דעם פרעמדען אָנגעקוקט מיט אזא שרעק און איבערראַשונג, דאָס יענער איז צו איהם גלייך צוגעגאַנגען.

— מר. ווילסאָן, גלויב איך ? האָט ער געזאָגט שטילערהייד און איהם געבענדיג די האַנד.

— יעס־יעס־יעס, מיין הערר, האָט מר. ווילכאָן געענטפערט אזוי ווי דורכ׳ן חלום.

אַ קליינער נעגער איז דאָ אריינגעקומען און האָט אָנגעמעלדעט, אז דער צימער איז פאַרטיג.

— דזשים, גיב אַכטונג אויף די זאַכען, האָט דער יונגער רייז־זענדער געזאָגט צו זיין קוטשער, דאַן ווענדענדיג זיך צו מר. ווילסאָן: „איך וואָלט וועלען מיט אייך ריידען אַ פּאָאַר ווערטער וועגען גע־שעפטס־אַנגעלעגענהייטען ; ווילט איהר ניט מיטקומען אין מיין צימער ?"

מר. ווילסאָן איז איהם נאָכגעגאַנגען אזוי ווי אין שלאָף און זיי




דזשאָרדזש לעזט די בעקאַנטמאַכונג

זיינען אריינגעקומען אין א שעהנעם גרויסען אויבערסטען צימער, וואו א פייער האָט שוין לוסטיג געברענט און עטליכע שווארצע דיענער האָבען זיך דאָרטען ארומגעדרעהט.

ווען אלעס איז שוין געווען אין אָרדנונג און די דיענער זיינען ארויס האָט דער יונגער מאַן פערשלאָסען די טהיר און האָט אריינגעלייגט דעם שליסעל אין קעשענע, און צונויפלייגענדיג די הענד אויף דער ברוסט האָט ער שאַרף אָנגעקוקט מר. ווילכאָן'ען.

— דזשאָרדזש ! האָט מר. ווילסאָן געזאָגט.

— יעס, דזשאָרדזש, האָט דער יונגער מאַן געענטפערט.

— איך וואָלט עס קיין מאָל ניט געגלויבט.

— איך מוז זיין זעהר גוט פערמאסקירט, ווי איך זעה, האָט דער יונגער מאַן געזאָגט מיט א שמייכעל. א שטיקעל קאָרע פון א נוס בוים האָט געמאכט מיין געלע געזיכטס-פארב ברוין און מיינע האָאר האָב איך געמאכט שווארץ. און ווי איהר זעהט שטימט מיין אויסזעהען גאָרניט מיט דער בעשרייבונג אין דער בעקאַנטמאַכונג.

— אָה, דזשאָרדזש ! אָבער דאָס איז א געפעהרליכער שפּיעל, איך וואָלט דיר דאָס ניט געראטהען צו טהאָן.

— איך טהו עס אויף מיין אייגענע פעראנטוואָרטליכקייט, האָט דזשאָרדזש געענטפערט מיט דעם זעלבען שטאָלצען שמייכעל.

פערבייגעהענדיג מוזען מיר דאָ בעמערקען, דאָס פון זיין פאָטער'ס צד איז דזשאָרדזש געווען א ווייסער. זיין מוטער איז געווען איינע פון יענע אונגליקליכע שעהנע שקלאווינען, וואָס פאלען אלס אָפּפערס צו זייערע מאַסטערס און האָבען פון זיי קינדער וואָס ווייסען קיינמאָל ניט ווער זייערע פאָטערס זיינען. פון איינע פון די שטאָלצעסטע פאמיליען אין קענטאָקי האָט ער גע'ירש'ענט דעם אייראָפּעאישען כאראקטער און דעם שטאָלצען גייסט. פון זיין מוטערס צד האָט ער נאָר גע'ירש'ענט אביסעל פון איהר פארב, אָבער א סך פון איהרע שעהנע שווארצע אויגען. א קליינע ענדערונג אין זיין געזיכטס-פארב האָט איהם געגעבען דעם אָנבליק פון א שפּאַניער און דערצו נאָך מיט זיינע פיינע מאַניערען פון איין אדעל-מאַן האָט ער געקענט זעהר לייכט ארומרייזען אלס א פאָריץ מיט א דיענער און מען זאָל איהם ניט דערקענען.

מר. ווילסאָן, וועלכער איז געווען א גוטער מענש, אָבער פון

יענע אַלטע פּאַטריאַטען, ביי וועמען געזעץ איז געזעץ, איז ארומ־געגאַנגען אין צימער און האָט געקעמפּפט מיט זיך און האָט זיך ניט געקענט בעשליכען אויב ער זאָל עפּעס טהאָן פאַר דזשאָרדזש'ען אָדער ניט. ענדליך איז ער צו איהם צוגעגאַנגען.

— וועל, דזשאָרדזש, איך זעה, אז דו ביזט ענטלאָפען, און האָסט פערלאָזען דיין געזעצליכען מאַסטער. כאָטש איך וואונדער זיך דעריבער ניט, פון דעסטוועגען טהוט עס מיר לייד. עס איז מיין פּליכט דיר דאָס צו זאָגען.

— פאַר וואָס טהוט אייך לייד? האָט דזשאָרדזש רוהיג גע־זאָגט.

— ווייל איך זעה ווי דו האַנדעלסט געגען דעם געזעץ פון דיין לאַנד.

— מיין לאַנד! האָט דזשאָרדזש מיט אַ שטאַרקע און ביטערער בעטאָנונג אויסגערופען. וואו האָב איך אַ לאַנד! מיין לאַנד איז דער קבר! און איך בעט גאָט, אז איך זאָל שוין זיין געשטאָרבען.

— ניין, ניין, דזשאָרדזש! פאַר וואָס רעדסטו אזוי! דאָס איז אַ זינד, מען טהאָר אזוי ניט ריידען. וועל, דזשאָרדזש, דו האָכט געהאַט אַ שלעכטען מאַסטער, דאָס איז אמת, און איך וויל איהם ניט פערענטפערן. אָבער דו מוזט וויסען ווי דער מלאך האָט געהייסען הגר'ן זיך אומקעהרען צו איהר ווירטהין און זיך אריינצוגעבען אין איהרע הענט; און ווי דער אַפּאָסטעל האָט צוריקגעשיקט אָנעסימוס'ן צו זיין הערין.

— דערצעהלט מיר ניט קיין מעשות פון דער ביבעל מר. ווילסאָן! האָט דזשאָרדזש אויסגערופען מיט פלאַמענדע אויגען. דערווייל בין איך נאָך ניט קיין קריסט; איך האָף עס אפילו אמאָל צו זיין. אָבער ווען איהר קומט מיר אָן גראָד איצטער מיט אזעלכע מעשות, וועל איך עס קיין מאָל ניט זיין.

— דיינע געפיהלען זיינען זעהר נאַטירליך, דזשאָרדזש. דו ביזט אַ גוטער יונג און ביזט איצטער אין אַ גרויסער צרה, עס איז מיין פליכט דיר ניט צוצוגעבען קיין מוטה צו דעם. דו ווייסט אז די היילינע ביבעל זאָגט אז מען מוז זיך פערלאָזען אויף גאָט. ווי ער טהוט, מכתמא דאַרף אזוי זיין.

דזשאָרדזש איז געשטאַנען שטאָלץ מיט די הענד פערלייגט אויף

זיין ברייטער ברוסט און א ביטערער שמייכעל האָט געשוועבט אויף זיינע ליפּען.

— איך וויל אייך פרעגען, מר. ווילסאָן, וואָס וואָלט געווען ווען אינדיאַנער וואָלטען אייך געפאַנגען און וואָלטען אייך פערשלעפּט ווייט פון אייער פרוי און קינדער און וואָלטען מיט אייך לאַנגע יאָהרען געאַרבייט עבודת פּרך און עס וואָלט זיך אייך געמאַכט א געלעגענהייט צו ענטלויפען — וואָלט איהר ניט געזאָגט אז גאָט האָט אייך צוגעשיקט דיעזע געלעגענהייט ?

דער קליינער אַלטער מאַן האָט ווייט אויפגעמאַכט די אויגען ביי דיעזען פערגלייך. קיין גרויסער דענקער איז ער ניט געווען, אָבער אויף אַזוי פיעל לאָגיק האָט ער געהאַט, אז דאָרטען וואו עס איז ניטאָ וואָס צו ענטפערן, דאַרף מען ניט ענטפערן. ער איז געשטאַנען א ווייל'ע און האָט צורעכט געמאַכט די פאַלבען פון זיין שירעם. ענדליך האָט ער געזאָגט:

— זעהסטו, דזשאָרדזש, דו ווייסט דאָך, אז איך בין אַלע מאָל געווען דיין פריינד. און וואָס איך האָב גערעדט, איז עס געווען פיר דיין טובה. איצטער, זעה איך, אז דו לויפסט אין א גרויסע געפאַהר. דו קענסט ניט האָפען פון איהר אַרויסצוקריכען. אויב מען כאַפּט דיך, וועט עס זיין פאַר דיר פיעל ערגער. מען וועט דיך נאָך מעהר מאַטערן, מען וועט דיך שלאָגען האַלב צו טויט און דאַן וועט מען דיך פערקויפען דאָרטען איבער'ן טייך.

— איך וויים דאָס אַלעס, מר. ווילסאָן, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, און איך וויים אז איך ריזיקיר מיין לעבען, אָבער — דערביי האָט ער אויפגעשפּילעט זיין ראָק און האָט אַרויסגענומען צוויי פּיסטאָלעטען און א גרויסען מעסער — זעהט איהר דאָס! זאָלען זיי מיך קומען נעהמען! דאָרטען וועל איך קיינמאָל ניט געהן. ווען עס זאָל קומען דערצו, וועל איך וועניגסטענס זיך שאַפען זעקס פוס אייגענע לאַנד. די ערשטע און לעצטע שטיקעל ערד וואָס איך וועל בעזיצען אין קענטאַקי!

— איי, דזשאָרדזש, צו וואָס טויג דיר דיעזע אויפרעגונג? דו ווערסט גאָר פערצווייפעלט. איך האָב מורא, אז דו וועסט האַנדלען געגען די געזעצע פון דיין לאַנד.

— ווייטער מ י י ן לאַנד! מר. ווילכאָן, א י ה ר האָט

אַ לאַנד. אָבער וואו האָב אַ י ך אַ לאַנד און נאָך אַזעלכע ווי איך וואָס זיינען געבאָרען פון שקלאַווען! וועלכע געזעצע זיינען דאָ פאַר אונז? מיר מאַכען זיי ניט, מיר גיבען ניט אונזער צושטימונג צו זיי. מיר האָבען גאָרניט צו טהאָן מיט זיי. אַלעס וואָס די געזעצע טהוען איז אונז צו קוועלען, אונז צו אונטעריאָכען. האָב איך ניט געהערט די רעדעס פון אייער פיערטען דזשולײַ (יולי)? דערצעהלט איהר אונז דען ניט איין מאָל אַ יאָהר, אַז די גערעכטע מאַכט פון דער רעגיערונג קומט פון די וואָס ווערן פון איהר רעגיערט? דאַרף אַ מענש ניט אָנהייבען צו ד ע נ ק ע ן ווען ער הערט אַזעלכע זאַכען? קען ער ניט פערגלייכען דיעזע צוויי געגענזעצע און זעהען ווי דאָס שטימט?

— דזשאָרדזש, דו האָסט אפילו רעכט, אָבער דו דאַרפסט זיך ניט אָפּגעבען מיט אַזעלכע פראַגען. די געזעצע זיינען טאַקע זעהר שלעכט פאַר אייך, זעהר — און מר. ווילסאָן האָט זיך געזעצט צום טיש און האָט געביסען די הענטעל פון זיין שירעם.

— זעהט, מר. ווילסאָן, האָט דזשאָרדזש געזאָגט צוקומענדיג צום טיש און זיך זעצענדיג ענטקעגען מר. ווילסאָן'ען. קוקט אויף מיר. בין איך ניט אַ מענש אַקוראַט אַזוי ווי איהר? קוקט אויף מיין פּנים, קוקט אויף מיינע הענט, קוקט אויף מיין קערפּער, — און דער יונגער מאַן האָט זיך שטאָלץ אויסגעצויגען. — פאַר וואָס בין איך נ י ט אַזאַ מענש ווי אַלע אַנדערע? וועל, מר. ווילסאָן, הערט וואָס איך וועל אייך דערציילען. איך האָב געהאַט אַ פאָטער, איינער פון אייערע קענטאָקער פּריצים, וועלכער האָט וועניג געדענקט, אַז נאָך זיין טויט זאָל מען מיך פערקויפען גלייך מיט זיינע הינט און פערד. איך האָב געזעהען ווי מען האָט פערקויפט מיין מוטער מיט איהרע זיעבען קינדער. זיי זיינען פערקויפט געוואָרען פאַר איהרע אויגען איינציגווייז צו פערשיעדענע מאַסטערס, און איך בין געווען דער אינגסטער. זי האָט דעם אַלטען מאַסטער געבעטען אויף די קניע, אַז ער זאָל מיך קויפען צוזאַמען מיט איהר, אַז זי זאָל כאָטש האָבען איין קינד נעבען זיך, אָבער ער האָט איהר דערלאַנגט אַ בריק מיט'ן שטיוועל און זי האָט זיך אָוועקגעקייקעלט. איך האָב אַליין געזעהען ווי ער האָט עס געטהאָן. און דאָס לעצטע וואָס איך האָב געהערט פון מיין מוטער איז געווען איהר געשריי און איהר יאָמער, וועהרענד



דזשאָרדזש און מר. ווילסאָן.

מיך האָט מען אָנגעבונדען צו דעם האַלז פון מיין נייען מאַסטער׳ס פערד און אַוועקגעשלעפּט צו זיין פּלאַץ.

— וועל, און דאַן ?

— מיין מאַסטער האָט אָפּגעקויפט פון איינעם פון די הענדלערס מיין עלטערע שוועסטער. זי איז געווען א פרומע און א גוטע מיידעל און אזוי שעהן ווי מיין אָרימע מוטער איז געווען. זי איז גוט ערצויגען געוואָרען און האָט געהאַט גוטע זיטען. אין אָנפאנג האָב איך זיך געפרייט וואָס ער האָט זי געקויפט, ווייל איך וואָלט האָבען כאָטש איין פריינד נעבען זיך, אָבער באַלד האָט עס מיר לייד געטהאָן. — מיין הערר, איך בין געשטאַנען ביי דער טהיר און האָב געהערט ווי מען האָט זי געשמיסען. יעדער שמיץ האָט געשניטען א טיפע וואונד אין מיין הארצען, און איך האָב גאַרנישט געקענט טהאָן איהר צו העלפען. און מען האָט זי געשמיסען, מיין הערר, נאָר דערפאַר וואָס זי האָט געוואָלט זיין אן אנשטענדיגע מיידעל, א זאך וואָס אייער געזעץ גיט א שקלאַווין קיין רעכט ניט דערצי׳ ענדליך האָב איך זי געזעהען געשמידט צו א סך אנדערע שווארצע, וועלכע א שקלאַווענהענדלער האָט געפיהרט צום מארק אין אָרליענס. מעהר האָב איך פון מיין שוועסטער ניט געהערט. לאנגע, לאנגע יאָהרען בין איך געוואקסען אָהן א פאָטער, אָהן א מוטער, אָהן א שוועסטער, אָהן א לעבעדיגע זעעלע, וואָס זאָל זיך קימערן וועגען מיר מעהר ווי וועגען א הונד ; — איך האָב געהאַט נאָר קללות, שמיץ און הונגער. וועל, מיין הערר, איך פלעג זיין אזוי הונגעריג דאָס איך פלעג זיין צופריעדען ווען איך האָב געפונען א ביין וואָס מען האָט ארויסגעוואָרפען פאר די הינט. און דאָך, ווען איך בין נאָך געווען א קליינער איינגעל און פלעג ליגען גאנצע נעכט און וויינען, האָב איך ניט געוויינט ווייל מען האָט מיך געשלאָגען און ניט ווייל איך בין געווען הונגעריג, ניין, מיין הערר, איך האָב געוויינט נאָך מיין מוטער און שוועסטער, ווייל איך האָב ניט געהאַט קיינעם ווער עס זאָל מיך ליעבען. איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס צופריעדענהייט איז, איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, אז מען זאָל צו מיר זאָגען א פריינדליכען וואָרט ביז איך בין געקומען צו אייך אין פאַבריק. מר. ווילסאָן, איהר האָט מיך בעהאַנדעלט גוט, איהר האָט מיר געגעבען מוטה זיך גוט אויפצופיהרען, איהר האָט מיך געלערנט לעזען און שרייבען און איהר האָט זיך גע־

געבען מיהע פון מיר צו מאַכען אַ מענשען, און גאָט איז מיין עדות ווי דאַנקבאַר איך בין אייך. דאַן, מיין העדר, האָב איך געטראָפּען מיין ווייב; איהר האָט זי געזעהען. איהר ווייסט ווי שעהן זי איז. ווען איך האָב אויסגעפונען, אַז זי ליעבט מיך און האָב זי געהייראַט, האָב איך געגלויבט אַז איך טרוים, אַזוי גליקליך בין איך געווען. און אַזוי ווי זי איז שעהן אַזוי איז זי גוט. אָבער וואָס איז יעצט? יעצט קומט מיין מאַסטער נעהמט מיך פּלוצלונג צו פון מיין אַרבייט און פון מיינע פריינד און דריקט מיך אַרונטער ביז דער ערד. און פאַר וואָס? וויל, זאָגט ער, איך האָב פערגעסען ווער איך בין און ער וועט מיך דערמאַהנען אַז איך בין בסך הכל אַ נעגער! און דאָס איז נאָך ניט גענוג, וויל ער מיך יעצט צושיידען מיט מיין פרוי און איך זאָל לעבען מיט אַן אַנדער פרוי. און דאָס אַלעס גיט איהם אייער געזעץ אַ רעכט צו טהאָן, געגען גאָט און מענשען. דיעזע אַלע זאַכען, וועלכע האָבען צובראָכען די האַרץ פון מיין מוטער, פון מיין שוועסטער, פון מיין ווייב און פון מיר, זיינען ערלויבט פון דעם געזעץ און יעדערער אין קענטאָקי קען עס טהאָן! רופט איהר דאָס אַן געזעץ פון מ י י ן לאַנד? מיין העדר, איך האָב ניט קיין פאַטערלאַנד אַזוי ווי איך האָב ניט קיין פאַטער. אָבער איך וועל עס האָבען. איך וויל גאָר־ניט פון א י י ע ר לאַנד, נאָר אַז זי זאָל מיך לאָזען צופריעדען און זאָל מיך אַרויסלאָזען. און ווען איך וועל זיין אין קאַנאַדאַ, וואו דאָס געזעץ וועט מיך בעשיצען, וועט ז י זיין מיין פאַטערלאַנד און איך וועל פאָלגען איהרע געזעצע. טאָמער וועט מיך ווער וועלען אָפּהאַלטען, זאָל ער זיך היטען, דען איך בין יעצט ענטשלאָסען צו אַלעס. איך וועל קעמפּפען פאַר מיין פרייהייט ביז מיין לעצטען אָטהעם. איהר זאָגט אַז אייערע עלטערען האָבען אַזוי געקעמפּפט פיר זייער פרייהייט, ווען זיי האָבען געהאַט אַ רעכט דערצו, האָב איך עס אויך!

דיעזע רעדע האָט ער געהאַלטען האַלב זיצענדיג, האַלב אַרומגע־הענדיג, מיט טרעהען און מיט פייער אין די אויגען, מיט פערצווייי־פעלטע בעוועגונגען און עס איז געווען גענוג אום שרעקליך אויפצוריה־רען דעם גוטמוטהיגען אַלטען מאַן אַז ער זאָל זיך ווישען די אויגען.

— זאָל זיי נעהמען דער טייוועל! האָט ער אויסגערופען. האָב איך דען ניט אַלע מאָל געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פערפלוכטע

העלל! איך קען זיך ניט איינהאַלטען פון פלוכען. געה פאַרוועדטס, דזשאָרדזש, געה פאַרוועדטס! אָבער זיי פאַרזיכטיג, שים קיינעם ניט, סיידען, — וועל, שים בעסער ניט. וואו איז דיין ווייב, דזשאָרדזש? האָט ער צוגעזעצט ארומגעהענדיג נערוועז איבער'ן צימער.

— זי איז אוועק, מיין העדר, זי איז אוועק מיט'ן קינד אויף די הענט, גאָט ווייס וואו. אויב מיר וועלען זיך א מאָל זעהען אָדער ניט, ווער קען וויסען?

— איז דאָס מעגליך! ווער וואָלט עס געקענט גלויבען אויף אזא פיינע פאמיליע.

— פיינע פאמיליעס פאַלען אריין אין שולדען און דאָס געזעץ פון אונזער לאַנד ערלויבט אוועקצורייסען א קינד פון זיין מוטער'ס ברוסט און עס צו פערקויפען צו דעקען זיין מאַסטער'ס שולדען, האָט דזשאָרדזש ביטערליך געזאָגט.

— וועל, וועל, האָט דער גוטער אַלטער מאַן געזאָגט זוכענדיג אין קעשענע. איך דענק אז איך האַנדעל ניט נאָך מיינונגען, אָבער צום טייוועל מיט די מיינונגען. אַלזאָ, דזשאָרדזש, און ארויסנעהמענדיג פון זיין בייטעל א פעקעל מיט פאַפּיער געלד, האָט ער עס איהם דערלאַנגט.

— ניין, מיין גוטער העדר, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, איהר האָט שוין פאר מיר אזוי פיעל געטהאָן, און דאָס קען אייך נאָך טהאָן שאַדען. איך האָב גענוג געלד און איך האָף אז דאָס וועט מיך ברענגען וואו איך דאַרף.

— דו מוזט נעהמען, דזשאָרדזש. געלד איז א גרויסע הילף אין אַלע נויטהען. אויפ'ן עהרליכען וועג קען מען עס ניט פיעל האָבען. נעהם, דזשאָרדזש, נעהם פאָלג מיך.

— וועל, דאן, אָבער מיט דעם תנאי, אז איך וועל האָבען זאָל איך עס אייך אָפּגעבען, האָט דזשאָרדזש געזאָגט און האָט צוגענומען דאָס געלד.

— יעצט, דזשאָרדזש, ווי לאַנג דענקסטו צו רייזען אין דיעזער ווייזע? איך האָף אז ניט לאַנג און ניט ווייט. עס איז גוט אָפּגעארבייט, אָבער צופיעל ריזיקירט. און וואָס איז דאָס פאר א שווארצער מיט דיר?

— אַ טרייער קערל, וועלכער איז אַוועק נאָך קאַנאַדאַ מעהר ווי מיט אַ יאָהר צוריק. ווען ער איז געווען דאָרטען האָט ער געהערט דאָס זיין מאַכטער איז געווען אין אַזאַ רציחה וועגען זיין ענטלויפען דאָס ער האָט געשמיסען זיין אָרימע, אַלטע מוטער. דעריבער האָט ער גענומען דעם לאַנגען וועג צוריק צו טרייסטען זיין מוטער און וואַרטען אויף אַ געלעגענהייט זי אַוועקצונעהמען.

— האָט ער זי בעקומען ?

— נאָך ניט. ער האָט זיך אַרומגעדרעהט אַרום דעם פּלאַץ און האָט ניט געהאַט קיין געלעגענהייט זי צו זעהן. דערווייל געהט ער מיט מיר נאָך אָהייאָ אום מיך דאָרטען אַריינצופיהרען צו פריינד, וועלכע האָבען איהם געהאָלפען, דאַן קומט ער צוריק נאָך איהר.

— געפעהרליך, זעהר געפעהרליך, האָט דער אַלטער געזאָגט.

דזשאָרדזש האָט זיך אויסגעגלייכט און האָט געשמייכעלט.

דער אַלטער האָט איהם בעטראַכט פון קאָפּ ביז פיס מיט פּער־וואונדערונג.

— דזשאָרדזש, אין דיר ליעגט עפּעס וואונדערבאַרעס. דו האַלסט דיין קאָפּ, דו רעדסט און דו בעוועגסט זיך גאָר ווי אַן אַנדער מענש, האָט מר. ווילסאָן געזאָגט.

— ווייל איך בין אַ פ ר י י ע ר מ אַ ן ! האָט דזשאָרדזש געענטפּערט מיט שטאָלץ. צום לעצטען מאָל זאָג איך איצטער „מאַסטער” צו אַ מענשען. א י ך ב י ן פ ר י י !

— פּאַס אויף ! דו ביזט נאָך ניט זיכער, — מען קען דיך נאָך כאַפּען.

— אַלע מענשען זיינען פריי און גלייך אין קבר, אויב עס זאָל דערצו קומען, מר. ווילכאָן, האָט דזשאָרדזש געזאָגט.

— איך בין גאַנץ ערשטוינט איבער דיין דרייסטקייט ! האָט מר. ווילסאָן געזאָגט, — צו קומען אין אַ קרעטשמע אַזוי נאָהענט פון פּלאַץ !

— מר. ווילסאָן, עס איז אַזאַ דרייסטקייט און דיעזע קרעטשמע איז אַזוי נאָהענט, דאָס זיי וועלען קיינמאָל ניט דענקען מיך דאָ צו זוכען. זיי וועלען מיך זוכען ווייט פון דאַנען. און דאַן האָט איהר אַליין דאָך מיך ניט דערקענט. דזשים׳ס מאַסטער וואוינט ניט אין דער געגענד און ער איז דאָ ניט בעקאַנט. אויסערדעם האָט מען איהם

שוין לאַנג אויפגעגעבען. קיינער זוכט איהם ניט, און מיך, דענק איך, וועט מען אויך ניט דערקענען נאָך דער בעקאַנטמאַכונג.

— אָבער דעם צייכען אויף דיין האַנד?

דזשאָרדזש האָט אַראָפּגעצויגען דעם האַנדשוה פון דער האַנד און האָט געצייגט אַ פריש פערהיילטען שניט אויף דעם פּלאַץ וואו עס איז געווען דער צייכען.

— דאָס איז געווען מר. הערריס'עס פריינדליכע אַטיעזדנע פאַר מיר, האָט דזשאָרדזש געזאָגט מיט אַ טאָן פון פעראַכטונג. מיט אַ פּאָאַר וואָכען צוריק איז איהם אַריין אין קאָפּ מיך צו בעשענקען מיט דעם שעהנעם צייכען, ווייל, האָט ער געזאָגט, ער פיהלט אַז איך וויל אַוועק. איז עס ניט אינטערעסאַנט? האָט דזשאָרדזש געענדיגט אָנציהענדיג צוריק זיין האַנדשוה.

— איך זאָג דיר, אַז מיין בלוט ווערט פערגליווערט אין מיינע אברים ווען איך דענק אַן דיין לאַגע און דיין ריזיקע, האָט מר. וויל-סאָן געזאָגט.

— און מיין בלוט האָט געגליווערט לאַנגע יאָהרען, מר. וויל-סאָן, יעצט אָבער האַלט עס ביים קאָכען, האָט דזשאָרדזש געענט-פערט.

— וועל, מיין גוטער הערר, האָט דזשאָרדזש פאָרטגעזעצט נאָך אַ קורצען שווייגען, איך האָב געזעהען אַז איהר האָט מיך דערקענט, האָב איך מיט אייך אָנגעפאַנגען צו ריידען כדי אייער איבעררעשענ-דער בליק זאָל מיך ניט פערראַטהען. איך פאָהר אַוועק מאָרגען פאַר טאָג. מאָרגען ביינאַכט האָף איך צו שלאָפען רוהיג אין אָהייאָ. איך וועל רייזען ביי טאָג און וועל זיך אָפּשטעלען אין די בעסטע האָטעלען, און וויל געהן צום טיש מיט די גדולים פון לאַנד. אַלזאָ, זייט געזונד מיין הערר. אויב איהר וועט הערען אַז מען האָט מיך געכאַפּט, זאָלט איהר וויסען אַז איך בין טויט!

דזשאָרדזש איז געשטאַנען ווי אַ פעלז און האָט אויסגעשטרעקט די האַנד מיט דער מינע פון אַ פּרינץ. דער פריינדליכער קליינער אַלטער האָט זי הערצליך געדריקט, און נאָך אייניגע וואָרנונגען צו דזשאָר-דזשען האָט ער גענומען זיין שירעם און איז אַרויס פון צימער.

דזשאָרדזש איז געשטאַנען אין געדאַנקען און האָט געקוקט אויף דער טהיר. פּלוצלונג האָט ער זיך עפּעס דערמאַהנט. ער איז שנעל

צוגעלאָפען צו דער טהיר, האָט זי אויפגעמאַכט און האָט געזאָגט:

— מר. ווילסאָן, נאָך איין וואָרט.

דער אַלטער מאַן איז אַריין צוריק און דזשאָרדזש האָט פערשלאָסען די טהיר ווי פריהער. דאַן איז ער געשטאַנען אַ ווײַלע און האָט געטראַכט צו זאָל ער זאָגען אָדער ניט. פּלוצלונג האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט געזאָגט:

— מר. ווילסאָן, איהר האָט זיך געצייגט צו מיר אַלס אַ בראַווער און זעעלענס־גוטער מאַן. איך האָב צו אייך אַ לעצטע בקשה.

— וואָס איז דאָס, דזשאָרדזש?

— דאָס וואָס איהר זאָגט אַז איך געה אין אַ גרויסער געפאַהר איז ריכטיג. קיינער אויף דער וועלט וועט זיך ניט קימערן ווען איך וועל שטאַרבען. ווען איך וועל בעגראָבען ווערן ווי אַ הונד וועט קיינער וועגען מיר ניט דענקען, אויסער מיין אָרימע פרוי. אָרימע זעעלע! זי וועט טרויערן און קלאָגען. ווען איהר וואָלט וועלען, מר. ווילסאָן, איהר צושיקען דיעזע שפּילקע. זי האָט עס מיר געמאַכט אַ פּרעזענט אויף אַ יום־טוב. אָרימע קינד! גיט עס איהר און זאָגט איהר, אַז איך האָב זי געליעבט ביז צו דער לעצטער מינוט. ווילט איהר דאָס טהאָן? האָט ער ערנסט צוגעזעצט.

— יעס! גאַנץ געוויס, אָרימער יונג! האָט דער אַלטער מאַן געזאָגט נעהמענדיג די שפּילקע מיט פייכטע אויגען און מיט אַ ציטערן אין דער שטימע.

— זאָגט איהר איין זאַך, האָט דזשאָרדזש געזאָגט: עס איז מיין לעצטער וואונש אַז אויב זי קען געהן נאָך קאַנאַדאַ, זאָל זי אַהין געהן. ווי גוט איהר מיסעס מעג זיין, ווי שטאַרק זי מעג ליעבען איהר היים, — בעט זי אַז זי זאָל ניט געהן צוריק, ווייל דער סוף פון שקלאַווערייַ איז אימער אונגליק. זאָגט איהר אַז זי זאָל ערציעהען אונזער זוהן אַלס אַ פרייען מאַן, דאַן וועט ער ניט ליידען ווי איך. זאָגט איהר דאָס, מר. ווילכאָן, וועט איהר עס טהאָן?

— יעס, דזשאָרדזש, איך וועל איהר זאָגען. אָבער איך האָף אַז דו וועסט נאָך ניט שטאַרבען, מאַך זיך האַרץ, דו ביזט אַ בראַווער קערל. פערטרוי אין גאָט, דזשאָרדזש. איך ווינש פון מיין האַרצען אַז דו זאָלסט דורכקומען בשלום, אָבוואָהל —

— איז דאָ א גאָט אין וועמען מען זאָל פערטרויען ? האָט דזשאָרדזש געזאָגט, איהם איבערשלאָגענדיג די רייד, אין אזא פער־צווייפעלטען טאָן, דאָס די ווערטער זיינען ביי דעם אלטען געבליבען שטעקען אין האלז. איך האָב געזעהען אזעלכע זאכען אין מיין לעבען דאָס איך מוז דענקען, אז עס קען קיין גאָט ניט געבען. איהר קריסטען ווייסט גאָר ניט ווי די זאכען זעהען אויס פאר אונז. עס איז דאָ א גאָט פאר אייך, אָבער איז דאָ איינער פאר אונז ?

— אָה, רעד ניט אזוי, רעד ניט אזוי ! האָט דער אלטער מאַן געזאָגט כמעט וויינענדיג, עס איז דאָ, עס איז דאָ. וואָלקענס און פינכטערנים זיינען ארום איהם, אָבער גערעכטיגקייט הערשט אויף זיין טהראָן. עס איז דאָ א גאָט, דזשאָרדזש, פערלאָז זיך אויף איהם און ער וועט דיר העלפען. אלעס וועט גוט ווערן, — אויב ניט אויף דער וועלט, איז אויף יענער.

— איך דאנק אייך זעהר פאר אייערע ווערטער, האָט דזשאָרדזש נאָך א קורצען נאכדענקען געזאָגט, איך וועל זיך דאָס איבער־לייגען.

---

צוועלפטער קאפּיטעל.

## דער שקלאווענהאנדעל.

מר. האלעי און טאָם זיינען געפאָהרען ווייטער אין זייער וואָגען, יעדערער פון זיי איז געווען פערטיפט אין זיינע אייגענע געדאנקען. אָבער עס איז געווען א מאָדנע זאך. זיי זיצען דאך ביידע אויף דעם זעלבען זיץ, האָבען דיזעלבע אויגען, אויערן, הענד און אלע איברי־גע גלידער און האָבען געזעהען די זעלבינע זאכען ארום זיך, און דאך ווי וואונדערבאר פערשיעדען זיינען געווען זייערע געדאנקען.

מר. האלעי, צום ביישפּיעל, האָט צוערשט געקלעהרט וועגען טאָם'ס לענג און ברייט און פאר וויפיעל ער וואָלט איהם געקענט פער־קויפען ווען ער וואָלט איהם געמאכט פעט און וואָלט איהם געהאלטען אין גוטען צושטאנד ביז'ן מארק. ער האָט געקלעהרט וועגען זיינע אַנדערע נעגערס ; ווי אזוי ער וועט סאָרטירען מענער, פרויען און

קינדער, ווען ער וועט זיי ברענגען אויפ'ן מאַרק. ווידער האָט ער געקלעהרט ווי גוט ער איז צו זיינע נעגערס אין פערגלייך צו אנדערע שקלאווענהענדלער, וועלכע שמידען זייערע שקלאַווען הענד און פיס און ער שמידט זיי נאָר די פיס אליין און לאָזט זיי די הענד פריי. טאָם, ווידער, האָט געקלעהרט גאַנץ אַנדערש. ער האָט געקלעהרט אַרום זיין פרוי און קינדער, פון וועלכע מען האָט איהם אוועקגעריסען, ער האָט געקלעהרט וועגען זיין היים, וואו ער איז אויפגעוואקסען געוואָרען און האָט פערבראַכט אזוי פיעל גליקליכע יאָהרען, ער האָט געקלעהרט אַרום זיין גוטען מאַסטער און די מיכעס, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען איהם צו פערקויפען צו אַ מאַן, וועלכער האָט ניט געפיהלט, אַז אַ שווארצער מענש האָט אויך אַזאַ נשמה, אַזאַ הארץ ווי ער און וויל אויך לעבען ווי אַ מענש.

מר. האַלעי האָט אַרויסגענומען פון זיין קעשענע פערשיעדענע צייטונגען, האָט אויסגעקליעבען איינע און האָט גענומען דורכקוקען אין איהר די אַנאָנסען. אַזוי ווי ער איז ניט געווען קיין גרויסער למדן האָט ער געלעזען האַלב אין דער הויך. דער אויער זאָל איהם צוהעלפען פערשטעהן וואָס ער לעזט. ער האָט געלעזען פאָלגענדע אַנאָנסע :

„געריכטליכער אויספערקויף, — נעגערס ! אויף בעפעהל פון דעם געריכט וועלען פערקויפט ווערען דיענסטאָג דען 20טען פעברואַר, פאַר דער טהיר פון געריכטס־הויז, אין דער שטאָדט וואשינגטאָן, אין קענטאַקי, פאָלגענדע נעגערס : האַגאַר, 60 יאָהר אַלט ; דזשאָהן, 30 יאָהר ; בען, 21 יאָהר ; סאַול, 25 יאָהר ; אַלבערט, 14 יאָהר. ווערען פערקויפט צום בענעפיט פון די בעלי חובות און די יורשים פון דעם אייגענטהום פון הערן דזשעססע בלאַטשפאָרד.”

„סעמיועל מאָריס,

טהאָמאַס פלינט,

געריכטס־פאָלציהער.”

— דאָס מוז איך זעהען, האָט ער געזאָגט צו טאָם'ען, אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט צו וועמען אַנדערש צו ריידען. זעהסטו, איך וויל צונויפנעמען אַ כאַפּטע פיינע נעגערס און וויל זיי אַוועקשיקען מיט דיר צוזאַמען דאָרטען אונטען. עס וועט זיין אַ גוטע אנגענעהמע קאָמפּאַניע, מיט וועמען צו פערברייננען. מיר וועלען פאָהרען גלייך נאָך

וואשינגטאָן, דאָרטען וועל איך דיך ארייננעבען אין געפענגנים און איך וועל דערווייל אָבטהאָן מיינע געשעפטען.

דיזע פרייליכע בשורה האָט טאָם, ווי עס האָט געשיינט, גאנץ גלייכגילטיג אָנגענומען. עס האָט איהם נאָר אינטערעסירט צו וויסען, אויב די אנדערע קרבנות, וואָס ער געהט קויפען, לאָזען אויך איבער ווייבער מיט קינדער ווי ער, און אויב זיי פיהלען אויך ווי ער. עס איז איבריג צו זאָגען אז דיזע אזוי איינפאך אָנגעמעלדעטע בשורה אז ער וועט ארייגגעוואָרפען ווערען אין געפענגנים האָט ניט געמאכט קיין זיסען איינדריק אויף אזא מאַן ווי טאָם, וועלכער האָט אין זיין לעבען קיין אנדערע זאך ניט געוואוסט ווי צו זיין עהרליך און טריי. אונטערדעסען איז דער טאָג אוועק און דער אָבענד האָט געבראכט האַלעי מיט טאָם'ן אין וואשינגטאָן וואו טאָם האָט געפונען זיין בע־קוועמליכקייט אין געפענגנים און האַלעי אין א קרעטשמע.

נעגען עלף א זייגער דעם נעכסטען טאָג זיינען א געמישטע גרופּע מענשען געשטאַנען ארום געריכטס־הויז. זיי האָבען געוויכערט, געקייט טאַבאַק, געשפּיגען, געשריען, געשאָלטען און געוואַרט אויפ'ן אָקציאָנער. די שקלאַווען און שקלאַווינס, וועלכע האָבען געדאַרפט פערקויפט ווערען, זיינען געזעסען אין א קאָמפּאַניע און האָבען שטילערהייד צווישען זיך גערעדט. די פרוי, וועלכע איז אָנאָנ־סירט געוואָרען צום פערקויפען מיט'ן נאָמען האגאר, איז געווען אן עכטע אפריקאַנערין אין געזיכט און געשטאַלט. זי האָט געקענט אַלט זיין א יאָהר זעכציג, אָבער פון די שווערע ארבייט און קראנקהייט האָט זי אויסגעזעהען פיעל עלטער. זי איז געווען האלב בלינד און פערקריפּעלט פון רומאַטיזם. ביי איהר זייט איז געשטאַנען איהר איינציג געבליבענער זוהן אַלבערט, א שעהנער קליינער יונג פון א יאָהר פערצעהן. ער איז געווען דאָס איינציגע קינד, וואָס איז איהר געבליבען פון א גרויסער פאמיליע, וועלכע איז איינציגווייז פער־קויפט געוואָרען אין די דרום פּלאַנטאַציעס. די מוטער האָט איהם צוגעהאַלטען מיט איהרע ציטערדיגע הענד און האָט מיט אנגסטעז גע־קוקט אויף יעדערן וואָס איז איהם געקומען בעטראַכטען.

— האָב קיין מורא ניט, מאַנטע האגאר, האָט דער עלטערער פון די שקלאַווען צו איהר געזאָגט, איך האָב גערעדט מיט'ן מאַסטער

וועגען דעם און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זעהען איך ביידען צו פערקויפען אין איינעם.

— זאָלען זיי ניט זאָגען, האָט זי געזאָגט אויפהייבענדיג איהרע ציטערדיגע הענד, אַז איך טויג שוין ניט צו אַרבייטען, איך קען נאָך קאָכען, וואַשען, שייערן און רייניגען. איך בין ווערטה צו קויפען, ווען מען זאָל פאַר מיר בעטען ניט טהייער. דערצעהל זיי דאָס, זעה דערצעהל זיי, האָט זי צוגעזעצט מיט אַ בעטענדיגע שטימע.

האַלעי איז אין דעם צוגעקומען צו דער שווארצער גרופּע. ער איז צוגעגאַנגען צום עלטערן מאַן, האָט איהם אויפגעמאַכט דעם מויל און האָט בעטאַפּט זיינע צייהן. דאַן האָט ער איהם געהייסען אויפ־שטעהן און אויסגלייכען זיך, אי נבויגען זיך און מאַכען פערשיעדענע בעוועגונגען, אום צו בעטראַכטען זיינע מוסקעלן. דאַן איז ער צוגע־גאַנגען צו אַן אַנדער'ן און האָט מיט איהם געמאַכט דיזעלבע פּראָבע. דער אינגעל איז געווען דער לעצטער. ער האָט געטאַפּט זיינע הענד און זיינע פיס און האָט בעטראַכט זיינע פינגער. דאַן האָט ער איהם געהייסען שפּרינגען און צייגען זיין בעוועגליכקייט.

— ער וועט ניט פערקויפט ווערען אָהן מיר! האָט די אַלטע ציטערנדיג געזאָגט. איך און ער געהען צוזאַמען. איך בין נאָך שטאַרק, מאַסטער, און קען נאָך אויפטהאָן בערג מיט אַרבייט; בערג, זאָג איך, מאַסטער!

— אין די פּלאַנטאַציעס? האָט האַלעי געזאָגט וואַרפענדיג איהר אַ פערעכטליכען בליק. עס זעהט טאַקע אַזוי אויס! ער איז אָפּגעטראָטען אָן אַ זייט און האָט זיך געשטעלט קוקען אויף דער גרו־פּע מיט די הענד אין די קעשענעס, מיט אַ ציגאַר אין מויל, מיט דעם הוט אויף אַ זייט און איז געווען פאַרטיג צום מסחר.

— וועל, וואָס דענקט איהר וועגען זיי? האָט אַ מאַן געפרעגט ביי האַלעי, ווען ער האָט געזעהען ווי ער האָט זיי עקזאַמינירט.

— וועל, האָט האַלעי געזאָגט אויסשפּייענדיג, איך דענק אַז איך וועל האַנדלען די אינגערע און דעם אינגעל.

— זיי ווילען פערקויפען דעם אינגעל מיט דער אַלטער צוזאַמען, האָט דער מאַן געזאָגט.

— דאָס איז אַ שווערע הלכה. זי איז אַן אַלטער הויפען ביינער, און זי איז ניט ווערטה די זאַלץ וואָס זי עסט אויף.

— דער וואָס וואָלט עס טהאָן וואָלט זיין א נאַר, האָט האַלעי געענטפערט. זי איז האַלב בלינד, צונויפגעדרייט פון רומאַטיזם און האָט ניט מעהר שכל פון א בהמה.

— עס זיינען דאָ לייטע וואָס קויפען אַזעלכע אַלטע בעשעפעניסען און זאָגען אַז זיי האָבען פון זיי מעהר נוצען ווי פון יונגע און געזונדע, האָט דער מאַן נאָכדענקליך געזאָגט.

— דאָס וועט ניט געהן, האָט האַלעי געזאָגט. איך וועל זי ניט נעהמען ווען מען זאָל זי מיר אפילו שענקען.

— עס איז דאָך אָבער א מיטלייד זי ניט צו קויפען מיט איהר זוהן צוזאמען. זי שיינט צו זיין אַזוי צוגעטהאָן צו איהם. ווי וועט זיין, אַז זיי זאָלען זי אַוועקגעבען ביליג?

— די וואָס האָבען גענוג געלד קענען דאָס טהאָן, האָט האַלעי געזאָגט. איך וועל דעם אינגעל פערקויפען אין א פּלאַנטאַציע, און איך וויל די אַלטע ניט האָבען ווען מען זאָל זי מיר אפילו געבען אומזיסט.

— די אַלטע וועט מאַכען געוואַלטען, האָט דער מאַן געזאָגט.

— נאַטירליך וועט זי דאָס טהאָן, האָט האַלעי קאַלט געענטפערט.

דאָ איז די אונטערהאַלטונג אונטערבראָכען געוואָרען פון א געטומעל צווישען די פערזאַמעלטע.

דער אַקציאָנער, א נידריגער, לעבעדיגער מאַן, איז געקומען און האָט זיך דורכגעשלאָגען דורך די הענדלער צו די שקלאַווען. די אַלטע האָט איינגעצויגען איהר אָטהעם און האָט אינסטינקטיוו צוגעצויגען צו זיך איהר זוהן.

— האַלט זיך נאָהענט צו דיין מאַמען, אַלבערט, גאַנץ נאָהענט, זיי וועלען אונז פערקויפען צוזאַמען, האָט זי געזאָגט.

— אָה, מאַמע, איך האָב מורא, אַז זיי וועלען אונז ניט פערקויפען צוזאַמען, האָט דער אינגעל געענטפערט.

— זיי מוזען, מיין קינד! אויב זיי וועלען עס ניט טהאָן, קען איך ניט לעבען, האָט די אונגליקליכע אַלטע געזאָגט מיט א הארצרייסענדע שטימע.

די שטאַרקע שטימע פון דעם אַקציאָנער, וועלכער האָט געשריען, אַז מען זאָל מאַכען פּלאַץ, האָט געוויזען, אַז די אַקציאָן פאַנגט

זיך אָן. די שטייגונג האָט זיך גלייך אָנגעפאַנגען און פערשיערענע מענער פון די שקלאַווען אויפ׳ן צעטעל זיינען פערקויפט געוואָרען פאַר א גוטען פרייז ; דאָס האָט געוויזען אז דער קורס איז געווען גוט. צוויי פון די שקלאַווען זיינען אָנגעקומען צו האַלעי.

— קום נאָר אהער, קליינער, האָט דער אקציאָנער געזאָגט, אָנריהרענדיג דעם אינגעל׳ס אָרעם מיט דעם הילצערנעם האמער. געה נאָר ארויף און ווייז ווי דו קענסט שפּרינגען.

— שטעלט אונז אויףביידען צוזאמען, צוזאמען — זעהט, האָט רחמנות, מאַסטער, צוזאמען, האָט די אלטע געבעטען האַלטענדיג דעם אינגעל.

— אוועק ! האָט דער מאַן גראָב אויסגערופען און האָט אָפּגעשטויסען איהרע הענד. דו קומסט די לעצטע. אנו, שווארצינקער, שפּרינג, און מיט דיעזע ווערטער האָט ער איהם צוגעשטופּט צו א קלאָץ, וועהרענד א טיעפער און שווערער קרעכץ האָט זיך געהערט הינטער איהם. דער אינגעל האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט געקוקט הינטער זיך. אָבער צייט צום אָפּשטעלען זיך האָט ער ניט געהאַט ; ער האָט אָפּגעווישט די טרעהרען פון זיינע שעהנע גרויסע אויגען און איז ארויף אויפ׳ן קלאָץ.

זיין שעהנע געשטאַלט, זיין שעהנער פּנים און זיינע בעוועגליכע גלידער האָבען ארויסגערופען ביי די שקלאַפּענהענדלער א שטאַרקען חשק איהם צו קויפען און האָבען אָנגעפאַנגען איינער דעם אַנדערן איבערצושטייגען. ענדליך האָט האַלעי אַלעמען איבערגעשטיגען און ער האָט איהם בעקומען. מען האָט דעם אינגעל אראָפּגעשטופּט פון קלאָץ און צוגעשטופּט צו זיין נייען מאַסטער. ער האָט געקענט געבען נאָר איין בליק הינטער זיך און האָט געזעהען ווי זיין אָרימע אַלטע מוטער האָט געציטערט אין אַלע איהרע גלידער און האָט אויסגעשטרעקט די הענד צו איהם.

— קויפט מיך אויך, מאַסטער, אויב איהר האָט גאָט אין הארצען — קויפט מיך ! איך וועל שטאַרבען אויב איהר וועט מיך ניט קויפען !

— דו וועסט שטאַרבען, אז איך וועל דיך קויפען, — האָט האַלעי געזאָגט, און האָט זיך אומגעדרעהט און איז אוועק.

די שטייגונג פאַר דער אָרימער אַלטער איז געווען קורץ. דער

מאַן וואָס האָט גערעדט צו האַלעי און האָט געשיינט צו האָבען מענ־שען־געפיהל, האָט זי געקויפט פאַר אַ קלייניגקייט, און אַלע האָבען זיך אַנגעפאַנגען פאַנאַנדערצוגעהן.

די אָרימע קרבנות פון דיעזען האַנדעל, וועלכע האָבען געלעבט אַזוי פיעל יאָהרען צוזאַמען, האָבען זיך פערזאַמעלט אַרום דער פער־צווייפעלטער אַלטער מוטער, וועמעס שמערצען זיינען געוועזן שרעק־ליך צוצוזעהען.

— פאַר וואָס האָבען זיי מיר ניט געלאָזען כאָטש איינעם ? דער מאַכטער האָט אַלע מאָל געזאָגט, אַז ער וועט מיר איינעם לאָזען. אַזוי האָט ער געזאָגט. דאָס האָט זי פיעל מאָל וויעדערהאָלט מיט אַ צו־בראָכענעם הארצען.

— פערלאָז זיך אויף גאָט, טאַנטע האַגאַר, האָט דער עלטסטער פון די שקלאַפען טרויעריג געזאָגט.

— וואָס וועט עס מיר העלפען ? האָט זי געזאָגט יאָמערנדיג.

— מאַמע, מאַמע, — וויין ניט, האָט דער אינגעל געזאָגט, זיי זאָגען אַז דו האָסט אַ גוטען מאַסטער.

— וואָס האָב איך דערפון, — וואָס האָב איך ! אָה, אַלבערט ! מיין זוהן ! דו ביזט מיין לעצטעס קינד ! אָה גאָט, ווי קען איך דאָס אויסהאַלטען !

— נעהמט זי צו, וואָס שטעהט איהר, נעהמט זי צו, האָט האַ־לעי טרוקען געזאָגט. דאָס טהוט איהר גאָר קיין גוטס ניט.

די מענער וואָס זיינען דאָ געשטאַנען האָבען זי האַלב מיט גוטען און האַלב מיט געוואַלט צוגענומען פון איהר קינד און טרויכטענדיג האָבען זיי זי אַוועקגעפיהרט צום וואָגען פון איהר נייען מאַסטער.

— יעצט קומט אַהער, האָט האַלעי געזאָגט, און האָט צו־זאַמענגעפיהרט זיינע דריי שקלאַוועז. ער האָט זיי אַלע דריי אַנגע־טהאָן האַנד־קייטען און זיי אַוועקגעפיהרט אין געפענגניס.

אין עטליכע טעג אַרום האָט האַלעי געבראַכט זיין מענשליכע סחורה אויף אַ שיף וואָס געהט פון אָהייאָ נאָך די זידליכע שטאַאַטען. אויף דעם וועג מיט׳ן טייך האָבען זיינע אַגענטען געהאַלטען פאַר איהם אַנגעגרייט נאָך שקלאַוועז, וועלכע ער האָט אויפגעקויפט און געפיהרט צו פערקויפען אויף די פּלאַנטאַציעס.

די „לאַ בעלל ריוויער" איז געוועזן אַ שעהנע שיף און האָט גע־

פיהרט פיעלע פּאַסאַזשירען אַראָפּ דעם טייך. דער אַמעריקאַנער פלאַג האָט געפלאַטערט איבער איהר און די הערדען און דאַמען, וועלכע האָבען אַרומגעשפּאַצירט אויפ'ן דעם, האָבען געשעפּט פערגניגען פון דעם שעהנעם טאָג און פון די שעהנע נאַטור־סצענעס פון דעם מי־סיסיפּי. אַלע האָבען זיך געפרייט און זיינען געווען לוסטיג, אויסער האַלעי'ס שקלאַווען וועלכע זיינען געלעגען אונטען אין שיף צוזאַמען מיט די פראַכט און האָבען שטילערהייד גערעדט וועגען זייער לאַגע.

— קינדער, האָט צו זיי האַלעי געזאָגט אַראָפּקומענדיג. איך האָף, אַז איהר׳ זייט מוטהיג און איהר פיהלט זיך גוט. פיהרט זיך אויף רוהיג און זייט מענשען, וועל איך אויך זיין גוט צו אייך.

די שקלאַווען האָבען געענטפערט: „יעס, מאַסטער". דאָס איז דאָס וואָרט פון די אונגליקליכע קינדער פון אפריקא זייט פיעלע דורות. ווי די שקלאַווען האָבען ווירקליך געפיהלט, נאָכדעם ווי מען האָט זיין אַוועקגעריסען פון זייער מוטערס, פאָטערס, ברידער, שוועסטערס, מענער, פרויען און זיי געפיהרט אין אַ גיהנום, דאָס האָבען שקלאַווענהענדלער ניט מיטגעפיהלט. זיי האָבען פערלאַנגט זיי זאָלען צייגען זיך לוסטיג, טראָגענדיג אין האַרצען זייערע צרות.

— איך האָב אַ ווייב, האָט געזאָגט דער אַרטיקעל, וועלכער איז געווען פערשריעבען אויף האַלעי'ס צעטעל: „דזשאָהן, דרייסיג יאָהר אַלט", און האָט אַוועקגעלעגט זיין געשמידעטע האַנד אויף טאָם'ס קניע — און זי ווייס גאַרניט דערפון, אָרימע פרוי!

— וואו איז זי? האָט טאָם געפרעגט.

— אין אַ קרעטשמע, ניט ווייט פון דאַנען. איך וואָלט זי גע־וואָלט זעהן כאָטש נאָך איין מאָל אויף דיזער וועלט.

אָרימער דזשאָהן! די טרעהרען וועלכע זיינען געפלאָסען פון זיינע אויגען, ווערהענד ער האָט דאָס געזאָגט, זיינען געווען אַזוי נאַטירליך אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ ווייסער מענש. טאָם האָט אַרויסגעלאָזען אַ לאַנגען זיפץ פון זיין צובלוטיגטע האַרץ און האָט זיך בעמיהט מיט אַלע זיינע קרעפטען צו טרייסטען דעם אונגליק־ליכען.

און איבער זיי אין שיף זיינען געזעסען פאָטערס, מוטערס, מע־נער און פרויען און קינדער, וועלכע האָבען זיך פריילוך און לאַכענ־

דיג ארומגעדרעהט, ארום די עלטערן ווי זומער פייגעלעך און האָבען זיך געפיהלט גליקליך.

— אָה, מאמע, האָט געזאָגט א אינגעל, וועלכער איז יעצט ארויפגעקומען פון אונטער'ן דעק פון שיף: א שקלאַווענהענדלער איז דאָ אויפ'ן שיף און פיהרט א פיער, פינף שקלאַווען.

— אָרימע בעשעפעניכען! האָט די מוטער געזאָגט מיט א טאָן פון מיטלייד און צאָרן.

— וואָס איז דאָרטען? האָט אנאנדערע דאמע געפרעגט.

— אייניגע אָרימע שקלאַווען זיינען אונטען.

— און זיי זיינען געשמידט אין קייטען, האָט דער אינגעל געזאָגט.

— וואָס פאר א שאַנדע איז עס פאר אונזער לאַנד, אז מען דארף זעהן אזעלכע מערדעריליכע האנדלונגען, האָט אנאנדערע דאמע געזאָגט.

— עס איז דאָ גענוג צו ריידען וועגעןביידע זייטען, האָט געזאָגט א פרוי, וועלכע האָט עפּעס גענעהט און ארום וועלכער צוויי קינדער האָבען זיך ארומגעשפּיעלט; איך בין געוועזען אין די זידליכע שטאַאַטען אויף די פּלאַנטאַציעס און איך קען זאָגען, אז די שקלאַווען איז דאָרטען בעסער ווי ווען זיי וואָלטען געוועזען פריי.

— מען קען ניט לייקענען אז א טהייל פון די שקלאַווען איז גוט, אָבער עס איז גרויזאַם, דאָס מען רייסט פאנאנדער פאמיליען.

— דאָס איז געוויס זעהר א שלעכטע זאַך, האָט די צווייטע פרוי געזאָגט, אָבער איך גלויב ניט אז דאָס פּאסירט זעהר אָפט.

— אָה יעס, זעהר אָפט! האָט די ערשטע פרוי געזאָגט מיט היץ. איך האָב געלעבט אין קענטאַקי און אין ווירדזשיניא פיעלע יאָהרען און איך האָב געזעהען גענוג כצענעס, פון וועלכע די האָאָר שטעלען זיך אויפ'ן קאָפּ. שטעלט זיך פאָר, מאדאם, אז מען נעהמט פון אייך צו אייערע צוויי קינדער און מען פערקויפט זיי?

— מיר קענען ניט פערגלייכען אונזערע געפיהלען מיט די געפיהלען פון דיעזע מענשען, האָט די צווייטע פרוי געזאָגט, סאָרטירענדיג וואָלענע פאָדים אויף איהר שויס.

— איהר קענט דיעזע מענשען גאָרניט ווען איהר רעדט אזוי.

איך בין געבאָרען און אויפגעוואקסען צווישען זיי. איך ווייס אז זיי פיהלען אזוי גוט ווי מיר, אויב ניט מעהר.

— אפשר, האָט די דאמע געזאָגט גענעצענדיג און האָט געקוקט דורכ׳ן פענסטער פון שיף ; דאָך גלויב איך אז עס איז זיי בעסער ווי ווען זיי וואָלטען געווען פריי.

— עס מוז געוויס זיין בעשערט פון אויבען אז די אפריקאנער ראסע זאָלען זיין דיענער און זאָלען געהאַלטען ווערן אין א נידריגען צושטאנד, האָט געזאָגט א גייסטליכער אָנגעטהאָן אין שווארצע קליי־דער. „פערפלוכט זאָל זיין כנען, א קנעכט צו קנעכט זאָל ער זיין", זאָגט די הייליגע שריפט.

— הערט נאָר, פרעמדער ! מיינט דאָס טאַקי די הייליגע שריפט מיט דיעזע ווערטער ? האָט געפרעגט א הויכער מאן, וועלכער איז געשטאַנען דערביי.

— געוויס. אוים אָן אורזאָך, וועלכע מיר קענען ניט פער־שטעהן, האָט גאָט פון לאנגע דורות אָן דיעזע ראסע פערשאָלטען צו זיין שקלאווען, און מיר דארפען דעריבער ניט זאָגען אונזער מיי־נונג.

— אויב דאָס איז אזוי, וועלען מיר אַלע געהן קויפען נעגערס, האָט דער מאן געזאָגט. איבערהויפט אז דאָס איז דער ווילען פון גאָט. וואָס ניט, מיין הערר ? האָט ער צוגעזעצט זיך ווענדענדיג צו מר. האַלעי, וועלכער איז געשטאַנען ביין אויווען מיט די הענד אין קעשענע און האָט זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צום געשפּרעך.

— יעס, האָט דער הויכער מאן פאָרטגעזעצט, מיר מוזען זיך אַלע אונטערוואַרפען אונטער גאָט׳ס גזירות. נעגערס מוז מען פער־קויפען, מען מעג זיי שטיקען און דריקען ; דערצו זיינען זיי בעשאַ־פען געוואָרען. מיר שיינט, אז דיעזע מיינונג איז גאָר מחיה׳דיג, דענקט איהר ניט אזוי, קרוב ? האָט ער געזאָגט צו האַלעי.

— איך האָב קיינמאָל וועגען דעם ניט געקלעהרט, האָט האַלעי געענטפערט. אזוי ווייט דענק איך שוין זעלבסט ניט. איך האָב ווע־ניג געלערנט. איך האָב זיך גענומען צו דיעזען מסחר בלויז צו מאכען א לעבען. אויב עס איז ניט רעכט, וועל איך עס מיט דער צייט וויסען.

— יעצט דאַרפט איהר זיך וועגען דעם ניט קימערן. יעצט



האלעי, דער פרעמדער און דער גייסטליכער.

ווייסט איהר שוין וואָס די הייליגע שריפט לערנט, האָט דער הויכער מאַן געזאָגט. ווען איהר וואָלט נאָר געשטודירט די ביבעל וואָלט איהר שוין דאָס געוואוסט מיט יאָהרען צוריק און וואָלט געהאט א רייַנערן געוויסען און איהר וואָלט זיך ניט געקימערט וואָס איהר האַנדעלט מיט שקלאַווען. איהר וואָלט געדאַרפט אָנווייזען אויף דעם פסוק „פערפלוכט איז כנען" א. ז. וו. און דער הויכער מאַן, וועלכער איז ניט געוועזען קיין אַנדערער ווי דער עהרליכער אָקסען הענדלער, וועלכען מיר האָבען קענען געלערנט אין דער קענטאָקער קרעטשמע, האָט זיך אַנידערגעזעצט און האָט אָנגעפאַנגען צו רויכען מיט א מאָדנעם שמייכעל אויף זיין לאַנגען, טרוקענעם געזיכט.

א הויכער, מאַגערער יונגער מאַן, מיט א מילדען און קלוגען פנים, האָט זיך דאָ אַריינגעמישט און האָט צוטירט א פסוק פון דער ביבעל: „אַלעס וואָס איהר ווילט, אַז אַנדערע זאָלען טהאָן צו אייך, זאָלט איהר טהאָן צו זיי". אָט דאָס שטעהט אויך אין דער ביבעל, גראַדע ווי דער פסוק „פערפלוכט איז כנען", האָט ער צוגעזעצט.

וועל, יענער פסוק שיינט צו זיין אַזוי קלאָר ווי דיעזער, פרעמדער, האָט דזשאהן, דער אָקסענהענדלער, געזאָגט, פאַר אַזעלכע פראָסטע מענשען, ווי מיר זיינען, און דזשאהן האָט אָנגעפאַנגען נאָך שטאַרקער צו רויכען.

דער יונגער מאַן האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגען, אָבער דאָ האָט זיך די שיף פּלוצלונג אָפּגעשטעלט און אַלע זיינען געלאָפען זעהען ווער עס געהט אַראָפּ אָדער אַרויף אויפ'ן שיף.

— דאָס זיינען צוויי גייסטליכע, האָט דזשאהן געזאָגט צום אַנדערן מאַן ווען יענע צוויי זיינען אַראָפּ פון שיף.

דער מאַן האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

ווען די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט איז א שוואַרצע פרוי ווילד אַרויפגעלאָפען אויפ'ן שיף; זי האָט זיך דורכגעשטופּט דורך די מענשען און איז געלאָפען דאָרטען וואו די שקלאַווען זיינען געוועזען פערזאַמעלט; זי איז אַרויפגעפאַלען אויפ'ן האַלז אויף א שטיק לעבעדיגע סחורה וואָס איז געוועזען פערצייכענט „דזשאהן, דרייסיג יאָהר אַלט" און מיט טרעהרען און יאָמערן האָט זי געקלאָגט, איבער איהם אַלס איהר מאַן.

דיעזע סצענע צו בעשרייבען איז איבריג, זי איז צו האַרצרייי־סענד צו ווידערהאָלען.

דער הויכער, יונגער מאַן, וועלכער האָט פריהער ציטירט דעם פּסוק פון דער ביבעל, איז געשטאַנען מיט פערלייגטע הענד און האָט בעטראַכט די סצענע. ער האָט זיך אומגעדרעהט און האָט געזעהען האַלעי'ן שטעהענדיג נעבען איהם.

— מיין פריינד, האָט ער געזאָגט מיט אַ טיעפער שטימע; ווי קענט איהר, ווי וואגט איהר צו פיהרען אַזאַ מסחר! קוקט אויף דיעזע אָרימע נפשות! איך פריי זיך איצטער וואָס איך געה אַהיים צו מיין פרוי און קינדער, און דערזעלבער קלונג וואָס וועט אָנמעל־דען אַז איך פאָהר וויטער און וועל זיין נעהענטער צו מיין היים, וועט צושיידען איין אונגליקליכע פּאָאַר פאָלק אויף עביג. איהר מעגט זי־כער זיין, אַז גאָט וועט אייך בעצאָהלען דערפאַר.

דער שקלאַווענהענדלער האָט זיך שטילערהייט אָפּגעקעהרט.

— זאָגט נאָר, האָט צו איהם דער אָקסענהענדלער געזאָגט, אָנ־ריהרענדיג זיין עלענבויגען; צווישען גייסטליכע איז אויך דאָ אַן אונטערשיעד, דענקט איהר ניט? הפּנים אַז דיעזער פּערטייטשט גאַנץ אַנדערש דעם פּסוק „פערפלוכט איז כנען”?

האַלעי האָט געענטפערט מיט אַ בייזען ברום.

— און דאָס איז נאָך ניט אַזוי שלעכט, האָט דער אָקסענהענד־לער פּאָרטגעזעצט. ווען איהר וועט אַמאָל דאַרפען געבען דין וחשבון פאַר אייערע מעשים, וועט עס זיין גאָרניט פריילעך.

האַלעי איז נאָכדענקענד אַוועקגעגאַנגען צו דער אַנדערער זייט פון שיף.

ווען איך זאָל גוט אויכמאַכען אין די נעכסטע צוויי אָדער דריי נסיעות, האָט ער געטראַכט, וועל איך נאָך היינטיגען יאָהר אויפ־געבען דיעזען מסחר. עס ווערט שוין טאַקע געפעהרליך. און ער האָט אַרויסגענומען זיין ביכעל און האָט איבערגעקוקט זיינע חשבונות, אַ זאַך וואָס אַלע עהרענלייט ווי האַלעי טהוען, ווען זיי פיהלען זיך אַביסעל ניט בשלום מיט'ן געוויסען.

די שיף איז אָפּגעגאַנגען פון ברעג און עס איז אויף איהר ווידער געוואָרען לעבעדיג. מענער האָבען גערויכערט, זיך אונטערהאַלטען,

פרויען האָבען געמאַכט זייער האַנד־אַרבייט, די קינדער האָבען געטאַנצט און געזונגען און די שיף איז געגאַנגען ווייטער און ווייטער.

איין טאָג, ווען די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען אַ שטעדטיל אין קענטאָקי, איז האַלעי אַראָפּ אויפ'ן ברעג וועגען מאַנכע קליינע געשעפטען.

טאָם, וועמען די קייטען האָבען ערלויבט לאַנגזאַם צו געהן, איז צוגעגאַנגען צו דער פאַרענצע פון שיף און האָט פערטראַכטערהייד געקוקט אויפ'ן טייך. אין אַ צייט אַרום האָט ער געזעהען ווי האַלעי קומט צוריק מיט שנעלע טריט און פיהרט אַ שוואַרצע פרוי מיט אַ קינד אויף איהרע הענד. זי איז געווען אַנשטענדיג געקליידעט און אַ שוואַרצער איז איהר נאָכגעגאַנגען און האָט געטראָגען איהר קליינעם טשעמאָדאַן. די פרוי איז געגאַנגען פריילִיך און האָט גערעדט מיט דעם שוואַרצען וואָס האָט געטראָגען איהרע זאַכען. זיי זיינען אַרויף אויפ'ן שיף און דיעזע איז גלייך אָפּגעגאַנגען. די פרוי האָט זיך אויסגעזוכט אַ פּלאַץ צווישען די געפּעק און האָט זיך געזעצט שפּיעלען מיט דעם קינד.

האַלעי האָט אַ פּאָאַר מאָל מאַרשירט איבער'ן שיף און איז דאַן צוגעגאַנגען צו דער פרוי און האָט זיך נעבען איהר אַנידערגעזעצט. ער האָט צו איהר עפּעס געזאָגט שטילערהייד.

טאָם האָט בעמערקט ווי אַ שווערער וואָלקען איז אַריבער איבער איהר פּנים און דאָס זי האָט שנעל און מיט היץ געענטפערט.

— איך גלויב עס ניט, איך קען עס ניט גלויבען, האָט ער זי געהערט זאָגענדיג ; איהר לאַכט עס פון מיר.

— אויב דו גלויבכט מיר ניט, קענסטו דאָס זעהען, האָט דער מאַן געזאָגט אַרויסנעהמענדיג אַ פּאַפּיער. דאָ איז דער פּאַפּיער און דאָ איז דיין מאַסטער'ס אונטערשריפט. און איך האָב דערפאַר גוט בעצאָהלט, קענסט זיין זיכער.

— איך גלויב ניט אַז מיין מאַסטער זאָל מיך אַזוי אָפּנאַרען. עס קען ניט זיין אמת ! האָט די פרוי געזאָגט מיט גרעסערער אויפרעגונג.

— דו קענסט דאָ פרעגען ביי אימעצען וואָס קען לעזען, זייט אַזוי גוט, — האָט ער געזאָגט צו אַ מאַן וואָס איז פערבייגעגאַנגען :

לעזט איהר דאָס פּאַר, זייט אַזוי גוט. זי גלויבּט ניט וואָס איך זאָג איהר.

— דאָס איז אַ פּאַפּיער, האָט דער מאַן געזאָגט ווען ער האָט עס דורכגעלעזען, וואו עס שטעהט געשריעבען, אַז די פרוי לוסי מיט איהר קינד זיינען פערקויפט געוואָרען און דער פּאַפּיער איז אונטער־שריעבען דזשאָהן פאָסדיק. דאָ איז אַלעס קלאָהר און דייטליך גע־זאָגט.

דער פרוי'ס געשרייען האָבען צוזאַמענגעקליבען אַ רעדעל מענ־שען אַרום איהר און דער שקלאַווענהענדלער האָט זיי געמוזט ערקלעה־רען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער פערדינגט מיך אַלס אַ קעכין נאָך לויאיזוויל, אין דערזעלבער קרעטשמע וואו מיין מאַן ארבייט. דאָס האָט מיר מיין מאַסטער זעלבסט געזאָגט און איך גלויב ניט אַז ער זאָל מיר דערצעהלען אַזאַ ליגען, האָט די פרוי געזאָגט.

— אָבער ער האָט דיך פערקויפט, אָרימע פרוי, האָט צו איהר געזאָגט אַ פריינדליכער מאַן, וועלכער האָט איבערגעלעזען דעם פּאַ־פּיער, אין דעם איז גאָר קיין צווייפעל ניטאָ.

— דאַן איז ניטאָ וואָס צו רעדען, האָט די פרוי געזאָגט און איז פּלוצלונג רוהיג געוואָרען. זי האָט פעסט צוגעדריקט איהר קינד צו דער ברוסט און האָט זיך אומגעדרעהט מיט'ן פּנים צום טייך.

די פרוי האָט אויסגעזעהען רוהיג ווערהענד די שיף האָט געהאַל־טען אין געהן. דער וועטער איז געווען פּראַכטפאָל. אַ לייכטער ווינ־טעל האָט געבלאָזען און די זון האָט מיט איהרע גאָלדענע שטראַהלען בעלויכטען דעם טייך מיט די געדיכטע וועלדער פון ביידע זייטען אַרום איהר. אויפ'ן שיף האָבען זיך געהערט פרייליכע שטימען, לוסט און לעבען, אָבער אויף איהר האַרץ איז געלעגען אַ שווערער שטיין. איהר קינד האָט זיך מיט איהר געשפּיעלט און האָט זי אַלע מאָל אויפגעמונ־טערט פון איהרע שווערע געדאַנקען. זי האָט ווידער צוגעדריקט צו זיך דאָס קינד און איהרע הייסע טרעהרען זיינען געפאַלען אויפ'ן קינדס פּנים. ביסלעכווייז האָט זי זיך בערוהיגט און האָט גענומען ניאַנטשען דאָס קינד.

דאָס קינד איז געווען אַ אינגעלע פון אַ צעהן מאָנאַטה. ער איז געווען גרויס און שטאַרק פאַר זיין עלטער. ער איז געווען אַ לעבעדי־



מען לעזט פאָר לוסי'ן איהר פערקויפס־שייַן.

גער און האָט ניט גערוהט א מינוט. זי האָט געהאט געגוג צו טהאָן איהם צו האַלטען רוהיג.

— וואָס פאר א פיינער יונג! האָט געזאָגט א מאַן מיט די הענד אין די קעשענעס, וועלכער איז דאָ פּלוצלונג געבליעבען שטעהן. ווי אַלט איז ער?

— צעהן מיט א האַלבען מאָנאַט האָט די מוטער געענטפערט.

דער מאַן האָט צום קינד געפייפט און האָט איהם געגעבען א שטיקעל קאָנפעקט, וועלכען דער קליינער האָט צוגענומען און האָט עס גלייך אריינגעשטעקט אין מויל.

— א קלוגער יונג! האָט דער מאַן געזאָגט. ער ווייס וואָס גוט איז. און פייפענדיג איז ער אוועקגעגאַנגען. אויף דער אַנדערער זייט שיף האָט ער געטראָפען האַלעי, וועלכער איז געזעסען אויף קאסטענס און האָט גערויכערט.

דער פרעמדער האָט ארויסגענומען א שוועבעלע און האָט אָנגע־צונדען א ציגאַר, און וועהרענד ער האָט עס געטהאָן, האָט ער גע־זאָגט:

— איהר האָט א וואוילע פרוי דאָרטען, פרעמדער.

— זי איז געווים א שעהנע פרוי, האָט האַלעי געזאָגט ארויס־בלאָזענדיג דעם רויך פון מויל.

— איהר פיהרט זי דאָך אין די סאוטה?

האַלעי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט גערויכערט ווייטער.

— אויף פּלאַנטאַציעס?

— וועל, איך האָב אויסצופילען א בעשטעלונג פאר א פּלאַנ־טאַציע, וועל איך זי אויך אהין אריינגעבען. זיי האָבען מיר געזאָגט, אז זי איז א גוטע קעכין און דאָרטען קען מען זי געברויכען, אז ניט וועט זי צופּען פלאַקס. זי האָט גוטע פינגער דערצו; איך האָב זיי בעטראַכט. אין יעדען פאַל וועל איך פאר איהר נעהמען א גוטען פרייז, און האַלעי האָט ווייטער גערויכערט זיין ציגאַר.

— אָבער אויף די פּלאַנטאַציעס ווילען זיי ניט נעהמען קיין קינ־דער, האָט דער מאַן געזאָגט.

— ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועל איך דאָס קינד פערקוי־פען, האָט האַלעי געזאָגט אָנרויכענדיג א נייע ציגאַר.

— איך דענק אַז איהר וועט איהם פערקויפען זעהר ביליג, האָט דער פרעמדער געזאָגט זיך זעצענדיג אויף די קאַסטענס.

— דאָס איז נאָך אַ פראַגע, האָט האַלעי געזאָגט. ער איז קלוג, שטאַרק, פעט און זיין הויט איז האַרט ווי שטיין.

— דאָס איז אמת. אָבער די הוצאות איהם אויכצוהאָדעווען ?

— לעכערליך ! האָט האַלעי געזאָגט. זיי זיינען אַזוי לייכט צום ערציהען ווי אַ חיה און עס איז דאָ וועניגער אַרבייט אַרום זיך ווי אַרום אַ הינטעל. אין אַ מאָנאַט אַרום וועט דער קליינער אַרומלויפען.

— איך האָב אַ גוטען פּלאַץ פאַר האָדעווען, און איך וויל פערגרעסערען מיין לאַגער, האָט דער מאַן געזאָגט. אונזער קעכין האָט לעצטע וואָך פערלאָרען אַ קינד, ער איז דערטרונקען געוואָרען אין אַ וואַש־טאָפּ ווען זי האָט געהאַנגען וועש. איך גלויב אַז אייער נעגערל וועט זיך גראָד פּאַסען אַהין.

האַלעי און דער פרעמדער זיינען געזעסען רוהיג און האָבען גערויכערט. קיינער האָט ניט געוואָלט אָנפאַנגען. איינער האָט געוואָלט פערקויפען פאַר וואָס מעהר און דער אַנדערער האָט געוואָלט קויפען פאַר וואָס וועניגער. ענדליך האָט דער מאַן געזאָגט :

— איהר וועט דאָך ניט פערלאַנגען מעהר ווי צעהן דאָלאַרס פאַר דעם יונג ; איהר מוזט דאָך פון איהם לויז ווערן סיי ווי סיי ?

האַלעי האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ און האָט אויסגעשפּיגען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך וועלען אויסלאַכען דערפון.

— עס הייבט זיך גאָר ניט אָן, האָט ער געזאָגט, און האָט ווייטער גערויכערט.

— וועל, וויפיעל פערלאַנגט איהר דען ?

— וועל, האָט האַלעי געענטפערט, איך קען איהם אַליין האָדעווען אָדער איהם אָוועקגעבען צום האָדעווען. אין זעקס מאָנאַט אַרום וועט ער ווערטה זיין הונדערט דאָלאַרס און אַז ער וועט אַלט זיין צוויי יאָהר וועל איך פאַר איהם קריעגען צוויי הונדערט. יעצט איז ער ווערטה פופציג דאָלאַרס, ניט וועניגער.

— וואָס רעדט איהר, פרעמדער, דאָס איז דאָך לעכערליך !

— אַזוי, נו, ווי איהר ווילט אייך.

— איך וועל אייך געבען פאַר איהם דרייסיג דאָלאַר און ניט אַ סענט מעהר.

— אלזאָ, הערט וואָס איך וועל אייך זאָגען, האָט האַלעי געזאָגט געבענדיג אַ שפּיי, איך וועל איהם אייך אװעקגעבען פאַר פינף און פערציג, און דאָס איז מיין לעצטער פּרייז.

— וועל, זאָל זיין אַזוי, האָט דער מאַן אין אַ ווייַלע אַרום געזאָגט.

— אָפּגעמאַכט! האָט האַלעי געזאָגט. וואו שטייגט איהר אָפּ?

— אין לואיזוויל, האָט דער מאַן געענטפערט.

— לואיזוויל, האָט האַלעי געזאָגט, דאָס איז גוט. מיר קומען אַהין ווען עס איז שוין פינסטערליך. דער קליינער וועט שוין שלאָפען. דאָס וועט זיין זעהר גוט. איהר וועט איהם רוהיג צונעהמען און ער וועט ניט מאַכען קיין געפּילדער. איך האָב זעהר פיינד לאַרם. ביי מיר געהט אַלעס צו רוהיג. דערויף האָט דער מאַן אַרויסגענומען געלד פון קעשענע און האָט עס דערלאַנגט צו האַלעי. דיעזער האָט עס צוגענומען און האָט זיך גענומען ווייטער רויכערן זיין ציגאַר.

עס איז געוועזן אַ שעהנער, שטילער אַבענד ווען די שיף איז צוגעפאָהרען צו לואיזוויל. די פרוי איז געזעסען האַלטענדיג איהר קינד, וועלכער איז פעסט געשלאָפען. ווען זי האָט געהערט ווי מען האָט אויסגערופען די סטאַנציע לואיזוויל, איז זי שנעל אויפגעשטאַנען און האָט געמאַכט אַ פּלאַץ אויף די ווייכע פּעק און האָט דאָרטען אַוועקגעלייגט איהר קינד. זי האָט איהם גוט איינגעוויקעלט און איז אַוועקגעגאַנגען קוקען אויפ'ן ברעג אפשר וועט זי זעהן איהר מאַן, וועלכער אַרבייט אין אַ קרעטשמע אַלס אַ דיענער. זי איז צוגעגאַנגען צו דער פאָרדערסטער פאַרענצע פון שיף און האָט זיך אַריבערגעבויגען און האָט אָנגעשטרענגט איהרע אויגען קוקענדיג אויף יעדען שוואַרצען וואָס האָט זיך אַרומגעדרעהט אויפ'ן ברעג. דערווייל זיינען מענשען אַראָפּ פון שיף און אַרויף אויפ'ן שיף און אין געדרענגט האָט מען זי אָפּגעטהיילט פון איהר קינד.

— יעצט איז די צייט, האָט האַלעי געזאָגט, און האָט גענומען דעם שלאָפענדיגען קינד און האָט איהם דערלאַנגט דעם פרעמדען. וועקט איהם ניט אויף, ער קען נאָך גלייך אָנפאַנגען צו שרייען און די נעגערקע קען נאָך אָנמאַכען אַזאַ חתונה, דאָס די גאַנצע שיף מענשען וועלען זיך צוזאַמענלויפען. דער מאַן האָט פאָרזיכטיג צוגענומען

דאָס קינד און איז אראָפּ פון שיף. ער איז באַלד פערשוואונדען גע־וואָרען צווישען די מענשען אויפ'ן ברעג.

ווען די שיף האָט זיך אָנגעפאנגען צו ריהרען פון ברעג האָט זיך די פרוי אומגעקעהרט צו איהר פּלאַץ. האלעי איז דאָרטען געזעסען, אָבער דאָס קינד איז פערשוואונדען.

— וואָס איז דאָס, וואָס איז דאָך, — וואו איז מיין קינד? האָט זי אויסגערופען אין א ווילדער איבערראַשונג.

— לוסי, האָט דער שקלאַווענהענדלער געזאָגט. דיין קינד איז ניטאָ. עס איז בעסער, אז דו זאָלסט עס וויסען פריהער ווי שפּעטער. זעהסטו, איך האָב געוואוסט, אז דו קענסט איהם ניט נעהמען אין די סאוטה, און איך האָב איהם פערקויפט צו א פיינער פאמיליע וואו ער וועט זיין גליקליך. ביי דיר וואָלט ער געהאַט נאָר צרות.

האלעי איז געווען א מאַן פון דער היינטיגער קריסטליכער פּאָ־ליטישער וועלט. זיין הארץ וואָלט דורך בילדונג געקענט אויכגעאיי־דעלט ווערען ווי ביי מיר און ווי ביי אייך.

דער ערצרייסענדער און פערצווייפעלטער בליק, מיט וועלכען די אונגליקליכע פרוי האָט איהם אָנגעקוקט ווען ער האָט צו איהר גע־רעדט, וואָלט א אויסגעאיידעלטען מענשען שמערצליך געריהרט, אָבער ניט איהם, ווייל ער איז שוין דערצו געווען געוויינט. ער האָט עס שוין געזעהען הונדערטער מאָל. ער האָט נאָר מורא געהאַט אז זי זאָל ניט שרייען און זי זאָל ניט מאַכען קיין סקאַנדאַל אויפ'ן שיף.

אָבער די פרוי האָט ניט געשריען. דער שאָס האָט צו שטארק גע־טראָפען אין הארצען, אז זי זאָל קענען שרייען אָדער וויינען.

זי איז געזעסען א צודולטע. איהרע הענד זיינען אראָפּגעהאנגען ווי אָפּגעשטאָרבען. איהרע אויגען האָבען געקוקט גלייך אָבער זי האָט גאָרניט געזעהען. זי האָט ניט געהערט דעם גערויש אין די קלאָפּעריי אויפ'ן שיף. איהר אָרימע צוריסענע הארץ האָט ניט געהאַט קיין קראַפט פאר יאָמערן און פאר טרעהרען. זי איז געווען גאַנץ רוהיג.

אונזער שקלאַווענהענדלער, וועלכער איז געווען כמעט אזוי מענשליך, ווי געוויסע פּאָליטיקער, ווען ער האָט געפיהלט פאר זיך א פּאָרטהייל, האָט זי פּרובירט צו טרייסטען

— איך האָב געוואוסט, אז דו וועסט צוערשט זעהר ליידען, לוסי, האָט ער געזאָגט, אָבער אזא קלוגע פרוי ווי דו דאַרפסט זיך ניט

אזוי נעהמען צום הארצען. דאס האט געמוזט אזוי זיין און מען קען דא ניט העלפען.

— אה, הערט אויף, הערט אויף, מאכטער! האט די פרוי גע־זאגט מיט א הערצרייסענדע שטימע.

— דו ביזט א בראווע פרוי, לוסי, איז ער צוגעשטאנען. איך מיין עס גוט מיט דיר, און וועל דיר געבען א גוטען פלאץ, דארטען איבער'ן טייך. און דו וועסט גלייך קריעגען אנאנדער מאן. — דו ביזט דאך א שעהנע פרוי.

— אה, מאסטער, איך בעט אייך, רעדט ניט צו מיר איצטער, האט זי געזאגט מיט אזא שטימע, דאס דער שקלאווענהענדלער האט געזעהען, אז יעצט קען ער שוין דא מעהר גארניט אויספיהרען. ער איז אלזא אויפגעשטאנען און איז אוועקגעגאנגען. און די פרוי האט ארייגעלייגט איהר קאפ אין איהר מאנטעל.

דער שקלאווענהענדלער האט מארשירט הין און צוריק און האט זיך צייטענווייז אפגעשטעלט קוקען אויף איהר.

— זי נעהמט זיך צופיעל צום הארצען, האט האלעי צו זיך גע־זאגט. אבער זי וועט שוין בעסער ווערען.

טאם האט געזעהען דעם מסחר און די גאנצע סצענע פון אנפאנג ביז צולעצט. פאר איהם איז עס געווען א שרעקליכע, אונמענשליכע בעסטיאלישע טהאט, ווייל וואס ווייס איין ארימער אונוויסענדער נעגער צו אורטהיילען איבער אזעלכע זאכען? ווען ער וואלט זיך געלערנט פון געוויכע קריסטליכע גייסטליכע, וואלט ער געהאט א גאנץ אנדערע מיינונג וועגען דעם; ער וואלט עס בעטראכט פאר א פאסירונג וואס קומט פאר אלע טאג און אז דאס איז א געזעצליכער מסחר; א מסחר וועלכען געוויסע אמעריקאנער גייסטליכע אונטער־שטיצען און ערקלעהרען, אז ער האט אין זיך קיין בייזעס, אויסער די וועלכע קען ניט אפגעטהיילט ווערען פון אנדערע בעציעהונגען איז געזעלשאפטליכען און היימישען לעבען. אבער דער ארימער אונווי־סענדער טאם האט עס ניט געקענט וויסען, ווייל זיין גאנצע וויסענ־שאפט האט ער געשעפט פון דער ביבעל און ער האט ניט געקענט זיין איינפערשטאנען מיט אזעלכע מיינונגען. ביי איהם האט געבלוטעט די הארץ ווען ער האט געזעהען ווי די אונגליקליכע מוטער איז געלעגען צונויפגעדרעהט אין דרייען אויף די קאסטענס און האט געקרעכצט;

געקרעכצט פון שרעקליכע ליידען און שמערצען און איז טראָץ דעם ערקלעהרט פון דעם אַמעריקאַנער קאַלטען געזעץ אַלס אַ שטיק סחורה גלייך מיט די קאַסטענס, פעק, טראַקס, צווישען וועלכע זי איז גע־לעגען.

טאָם איז צוגעגאַנגען נעהענטער און האָט פּראָבירט עפּעס צו זאָ־גען; זי האָט אָבער נאָר געקרעכצט. מיט טרעהרען רינענדיג איבער זיין געזיכט האָט ער צו איהר גערעדט מיט ווייכע ווערטער. אָבער איהרע אויערן זיינען געוועזן פערשטאָפּט מיט ווייטאָג און איהר צו־בראָכענע הארץ האָט פערלאָהרען דעם געפיהל.

די נאַכט איז געקומען און מיט דער נאַכט די רוהע. ביסלעכווייז זיינען אָפּגעשטאָרבען די מענשליכע שטימען אויף דער שיף און באַלד האָט מען מעהר ניט געהערט ווי דעם גערויש פון דער מאַשין. טאָם האָט זיך אויסגעצויגען אויף די קאַסטענס און האָט פּרובירט שלאָפען. פון צייט צו צייט האָט ער געהערט אַ קורצען יאָמער, אַ קרעכץ פון דעם צונויפגעדרעהטען קרבן, און די ווערטער, „אָה, וואָס זאָל איך טהאָן? מיין גאָט, מיין גאָט, העלף מיר!" און אַזוי איז עס גע־גאַנגען ביז עס איז אין גאַנצען שטיל געוואָרען.

אַרום האַלבע נאַכט האָט זיך טאָם פּלוצלונג אויפגעכאַפּט. עפּעס אַ שוואַרצע זאַך איז פאַרביי איהם דורכגעלאָפען צום זייט פון שיף, און באַלד האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער פּליוך אין וואַסער. קיינער אויסער איהם האָט דערפון וואָס געהערט אָדער געזעהן. ער האָט אויפ־געהויבען דעם קאָפּ און האָט געגעבען אַ קוק — דער פּלאַץ וואו די פרוי איז געלעגען איז געוועזן ליידיג! ער איז אויפגעשטאַנען און האָט איבעראַל געזוכט, אָבער ער האָט קיינעם ניט געזעהן. די אָרימע פערבלוטיגטע הארץ איז ענדליך רוהיג געוואָרען, און דער טייך האָט זיך אַזוי ווי פריהער לוכטיג און לעבעדיג געוויגט ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט.

— געדולד! געדולד! איהר, וועמעס הערצער ווערען אויפ־געשפּרונגען ביי אַזעלכע גרוילטהאַטען. קיין האָאַר פון די שמערצען, קיין טרעהר פון די אונטערדריקטע ווערט פערגעסען פון דעם וואָס לעבט אייביג. האָט געדולד, ווי ער האָט געדולד, און אַזוי זיכער ווי ער איז גאָט, וועט דער טאָג פון אָפּרעכענונג קומען!

דער שקלאַווענהענדלער איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און איז

געגאַנגען זעהען וואָס זיין מענשליכע סחורה מאַכט. איצטער האָט ע ר געקוקט מיט איבערראַשונג.

— וואָס איז דאָס ! וואו איז די פרוי ? האָט ער געפרעגט ביי טאָם'ען.

טאָם, וועלכער איז געווען געוויינט זיך פריהער צו איבערלייגען איידער ער ענטפערט, האָט ניט געפונען פאַר נייטיג צו דערציילען וואָס ער האָט געזעהען און האָט געענטפערט, אז ער ווייס ניט.

— איך בין זיכער, אז זי האָט ניט געקענט אַראָפּ פון שיף אויף די סטאַנציעס, ווייל איך האָב אויפגעפּאַסט יעדעס מאָל ווען די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט — אייך נעגערס טרוי איך קיינעם ניט. איך היט אייך אַליין.

דאָס האָט ער געזאָגט צו טאָם'ען אַזוי ווי ער וואָלט איהם פערטרויען זיין מיינונג. טאָם האָט ניט געענטפערט.

דער שקלאַווענהענדלער האָט דורכגעזוכט די גאַנצע שיף, אָבער עס איז געווען אומזיסט.

— הער אויס, טאָם, האָט ער צו איהם געזאָגט ווען ער איז צו איהם צוגעגאַנגען נאָך זיין אומזיסטען זוכען, דו מוזט עפּעס ווי־סען דערפון. דערצייל מיר קיין מעשיות ניט, אז דו ווייסט ניט. דו ביזט נעבען איהר געלעגען און דו האָסט געמוזט עפּעס זעהען.

— וועל, מאַכטער, פאַרטאָג איז עפּעס פאַרביי מיר דורכגע־לאָפען און איך האָב באַלד געהערט אַ גרויסען פּליוך אין וואַסער. ווען איך בין אויפגעשטאַנען איז שוין די פרוי ניט געווען. דאָס איז אַלעס וואָס איך ווייס.

דער שקלאַווענהענדלער איז ניט געוואָרען אַזוי ערשטוינט פון דער געשיכטע. ער איז שוין געווען געוועהנט דערצו. אַלעס וואָס איהם האָט געקימערט, איז וואָס ער האָט פערלאָהרען אַ שטיק סחורה וואָס איז ווערטה געווען געלד. ער האָט אַלזאָ אַרויסגענומען זיין בי־כעל און האָט עס פערצייכענט אונטער זיינע פערלוסטען.

וואָס זאָגט איהר צו אַזאַ שקלאַווענהענדלער ? איז ער ווירקליך ניט אַ בעכטיע ? אָבער ווער דענקט עס וועגען שקלאַווענהענדלער ! זיי זיינען פערהאַסט און אין אַ פיינער געזעלשאַפט דאַרפען זיי ניט אַריינקומען. אָבער ווער בעשאַפט דעם שקלאַווענהענדלער ? וועמען זאָל מען דערפאַר בלאַמירען ? דאָס איז דער פיינער, דער געבילדע־

טער, דער אויפגעקלעהרטער, וועלכער ערלויבט אז עס זאָל עקזיס־טירען אַ סיסטעמע, וועלכע מאכט אונפערמיידליך דעם שקלאווענ־האנדעל. איהר מאכט די עפענטליכע מיינונג, וועלכע פאָרדערט דעם מסחר פון דעם שקלאווענהאנדעל, וואָס פערדארבט און ערניד־ריגט דעם הענדלער ביז ער פיהלט גאָר קיין שאנדע ניט. און מיט וואָס זייט איהר בעסער פאר איהם? מיט דעם וואָס איהר זייט גע־בילדעט און ער ניט? איהר זייט הויך און ער ניעדריג, איהר פיין און ער גראָב, איהר האָט טאלאנט און ער איז פּראָסט? אין דעם טאָג פון דין וחשבון וועט מען זיין פערענטפערונג בעסער אָננעהמען ווי אייערע.

נאָכדעם ווי מיר האָבען געגעבען אַלע דיעזע פעללע אין דעם גע־זעצליכען שקלאווענהאנדעל מוזען מיר בעטען די וועלט ניט אָנצונעה־מען, אַז אונזערע אַמעריקאנער געזעצגעבערס האָבען שוין גאָר קיין מענשען געפיהל ניט. אָבער זעהט נאָר וועלכע געוואלטען זיי מאכען געגען דעם שקלאווענהאנדעל פון אפריקא! עס איז שרעקליך, ליעבע לעזער, צו ברענגען שקלאווען פון אפריקא! אָבער האנדלען מיט שקלאווען פון קענטאָקי, — אָה, דאָס איז אַ גאנץ אנדערע זאַך!

---

דרייצעהנטער קאפּיטעל.

## דער דאָרף פון די קוויי קערס.

אַ פריעדליכע סצענע איז יעצט פאר אונזערע אויגען. אין אַ שעהן אויסגעפּוצטער און פריילליכער קיך איז געזעסען אין אַ שטוהל מיט פיינער האנד־ארבייט אין די הענד אונזערע אַלטע פריינדין עליזא. זי איז געווען בלייכער און מאָגערער ווי מיר האָבען זי געקענט פון אנפאנג. די דאגות וועגען זיך און דער פּחד אז מען זאָל ביי איהר ניט צונעהמען איהר קינד, האָט זי ניט געלאָזען רוהען טאָג און נאכט. כאָטש זי איז געווען אין גוטע און זיכערע הענד.

נעבען איהר איז געזעסען אַ פרוי און האָט עפּעס צורעכט געמאכט צום באַקען. די פרוי האָט געקענט אַלט זיין אַ יאָהר פינף און פופציג



עליזא און רייטשעל האללידעי.

אָדער זעכציג. אָבער איהר געזיכט איז געווען איינע פון יענע, וועל־כע בלייבען אימער יונג. איהר געזיכט איז געווען רונד און האָט גע־בליהט און איהרע האָאָר איז געווען עטוואָס בעזילבערט פון עלטער. דיעזע הערצענסגוטע פרוי איז געווען רייטשעל האַללידעי, די פרוי פון סימעאָן האַללידעי.

— אַלזאָ דענקסטו נאָך אַלץ צו געהן נאָך קאַנאַדאַ ? האָט זי עליזאַ׳ן געפרעגט.

— יעס, מאַדאַם, האָט עליזאַ ענטשלאָסען געזאָגט. איך מוז געהן פאָרוועדטס ; איך האָב מורא דאָ צו בלייבען.

— און וואָס וועסטו דאָרטען טהאָן ? דו מוזט זיך דאָך גוט אי־בערלייגען, מיין טאָכטער.

די ווערטער „מיין טאָכטער” זיינען זעהר נאַטירליך ארויס פון מיכעס האַללידעי׳ס מויל. דען דער נאָמען „מוטער” האָט זיך גע־פאַסט צו איהר ליבליכען פנים ווי געבאָרען.

עליזאַ׳ס הענד האָבען געציטערט און אייניגע טרעהרען זיינען ארויס פון איהרע אויגען, אָבער זי האָט געענטפערט מיט אַ פעסטער שטימע :

— איך וועל טהאָן אַלעס, וואָס עס וועט זיך מאַכען. איך האָף אַז איך וועל עפּעס געפינען.

— דו ווייסט דאָך, אַז דו קענסט דאָ זיין ווי לאַנג דו ווילסט, האָט רייטשעל געזאָגט.

— אָה, איך דאַנק אייך, האָט עליזאַ געענטפערט, אָבער — האָט זי געזאָגט אָנווייזענדיג אויף איהר העררי׳ן—איך קען קיין נעכט ניט שלאָפען ; איך האָב ניט קיין רוה. היינט ביי נאַכט האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט אַז אַ מאַן איז אריינגעקומען אין הויף, האָט זי געזאָגט שוידערנדיג.

— אָרימעס קינד, האָט רייטשעל געזאָגט זיך ווישענדיג די אוי־גען. אָבער דו דאַרפסט ניט טראַכטען אַזוי. מיט גאָט׳ס הילף איז נאָך ביז יעצט קיינער פון אונזער דאָרף ניט גע׳גנב׳עט געוואָרן. איך האָף אַז מיט דיין קינד וועט ניט זיין דער אָנפאַנג.

די טהיר האָט זיך אויפגעמאַכט און אַ קליינע דיקע פרוי איז אריין אין צימער. זי איז געווען אַזוי ריינליך געקליידעט ווי רייטשעל און האָט געהאַט דיזעלבע רויטע, פרישע באַקען.

— רוטה סטעדמאַן, האָט רייטשעל געזאָגט איהר פריילעך ענט־קעגען געהענדיג. וואָס מאַכסטו, רוטה? און האָט אָנגענומען איה־רעביידע הענד.

— פיין, האָט רוטה געענטפערט, און האָט אראָפּגענומען איהר טשעפּיק פון קאָפּ. דאָס איז געווען אַ פרוי פון אַ יאָהר פינף און צוואַנ־ציג, פריש און געזונד און מיט אַ גוטהערציגען פּנים.

— רוטה, דיעזע פריינדין, איז עליזא הערריס, און דאָס איז איהר קליינער איינגעל, וועגען וועלכען איך האָב דיר דערצעהלט.

— עס פרייט מיך זעהר דיך צו זעהען, עליזא, האָט רוטה גע־זאָגט און האָט איהר געדריקט די האַנד ווי איין אַלטער פריינדין, וועל־כע זי האָט שוין פון לאַנג ערוואַרטעט. און דאָס איז דיין ליעבעס קינד? איך האָב איהם געבראַכט אַ קיכעל, דערביי האָט זי דער־לאַנגט דעם איינגעל אַ לעקעכעל, וועלכען ער האָט שעמעדיג צוגענומען.

— וואו איז דיין קינד, רוטה? האָט רייטשעל געפרעגט.

— ער איז דאָ. מערי האָט איהם געכאַפּט ווען איך בין געקומען און איז מיט איהם אַוועק אין הויף, איהם צו צייגען די אַנדערע קינ־דער.

אין דעם מאָמענט איז אריינגעקומען מערי, אַ יונגע בליהענדע מיידעל, און האָט געבראַכט דאָס קינד.

— אהאַ! אָט איז ער! האָט רייטשעל געזאָגט, נעהמענדיג דעם גרויסען, ווייסען, פעטען יונג אין די הענד. ווי פיין ער זעהט אויס און ווי פיין ער וואַקסט!

— אָ, יעס, האָט די קליינע פרוי געזאָגט און האָט גענומען דאָס קינד צו זיך. זי האָט איהם צורעכט געמאַכט די קליידלעך און האָט איהם אַ־אָפּגעלאָזען.

אין דעם איז אריינגעקומען סימעאָן העלידעי. דאָס איז געווען אַ הויכער, שטאַרקער מאַן אָנגעטהאָן אין פעלד קליידער מיט אַ ברייי־טען שטרויענעם הוט.

— וואָס מאַכסטו, רוטה? האָט ער געזאָגט איהר דערלאַנגענ־דיג זיין גרויסע, ברייטע האַנד. וואָס מאַכט דזשאָהן?

— דזשאָהן איז געזונד און אַזוי זיינען אַלע ביי אונז, האָט רוטה געזאָגט מיט אַ פריילי‌כער שטימע.

— וואס גיבט עס נייעס, סימעאן ? האט רייטשעל געפרעגט, ארײנזעצענדיג די צוויעבאק אין אויוועז.

— פעטער סטעבבינס האט מיר דערציילט, דאס ער וועט קומען היינט ביינאכט מיט פ ר י י נ ד, האט סימעאן געזאגט מיינענדיג עפעס מיט דעם ווארט „פריינד", ווערענד ער האט זיך געוואשען די הענד ביי א וואש־טישעל.

— אזוי ! האט רייטשעל געזאגט נאכדענקליך און קוקענדיג אויף עליזא'ן.

— איז ניט דיין פאמיליען־נאמען הערריס ? האט סימעאן געפרעגט ביי עליזא'ן, קומענדיג צוריק.

רייטשעל האט א שנעלען קוק געטהאן אויף איהר מאן, ווערענד עליזא האט ציטערנדיג געענטפערט „יעס". איהר שרעק איז געווען, ווייל זי האט מורא געהאט פאר א בעקאנטמאכונג וועגען איהר ענטלויפען.

— רייטשעל ! האט איהר מאן אויסגערופען פון פארהויז.

— וואס ווילסטו, סימעאן ? האט רייטשעל געפרעגט, זיך אפווישענדיג די טייג פון די הענד און ארויסקומענדיג צו איהם.

— דער מאן פון דער יונגער פרוי איז אין דארף און ער קומט היינט ביינאכט.

— איז דאס ווירקליך אמת, סימעאן ? האט די פרוי אויסגערופען מיט א גליהענדען געזיכט פון פרייד.

— עס איז ווירקליך אמת. פעטער איז דארטען געווען נעכטען מיט'ן וואגען און האט דארטען געפונען איין אלטע פרוי און צוויי מענער. איינער האט געזאגט אז ער הייסט דזשארדזש הערריס, און ווערליג זיין געשיכטע וועגען זיך, בין איך זיכער, אז ער איז עליזא'ס מאן. ער איז א שעהנער און קלוגער יונג.

— זאלען מיר עס איהר גלייך דערציילען ? האט סימעאן געזאגט.

— לאמיר דאס דערציילען רוטה'ן, האט רייטשעל געזאגט. רוטה, קום אהער !

רוטה האט אוועקגעלייגט איהר שטיקערייז און איז איין אויגענבליק געווען אין פארהויז.

— רוטה, וואס זאגסטו עפעס ? סימעאן זאגט, אז עליזא'ס

מאַן איז נעכטען אָנגעקומען מיט דער לעצטער פּאַרטיע און אז ער וועט היינט ביינאַכט זיין דאָ.

רותה האָט גענומען שפּרינגען פאַר פריידד.

— רוהיג, רוהיג, מיין טהייערע, האָט רייטשעל פריינדליך געזאָגט. זאָג, זאָלען מיר איהר דאָס איצטער דערציילען?

— גאַנץ געוויס! טאָקע דיזעלבע מינוט. שטעל זיך פאָר, אז דאָס וואָלט געווען מיין דזשאָהן, ווי וואָלט איך געפיהלט? דערצייל איהר גלייך.

— דו געברויכסט זיך זעלבסט אַלס ביישפּיעל ווי צו ליעבען דעם צווייטען, רותה, האָט סימעאָן געזאָגט מיט אַ פרייליכער מינע קוקענדיג אויף רותה'ן.

— גאַנץ געוויס. זיינען מיר דען ניט דערצו בעשאַפען געוואָרען? ווען איך וואָלט ניט געליעבט דזשאָהן'ען און אונזער קינד, ווי וואָלט איך דען געפיהלט ליעבע פאַר איהר? געה זאָג איהר. נעהם איהר צו זיך אין שלאָף־צימער, און וועהרענד איך וועל בראָטען די הוהן וועסטו עס איהר דערציילען.

רייטשעל איז אריינגעגאַנגען אין קיך וואו עליזא איז געזעסען און האָט גענייט, און אויפמאַכענדיג די טהיר פון שלאָף־צימער האָט זי מיט אַ פריינדליכער שטימע געזאָגט: קום אריין אהער מיט מיר, מיין טאָכטער, איך האָב פאַר דיר עפּעס נייעס.

די בלוט איז אריין אין עליזא'ס בלייכען פּנים; ציטערנדיג און נערוועז האָט זי זיך אויפגעהויבען און האָט אַ וואָרף געטהאָן אַ בליק אויף איהר קינד.

— ניין, ניין, האָט די קליינע רותה אויסגערופען צולויפענדיג און אָננעהמענדיג איהרע הענד. האָב גאָר קיין מורא ניט. עס איז גוטע נייעס, עליזא. קום אריין, קום אריין! און זי האָט זי לייכט אריינגעשטופּט אין צימער און האָט צוגעמאַכט די טהיר; דאַן האָט זי געכאַפּט דעם קליינעם הערי'ן אויף די הענד און האָט איהם אָנגעפאַנגען צו קושען.

— דו וועסט זעהן דיין פאָטער, קליינינקער. ווייסטו דאָס? דיין טאַטע קומט. דאָס האָט זי איהם ווידערהאָלט כסדר און דער אינגעל האָט זי פערוואונדערט אָנגעקוקט.

דערווייל איז אין דעם אַנדערן צימער פאָרגעקומען אַן אַנדער

סצענע. רייטשעל האללידעי האט צו זיך א ציה געטהאן עליזא'ן און האט צו איהר געזאגט :

— דער אויבערשטער האט זיך איבער דיר דערבארעמט, מיין טאכטער ; דיין מאן איז ענטלאפען פון זיין שקלאווערײ.

די בלוט איז אריין אין עליזא'ס געזיכט. זי האט זיך אוועקגע־זעצט און איז געבליעבען בלייך און האלב אין חלשות.

— האב מוטה, קינד, האט רייטשעל געזאגט ארויפלייגענדיג איהר האנד אויף עליזא'ס קאפּ. ער איז צווישען פריינד, וועלכע וועלען איהם היינט ביינאכט ברענגען אהער.

— היינט ביינאכט ! האט עליזא ווידערהאלט, היינט ביי־נאכט !! דיעזע ווערטער האבען פערלארען זייער בעדייטונג פאר איהר ; איהר קאפּ איז געווען אזוי ווי אין חלום און א טומאן.

---

ווען זי איז געקומען צו זיך האט זי זיך געפונען אין בעט איבער־געדעקט מיט א צודעק און די קליינע רוטה האט געריבען איהרע הענד מיט קאמפאר. זי האט אויפגעמאכט איהרע אויגען אזוי ווי אין א זיסען חלום, ווי איינער וואס האט געליטען לאנגע יאהרען שווערע יסורים און פיהלט מיט א מאל ווי אלע שמערצען זיינען פון איהם אראפּגעפאלען און איז איצטער פריי פון אלע צרות. די שפּאנונג פון די נערווען וועלכע זי האט געפיהלט זייט זי איז ענטלאפען, האט יעצט נאכגעלאזען און זי האט בעקומען א מאדנעם געפיהל פון זיכער־הייט און רוהע. זי האט יעצט געטרוימט פון א ווּאונדערבארען לאנד, א לאנד פון רוהע. וואו זי האט א פּראכטפאלע הויז, מיט א שעהנעם גארטען און לאנקעס און דארטען שפּיעלט זיך איהר הערריארום פריי ווי א פויגעל. זי האט געהערט די טריט פון איהר מאן ; זי האט געפיהלט ווי ער קומט נעהענטער, ווי זיינע טרעהרען פאלען אויף איהר געזיכט, און זי האט זיך אויפגעכאפּט ! עס איז ניט געווען קיין חלום. עס איז שוין געווען נאכט איהר קינד איז געלעגען נע־בען איהר און האט רוהיג געשלאפען. א ליכט האט דונקעל געברענט אויפ'ן טישעל, און איהר מאן איז געזעסען ביי איהר בעט און האט געוויינט.

---

דעם נעקסטען מאָרגען איז געווען אַ פריילי‌כער פריהשטיק און די קווייקערס׳ הויז. רייטשעל איז שוין געווען בעשעפטיג פון גאַנץ פריה אָן אין דער קיך. אַלע האָבען איהר געהאָלפען און מען האָט זיך פאַרבערייטעט צו אַ קעניגליכען פריהשטיק. עס האָבען דאָ ניט גע־פעהלט קיין געבראָטענע עופות, פערשיעדענע קוכען און טאָרטען א־ איינגעמאַכצען און אנדערע געשמאַקע מאכלים. די מוטער רייטשעל האָט געפּראוועט דעם מאָהלצייט ווי איינע פון די בעסטע ווירטהינס. אַלע האָבען זי געאַכטעט און איהר געפאָלגט אויפ׳ן וואונק. זי האָט ניט געדאַרפט קאָמאַנדעווען. אַ ווייכער וואָרט פון איהר איז געווען גענוג. פאָלשטענדיגע פריינדשאַפט איז געווען אין דיעזער פאַמיליע. ווען דער טיש איז שוין געווען געגרייט איז אַריינגעקומען דזשאָרדזש, מיט עליזאַ׳ן און זייער קינד. זיי האָבען בעקומען אַזאַ הערצליכע בעגריסונג, דאָס די אַרימע בעשעפעניסען האָט זיך געדאַכט אַז זיי טרוימען.

ענדליך זיינען אַלע געזעסען ביי׳ן טיש. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס דזשאָרדזש איז געזעסען ביי אַ טיש צוזאַמען מיט ווייסע. צוערשט האָט ער זיך געפיהלט אונבעקוועם, אָבער באַלד איז דער געפיהל פערשוואונדען ווי רויך, ווען ער האָט דערפיהלט די גרויסע פריינדשאַפט, מיט וועלכע מען האָט איהם בעהאַנדעלט. דאָס איז פאַר איהם געווען אַ היים, אַ ה י י ם פון וועלכען ער האָט ניט געוואוסט די בעדייטונג.

— פאַטער, האָט געזאָגט סימעאָן׳ס אַ זוהן, וואָס וועט זיין, אַז מען וועט ביי דיר ווייטער געפינען ענטלאָפענע ?

— וועל איך בעצאָהלען שטראָף, האָט סימעאָן רוהיג געענט־פערט.

— אָבער וואָס וועט זיין, אַז מען וועט דיך איינשפּאַרען אין געפענגניס ?

— ווערסטו און דיין מוטער ניט קענען פיהרען די פאַרם ? האָט דער פאַטער געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

— די מוטער קען טהאָן כמעט אַלעס, האָט דער זוהן געזאָגט. אָבער איז עס ניט אַ שאַנדע, אַז מען זאָל מאַכען אַזעלכע געזעצע ?

— דו טהאַרסט ניט ריידען געגען דיינע געזעצגעבערס, האָט דער פאַטער ערנסט געזאָגט.. גאָט האָט אונז בעשאָנקען מיט מיטלען צו

טהאָן חסד און גערעכטיגקייט ; ווען אונזערע רעגיערער פערלאנגען, אז מיר זאָלען דערפאר בעצאָהלען, מוזען מיר עס טהאָן.

— וועל, איך האס דיעזע שקלאווענהענדלערס, האָט געענט־פערט דער זוהן, וועלכער איז שוין געווען אביסעל אויפגעקלעהרט.

— איך בין איבערראשט פון דיר, מיין זוהן, האָט סימעאָן גע־זאָגט. דיין מוטער האָט דיך קיין מאָל אזוי ניט געלערנט. איך וואָלט עס געטהאָן פאר'ן שקלאווענהענדלער גראדע אזוי גוט ווי פאר'ן שקלאוו, ווען ער וואָלט געקומען צו מיין טהיר וועגען הילפע.

סימעאָן דער צווייטער (דער זוהן) איז רויט געוואָרען ווי פייער, אָבער זיין מוטער האָט געשמייכעלט און האָט געזאָגט : „סימעאָן איז מיין גוטער יונג, ער וועט עלטער ווערן, וועט ער זיין ווי זיין פאָטער."

— איך קען ניט צולאָזען, מיין גוטער הערר, אז איהר זאָלט פון אונזערט וועגען האָבען שוועריגקייטען, האָט דזשאָרדזש געזאָגט מיט אויפרעגונג.

— האָב קיין מורא ניט, דזשאָרדזש, דערפאר זיינען מיר געשיקט געוואָרען אויף דער וועלט. אויב מיר וואָלטען ניט געוואָלט טהאָן א גוטע זאך וועגען שוועריגקייטען, וואָלטען מיר ניט ווערטה זיין דעם נאָמען וואָס מיר טראָגען.

— אָבער וואָס מ י ך אנבעטרעפט, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, קען איך עס ניט פערטראָגען.

— האָב אלזאָ קיין מורא ניט, פריינד דזשאָרדזש, ניט פאר דיר טהוען מיר דאָס ; עס איז פאר גאָט און מענשען, האָט סימעאָן געזאָגט. און יעצט זאָלסטו בלייבען רוהיג ביז ביי נאכט. צעהן א זייגער קומט פינעאס פלעטשער און וועט דיך און דיין קאָמפאניע נעה־מען צו דער נעקסטער סטאנציע. די נאכיאָגערס זוכען דיך שטאַרק. מיר טהאָרען ניט פערליערען קיין צייט.

— אויב אזוי, טאָ צו וואָס זאָלען מיר ווארטען ביז אבענד ? האָט דזשאָרדזש געזאָגט.

— וייל ביי טאָג ביזטו דאָ זיכער. אלע אין דיעזען אָרט זיינען פריינד און אלע פאסען אויף. מען האָט אויסגעפונען, אז ביי נאָכט איז זיכערער צו רייזען.

## פערצעהנטער קאפּיטעל.

## עוואַנדזשעלינע.

דער טייך מיסיסיפּי! ווי דורך א צויבערהאנד האָבען זיך אויף איהם די בילדער געביטען, זייט שאטאָבריאנד האָט איהם פּאָעטיש בעשריעבען אַלס א טייך פון מעכטיגער, אונאונטערבראָכענער איינזאמקייט, רוישענדיג דורך וואונדערבארע סצענעס פון וועלדער און חיות, וועלכע האָבען דאָרטען עקזיסטירט. אָבער ווי שנעל איז דיעזער טייך פון יענע חלומות אויכגעוואקסען צו א ווירקליכקייט, וועלכע איז ניט ווייניגער גרויסארטיג און ערהאבען. וועלכער אנדערער טייך אין דער וועלט טראָגט אויף זיין בוזים ביז צום אָקעאן די רייכטהימער פון נאָך אזא לאנד ווי דיעזע? א לאנד, וואָס זיינע פּראָדוקטען נעהמען ארום אַלעס צווישען די הייסע און די קאַלטע געגענדען פון דער ערד.

די קאָכעדיגע וואסערן, וואָס פליהען, שוימען און רייסען, — טראָגען אויף זיך די אינדוסטריע, וועלכע איז אזוי ברויזענד ווי די וואסערן פון מיססיססיפּפּי און איז געשאפען פון א ראסע, וועמעס ענערגיע און אונטערנעהמוגכגייסט האָבען קיין גלייכען אין דער וועלט. אַך, ווען דיעזע וואסערן וואָלטען אויף זיך נאָר ניט געטראָגען א פיעל שרעקליכערע לאסט — די טרעהרען פון די אונטערדריקטע, די זיפצען פון די הילפלאָזע, די ביטערע געבעט פון די אָרימע, אונוויסענדע הערצער צו איין אונבעקאנטען גאָט!

די אונטערגעהענדע זון האָט מיט איהר צויבערהאפטען שיין בעדעקט דעם גרויסען, ברייטען טייך און די פיעלע בוימער ביי די ברעגען ווען די שווער בעלאדענע דאמפף־שיף איז געגאנגען פאָרווערטס.

אָנגעלאדען פוןביידע זייטען מיט גרויסע פּעק פלאקס פון פערשיעדענע פלאנטאציעס, האָט די שיף אויסגעזעהען פון וויטענס ווי א גרויסע פיער־קאנטיגע גרויע מאסע שווימענדיג אויפ'ן וואסער. מיר מוזען א לאנגע צייט זוכען צווישען די געפּאקטע דעקען פון שיף ביז מיר וועלען געפינען אונזער אַלטען פריינד טאָם.

**צו פערדאנקען מר. שעלבי'ס פערזיכערונג און זיין אייגענעם**

אונטערטהעניגען און רוהיגען כאַראַקטער, האָט טאָם געוואונען עט־וואָס צוטרויען אפילו פון אזא מאַן ווי האַלעי.

צוערשט האָט איהם האַלעי געהיט פון ווייטען און האָט איהם קיין מאָל ניט געלאָזען אויף ביי נאכט ניט געשמידט. אָבער ווייטער, אז ער האָט געזעהען ווי טאָם בעקלאָגט זיך ניט און שיינט צו זיין צו־פריעדען, האָט ער איהם אין גאנצען אויפגעהערט צו היטען און האָט פון איהם אַראָפּגענומען די קייטען. ער האָט אַלזאָ געקענט ארומגעהן אויפ׳ן שיף וואו ער האָט געוואָלט.

שטענדיג רוהיג און אימער בערייט צו העלפען ווען מען האָט גע־דאַרפט, האָט טאָם אַלע מאָל געפונען אַ געלעגענהייט צו העלפען די אַרבייטער אויפ׳ן שיף און דערפאַר האָבען איהם אַלע געקראָגען ליעב.

ווען ער פלעגט גאָרניט האָבען וואָס צו טהאָן פלעגט ער ארויפ־קריכען אויף די פּעק באַוועל און פלעגט לעזען די ביבעל. און דאָרטען געפינען מיר איהם יעצט.

איבער אַ הונדערט מייל איבער ניו־אָרליענס איז דער טייך העכער ווי די ארומיגע לאַנד מיט צוואַנציג פוס און שטורמט זיין מעכטיגע וואַסער צווישען די שטאַרק געבויטע ווענט אין די לענג פון די ברעגען. דער רייזענדער אויפ׳ן שיף האָט געקענט בעטראַכטען די לאַנד פאַר מייל און מייל. טאָם האָט אַלזאָ געקענט בעטראַכטען די פּלאַנ־טאַציעס אזוי ווי זיי זיינען געלעגען אויסגעשפּרייט איינע נאָך די אנ־דערע און האָט דאָרטען געקענט זעהען דעם לעבען, וועלכער ערוואַר־טעט איהם.

ער האָט געזעהען פון ווייטענס ווי די שקלאַווען האָבען געאַרבייט. ער האָט געזעהען זייערע דערפער און שטיבלעך, וועלכע האָבען זיך געצויגען אין לאַנגע רייהען אויף פיעלע פּלאַנטאַציעס, ווייט אָפּגע־טרעטען פון דעם מאַסטער׳ס גרויסאַרטיגע הייזער און די לוסט־פּלע־צער. און אזוי ווי דיעזע בילדער זיינען איהם פאַרבייגעגאַנגען, האָט זיין אָרימע הארץ געבענקט נאָך דער פאַרם אין קענטאָקי, נאָך די אַלטע בוימער, נאָך זיין מאַסטער׳ס הויז, נאָך זיינע מיט בלומען בעוואַקסענע שטיבעל, זיין פרוי און קינדער, די קאַמעראַדען מיט וועלכע ער איז געוואַקסען צוזאַמען, — ביז די קלאַפּעריי פון דער מאַ־שין האָט איהם דערמאַהנט, אז ער ליגט אויף די געפּעק פון דער שיף און דאָס יענער שעהנער לעבען איז פערשוואונדען אויף אייביג.

איהר וואָלט אין אַזאַ פאַל געשריעבען צו אייער פרוי און קינדער, אָבער טאָם האָט ניט געקענט שרייבען; פאַר איהם האָט קיין פּאָסט ניט עקזיסטירט. פאַר איהם איז די שיידונג געווען אַן אייביגע, ער האָט קיין מיטעל ניט געהאַט פון זיך צו לאָזען וויסען.

צווישען די פּאַסאַזשירען אויפ'ן שיף איז געווען אַ רייכער יונגער מאַן, פון ניו־אָרליענס, מיט'ן נאָמען סיינט קלער. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ טאָכטער פון אַ יאָהר פינף־זעקס און אַ דאַמע, זיינע אַ קור־זינע וועלכע האָט געהאַט די מיידעלע אונטער איהר אויפזיכט.

טאָם האָט אָפט בעטראַכט דיעזע קליינע מיידעלע, ווייל זי איז געווען אַזוי לעבעדיג און לוסטיג דאַס זי איז ניט געשטאַנען אַ מינוט אויף אַן אָרט; ווי אַ זומער־פייגעלע איז זי ארומגעפלויגען פון איין פּלאַץ אויפ'ן אַנדערן. איבערהויפּט איז זי געווען פון יענע קינדער, וואָס ווען מען זעהט זיי איין מאָל, קען מען זיי אַזוי לייכט ניט פערגעסען.

זי איז געווען איינע פון יענע וואונדערבאַרע קינדערשע שעהנהייטען, וועלכע זיינען שווער צו בעשרייבען און שווער צו מאָהלען. איהר קערפּער איז געווען ווי געשניצט פון אַ סקולפּטאָר; איהר לאַנגע גאָלדענע האָאָר האָבען געפלאַטערט אויף איהרע שולטערן און איהרע גרויסע בלויע אויגען האָבען געטראָגען איין ערנסטען און זאַנפטען אויסדרוק און האָבען בעצויבערט אַלעס ארום זיך. זי איז אימער געווען לוסטיג, האָט געשמייכעלט און געזונגען.. איהר פאָטער און די דאַמע האָבען שטענדיג געהאַט צו טהאָן איהר נאָכצולויפען, אַז זי זאָל זיך ערגעץ ניט בעשעדיגען. אַלע אויפ'ן שיף האָבען זי בעוואונדערט.

פאַר טאָם'ן, וואָס האָט געהאַט אַ ווייכע און ליעבענדע האַרץ, איז דיעזע מיידעלע געווען עפּעס געטליכעס. ווען זי פלעגט אויף איהם קוקען פון אַ ווינקעל אָדער פון אַ פּאַק, פלעגט ער מיינען, אַז אַ מלאך האָט זיך בעוויעזען צו איהם.

זעהר אָפט פלעגט זי טרויעריג פערביינגעהן דעם פּלאַץ וואו האַלעי'ס שקלאַווען, מענער און פרויען, זיינען געזעסען געשמידט אין קייטען. זי פלעגט אריינקומען צווישען זיי און זיי בעטראַכטען מיט אַ צומישטען און טרויריגען בליק. זי פלעגט אַ מאָל אויפהויבען זייערע קייטען מיט איהרע קליינע הענטלעך און מיט אַ שווערן זיפץ פלעגט

זי אוועקגעהן. א מאָל פלעגט זי ברייננען קאָנפעקטען, ניס און אפעלסינען און פלעגט עס פערטהיילען צווישען זיי און דאן פריילעך אוועקלויפען.

טאָם האָט גוט בעטראכט די קליינע דאמעלע. ער האָט אַלץ געקלעהרט ווי מיט איהר בעקאנט צו ווערען. ער איז אמאָל געווען א בריה אויף צוציהען קינדער צו זיך. ער פלעגט פאר זיי מאכען פער־שיעדענע שפּיעלצייג פון קארשען־ביינדלאך, פון קאָרע און פון שטעק־לעך. ער פלעגט מאכען פערשיעדענע פייפעלעך, גראָד וואָס קינדער האָבען ליעב. ער האָט אויך יעצט געמאכט צאַצקעס און דערמיט האָט ער גערעכענט צוצוציהען צו זיך די שעהנע מיידעלע. ער האָט זיי איהר פון ווייטענס געוויזען און זי פלעגט פון ווייטענס קוקען אויף זיי. ביסלעכווייז האָט זי אָנגעפאנגען צוצוקומען נעהענטער און האָט גענומען די שפּיעלצייג, צוערשט שעמעדיג און אונענטשלאָסען, דאן דרייסטער און צוטרויליכער ביז ער איז געוואָרען א מחותן מיט איהר.

— ווי הייסט איהר, קליינע מיסס? האָט טאָם ענדליך געפרעגט, ווען ער האָט געזעהען, אז עס איז שוין צייט אָנצופאנגען.

— עוואנדזשעלינע סיינט קלער, האָט די קליינע געענטפערט. דער פאפא און אנדערע רופען מיך עווא. און ווי איז דיין נאָמען?

— מיין נאָמען איז טאָם. דאָרטען אין קענטאָקי האָבען מיך די קינדער גערופען אָנקעל טאָם.

— דאן וועל איך דיך רופען אָנקעל טאָם, ווייל איך ליעב דיך, האָט עווא געזאָגט. אַלזאָ אָנקעל טאָם, וואוהין גייסטו?

— איך ווייס ניט, מיסס עווא.

— דו ווייסט ניט? האָט עווא אויסגערופען.

— ניין. מען וועט מיך פערקויפען, און איך ווייס ניט צו וועֹ־מען.

— מיין פאפא קען דיך קויפען, האָט עווא שנעל געזאָגט. און אויב ער וועט דיך קויפען, וועט דיר זיין גוט. איך וועל דאָס איהם טאקע היינט בעטען.

— איך דאנק אייך, מיין קליינע דאמע, האָט טאָם געזאָגט.

די שיף האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט ארויפצונעהמען האָלץ און ווען עווא האָט דערהערט איהר פאָטער'ס שטימע איז זי צו איהם לע־

בעדיג אוועקגעלאָפען. טאָם איז געגאַנגען העלפען די ארבייטער פון שיף אריינצונעהמען די האָלץ.

עווא און איהר פאטער זיינען געשטאַנען ביי דער פאַרענצע פון שיף צו זעהען ווי זי געהט אָפּ פון ברעג. די רעדער האָבען זיך געגע־בען א פּאָאַר מאָל א דרעה אין וואסער ווען די מיידעלע איז דורך א פּלוצליכער בעוועגונג אריינגעפאלען אין וואסער. איהר פאטער האָט אין שרעק געוואָלט נאָכשפּרינגען אין טייך, אָבער מען האָט איהם צוריקגעהאַלטען, ווייל דאָס קינד האָט געהאַט בעסערע הילפע.

טאָם איז געשטאַנען אויפ׳ן אונטער׳ן דעק, פונקט אונטער איהר ווען זי איז אראָפּגעפאלען. ער האָט זי געזעהען אריינפאלענדיג און איז גלייך נאָך איהר נאָכגעשפּרונגען. פאר א שטאַרקען מאַן מיט א ברייטער פּלייצע ווי ער, איז איהם געווען ניט שווער זיך צו האַלטען אויפ׳ן וואסער ביז די מיידעלע איז ארויפגעשוואומען פון אויבען. ער האָט זי דאַן גענומען אין זיינע אָרעם און איז מיט איהר צוגעשוואומען צו דער זייט פון שיף און האָט זי דערלאַנגט א דורכגעווייקטע פון וואַ־סער צו די הונדערטער הענד וועלכע האָבען זי ערוואַרטעט. א פּאָאַר סעקונדען שפּעטער האָט איהר פּאָטער זי געטראָגען א גע׳חלש׳טע אין די פרויען קאַיוטע, וואו, ווי געוויינליך אין אזעלכע פעלע, מאַכען די גוטהערציגע פרויען וואָס מיינען עס דווקא גוט, אזעלכע שטערונ־גען מיט זייער געפּילדער, דאָס די ריכטיגע הילפע ווערט פערנאַכ־לעסיגט.

---

עס איז געווען א שטיקענדער וועטער, ווען די שיף האָט זיך אויפ׳ן נעקסטען טאָג גענעהענט צו ניו־אָרליענס. אלע האָבען זיך געאיילט צו פערלאָזען די שיף. אויפ׳ן אונטערשטען דעק איז געזע־סען אונזער פריינד טאָם מיט זיינע ארעמס פערלייגט אויף די ברוסט און האָט זשעדנע געקוקט אויף א גרופּע מענשען אויף דער אַנדערער זייט שיף.

דאָרטען איז געשטאַנען עוואַנדזשעלינע, אביסעל בלייכער ווי פריהער, אָבער זאָנסט איז אויף איהר ניט געווען קיין סימן פון נעכ־טיגען פאל וואָס האָט מיט איהר פּאסירט. נעבען איהר איז געשטאַ־נען א שעהן געבויטער יונגער מאַן און האָט געהאַלטען נאַכלעסיג אַנ־



טאָם רעטעט עווא'ן פון טוידט.

געלעהנט דעם עלענבויגען אויף א פאק פלאקס, וועהרענד אן אפענער טייסטער מיט געלד איז געלעגען נעבען איהם. אויפ׳ן ערשטען בליק האט מען געזעהען, אז דער יונגער מאן איז געוועזן דער מיידעלע׳ס פאטער. דאס איז געוועזן דערזעלבער עדעל געפארמטער קאפ, דיזעלבע גרויסע, בלויע אויגען, דיזעלבע גאלד־ברוינע האאר. דאך איז דער אויסדרוק געוועזן א גאנץ אנדערער. אבוואהל די אויגען זיינען געוועזן אין דער פארב און אין דער פארמע גלייך מיט איהרע, האט דאך אין זיי געפעהלט דער טרוימערישער, טיפער אויסדרוק. זיין שעהנער מונד האט געהאט א שטאלצען, סארקאסטישען אויסדרוק. ער האט זיך צוגעהערט צו האלעי׳ס לויב געזאנג וועגען זיין ארטיקעל מיט א האלב קאמישער און מיי א האלב פערעכטליר״ מינע.

— דאס הייסט, אלע מאראלע און קריסטליכע מדות זיינען ביי איהם אויפ׳ן העכסטען גראד! האט ער געזאגט ווען האלעי האט גע־ענדיגט. וועל, מיין גוטער פעטער, וואס דארף מען בעצאהלען פאר דעם עסק? ווי פיעל ווילט איהר ביי מיר אויסנארען? רוקט זיך ארויס מיט׳ן מקח!

— וועל, האט האלעי געזאגט, ווען איך וועל בעטען פאר דיזען קערל דרייצעהן הונדערט דאלאר, וועל איך קוים ארויס מיט׳ן קרן. ווירקליך, איהר קענט מיר גלויבען.

— ארימער מאן! האט דער יונגער מאן געזאגט איהם שפאטיש אנקוקענדיג. איהר גיט מיר איהם מסתמא אפ פאר דיזען קליינעם פרייז, ווייל איהר האט א בעזונדער רעספעקט צו מיר.

— וועל, דיעזע קליינע דאמעלע ליעבט איהם, און נאטירליך טהו איך עם צוליעב איהר.

— אה, געוויס, און צוליעב דעם ווילט איהר מיר צייגען אייער וואהלטהעטיגקייט. אלזא ווען עס האנדעלט זיך דא וועגען קריסטלי־כער וואהלטהעטיגקייט, טא זאגט מיר ווי ביליג וואלט איהר איהם אוועקגעבען צוליעב דער יונגער דאמעלע וואס ליעבט איהם?

— וועל, בערעכענט נאר, האט דער שקלאווענהענדלער גע־זאגט, בעטראכט זיינע פיס, זעהט זיין ברוסט; שטארק ווי א פערד. בעטראכט זיין קאפ וועט איהר זעהן ווי קלוג ער איז, ניט ווי אנדערע נעגערס; ער קען טהאן אלעס. א נעגער מיט אזא קאפ און אזוי גע־

בויט איז ווערטה געלט. דער קערל האָט גֿעפיהרט אַ גאַנצע פּאַרם, און האָט אַ גרויסען טאַלאַנט פאַר געשעפט.

— דאָס איז גאָר ניט גוט, ער וויים צו פיעל! האָט דער יונגער מאַן געזאָגט מיט דענזעלבען איראָנישען שמייכעל. דאָס געהט ניט. אייערע קלוגע קערלען האַלטען שטענדיג אין איין ענטלויפען, זיי גנב'ענען פערד און טהוען אַן מעשים. איך רעכען אז פאַר זיינע מעלות וועט איהר מוזען אַראָפּלאָזען אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר.

— וועל, אין דעם איז אפילו שוין דאָ אביסעל אמת, ווען ער וואָלט ניט געהאַט זיין כאַראַקטער. אָבער איך קען אייך בעווייזען, אז ער איז איינער פון די פרומסטע נעגערס. דאָרטען וואו ער איז געווען האָט מען איהם געהאַלטען זאָגאר פאַר אַ פּרעדיגער.

— אזוי! וועל איך איהם מאַכען פאַר אונזער פאַמיליען־פּרעדיגער, האָט דער יונגער מאַן טרוקען געזאָגט. רעליגיאָן איז ביי אונז אין הויז אַ זעלטענער אַרטיקעל.

— איהר שפּאַסט עס.

— פון וואַנען ווייסט איהר, אז איך שפּאַס? האָט איהר ניט אַליין געזאָגט, אז ער איז גוט פאַר אַ פּרעדיגער? האָט ער אויף דעם אויסגעהאַלטען עקזאַמען? נו, גיט אהער די פּאַפּיערען.

ווען דער שקלאַווענהענדלער וואָלט ניט געווען זיכער, אז ער האָט אַ זיכערען קונה, וואָלט ער ניט אזוי געדולדיג אויסגעהערט ווי מען מאַכט פון איהם חוזק; אזוי אָבער האָט ער אַרויסגענומען זיין טייסטער און האָט דאָרטען אָנגעפאַנגען צו זוכען די פּאַפּיערען, וועהרענד דער יונגער מאַן האָט אויף איהם געקוקט מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל.

— פּאַפּאַ, קויף איהם! זאָל זיין וואָס עס קאָסט, האָט עוואַ שטילערהייד געזאָגט, אַרויפשטייגענדיג אויף אַ קאַסטען און אַרומנעהמענדיג איהר פאַטער'ס האַלז. איך וויים אז דו האָסט גענוג געלט. איך וויל איהם האָבען.

— צו וואָס, קעצעלע? ווילסט איהם מאַכען פאַר אַ קאַלעקאָטקע, אָדער פאַר אַ פערדעלע, אָדער וואָס?

— איך וויל איהם גליקליך מאַכען.

— דאָס איז איין אָריגינעלער וואונש.

דאָ האָט דער שקלאַווענהענדלער אַרויסגענומען אַ דאָקומענט,



סיינט קלער קויפט טאָם'ען.

וועלכער איז געוועז אונטערשריעבען פון מר. שעלבי'ן און האָט עס דערלאַנגט דעם יונגען מאַן, וועלכער האָט עס ביי איהם צוגענומען מיט די שפּיץ פינגער און האָט עס נאַכלעסיג דורכגעקוקט.

— אַ שעהנע האַנדשריפט, האָט ער געזאָגט, און אויך ריכטיג געשריעבען. אָבער איך בין נאָך אַלץ ניט זיכער וועגען דיעזער רעליגיאָן, דאָס לאַנד איז כמעט רואינירט פון ווייסע, פרומע לייט. איבעראַל האָבען מיר יעצט פרומע לייט : אין פּאָליטיקע, אין דיא קירכע, אין דער רעגיערונג און מיר ווייסען ניט פון וועמען מיר וועלען פריהער בעשווינדעלט ווערען. איך ווייס ניט, אויב רעליגיאָן שטעהט איצטער הויך אין מארק. איך האָב די לעצטע צייט ניט נאָכגעקוקט די צייטונגען צו זעהן ווי איהר קורס האַלט, ווי פיעל הונדערט דאָלאַר רעכענט איהר צו פיר זיין פרומקייט ?

— איך זעה, איהר שפּאַסט ווייטער, האָט דער הענדלער געזאָגט, און מען קען ניט לייקענען אַז דאָס איז אמת וואָס איהר זאָגט. אָבער איך קען אייך פערזיכערן, אַז טאָם איז ניט פאַלש. לעזט אין דעם פּאַפּיער פון מר. שעלבי וועגען איהם, וועט איהר זעהן וואָס ער זאָגט.

— יעצט, האָט דער יונגער מאַן ערנסט געזאָגט, אויב איהר קענט מיר פערזיכערן, אַז איך קען ווירקליך קויפען אַזאַ פ ר ו מ ע ן מענשען און אַז דאָס וועט מיר פעררעכענט ווערן אין ספר הזכרונות דאָרטען אויבען, וואָלט איך אייך נאָך געגעבען אַ צוגאָב.

— וועל, דאָס קען איך ליידער ניט טהאָן, האָט דער הענדלער געזאָגט, איך דענק, אַז דאָרטען אויבען וועט יעדערער קריעגען זיין אייגענעם חלק.

— עס איז זעהר שווער פאַר איינעם וואָס בעצאָהלט געלט פאַר פרומקייט און קען דערמיט ניט מאַכען קיין מסחר, האָט דער יונגער מאַן געזאָגט צעהלענדיג די געלט. דאָ האָט איהר אייער געלט, אַלטער. זאָגענדיג דאָס האָט ער דערלאַנגט דעם הענדלער אַ פּאַק בילעטען.

— זעהר שעהן, האָט האַלי געזאָגט און זיין פנים האָט געשיינט פון פערגעניגען. ער האָט ארויסגענומען פון קעשענע די נייטיגע זאַכען צום שרייבען און האָט אויסגעמאַכט אַ פאָרמאַלנעם פּאַ־

פיער, אז ער האָט פערקויפט טאָם'ן און האָט עס אונטערשריעבען. ער האָט עס דאן דערלאנגט דעם יונגען מאַן.

— א טשיקאַוועס, וויעפיעל וואָלט איך ווערטה זיין, האָט דער יונגער מאַן געזאָגט דורכלעזענדיג דעם פּאַפּיער, ווען מען וואָלט מיך פערקויפען אין בעזונדערע טהיילען? לאָמיר זאָגען אַזוי פיעל פיר דען געשטאַלט פון מיין קאָפּ, אזוי פיעל פאר מיין הויכען שטערן, אזוי פיעל פאר די אָרעמס, אזוי פיעל פאר די פיס, און דאן אזוי פיעל פאר מיין בילדונג, אזוי פיעל פאר'ן שכל, אזוי פיעל פאר'ן טאַלאַנט, פאר עהרליכקייט, רעליגיאָן; פאר די לעצטע וואָלט מען שוין גאָר ניט געגעבען, דענק איך! יא עווא, האָט ער געזאָגט צו זיין טאָכטער, און זי נעהמענדיג פאר'ן האנד איז ער מיט איהר געגאַנגען וואו טאָם איז געזעסען. ער האָט איהם פריינדליך אָנגע־ריהרט מיט'ן פינגער אונטער'ן מאָרדע. — קוק אהער, טאָם! און זעה אויב דיר געפעהלט דיין נייער מאַסטער!

טאָם האָט אויף איהם א קוק געטהאָן. עס איז געוועזען גאַנץ נאַ־טירליך, דאָס ווען מען האָט געקוקט אויף דיעזען פריילינען, יונגען, שעהנעם פּנים האָט מען געהאַט פערגניגען; און טאָם האָט געפיהלט ווי טרעהרען פליסען איהם פון די אויגען ווען ער האָט געזאָגט:

— גאָט זאָל אייך בענשען, מאַסטער!

— איך האָף אז ער וועט עס טהאָן. ווי איז דיין נאָמען? טאָם? קענסטו אָנטרייבען פערד, טאָם?

— איך בין אַלע מאָל געוועזען געוועהנט צו פערד. מאַסטער שעל־בי האָט געהאַלטען זעהר פיעלע פערד.

— איך דענק, אז איך וועל דיך מאַכען פאר א קוטשער, מיט דער בעדינגונג אז דו מעגסט זיין שכור ניט מעהר ווי איין מאָל אין וואָך. אויסער אין א נויטה־פאַל, טאָם.

— טאָם האָט זיך געפיהלט הארט געטראָפען און האָט געזאָגט: איך טרינק קיינמאָל ניט, מאַסטער:

— איך האָב עס שוין אָפט געהערט, טאָם. אָבער איך האָף, אז דו וועסט זיך אויפפיהרען גוט.

— גאַנץ געוויס, מאַסטער, האָט טאָם געזאָגט.

— און עס וועט דיר זיין גוט, האָט עווא געזאָגט, דער פּאַפּא איז צו יעדערן זעהר גוט, ער האָט נאָר ליעב צו שפּאַסען.

— דער פּאפּא דאנקט דיר זעהר פאר דיין רעקאָמאנדירען איהם, האָט סיינט קלער לאַכענדיג געזאָגט און איז אַוועקגעגאנגען.

---

פופצעהנטער קאַפּיטעל.

## טאָם'ס נייער מאַסטער.

אזוי ווי אונזער אָרימער העלד איז יעצט אָנגעקומען אין נייע הענד, מוזען מיר אונזערע לעזער בעקאַנט מאַכען מיט די נייע פּערזאָנען, מיט וועלכע זיין שיקזאַל האָט איהם צוזאַמענגעבראַכט.

אוגוסטין סיינט קלער איז געווען דער זוהן פון א רייכען פּלאַנצער אין לואיזיאַנאַ. דעם שטאַם פון דיעזער פאַמיליע איז פון קאַנאַדאַ. פון צוויי ברידער, וועלכען האָבען געהאַט דענזעלבען כאַראַקטער, האָט זיך איינער בעזעצט אין ווערמאָנט און איז דאָרטען געוואָרען א רייכער פּארמער, און דער אנדערער איז געוואָרען א רייכער פּלאַנצער אין לואיזיאַנאַ. אוגוסטין'ס מוטער איז געווען א פראַנצויזישע הוגענאָטין, וועמעס עלטערען האָבען עמיגרירט נאָך לואיזיאַנאַ אין דער צייט ווען מען האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען דאָרטען צו בעזעצען. אוגוסטין און נאָך א ברודער זיינען געווען די איינציגע קינדער ביי זייערע עלטערן. אזוי ווי אוגוסטין האָט גע'ירש'ענט די שוואַכע געזונדהייט פון זיין מוטער, האָבען דאָקטוירים אַלס ער איז געווען יונג געראַטהען אַז מען זאָל איהם שיקען אין א קעלטערע געגענד, ער זאָל ווערען שטאַרקער. נאָך אַלס יונגער אינגעל האָט מען איהם אַוועקגעשיקט צו זיין פעטער אין ווערמאָנט, וואו ער איז געווען פיעלע יאָהרען.

אין זיין קינדהייט האָט ער געהאַט זעהר א ווייכען כאַראַקטער, וועלכער האָט זיך געפּאַסט מעהר פאַר פרויען, אָבער ווען ער איז געוואָרען א מאַן איז זיין כאַראַקטער שטאַרקער געוואָרען. ווען ער האָט געענדיגט די הויכע שולע האָט זיך זיין גאַנצע נאַטור פערוואַנדעלט אין א ראָמאַנטישע ליידענשאַפט. די שטונדע איז געקומען. זיין שטערן איז אויפגעגאַנגען. ער האָט בעגעגענט און געוואונען די ליע־

בע פון א ערעלער און וואונדערשעהנער מיידעל, פון די נאָרד שטאַאַ־
טען, און זיי זיינען פערלאָבט געוואָרען. ער האָט זיך אומגעקעהרט
צוריק אין לואיזיאַנא אום צו מאַכען פאָרבערייטונגען צו זיין האָכצייט.
דאָ זיינען איהם געקומען צוריק די בריעף, וועלכע ער האָט געשריע־
בען צו זיין כלה, און האָט דערביי בעקומען א קורצען בריעף פון
איהרע אפּעקונעס, אז ווען ער וועט קריעגען דיעזען בריעף וועט שוין
זיין כלה זיין פערהייראט מיט אנאנדערן. כמעט צום משוגע ווערען
פון אזא קלאַפּ האָט ער מיט אַלע כחות פּרובירט ארויסצורייסען פון
הארצען די אונגליקליכע ליעבע, אָבער אומזיסט, ער איז געווען צו
שטאָלץ צו בעטען ערקלעהרונגען, האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין
דעם לוסטיגען לעבען פון דער הויכער געזעלשאַפט און אין צוויי וואָ־
כען נאָך דעם שרעקליכען בריעף איז ער געוואָרען דער געליעבטער
פון א שעהנער מיידעל, און אזוי שנעל ווי די פאָרבערייטונגען האָבען
געקענט געמאַכט ווערען, איז ער געוואָרען דער מאַן פון א פיינער
פיגור, א פּאָר שעהנע שווארצע אויגען און א הונדערט טויזענד דאָ־
לאר געלט. נאַטירליך האָט איהם יעדערער גערעכענט פאר א גליק־
ליכען יונג.

די יונגע פּאָאַר פּאָלק האָבען ארומגערייזט אין זייער האָכצייטס
מאָנאַט און האָבען געגעבען גרויסארטיגע אונטערהאַלטונגען פאר
זייערע פריינד אויף זייער פּראַכטפאָלער דאַטשע, ווען סיינט קלער
האָט ערהאַלטען א בריעף פון זיין געוועזענער געליעבטער אין איהר
אייגענער האַנדשריפט. ער איז געווען אין רעכטען רויש פון דער
פּראַכטפאָלער אונטערהאַלטונג, ארומגערינגעלט פון געסט, ווען מען
האָט איהם דערלאַנגט דעם בריעף. ער איז שרעקליך בלייך געוואָרן ווען
ער האָט דערקענט די האַנדשריפט ; ער האָט זיך אָבער בעהערשט
און עס איז איהם געלונגען אונבעמערקט זיך ארויסצודרעהען פון צי־
מער. ערשט ביי זיך אין צימער האָט ער געלעזען דעם בריעף. דער
בריעף איז געווען געשריעבען פון איהר און זי שרייבט איהם אז זי
איז געווען פערפאָלגט פון איהרע אָפּעקונעס און האָבען דורכאויס גע־
וואָלט אז זי זאָל הייראטען מיט איינעם פון די אפּעקונעס'עס א זוהן.
צו דיעזען צוועק האָבען זיי פערהאַלטען איהרע בריעף צו איהם און
האָבען ניט צוגעלאָזען זיינע בריעף צו איהר ; דאָס זי האָט אזוי לאנג
צו איהם געשריעבען ביז זי איז פערמאַטערט געוואָרען, און אז פון

זיין ניט ענטפּערן האָט זי פון שמערצען פערלאָרען איהר געזונד, ביז זי האָט ענדליך אויסגעפונען דעם גאנצען טייפעלשען פּלאַן, וועלכער איז געפיהרט געוואָרען געגען זיי ביידע. דער בריעף האָט זיך געענ־דיגט מיט פיעלע זיסע האָפנונגען אויף א גליקליכע צוקונפט פאר זיי ביידען. דאָס לעצטע איז געווען פאר דעם אונגליקליכען יונגען מאַן ביטערער ווי דער טויט. ער האָט איהר גלייך געענטפערט:

„דיין בריעף האָב איך ערהאַלטען — אָבער צו שפּעט. אַלעס וואָס איך האָב געלעזען אין די בריעף האָב איך געגלויבט. א י ך ב י ן פ ע ר ה י י ר א ט און אַלעס איז פאַרביי. עס בלייבט נאָר צו פערגעסען — דאָס איז אַלעס וואָס בלייבט פאר אונז צו טהאָן.“

אזוי האָט זיך געענדיגט דער ראָמאַן און דער אידעאַלער לעבען פון אוגוסטין כיינט קלער. אָבער די ווירקליכקייט איז געבליעבען. די ווירקליכקייט, ווי יענע פלאַכע, שטילע בלאָטע, אויף וועלכער א טיעפער וואסער איז אמאָל געפלאָסען און האָט אויף זיך געטראָגען שיפען מיט לוסט און לעבען און איז יעצט געווען א פערשימעלטע פלאַכע בלאָטע — די אמת'ע ווירקליכקייט.

געוועהנליך אין א ראָמאַן ווערען די הערצער פון די ליעבענדע געבראָכען און זיי שטאַרבען. אין א געשיכטע פּאַסט עס זיך זעהר, אָבער אין ווירקליכען לעבען שטאַרבען מיר ניט ווען מיר פערלירען דאָס וואָס מאַכט דעם לעבען זיס. עס געבען נאָך אנדערע זאכען וואָס מיר מוזען דורכמאַכען אין לעבען: עסען, טרינקען, טאַנצען, שפּרינ־גען, האַנדלען, וואַנדלען, און דאָס איז געבליעבען פאר אוגוסטין. וואָלט ער כאָטש געהאַט א פּאַסענדע פרוי וואָלט זי איהם געקענט אביכעל פערלייכטערן זיין אומעטיגען לעבען, אָבער מערי סיינט קלער האָט אפילו ניט געוואוסט, אויב עס פעהלט איהם עפּעס. אזוי ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרען, איז זי בעשטאַנען פון א שעהנער פיגור, א פּאָאָר זעהר שעהנע אויגען און א הונדערט־טויזענד דאָלאַר, און קיינע פון דיעזע אייגענשאַפטען זיינען געווען א מעדיצין פאר א קראַנקען.

ווען אוגוסטין איז געלעגען בלייך ווי טויט אויף דער סאָפאַ און האָט געליטען פון קאָפּ־שמערצען, פלעגט זי איהם צוטראָגען באַבסקע רפואות. און ווען דיעזע קראַנקהייט איז ביי איהם געוואָרען איין אָפּ־טער גאַסט איז זי געווען זעהר ניט צופריעדען, ווייל ערשט נאָך דער

חתונה האָט זי געדאַרפט אַליין געהן צום בעזוך און אַליין געהן שפּאַ־צירען. אויגוסטין איז געווען צופריעדען וואָס ער האָט געהייראַט אַ גלייכגילטיגע פרוי, אָבער ווען דער האַכצייטס מאָנאַט מיט זיין פריילעכקייט איז אַריבער, האָט ער זיך אַרומגעזעהען, אַז אַ יונגע פרוי וועלכע איז געוויינט געוואָרען איהר גאַנצען לעבען צו זיין גע־צערטעלט און פערצויגען, קען ניט זיין קיין ווירטהין אין הויז. ריה־רענדע געפיהלען האָט זי קיין מאָל ניט געהאַט. אַלעס וואָס זי האָט געהאַט איז זעלבסטזוכט. פון קינדהייט אויף איז זי געווען אַרומגע־רינגעלט פון דיענסטען, וועלכע האָבען געדאַרפט אויכשטעהן איהרע קאַפּריזען. דער געדאַנקען, אַז זיי האָבען אויך געפיהלען און רעכ־טע, איז איהר גאָר קיין מאָל אין קאָפּ ניט געקומען. איהר פאַטער, ביי וועמען זי איז געווען די איינציגע קינד, האָט איהר קיין מאָל ניט ענטזאָגט אַ זאַך, ווען עס איז נאָר געווען מעגליך צו בעקומען. און ווען זי איז געוואָרען אַ שעהנע דאַמע און האָט געהאַט אַ נדן פון הונדערט טויזענד דאָלאַרס, האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן חתנים פון דער גאַנצער וועלט, און זי האָט גאָר ניט געצווייפעלט, אַז אויגוסטין האָט זיך געמוזט פיהלען דער גליקליכסטער ווען זי האָט איהם אויס־געקליבען. עס איז אַ גרויסער טעות אָנצונעהמען, אַז אַ פרוי אָהן אַ הארץ וועט ענטפערן מיט ליעבע פאַר ליעבע. עס גיבט ניט אין דער וועלט קיין ערגערען פאָרדערער פון ליעבע ווי אַ פרוי, וועלכע ליעבט נאָר זיך. און וואָס מעהר זי אַליין ליעבט ניט, וויל זי אַלץ מעהר אַז יענער זאָל זי ליעבען. ווען אויגוסטין האָט אַלזאָ אביסעל אויפגעהערט זי ליעבליך צו בעהאַנדלען, האָט זי אָנגעהויבען צו מאַ־כען איהרע ווייבערשע קונצען: וויינען, פאַלען אין חלשות א. ז. וו. און ער פלעגט זי זוכען צו בערוהיגען מיט פּרעזענטען און אַנדע־רע גוטע זאַכען וואָס אַזאַ פרוי האָט ליעב. און ווען מעריי איז געוואָ־רען די מוטער פון דער שעהנער עווא האָט ער ווירקליך געפיהלט צו איהר עפּעס אַ מין צערטליכקייט.

סיינט קלער'ס מוטער איז געווען אַ פיינע און אַ גוטע פרוי. ער האָט געגעבען זיין קינד זיין מוטערס נאָמען און האָט געהאָפט, אַז זי וועט זיין אַזוי גוט ווי זיין מוטער איז געווען. אויגוסטין איז געווען זעהר צוגעטהאָן צום קינד זייט זי איז געבאָרען געוואָרען. דאָס איז געווען זיין נחת און זיין פרייד. דאָס האָט זיין פרוי זעהר געקרענקט,

זי האָט ניט געקענט פערטראָגען אַז ער זאָל ליעבען דאָס קינד מעהר ווי איהר.

זייט איהר קינד איז געבאָרען געוואָרען האָט זי אָנגעפאנגען צו קרענקען; איהרע קרעפטען האָבען אָנגעפאנגען צו זינקען און דורך איהרע גייסטיגע און קערפערליכע אונטהעטיגקייט צוזאַמען מיט איהרע לאַנגוויילינקייט און אונצופריעדענהייט האָבען אין א פּאָאַר יאָהר געענדערט די בליהענדע יונגע שעהנהייט צו א געלער אפּגעצערטער פרוי, וועלכע האָט פערבראַכט די צייט ליגענדיג קראַנק און זיך בעקלאָגענדיג אַז זי איז די אונגליקליכסטע פרוי אין דער וועלט.

דורך איהרע קראַנקהייט, וועלכע פלעגט זי האַלטען אין בעט דריי, פיער טעג אין וואָך, איז די הויז נאָך ערגער פערנאַכלעסיגט געוואָרען, און אוגוסטין האָט מורא געהאַט, אַז זיין טאָכטער, וועלכע איז געוועזען שוואַך אין געזונד, זאָל דערפון ניט ליידען. ער איז מיט איהר דעריבער אַוועקגעפאָהרען אין ווערמאָנט און האָט דאָרטען איבערגעגעבען זיין פעטערס טאָכטער, מיסס אָפעליא סיינט קלער, אַז זי זאָל מיט איהם פאָהרען צו איהם אַהיים. יעצט זיינען זיי אין וועג און די לעזער האָבען זיי שוין קענען געלערנט.

און יעצט, ווען די ווייטע הייזער און שפּיצען פון די קירכען פון ניו־אָרליענס זיינען שוין פאַר אונזערע אויגען וועלען מיר פאָרפיהרען מיכס אָפעליא.

אוגוסטין איז געקומען אין זיין פעטער׳ס פארם, וועלכע איז געוועזען די שעהנסטע אין גאַנץ ניו־ענגלאַנד, און איז נאַטירליך אויפגענומען געוואָרען מיט דער גרעסטער פרייד.

מיסס אָפעליא איז געוועזען די עלטסטע טאָכטער אין איהרע עלטערן׳ס גרויסע פאַמיליע. זי איז אַלט געוועזען א פינף און פערציג יאָהר, איז געוועזען הויך און שטאַרק געבויט מיט א דינעם געזיכט און שאַרפע שוואַרצע אויגען. זי האָט געהאַט איין ענטשלאָסענעם כאַראַקטער, און ווען זי איז אויך ניט געוועזען קיין גרויסע רעדנערין, איז אָבער דאָס וואָס זי האָט געזאָגט געוועזען צום פּונקט. זי איז געוועזען א גרויסאַרטיגע ווירטהין און האָט געוואוסט ווי צו פיהרען א הויז. זי איז אויך געוועזען גוט בעלעזען און האָט געהאַט א גוטען בעגריף אין ליטעראַטור. זי האָט ניט געקענט פערטראַגען ווען א זאַך איז ניט געטהאָן געוואָרען ווי עס דאַרף צו זיין. אָבער ווען מען דאָך וועלען

פרעגען, ווי וועט זי קענען אויסקומען מיט אוגוסטין סיינט קלער'ן, וועלכער איז געווען פריילין, לייכטזיניג, אונפּראַקטיש, אונפּינקט־ליך, א צווייפלער, מיט איין וואָרט, אלע מעלות וועלכע זי האָט פיינד געהאַט?

דעם אמת זאָגענדיג, האָט איהם מיסס אָפעליא ליעב געהאַט. ווען ער איז נאָך געווען א קינד האָט זי איהם געלערנט לעזען, ווי צו פערריכטען זיינע קליידער, פערקעמען זיך די האָאָר. און איבער־הויפּט איהם צייגען אלע גוטע וועגען, און ער פלעגט איהר פאָלגען. און אזוי ווי זי האָט געהאַלטען פון פליכט, האָט ער זי איבערצייגט, אז איהרע פּ ל י כ ט ליעגט אין ניו־אָרליענס, וואו זיין פרוי ליגט א קראַנקע און אלעס וועט געהן צוגרונדע, אויב זי וועט ניט מיט־קומען. דאָס וואָס זיין הויז איז געווען אָהן אווירטהין איז איהר גע־גאַנגען צום הארצען, און שליסליך די ליעבע וואָס זי האָט געהאַט צו דער קליינער עווא האָט איהר נאָך מעהר בעוועגט אָנצונעהמען זיין איינלאַדונג. ווייטער וועט זיך דער לעזער מיט מיסס אָפעליא בע־קענען פערזענליך.

יעצט איז זי אין דער קאַיוטע פון שיף און פּאַקט איהרע זאַכען.

— איצטער, עווא, נעהם צונויף דיינע זאַכען. דו האָסט עס אוודאי ניט געטהאָן? קינדער טהוען דאָס ניט. נעהם נאָר צונויף אלע קלייניגקייטען און גיב זיי מיר וועל איך זיי גוט איינוויקלען.

— אָבער צו וואָס, טאַנטע? מיר פאָהרען דאָך אַהיים. צו וואָס דאַרף מען דאָס?

— צו האַלטען דאָס ריין, קינד; מענשען מוזען האַלטען ריין זייערע זאַכען, אויב זיי ווילען אז זיי זאָלען זיך האַלטען. און יעצט, עווא, זאָג מיר וואו איז דיין פינגערהוט?

— איך ווייס ווירקליך ניט, טאַנטע.

— וועל, זאָל זיין, איך וועל איבערקוקען דיין קעסטעל; אָט איז דאָס — א פינגערהוט, וואַקס, צוויי קנייל־עבלעך פאָדים, שער־לעך, א מעסערל, א שטעפּ נאָדעל —ליינ דאָס אלעס אריין אַהער. וואָס האָסטו געטהאָן ווען דו ביסט געפאָהרען צו אונז מיט'ן פּאַפּא! איך וואָלט דענקען, אז דו האָסט אלעס פערלאָרען וואָס דו האָסט געהאַט.

— װעל, טאַנטע, איך האָב טאַקע פערלאָרען אַ סך זאַכען, אָבער װען מיר האָבען זיך װאו אָפּגעשטעלט האָט מיר דער פּאַפּאַ געקויפט אַנדערע.

— זאָל זיך גאָט ערבאַרעמען, קינד, איז דאָס אַ װעג!

— דאָס איז זעהר אַ ליכטער װעג, טאַנטע, האָט עװאַ געזאָגט.

— דאָס איז אַ געפעהרליכער, נאַרישער װעג.

— װעל, טאַנטע, װאָס װעסטו יעצט טהאָן, דער קאַסטען איז צו פול; ער װעט זיך ניט קענען פערמאַכען.

— ער מוז זיך צומאַכען, האָט די טאַנטע געזאָגט מיט דער מינע פון אַ גענעראַל, אַריינקװעטשענדיג די זאַכען אין קאַסטען און איז דאָן אויף איהם אַרויפגעשפּרונגען. — נאָך אַביסעלע, קריך אַרויף, עװאַ, דער קאַסטען מוז זיין צוגעמאַכט און פערשלאָסען. עס קען אַנדערס ניט זיין.

און דער קאַסטען איז צוגעמאַכט געװאָרען. מיסס אָפעליא האָט איהם פערשלאָסען און האָט אַריינגעלייגט דעם שליסעל אין קעשענע מיט אַ מינע פון טריאומפף.

— יעצט זיינען מיר פאַרטיג. װאו איז דיין פּאַפּאַ? עס איז צייט אַז מען זאָל די זאַכען אַװעקשיקען. געה, עװאַ, זעה װאו ער איז.

אָט איז ער דאָרטען נעבען קאַפּיטאַן'ס שטיבעל; ער עסט אַן אַפּעלסין.

— ער מוז אוודאי ניט װיסען װי נאָהענט מיר זיינען פון ברעג. געה בעסער זאָג איהם, האָט די טאַנטע געזאָגט.

— דער פּאַפּאַ איילט זיך אין קיין זאַך ניט, האָט עװאַ געזאָגט, און דאַן זיינען מיר נאָך ניט ביין ברעג. קום צו דער פּאַרענצע, טאַנטע. זעהסטו, דאָרטען אין יענער גאַס איז אונזער הויז.

די שיף האָט זיך אָנגעפאַנגען דורכצוקװעטשען דורך די פיעלע שיפען, װאָס זיינען געשטאַנען ביין ברעג. עװאַ האָט מיט פרייד דער טאַנטע אָנגעצייגט אויף אַלע בעקאַנטע הייזער, פערשיעדענע טורעמס און מאַרקען, דורך װעלכע זי האָט דערקענט איהר געבורטס שטאָדט.

— יעס, מיין טהייערע, זעהר פיין, האָט מיסס אָפעליא גע־

זאָגט. אָבער, אום גאָטעס ווילען! די שיף שטעלט זיך שוין אָפּ, וואו איז דיין פאטער?

יעצט איז געוואָרען דער געוויינליכער טומעל וואָס קומט פאָר ווען פאסאזשירען געהען אראָפּ פון שיף. א שרייעריי, א שטופעריי, א שלעפעריי. פרויען רופען זייערע קינדער, קינדער זייערע עלטער־רען און זאָ ווייטער.

מיסס אָפעליא איז ענטשלאָסען געזעסען אויפ'ן איינגעפּאקטען קאסטען און האָט געהאט אלע זאכען ארום זיך.

— זאָל איך נעהמען אייער קאסטען? — זאָל איך נעהמען אייער באגאזש? לאָזט מיך נעהמען אייער באגאזש, מיכים! זאָל איך אראָפּטראָגען אייערע זאכען, מיסים? — האָט אויף איהר געהאָ־נעלט פון אלע זייטען. אָבער זי איז געזעסען מוטהיג מיט איהרע שי־רעמס און פעקלעך אין די הענד און האָט קיינעם ניט געענטפערט, און האָט אלע מאָל געזאָגט צו עווא'ן, אז מיט איהר פאפא מוז עפּעס זיין ניט גלאט, — אפשר איז ער אראָפּגעפאלען פון שיף, און גראָד דערויף איז ער אָנגעקומען מיט זיין געוויינליכער אונבעקימערטער מינע. ער האָט דערלאנגט עווא'ן א פערטעל פון זיין אפעלסין און האָט גע־זאָגט: :

— וועל, קוזינע ווערמאָנט, איך רעכען, אז דו ביזט שוין אין גאנצען צוגעגרייט.

— איך בין שוין געווען צוגעגרייט מיט א שטונדע צוריק, האָט אָפעליא געזאָגט, און בין שוין געווען אונרוהיג וועגען דיר.

— ער איז א געשייטער יונג, האָט ער געזאָגט. וועל, דער וואָגען ווארט און דער עולם איז זיך שוין צוגאנגען. יעצט קען מען זיך פריי בעוועגען און מען קען אראָפּ פון שיף ווי א מענש. מען וועט זיך פערשפּאָרען צו שטופען און קוועטשען. קום נאָר אהער, האָט ער זיך געווענדט צום קוטשער, וועלכער איז געשטאנען הינטער איהם, נעהם צו די זאכען.

— איך וועל געהן זעהען ווי ער וועט זיי ארויפלייגען האָט מיסס אָפעליא געזאָגט.

— ווייס איך וואָס, קוזינע, צו וואָס דארפסטו דאָס? האָט סיינט קלער געזאָגט.

— וועל, אויף יעדען פאל, וועל איך טראגען דיעזען פעקעל, דאכ און דעם אויך, האט מיסס אפעליא געזאגט.

— מיין טהייערע מיסס וועראנט, דו דארפסט אונז זיכערליך ניט ברענגען אהער די מאדעס פון דיין היים. דו מוזט וועניגסטענס אננעהמען עטוואס פון אונזערע דרום זייטיגע פיהרונגען און ניט ארארפגעהן אנגעלאדען מיט א גאנצער קראם. מען וועט דאך דיך אננעהמען פאר א דיענסט־מויד. גיב נאר אלעם דיעזען קערל, ער וועט זיי ארויפלייגען אזוי פארזיכטיג ווי זיי וואלטען געווען היהנער אייער.

מיסס אפעליא האט פערצווייפעלט צוגעזעהען, ווי מען נעהמט צו איהרע אוצרות און האט זיך געפונען גליקליך ווען זי איז שוין געזעסען נעבען זיי אויפ'ן וואגען.

— וואו איז טאם ? האט עווא געפרעגט.

— ער איז אונטען, אויפ'ן ברעג, מיין קעצעלע ; איך וועל איבערגעבען טאם'ן צו דיין מאמע'ן, ער זאל פערנעהמען דעם פלאץ פון דעם שכור, וואס האט איבערגעקעהרט דעם וואגען.

— אה, טאם וועט זיין א טהייערער קוטשער, איך וויים, האט עווא געזאגט, ער וועט זיך קיין מאל ניט אנ'שכור'ן.

דער וואגען האט זיך אפגעשטעלט ביי דעם אריינגאנג פון א גרויסארטיגער אלטערטהימליכער הויז, וועלכע איז געווען געבויט אין א האלב שפאנישען און הא[illegible] פראנצויזישען סטיל און וועלכע מען געפינט נאך יעצט אין פערשיעדענע געגענדען פון ניו־ארליענס. זי איז געווען געבויט אויפ'ן מורינער (אראבישען) פאסאן ; א פיער־קאנטיגע געביידע מיט איין איינגעשלאסענ הויף, אין וועלכען א וואגען האט געקענט אריינפאהרען דורך א האלב קיילעכדיגען טויער. ווי עס האט געוויזען איז דער אינעווענינ פון הויף אזוי געגעמאכט געווארען, אז ער זאל צופרידען שטעלען א געוויסען טרוימערישען אידעאל. ברייטע באלקאנעס זיינען געווען ארום אלע פיער זייטען פון הויף און זיינען געשטיצט פון מורינישע קאלאנעס צונויפגעצויגען פון האלבע בויגענס, וועלכע האבען מיט זייער וואונדערבארען אנבל ק געמאכט ־־הלען, אז מען געפינט זיך אין די אוראלטע צייטען פון דער אריענטאלער ליעבע הערשאפט אין שפאניען. אין מיטען הויף האט א פאנטאן געשפריצט די זילבערדיגע

וואַכער אין דער הויף אין זי איז געפאַלען צוריק אין א גרויסער מאַרמאָרנער וואַזע, וועלכע איז געווען בעצויגען מיט האַלב רויטען, האַלב בלאָען באָרדער. די וואַסער אין דעם פאָנטאַן, וועלכע איז געווען קלאַהר ווי קריסטאַל, איז געווען אָנגעפיהלט מיט טויזענדער זילבערנע און גאָלדענע פיש, וועלכע זיינען אַרומגעשוואומען אין וואַסער און האָבען געגלענצט ווי דיאַמאַנטען געגען דער זונן. אַרום דעם פאָנטאַן איז געגאַנגען א סטעזשקע אויסגעאַרבייט פון קליינע טהייערע שטיינדלעך פון פערשיעדענע קאָלירען ; אַרום דעם ווידער איז געגאַנגען א ווייכער וועג בעוואַקסען מיט ווייכען און גלאַטען גראָז ווי סאַמעט און בעפלאַנצט פון די זייטען מיט די פראַכטפאָלסטע בלומען. און דאָס אַלעס איז געווען אַרומגענומען פון א וועג פאַר פערד און וואָגען. צוויי אַפעלסין בוימער, וועלכע ה[illegible]ן יעצט געהאַלטען אין בליהען האָבען פון זיך געוואָרפען א צויבערהאַפטען שאַטען. אַיבעראַל אויף דעם ווייכען גראָז זיינען געשטאַנען וואַזאָנען מיט פערשיעדענע פלאַנצען פון די הייסע לענדער. אויסער דעם זיינען דאָ געשטאַנען פערשיעדענע פרוכט־בוימער פון זעלטענע פרוכטען און בלומען, וועלכע טראָגען הונדערטע נעמען און זיינען זעלטען צו זעהען ; אַלעס האָט געהאַלטען אין בליהען.

די באַלקאָנען, וועלכע האָבען אַרומגערינגעלט דעם הויף זיינען געווען בעצויגען מיט פאָרהאַנגען פון א מין מורינער געצייג און מען האָט זיי געקענט אַרויף און אַראָפציהען ווען מען האָט געוואָלט, ווען די זון האָט געברענט, אין אַלעמען האָט די הויז געהאַט א צויבערהאַפטען אויכזעהען.

ווען הער וואָגען איז אריין אין הויף איז עווא געווען פריילעך ווי א פייגעלע פאַרטיג צום אַרויסשפּרינגען ווען מען עפענט פאַר איהר די שטייגעל.

— איז עס ניט פראַכטפאָל, ליעבליך ! מיין טהייערע, געליעבטע היים ! האָט זי געזאָגט צו מיסס אָפעליא.

— דאָס איז א שעהנער פלאַץ, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט, אַראָפּקריכענדיג פון וואָגען, אַבוואָהל פאַר מיר זעהט עס אויס אַלט און געצענדינעריש.

טאָם איז אַראָפּ פון וואָגען און האָט רוהיג בעטראַכט דעם פּלאַץ און האָט זיך שטילערהייד געפריים.

סיינט קלער, וועלכער האָט געהאַט אַ פּאַטישען געפיהל און האָט בעוואונדערט אַלעס וואָס איז שעהן, האָט געהערט מיסס אָפּע־ליא'ס בעמערקונג און האָט געשמייכעלט. ער האָט זיך געווענדעט צו טאָם'ען און האָט געזאָגט:

— טאָם, מיין יונג, ווי עס שיינט געפעהלט דיר דאָ?

— יעס, מאַסטער, עס קען גאָר ניט זיין שעהנער.

וועהרענד דעם געשפּרעך האָט מען דערוויל אַראָפּגענומען די זאַכען פון וואָגען און זיי געטראָגען אין הויז. ארום וואָגען האָבען זיך געדרעהט שווארצע מענער, פרויען און קינדער. פון אַלע באַל־קאָנעס זיינען זיך אויך פיעלע צוזאַמענגעלאָפען צו זעהען דעם מאַס־טער. צווישען די שווארצע איז געווען איינער אַ יונגער מולאַטא און ער האָט געשיינט צו זיין דער קאָמאַנדיר איבער אַלע. ער איז געווען אויפ'ן פיינסטען אַרט געקליידעט און האָט געצייגט די אַנדערע אַז ער האָט וואָס צו זאָגען. ער האָט עס יעצט געטריבען אַלע הויז־דיע־נער צו דער אַנדערער זייט פון דער ווערנאַנדאַ.

— אוועק צוריק! האָט ער געזאָגט. עס איז מיר אַ שאַנדע פאַר אייך! צו וואָס בעלעסטיגט איהר דעם מאַסטער; ער איז דאָך ערשט געקומען!

אַלע זיינען געווען פערשעהמט און האָבען זיך צוזאַמענגעז־קט אין איין ווינקעל, אויסער צוויי שטאַרקע לאַקייען, וועלכע האָבען געטראָגען די קאַכטענס.

מר. אַדאָלף האָט אַזוי אַראַנזשירט, אַז ווען סיינט קלער וועט פערבייגעהן זאָל ער איהם טרעפען אַליין. ער איז געווען אָנגעטהאָן אין אַ סאַטינענע וועסט, פון וועלכער איז אַראָפּגעהאַנגען אַ גאָלדענע קייט און האָט געטראָגען ווייסע הויזען. ער האָט זיך פאַר סיינט קלער'ן פיין פאַרבויגען ווען ער איז צוגעגאַנגען.

— אַה, אַדאָלף, וואָס מאַכסטו? האָט זיין מאַסטער געזאָגט איהם געבענדיג די האַנד. ווי געהט עס דיר, מיין יונג? און אַדאָלף האָט געענטפערט מיט אַ רעדע, וועלכע ער האָט שטודירט אַ פּאָאָר וואָכען פאַר זיין מאַסטער'ס קומען.

— זעהר גוט, האָט סיינט קלער געזאָגט מיט זיין געוועהנליכען נאַכלעסיגען שמייכעל. דאָס איז זעהר גוט, אַדאָלף, זעה אַז די זאַכען זאָלען גוט צוגענומען ווערען. איך וועל באַלד קומען צוריק.

זאָגענדיג דאָס האָט ער אריינגעפיהרט מיסס אָפעליא'ן אין א גרויסען צימער, וועלכער האָט געפיהרט צו דער וועראַנדא.

— ווערענד דער צייט איז עווא געפלויגען ווי א פייגעלע דורך די צימערן ביז זי איז געקומען אין איהר מוטערס צימער.

א הויכע פרוי מיט שווארצע אויגען און מיט געלער געזיכטס־פארב איז געלעגען האלב אָנגעשפּארט אויף א דיוואַן.

— מאמא ! האָט עווא אויסגערופען און האָט זיך ארויפגע־וואָרפען דער מוטער אויפ'ן האלז און האָט זי מעהרערע מאָל גע־קושט.

— גענוג שוין ! גיב אכטונג, קינד, דו מאַכסט מיר קאָפּ־שמערצען, האָט די מוטער געזאָגט נאָכדעם ווי זי האָט זי נאָכלעסיג געקושט.

סיינט קלער איז אריינגעקומען און האָט ארומגענומען זיין פרוי ווי די פליכט פון א בעל־הבית'ישען מאַן איז און האָט איהר פאָרגע־שטעלט זיין קוזינע. מערי האָט אויפגעהויבען איהרע גרויסע אויגען און האָט בעטראכט איהרע קוזינע מיט א מין נייגעריגקייט און האָט זי עמפּפאַנגען מיט שוואכער העפליכקייט. א מחנה דיענער האָבען זיך דאָ אריינגעקוועטשט אין טהיר און צווישען זיי איז געווען א פּיי־גע מולאַטין אין מיטעלע יאָהרען און איז געשטאַנען די ערשטע אין צימער ; איהר געזיכט האָט געגלענצט פאַר פרייד.

— אָט איז מעמי ! האָט עווא אויסגערופען און איז צו איהר צוגעלאָפען. זי האָט זיך אריינגעוואָרפען אין איהרע ארעם און האָט זי פיעל מאָל געקושט.

דיעזע פרוי האָט ניט געזאָגט, אז זי מאַכט איהר קאָפּ־ווייטאָג, אין געגענטהייל, זי האָט זי אזוי געהאַלזט און געקושט און האָט גע־מאַכט אזעלכע משונה'דיגע האוואיעס פון פרייד דאָס מען האָט גע־קענט מיינען אז זי איז משוגע געוואָרען. און ווען זי האָט זי אראָפּ־געלאָזען איז זי געלאָפען פון איין דיענער צום אנדערן און האָט זיי אַלעמען בעגריסט און געקושט ביז מיסס אָפעליא האָט געזאָגט אז זי האָט דערפון בעקומען קרעמפּף אין מאָגען.

— וועל, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט, איהר קינדער פון סאַוטה קענט טהאָן זאכען, וועלכע איך וואָלט ניט געקענט.

— וואָס איז מיט דיר, קוזינע ? האָט סיינט קלער געזאָגט.

— וועל, איך בין פריינדליך צו יעדערן און איך קען קיינעם ניט בעליידיגען, אָבער זיך קושען —

— מיט נעגערס, האָט סיינט קלער אונטערגעבאפט, קענסטו שוין ניט פערטראָגען. ניט אַזוי ?

— יעס, דאָס מיין איך. ווי קען עווא דאָס טהאָן ?

סיינט קלער האָט געלאכט און איז צוגעגאנגען צו די דיענער.

— הערט קאָמאנדע ! האָט ער אויסגערופען, וואָס ווילט איהר, געלט ? דאָס זאָלט איהר אַלע קריגען, — מעמי, דזשימי, פאָללי, סאָקי, איהר ווילט זעהן אייער מאַסטער, הא ? האָט ער געזאָגט און האָט אַלעמען געגעבען די האנד. גיט אכטונג אויף די קינדער, האָט ער צוגעזעצט, ווען ער האָט שיעור ניט ארויפגעטראָטען אויף א שווארצען נפש׳ל, וועלכער איז דאָ אַרומגעקראָכען אויף אַלע פיער. ווען איך וועל אויף איינעם ארויפטרעטען זאָל ער עס מיר מודיע זיין.

די דיענער האָבען געלאכט און געבענשט דעם מאַסטער, וועה־רענד ער האָט צווישען זיי פערטהיילט זילבער געלד.

— יעצט מיינע פריינד, קענט איהר זיך אָפּטראָגען, געהט און פיהרט זיך אויף ווי מענשען. און די גאנצע פערזאמלונג איז ארויסגעגאנגען. עווא איז זיי נאָכגעגאנגען מיט א גרויסען קאָרב אין האנד, וועלכער איז געווען אָנגעפיהלט מיט עפּעל, ניס, קאָנ־פעקטען, בענדלעך, קרוזשעוועס און פערשיעדענע שפּיעלצייג, וועל־כע זי האָט צוזאמענגעקויפט אויפ׳ן וועג.

ווען סיינט קלער האָט שוין געהאַלטען ארייגצוגעהן צוריק, האָט ער בעמערקט טאָם׳ען, וועלכער איז געשטאנען אונרוהיג, וועהרענד אַדאָלף איז געשטאַנען נאכלעסיג אָנגעלעהנט אן דער פּאַרענצע און האָט בעטראכט טאָם׳ען דורך א שפּעקטיוו מיט א מינע פון א גראַף.

— פּע, דו קוקלע ! האָט זיין מאַכטער געזאָגט ארויסשלאָגענ־דיג דעם שפּעקטיוו פון זיין האנד. איז דאָס דער וועג צו בעהאנדלען דיין קאַמעראַד ? עס שיינט מיר, אַדאָלף, האָט ער געזאָגט ארויפ־לייגענדיג זיין פינגער אויף אַדאָלף׳ס שעהנע זיידענע וועסט, מיט וועלכער ער האָט אַזוי שטאָלצירט, אַז דאָס איז מ י י ן וועסט.

— אָה, מאַסטער, דיעזע וועסט איז אין גאַנצען פערפלעקט פון וויין, און, נאַטירליך, ווערט אַזא הערר ווי דער מאַסטער זי קיינמאָל

ניט טראָגען. איך האָב געגלויבט, אז איך קען זי נעהמען. זי פּאַסט פאר אזא אָרימען נעגער ווי איך. דערביי האָט ער זיך געגלעט די האָאר פון קאָפּ.

— אזוי ? דאָס איז די געשיכטע ? האָט סיינט קלער געזאָגט. וועל, אלזאָ, איך וועל יעצט געהן פאַרשטעלען טאָם'ען פאר זיין מיסעס, און דאן וועסטו איהם נעהמען אין דער קיך. אָבער דאָס זאָלסטו זיך מערקען, אז דו זאָלסט קיין פאַריץ ניט זיין איבער איהם. ער איז ווערטה צוויי אזעלכע קוקלעס ווי דו.

— דער מאסטער האָט אלע מאָל ליעב צו שפּאַסען, האָט אדאָלף געזאָגט לאַכענדיג. איך בין גליקליך ווען איך זעה דעם מאסטער אזוי אויפגעלייגט.

— קום טאָם, האָט סיינט קלער געזאָגט געבענדיג איהם א צייכען.

טאָם איז אריין אין צימער האָט נאָכדענקענד געקוקט אויף דעם סאמעטענעם קאָוויאָר, און אויף די אונבעשרייבליכע שעהנהייט פון די שפּיגלען, בילדער, סטאַטועז און פאָרהאַנגען, און אזוי ווי ביי דער מלכה פון שבא פאר שלמה המלך, האָט איהם אויך געפעהלט דער מוטה. ער האָט פּשוט מורא געהאַט אראָפּצושטעלען דעם פוס.

— מערי, האָט סיינט קלער געזאָגט, ענדליך האָב איך דיר גע־בראכט א קוטשער ווי דו האָסט געוואָלט. איך קען דיר זאָגען, אז מיט זיין שווארצקייט און זיין געלאַסענקייט קען מען איהם פערגליי־כען צו א טויטען־וואגען, און ער קען מיט דיר פאָהרען לאַנגזאַם אזוי ווי נאָך א לויה, אויב דו ווילסט. עפען דיינע אויגען און קוק אויף איהם. זאָלסט אלזאָ ניט זאָגען אז ווען איך פאָהר אוועק דענק איך ניט וועגען דיר.

מערי האָט געעפענט די אויגען און אויף איהם געקוקט אָהנע זיך אויפצוהייבען.

— איך ווייס אז ער וועט זיך אָנ'שכור'ן, האָט זי געזאָגט.

— ניין, ער איז גאראַנטירט אלס א פרומער און ניכטערער ארטיקעל.

— וועל, איך האָף, אז ער וועט זיין גוט, האָט די דאמע געזאָגט; דאָס וועט זיין מעהר ווי איך ערוואַרטע.

— אדאָלף, האָט סיינט קלער געזאָגט, געה, פיהר אראָפּ



סיינט קלער זאָגט צו אדאָלף'ן אז ער טראָגט זיין וועסט.

טאָם'ען און נעהם זיך אין אכט. פערגעס ניט וואָס איך האָב דיר געזאָגט.

אדאָלף האָט זיך העפליך אומגעדרעהט און איז לאַנגזאם אוועק־געגאנגען און טאָם נאָך איהם.

— ער איז איין אמת'ער ווערבליוד ! האָט מערי געזאָגט.

— וויים איך וואָס דו רעדסט, מערי, האָט סיינט קלער גע־זאָגט זיך זעצענדיג אויף א שטוהל נעבען דיוואן, זיי דאָך פערנינפ־טיג און רייד פריינדליך צו א מענשען.

— דו האָסט זיך געזאמט אויף דיין רייזע צוויי וואָכען לענגער ווי דו האָסט געדארפט, האָט זי פערדריסליך געזאָגט.

— ווייסט דאָך, אז איך האָב דיר געשריעבען די אורזאך דערפון.

— אזא קורצען, קאַלטען בריעף, האָט זי געזאָגט.

— וואָס האָב איך געקענט טהאָן ? די פּאָסט האָט געדארפט אפּגעהן און איך האָב זיך געמוזט איילען. אז ניט וואָלסטו גאָרניט געהאט.

— דאָס איז אַלע מאָל אזוי. אַלע מאָל עטוואָס אנדערס וואָס מאכט דיין רייזע לענגער און דיינע בריעף קירצער.

— קוק אהער, האָט ער געזאָגט ארויסנעהמענדיג פון קעשענע א סאַמעטענע קעסטעלע און זי עפענענדיג ; אָט איז א פּרעזענט וואָס איך האָב דיר געבראכט פון נויאָרק.

דאָס איז געווען א קליינער בילדעל פון סיינט קלער מיט עוואַ'ן ווי זיי זיינען געזעסען צוזאמען.

מערי האָט דערויף געקוקט מיט איין אונצופריעדענער מינע.

— צו וואָס האָסטו געדארפט זיצען אין אזא שלעכטער פּאָזע ? האָט זי געזאָגט.

— וועל, וועגען א פּאָזע זיינען דאָ פערשיעדענע מיינונגען, אָבער וואָס דענקסטו וועגען דעם בילד ?

— אויב דו האלסט ניט פון מיין מיינונג אין איין זאך, וועסטו מסתמא פון דער אנדערער אויך ניט האלטען, האָט די דאמע געזאָגט צומאכענדיג די קעסטעלע.

— געהאַנגען זאָלען ווערען די פּרויען, האָט ער ביי זיך גע־טראַכט, אָבער אין דער הויך האָט ער געזאָגט : אַלזאָ וואָס דענקסטו וועגען דעם בילד. נאָר מאַך זיך ניט נאַריש.

— עס איז ניט פיין פון דיר, כיינט קלער, צו צושטעהן צו מיר, אַז איך זאָל נעהמען און קוקען אויף זאַכען. דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ גאַנצען טאָג געלעגען מיט קאָפּ שמערצען און דאָס זייט דו ביזט געקומען איז דאָ אַן איבערקעהרענעש אין הויז. איך בין שוין דערפון האַלב טויט.

— איהר ליידעט פון קאָפּ שמערצען ? האָט מיסס אָפעליא גע־פרעגט, וועלכע האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען פון אַ ווייכען ארמ־שטוהל, אויף וועלכען זי איז די גאַנצע צייט געזעסען און האָט אי־בערגעציילט די מעבעל און זיי אָפּגעשאַצט וואָס זיי זיינען ווערטה.

— יעס, האָט די דאַמע געענטפערט, איך לייד כסדר פון קאָפּ־שמערצען.

— טהע פון יוניפער יאַגאָדעס איז זעהר גוט צו קאָפּ־שמערצען, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט, ווענינגסטענס זאָגען אזוי : אוגוסטע, דיאַקאָן אייברעהעם, פּערי'ס ווייב, און פּערי'ס ווייב איז געווען אַ גרויסע קראַנקען־וועכטערין.

— אַזעלכע יאַגאָדעס וואַקסען ביי אונז אין גאָרטען. איך האָב זיי עקסטרא געלאָזען פלאַנצען וועגען דעם, האָט סיינט קלער ערנסט געזאָגט, דערווייל, קוזינע, קענסטו זיך געהן אויסרוהען. דיין צימער איז שוין אָנגעגרייט, — דערויף האָט ער געהייסען אריינשי־קען מעמי'ן.

— מעמי, האָט סיינט קלער צו איהר געזאָגט ווען זי איז אריינ־געקומען, נעהם דיעזע דאַמע און פיהר זי אין איהר צימער. דו וועסט זי בעדיענען.

מיסס אָפעליא און מעמי זיינען ביידע ארויסגעגאַנגען.

---

## זעכצעהנטער קאַפּיטעל.

## טאָם'ס נייע מיסעס.

— און יעצט, מערי, איז דיין גילדענע צייט געקומען. איך האָב דיר געבראַכט מיין קוזינע וואָס וועט פון דיר אַראָפּנעהמען דעם יאָך פון הויז. דו וועסט איצטער האָבען צייט זיך אָפּצופרישען און ווערען יונג און שעהן. גיב איהר שוין אָפּ די שליסעל אין גאַנצען און ווער פּטור דערפון.

דיעזע בעמערקונג איז געמאַכט געוואָרען ביי אַ פריהשטיק עטלי־כע טעג נאָכדעם ווי מיסס אָפעליאַ איז געקומען.

— איך בין גאַנץ צופריעדען וואָס זי איז געקומען, האָט מערי געענטפּערט, אנלעהנענדיג איהר קאָפּ אויף דער האַנד. איך דענק אַז זי וועט אויסגעפינען איין זאַך, און דאָס איז, דאָס מיר, די ווירטהינס, זיינען דאָ די שקלאַווען.

— עס איז זיכער, אַז זי וועט דאָס אויסגעפינען, און אָהן צווייפעל אויך אַ וועלט מיט וואהרהייטען דערצו, האָט סיינט קלער גע־זאָגט.

— מען וואָלט מיינען אַז מיר האַלטען שקלאַווען פאַר זיך, האָט מערי געזאָגט, ווען מיר וואָלטען זיך דאָס גוט איבערלייגט, וואָלטען מיר זיי אַלע פריי געלאָזען.

עוואַנזשעלינע האָט זעהר ערנסט אָנגעקוקט איהר מוטער און האָט געפרעגט: „צו וואָס האַלסטו זיי, מאַמאַ?"

— איך בין זיכער אַז איך וויים ניט, סיידען פאַר אַ פּלאָג. זיי זיינען אַ פּלאָג אויף מיין לעבען. איך גלויב, אַז דער גרעסטער טהייל פון מיין קראַנקהייט קומט פון זיי. און איך וויים אַז אונזערע שקלאַ־ווען זיינען די ערגסטע אין דער וועלט.

— עס איז דאָך עפּעס גאָר שוידערהאַפט, מערי, דו ביזט עפּעס היינט ניט אין גאַנצען, האָט סיינט קלער געזאָגט. וואָס הערט זיך עפּעס מיט מעמי'ן? וואָס וואָלסטו געטהאָן אָהן איהר?

— מעמי איז די בעסטע וואָס איך האָב ביז יעצט געקענט, האָט

מערי געזאָגט, זי איז אָבער נאָר פאר זיך, און אזוי איז זייער גאַנצע ראסע.

— זעלבסטזוכט, אָדער נאָר זיך אליין ליעבען, איז א שרעקלי־בער פעהלער, האָט סיינט קלער ערנסט געזאָגט.

— יעצט בעטראַכט מעמי'ן, האָט מערי געזאָגט. איך דענק אז עס איז זעלבסטזוכט צו האָבען א שטארקען שלאָף. זי ווייס אז מען דאַרף ביי נאַכט אויף מיר אויפפּאסען כמעט אלע שטונדען, ווייל דאמאלס לייד איך אם מעהרסטען, און דאָך קען מען זי שוועהר אויפ־וועקען. דיעזען אין דער פריה פיהל איך זיך פיעל ערגער, ווייל היינטיגע נאַכט איז נאָך געוועזען שווערער זי צו וועקען.

— איז זי מיט דיר ניט אָפּגעזעסען גאַנצע נעכט די לעצטע צייט, מאַמאַ ? האָט עווא געפרעגט.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס ? האָט מערי שאַרף געפרעגט. זי האָט זיך אוודאי בעקלאָגט.

— זי האָט זיך ניט בעקלאָגט, זי האָט נאָר דערציילט ווי דו האָסט געליטען עטליכע נעכט דורכאַנאַנד.

— פאר וואָס נעהמסטו ניט דזשיינען אָדער ראָזע'ן אויף עטליכע נעכט און לאָזען מעמי'ן זיך אויסרוהען ?

— ווי אזוי קענסטו עס מיר פאָרשלאָגען ? האָט מערי געזאָגט. סיינט קלער, דו ווילסט ווירקליך יענעם ניט בערעכענען. איך בין אזוי נערוועז, דאָס נאָר דער אָנריהרען פון א פרעמדער האַנד וואָלט מיך משוגע געמאַכט. ווען מעמי וואָלט זיך מעהר אינטערעסירט וועגען מיר וואָלט זי ניט אזוי שטאַרק געשלאָפען. איך האָב געהערט, אז עס זיינען דאָ זעהר ערגעבענע און טרייע דיענער, אָבער איך האָב צו זיי קיין גליק ניט, האָט מערי געענדיגט מיט א זיפץ.

מיסס אָפעליא האָט זיך צוגעהערט צו דעם גאַנצען געשפּרעך און האָט געשוויגען. זי האָט עס בעהאַלטען פאר גלייכער צו שווייגען ביז זי וועט וויסען וואָס זי קען זאָגען.

— מעמי האָט אין זיך גוטע מעלות, האָט מערי ווייטער גע־זאָגט, אָבער זי האָט א האַרץ נאָר פאר זיך אליין. זי האָט זיך קיין מאָל ניט אָפּגעגעסען איהר האַרץ וועגען איהר מאַן. איהר זעהט, ווען איך האָב געהייראַט און בין געקומען אהער האָב איך זי נאַטירליך מיטגענומען, און מיין פאָטער האָט ניט געוואָלט לאָזען איהר מאַן.

אַז ער זאָל אויך מיטקומען מיט מעמי׳ן. ער איז געווען א גוטער שמיעד און מיין פאטער האָט איהם געדארפט נעטהיג האָבען פאר זיך. איך האָב דאמאלס ארום דעם געדענקט און איך האָב געזאָגט, אַז עס וואָלט געווען גלייכער פאר מעמי׳ן, אַז זי זאָל זיך פאנאנדער טהיילען פון מאַן, דען עס וועט זיין שווער פאר זיי נאָך א מאָל זיך צוזאמען צו קומען. הלוואי וואָלט איך עס געטהאָן און וואָלט פערהייראט מעמי׳ן צו אימיצען אנדערס; אָבער איך בין געווען נאריש און צו ווייך וואס איך האָב דערויף ניט בעשטאנען. איך האָב דאמאלס געזאָגט מעמי׳ן דאָ זי קען ניט ערווארטען צו זעהען איהר מאַן מעהר ווי איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין איהר לעבען, דען די לופט פון מיין פאָטערס פלאַץ איז שעדליך צו מיין געזונד און איך קען אהין ניט פאָהרען, און איך האָב איהר געראטהען זיך אויסצוזוכען אנאנדערן; אָבער ניין, — זי האָט ניט געוואָלט. מעמי האָט אין זיך א מין איינגעשפארטען כאראקטער, וואס קיין אנדערער קען ניט בעמערקען, נאָר איך.

— האָט זי קינדער? האָט מיסס אָפעליאַ געפרעגט.

— יעס, זי האָט צוויי.

— איך רעכען, אַז זי מוז בענקען נאָך זיי?

— יעס, נאטירליך, אָבער איך קען זיי אהער ניט ברענגען. זיי זיינען געווען קליינע שמוציגע נפשות. דאָ וואָלט איך זיי ניט געקענט האָבען, און צווייטענס וואָלטען זיי ביי איהר צוגענומען פיעל צייט. מעמי איז אלע מאָל געווען א פערביסענע אין דער זאך. זי האָט ניט געוואָלט הייראטהען קיין אנדערן; און יעצט, גלויב איך, ראָס, כאָטש זי וויים ווי נעטהיג איך דארף זי און ווי שוואך מיין געזונד איז, וואָלט זי געפאָהרען צו איהר מאַן אפילו מאָרגען, ווען זי וואָלט נאָר געקענט. דערפאר גלויב איך אַז די בעסטע פון זיי האָט נאָר ליעב זיך.

— עס איז שמערצליך וועגען דעם צו ריידען, האָט סיינט קלער טרוקען געזאָגט.

מיסס אָפעליאַ האָט איהם שארף בעטראכט און האָט געזעהען די ביטערקייט און דעם אונטערדריקטען צאָרן מיט דעם כאראקטעריסטישען אויסדרוק פון זיין געזיכט, ווען ער האָט עס געזאָגט.

— מעמי איז פון דעסטוועגען געווען מיין ליעבלינג, האָט מערי

געזאָגט. איך וואָלט וועלען אַז אייערע דיענער פון נאָרד זאָלען זעהען איהרע שאפעס, וועלכע זיינען געפּאקט מיט זיידענע און סאמעטענע קליידער. איך פלעג א מאָל אליין ארבייטען גאנצע האלבע טעג אויס־צופוצען איהרע הוטס, אַז זי זאָל קענען געהן צו איהרע פערגניגונגען. וואָס אַנבעטרעפט שטראָף האָט זי עס קיינמאָל ניט געהאַט, אויסער צוויי מאָל אין איהר לעבען איז זי געשמיסען געוואָרען. זי קריגט אַלע טאָג שטארקען טהע אָדער קאפע מיט ווייסען צוקער. עס איז געוויס א שאנדע, אָבער כיינט קלער האָט זיי דאָרטען אונטען אַלע־מען איזבאַלעוועט. זיי טהוען וואָס זיי ווילען. איך נעהם אָן אַז טהיילווייז איז עס אונזער אייגענע שולד וואָס זיי זיינען זעלבסטזיכ־טיג. איך האָב דערפון גערעדט זעהר אָפט צו סיינט קלער, ביז איך בין מיעד געוואָרען.

— און איך בין אויך מיעד געוואָרען, האָט ער געענטפערט, נעהמענדיג א צייטונג אין די האנד.

עווא, די שעהנע עווא איז געשטאנען און האָט צוגעהערט איהר מוטער'ס רייד מיט יענער טיעפער און געהיימער ערנסטקייט, וועל־כע האָט זיך אַזוי זאָנדערבאר צו איהר געפּאסט. זי איז לאַנגזאם ארומגעגאנגען איהר מוטער'ס קרעסעלע און האָט ארומגענומען איהר האַלז.

— וועל, עווא, וואָס ווילסטו ? האָט איהר מוטער גע־פרעגט.

— וואָלט איך ניט געקענט איין נאכט אויף דיר אויפּפּאסען, נאָר איינע ? איך ווייס, אַז איך וועל דיך ניט מאכען נערוועז ; איך וועל ניט שלאָפען. איך בין אָפט געלעגען ניט שלאָפענדיג א גאנצע נאכט און האָב געקלעהרט —

— רעד ניט קיין נארישקייטען, קינד, דאָס זיינען נארישקיי־טען, האָט מערי געזאָגט. דו ביזט אזא מאָדנע קינד !

— אָבער קען איך דאָס טהאָן, מאמא ? איך דענק, האָט זי געזאָגט ניט מיט קיין זיכערע שטימע, אַז מעמי איז עפּעס ניט גע־זונד. זיא האָט מיר געזאָגט, אַז די לעצטע צייט האָט זי שטענדיג קאָפּ שמערצען.

— אָט דאָס איז טאָקע איינע פון מעמי'ס שטיק. מעמי איז אַזוי ווי זיי זיינען אַלע, מאכט א וועזען איבער יעדען ברעקיל קאָפּ־

וויטאָג אָדער אַ פינגער וויטאָג. מען טהאָר זיי דאָס קיינמאָל ניט נאָכגעבען. ביי מיר איז דאָס אַזוי איינגעפיהרט, האָט זי זיך דער־ביי געווענדט צו מיסס אָפעליא׳ן. און איהר וועט אויסגעפינען, אַז מען מוז אַזוי טהאָן. ווען איהר וועט די דיענער נאָכגעבען אין אַלע זייערע קאַפּריזען וועט איהר האָבען צו טהאָן מיט זיי כסדר. איך זעלבסט בעקלאָג זיך קיינמאָל ניט. קיינער וויים ניט וואָס איך לייד. איך געפין עס פאַר אַ פליכט דאָס רוהיג צו טראָגען און איך טהו עס.

מיסס אָפעליא האָט צוגעהערט דיעזע רייד מיט שטוינען און אויף סיינט קלער׳ן האָט עס געמאַכט אַ ווירקונג, דאָס ער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ גרויסען געלעכטער.

— סיינט קלער לאַכט אַלע מאָל ווען איך מאַך די קלענסטע בעמערקונג וועגען מיין קראַנקהייט, האָט מערי געזאָגט מיט אַ שטי־מע פון אַ מאַרטירער. מיין איינציגער וואונש איז, אַז עס זאָל ניט קומען דער טאָג ווען ער זאָל זיך אָן דעם דערמאַהנען. און מערי האָט צוגעדריקט איהר טיכעל צו די אויגען.

סיינט קלער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון צימער און נאָך איהם עווא, און געבליבען איז נאָר מיסס אָפעליא. ווען מערי האָט געזע־העז אַז סיינט קלער, פאַר וועמען זי האָט צוגעטוליעט די טיכעל צו די אויגען איז שוין ניטאָ, האָט זי זי אַראָפּגענומען.

מערי האָט יעצט אָנגעפאַנגען צו ריידען מיט מיסס אָפעליא וועגען די ווירטהשאַפט. זי האָט איהר אַזוי פיעל אָנגעקלאַפּט, דאָס ווען מיסס אָפעליא וואָלט ניט געווען קיין גרויסע ווירטהין וואָלט זיך ביי איהר צומישט דער קאָפּ.

— און יעצט גלויב איך, האָט מערי געזאָגט, אַז איהר ווייסט שוין אַלעס. ווען איך זאָל זיך דאַרפען אַנידערלייגען וועט איהר שוין אַליין וויסען אַלעס און איהר וועט מיך ניט דאַרפען פרעגען. אַלזאָ נאָר וועגען עווא׳ן. אויף איהר דאַרף מען אַכטונג געבען.

— זי שיינט צו זיין זעהר אַ גוטע קינד, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט. איך האָב נאָך ניט געזעהען קיין בעסערע קינד.

— עווא איז אַ זעהר מאָדנע קינד. זי איז גאָר ניט געראַטהען אין מיר, האָט זי געענדיגט מיט אַ טיעפען זיפץ.

און מיסס אָפעליא האָט זיך געקלעהרט : אַ גליק פאַר איהר וואָס זי איז אין דיר ניט געראַטהען.

עווא איז צופיעל אַריינגעלאָזען מיט די דיענער. זי בעגעהט זיך מיט זיי, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען איהר גלייכען. איהר האָט דאָך געהערט ווי זי האָט געזאָגט, ווייל מעמי דארף זיך אויסרוהען, וויל זי פארנעהמען איהר פּלאַץ נעבען מיר.

— פאַר וואָס ניט ? האָט זיך שוין מיסס אָפעליאַ מעהר ניט געקענט איינהאַלטען. איך דענק אַז דיענער זיינען אויך מענשליכע נפשות און דארפען זיך אויסרוהען ווען זיי זיינען מיעד.

— גאַנץ געווים. און איך גיב זיי אַלע מאָל צייט זיך אויסצו־רוהען. מעמי איז איבערהויפּט אַ גרויסע שלעפערין. זי שלאָפט אפילו געהענדיג. איך בעהאַנדעל גוט די דיענער, אָבער מען דארף זיי ניט בעהאַנדלען ווי טהייערע וואַזאָנעס מיט בלומען.

— זעהט איהר, ווען איך האָב געהייראַט סיינט קלער, האָב איך מיטגעבראַכט מיין אייגענעם פערמעגען און מיינע אייגענע דיע־נער. סיינט קלער האָט זיי איבערגענומען צו זיך און האָט געמאַכט פון זיי דאָס זעלבע וואָס ער האָט געמאַכט פון זיינע. ער ריהרט זיי קיינמאָל ניט אָן און וויל מיט זיי דורכקומען נאָר מיט גוטען. ער זאָגט, ווען מיר וואָלטען געווען אויף זייער פּלאַץ וואָלטען מיר אויך ניט געווען בעסער. ווי געפעלט אייך אַזאַ פערגלייך ?

— דענקט איהר דען ניט, אַז די שקלאַווען האָבען אויך נשמות ! האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט זיך קוים איינהאַלטענדיג.

— יעס, אָבער זיי צו שטעלען אויפ'ן גלייכען פוס מיט אונז איז שוין צופיעל. סיינט קלער האָט טאַקע צו מיר שטענדיג געזאָגט און זאָגט עס נאָך יעצט, אַז אוועקצונעהמען מעמי'ן פון איהר מאַן איז גלייך ווי מען זאָל איהם אוועקנעהמען פון מיר. דאָס קען מען גאָר ניט פערגלייכען. מעמי האָט ניט די זעלבע געפיהלען ווי איך. דאָס איז אַ גאַנץ אַנדערע זאַך. עס איז פּונקט אַזוי ווי מעמי וואָלט ליעבען איהרע שמוציגע קליינע קינדער ווי איך עווא'ן ! און סיינט קלער האָט מיר נאָך געוואָלט איינרעדען, אַז עס איז מיין פליכט, ניט קוקענדיג אויף מיין קראַנקהייט, אוועקצושיקען מעמי'ן און נעה־מען אַנאַנדערע אויף איהר פּלאַץ.

מיסס אָפעליאַ האָט מורא געהאַט אַז זי זאָל זיך עפּעס אויסרע־דען, האָט זי שטאַרקער געשטריקט איהר זאָק.

— זעהט איהר, ווען מען דארף פיהרען אַזאַ ווירטהשאַפט און



מיסים סיינט קלער און מיסס אפעליא.

קאמאנדעווען מיט שקלאווען, דארף מען זיין געזינטער ווי איך. איך האב אפילו א גוטען לערערנעם ראפניק און דערלאנג זיי אפט דערמיט, אבער איך בין צו שוואך זיי צו געבען וויפיעל זיי פערדיענען. ווען סיינט קלער וואלט געוועזן מעהר מענש, —

— וואס וואלט געוועזן ? האט מיסס אפעליא געפרעגט.

— ער וואלט זיי געדארפט קאטעווען אזוי לאנג ביז זיי וואלטען בעקומען דרך ארץ.

— אבער ווי קומט סיינט קלער אוים אהן קאטעווען ? זיי האבען דאך פאר א י ה ם דרך ארץ ?

— וועל, מענער זיינען א גאנץ אנדערע זאך. איבערהויפט סיינט קלער האט אזא מין בליק, דאס איך אליין שרעק זיך פאר איהם מאנכעס מאל. אבער ווען איהר וועט זיין דא ביסעל לענגער, וועט איהר זעהן ווי שלעכט און ווי פויל זיי זיינען.

— דער אלטער פזמון, האט סיינט קלער געזאגט אריינקומענדיג. וואס פאר א שרעקליכען שטראף די ארימע נפשות וועלען קריגען פאר זייערע פוילקייט, ווען זיי וועלען קומען אויף יענער וועלט

— ווי איך זעה, ווילסטו מיך נאך רייצען, האט מערי געזאגט.

— וואס רעדסטו, מערי, דער טאג איז היים און איך האב נאך געהאט א שטיקעל זקות מיט אדאלף'ן און דאס האט מיר נאך וואר־מער געמאכט. איך בין געקומען צו דיר און פון דיין זיסען שמייכעל זיך אביסעל אפצוקיהלען.

— וואס איז שוין מיט אדאלף'ן ? האט מערי געזאגט. דער קערל איז שוין געווארען אזוי אונפערשעהמט, דאס איך קען שוין ניט אויסהאלטען פון איהם. איך וואלט וועלען באטש אויף א ווײלע האבען די מאכט איבער איהם, וואלט איך מיט איהם לערנען בלק.

— וואס דו זאגסט, מיין טהייערע, איז עם מיט דיין געוועהנליכער שארפזיניגקייט און קלוגהייט, האט סיינט קלער געזאגט. וואס אנבעטרעפט אדאלף'ן, איז עס אזוי : ער האט זיך געוועהנט אזוי נאכצומאכען מיין בענעהמונג און מיין שטעלונג דאס ער דענקט, אז ער איז זיין מאסטער און איך בין געווען געצוואונגען איהם אויפ־מערקזאם צו מאכען אויף זיין טעות.

— ווי אזוי ? האט מערי געזאגט.

— איך בין געווען געצוואונגען איהם צו געבען גאַנץ דייטליך צו פערשטעהן, אַז איך ציה פאָר זעלבסט צו טראָגען מיינע גוטע קליי־דער. איך האָב איהם אויך ערלויבט צו געברויכען מיין פערפיום און נים מעהר ווי אַ דוצענד פון מיינע באַטיכטענע טיכלעך. אדאָלף איז געווען ניט צופריעדען דערמיט און איך האָב געמוזט צו איהם רעדען ווי אַ פאָטער איהם צו בערוהיגען.

— אָה, סיינט קלער, ווען וועסטו זיך שוין אויסלערנען ווי צו בעהאַנדלען דיינע דיענער ? עס איז דאָך שרעקליך, ווי דו פערציעהסט זיי, האָט מערי געזאָגט.

— פאר וואָס ? און נאָך אַלעמען, וואָס שאַט עס אַז דער הונד זאָל זיין אַזוי ווי זיין מאַסטער ? ווען איך האָב איהם ניט ערצויגען בעסער, ווי נאָר ער זאָל וועלען פערפיום און באַטיסטענע טיכלעך, פאר וואָס זאָל איך איהם דאָס ניט געבען ?

— איך גלויב אַז איהר שקלאַווענהאַלטערס, טראָגט אַ שרעקלי־כע פעראַנטוואָרטליכקייט אויף זיך, האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט. איך וואָלט עס ניט געוואָלט האָבען פאר קיין זאַך אין דער וועלט. איהר האָט געדאַרפט ערציהען אייערע שקלאַווען און זיי בעהאַנדלען ווי מענשען, דען איהר וועט אַ מאָל דאַרפען געבען דין וחשבון פאר גאָט. אַזוי דענק איך, האָט די גוטע דאַמע געזאָגט נאָך אַ לאַנגען שווייגען.

אַ פריילליכער לאַכען האָט זיך דערהערט אין הויף. סיינט קלער איז צוגעגאַנגען צו דער וועראַנדאַ און האָט זיך אויך צולאַכט.

— וואָס איז דאָרטען ? האָט מיסס אָפעליאַ געפרעגט, צוקומענ־דיג צו דער וועראַנדאַ.

דאָרטען איז געזעסען טאָם אויף אַ ווייכען בערגעל און אַלע זיינע קנאָפּלעכער זיינען געווען אָנגעפּיהלט מיט בלומען ; עווא האָט פריילעך געלאַכט און האָט איהם געמאַכט אַ רייף פון בלומען אויפ'ן האַלז. דאַן האָט זי זיך געזעצט אויף זיינע קניע און האָט געלאַכט קלאַפּענדיג מיט די הענד.

— אָה, טאָם, דו זעהסט אויס אַזוי קאָמיש !

טאָם האָט געשמייכעלט מיט אינערליכען פערגניגען. ווען ער האָט בעמערקט זיין מאַסטער, האָט ער געפּיהלט אַזוי ווי ער טהוט עפּעס אונרעכט וואָס ער האַלט זיין קינד אויפ'ן שויס.

— ווי אזוי לאזט איהר דאס ? האט מיסס אפעליא געזאגט.
— פאר וואס ניט ? האט סיינט קלער גענטפערט.
— איך וויים ניט, אבער עס זעהט אויס אזוי מיאוס !
— וואלסטו עס אויך געפונען פאר מיאוס ווען א קינד וואלט געזעסען אויף א הונד ? אבער צו זיצען אויף א נפש וואס קען עסען טרינקען און דענקען ווי דו, דאס איז מיאוס ; זיי זיך מודה, דענקסטו ניט אזוי ? איך קען די מיינונגען פון פיעלע פון אייך פון נארד זעהר גוט. מיר פון סאוטה האבען ניט דיעזע מיינונגען, אבער מיר זייגען געוועהנט צו האנדלען ווי מענשען מיט געפיהלען. און דאס איז בעסער ווי צו האבען פאראורטהייל. אין מיינע רייזען אין נארד האב איך זעהר אפט בעמערקט ווי דער פאראורטהייל איז ביי אייך פיעל שטארקער ווי ביי אונז. איהר האט פיינט די שקלאווען און איהר דערווייטערט זיך פון זיי אזוי ווי פון שרצים און איהר קענט ניט פערטראגען אז מען בעהאנדעלט זיי שלעכט. איהר ווילט ניט ליידען, אז מען בעהאנדעלט זיי ניט ווי מענשען און אליין ווילט איהר מיט זיי גארניט האבען וואס צו טהאן ; איהר וואלט זיי וועלען אלע צוריקשיקען אין אפריקא, אום זיי ניט אנצוקוקען און ניט פיהלען זייער גערוך, און איהר שיקט אהין מיסיאנערן זיי צו לערנען מענשליכקייט. איז עס ניט ריכטיג ?
— וועל, קוזין, האט מיסס אפעליא פערטראכטערהייד געזאגט, עפעס אמת איז דא אין דעם.

---

אויף זיין יעצטיגע לאגע האט זיך טאם ניט געקענט בעקלאגען. עווא, וועלכע האט איהם זעהר געליעבט האט גע'פועל'ט ביי איהר פאטער, אז טאם זאל זיך אפגעבען נאר מיט איהר. ער האט אלזא בעקומען דעם בעפעהל, אז ער זאל אוועקווארפען אלעס און זאל געהן צו איהר ווען זי וועט איהם דארפען. עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט אז אזא בעפעהל האט איהם ניט געקרענקט. ער האט געדארפט געהן פיין געקליידעט, דען דאס האט סיינט קלער אויסדריקליך פערלאנגט. זיין שטאל ארבייט איז בעשטאנען אין דעם, דאס ער פלעגט א פאאר מאל א טאג אהין ארייגגעהן און גיבען בעפעהל צו די שטאל-קנעכט. איבערהויפט האט מערי סיינט קלער פערלאנגט, דאס ווען ער קומט

צו איהר אריין טהאָר ער אויף זיך ניט האָבען קיין גערוף פון שטאָל, דאָס קען נאָך שאַדען איהר געזונד און פערקירצען איהרע יאָהרען. דעריי־בער האָט טאָם אויכגעזעהען אין זיינע קליידער מעהר אָלס אַ פּאַרציי־טיגער בישאָף ווי אַ יעצטיגער קוטשער. דאַן איז טאָם אויך געווען אין אַ וואונדערשעהנעם פּלאַץ, צו וועלכען די געפיהלען פון זיין ראַסע זיינען ניט גלייכגילטיג. און ער האָט געהאַט הערצליכע הנאה פון די פייגע־לעך, די בלומען, די פאָנטאַנען, דעם פּערפיום, די ליכט און די שעהנ־הייט פון דעם הויף ; די זיידענע פּאָרהאַנגען, די בילדער, די לוס־טרעס, די סטאַטועס און די פערגאָלדונג, וואָס האָט געמאַכט דעם גאַכט־צימער צו אַ פּאַלאַץ פון טויזענד און איין נאַכט.

איין זונטאָג אין דער פריה איז מערי סיינט קלער געשטאַנען אויף דער וועראַנדאַ אויסגעפּוצט אין איהרע בעסטע קליידער. איין זאַך האָט זי שטרענג אָפּגעהיט, און דאָס איז, צו געהן אַלע זונטאָג אין אַ רייכע קירכע. דערצו פּלעגט זי אָנטהאָן איהרע טהייערסטע קליידער און ציערונג. זי איז יעצט געווען פון קאָפּ ביז פיס אין זייד און סאַמעט און בעדעקט מיט די טהייערסטע עדעלשטיינער. מיסס אָפעליא איז געשטאַנען נעבען איהר אויך אויסגעפּוצט, אָבער געגען מערי סיינט קלער האָט זי אויסגעזעהן ווי אַ דאָרף מיידעל.

— וואו איז עווא ? האָט מערי געפרעגט.

— דאָס קינד האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די טרעפּ צו זאָגען אַ פּאָאָר ווערטער צו מעמי'ן.

און וואָס האָט עווא געזאָגט צו מעמי'ן אויף די טרעפּ ? הערט זיך צו, לעזער, איהר מעגט עס הערען.

— טהייערע מעמי, איך ווייס אַז דיין קאָפּ טהוט דיר שרעק־ליך וועה.

— גאָט זאָל אייך בענשען, עווא, די לעצטע צייט טהוט מיר דער קאָפּ שטענדיג וועה. אָבער קימערט זיך ניט וועגען דעם.

— וועל, איך בין צופריעדען וואָס דו געהסט אין קירכע, האָט עווא געזאָגט זי ארומנעהמענדיג. מעמי, דו זאָלסט נעהמען מיין עסיק־פלעשעל.

— וואָס ! יענע פראַכטפאָלע גילדענע פלעשעלע מיט די דיא־מאַנטען ! זאָל גאָט היטען, מיסס, דאָס געהט ניט.

— פאַר וואָס ניט ? דו דאַרפסט עס און איך ניט. די מאַמאַ

נעהמט עס אַלע מאָל צו איהר קאָפּ שמערצען, און עס וועט דיר אויך העלפען. דו מוזט עס נעהמען מיר צו ליעב.

— מיין קליינער מלאך! האָט מעמי געזאָגט, ווערהרענד עווא האָט איהר אריינגעשטופּט אין בוזעם די פלעשעל און האָט זי געקושט און איז אוועקגעלאָפען צו איהר מוטער.

— וואָס ביסטו געבליעבען שטעהן אויף די טרעפּ?

— איך האָב זיך נאָר אָפּגעשטעלט צו געבען מעמי'ן מיין עסיק־פלעשעלע, אז זי זאָל זי מיטנעהמען אין קירכע.

— וואָס! האָט זי אויסגערופען טופּענדיג מיט'ן פוס מ ע־מ י'ן האָסטו געגעבען דיין גאָלדענע פלעשעלע! ווען וועסטו שוין וויסען וואָס עס פּאַסט און וואָס עס פּאַסט ניט? געה גלייך און נעהם אָפּ צוריק!

עווא האָט זיך געפיהלט געקרענקט און האָט זיך שטילערהייד אומגעדרעהט.

— הער נאָר מערי, לאָז דאָס קינד צופריעדען. זאָל זי טהאָן וואָס איהר געפעהלט, האָט כיינט קלער געזאָגט.

— סיינט קלער, ווי וועט זי דען דורכקומען אין דער וועלט? האָט מערי געזאָגט.

— דאָס וויים גאָט, האָט סיינט קלער געזאָגט, אָבער אז זי וועט האָבען אַ בעסערען גן עדן פאר דיר און פאר מיר, דאָס איז זיכער.

— אָה, פּאַפּאַ, הער אויף, האָט עווא געזאָגט אָנריהרענדיג זיין עלענבויגען, דאָס קרענקט די מוטער.

— וועל, קוזין, ביזטו שוין בערייט צו געהן צו דער פערזאַמ־לונג? האָט מיסס אָפעליא געזאָגט זיך שנעל אומדרעהענדיג צו סיינט קלער.

— איך דאנק, איך געה ניט.

— איך וואָלט וועלען, אז סיינט קלער זאָל אַ מאָל געהן אין קיר־כע, האָט מערי געזאָגט, ער האָט ניט אַ האָאָר פרומקייט אין זיך. דאָס איז זעהר ניט פיין.

— איך וויים עס, האָט סיינט קלער געזאָגט. איהר דאַמען געהט אין קירכע צו לערנען ווי צו לעבען אויף דער וועלט און אייער פרומקייט גיט אונז צו פיינקייט. ווען איך וואָלט געהן אין קירכע,

וואָלט איך געהן דאָרטען וואו מעמי געהט, דאָרטען קען מען וועניג־סטענס ניט אַנטשלאָפען ווערען.

— וואָס! צו דיעזע שרייענדיגע מעטהאָדיסטען? דאָס איז שרעקליך! האָט מערי געזאָגט.

— דאָס איז אַלץ בעסער ווי אייער טויטע רעשפעקטאַבלע קיר־קירכען, מערי. עווא ווילסטו געהן? בלייב אין דערהיים און שפיעל זיך מיט מיר.

— ניין, איך וויל געהן מיט דער מאמען, האָט עווא געזאָגט.

— נו געה, אז דו ווילסט, האָט סיינט קלער געזאָגט און האָט זי געקושט. בעט פאר מיר אויך.

— געווים, איך טהו דאָס אַלע מאָל, און זי איז ארייננעשפרונ־גען אין וואָגען צו איהר מוטער.

— דו זעהסט, עוואנזשעלין, האָט איהר מוטער געזאָגט, עס איז זעהר גוט צו זיין פריינדליך צו די דיענער, אָבער מען דאַרף זיי ניט בעהאַנדלען אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען אונזער גלייכען. ווען, צום ביישפיעל, מעמי וואָלט געווען קראַנק, וואָלסטו דאָך ניט ווע־לען זי לייגען אין דיין בעט?

— איך וואָלט עס געווים וועלען טהאָן, האָט עווא געענטפערט, דען עס וואָלט געווען לייכטער אויף איהר אויפצופּאַסען און דאַן איז מיין בעט אַ בעסערע פאַר איהרער.

מערי איז געווען אין פערצווייפלונג איבער עווא'ס איינפאַכען ענטפער.

— וואָס קען איך טהאָן, אַז דיעזעס קינד זאָל מיך פערשטעהן, האָט זי געזאָגט.

— גאָרניט, האָט מיסס אָפעליאַ געענטפערט מיט בעדייטונג.

עווא איז אַ ווײַלע געווען צוטראָגען און דאַן, ווי אַלע קינדער, האָט זי באַלד פערגעסען און האָט געלאַכט אויף פערשיעדענע זאַכען וואָס זי האָט געזעהען דורכ'ן פענסטער פון וואָגען.

* * *

— נו, מיינע דאַמען, האָט סיינט קלער געזאָגט, ווען זיי זיי־נען אַלע געזעסען ביי דעם מיטאָג־עסען, וואָס איז היינט געווען די שפּייזע קאַרטע אין דער קירכע?

— אה. דאָקטאָר ג— האָט געהאַלטען אַ שעהנע דרשה, האָט מערי געזאָגט. זי איז געווען גראָד פּאַסענד פאַר דיר, אַז דו זאָלסט זי הערן. דאָס זיינען געווען פּונקט מיינע אַנזיכטען.

— דאַן האָט עס געמוזט זיין טאַקע זעהר אַ שעהנע דרשה, האָט סיינט קלער געזאָגט

— איך מיין אַלע מיינע אַנזיכטען וועגען דער געזעלשאַפט, האָט מערי געזאָגט. דער פּרעדיגער האָט בעוויזען אַז אַלעס און אַלע פערשיעדענהייטען צווישען די מענשען קומט פון גאָט. און אַלעס איז אַזוי פּראַכטפאָל אויסגערעכענט, אַז די זאָלען זיין גרויס אין יענע קליין, אַז דער איז געבאָרען צו רעגיערען און יענער צו דיענען. ער האָט אויך בעוויזען די נאַרישקייט וואָס מען וויל פערגלייכען אַ שקלאַוו מיט אַ ווייסען מענשען. ער האָט בעוויזען אַז די ביבעל איז אויף אונזער זייט און אונטערשטיצט אַלע אונזערע פיהרונגען מיט בעשטימטהייט. אַ שאָדע וואָס דו האָסט עס ניט געהערט.

— איך דאַרף עס ניט. איך קען לערנען אין דער היים וואָס איז ניצליך פאַר מיר און דערביי רויכען אַ ציגאַר. אין דער קירכע קען איך עס ניט טהאָן.

— וואָס, גלויבסטו דען ניט אין דעם ? האָט מיסס אָפעליא געפרעגט.

— ווער, איך ? דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַזאַ פּראָסטער נפש דאָס דיעזע רעליגיעזע מיינונגען וועגען אַזעלכע זאַכען מאַכען אויף מיר אַ קנאַפּען איינדרוק. ווען איך וואָלט וועלען עפּעס זאָגען וועגען דער שקלאַווען־פראַגע וואָלט איך גאַנץ שעהן און אָפען געזאָגט : מיר האַלטען שקלאַווען ווייל מיר האָבען זיי און מיר דאַרפען זיי צו אונזער געברויך. דאָס וואָלט געווען קורץ און שאַרף און יעדער וואָלט געוואוסט וואָס מיר מיינען. דאָס איז די גאַנצע זאַך וועגען וואָס דיעזער גאַנצער רעליגיעזער גערודער קומט פאָר.

— איך דענק ניט אַז דו ביזט אַזאַ אפּיקורוס, אוגוסטין ! עס איז שרעקליך דאָס פון דיר צו הערן.

— שרעקליך ! אָבער עס איז אמת. פּרעדיגען וועגען אַזעלכע זאַכען ! פאַרוואָס פּרעדיגען זיי ניט צו יענע וואָס כאַפּען אַן איבעריגע גלעזעל און וואָס שפּיעלען קאָרטען גאַנצע נעכט. איז דאָס רעליגיאָן, וועגען וואָס זיי רעדען, — וואָס מען קען בויגען און דרעהען, אַרויפ־

הויבען און אראַבלאָזען, אַז זי זאָל זיך פּאַסען צו יעדער זאַך פון דער פערדאָרבענער געזעלשאַפט ? רופט מען דאָס רעליגיאָן ? ניין ! ווען איך זוך רעליגיאָן מוז איך קוקען אויף אַ זאַך וואָס איז איבער מיר און ניט אונטער מיר.

— גלויבסטו אַלזאָ ניט, אַז די ביבעל ערלויבט צו האָבען שקלאַווען ? האָט מיסס אָפעליא געפרעגט.

— ניין, ווען איינער קומט אַרוים אָפען און זאָגט אַז ער מוז האָבען שקלאַווען און ער קען אָהן זיי ניט אויסקומען, דאָס ער וועט אָוועקגעהן מיט דער טאָרבע, ווען ער זאָל זיי אָוועקלאָזען, דאַן וואָלט איך דאָס פערשטעהן און מען וואָלט נאָר געדאַרפט זעהן ווי ער בע־האַנדעלט זיי ; אָבער ווען איינער פערגלאָצט די אויגען און פּרע־דיגט אַז גאָט האָט עס געהייסען, איז ער מעהר ניט ווערטה דאָס וואָס ער איז. — וואָס זאָגסטו דערויף, קעצעלע, האָט ער געענדיגט זיך ווענדענדיג צו עווא'ן, וועלכע איז אריינגעקומען מיט אַ בלום אין די הענד.

— וועגען וואָס, פּאַפּאַ ?

— וואָלסטו וועלען בעסער לעבען, אַזוי ווי דיין פעטער דאָר־טען אין ווערמאָנט אָדער דאָ מיט אַ סך דיענער ווי מיר לעבען ?

— אָה, דאָ איז פריילינבער, האָט עווא געענטפערט.

פאַר וואָס ? האָט סיינט קלער געפרעגט גלעטענדיג איהר קאָפּ.

— ווייל דאָ זיינען דאָ פיעלע וועמען צו ליעבען, האָט עווא מיט איין ערנסטען בליק געענטפערט.

— אימער די אַלטע געשיכטע, האָט מערי געזאָגט.

— איז דאָס איין אַלטע געשיכטע, פּאַפּאַ ? האָט עווא שטי־לערהייד געפרעגט ארויפקריכענדיג אויף זיינע קניע.

— אַזוי אַלט ווי די וועלט, האָט סיינט קלער געענטפערט. אָבער וואו איז מיין קליינע עווא'לע געוועזען די גאַנצע צייט ?

— איך בין געוועזען אין טאָם'ס צימער און האָב איהם געהערט זינגען און טאַנטע דינאַה האָט מיר געגעבען עסען.

— האָסטו געהאַט פערגניגען, מיין קעצעלע ?

— אָה, יעס, פּאַפּאַ, איך האָב אַלע מאָל פערגעניגען, ווען טאָם זינגט און דערצעהלט מיר מעשות.



סינט קלער און עווא.

## זיעבענצעהנטער קאפיטעל.

## דעם פרייען מאן'ס פערטהיידיגונג.

אין דעם קוועקערס הויז איז געוועו עטוואס לעבעדיג. רייטשעל האט ארומגעסארוועט און האט אלעס אנגעגרייט פאר די רייזענדע, וועלכע האבען געדארפט די נאכט אפפאהרען. די זון האט זיך שוין געהאלטען ביים זעצען און איהרע געלע שטראהלען האבען רוהיג גע־שיינט אין דעם קליינעם שלאפצימער וואו דזשארדזש און זיין ווייב זיינען געזעסען. ער איז געזעסען מיט זיין קינד אויף זיינע קניע און האט געהאלטען זיין ווייב'ס האנד אין זיינע.ביידע זיינען געזעסען פערטיעפט אין ערנסטע געדאנקען און צייכענס פון טרעהרען האבען זיך געזעהען אויף זייערע באקען.

— יעס, עליזא, איך ווייס אז אלעס וואס דו זאגסט איז אמת. דו ביזט א גוטע קינד, פיעל בעסער ווי איך בין, און איך וועל זעהן צו טהאן ווי דו זאגסט. איך וועל זעהען צו האנדלען ווי עס פאסט זיך פאר א פרייען מאן.

— און ווען מיר וועלען זיין אין קאנאדא האט עליזא געזאגט, וועל איך דיר העלפען. איך קען גוט נייהען קליידער און איך קען גוט וואשען און פרעסען. איך האף אז מיר וועלען קענען מאכען א לעבען.

— יעס, עליזא, אזוי לאנג ווי מיר זיינען צוזאמען און אונזער קינד איז נעבען אונז. אה, עליזא, ווען דיעזע מענשען וואלטען נאר וויסען וואס פאר א זיסער תענוג עס איז פאר אונזער איינעם צו פיה־לען אז זיין פרוי און קינד בעלאנגט צו איהם! איך האב זיך וויפיעל מאל געוואונדערט ווען איך האב געזעהען מענשען, וועלכע האבען געקענט זאגען אז זייערע פרויען און קינדער זיינען ז י י ע ר ע און האבען זיך געקרענקט און געערגערט וועגען אנדערע זאכען. קוק, איך פיהל זיך שטארק און רייך, כאטש מיר האבען ניט מעהר ווי אונזערע ליידיגע הענד. און כאטש איך האב געארבייט אלע טאג ביז מיין יעצטיגען אלטער פון פינף און צוואנציג יאהר און האב ניט א סענט געלד און קיין דאך איבער מיין קאפ, וואלט איך נאר וועלען

אז זיי זאָלען מיך לאָזען צופריעדען. מיין אַלטער מאַסטער האָט אָן מיר פערדיענט פינף מאָל אַזוי פיעל וואָס איך האָב איהם געקאָסט. איך בין איהם אַלזאָ גאָרניט שולדיג.

— אָבער מיר זיינען נאָך ניט אַרויס פון געפאַהר, האָט־עליזאַ געזאָגט, מיר זיינען נאָך ניט אין קאַנאַדאַ.

— עס איז אמת, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, אָבער איך האָב דערפיהלט די פרייע לופט און דאָס מאַכט מיך שטאַרק.

אין דיעזען מאָמענט האָבען זיך דערהערט שטימען אין אַנדערן צימער און מען האָט באַלד אַנגעקלאַפּט אין טהיר. עליזאַ איז געגאַנ־גען עפענען.

דאָס איז געוועזען סימעאָן האַללידעי און מיט איהם אַ ברודער קוועקער, וועלכען ער האָט פאָרגעשטעלט אַלס פינעאַס פלעטשער. פינעאַס איז געוועזען אַ הויכער מאַן מיט רויטע האָאָר און מיט אַ פּנים, וועלכער האָט געצייגט אַז ער איז געוועזען אַ גרויסער טהוער און אַ דורכגעריבענער בחור.

— אונזער פריינד פינעאַס האָט אויסגעפונען עפּעס זעהר וויכ־טיגעס וואָס אינטערעסירט דיך און דיינע לייט, דזשאָרדזש, האָט סי־מעאָן געזאָגט. הערט איהם אויס.

— אַלזאָ הערט זיך צו, האָט פינעאַס געזאָגט. לעצטע נאַכט בין איך אַריינגעגאַנגען אין איין איינזאַמער קליינער קרעטשמע דאָר־טען אויפ'ן שליאַך. דו געדענקסט דאָך דעם פּלאַץ, סימעאָן, וואו מיר האָבען לעצטען יאָהר פערקויפט עפּעל צו דער פעטער פרוי מיט די גרויסע אויירינגלעך. וועל, איך בין געוועזען מיעד פון פאָהרען און, נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעגעסען וועטשערע, האָב איך זיך אויס־געצויגען אויף אַ קופּע זעק אין אַ ווינקעל און האָב זיך איבערגעדעקט מיט אַ באָפּלאָ פעל, ביז מיין בעט וועט געמאַכט ווערן. און וואָס האָב איך געטהאָן ? איך בין פעסט אנשלאָפען געוואָרען.

— מיט איין אויער אָפען, האָט סימעאָן רוהיג געזאָגט.

— ניין, איך בין געשלאָפען מיטביידע אויערן פערמאַכט, וואָ־רים איך בין געוועזען זעהר מיעד. ווען איך האָב זיך אביסעל אויס־געטשוכעט, האָב איך געזעהען אַז מענער זיינען דאָ אין צימער. זיי זיינען געזעסען אַרום אַ טיש און האָבען געטרונקען און האָבען גע־רעדט. איידער איך האָב געמאַכט אַ בעוועגונג האָב איך פריהער גע־

וואָלט וויסען ווער זיי זיינען, איבערהויפּט ווען איך האָב געהערט ווי זיי האָבען דערמאָהנט דעם וואָרט „קוועקערס". אַלזאָ, האָט איינער געזאָגט, „זיינען זיי אין די קוועקער הויז". דאָ האָב איך זיך שוין צוגעהערט מיטביידע אויערן, און איך האָב געהערט אַז זיי האָבען גערעדט טאַקע וועגען אייך און אייער פּאַרטיע. דיעזער יונגער מאַן, האָבען זיי געזאָגט וועט צוריקגעשיקט ווערען צוריק אין קענטאַקי צו זיין מאַסטער, וועלכער וועט מיט איהם אַזוי לערנען בלק אַז עס זאָל די אַנדערע נעגערס פערגעהען דער חשק צו ענטלויפען. זיין פרוי וועלען צוויי פון זיי אַוועקפיהרען אין ניו־אָרליענס און וועלען זי דאָרטען פערקויפען און די זעכצעהן אָדער די אַכטצעהן הונדערט דאָלארס וואָס זיי וועלען פאַר איהר קריגען וועלען זיי נעהמען פאַר זיך. דאָס קינד וועלען זיי אַוועקגעבען צו דעם מאַן וואָס האָט איהם געקויפט. דאַן איז נאָך דאָ איין מוטער מיט איהר זוהן דזשים; זיי וועלען זיי אַוועקפיהרען צו זייער מאַסטער אין קענטאַקי. זיי זאָגען, אַז עס זיינען דאָ צוויי קאָנסטאַבלערס, וועלכע וועלען זיי העלפען נעהמען די ענטלאָפענע. איינער אַ קליינער האָט געזאָגט, אַז ער וועט נעהמען די פרוי און וועט זי ברענגען פאַר אַ ריכטער און וועט שווערן אַז זי איז זיינע און ער וועט זי צונעהמען און אַוועקפיהרען אין ניו־אָרליענס. זיי ווייסען פון דעם וועג וואָס מיר וועלען געהן היינט ביינאַכט און זיי וועלען געהן נאָך אונז. זיי זיינען זעקס אָדער אַכט שטיק. יעצט, וואָס זאָל מען טהאָן.

די פּאָזען אין וועלכע די גרופּע איז דאָ געשטאַנען נאָך דיעזער בשורה איז געווען ווערטה צו מאָהלען. רייטשעל האַלידעי וועלכע האָט געקנעטעט טייג און איז געקומען הערען די נייעס, האָט פער־ריסען די הענד און איהר געזיכט איז געווען פערצויגען פון עגמת נפש. סימעאָן איז געשטאַנען זעהר פערטראַכט; עליזאַ האָט אַרומ־געוואָרפען איהרע אָרעם אַרום איהר מאַנס האַלז און האָט אויף איהם געקוקט. דזשאָרדזש איז געשטאַנען מיט געפּרעסטע פויסטען און מיט גליהענדע אויגען, און האָט געקוקט ווי יעדערער אַנדערער מאַן וואָלט געקוקט, וועמעס ווייב מען האָט געוואָלט פערקויפען אין אוקציאָן און דעם זוהן אַוועקשיקען צו אַ שקלאַווענהענדלער אונטער די געזעצע פון אַ ציוויליזירטען לאַנד.

— וואָס זאָלען מיר טהאָן, דזשאָרדזש ? האָט עליזא איהם שוואך געפרעגט.

— איך ווייס וואָס א י ך וועל טהאָן, האָט ער געזאָגט אריינגעהענדיג אין קליינעם צימער און האָט עקזאמינירט זיינע פיס־טאָלעטען.

— אהא, האָט פינעאַס געזאָגט ווינקענדיג צו סימעאָן'ען, זעהסטו ווי עס וועט געהן.

— איך זעה, האָט סימעאָן געזאָגט זיפצענדיג, איך ווינש אז עס זאָל ניט קומען דערצו.

— איך וויל קיינעם ניט אריינציהען מיט מיר אָדער פאר מיר, האָט דזשאָרדזש געזאָגט. ווען איהר וועט מיר באָרגען אייער וואָגען און איהר וועט מיר זאָגען דעם וועג, וועל איך אליין פאָהרען צו דער נעכסטער סטאַנציע. דזשים איז א גבור אין קראַפט און איז מוטהיג ווי דער טויט און די פערצווייפלונג, און אזוי בין איך.

— אָבער, מיין פריינד, האָט פינעאַס געזאָגט, א פיהרער מוזטו דערצו דאָך האָבען. דו קענסט קעמפפען וויפיעל דו ווילסט, און ווי דו פערשטעהסט, אָבער איך קען דעם וועג און דו ניט.

— אָבער איך וויל אייך ניט אריינציהען אין מיין געפאהר.

— אריינציהען, האָט פינעאַס געזאָגט מיט א זאָנדערבאַרען בליק. ווי אזוי קענסטו מיך אריינציהען, וואָלט איך וועלען וויסען.

— פינעאַס איז א קלוגער און געשיקטער מאַן, האָט סימעאָן געזאָגט. דו וועסט טהאָן גוט ווען דו וועסט זיך אויף איהם פערלאָזען. און, האָט ער צוגעזעצט ארויפלייגענדיג פאָטערליך זיין האַנד אויף דזשאָרדזש שולטער און צייגענדיג אויף די פיסטאָלעטען. זיי ניט איילינג מיט דעם. יונגע בלוט איז הייס.

— איך וועל קיינעם ניט אָנגעגרייפען, האָט דזשאָרדזש געזאָגט. אלעס וואָס איך פערלאַנג פון דיעזען לאַנד איז, אז מען זאָל מיך לאָזען צורוה; איך וויל ארויסגעהן פריעדליך, אָבער, — דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיי פּנים האָט זיך פערפינסטערט. איך האָב געהאַט א שוועסטער, וועלכע איז פערקויפט געוואָרען אויף דעם מאַרק אין ניו־אָרליענס. איך ווייס פאר וואָס זיי ווערען פער־קויפט, און דענקט איהר אז איך וועל צוזעהען ווי מען פערקויפט מיין ווייב ווערענד גאָט האָט מיר געגעבען א פּאָאר שטאַרקע אָרעם

זי צו בעשיצען ? ניין. זאָל מיר אזוי גאָט העלפען ! איך וועל קעמפפען ביז מיין לעצטען אָטהעם בעפאָר זיי וועלען נעהמען מיין ווייב און קינד !

— קיין שטערבליכער קען דיך ניט בעשולדיגען, דזשאָרדזש. פלייש און בלוט קען אנדערש ניט האנדלען, האָט סימעאָן געזאָגט.

— וואָלט איהר אליין דאָס ניט געטהאָן אין מיין פלאַץ, מיין הערר ?

— איך ווינש נאָר, אז עס זאָל ניט קומען דערצו. פלייש און בלוט קען ניט פיעל אויסהאלטען, האָט סימעאָן געענטפערט.

— איך דענק אז מיין פלייש וואָלט געוועזן גענוג הארט, האָט פינעאס געזאָגט אויסשטרעקענדיג א פּאָאָר אָרעם ווי די פליגלען פון א ווינדמיהל. איך דענק, אז איך וואָלט ניט געשטאַנען און געקוקט, פריינד דזשאָרדזש, ווען מען וואָלט דיך אָנגעגריפען.

— וועל, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, וואָלט ניט געוועזן בעסער, אז מיר זאָלען זיך צוטיילען ?

— ווען איך בין אוועק פון דער קליינער קרעטשמע, האָב איך זיי געלאָזען פיער שטונדען הינטער זיך, האָט פינעאס געזאָגט. דיעזע פיער שטונדען דארפען מיר אויסנוצען. בעפאָר עס וועט ווערען דונקעל קענען מיר ניט ארויס, ווייל עס איז בעסער, אז מען זאָל אונז ניט זעהען. איך וועל בעשטעלען מייקעל גראָס, א פריינד פון מיר, ער האָט א גוטען פערד און וואָגען און מען קען זיך אויף איהם פערלאָזען. און דאן וועל איך פאָרבערייטען דזשים מיט זיין מוטער. אלזאָ האָב מוטה, פריינד דזשאָרדזש, דאָס איז ניט די ערשטע געפעהרליכע יאַזדע וואָס איך מאַך מיט דיינע לייט, האָט פינעאס געזאָגט ארויסגעהענדיג.

— פינעאס איז א קלוגער יונג, האָט סימעאָן געזאָגט, ער וועט טהאָן פאר דיר אלעס וואָס מען קען, דזשאָרדזש.

— אלעס וואָס עס טהוט מיר לייד איז אייער ריזיקע.

— דו וועסט ניט ריידען דערפון. דאָס וואָס מיר טהוען איז וואָס דער געוויסען הייסט, אנדערש קענען מיר ניט טהאָן. און יעצט, מיין ווייב, האָט ער געזאָגט צו רייטשעל'ען, מאַך שנעלער עפּעס צו עסען, דען אונזערע פריינד קענען ניט אוועק ניט געגעסענע.

און וועהרענד רייטשעל און איהרע קינדער האָבען זיך געאיילט אַלעם אַנצוגרייטען זיינען דזשאָרדזש און זיין ווייב געזעסען ארומ־גענומען אין דעם קליינעם צימער און האָבען געפיהרט אַ ריידע ווי מאַן און ווייב קענען רעדען ווען אין אַ פּאָאָר שטונדען שפּעטער קענען זיי צושיידען ווערען אויף אייביג.

— עליזא, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, מענשען, וועלכע האָבען פריינד און הייזער, ערד און געלט און אַלע אַנדערע גוטע זאַכען, קע־נען ניט אַזוי ליעבען ווי מיר, וועלכע האָבען ניט מעהר ווי איך דיך און דו מיך. עליזא, ביז איך האָב דיך דערקענט האָט מיך קיין נפש ניט געליעבט אויסער מיין אָרימע, צובראָכענע מוטער און מיין שוועס־טער. איך האָב מיין אונגליקליכע שוועסטער געזעהען אין דעם טאָג ווען אַ שקלאווענהענדלער האָט זי צוגענומען. זי איז געקומען אין דעם ווינקעל וואו איך בין געשלאָפען און האָט געזאָגט : „אָרימער דזשאָרדזש, דיין לעצטער פרייד געהט אַוועק. וואָס וועט פון דיר ווערען, מיין אָרימער יונג ? און איך בין אויפגעשטאַנען און האָב ארומגעלייגט מיינע אָרעמס ארום איהר און האָב געוויינט און געיאָ־מערט און זי האָט אויך געוויינט. און דאָס זיינען געווען די לעצטע פריינדליכע ווערטער וואָס איך האָב געהערט אין צעהן יאָהר. און מיין הארץ איז פערטרוקענט געוואָרען און האָט פערלאָרען אַלע וויי־כע געפיהלען, ביז איך האָב דיך בעגעגענט. און דיין ליעבע צו מיר האָט מיך אויפגעוועקט ווי פון טוידט ! פון דאמאלס אָן בין איך געוואָרען אַ נייער מענש. און יעצט, עליזא, וועל איך געבען מיין לעצטען טראָפּפען בלוט, דיך זאָלען זיי נ י ט נעהמען פון מיר ! ווער עס וועט דיך וועלען נעהמען וועט מוזען צוערשט געהן איבער מיין טויטען קערפּער.

— אָ, גאָט, האָב רחמנות אויף אונז ! האָט עליזא געיאָ־מערט. ער זאָל אונז כאָטש ארויסנעהמען פון דיעזען לאַנד, דאָס איז אַלעס וואָס מיר בעטען.

— האַלט גאָט מיט זיי ? האָט דזשאָרדזש מיט ביטערקייט גע־זאָגט מעהר צו זיך ווי צו זיין ווייב. זעהט ער אַלעס וואָס זיי טהוען? ווי אַזוי לאָזט ער צו אַזעלכע מעשים ? אַלעס וואָס זיי דערצעהלען אונז איז, אַז די ביבעל האַלט מיט זיי. גאַנץ געוויס ; די גאַנצע מאַכט איז אין זייער זייט, זיי זיי'נען רייך און געזונד און גליקליך.

זיי זיינען מיטגליעדער פון קירכען און ערוואַרטען צו קומען אין גן־עדן. און זיי האָבען עס זיך אַזוי לייכט אין דער וועלט און טהוען וואָס זיי ווילען און מיר עהרליכע פרומע קריסטען, בעסערע קריס־טען ווי זיי זיינען, ליגען אין דעם שטויב אונטער זייערע פיס. זיי קויפען די אונגליקליכע, פערקויפען זיי און מאַכען אַ מסחר פון זייער בלוט פון הארצען, פון זייער יאָמער און טרעהרען און גאָט לאָזט עס זיי טהאָן!

אין דעם איז אַריינגעקומען רייטשעל און האָט אָנגענומען פריינדליך עליזא'ס האַנד און האָט זיא אַריינגעפיהרט אין שפּייז־צימער וואו דער טיש איז שוין געווען געגרייט. ווען אַלע זיינען שוין געזעצען ביים טיש האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טהיר און רוטה איז אַריינגעקומען.

— איך האָב געבראַכט דיעזע זאָקען פאַר'ן קינד, האָט רוטה געזאָגט. דריי פּאָאַר, גוטע, וואַרעמע, וואָלענע זאָקען. אין קאַנאַדאַ איז קאַלט, דו ווייסט. ווי געהט עס דיר, עליזא? האָט זי צוגע־זעצט, צוגעהענדיג צו איהר און דריקענדיג איהר ווארם די האַנד, גע־בענדיג דעם קליינעם הערריי אַ לעקעכעל. איך האָב דאָ פאַר איהם אַ קליינעם פּעקעלע דערפון, אויפ'ן וועג וועט ער ווילען עסען.

— אָה, איך דאַנק אייך; איהר זייט צו גוט, האָט עליזא גע־זאָגט.

— קום, רוטה, עסס מיט אונז וועטשערע, האָט ר[…]טשעל גע־זאָגט.

— איך קען ניט, האָט רוטה געענטפערט. איך האָב געלאָזען דזשאהן'ען מיט'ן קינד און די סוכאַריקעס אין אויווען. ער קען נאָך געבען דעם קינד אַ פונט צוקער און פערברענען די סוכאַריקעס. דאָס טהוט ער אַלע מאָל ווען איך לאָז איהם אַליין, האָט די יונגע פרוי געזאָגט לאַכענדיג. אַלזאָ פאָהר געזונד עליזא, פאָהר געזונד דזשאָרדזש, זאָל אייך גאָט מצליח זיין אין אייער וועג און איהר זאָלט קומען בשלום וואו איהר פאָהרט. און מיט שנעלע טריט איז רוטה אַרויס פון צימער.

אַ ביסעל שפּעטער נאָך וועטשערע איז אַ גרויסער בעדעקטער וואַגען צוגעפאָהרען צום טהיר. די נאַכט איז געווען קלאָהר און די שטערן האָבען געשיינט. פינעאַס איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואַגען

און האָט זיך צוגעגרייט אַרויפצונעהמען די פּאַסאַזשירען. דזשאָרדזש איז אַרויסגעקומען מיט'ן קינד אין איין האַנד און מיט דער אַנדערער האָט ער געהאַלטען עליזאַ'ן. זיין טריט איז געווען אַ זיכערער און זיין געזיכט איז געווען ענטשלאָסען. רייטשעל און סימעאָן זיינען געגאַנגען הינטער זיי.

— קומט אַרויס אויף אַ מינוט, האָט פינעאַס געזאָגט צו די וואָס זיינען געזעסען אין וואָגען, און לאָזט מיך צורעכט מאַכען אַ פּלאַץ פאַר די פרויען און דעם אינגעל.

— אָט זיינען די צוויי באַפלאָ־פעללען, האָט רייטשעל געזאָגט. מאַך זיי דעם זיץ ווייך ווי מעגליך. זיי האָבען צו פאָהרען אַ גאַנצע נאַכט אויף אַ שווערען וועג.

דזשים איז פריהער אַרויסגעקראָכען און נאָך איהם זיין אַלטע מוטער, וועלכע האָט זיך ענגסטליך אַרומגעקוקט, אַזוי ווי זי וואָלט ערוואַרטען איהרע פערפאָלגערס.

— דזשים, זיינען דיינע פּיסטאָלעטען אין גוטער אָרדענונג, האָט איהם דזשאָרדזש מיט אַ שטילער אָבער פעסטער שטימע געפרעגט.

— גאַנץ געוויס, האָט דזשים געענטפערט.

— און דו ווייסט וואָס דו האָסט צו טהאָן ווען זיי זאָלען קומען ?

— איך מיין עפּעס, אַז איך ווייס ! האָט דזשים געזאָגט עפּענענדיג זיין ברייטע ברוסט. דענקסטו, אַז איך וועל זיי לאָזען נאָך אַ מאָל נעהמען מיין מוטער ?

וועהרענד דיעזען קורצען געשפּרעך איז עליזאַ מיט'ן קינד אריין אין וואָגען און נאָך זיי דזשים'ס מוטער. זיי האָבען גענומען הערצליכען אַפּשיעד פון זייערע פריינד און האָבען זיך אַרויפגעזעצט אויף די ווייכע פעללען. דזשאָרדזש און דזשים האָבען זיך געזעצט פאָרענט נעבען פינעאַס.

— פאָהרט געזונד, פריינדע ! האָט סימעאָן געזאָגט.

— זאָל אייך גאָט בענשען ! האָבען זיך אַלע אָפּגערופען פון וואָגען.

און דער וואָגען איז אַוועק סקריפּענדיג און קלאַפּענדיג איבער דער פערפראָרענער ערד. וועגען דעם רויהען וועג און דעם קלאַפּען

פון די רעדער האָט מען זיך ניט געקענט אונטערהאַלטען אין וואָגען. דער וואָגען איז געגאַנגען דורך לאַנגע, דונקעלע שטרעקעס פון וואַלד, איבער ברייטע אומעטיגע פעלדער, אַראָפּ באַרג און אַרויף באַרג, און ווייטער און אַלץ ווייטער האָבען זיי זיך געשלעפּט איין שטונדע נאָך דער אַנדערער. דאָס קינד איז שוין לאַנג איינגעשלאָפען און איז גע־לעגען שווער אין זיין מוטער'ס שויס. די אָרימע, צושראָקענע, אַלטע פרוי האָט דער שלאָף אויך בייגעקומען. זאַגאַר, עליזא, וועלכע איז אַ לאַנגע צייט געווען וואך, איז אויך איינגעשלאָפען. פון אַלעמען איז געווען פינעאַס דער לעבעדיגסטער. ער האָט געטריבען די פערד און האָט זיך געפּייפט אַ ליעדעל אונטער'ן נאָז.

אָבער געגען דריי אַ זייגער האָט דזשאָרדזש דערהערט די שנעלע טריט פון אַ פערד, וועלכע זיינען געקומען פון ווייט הינטער דעם וואָגען, און ער האָט אָנגעשטויסען פינעאַס עלענבויגען. פינעאַס האָט צוריקגעהאַלטען די פערד און האָט זיך צוגעהערט.

— דאָס מוז זיין מייקעל, האָט ער געזאָגט. איך דענק, אַז דאָס איז זיין גאַלאָפּירען. ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט אויס־געשטרעקט דעם קאָפּ און האָט געקוקט אויפ'ן וועג.

די געשטאַלט פון אַ רייטער, וועלכער האָט זיך שנעל גענעהערט, האָט זיך געזעהען פון ווייטען אויפ'ן באַרג.

— איך גלויב אַז דאָס איז ער ! האָט פינעאַס אויסגערופען. דזשאָרדזש און דזשים זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון וואָגען, איידער זיי האָבען אַליין געוואוסט וואָס זיי טהוען. אַלע זיינען געשטאַנען שטיל און האָבען געשפּאַנט געקוקט אויף דעם ערוואַרטעטען גאַסט. דער רייטער האָט זיך אַלץ מעהר גענעהערט. דאָ איז ער אַרונטער אין אַ טהאָל און מען האָט איהם מעהר גאָרניט געזעהען, דאָ איז ער ווידער געווען אויפ'ן באַרג. ענדליך איז ער שוין געווען גאַנץ נאָ־הענט.

— יעס, דאָס איז מייקעל ! האָט פינעאַס געזאָגט, און האָט אויסגערופען אין דער הויך : „העלאָ, מייקעל !“

— פינעאַס ! ביזטו דאָס ?

— יעס, וואָס גיבט עס נייעס ; קומען זיי ?

— זיי זיינען ניט ווייט, הינטען. אַ שטיק אַכט אָדער צעהן, אָנגעפּייערט פון בראַנפען, פלוכען און ברומען ווי די ווילדע חיות.

און אזוי ווי ער האָט עס געזאָגט האָט דער ווינד געבראכט דעם גאַלאָפּ פון רייטער, וועלכע האָבען זיך גענעהערט אַהער.

— אריין אין וואָגען, קינדער ! אויב איהר ווילט זיך שלאָגען זאָלט איהר ווארטען ביז איך וועל אייך ברענגען אַ ביסעל ווייטער. ביי דיעזע ווערטער זיינען אַלע אריין אין וואָגען און פינעאַס האָט גע־נומען טרייבען די פערד ; מייקעל איז נאָכגעריטען. דער וואָגען האָט געטאַנצט, כמעט געפלויגען איבער דעם פערפראָרענעם וועג, אָבער אַלץ דייטליכער האָט זיך געהערט פון הינטען דער גערויש פון די רייטער. די פרויען האָבען עס געהערט און האָבען ציטערנדיג ארויסגעקוקט ; זיי האָבען געזעהען פון ווייטען די רייטער ביי דער ליכט פון דעם אָנקומענדיגען טאָג. נאָך אַ באַרג, און די פערפאָלגער האָבען געמוזט בעמערקען דעם ווייסען צודעק פון וואָגען, דען אַ ווילד־דער געברום פון פרייד האָט זיך געלאָזען הערען, און זיי האָבען זיך גענעהערט ווי דער ווינד. עליזא האָט פון שרעק צוגעדריקט דאָס קינד צו זיך ; די אַלטע פרוי האָט געזאָגט תפילה און דזשאָרדזש און דזשים האָבען אין פערצווייפלונג פעסטער געפּרעסט זייערע פיסאָלע־טען. די פערפאָלגער האָבען זיך אַלץ מעהר גענעהערט. דער וואָגען האָט זיך געגעבען אַ פּלוצליכען דרעה און זיי געבראכט נאָהענט פון אַ גרויסען שטיינערנעם פעלז, וועלכער איז אריבערגעהאנגען איבער אַ סך קלענערע פעלזען, צווישען וועלכע עס איז געווען פלאַכע און גלאטע ערד. דיעזע גרויסע שטיינערנע בערג זיינען געשטאַנען הויך געגען הימעל און האָבען מיט זיך געבאָטען אַ גוטען שוץ און בעהאַל־טער פאר די וואָס האָבען דאָס געדארפט. פינעאַס האָט גאַנץ גוט געקענט דיעזען פּלאַץ נאָך אין די יאָהרען ווען ער פלעגט געהן אויף דער יאַכט.

— איצטער קומט ! האָט פינעאַס אויסגערופען, אָפּשטעלענ־דיג די פערד. געהט אַראָפּ אַלע, גיך, און קומט מיט מיר צווישען די פעלזען. מייקעל, בינד אָן דיין פערד צום וואָגען און פאָהר צו אמאריאַה'ן און זאָג איהם, אַז ער זאָל קומען אַהער מיט זיינע חברה, און זאָל ער זיך „אונטערהאַלטען" מיט די תכשיטים. אין איין מאָ־מענט זיינען אַלע געווען ארויס פון וואָגען.

— יעצט, האָט פינעאַס געזאָגט כאַפּענדיג הערריי' פּאַסט אויף אויף די פרויען און לויפט ווי ווייט איהר קענט !

שנעלער ווי מען קען עס בעשרייבען, זיינען אַלע אריבער אי־בער אַ פּאַרקאַן און האָבען געגומען לויפען מיט אַלע קרעפטען צו די פעלזען, ווערהענד מייקעל איז שנעל אַראָפּ פון זיין פערד און האָט איהם אַנגעבונדען צום וואָגען און איז שנעל אַוועקגעפאָהרען.

— קומט, האָט פינעאַס געזאָגט, ווען זיי זיינען צוגעקומען צו די פעלזען און האָבען געזעהען ביי דער אַנקומענדער ליכט פון טאָג דעם צייכען פון אַ סטעזשקע, וועלכע איז געגאַנגען אַרויף די פעל־זען. דאָס איז איינע פון אונזערע אַמאָליגע יאַכט פּלעצער ; קומט אַרויף !

פינעאַס איז געלאָפען פאָראויס, שפּרינגענדיג, מיט'ן קינד אויפ'ן אָרעם, פון איין פעלז אויפ'ן אַנדערן ווי אַ ציג. דזשים מיט זיין אַלטער ציטערדיגער מוטער אויף די פּלייצעס איז געווען דער צווייטער ; דזשאָרדזש און עליזאַ די לעצטע. די רייטער זיינען אָנ־געקומען צום פּאַרקאַן און מיט געמישטע געשרייען און פלוכען זיינען זיי אַראָפּ פון די פערד און האָבען זיך פאַרבערייטעט זיי נאָכצו־געהן.

די פערפאָלגטע זיינען אין איינינע אויגענבליק אַרויפגעקראָכען אויפ'ן שפּיץ פון בארג. די סטעזשקע האָט דאָ געפיהרט צו אַ שמאָ־לען דורכגאַנג, וואו נאָר איין מענש האָט געקענט דורכגעהן, און זיי זיינען פּלוצלונג געקומען צו אַ שפּאַלט אויף אַ יאַרד די ברייט, נאָך וועלכען עס זיינען געלעגען אַ גרופּע בעזונדערע פעלזען. ווען פינעאַס איז געקומען צו דעם שפּאַלט איז ער איהם לייכט אריבערגעשפּרונגען און האָט אַוועקגעלייגט דעם אינגעל אויף דעם שפּיץ פון אַ פעלז, וועל־כער איז געווען בעדעקט מיט ווייכע מאָך.

— שפּרינגט אריבער, ווען אייער לעבען איז אייך ליעב, האָט פינעאָס צו זיי געשריען. און איינער נאָכ'ן אַנדערן זיינען זיי אריבער־געשפּרונגען.

— יעצט זיינען מיר דאָ אַלע, האָט פינעאַס געזאָגט, אַראָפּ־קוקענדיג פון דעם ברעג בארג אונטען, צו זעהען וואָס די אָנגריי־פערס טהוען. זאָלען זיי אונז נעהמען, ווען זיי קענען. ווער עס וויל קומען אהער מוז דורכגעהן איינער אליין דיעזען שמאָלען וועג, און פון דאנען קענט איהר אויף זיי גוט ציעלען ; זעהט איהר דאָס, קינדער ?

— איך זעה, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, און יעצט, אז די זאַך בעלאנגט אונז, זאָלט איהר לאָזען אַלע געפאחר פאר אונז און מיר וועלען אליין קעמפּפען.

— דו קענסט האָבען פאר זיך דעם גאנצען קאמפּף, דזשאָרדזש, האָט פינעאס געזאָגט קייענדיג א טרוקענע בלעטעל, אָבער דו וועסט דאָך מיר לאָזען האָבען דעם פערגעניגען צוצוזעהען דעם שפּאס. זעה, ווי די חברה זיינען זיך אונטען מישב אזוי ווי היהנער, וועלכע ווילען ארויפפליהען אויף זייער שטייג. וואָלט ניט געווען בעסער, אז דו זאָלסט זיי געהן זאָגען אין א גאַנץ פריינדליכען טאָן, אז זיי זאָלען עס ניט טאָן, דען זיי וועלען געשאָסען ווערן ?

אזוי ווי עס איז שוין געווען צימליך ליכטיג האָט מען געקענט אונטען זעהן די גאַנצע פּארטיע, צווישען וועלכע א פּאָאר זיינען גע־ווען פון אונזערע אַלטע בעקאַנטע : טאָם לאקער און מארקס, און מיט זיי צוויי קאָנסטאַבלערס, און אייניגע וואַגאַבונדען וואָס טרייבען זיך ארום אין די קליינע קרעטשמעס און געהען מיט צו האָבען פערגניגען אין כאפּען נעגערס.

— וועל, טאָם, דיינע נעגערס זיינען אין א גוטען פּלאץ, האָט איינער געזאָגט.

— יעס, איך זעה, און עס וועט ביי מיר ניט לאנג נעהמען דאָרטען ארויפצוקומען און זיי אַלעמען ארויסשלעפּען. אראָפּשפּרינגען קענען זיי ניט.

— אָבער טאָם, זיי קענען אויף אונז שיסען פון הינטער די פעלזען, האָט מארקס געזאָגט. און דאָס וועט זיין א מיאוסע זאַך, דו ווייסט.

אוף ! האָט טאָם געזאָגט מיט א בייזען שמייכעל, דו האָסט נאָר מורא פאר דיין פעלל, מארקס ! קיין געפאהר ! נעגערס ציטערן פאר זייער איינענעם שיין.

— איך ווייס ניט פאר וואָס איך זאָל ניט מורא האָבען פאר מיין פעלל, האָט מארקס געזאָגט ; דאָס איז די איינציגע וואָס איך האָב ; און דאָן קען א מאָל א נעגער קעמפּפען ווי דער טייוועל.

אין דיעזען מאָמענט איז דזשאָרדזש ערשיענען אויבען אויף'ן בארג איבער זיי און האָט געזאָגט מיט א רוהיגער און געפּאסטער שטימע :

— מיינע הערדען, ווער זייט איהר דאָרטען אונטען און וואָס ווילט איהר?

— מיר דארפען א פּארטיע ענטלאָפענע נעגערס, האָט טאָם לאָקער געזאָגט. דאָס זיינען דזשאָרדזש הערריס און עליזא הערריס און זייער זוהן, דאן דזשים כעלדען און איין אלטע פרוי. מיר האָבען צוויי רעגיערונגס בעאַמטע דאָ און מיר האָבען איין אונטערשריעבע־נעם בעפעהל אייך צו ארעסטען, און מיר וועלען אייך נעהמען, הערט איהר? זייט איהר ניט דזשאָרדזש הערריס וואָס בעלאנגט צו מר. א. הערריס פון בעצירק שעלבי אין קענטאָקי?

— איך בין דזשאָרדזש הערריס. א מר. הערריס האָט מיך א מאָל גערופען זיין אייגענטהום, אָבער יעצט בין איך א פרייער מאן און שטעה אויף גאָטס פרייע ערד און מיין פרוי און קינד בעלאנגען צו מיר. דזשים און זיין מוטער זיינען דאָ. מיר האָבען געוועהר זיך צו פערטהיידיגען, און מיר וועלען עס געוויס טהאָן. איהר קענט ארויפקומען אז איהר ווילט, אָבער דער ערשטער, וועלכער וועט קומען אונטער דעם ציעל פון אונזערע קוילען וועט זיין א טויטער מאן, אזוי דער צווייטער, דער דריטער, ביז דעם לעצטען.

— מאך ניט קיין געשעפטען! האָט געזאָגט א קורצער מאן ארויסטרעטענדיג פאָראויס און בלאָזענדיג מיט דער נאָז. יונגער מאן, אזוי דארפסטו ניט ריידען. דו זעהסט מיר זיינען רעגיערונגס־בעאַמטע. מיר האָבען דאָס געזעץ אויף אונזער זייט און די קראפט אויך. בעסער גיט זיך אונטער מיט גוטען, דען צום סוף וועט איהר זיך דאָך מוזען אונטערגעבען.

— איך ווייס זעהר גוט, אז איהר האָט דאָס געזעץ און די מאכט אויף אייער זייט, האָט דזשאָרדזש ביטער געענטפערט. איהר מיינט צו נעהמען מיין ווייב און זי פערקויפען אין ניו־אָרליענס, און אריינ־זעצען מיין קינד אין א שקלאווענהאנדלערס שטייג, און שיקען דזשים'ס אלטע מוטער צוריק צו דער ווילדער חיה ער זאָל זי ווייטער שמייסען און מאַרטערן, ווייל ער האָט עס ניט געקענט טהאָן מיט איהר זוהן. איהר ווילט דזשים'ן און מיך צוריקשיקען צו די חיות וועלכע רופען זיך אונזערע מאַסטערס, אז זיי זאָלען אונז ווייטער מאַרטערן און אייערע געזעצע וועלען דאָס צוקוקען! א שאנדע אויף אייך און אויף אייערע געזעצע! אָבער איהר האָט אונז נאָך ניט.

מיר האָבען ניט אייערע געזעצע, מיר האָבען ניט אייער לאַנד. מיר שטעהען דאָ פריי אונטער גאָטס הימעל אַזוי ווי איהר, און ביי דעם גרויסען גאָט וואָס האָט אונז בעשאַפען וועלען מיר קעמפּפען פאַר אונזער פרייהייט ביז מיר וועלען שטאַרבען.

ווי עס זאָל ניט זיין, אָבער איינס איז זיכער, אַז דזשאָרדזש'עס האַלטונג, זיין שטימע, דער אויסדרוק פון זיינע אויגען בשעת ער האָט גערעדט האָבען ניט פערפעהלט די ווירקונג אויף דער באַנדע פון אונטען, דען זיי האָבען געשוויגען. מאַרקס איז געווען דער איינציגער, וואָס איז ניט געווען גערירט דערפון. ער האָט צורעכט געמאַכט זיין פּיסטאָלעט און בשעת דעם שטילשווייגען האָט ער אויסגעשאָסען אויף דזשאָרדזש'ען.

— איהר זעהט, מען קריעגט פאַר זיין קערפּער אין קענטאָקי אַזוי פיעל ווי מען וואָלט איהם געכאַפּט אַ לעבעדיגען, האָט ער קאַלט געזאָגט, און האָט אָפּגעווישט דעם פּיסטאָלעט אָן זיין אַרבעל.

דזשאָרדזש האָט געגעבען אַ שפּרונג צוריק, עליזא האָט ארויסגעלאָזען אַ געשריי; די קויל האָט אָנגעריהרט זיינע האָאַר פון קאָפּ און האָט שיעור ניט אָנגעריהרט די באַק פון זיין פרוי און איז אריין אויבען אין אַ בוים.

— עס איז גאָרניט, עליזא, האָט ער שנעל געזאָגט.

— בעסער שטעה ניט אַז מען זאָל דיך זעהען, האָט פינעאַס געזאָגט. דו האָסט דאָ צו טהאָן מיט אויסוואורפען.

— יעצט, דזשים, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, זעה אַז די פּיסטאָלעטען זאָלען זיין אין אָרדנונג, און היט דעם דורכגאַנג. דעם ערשטען וואָס וועט זיך לאָזען זעהען וועל איך שיכען. דו וועסט נעהמען דעם צווייטען און אַזוי ווייטער. מען דאַרף ניט פערשיסען צוויי קוילען אויף איין מאָל.

— אָבער וואָס וועט זיין, אַז דו וועסט ניט טרעפען?

— איך װעל טרעפען, האָט דזשאָרדזש קאַלט געזאָגט.

— זעהר גוט! דער בחור האָט דעם ריכטיגען פייער אין זיך, האָט פינעאַס געמורמעלט צווישען די צייהן.

נאָך דעם ווי מאַרקס האָט אויסגעשאָסען איז די באַנדע געשטאַנען אונענטשלאָסען.

— איך דענק אז דו האסט אימעצען געטראָפען, האָט איינער געזאָגט, דען איך האָב געהערט אַ געשריי.

— איך געה גלייך אַרויף און וועל איינעם נעהמען, האָט טאָם געזאָגט, איך האָב קיינמאָל קיין מורא ניט געהאַט פאר נעגערס און איך וועל איצטער אויך קיין מורא ניט האָבען. ווער געהט נאָך מיר ? האָט ער געזאָגט שפּרינגענדיג אויף די פעלזען.

דזשאָרדזש האָט גאַנץ דייטליך געהערט דיעזע ווערטער און האָט אַרויסגעצויגען זיין פּיסטאָלעט. ער האָט איהם עקזאַמינירט און האָט איהם אָנגעשטעלט אויף דעם דורכגאנג, וואו דער ערשטער מאַן האָט זיך געדאַרפט ווייזען.

נאָך טאָם'ען זיינען געגאַנגען די אַנדערע איינער נאָך איינעם, ביז טאָם איז אויסגעקומען פאַר דעם שפּאַלט, וואו מען האָט געדאַרפט אַריבערשפּרינגען.

דזשאָרדזש האָט אויסגעשאָסען ; די קויל איז אַריין אין טאָם'ס זייט ; אָבער, כאָטש פערוואונדעט, איז ער ניט געלאָפען צוריק, זאָנדערן מיט אַ געשריי פון אַ ווילדען אָקס איז ער אַריבערגעשפּרונגען דעם שפּאַלט און איז געלאָפען צו דער פּאַרטיע.

— פריינד, האָט פינעאַס געזאָגט, וועלכער איז פּלוצלונג ערשיענען פאָרענט און האָט מיט אַ שטויס פון זיין לאַנגען אָרעם טאָם'ען אַראָפּגעשליידערט פון פעלז ; מען דאַרף דיך דאָ גאָר ניט ! האָט ער בשעת מעשה צוגעזעצט.

טאָם איז אַריינגעפאַלען אין שפּאַלט ; ער איז געפלויגען צווישען צווייגען פון בוימער, קוסטעס, שטיינער, ביז ער איז אַראָפּ דרייסיג פוס אונטען אַ צובראָכענער, אַ צוריסענער, און קרעכצענדיג איז געבליעבען ליגען.

— זאָל זיך גאָט איבער אונז ערבאַרעמען ! האָט מאַרקס אויסגערופען, זיי זיינען דאָך עפּעס גאָר טייוואָלים ! און ער האָט גענומען שטעלען פיס צוריק איבער די פעלזען שנעלער ווי ער איז אָהער געקומען, און אַלע נאָך איהם. שנעלער פאר אַלעמען איז געלאָפען דער פעטער פּאָליסמאַן, וועלכער האָט שטאַרק געסאָפּעט און געבלאָזען.

— הערט, חברה, האָט מאַרקס געזאָגט צו דער באַנדע, איהר געהט און הויבט אויף טאָם'ען און איך וועל לויפען ברענגען הילפע.

און אָהנע צו הערען דעם געשריי און דעם אויספייפען פון זיינע קאַמע־ראַדען איז ער שוין געווען אויפ'ן פערד און איז אוועק.

— האָט איינער שוין געזעהען אַזאַ ווערימדיגען שרץ ? האָט איי־נער פון דער באַנדע געזאָגט. ברענגט אונז אהער וועגען זיין אייגע־נעם עסק ; יעצט ענטלויפט ער און לאָזט אונז דאָ איבער !

— וועל, האָט איינער געזאָגט, מיר מוזען צונעהמען דעם קערל; עס הארט מיך זעהר ווענינ אויב ער איז טויט אָדער ער לעבט.

דער קרעכצען און פלוכען פון טאָמ'ען האָט געפיהרט די מענער צו דעם פּלאַץ וואו ער איז געלעגען. זיי האָבען זיך געמוזט דורכ־קוועטשען דורך בוימער און קוסטעס, שטיקער האָלץ און שטיינער, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום העלד.

— דו מאַכסט דאָ דעם פּלאַץ גאַנץ לעבעדיג מיט דיינע יעלות, טאָם, האָט איינער געזאָגט, ביזטו שטאַרק געשעדיגט ?

— איך וויים ניט. קענט איהר מיך אויפהויבען ? דער פער־פלוכטער קוועקער ! ווען ניט ער וואָלט איך שוין איינעם פון זיי אראָפּגעשלעפּט, און איך וואָלט געזעהען ווי דאָס וואָלט איהם גע־שמעקט.

מיט פיעל מיהע און קרעכצען איז זיי געלונגען דעם געפאַלענעם העלד צוצושלעפּען צו די פערד.

— ווען איהר וואָלט מיך כאָטש געקענט ברייננען צו דער קרעטש־מע. גיט מיר א טיכעל אָדער עפּעס אַנדערס צו פערשטאָפּען דעם פערפלוכטען פּלאַץ, וואו עס בלוטיגט.

דזשאָרדזש האָט אראָפּגעקוקט פון פעלז און האָט געזעהען ווי זיי מוטשען זיך איהם ארויפצוזעצען אויפ'ן פערד. נאָך א פּאָאָר אַזעלכע פּראָבעס איז טאָם אַנידערגעפאַלען א גע'חלש'טער אויף דער ערד.

— איך האָף, אַז ער איז ניט טויט, האָט עליזא געזאָגט, וועל־כע איז דאָ געשטאַנען מיט דער גאַנצער פּארטיע און האָט צוגעקוקט וואָס דאָ געהט פאָר.

— פאר וואָס ניט ? האָט פינעאַס געזאָגט. ער האָט עס כשר פערדיענט.

— וויילַ נאָכ'ן טויט קומט דער יום הדין, האָט עליזא גע־זאָגט.



טאָם לאָקער אַראָפּגעשלײדערט פון פעלז.

— אויף מיין וואָרט, זיי לאָזען איהם איבער ! האָט פינעאַס אויסגערופען.

און אזוי איז געווען. ווען די באַנדרע האָט געזעהען אַז זיי קענען איהם ניט אַרויפזעצען אויפ׳ן פערד, האָבען זיי נאָך אַ קורצער בעראַטהונג זיך געזעצט אויף זייערע פערד און זיינען אַוועק. ווען זיי זיינען שוין געווען ווייט און מען האָט זיי שוין מעהר ניט געזעהען, האָט פינעאַס ווי צו זיך ריידענדיג געזאָגט.

— וועל, מיר מוזען אַראָפּגעהן פון דאַנען און געהן אַ שטיקעל וועג צו פוס. איך האָב אָנגעזאָגט מייקלען, אַז ער זאָל ברענגען הילפע און דעם וואָגען. מיר מוזען זיי געהן בעגעגענען. גאָט זאָל געבען, - אַז ער זאָל קומען גיכער ! עס איז נאָך גאַנץ פריה יעצט, פיעל פוס-געהער זיינען נאָך ניטאָ. מיר זיינען ניט מעהר ווי צוויי מייל פון דער צווייטער סטאַנציע. ווען דער וועג וואָלט געווען אַ בעסערע וואָלטען זיי אונז ניט דעריאָגט.

ווען די פּאַרטיע איז צוגוקומען צום פּאַרקאַן האָבען זיי געזעהען ווי זייער אייגענער וואָגען קומט צוריק בעגלייטעט פון איניגע רייטער.

— אַהאַ ! האָט פינעאַס אויסגערופען, דאָס זיינען מייקעל, סטיפען און אַמאַריאַה. יעצט זיינען מיר זיכער אַזוי ווי מיר וואָלטען געווען אויף אונזער פּלאַץ.

— וועל, דאַן זעהט און טהוט עפּעס פאַר דעם אָרימען מאַן, האָט עליזאַ געזאָגט. זיין קרעכצען איז שרעקליך !

— עס וואָלט געווען ניט מעהר ווי מענשליך, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, ווען מיר וואָלטען איהם מיטגענומען.

— און איהם אויסקורירען צווישען די קוועקערם ! האָט פינעאַס געזאָגט. זעהר אַ שעהנע זאַך ! פון דעסטוועגען קענען מיר עס טהאָן. קומט לאָמיר איהם נאָר בעטראַכטען. און פינעאַס, וועלכער האָט נאָך אין זיין יאַכט צייט געהאַט אַביסעל ערפאַהרונג ווי צו בעהאַנדלען אַ פערוואונדעטען, איז צוגעגאַנגען צו טאָם׳ען און האָט אָנגעפאַנגען צו בעטראַכטען זיין צושטאַנד.

— מאַרקס, האָט טאָם געזאָגט מיט אַ שוואַכער שטימע, ביזטו דאָס, מאַרקס ?

— איך דענק, אַז דאָס איז ניט ער, מיין פריינד, האָט פי־

נעאס געזאָגט. מארקס האָט דיך װעניג אין זינען. זיין פעלל איז איהם טהייערער. ער האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעטראָגען.

— איך דענק, אז איך בין שוין פערביי, האָט טאָם געזאָגט. דער פערפלוכטער פאַלשער הונד האָט מיך דאָ געלאָזען אַליין, איך זאָל דאָ שטארבען. מיין אַלטע אָרימע מוטער האָט מיר אַלע מאָל געזאָגט אַז איך װעל האָבען אַזא סוף.

— הערט איהר װאָס דער אָרימער נפש זאָגט, האָט די אַלטע נעגערקע געזאָגט, ער האָט איין אַלטע אָרימע מוטער. איך קען איהם נור בעדויערן.

— רוהיג, רוהיג, מאַך ניט קיין האַװאַיעס, האָט פינעאס געזאָגט, װען טאָם האָט אָפּגעשטופּט זיין האַנד. דו קענסט ניט האָפען צו לעבען װען מען װעט ניט פערהאַלטען דיין בלוט, און ער האָט מיט זיין טיכעל פערבונדען זיין װאונד.

— דו האָסט דאָך מיך אראָפּגעשטופּט פון בארג, האָט טאָם שװאַך געזאָגט.

— װען איך װאָלט עס דיר ניט געטהאָן װאָלסטו עס אונז געטהאָן, האָט פינעאס געזאָגט. מיר מיינען עס גוט מיט דיר. מען װעט דיך ברענגען אין אַ הויז װאו מען װעט דיך בעהאַנדלען װי דיין אייגענע מוטער.

טאָם האָט געקרעכצט און האָט צוגעמאַכט די אויגען. מענשען פון זיין קלאַס בײ װעלכע מוטה און ענטשלאָסענהייט הענגט אָפּ נאָר פון זייער קערפּערליכער קראַפט, פערלירען דיזע צװיי אייגענשאַפטען זאָבאַלד װי די קראַפט װערט אָפּגעשװאַכט; אַזוי איז דער ריעז געלעגען אין איין ערבאַרמליכען צושטאַנד, דאָס עס איז געװעזען אַ צער בלי חים צו קוקען אויף איהם.

די אַנדערע פּאַרטיע איז יעצט צוגעקומען. מען האָט אַרויסגענומען די זיץ פון װאַגען און אײנגעװיקעלט די באַפאַלאָ פעללען צונויפגעלייגט אין פיערען. פיער מענשען האָבען דעם פערװאונדעטען קוים אַריינגעהויבען אין װאַגען. די אַלטע נעגערקע, װעלכע האָט איהם מעהר בעמיטלײדעט װי אַלע, האָט זיך געזעצט הינטען אין װאַגען און האָט גענומען זיין קאָפּ אין שויס. עליזאַ, דזשאָרדזש און דזשים האָבען זיך אויך גענומען איין ענגען שטיקעל פּלאַץ און די גאַנצע פּאַרטיע איז אַװעק אין װעג.

— וואָס דענקט איהר וועגען איהם ? האָט דזשאָרדזש, גע־פרעגט ביי פינעאס'ן, נעבען וועלכען ער האָט זיך געזעצט.

— וועל, עס איז נאָר א טיעפע פלייש וואונד, אָבער ער האָט פערלאָרען פיעל בלוט און דאָס האָט איהם זעהר אָפגעשוואכט. דאָך וועט ער געזונד ווערן, און עס קען זיין אז דאָס וועט איהם געבען א גוטע לעקציע.

— עס פרייט מיך זעהר דאָס צו הערן, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, דען מיין געוויסען וואָלט מיך אימער געפלאגט, דאָס דורך מיר איז א מענש געטויטעט געוואָרען, כאָטש איך האָב געהאַט רעכט.

— איך בין אויך דאגעגען צו טויטען א מענשען, אָבער דאָר־טען וואו עס האנדעלט זיך וועגען מיין לעבען, איז מיר נאַטירליך מיין לעבען ליעבער. וועגען דעם געוויסען איז א זאך וואָס מען קען ניט העלפען.

— וואָס זאָלען מיר טהאָן מיט דיעזען אָרימען קערל ? האָט דזשאָרדזש געפרעגט.

— מיר וועלען איהם ברענגען צו אמאַריאַה. ביי איהם איז דאָ איין אַלטע פרוי, מען רופט זי דאָרקאַס, זי איז איין אויסגעצייכענ־טע קראַנקען־וועכטערין, און זי האָט זעהר ליעב ארומצוגעהען ארום קראַנקע. מיר וועלען איהם לאָזען אויף א פּאָאר וואָכען דאָרטען.

אין א שטונדע ארום זיינען די רייזענדע געקומען צו א שעהנער פאַרם־הויז, וואו מען האָט זיי אויפגענומען מיט א גוטען פריהשטיק. טאָם לאָקער איז באַלד געלעגען אין א שעהנער און רייַנער בעט. אין אַזאַ פיינער בעט האָט ער נאָך ניט געשלאָפען. זיין וואונד איז ריין אויסגעוואַשען געוואָרען און פערבונדען און ער איז געלעגען און האָט געקוקט ווי מענשען געהען ארום איהם אויף די טשיפּקעס, אַזוי ווי ער וואָלט געווען א קראַנקער קינד.

און יעצט וועלען מיר לאָזען אונזערע פריינד דאָ און וועלען אי־בערגעהן צו די אנדערע.

## אכטצעהנטער קאַפּיטעל.

## מיס אָפעליאַ׳ס מיינונג.

אונזער פריינד אַנקעל טאָם האָט אין זיינע געדאַנקען פערגלייכט זיין יעצטיגע שקלאַווען לאַגע צו יוסף׳ס אין מצרים. און אין אמת׳ן איז דיעזער פערגלייך אַלץ מעהר און מעהר געוואָרען ריכטיגער.

סיינט קלער האָט זיך ניט געקימערט און איז געווען נאַכלעסיג וועגען דעם ווערטה פון געלט. ביז יעצט זייגען אַלע געלט הצאות פון דער גאַנצער הויז געווען אין די הענד פון אדאָלף׳ן, וועלכער איז אויך געווען אַזוי נאַכלעסיג און פערשווענדעריש ווי זיין מאַסטער. און זיי ביידע האָבען זיך איבערשטייגט אין פערשווענדונג. טאָם, וועלכער איז פיעלע יאָהרען געווען ביי מר. שעלבי אַ פיהרער פון הויז און איז געווען אַ גרויסער עקאָנאָם, האָט מיט פערקלעמטען הארצען בעטראַכט דיעזע שעדליכע ווירטהשאַפט און ניט ווילענדיג פלעגט ער זעהר אָפט מאַכען סיינט קלער׳ן דערויף אויפמערקזאַם.

סיינט קלער האָט איהם אין אַנפאַנג געגעבען קלייניגקייטען צו פיהרען. ווען ער האָט אָבער געזעהען, אַז טאָם פיהרט זיין זאַך אויסגעצייכענט, האָט ער איהם געגעבען אַלץ מעהר און מעהר וואָס צו טהאָן, ביז ער האָט איהם אַוועקגעגעבען די גאַנצע איינקויפס פיהרונג פון הויז.

אַנאַנדערער ווי טאָם, צו וועמען געלד איז געגעבען געוואָרן אָהן אַ חשבון און ער האָט דערמיט געקענט טהאָן וואָס ער האָט געוואָלט, וואָלט געקענט בעהאַלטען פאַר זיך, אָבער ניט טאָם, ער איז געווען צו עהרליך דערצו.

אָבער גאַנץ אַנדערש איז עס געווען מיט אדאָלף׳ן. אַ מאַן אָהן געדאַנקען און ניט פיהלענדיג אויף זיך דעם שטרענגען אויג פון אַ מאַסטער איז ער אַליין צומישט געוואָרען און האָט ניט געוואוסט צו ער איז דער מאַסטער אָדער דער קנעכט. סיינט קלער האָט עס געזעהען און ער האָט אויך פערשטאַנען, אַז אַזאַ בעהאַנדלונג געגען אַ דיענער האָט געקענט ווערען געפעהרליך, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט העלפען; ער איז ניט געווען קיין פיהרער.

טאָם האָט בעטראַכט זיין יונגען פריילּיכען מאַסטער מיט געפיהל פון העכסטען רעספּעקט און פּאַטערליכער ליעבע. איין זאַך האָט איהם געקרענקט און דאָס איז וואָס ער איז ניט געוועזן פרום און פלעגט קיין מאָל ניט געהן אין קירכע. אנשטאַט דאָס פלעגט ער זונטאָג געהן אין טהעאַטער אָדער זיך צוזאַמענקומען מיט יונגע לייט און שפּיעלען אין קאָרטען און טרינקען. אַזאַ פאַל האָט גראַדע פּאַסירט דעם זונטאָג. ער איז געקומען איינס אַ זייגער פאַר טאָג און איז געווען אַזוי אָנגע־טרונקען, דאָס ער און אַדאָלף האָבען איהם געמוזט אריינפיהרען אין זיין שלאָפצימער און איהם ארייןלייגען אין בעט.

— וועל, טאָם, אויף וואָס ווארטס דו ? האָט איהם סיינט קלער געפרעגט דעם נעכסטען אין דער פריה, ווען ער איז געזעסען אין זיין ביבליאָטהעק. סיינט קלער האָט געגלויבט, אַז ער דאַרף האָבען געלט. פעהלט דיר עפּעס ? האָט ער צוגעזעצט ווען ער האָט געזעהען, אַז טאָם שווייגט נאָך.

— עס פעהלט מיר גאָרניט, מאַסטער, האָט טאָם געענטפערט מיט אַן ערנסטען געזיכט.

סיינט קלער האָט אוועקגעלייגט די צייטונג און האָט אָפּגערוקט זיין קאַפע און האָט געקוקט אויף טאָם'ען.

— וועל, טאָם, וואָס איז די מעשה ? דו מאַכסט אַ פּנים אַזוי ווי דו וואָלסט דאַרפען געהן צו אַ לויה.

— איך פיהל זיך זעהר געקרענקט, מאַסטער. איך האָב אַלע מאָל געגלויבט, אַז דער מאַסטער איז גוט צו אַלעמען.

— בין איך דאָס ניט געווען, טאָם ? קום, זאָג נאָר, וואָס ווילסטו ? מסתמה האָסטו עפּעס ניט בעקומען און דערפאַר ביזטו אריין מיט דער הקדמה.

דער מאַסטער איז אַלע מאָל געווען גוט צו מיר. איך האָב זיך ניט צו בעקלאָגען. אָבער עס איז דאָ איינער, צו וועמען דער מאַסטער איז ניט גוט.

— וואָס איז מיט דיר, טאָם ? זאָג, וואָס מיינסטו ?

— נעכטען ביי נאַכט האָב איך געזעהען, אַז דער מאַסטער איז ניט געווען גוט צו ז י ך ז ע ל ב ס ט.

טאָם האָט דאָס געזאָגט מיט דעם רוקען צו זיין מאַסטער און מיט

דער האַנד אויפ'ן הענטעל פון טהיר אויף אַרויסצוגעהן. סיינט קלער איז רויט געוואָרען, ער האָט אָבער געלאַכט.

— דאָס איז אַלעס ! האָט ער פריילעך געזאָגט.

— אַלעס ! האָט טאָם געענטפערט און איז פּלוצלונג געפאַלען אויף די קניע. אָה, מיין טהייערער יונגער מייסטער ! איך האָב מורא אַז אַלעס וועט געהן פערלאָהרען, אַלעס — די נשמה און דער גוף. דער הייליגער בוך זאָגט : עס בייסט ווי אַ שלאַנג און שטעכט ווי אַ שפּין ! מיין טהייערער מאַסטער.

טאָם'ס שטימע איז פערשטיקט געוואָרען און טרעהרען זיינען גערונען איבער זיינע באַקען.

— דו אָרימער, איינפאַכער נאַר ! האָט סיינט קלער געזאָגט זעהר בעוועגט. שטעה אויף. דו דאַרפסט וועגען מיר ניט וויינען. געה, געה, וועסט מיר מעהר ניט זעהען אין אַזאַ צושטאַנד.

טאָם איז אַרויסגעגאַנגען אַ גליקליכער.

— איך וועל האַלטען מיין וואָרט, האָט סיינט קלער צו זיך געזאָגט ווען טאָם איז אַרויסגעגאַנגען. און ער האָט געהאַלטען וואָרט.

יעצט וועלען מיר זעהען ווי מיסס אָפעליא האָט געפיהרט איהרע ווירטהשאַפט אין דער סאַוטה.

עס גיעבט אַ גרויסער אונטערשיעד צווישען די דיענער אין דער סאַוטה. עס הענגט אָפּ פון דער ווירטהין פון הויז ווי די דיענער צו ערציעהען. אַ גוטע ווירטהין האָט אַ גוטע סיסטעמע ווי צו פערטהיי־לען די אַרבייט צווישען די דיענער, אַז אויף איינעם זאָל ניט פאַלען צופיעל און אויף איינעם צו ווייניג.

אַזאַ ווירטהין איז געווען מיסס אָפעליא. פון דעם ערשטען טאָג וואָס זי איז געקומען איז זי אויפגעשטאַנען פיער אַ זייגער פאַרטאָג און האָט ריין געמאַכט איהר אייגענעם צימער. דאָס איז געווען איין איבעררראשונג פאַר די צימער־מיידלעך פון הויז. דאָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרען, אַז אַ ווייסע דאַמע זאָל אַליין ריינמאַכען איהר צי־מער. דער תירוץ איז געווען, אַז די דאַמע איז פון נאָרד. ווען זי איז פאַרטיג געוואָרען מיט איהר צימער, האָט זי זיך גענומען צו די דיענסטען אום זיי צו וויזען וואָס צו טהאָן.

די שווערסטע הלכה האָט זי געהאַט מיט דינאַה'ן, די הויפּט־קע־

כין. זי איז געװען די רעגעלע קעניגין איבער דער גאַנצער קיכע און קײנער האָט איהר ניט געזאָגט קײן דעות. זי איז שױן געװען אַ קעכין בײ מיסעס סײנט קלער'ס מוטער און דאַן איז זי געקומען אַהער מיט דער יונגער מיסעס.

װען מיסס אָפעליאַ איז אַרײנגעקומען אין דער גרױסער שעהנער קיך האָט זיך דינאַה ניט אױפגעהױבען און האָט זיך רוהיג גערױכט איהר ליולקע; זי האָט נאָר געקוקט װאָס מיכס אָפעליאַ װעט טהאָן. דיעזע האָט ניט געפרעגט און האָט אָנגעפאַנגען אױפצומאַכען די שופלאָ־דענס און זעהען װאָס דאָרטען איז.

— זײ זײנען גוט פאַר אַלעס, מיסעס, האָט דינאַה געענט־פערט. און אַזױ האָט עס געשײנט, דען צװױשען פערשיעדענע זאַכען האָט אָפעליאַ געפונען אַ דאַמאַסקענעם טישטוך מיט בלוט־פלעקען, װעלכע האָבען געמוזט קומען פון רױהע פלײש.

— װאָס איז דאָס, דינאַה, דו װיקעלסט אײן פלײש אין דײן מיסעס בעסטען טישטוך?

— אָה גאָט, מיסיס, איך האָב ניט געפונען קײן האַנדטוך האָב איך גענומען דאָס. איך האָב עס דאָ אַרײנגעלײגט צום װאַשען.

— װאָס פאַר אַ אָרדנונג! האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט אַרױס־שלעפענדיג אַנאַנדער שופלאַד. דאָ האָט זי געפונען: אַ ניס ריב אײזענדעל און צװײ אָדער דרײ מוסקאַט ניסלעך, אַ קירכען געזאַנג־בוך, אַ פּאָאָר שמוציגע נאָז־טיכלעך, אביסעל װאָל און שפּיזלעך, אַ פּעקעל טאַבאַק און אַ ליולקע, אַ פּאָאָר סוכאַריקעס, אַ פּאָאָר גע־גילטע שאַלען מיט אביסעל פּאָמאַדע אין זײ, אַ פּאָאָר דינע אַלטע שיך, אַ פלאַנעלענעם זעקעל מיט עטליכע װײסע ציבעלעס אין איהם, עטליכע דאַמאַסקענע סערװױעטקעס, עטליכע גראָבע האַנדטיכער, אביסעל באַװעל און שטריק־נאָדלען און דאַן טרוקענע גראָז אײנגעװי־קעלט אין פּאַפּיער.

— װאו האלסטו דײנע מוסקאַט ניסלעך, דינאַה? האָט מיסס אָפעליאַ געפרעגט, אײנהאַלטענדיג איהר אונגערולד.

— כמעט איבעראַל, מיסעס, דאָרטען ליגען עטליכע אין דער געשפּאַלטענער שאָל; דאָרטען ליגען עטליכע אױף דער פּאָליצע.

— דאָ ליעגען עטליכע אױף דער סקאָװערדע, האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט צײגענדיג אױף זײ.

— אָה, גאָטעניו, יעס, איך האָב זיי דאָרטען היינט אין דער פריה אוועקגעלייגט, האָט דינאַה געענטפערט.

— וואָס איז דאָס ? האָט מיסס אָפעליא געפרעגט, אויפהייבענדיג אַ שאָל מיט פּאָמאַדע.

— אָך גאָט, דאָס איז פּ ע ט ס צו מיינע האָאר. איך האָב עס דאָרטען אוועקגעשטעלט, איך זאָל עס האָבען צו דער האַנד.

— און דערצו נעהמסטו דער מיסעס בעסטע שאָל !

— אָך גאָט, דאָס איז ווייל איך האָב זיך זעהר געאיילט. איך וועל עס נאָך היינט אויסליידיגען.

— אָט דאָ זיינען אַ פּאָאָר דאַמאַסקענע טיש סערוויעטקעס.

— די סערוויעטקעס האָב איך אַהין אריינגעלייגט, אַז זיי זאָלען אַמאָל אויסגעוואַשען ווערען.

— הער זיך צו דינאַה, איך וועל דורכגעהן די גאַנצע קיכע און וועל מאַכען אָרדנונג א י י ן מאָל און איך ערוואַרטע אַז דו וועסט ווייטער אַליין האַלטען אַלעס אין אָרדנונג.

— אָה גאָט, מיסעס. דאָס דאַרפען דאַמען ניט טהאָן. איך האָב קיין מאָל ניט געזעהען אַז מיין אַלטע מיסעס און די יונגע זאָלען דאָס טהאָן, האָט דינאַה אונצופריעדען געמורמעלט ווען זי האָט געזעהען ווי מיסס אָפעליא האָט געשלעפּט זאַכען און האָט זיי סאָרטירט יעדערע בעזונדער, און אַזוי שנעל, דאָס אַלעס האָט ביי איהר געברענט אונטער די הענד. דינאַה האָט זי ניט ווילענדיג בעוואונדערט.

— אויב דאָס זיינען די דאַמען פון נאָרד, זיינען זיי גאָר ניט קיין דאַמען, האָט דינאַה געזאָגט, ווען מיסס אָפעליא האָט שוין ניט געהערט.

אייניגע טעג האָט מיסס אָפעליא געפּרופט צו ברענגען אָרדנונג אין הויז אָבער זי האָט גאָרניט געקענט מאַכען, ווייל די דיענער האָבען איהר ניט געהאָלפען. אין פערצווייפלונג האָט זי איין מאָל געזאָגט צו סיינט קלער.

— עס איז אונמעגליך אריינצוברענגען אַ סיסטעמע אין דיין הויז.

— געוויס איז דאָ קיין סיסטעמע ניטאָ, האָט סיינט קלער געזאָגט.



דינאה זיצט אין קיך און רויכערט א ליולקע.

— אזא מיש־מאש, אזא אונאָרדנונג האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געזעהען.

— איך גלויב אויך אזוי.

— דו וואָלסט ניט גערעדט דערפון אזוי קאַלט, ווען דו וואָלסט געפיהרט א הויז.

— מיין טהייערע קוזינע, דו מוזט איין מאָל פאר אַלע מאָל פערשטעהן דאָס מיר מאסטערס זיינען צוטהיילט אין צוויי קלאסען — אין אונטערדריקער און אונטערדריקטע. מיר, וואָס זיינען גוטהארציג און האסען שטרענגקייט, זיינען צופריעדען צו פערטראָגען פיעל אונבעקוועמליכקייטען, און דערפאר מוזען מיר טראָגען די פאָלגען דערפון. איך האָב געזעהען פעללע, זיי זיינען אפילו זעלטען, דאָס מענשען האָבען א געוויסען טאקט צו פיהרען א סיסטעמע פון אָרדנונג אָהן שטרענגע מיטלען, און איך בין ניט איינער פון זיי. דערפאר האָב איך זיך שוין לאַנג בעשלאָסען צו לאָזען די זאכען געהן ווי זיי געהען. איך וויל די אָרימע טייוועלס ניט קאטעווען און זיי שניידען אין שטיקער ; און זיי ווייסען דאָס. נאַטירליך, טהוען זיי וואָס זיי ווילען.

אָבער עס זאָל ניט זיין קיין צייט, קיין פּלאַץ, קיין אָרדנונג ; אַלעס זאָל געהן אין אזא ווילדען וועג !

— מיין טהייערע קוזינע פון ווערמאָנט. איהר געבאָרענע אין נאָרד שטעלט א גרויסען פרייז אויף די צייט ! וואָס פאר א נוצען האָט די צייט פאר א מענשען, וועלכער האָט זי צוויי מאָל אזוי פיעל ווי ער דאַרף ? וואָס אנבעטרעפט די סיסטעמע און די אָרדנונג, וואו מען האָט מעהר ניט צו טהאָן ווי זיך אויסצוציהען אויף א זאָפא און לעזען, איז וואָס קען עס אויסמאכען אויב מען עסט פריהשטיק אָדער ווארמעס א שטונדע פריהער אָדער שפּעטער ? יעצט בעטראכט די־נאה׳ן. זי קען מאכען א פּראַכטפאָלען מאָהלצייט פון די טהייערסטע מאכלים, אז דער קייזער קען דאָס עסען. און דערפאר מוז איך דענקען, אז זי פיהרט די קיך אויפ׳ן פיינסטען אָרט. אָבער גאָט זאָל שומר און מציל זיין, ווען מיר זאָלען געהן אין קיך און זאָלען זעהען, ווי מען רויכערט דאָרטען די ליולקעס און ווי דאָס עסען ווערט געמאכט.

— איך וואָלט קיין מאָל ניט געגעסען ! מיין גוטע קוזינע, לאָז עס בעסער געהן. עס איז ניט מעהר ווי א קאטהאָלישע שטראָף און עס

טהוט קיין טובה ניט. דו וועסט זיך נאָר קרענקען אומזיסט און וועסט דינאה'ן אין גאנצען צוטומלען. זאָל זי געהן איהר וועג.

— אָבער, אוגוסטין, דו ווייסט ניט וואָס איך האָב דאָרטען געפונען.

— אזוי ? איך ווייס ניט ? ווייס איך ניט אז די קאטשעלקע ליגט אונטער איהר בעט, און דער קליינער ריב אייזען אין איהר קעשענע צוזאמען מיט איהר טאבאק ; דאָס עס זיינען דאָ פינף און זעכציג צוקער פושקעס, יעדערע אין אַנאַנדער לאָך פון הויז, — דאָס זי וואשט די געפעס מיט אַ סערוויעטקע איין טאָג און מיט אַ שמאטע פון אַ קלייד דעם צווייטען ? אָבער דער עיקר איז, דאָס זי מאכט אַ גרויכארטיגען ווארמעס און אַ גוטע טאסע קאפע. און דו מוזט זי אורטהיילען, אזוי ווי בעלי מלחמות און דיפּלאָמאטען ווערען געאורטהיילט לויט זייער ערפאָלג.

— אָבער די הצאות, די פערשווענדונג !

— פערשלים אלעס וואָס דו קענסט און האלט דעם שליסעל אין קעשענע. טהייל אוים שטיקלעכווייז און פערלאנג ניט קיין חשבון. דאָס איז נאָך ערגער.

— וואָס מיך בעאונרוהיגט איבערהויפּט איז, וואָס איך דענק אז זיי זיינען ניט עהרליך. קען מען זיך אויף זיי פערלאָזען, אוגוסטין

אוגוסטין האָט זעהר געלאכט איבער אָפעליאַס ערנסטע געזיכט וואָס זי האָט געמאכט בשעת זי האָט איהם דאָס געפרעגט.

— אָה, קוזינע, דאָס איז שוין ווירקליך גרויסארטיג, — ע ה ר ל י ך ! אזוי ווי מען וואָלט עס פון זיי ערוואַרטעט. עהרליך ! — געוויס זיינען זיי ניט עהרליך. און פאר וואָס זאָלען זיי עס זיין ? וואָס איז דאָס איבערהויפּט וואָס זאָל זיי מאכען עהרליך ?

— פאר וואָס לערנסטו זיי ניט ?

— זיי לערנען ! אָה, הייליגער שמיציק ! ווי דענקסטו זאָל איך זיי לערנען ? א י ך פאס טאָקע דערצו ! וואָס איז שייך צו מעריז'ן האָט זי גענוג קוראזש אויכצוהרג'ענען די גאנצע פּלאנטאציע ווען איך וואָלט זי לאָזען פיהרען, אָבער די שווארצע וואָלט זי דאָך ניט מאכען בעסער.

— איז דען צווישען זיי קיין עהרליכער ניטאָ ?

— וועל, עס טרעפט אַ מאָל איינער, וועלכער איז בעגאַבט פון דער נאַטור מיט אַ שטאַרקען און עהרליכען כאַראַקטער, צו וועלכען די שלעכטע מידות פון אַנדערע האָבען קיין שליטה ניט. אָבער, דו מוזט ווייסען אַז פון דער מוטער'ס ברוסט אָן איז דער נעגער געצוואונגען צו זוכען אומוועגען. אָפּצונאַרען און זיך אונטערצושמייכלען ווערט ביי איהם די צווייטע נאַטור. מען קען פון איהם אַלזאָ קיין אַנדערע זאַך ניט ערוואַרטען. דערפאַר דאַרף מאַן איהם ניט שטראָפען. וואָס אַנבעטרעפט עהרליכקייט, איז דער שקלאַוו געהאַלטען אין אַזאַ אונטעריאָכטען און קינדישען צושטאַנד, דאָס ער קען גאָרניט בעגרייפען, אַז די זאַכען וואָס ער קען קריעגען זיינען ניט זיינע. איך זעלבסט זעה ניט ווי אַזוי מען קען מאַכען אַז ער זאָל זיין עהרליך. אַזאַ מאַן ווי טאָם איז אַ מאָראַלישער וואונדער.

— און וואָס וועט זיין מיט זייערע נשמות ? האָט מיסס אָפעליאַ געפרעגט.

— דאָס איז ניט מיין זאַך, האָט סיינט קלער געענטפערט. איך רעד פון דעם יעצטיגען לעבען. אַזוי פיעל ווייס איך, אַז אויף דיעזער וועלט זיינען די שקלאַווען איבערגעגעבען צום טייוועל צוליעב אונזער נוצען, און וואָס דאַן וועט זיין, ווייס איך ניט.

— דאָס איז שרעקליך ! האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט. דו דאַרפסט זיך שעהמען !

— איך ווייס ניט פאַר וואָס, האָט סיינט קלער געזאָגט, קוק אויף די גרויסע און די קליינע מענשען פון דער וועלט, וועסטו זעהן דיזעלבע געשיכטע. די גרויסע דערקוועטשען די קליינע. אַזוי איז עס אין ענגלאַנד, אַזוי איז עס איבעראַל. און דאָך מאַכט דאָס קריסטענטהום געוואַלדען וואָס מיר טהוען דיזעלבע זאַך נאָר אויף אַנאַנדער אָרט.

— אין ווערמאָנט איז ניט אַזוי.

— וועל, אין ניו־ענגלאַנד און אין די פרייע שטאַאַטען זייט איהר בעסער אָפּ ווי מיר. — אהא, מען קלינגט צום מיטאָג־עסען. לאָמיר אַוועקלעגען אונזער אונטערהאַלטונג אויף אַנאַנדער מאָל און לאָמיר געהן עסען.

ווען מיסס אָפעליאַ איז נאָכמיטאָג געווען אין דער קיך איז אַ ייננגעקומען אַ חוּבֶה, דאַרע נעגערקע מיט אַ קאָרב זעמעל אויפ'ן קאָפּ.

— אח, פרוע, ביזט געקומען ? האָט דינאה געזאָגט.
פרוע האָט געבורטשעט און האָט זיך געזעצט.
— אָח, גאָט, הלוואי וואָלט איך געווען טויט !
— פאר וואָס וואָלסטו שטארבען ? האָט מיסס אָפעליא גע־פרעגט.
— וואָלטען זיך געענדיגט מיינע יסורים, האָט די פרוי געענט־פערט מיט א שווערער שטימע קוקענדיג אויף דער ערד.
— צו וואָס דארפסטו זיך אָנ'שכור'ן און דאן בעטען אויף זיך דעם טויט ? האָט א מולאטקע, א צימערמיידעל מיט קארעלענע אוי־רינגלעך, געזאָגט.
— די פרוי האָט אויף איהר געקוקט מיט א בייזען בליק.
— דו וועסט נאָך אויך א מאָל קומען דערצו. דאן וואָלט איך דיך געוואָלט זעהען. דו וואָלסט אויך געוואָלט טרינקען א גלעזעל בראנפען צו פערגעסען דיינע צרות.
— ווייז מיר נאָר דיינע זעמעל, פרוע, האָט דינאה געזאָגט. די מיסעס וועט פאר זיי בעצאָהלען. מיסס אָפעליא האָט גענומען א פאָאר דוטצענד.
— דאָרטען אין יענעם צושפאלטענעם קריעגעל ליגען עטליכע טיקעטס, האָט דינאה געזאָגט. קריך ארויף, דזשייק, און נעהם זיי אראָפּ.
— צו וואָס דארפסטו טיקעטס ? האָט מיסס אָפעליא געפרעגט.
— מיר קויפען טיקעטס פון איהר מאסטער און זי גיט אונז זע־מעל פאר זיי.
— ווען איך קום אהיים ציילט מען מיינע טיקעטס און די געלד און ווען עס פעהלט עפּעס שלאָגען זיי מיך האלב טויט.
— א מצוה אויף דיר, האָט דזשיינע די צימער־מיידעל געזאָגט. נעהם ניט זייער געלד צום טרינקען. דאָס טהוט זי, מיסיס.
— און דאָס וועל איך טהאָן. איך קען אנדערס ניט לעבען. איך מוז פערטרינקען מיינע צרות.
— דו ביזט זעהר זינדיג און זעהר נאריש. צו גנב'נען דעם מאס־טערס געלד און מאכען זיך דערמיט פאר א חיה, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט.
— עס איז אמת, מיסיס, אָבער איך וועל דאָס טהאָן. אָח



פרוע מיט די זעמעל.

גאָט ! נעהם מיך שוין צו ! וועל איך פּטור ווערן פון מיינע צרות. און שטייף און לאַנגזאַם איז די אַלטע אויפגעשטאַנען און האָט ארויס־גענומען דעם קאָרב אויפ׳ן קאָפּ. אָבער בעפאָר זי איז ארויסגעגאַנגען האָט זי אַ קוק געטהאָן אויף די מולאַטקע, וועלכע איז געשטאַנען און האָט זיך געשפּיעלט מיט איהרע אוירינגלעך.

— דו מיינסט, אַז דו שיינסט אין דיינע צאַצקעס, און דו מיינסט, אַז דו ביזט שוין אַ פּרינצעסין, אָבער וואַרט נאָך. דו וועסט נאָך קומען צו מיין שטאַנד. איך האָף צו גאָט, אַז דו וועסט קומען דערצו. דאַן וועסטו וויסען וואָס עס הייסט טרינקען. און דו וועסט טרינקען ביז די נשמה וועט דיר ארויס ! און מיט אַ געשריי איז זי ארויס פון הויז.

— אַ העסליכע אַלטע בעסטיע, האָט אַדאָלף געזאָגט, וועלכער איז אריינגעקומען נאָך ראַזיר־וואַסער פאַר׳ן מאַכטער. ווען איך וואָלט געווען איהר מאַסטער וואָלט איך זי צושניטען אויף שטיקער.

— דו וואָלסט עס ניט געקענט טהאָן, האָט דינאַה געזאָגט, איהר רוקען איז אין גאַנצען צושונדען ; מען קען איבער איהם קיין קלייד ניט אריבערציעהען.

— איך דענק, אַז אַזעלכע נידריגע נפשות האָט מען ניט גע־דאַרפט שיקען צווישען פיינע פאַמיליעס, האָט מיסס דזשיינע גע־זאָגט. וואָס דענקט איהר, מר. סיינט קלער ? האָט זי געזאָגט מיט אַ קאָקעטישען בליק אויף אַדאָלף׳ן.

מען מוז דאָ בעמערקען, דאָס צווישען אַלע זאַכען פון זיין מאַס־טער, וועלכע אַדאָלף האָט גערעכענט פאַר זיינע, האָט ער נאָך צו־גערעכענט דעם מאַסטערס נאָמען און די אדרעס אויך. ווען ער פלעגט געהן צווישען די שוואַרצע אין ניו־אָרליענס, פלעגט ער שפּיעלען די ראָלע פון סיינט קלער מיט אַלע מעלות.

— איך בין געווים מיט אייער מיינונג, מיסס בענאָיר, האָט אַדאָלף געזאָגט.

בענאָיר איז געווען דער פאַמיליען נאָמען פון מיסעס מערי סיינט קלער׳ס פאָטער, און דזשיינע איז געווען מערי׳ס דיענסט.

— מיסס בענאָיר, דאַרף איך אייך פרעגען, אויב איהר וועט

געהן היינט אויפ'ן באל אין דיעזע טהייערע אוירינגלעך? זיי זיינען צוּיבערהאַפט.

— מיך וואונדערט, מר. סיינט קלער, ווי ווייט די אונפּער־שעהמטקייט פון אייך מענער קען געהן! זאָגענדיג דאָס האָט דזשיינע געגעבען א וואַרף צוריק איהר שעהנעם קאָפּ און דערמיט געלאָזען בע־סער זעהען איהרע אוירינגלעך. איך וועל מיט אייך ניט טאַנצען דעם גאַנצען אבענד, ווען איהר וועט מיך נאָך מעהר פרעגען.

— אָה, איהר וועט ניט זיין אזוי גרויזאַם! איך האָב אייך נאָר געוואָלט פרעגען צו איהר וועט טראָגען אייער ראָזעווען מאַנטעל? האָט אדאָלף געזאָגט.

— וואָס איז דאָרטען? האָט געזאָגט ראָזא, א שעהנע, לעבע־דיגע קליינע מולאטקע, וועלכע איז יעצט אראָפּגעקומען.

— מר. סיינט קלער איז אזוי אונפערשעהמט.

— ביי מיינער עהרע, האָט אדאָלף געזאָגט, איך וועל דאָס לאָזען צו מיסס ראָזא.

— איך ווייס, אז ער איז אלע מאָל אזא שלעכטער מענש, האָט ראָזא געזאָגט קוקענדיג אויף אדאָלף'ן מיט א גנב'ישען שמייכעל. ער רייצט זיך אלע מאָל מיט מיר.

— אָה, מיינע דאמען, איהרביידע וועט געוויס צוברע־כען מיין הארץ, האָט אדאָלף געזאָגט. מען וועט מיך אין א שעה־נעם פריה מאָרגען געפינען טויט אין בעט, און עס וועט זיין אייער שולד.

— הער וואָס דער שרעקליכער בחור זאָגט! האָבען ביידע דא־מען געזאָגט מיט א גרויסען געלעכטער.

— שארט זיך ארויס פון דאנען! איך וויל ניט, אז איהר זאָלט מאכען אייערע הינטישע שטיק ביי מיר אין קיך, האָט דינאה געזאָגט.

— טאַנטע דינאה איז בייז ווייל זי קען ניט געהן אויפ'ן באל, האָט ראָזא געזאָגט.

— איך דארף ניט האָבען אייער מולאטכקען באל, האָט דינאה געזאָגט. קרימען זיך נאָך און מיינען, אז זיי זיינען ווייסע. נאָך אלעמען זייט איהר דאָך נעגערס גלייך מיט מיר.

— טאַנטע דינאַה שמירט אַלע טאָג איהרע וואָל פון קאָפּ מיט פעט כדי זיי זאָלען ליגען גלאַט, נים געקרייזעלט ווי ביי נעגערס, האָט דזשיינע געזאָגט.

— און נאָך אַלעמען װעלען זיי דאָך בלייבען וואָל, האָט ראָזא שטעכענדיג געזאָגט און האָט דערביי געלאָזען פאַלען איהרע לאַנגע זיידענע לאָקען.

— פון דעסטוועגען וואָלט איך װעלען הערען וואָס די מיסיס וועט זאָגען, צו זיינען צוויי אַזעלכע ווי איהר מעהר װערטה ווי איך איינע.

— ארוים פון דאַנען פּאַסקודסטוועס, איך דאַרף אייך דאָ ניט !

דאָ איז די אונטערהאַלטונג אונטערבראָכען געוואָרען פון צוויי זייטען. סיינט קלער האָט געפרעגט וואו אַדאָלף איז געבליבען מיט די וואסער פאַר׳ן ראַזירען, און מיסס אָפעליא האָט געפרעגט פון אַנ־דערן צימער וואו ראָזא און דזשיינע זיינען.

טאָם איז געװען אין דער קיך װען די אַלטע פּרוע האָט געבראַכט די זעמעל און האָט בייגעוואָהנט דעם גאַנצען געשפּרעך. װען זי איז ארויסגעגאַנגען איז ער איהר נאָכגעגאַנגען. װען זי האָט זיך געשטעלט אָפּרוהען איז ער צו איהר צוגעגאַנגען. ער האָט זי געפרעגט אויב זי וויל אַז ער זאָל טראָגען פאַר איהר דעם קאָרב, אָבער זי האָט נים געוואָלט. ער האָט זי געבעטען אַז זי זאָל איהם דערציילען די אורזאַך פון איהר שיכור׳ן און זי האָט איהם דערציילט אַ הערצרייסענדע גע־שיכטע, וועלכע האָט אויף איהם געמאַכט אַ טרויריגען איינדרוק. צור־ריקגעהענדיג האָט ער געטראָפען עוואַ׳ן, וועלכע איז געווען זעהר פריילעך.

— אָה, טאָם, דו ביזט דאָ. איך בין צופריעדען װאָס איך האָב דיך געפונען. דער פּאַפּאַ האָט געזאָגט אַז דו זאָלסט איינשפּאַנען די קליינע פערדלעך אין מיין נייען װעגעל, האָט זי געזאָגט אָננעהמענדיג זיין האַנד. אָבער װאָס איז מיט דיר, טאָם, דו זעהסט אויס אַזוי טרויעריג ?

— די האַרץ איז מיר פערקלעמט, האָט טאָם געזאָגט, אָבער איך װעל ארויספיהרען פאַר אייך די פערד.

— אָבער וואָס איז געשעהען, טאָם ? איך האָב דיך געזעהען ריי־דענדיג מיט דער אַלטער פּרוע.

טאָם האָט אין עטליכע ווערטער דערציילט עווא'ן די געשיכטע פון די אַלטע פרוע, וואָס ער האָט פון איהר געהערט.

די אַלטע פרוע איז פון קענטאַקי, דאָרטען איז זי געווען ביי א מאַסטער, וועלכער האָט געהאַדעוועט קליינע נעגערלעך צום פערקויפען. צולעצט האָט ער זי אויך פערקויפט מיט איהר זייג־קינד. דאָס קינד איז געווען שעהן און ליעבליך און דער מאַסטער האָט איהר ניט פערוועהרט צו האַלטען דאָס קינד נעבען זיך. און זי איז געווען גליקליך. איין טאָג איז די מיסעס קראַנק געוואָרען און מען האָט זי גענומען אז זי זאָל אויף איהר אויפפּאַסען. דעם זויג־קינד האָט זי געהאַט מיט זיך. באַלד האָט זי בעקומען פיעבער און האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו זייגען דאָס קינד. זי האָט געבעטען די מיסעס אז מען זאָל געבען מילך פאַר'ן קינד און די מיסעס האָט דאָס ניט געוואָלט טהאָן. דאָס קינד איז באַלד אַפּגעצעהרט געוואָרען און פלעגט שרעקליך שרייען, דאן האָט איהר די מיסעס געהייסען צונעהמען דאָס קינד פון שטוב. זי האָט עס געמוזט אוועקלייגען אין א שפּייכלער. די קולות פון דעם קינד האָבען זיך געהערט פון שפּייכלער אויך. ענדליך האָט זי געפונען איהר קינד א טויטען. דערויף האָט זי זיך גענומען צום טרינקען, צו פערטרינקען די קולות פון איהר קינד, וועלכע קלינגען שטענדיג אין איהרע אויערן.

ווען טאָם האָט געענדיגט, האָט עווא ניט געשריען אָדער געוויינט, ווי אַנדערע קינדער טהוען. איהרע באַקען זיינען געווען בלייך און א טיעפער שאָטען איז אריבער איבער איהרע אויגען. זי האָט נאָר געזיפצט.

---

## ניינצעהנטער קאַפּיטעל.

## מיסס אָפעליא'ס וויטערע מיינונגען.

טאָם, דאַרפסט ניט ארויספיהרען די פערד, איך וועל ניט פאָהרען, האָט עווא געזאָגט.

— פאַר וואָס ניט, מיסס עווא?

— איך האָב גרויסע שמערצען פון דעם וואָס דו האָסט מיר דער־ציילט, האָט זי געענטפערט, און איז טרויריג ארויסגעגאנגען.

עטליכע טעג שפּעטער איז אויף פרוע'ס פּלאַץ אַנאַנדערע פרוי געקומען מיט די זעמעל. מיסס אָפעליא איז געווען אין דער קיך.

— וואָס איז געשעהען מיט פרוע? האָט דינאה געפרעגט.

— פרוע וועט שוין מעהר ניט קומען, האָט די פרוי געזאָגט בסוד.

— פאַר וואָס ניט? האָט דינאה געפרעגט, איז זי טויט?

— מיר ווייסען ניט אַקוראַט; זי איז אונטען אין קעלער, האָט די פרוי געזאָגט קוקענדיג אויף מיסס אָפעליא.

ווען מיסס אָפעליא האָט צוגענומען די זעמעל איז דינאה נאָכ־געגאַנגען די פרוי ביז דער טהיר.

— וואָס איז דאָך די מעשה מיט פרוע? האָט זי געפרעגט.

— ווען, דו דאַרפסט קיינעם ניט דערציילען. פרוע איז ווייטער געקומען שכור. זיי האָבען זי אַראָפּגעשלעפּט אין קעלער און דאָרטען האָבען זיי זי געהאַלטען אַ גאַנצען טאָג, און זיי זאָגען, אַז די פליגען זיינען ארום איהר און זי איז טויט!

דינאה האָט אויפגעהויבען די הענד פאַר שרעק, און ווען זי האָט זיך אומגעדרעהט האָט זי דערזעהן עוואַ'ן בלייך ווי דער טויט.

— גאָט זאָל זיך ערבאַרעמען! מיסס עווא חלוש'ט! צו וואָס האָבען מיר איהר געלאָזט הערן אַזא געשיכטע. איהר פּאַפּאַ וועט זיין ווילד

— איך וועל ניט חלוש'ן, דינאה, און פאַר וואָס זאָל איך עס ניט הערן? איז עס דען ניט לייכטער פאַר מיר צו הערן ווי פאַר דער אָרימער פרוע צו ליידען.

— אַזעלכע געשיכטען זיינען ניט פאַר קליינע קינדער.

עווא האָט ווידער געזיפצט און איז טרויעריג און לאַנגזאַם ארויפגעגאַנגען די טרעפּ.

מיסס אָפעליא האָט זיך זעהר ערנסט נאָכגעפרעגט נאָך דער גע־שיכטע און פון טאָם'ען האָט זי ערפאַהרען אַלעס.

— אַ שרעקליכער עסק! גאַנץ איינפאַך שוידערליך! האָט זי

אויסגערופען ווען זי איז אריין אין סיינט קלער׳ס צימער, וואו ער איז געלעגען און האט געלעזען א ציטונג.

— וואס פאר א צרה האט שוין פאסירט ? האט ער געפרעגט.

— וואס הייסט ! דיעזע באנדע האט צו טויט געשמיסען די אָרי־מע פרוע !

— איך האב אלע מאל גערעכענט, אז עס וועט דערצו קומען, האט ער געזאגט קוקענדיג אין די ציטונג.

— דו האסט אזוי גערעכענט ! ווערסטו גאָרניט טהאָן אין דעם ? האט מיכם אפעליא געזאגט. האסטו ניט קיינעם, וועמ עס זאל נאכ־קוקען אזעלכע זאכען, און דאס ווייטער צו פערהינדערן ?

— עס איז אלגעמיין בעוואוסט, אז דא האנדעלט עס זיך וועגען אייגענטהום. ווען איינער וויל צושטערן זיין אייגענטהום, ווייס איך ניט ווער עס קען איהם פערהינדערן. ווי עס שיינט איז די אָרימע בע־שעפענים געווען א שכור׳טע און א גנב׳טע, ווייס איך ניט ווער עס וועט זיך פאר איהר אננעהמען.

דאס איז גאנץ איינפאך געמיין, — עס איז שרעקליך, אוגוסטין ! עס וועט זיכערליך אויף דיר ברענגען די שטראף פון גאט.

— מיין טהייערע קוזינע, איך האב עס ניט געטהאן, און איך קען אין דעם ניט העלפען. איך וואלט עס ניט געטהאן ווען איך וואלט עס אפילו געקענט. ווען נידריגע, מערדערישע מענשען האנדלען נאך זייער כאראקטער, וואס קען איך טהאן ? זיי האבען די פאלשטענ־דיגע מאכט, זיי זיינען אונפעראנטווארטליכע דעספאטען. דער אריינמישען זיך וועט גארניט נוצען. פאר אזא זאך איז גאר קיין געזעץ ניטא. די בעסטע זאך וואס מיר קענען טהאן איז צו פער־מאכען די אויגען, פערשטאפען די אויערן און לאזען די זאך געהן.

— ווי אזוי זאל מען פערמאכען די אויגען און די אויערן, און ווי אזוי קען מען אזא שרעקליכע זאך לאזען פאסירען און דאס רוהיג צוזעהען ?

— מיין טהייערער פריינד, וואס קענסטו ערווארטען ? דא האָ־בען מיר א גאנצע קלאסע ערנידריגטע פוילע און אונוויסענדע נפשות אין די הענד פון אזעלכע מענשען ווי די מאיאָריטעט פון דער מענש־הייט זיינען ; מענשען וואס בערעכענען ניט יענעם און קענען זיך

זעלבסט ניט בעהערשען, וועלכע פערשטעהען אפילו ניט זייערע איי־גענע אינטערעכען, — דען אזוי איז די גרעסטע העלפט פון דער מענש־הייט. וואָס קען אַלזאָ איין עהרליכער מענש מיט מענשליכע געפיהלען טהאָן מעהר אין אַ געזעלשאַפט, וועלכע איז אַזוי אָרגאַניזירט, ווי צומאַכען די אויגען און הארט מאַכען די הארץ? איך קען ניט קויפען יעדען אָרימען טייוועל. איך קען ניט ווערן קיין וואַנדערנדער ריטער און געהען נעהמען רעכענשאַפט פאַר יעדערן אונרעכט וואָס ווערט בע־גאַנגען אין אַזאַ שטאָדט ווי דיעזע. דאָס איינציגע וואָס איך קען טהאָן, איז זיך צו האַלטען פון ווייטען אין אַזעלכע זאַכען.

סיינט קלער׳ס פיינע געזיכט האָט זיך אַ ווײַלע פערדונקעלט. ער האָט אויסגעזעהען אונצופריעדען. פּלוצלונג אָבער האָט זיך אויף זיין פּנים בעוויעזען אַ שמייכעל און ער האָט געזאָגט:

— קום, קוזינע, וואָס שטעהסטו דאָרטען פעראומערט. דו האָסט געזעהען דורך אַ שפּעלטעל נאָר אַ האָאָר וואָס עס געהט פאָר אין דער וועלט אונטער פערשיעדענע פאָרמען. ווען מיר זאָלען קענען אויספאָרשען און זעהען אַלע טרויעריגע זאַכען, וואָס קומען פאָר צווי־שען די מענשען, וואָלטען מיר פערלאָרען אונזער מוטה צו אַלעס. עס איז גראַדע אַזוי ווי מען זאָל זיך צו פיעל צוקוקען צו יעדער זאַך, וואָס ווערט געטהאָן אין דינאַה׳ס קיך. און סיינט קלער האָט זיך צו־ריקגעלעהנט אויפ׳ן זאָפאַ און האָט גענומען די צייטונג אין האַנד.

מיסס אָפעליאַ האָט זיך אַנידערגעזעצט און האָט אַרויסגענומען איהר שטריק־אַרבייט און איז געזעסען זעהר פערצאָרנט. זי האָט אַ צייט לאַנג געשטריקט און געשוויגען, דאַן האָט זי וויעדער אָנגעפאַנגען:

— איך מוז דיר זאָגען, אוגוסטין, אַז איך קען ניט אַזוי לייכט ווי דו אַריבערטראָגען אַזעלכע זאַכען. עס איז זעהר מיאוס פון דיר צו פערטהיידיגען אַזאַ סיסטעמע. דאָס איז מיין מיינונג!

— וואָס איז שוין ווייטער? האָט סיינט קלער געזאָגט אויפ־הייבענדיג דעם קאָפּ. פאַנגסט שוין וויעדער אָן?

— איך זאָג, אַז עס איז זעהר מיאוס פון דיר צו פערטהיידיגען אַזאַ סיסטעמע! האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט מיט איהר היץ.

— א י ך פערטהיידיג די סיסטעמע! ווער האָט עס געזאָגט, אַז איך פערטהיידיג זי? האָט סיינט קלער געזאָגט.

— געוויס פערטהיידיגסט דו זי; איהר אַלע פון דער מאוטה. צו וואָס האַלט איהר שקלאַווען, ווען איהר טהוט עס ניט?

— ביזטו אזוי אונשולדיג, אז דו קענסט דענקען, דאָס קיינער אין דיעזער וועלט טהוט ניט א זאַך וואָס ער אַליין האַלט פאר אונ־רעכט? טהוסטו ניט אָדער האָסטו ניט עפּעס געטהאָן וואָס דו האָסט געהאַלטען פאר אונרעכט?

— אויב איך טהו עפּעס אונרעכט, האָב איך דערויף חרטה, האָט מיסס אָפעליא געענטפערט קלאַפּענדיג שטארק מיט די שפּיזלען.

— דאָס טהו איך אויך, האָט סיינט קלער געזאָגט אָפּשיילענדיג איין אַפּעלסין. איך האָב ככדר חרטה.

— צו וואָס־זשע טהוסטו עס אַלע מאָל ווידער?

— האָסטו קיין מאָל ניט געטהאָן קיין אונרעכטע זאַך, נאָכדעם ווי דו האָסט שוין אויף עטליכע זאכען חרטה געהאַט, מיין ליעבע קוזינע?

— יעס, אָבער נאָר ווען דער יצר הרע איז מיך גובר, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט.

— דאָס איז טאַקע אויך מיין צרה; מיין יצר הרע איז מיך אויך גובר.

— אָבער איך בעשליס וויינינגסטענס יעדען מאָל זיך אָפּצוהאַלטען פון טהאָן אונרעכט. האָט מיסס אָפעליא געזאָגט.

— וועל, פאר די לעצטע צעהן יאָהר האָב איך מעהר ניט געטהאָן ווי זיך צו בעשליכען און איך בעשליס זיך נאָך יעצט אויך, האָט סיינט קלער געזאָגט, און דערביי בלייבט עס. האָסטו שוין גאָר קיין זינד ניט, קוזינע?

— קוזין אוגוסטין, האָט מיסס אָפעליא ערנסט געזאָגט און האָט אוועקגעלייגט איהר ארבייט. איך דענק אז איך פערדיען דיין מוסר, דען אַלעס וואָס דו האָסט געזאָגט איז אמת. קיינער וויים עס ניט אזוי גוט ווי איך זעלבסט, דאָך נאָך אַלעמען, שיינט עס מיר, אז צווי־שען דיר און מיר איז דאָ א גרויסער אונטערשיעד. מיר שיינט, אז איך וואָלט זיך פריהער אָפּשניידען א האנד איידער איך זאָל טהאָן אַלע טאָג א זאַך וועלכע איך געפין אז זי איז ניט רעכט. דאָך שטימט מיין

פיהרונג אזוי ווייניג מיט מיין מיינונג, דאָס איך וואונדער זיך ניט וואָס דו מוסר'סט מיר.

— ליעבע קוזינע, האָט סיינט קלער געזאָגט זיך אנידערזעצענ־דיג אויף דער ערד און אנידערלייגענדיג זיין קאָפּ אויף איהר שויס, נעהם ניט אָן מיינע רייד אזוי ערנסט. דו ווייסט דאָך אז איך בין אַלע מאָל געוועזן א צולאָזענער יונג. איך וויל דיך אַלע מאָל אביסעל אויפרייצען, בלויז צו זעהן, ווי דו ווערסט ערנסט. איך ווייס אז דו ביזט א גוטע, זעהר גוטע, און עס קרענקט מיך זעהר וואָס איך רייץ דיך.

— דאָס איז זעהר אַן ערנסטע זאַך, מיין יונג, האָט מיכס אָפּע־ליא געזאָגט ארויפלייגענדיג איהר האַנד אויף זיין שטערן.

— יעצט, האָט סיינט קלער געזאָגט וועל איך ריידען ערנסט וועגען דער גאַנצער געשיכטע. וועגען דער שקלאַווען פראגע קען נאָר זיין איין מיינונג. פלאַנצער, וועלכע מאַכען געלד דערפון, — גייסט־ליכע, וועלכע ווילען זיך צושמייכלען צו די פלאַנצערס, — פּאָליטי־קער, וועלכע ווילען דורך דעם הערשען, — דרעהען און בייגען דעם צונג און די מאָראַל אזוי קונציג, דאָס עס איז צו שטוינען. זיי צווינגען די נאַטור, די ביבעל און אַלעס וואָס איהר ווילט, אז זיי זאָ־לען דיענען זייערע צוועקען. אָבער די וועלט גלויבט ניט א האָאָר פון דיעזע אַלע קונצען. דאָס קומט פון דעם טייוועל און נאָך מיין מיינונג, איז דאָס די שעהנסטע פּראָבע פון דעם טייוועל'ס ארבייט.

מיסס אָפעליא האָט אוועקגעלייגט איהר ארבייט און האָט איהם אָנגעקוקט מיט איבערראַשונג. סיינט קלער האָט פון איהר איבע ראַ־שונג געקוואָלען און ער האָט פאַרטגעזעצט.

— דו שיינסט זיך צו וואונדערן, אָבער איך וועל דיר דאָס גאַנ־ קאָם ערקלעהרען. וואָס איז דיעזער פערפלוכטער שקלאַווען עסק, וואָס איז פערשאָלטען פון גאָט און לייט? נעהם פון איהם אראָפּ די פער־ פוצונג און לאָז איהם שטעהן נאַקעט ווי ער איז, וועסטו זעהען די שקלאַווען פראגע אין איהר ריכטיגער געשטאַלט. זי בעשטעהט אין דעם, דאָס מיין ברודער קוואשי (דער נעגער) איז אונוויסענד און שוואַך, און איך בין געלערנט און שטארק; דאָס דערפאר וואָס איך ווייס און קען, מעג איך ביי איהם גנב'נען אַלעס וואָס ער האָט א ן

געבען איהם אַזוי פיעל ווי מיר געפעלט ; דאָס די זאַכען וואָס זיינען פאַר מיר שווער, שמוציג און אונאַנגענעם, גיעב איך צו ברודער קוואַשי ; ווייל די זונן ברענט מיך, זאָל דאַרטען קוואַשי שטעהן, ווייל איך האָב פיינט צו אַרבייטען, זאָל קוואַשי אַרבייטען, קוואַשי זאָל פערדיענען געלד און איך זאָל עס פערצעהרן ; קוואַשי זאָל ליעגען אין בלאָטע און איך זאָל קענען אַריבערגעהן מיט טרוקענע שיך ; קוואַשי זאָל טהאָן וואָס א י ך וויל און ניט וואָס ע ר וויל, אַזוי לאַנג ווי ער לעבט און דאַן קען ער זיך געהן אין גן עדן געזונטער־הייד. אָט דאָס איז דער אינהאַלט פון שקלאַווערײ. איך פאָדער אויף יע־דערן ער זאָל לעזען אונזערע געזעצע וועגען שקלאַווערײ און זאָל מיר זאָגען אויב ער קען דאָרטען אויסטייטשען עפּעס אַנדערס. מען רעדט וועגען דעם מ י ס ב ר ו י ך פון שקלאַפערײ ! וואָס פאַר א קאָמעדיע ! שקלאַווערײ ז ע ל ב ס ט איז דער גרונד פון יעדען מיסברויך ! און דער איינציגער גרונד פאַר וואָס דאָס לאַנד האָט ניט דורך דעם די מפלה פון סדום איז, ווייל עס ווערט געפיהרט פיעל בעסער, ווי די שטרענגע געזעצע ערלויבען. אויס מיטלייד, אויס שאַנדע און ווייל מיר זיינען מענשען געבוירען פון פרויען, ווייל מיר זיינען ניט קיין ווילדע חיות, נוצען מיר ניט אויס די פולע מאַכט וואָס אונזערע ווילדע געזעצע גיבען אונז אין די הענד. די יעניגע, וועלכע האַנדלען ווי ווילדע בעסטיעס געגען די שקלאַווען, נוצען נאָך אויך ניט אויס די גאַנצע קראַפט פון די געזעצע.

סיינט קלער איז געגאַנגען איבער'ן צימער הין און צוריק מיט שנעלע טריט, אַזוי ווי זיין געוואָהנהייט איז געווען, ווען ער איז געווען אויפגערעגט. זיין שעהנע געזיכט, האָט פּשוט געברענט מיט דער היץ פון זיין געפיהל. זיינע גרויסע בלויע אויגען האָבען גע־שפּריצט פייער און ער האָט געאַרבייט מיט די הענד פון גרויסער אויפרעגונג. מיסס אָפעליא, וועלכע האָט איהם נאָך קיינמאָל ניט געזעהען אין אַזאַ אויפגערעגטען צושטאַנד, איז געזעסען גאַנץ שטיל.

— איך זאָג דיר, האָט ער געזאָגט זיך פּלוצלונג אָפּשטעלענדיג פאַר זיין קוזינע, אַז עס האָט קיין צוועק ניט צו ריידען וועגען דעם, אָבער איך מוז דיר זאָגען, דאָס עס זיינען געווען צייטען, ווען איך האָב געטראַכט, דאָס ווען די גאַנצע לאַנד זאָל איינזינקען און וואָלט

בעהאַלטען פון דעם ליכטיגען שיין דיזע אַלע אונגערעכטיגקייטען און צרות, וואָלט איך גערן מיטגעזונגען. ווען איך האָב געדייזט אויף די שיפען הין און צוריק און האָב צוגעזעהען ווי דאָס געזעץ האָט ער־לויבט יעדען ברוטאַלען, עקעלהאַפטען, געמיינעם, גראָבען קערל צו זיין אַ פּאָלקאָמענער דעספּאָט איבער אַזוי פיעל מענער, פרויען און קינדער, וואו ער האָט געקענט רויבען, אויסשווינדלען און גנב'ענען געלד אום זיי צו קויפען, — ווען איך האָב אַלזאָ געזעהען אַזעלכע ברואים אַלס בעזיצערס פון הילפלאָזע קינדער, פון יונגע מיידלעך און פרויען, בין איך געווען בערייט צו פערפלוכען מיין לאַנד, און די גאַנ־צע מענשליכע ראַסע!

— אוגוסטין, אוגוסטין! האָט מיסס אָפעליא אויסגערופען. איך בין זיכער אַז דו האָסט שוין גענוג געזאָגט. איך האָב נאָך אין מיין לעבען אַזעלכעס ניט געהערט, אפילו ניט אין די נאָרד.

— אין די נאָרד! האָט סיינט קלער געזאָגט מיט אַ פּלעצליכע ענדערונג אין זיין אויסדרוק און אָנגעהמענדיג זיין געוויינליכען נאָב־לעסיגען טאָן; איהר לייטע פון די נאָרד זייט קאַלטבלוטיג אין יעדער זאַך. איהר קענט ניט אַזוי שנעל ארויף און אראָפּשטייגען אַ באַרג ווי מיר, ווען מיר דארפען דאָס טהאָן.

— גוט, אָבער די פראַגע איז, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט.

— אָה, געוויס, די פ ר אַ ג ע א י ז, —זי איז אַ טייוועלשע פראַגע! ווי אַזוי בין א י ך געקומען אין אַזא זינדיגען טרויריגען צושטאַנד? וועל, איך וועל ענטפערן מיט דיזעלבע גוטע אַלטע ווער־טער, מיט וועלכע דו פלעגסט מיך לערנען י ע ד ע ן זונטאָג. איך בין דערצו געקומען בירושה. מיינע דיענער זיינען געווען מיין פאָ־טער'ס, דאָס הייסט אייגענטליך, זיי זיינען געווען מיין מוטער'ס. יעצט זיינען זיי מיינע; זיי און די וואָס זיינען נאָך צוגעקומען. דאָס איז שוין אַ היבשער אינטערעס.

מיין פאַטער, ווי דו ווייסט איז צוערשט געקומען פון ניו־ענג־לאַנד און איז געווען גראַד אַזא מענש ווי דיין פאָטער, — אַן עכטער אַלטער רוימער — עהרליך, ענערגיש, עדעל און מיט איין אייזער־נעם ווילען. דיין פאָטער האָט זיך בעזעצט אין ניו־ענגלאַנד צו הער־שען איבער פעלזען און שטיינער און ארויסצוציהען זיין חיונה פון דער

נאַטור, און מיינער האָט זיך בעזעצט אין לואיזיאַנאַ צו הערשען אי־בער מענער און פרויען און ארויסצוציעהען זיין פרנסה פון זיי.

מיין מוטער, האָט סיינט קלער פאַרטגעזעצט אויפשטעהענדיג און צוגעהענדיג צו אַ בילד, וועלכער איז געהאַנגען אויף דער אַנדע־רער זייט צימער און קוקענדיג אויף איהם מיט אַ בליק פול פון פער־געטערונג, — זי איז געווען אַ הייליגע! קוק אויף מיר ניט אַזוי! דו ווייסט וואָס איך מיין! זי איז וואהרשיינליך נאָר געבאָרען געוואָרען אַלס מענש, דען אַזוי ווייט ווי איך האָב גע־קענט בעטראַכטען, האָט זי אין זיך ניט געהאַט קיין שפור פון מענש־ליכע שוואַכקייט אָדער פעהלערן, און יעדערער וואָס געדענקט זי, אַ שקלאַוו אָדער אַ פרייער מענש, דיענער, בעקאַנטער, פערוואַנדטער, — אַלע זאָגען דאָס זעלבע. איך זאָג דיר, ליעבע קוזינע, דיעזע מו־טער איז עס געווען, וועלכע איז געשטאַנען לאַנגע יאָהרען צווישען מיר און אפיקורסות. אָ, מוטער! אָ, מוטער! האָט סיינט קלער אויסגערופען קלאַמערענדיג זיך די הענד מיט התפעלות, און דאַן זיך פלוצלונג צוריקהאַלטענדיג איז ער צוריקגעגאַנגען און האָט זיך אַנידער־געזעצט אויפ'ן דיוואַן, און האָט פאַרטגעזעצט:

מיין ברודער און איך זיינען געווען אַ צווילינג; מען זאָגט, אַז קינדער פון אַ צווילינג זיינען זעהר עהנליך איינער צום אַנדערן. אָבער מיר זיינען געווען אין אַלע הינזיכטען גראַדע דער היפך איינער פון אַנדערן. ער האָט געהאַט שוואַרצע פייערדיגע אויגען, פעך־שוואַר־צע האָאָר, אַ שטאַרקען, פיינעם רוימישען פראָפיל און אַ רייכע ברוינע געזיכט פאַרב. איך האָב געהאַט בלאָע אויגען, גילדענע האָאָר, גריכישע געזיכטס־ציגע און אַ העלע געזיכטס פאַרב. ער איז געווען טהעטיג און אויפמערקזאַם, און איך טרוימעריש און אונ־טהעטיג. ער איז געווען גוטהערציג צו זיינע פריינד און צו מענשען פון זיין גלייכען, אָבער שטאָלץ און הערשעריש געגען נידריגערע פון זיך, און גאַנץ אונערבאַרמליך געגען די וואָס האָבען זיך געשטעלט געגען איהם. וואהרהייטס־לייט זיינען מיר ביידע געווען, ער פון שטאָלץ און מוטה און איך פון אידעאַליזם. מיר האָבען זיך איינער דעם אַנדערן געליעבט ווי אינגלעך ליעבען זיך געוויינליך. ער איז געווען מיין פאָטער'ס ליעבלינג און איך מיין מוטער'ס.

איך האָב געהאַט אַ מין קרענקליכען געפיהל איבער פערשיעדענע

זאכען וואָס מיין ברודער און מיין פאטער האָבען ניט פערשטאַנען און זיינען געווען גלייכגילטיג דערצו. מיין מוטער האָט עס אָבער פער־שטאַנען. ווען איך האָב זיך אַ מאָל געקריעגט מיט אַלפרעד'ן און דער פאָטער האָט אויף מיר געקוקט בייז פלעג איך אריינגעהן אין מיין מוטער'ס צימער און פלעג זיך נעבען איהר אַנידערזעצען. איך גע־דענק אַקוראַט ווי זי פלעגט אויף מיר קוקען, מיט איהרע בלייכע באַ־קען, מיט איהרע טיפע, ווייכע, ערנסטע אויגען, אַנגעטהאָן אין איהר ווייסען קלייד — זי האָט אַלע מאָל געטראָגען ווייסע קליידער זי האָט געהאַט אַ גרויסען זשעניע אין פערשיעדענע זאכען, איבער־הויפט אין מוזיק, און זי פלעגט זינגען מיט אַ שטימע מעהר ווי פון אַ מלאך אָלס ווי פון אַ שטערבליכער פרוי, און איך פלעג אַנידערלייגען מיין קאָפּ אויף איהר שויס און פלעג וויינען און טרוימען און פלעג פיהלען אַזוי, אָה, דאָס איך האָב גאָר קיין שפּראַך ניט דאָס ארויס־צוגעבען.

אין יענע צייטען האָט מען נאָך וועגען די שקלאַווערייַ אַזוי פיעל ניט דיסקוטירט ווי יעצט. קיינעם האָט זיך ניט גע'חלומ'ט, אַז זי איז שעדליך.

מיין פאָטער איז געווען אַ געבאָרענער אַריסטאָקראַט, איך דענק אַז גאָר פריהער איז ער געווען אין אַ העכערע געזעלשאַפט און האָט פון דאָרט געבראַכט זיין אַלטען קעניגליכען שטאָלץ מיט זיך, דען דאָס איז געווען ביי איהם איינגעוואַקסען אין די ביינער, כאָטש אַליין שטאַמט ער פון איין אָרימער און ניט קיין אַדעליגער פאַמיליע. מיין ברודער האָט זיך איינגעגעבען אין איהם.

דער אַריסטאָקראַט אין דער גאַנצער וועלט, מוזט דו וויסען, האָט ניט קיין סימפּאַטהיע פאַר מענשען, וועלכע שטעהען נידריגער פאַר איהם אין דער געזעלשאַפט. דאָס וואָס ער בעטראַכט פאַר אונ־רעכט, צרות און ליידען אין זיין קלאַס איז ער גאַנץ קאַלט ווען ער זעהט עס אין אַנאַנדער קלאַס. די שיידונגס ליניע צווישען דיעזע צוויי קלאַסען איז ביי מיין פאָטער געווען די הויט פאַרב. צווישען מענשען פון זיין גלייכען איז ניט געווען קיין מאַן, וועלכער זאָל זיין אַזוי אויפריכטיג און גוטהערציג, אָבער דעם נעגער פון אַלערליי הויט־קאָלירען (גאָר שוואַרצע, מולאַטען אַ. ז. וו.) האָט ער בעטראַכט אַלס אַ קיום צווישען מענש און חיה און ער

האָט געבילדעט זיין אידעע פון גערעכטיגקייט און גוטהערציגקייט צו זיי לויט די פערשיעדענע שטופען פון זייער קאַליר. איך רעכען, אז איך בין זיכער, דאָס ווען איינער וואָלט איהם אָפען און איינפאך געפרעגט, אויב נעגערס האָבען נשמות, וואָלט ער זיך געקוועטשט און געקוועטשט און וואָלט דאך געזאָגט יא. אָבער מיין פאָטער איז ניט געוועזען דער מאַן זיך צו פערנעהמען מיט גייסטיגע זאכען ; רע־ליגיעזע געפיהלען האָט ער ניט געהאַט אויסער דעם גלויבען אין גאָט, וועלכער איז ביי איהם געוועזען דער קאָפּ פון דער הויכער געזעלשאַפט.

מיין פאטער האָט געהאַט א פינף הונדערט נעגערס. ער איז געוועזען א שטרענגער, שטרעבזאמער, פינקטליכער געשעפטסמאַן. יעדע זאך האָט זיך ביי איהם געדארפט בעוועגען נאך א סיסטעמע און אַלעס האָט געדארפט אויסגעפיהרט ווערען אויפ׳ן האָאַר. יעצט, ווען דו וועכט בעטראַכטען, אז דאָס אַלעס האָט געדארפט אויסגעפיהרט ווערען דורך א כאַפּטע פוילע, פּלוידערנדע, אונפעהיגע נעגערס, וועלכע זיינען זייער גאַנצען לעבען געהאָדעוועט געוואָרען אין דער גרעסטער אונוויסענהייט און וועלכע האָבען ניט געהאַט די קלענסטע געלעגענהייט עפּעס צו לערנען אויסער זיך אויסדרעהען פון ארבייט, וועסטו זעהען, אז אויף מיין פאָטער׳ס פּלאַנטאַציע זיינען פאָרגעקו־מען פילע זאכען, וועלכע האָבען אויסגעזעהען שרעקליך און פיינ־ליך פאר אזא געפיהלפאָלען קינד ווי איך.

אויסער דעם האָט ער געהאַט איין אויפזעהער, — א גרויסען הויכען גראָבען קערל מיט א פּאָאַר שטארקע קולאַקעס, פון ווער־מאָנט, (דו וועסט מיר פערצייהען, — דיינער א לאַנדסמאַן), וועל־כער האָט דורכגעמאַכט די לעהרע פון הארטקייט און גרויזאמקייט און האָט בעקומען דעם דיפּלאָם אז ער מעג פּראַקטיצירען. מיין מו־טער האָט איהם קיין מאָל ניט געקענט ליידען און איך אויך ניט, אָבער ער האָט געהאַט דעם גאַנצען איינפלוס אויף מיין פאטער ; און דיע־זער מאַן איז געוועזען דער פאָלשטענדיגער הערשער איבער דער פּלאַנ־טאַציע.

איך בין דאמאלס געוועזען א קליינער איינגעל. אָבער איך האָב אויך דאמאלס געהאַט דיעזעלבע ליעבע פאר אלע מענשליכע בעשעפע־ניסען ווי היינט, דאָס איז א מין ליידענשאַפט צו שטודירען די מענש־הייט, גאַנץ גלייך אין וועלכער פאָרמע זי איז. מען פלעגט מיך גע־

פינען אין די קעבינס און צווישען די פעלד־ארבייטער; נאטירליך בין איך דארטען געווען א גרויסער ליעבלינג, און אלע פערשיעדענע קלאגען זיינען אריינגערוימט געווארען אין מיינע אויערן. איך פלעג עס איבערגעבען מיין מוטער און מיר ביידע צווישען זיך האבען געביל־דעט א מין קאמיטע צו העלפען די ליידענדע. מיר האבען פערהינ־דערט און געשטערט א גרויסען טהייל פון די גרויזאמקייטען און האָ־בען זיך זעלבסט גראטולירט פאר די גרויסע גוטסקייט וואס מיר האָ־בען אויפגעטהאָן, ביז, ווי עס פאסירט זעהר אָפט, מיין ערנסטער און פלייסיגער שטרעבען האט אריבערגעבאפט די מאָס. כטאָבבס (אזוי האט געהייסען דער אויפזעהער), האָט זיך בעקלאָגט ביי מיין פאָטער, אז די שקלאווען ווילען איהם ניט פאָלגען און ער מוז זיך ענטזאגען פון דער שטעלע. מיין פאָטער איז געווען א ליעבענדער און נאָכגעביגער מאן צו מיין מוטער, אָבער א מאן וועלכער האָט זיך ניט געלאָזען פון קיינעם שטערען, ווען ער האָט געפונען, אז עס איז נויטיג עפעס זאָל געטהאָן ווערען, און ער האָט אוועקגעשטעלט זיין פוס ווי א פעלז צווישען אונז און די פעלד־ארבייטער. ער האָט צו מיין מוטער געזאָגט, אפילו אין א ווייכער און העפליכער שפראך, דאָך זעהר קלאָהר, אז איבער די דיענער אין הויז איז זי די גאנצע וויר־טהין, אָבער וועגען די פעלד־ארבייטער דארף זיך קיינער ניט מי־שען.

איך פלעג א מאָל הערען ווי מיין מוטער פלעגט מיט איהם טענה'ן וועגען קלאגען פון נעגערס און פלעגט זוכען אין איהם צו ער־וועקען סימפּאטישע געפיהלען. ער פלעגט זיך צוהערען צו איהרע ריה־רענדע בקשות מיט דער קאלטסטער העפליכקייט. „עס קומט דאָך אימער צו דיעזער פראגע", פלעגט ער זאָגען, „זאָל איך האלטען סטאָבבס'ען, אָדער זאָל איך איהם אוועקלאָזען? סטאָבבס אי' זעהר א פּינקטליכער, עהרליכער געשעפטס־מאן און איז מענשליך ווי א מענש דארף זיין. קיין פאָלקאָמענע זאך גיעבט עס ניט, און ווען איך האלט איהם מוז איך אונטערשטיצען זיין פיהרונג און אלעס, ווען ער זאָל אפילו מאכען א מאָל קליינע פעהלערן. יעדע רעגיערונג טראָגט אין זיך נאָטהווענדיגע שטרענגקייט. אלגעמיינע רעגלען פאלען שווער אין געוויסע פעלע. דיעזען לעצטען רעגעל האָט מיין פאָטער בעטראכט אלס א פערענטפערונג פאר אלע גרויזאמקייטען נעגען די נעגערס.

נאָך דעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט, פלעגט ער געוויינליך אויס־ציהען די פיס אויף דער זאָפאַ, אזוי ווי אַ מאַן וואָס האָט געענדיגט אַ געשעפט, און האָט זיך פאַרבערייטעט צום שלאָפען, אָדער האָט גענומען לעזען אַ צייטונג, — ווי עס האָט זיך געלאָזען.

דער פאַקט איז, אז מיין פאָטער האָט געהאַט אַ ריכטיגען טאַ־לאַנט פון אַ שטאַאטס־מאַן. ער וואָלט געקענט צוטהיילען פוילען אזוי לייכט ווי איין אַפּעלסין אָדער טרעטען אויף אירלאַנד אזוי רוהיג און סיסטעמאַטיש ווי נאָר אַ מענש וואָלט עס געקענט טהאָן. ענדליך האָט מיין מוטער געמוזט אין פערצווייפלונג אויפהערען זיך אַנצונעה־מען פאַר די נעגערס. מען וועט עס קיין מאָל ניט וויסען, וואָס אַזעל־כע ערעלע און טיעף־פיהלענדע נאַטורען ווי איהרע האָבען געפיהלט, ווען זיי זיינען גאַנץ הילפלאָז אריינגעוואָרפען געוואָרען אין אַ תהום פון אונגערעכטיגקייט און גרויזאַמקייט. עס איז געווען איין אייביג־קייט פון לאַנגען ליידען פאַר אַזעלכע נאַטורען אין אַזאַ העללישער וועלט ווי אונזערע. וואָס איז דען פאַר איהר געבליעבען מעהר צו טהאָן ווי צו ערציעהען איהרע קינדער נאָך איהרע אַנזיכטען און נאָך איהרע געפיהלען?

וועל, נאָך דעם אַלעם וואָס דו זאָגסט וועגען ערציהונג, וועלען קינדער דאָך אויסוואַקסען אזעלכע ווי זיי זיינען פון דער נאַטור, און נאָר אַזעלכע. פון דער וויעג אָן איז אַלפרעד געווען איין אריסטאָקראַט, און ווען ער איז אויכגעוואַקסען זיינען אַלע זיינע גע־פיהלען און געדאַנקען געווען אינסטינקטיוו אריסטאָקראַטיש און אַלע מיהע פון דער מוטער פון איהם דיעזע געפיהלען ארויסצוטרייבען דורך מוסר זיינען געווען אומזיסט. וואָס מיך אַנבעטרעפט זיינען איהרע מוטערליכע ווערטער טיעף געזונקען אין מיין ברוסט. איך בין פון איהר אוועק ווען איך בין אַלט געווען דרייצעהן יאָהר און מעהר האָב איך זי ניט געזעהען!

סיינט קלער האָט געהאַלטען דעם קאָפּ אין זיינע הענד און האָט פיר עטליכע מינוטען ניט גערעדט. אין אַ ווייַלע ארום האָט ער אויפ־געהויבען דעם קאָפּ און האָט פאָרטגעזעצט:

— דיין פאָטער האָט זיך בעזעצט אין ווערמאָנט, אין אַ שטאָדט וואו אַלע זיינען ווירקליך פריי און גלייך. ער איז דאָרטען געוואָרען אַ מיטגליעד פון אַ קירכע און האָט זיך באַלד אַנגעשלאָסען צו דער

אבאָלישאָן (שקלאָווען אָפּשאַפער) געזעלשאפט. ער האָט בעטראכט אונז אַלע ניט פיעל בעסער ווי אונגלויביגע. דאָך איז ער אין אַלעמען געראָטען אקוראט אין מיין פאָטער. איך זעה דאָס אין פופציג פער־שיעדענע ארטען, — פּונקט דער זעלבער שטארקער, גדלות'דיגער, הערשענדער גייסט. דו ווייסט דאָך ווי שווער עס איז א טהייל פון אייערע דאָרפסלייט איינצורעדען אז דער סקוואייר (פּאָריץ) סינקלער האַלט זיך ניט העכער פאר זיי. דער פאקט איז, אז כאָטש ער איז געוואָרען א דעמאָקראַט, איז ער מיט'ן הארצען איין אריסטאָ־קראט אזוי גוט ווי מיין פאָטער, וועלכער האָט רעגיערט איבער פינף אָדער זעקס הונדערט שקלאָווען.

מיסס אָפעליא איז גאָר ניט געווען צופריעדען מיט אזא מיינונג וועגען איהר פאָטער און האָט שוין אוועקגעלייגט איהרע שטריקעריי אום איהם צו ענטפערן, אָבער סיינט קלער האָט זי אָפּגעהאַלטען.

— איך וויים יעדען וואָרט וואָס דו ווילסט מיר זאָגען. איך זאָג גאָר ניט אז זיי זיינען געווען גלייך. איינער איז אריינגעפאלען אין אומשטענדען, וואו אַלעס האָט געארבייט געגען די נאַטירליכע נייגונגען און דער אנדערער דאָרטען, וואו אַלעס האָט געארבייט פאר זיי. און אזוי איז איינער ארויסגעקומען איין איינגעשפּאַרטער, שטאָלצער, אַלטער דעמאָקראט און דער אנדערער איין איינגעשפּאַר־טער שטאָלצער דעספּאָט. ווען ביידע וואָלטען געהאַט פלאַנטאַציעס אין לואיזיאַנאַ, וואָלטען זיי געווען גלייך צו צוויי אַלטע קויילען וואָס זיינען געגאָסען פון איין פורים.

— דו האָסט דאָך עפּעס גאָר קיין דרך ארץ ניט פאר עלטערן! האָט מיסס אָפעליא געזאָגט.

— איך מיין ניט זיי צו בעליידיגען, האָט סיינט קלער געזאָגט. דו ווייסט דאָך, אז אָפּצוגעבען עהרע איז ניט מיין כאראקטער. אָבער לאָמיר זיך אומקעהרען צו מיין געשיכטע.

— ווען אונזער פאָטער איז געשטאָרבען האָט ער איבערגעלאָזען זיין גאַנצען פערמעגען פאר אונז צווילינג־ברידער, מיר זאָלען זיך דערמיט צוטהיילען ווי מיר וועלען בעשליסען. עס גיעבט אויף דער גאנצער וועלט קיין עדעלערן און גוטהערציגערן מענשען ווי אַלפרעד איז צווישען מענשען פון זיין גלייכען. מיר זיינען דורכגעקומען אין דער ירושה־פראגע ווי עס קען ניט זיין ברידערליכער. מיר האָבען זיך

אונטערגענומען צו פיהרען די פּלאַנטאַציע צוזאַמען. אַזוי ווי אַל־פרעד איז געווען אַ פיעל פעהיגערער און שטאַרקערער מענש ווי איך, איז ער געוואָרען איין אויסגעצייכענטער פּלאַנצער און האָט געהאַט גרויסען ערפאָלג.

אָבער נאָך אַ צוויי יאָהריגער פּראָבע האָב איך אויסגעפונען אַז איך קען ניט זיין קיין שותּף אין אַזא עסק. צו האָבען אַ גרויסע קאָמאַנדע פון זיעבען הונדערט נעגערס, וועלכע איך האָב פּערזענליך ניט געקענט קענען אָדער פיהלען וועלכען אינטערעס צו זיי, זיי קאָרמענען, טרייבען צו דער אַרבייט ווי די אָקסען, האַלטען אויפזעהערס מיט בייטשען, — און דאָס איז געווען די הויפּט זאַך אין דעם גאַנצען עסק, — דיעזע גאַנצע געשיכטע איז געווען פאַר מיר אונערטרעגליך און עקעלהאַפט, און ווען איך פּלעג זיך נאָך דערמאָהנען אָן מיין מוטער'ס מיינונג וועגען שקלאַווערייי, איז פאַר מיר דער גאַנצער עסק געוואָרען שרעקליך.

פערשיעדענע וואָס ווייסען ניט וואָס שקלאַווערייי איז, זאָגען, אַז שקלאַווען אַרבייטען ניט שווער און ווערען גוט בעהאַנדעלט. איך וואָלט וועלען זעהען וואָס זיי וואָלטען זאָגען, ווען זיי וואָלטען דאַרפען אַרבייטען אַלע טאָג אין זייער לעבען אונטער דער שטענדיגער אויפזיכט פון דעם מאַסטער און זאָלען זיך ניט טאָרען בעקלאָגען ווען זיי ליידען, און אַלעס פאַר איין פּאָאַר הויזען און איין פּאָאַר שיך אַ יאָהר און גענוג עסען אַז זיי זאָלען קענען ווייטער אַרבייטען.

— איך האָב אַלע מאָל געדענקט, האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט, אַז דו און אַלע אייערע פון דער סאָוטה שטימט איין מיט דיעזע אומשטענדען און איהר דענקט, אַז זיי זיינען ר י כ ט י ג — לויט דער הייליגער שריפט.

— דומהייט! אַזוי ווייט זיינען מיר נאָך ניט געקומען. אַלפרעד, וועלכער איז איין ענטשלאָסענער דעספּאָט, וואָס עס גיעבט נאָך קיין אַנדערען צו איהם, זוכט גאַר ניט אַזא אַרט פערטהיידיגונג; ניין, ער שטעהט הויך און שטאָלץ אויף דעם גוטען אַלטען גרונד: דאָס רעכט פון דעם שטאַרקערן, און ער זאָגט, און איך דענק, זעהר ריכטיג, דאָס דער אַמעריקאַנער פּלאַנצער טהוט נאָר אין אַנאַנדער פאָרמע מיט די שקלאַווען דאָס, וואָס די ענגלישע אַריסטאָקראַטיע און קאַפּיטאַליסטען טהוען מיט דער אָרימער

קלאַסע ; דאָס הייסט, אז זיי נעהמען אריין די אָרימע קלאַסע מיט ליעב און לעבען פאר זייער בעקוועמליכקייט. ער זאָגט, אז עס קען ניט געבען קיין הויכע ציוויליזאציאָן, ווען מען זאָל ניט פערשקלאַווען די מאַסען. עס מוז, זאָגט ער, זיין א נידריגע קלאַסע מענשען, וועל־כע זאָלען זיין אָפּגעגעבען צו פיזישער ארבייט און זאָלען לעבען ווי בהמות ; אויף אזא אופן קען די העכערע קלאַסע מענשען ערווערבען פרייע צייט און רייכטהום פאר א מעהר פערברייטעטע בילדונג און פערבעסערונג און ווערען דאדורך די ריכטיגע פיהרער פון דער נידרי־גער קלאַסע. אזוי טענה'ט ער, ווייל, זאָגט ער, ער איז א געבאָרע־נער אריסטאָקראַט ; אזוי דענק איך אָבער ניט, ווייל איך בין א גע־באָרענער דעמאָקראַט.

— אָבער ווי קען מען אזעלכע צוויי זאכען פערגלייכען ? האָט מיסס אָפעליא געזאָגט. דער ענגלישער ארבייטער ווערט ניט פער־קויפט, ניט פערהאַנדעלט, ניט געשיידעט פון זיין פאַמיליע, ניט געשמיכען.

—ער איז אזוי אונטערוואָרפען אונטער דעם ווילען פון זיין בעל הבית ווי ער וואָלט געוועז צו איהם פערקויפט. דער שקלאַוועז־בעזי־צער קען פערשמייסען זיין פערזינדיגטען שקלאַוו צום טויט, — דער קאַפּיטאַליסט קען איהם פערהונגערן צום טויט. וואָס אנבעטרעפט די פאַמיליען זיכערהייט, ווייס איך ניט, וועלכע איז די ערגסטע ; צו פערקויפען איינעמ'ס קינד אָדער צו פערהונגערן איינעמ'ס קינד אין דער היים.

— אָבער עס איז קיין ענטשולדיגונג פאר שקלאַוועריי צו בעוויי־זען דאָס זי איז ניט ערגער פאר אנאַנדער שלעכטער זאַך.

— איך האָב עס ניט אָנגעגעבען פאר איין ענטשולדיגונג, — ניין. איך זאָג נאָר, דאָס די שקלאַוועריי איז נאָך א פרעכערער אנ־גריף אויף מענשליכע רעכטע, — קויפען א מענשען איינפאך ווי א פערד, איהם קוקען אין די צייהן, קלאַפּען אין די געלענקע, פּרובי־רען זיינע טריט — און דאן פאר איהם בעצאָהלען ; צו האָבען ארום איהם מעקלערס, שקלאַווען־ערציעהערס, הענדלערס מיט מענשליכע קערפּערס און נשמות, — ארויסשטעלען אזא זאַך פאר די אויגען פון דער ציוויליזירטער וועלט אין אן אָפּענער פאָרמע, כאָטש, אין נאַטור איז דאָס, נאָך אַלעמען, דיזעלבע געשיכטע ; דאָס הייסט, זיך

צוּאייגענען איין קלאסע מענשליכע בעשעפעניסען פאר דעם פאָרט־שריט און דעם נוצען פון אן אנדערער, ניט קימערנדיג זיך וועגען די אינטערעסען פון יענע.

—אין אזא ארט האָב איך וועגען דער זאך קיינמאָל ניט גע־קלעהרט.

— וועל, איך האָב עטוואָס ארומגערייזט אין ענגלאנד און האָב דאָרטען דורכגעקוקט א היבשע ביסעל דאָקומענטען וועגען דער לאגע פון די נידריגערע קלאסען, און איך דענק ווירקליך, אז מען קען אלפרעד'ן ניט אָפּלייקענען, ווען ער זאָגט, דאָס די שקלאווען האָ־בען עס בעסער ווי א גרויסע קלאסע פון דער ענגלישער בעפעלקערונג. דו דארפסט ניט שליעסען פון וואָס איך האָב דיר געזאָגט, אז אל־פרעד איז וואָס מען רופט א שטרענגער מאסטער, דען ער איז עס ניט. ער איז דעספאָטיש און אונבארמהערציג צו אונגעהאָרכזאמקייט. ער וועט טויט שיסען א נעגער פיר אונגעהאָרכזאמקייט מיט ווייניגער גע־וויסענסביסע, ווי ער וואָלט שיסען א הירש. אָבער אין אלגעמיין איז ער שטאָלץ דערמיט וואָס זיינע שקלאווען ווערען גוט געקאָרמעט און האָבען זייער בעקוועמליכקייט.

— ווען איך בין געווען מיט איהם האָב איך פערלאנגט, אז ער זאָל זעהן זיי זאָלען עפּעס לערנען. און מיר צוליעב האָט ער אראָפּ־געבראכט א גייסטליכען אז ער זאָל זיי יעדען זונטאג אונטעררי כטען אין רעליגיאָן, אבוואָהל אין הארצען, גלויב איך, האָט ער געדענקט, אז עס איז גראדע אזוי ארויסגעוואָרפען די ארבייט, ווי ער וואָלט עס לערנען מיט פערד און מיט הינט. און אין אמת'ן, וואָס קען מען ערוואַרטען פון א שקלאוו, וואָס זיין גייסט איז פערטויבט און פער־גרעבט דורך אלערליי ערניעדערונגען פון דעם טאָג וואָס ער איז גע־באָרען, און וואָס איז זעקס טעג אין דער וואָך איינגעשפּאנט — אין איין ארבייט, וואָס גיט קיין געלעגענהייט צו דענקען, — וואָס קען מען ערוואַרטען אז ער זאָל לערנען בלויז אין א פּאָאר שטונדען אין א זונטאָג ? לעהרער פון זונטאָגס שולען אין ענגלאנד און פון די פּלאנ־טאציעס דאָ וואָלטען קענען בעווייזען דעם זעלבען רעזולטאט. דאך זיינען ביי אונז דאָ אויסנאהמען, ווייל די נעגערס זיינען מעהר גע־נייגט צו רעליגיאָן ווי די ווייסע.

— ווי איז עס געקומען וואָס דו האָסט אויפגעגעבען די פּלאַנטאַ־ציע ? האָט מיסס אָפעליאַ געפרעגט.

מיר האָבען זיך אַ צייט צוזאַמען ארומגעשאָקעלט ביז אַלפרעד האָט קלאָהר געזעהען אַז איך בין ניט קיין פּלאַנצער. ער האָט גע־דענקט, אַז עס איז לעכערליך, דאָס נאָך אַלע רעפאָרמען, פערבע־סערונגען און פערלייכטערונגען וואָס ער האָט צוליעב מיר געמאַכט, זאָל איך נאָך בלייבען אונצופריעדען. דער פאַקט איז, אַז נאָך אַלע־מען איז עס געווען ד י ז אַ ך, וואָס איך האָב געהאַסט — דעם געברויך פון דיעזע פרויען און מענער, די פעראייביגונג פון דיעזער גאַנצער אונוויסענהייט, גרויזאַמקייט און פערדאָרבענהייט, — בלויז צו מאַכען געלד דערפון !

— אויסערדעם פּלעג איך זיך אימער מישען אין די איינצעלהיי־טען פון דער פּלאַנטאַציע. אַזוי ווי איך זעלבסט בין דער גרעסטער פוילענצער האָב איך געהאַט צופיעל סימפּאַטהיע מיט די פוילענצער, און ווען אָרימע הילפּלאָזע ברואים פּלעגען לייגען שטיינער אויף דעם דעק פון זייערע קערב אַז זיי זאָלען מעהר וועגען און אָנפילען מיט קאָנאָפּליע פון אויבען אָדער אָנשיטען זייערע זעק אונטען מיט מיסט און פון אויבען מיט קאָנאָפּליע, פּלעגט עס מיר זעהר געפעלען, דען איך וואָלט אויך געטהאָן פונקט דאָס זעלבע ; דערפאַר וואָלט איך זיי געוויס ניט געשמיסען. נאַטירליך האָט דאָס געמאַכט אַ סוף צו דער דיסציפּלינע פון דער פּלאַנטאַציע און מיין ברודער האָט מיר גע־זאָגט, אַז איך מיט מיינע ווייבע־שע געפיהלען פּאַס זיך בעסער צו שרייבען פּאָעזיע ווי צו זיין אַ געשעפטס־מאַן. און אַזוי האָבען מיר זיך צוטהיילט און איך בין געקומען אַהער.

— אָבער פאַר וואָס האָסטו ניט בעפרייט דיינע שקלאַווען ? האָט מיסס אָפעליאַ געפרעגט.

— וועל, אַזוי ווייט בין איך נאָך ניט געווען. זיי צו האַלטען אַלס ווערקצייג צו מאַכען געלד האָב איך ניט געקענט, און זיי צו האַלטען אַז זיי זאָלען מיר העלפען פערצעהרען מיין געלד, האָט ביי מיר ניט אויסגעזעהען אַזוי שלעכט. אַ טהייל פון זיי זיינען געווען אונזערע אַלטע הויז־דיענער און איך בין געווען זעהר צוגעבונדען צו זיי. און די אינגערע זיינען געווען קינדער פון די אַלטע. אַלע זיינען געווען צופריעדען צו בלייבען ווי זיי זיינען געווען.

סיינט קלער איז ענטשוויגען געוואָרען און איז ארומגעגאנגען היין און צוריק אין צימער. דאַן האָט ער ווייטער אָנגעפאנגען:

— עס איז געווען אַ צייט אין מיין לעבען, ווען איך האָב געהאט האָפנונגען און פּלענער, אז איך זאָל עפּעס טהאָן פאר דער וועלט און ניט ארומבלאָנדזענען אָהן אַ ציעל. איך האָב געהאט אונפאָלקאָמענע און אונקלאָהרע ווינשען און שטרעבונגען צו ווערען אַ מין בעפרייער — צו בעפרייען מיין געבורטס לאַנד פון דיעזען מיאוסען פלעק. אלע יונגע לייט, גלויב איך, האָבען געהאט אזעלכע פיבער־אנפאלען, אָבער —

— פאר וואָס־זשע האָסטו עס ניט געטהאָן? האָט איהם מיסס אָפעליא אונטערבראָכען. ווען דו האָסט זיך שוין איינמאָל גענומען דערצו, פאר וואָס ביסטו געבליעבען שטעהן?

— וועל, מיר איז ניט געגאַנגען און אנשטאט צו ווערען אַ רעפאָרמער פון דער געזעלשאפט, בין איך געוואָרען ווי אַ שטיק האָלץ וואָס טרייבט זיך ארום אויפ'ן וואסער, און אזוי בין איך געבליעבען ביז יעצט. אלפרעד שטרייט מיט מיר יעדעס מאָל ווען מיר טרעפען זיך און איך מוז מודה זיין, אז איך האָב איהם ניט וואָס צו ענטפערן, — ווייל ער טהוט דאָך עפּעס אויף; זיין לעבען שטימט מיט זיינע מיינונגען, מיין לעבען איז געגען מיינע מיינונגען.

— מיין טהייערער קוזין, קענסטו זיין צופריעדען מיט אזא מין לעבען?

— צופריעדען! האָב איך דיר ניט ערשט יעצט געזאָגט, אז איך פעראכט עס? איך דענק ניט אז מיינע געפיהלען וועגען שקלאַווערייע זיינען זאָנדערבאר. איך געפין פיעלע מענשען, וועלכע דענקען אין הארצען פונקט ווי איך. די לאַנד קרעכצעט אונטער דעם, און ווי שלעכט עס איז פאר'ן שקלאַוו, איז עס נאָך שלעכטער פאר'ן מאַסטער. מען דארף ניט האָבען קיין ברילען אום צו זעהען, דאָס אַ גרויסע קלאַסע פערדאָרבענע, טיעף געזונקענע מענשען צווישען אונז זיינען אַ צרה פאר אונז און אויך פאר זיך זעלבסט. דער קאַפּיטאַליסט און דער אריסטאָקראט אין ענגלאַנד קענען ניט פיהלען אזוי ווי מיר, ווייל זיי מישען זיך ניט מיט דער קלאַס, וועלכע זיי ערנידריגען, ווי מיר. ביי אונז זיינען זיי אין אונזערע הייזער. זיי שפּיעלען זיך מיט אונזערע קינדער און זיי האָבען אַ ווירקונג אויף זייער גייסט מעהר ווי מיר. זיי זיינען אַ ראַסע צו וועלכע קינדער

ווילען זיך אלע מאל טוליענען און ווילען מיט זיי זיין גלייך. ווען עווא וואלט ניט געווען א קינד ווי א מלאך, וואלט זי שוין לאנג פער־דארבען געווארען. עס איז די זעלביגע זאך ווי מיר זאלען פערשפריי־טען פאקען צווישען די נעגערס און דענקען אז אונזערע קינדער וועלען זיך פון זיי ניט אננעהמען. און דאך פערוועהרען אונזערע געזעצע דורכאויס א גוטע, אלגעמיינע שול־בילדונג ; וואס עס איז אויך גאנץ קלוג, דען פאנגט נאר אן און בילדעט גרינדליך אוים א דור מענשען וועט די גאנצע שקלאווען־סיסטעם געהן צוגרונד. ווען מיר וואלטען זיי ניט געגעבען די פרייהייט, וואלטען זיי זי אליין נעהמען.

— און וואס דענקסטו וואלט געווען דער סוף דערפון ? האט מיסס אפעליא געפרעגט.

— איך ווייס ניט. אבער איין זאך איז זיכער, אז עס געהט אן א בעוועגונג צווישען די מאסען אין דער גאנצער וועלט און דער יום הדין וועט קומען פריהער אדער שפעטער. דיזעלבע זאך געהט פאר אין ענגלאנד, און אין אייראפא, און אין דיעזען לאנד.

— אוגוסטין, צייטענווייז דענק איך, אז דו וועסט געהן גלייך אין הימעל אריין, האט מיסס אפעליא געזאגט אוועקלייגענדיג די שטריקעריי און איהם אנקוקענדיג.

— איך דאנקע דיר פאר דיין גוטע מיינונג, אבער מיט מיר איז עס ארויף און אראפ. ארויף אין הימעל בין איך אין טהעאריע און אראפ אין דער ערד בין איך אין פראקטיקע. — אט קלינגט מען צום טהעע ; קום לאמיר געהן, און זאג ניט, אז איך האב איין מאל אין מיין לעבען ניט געהאלטען אן אפענהערציגע און ערנסטע רעדע.

ביים טיש האט מערי דערמאהנט וועגען דעם פאל מיט דער נע־גערקע פרוע. איך גלויב, אז דו וועכט דענקען, קוזינע, אז מיר זיי־נען אלע בארבארען.

— איך דענק, אז דאס איז א בארבארישע זאך, האט מיסס אפעליא געזאגט, אבער איך דענק ניט אז איהר אליין זייט אלע בארבארען.

— איך וויים, אז עס איז אונמעגליך אויסצוקומען מיט פיעלע פון דיעזע בעשעפעניסען, האט מערי געזאגט, זיי זיינען אזוי שלעכט, דאס זיי זיינען ניט ווערטה אז זיי לעבען. מיט אזעלכע נפשות האב

איך גאָר קיין מיטלייד ניט. ווען זיי וואָלטען זיך גוט אויפפיהרען וואָלט עס גאָרניט פאָרגעקומען.

— אָבער מאַמאַ, האָט עווא געזאָגט, די אונגליקליכע פּרוי איז געווען אונגליקליך, דערפאַר האָט זי געטרונקען.

— דומהייטען! א שעהנע ענטשולדיגונג! איך מיין, אז איך פיהל זיך זעהר אָפט אונגליקליך, האָט מערי פערטראַכטעהייט געזאָגט, אז איך האָב געהאַט גרעסערע צרות ווי זי. עס איז נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען אזוי שלעכט. עס זיינען דאָ אזעלכע וואָס מען קען זיי ניט בעסער מאַכען אפילו מיט דער שווערסטער שטראָף. איך געדענק, אז מיין פאָטער האָט געהאַט א מאַן, וועלכער איז געווען אזוי פויל, דאָס ער פלעגט ענטלויפען נאָר ווייל ער האָט ניט געוואָלט ארבייטען. ער פלעגט זיך ארומטרייבען אין די זומפּען, פלעגט גנב'ענען און אָפּטהאָן כל המעשים. מען פלעגט איהם כאַפּען און שמייסען און עס האָט ניט געהאָלפען. דעם לעצטען מאָל איז ער פערשוואונדען קריכענדיג, ווייל געהן האָט ער שוין ניט געקענט, און איז געשטאָרבען אין זומפּ. עס איז קיין אורזאַך ניט געווען, אז ער זאָל ענטלויפען, דען מיין פאָטער פלעגט זיינע שקלאַווען בעהאַנדלען זעהר גוט.

— איך האָב א מאָל אויסגעבעסערט א נעגער, מיט וועלכען מיין פאָטער און אלע זיינע אויפזעהערס האָבען גאָרניט געקענט מאַכען, האָט סיינט קלער געזאָגט.

— דו! האָט מערי געזאָגט. איך וואָלט טאַקע וועלען וויסען, ווען ד ו האָסט געטהאָן אזא זאַך.

וועל, ער איז געווען א שטאַרקער ריעזען קערל, א געבאָרענער אפריקאַנער, און ער האָט אין זיך געשיינט צו האָבען דעם איינפאַכען אינסטינקט פון פרייהייט אין איין אונגעוויינליכען מאָס. ער איז געווען א ריכטיגער אפריקאַנער לייב. זיי האָבען איהם גערופען סיפּיאָ. קיינער האָט מיט איהם גאָרניט געקענט מאַכען. ער איז כסדר פערקויפט געוואָרען פון איין אויפזעהער צום אַנדערן ביז ער איז ענדליך אָנגעקומען צו אַלפרעד'ן, וועלכער האָט געדענקט, אז ער וועט מיט איהם שוין פאַרטיג ווערען. וועל, איין טאָג האָט ער מיט א קלאַפּ אוועקגעלעגט דעם אויפזעהער און איז ענטלאָפען אין די זומפּען. איך בין אין דער צייט געווען אויף א וויזיט ביי אַלפרעד'ן, דען דאָס איז

געוועזן נאָך דעם ווי מיר האָבען זיך צוטהיילט. אַלפרעד איז געווען אויסער זיך, אָבער איך האָב איהם געזאָגט, אַז דאָס איז זיין איי־גענע שולד און איך האָב זיך מיט איהם געוועט אַז איך וועל קענען דעם נעגער צאַהמען. ענדליך איז בעשלאָסען געוואָרען אַז אויב איך וועל איהם כאַפּען זאָל איך איהם נעהמען צו זיך און זאָל מיט איהם מאַכען די פּראָבע. מען האָט אַלזאָ ארויסגעשיקט אַ פּאַרטיע פון זעקס, זיעבען מענער מיט ביקסען און מיט הינט פאַרטיג צו דער יאַגד. מענ־שען, ווייסט איהר דאָך, נעהמען זיך מיט דעם זעלבען ענטהוזיאַזם צו יאָגען זיך נאָך אַ מענשען ווי נאָך אַ הירש, ווען עס איז נאָר אַזאַ מאָדע. און אין אמת'ן, מוז איך זאָגען, אַז איך אַליין בין געוואָרען אביסעל אויפגערעגט, כאָטש איך בין נאָר מיטגעגאַנגען אַלס אַ פּער־מיטלער, אין פאַל ווען ער זאָל געכאַפּט ווערען.

— וועל, די הינט האָבען געבולען און געוואָיעט און מיר האָבען געריטען און געיאָגט ביז מיר האָבען ענדליך דעם נעגער ארויסגעטרי־בען פון זיין פּלאַץ. ער איז געלאָפען און איז געשפּרונגען ווי אַ הירש און איז פיר איינינע צייט געווען ווייט פון אונז. ענדליך איז ער אריינגעטריבען געוואָרען אין געדיכטע קוסטעס פון ראָהר; דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט צו קעמפּפען, און איך מוז אייך זאָגען, אַז ער האָט בעקעמפּפט די הינט גאַר אויף אַ פיינעם אופן. ער האָט זיי געשמעטערט רעכטס און לינקס, און ער האָט דריי פון זיי געטויטעט איינפאַך מיט זיינע נאַקעטע קולאַקעס, ביז אַ שאָס פון אַ ביקס האָט איהם געטראָפען און ער איז אַנידערגעפאַלען נעבען מיינע פיס אַ פערוואונדעטער און אַ פערבלוטיגטער. דער אָרימער קערל האָט מיך אָנגעקוקט מיט דרייסטיגקייט און אויך מיט פערצווייפלונג אין זיינע אויגען. איך האָב צוריקגעהאַלטען די הינט און די גאַנצע פּאַרטיע, וועלכע האָבען זיך פערזאַמעלט ארום איהם, און איך האָב איהם ער־קלעהרט אַלס מיין געפאַנגענעם. איך האָב זיי מיט אַלע כחות קוים אָפּגעהאַלטען, אַז אין דער בעגייסטערונג פון נצחון זאָלען זיי איהם ניט שיסען. איך האָב אָבער אַלפרעד'ן ניט אָפּגעלאָזען און ער האָט מיר איהם פערקויפט. וועל, איך האָב איהם גענומען אין מיינע הענד און אין איינע צוויי וואָכען האָב איך איהם געמאַכט אַזוי ווייך און געהאָרכזאַם און אונטערטהעניג ווי מען האָט זיך נאָר געקענט וויג־שען.

— וואָס האָסטו מיט איהם אזוינס געטהאָן ? האָט מערי גע־פרעגט.

— וועל, עס איז געווען זעהר איין איינפאכע זאך. איך האָב איהם גענומען אין מיין אייגענעם צימער. איך האָב פאר איהם גע־מאכט א גוטע בעט. איך האָב איהם איבערגעבונדען זיין וואונד און האָב אויף איהם אליין אויפגעפאסט, ביז ער איז אין גאנצען געקומען צו זיך. מיט דער צייט האָב איך פאר איהם אויכגעמאכט בעפרייאונגס פאפיערען און האָב איהם געזאָגט, אז ער קען געהן וואו ער וויל.

— איז ער געגאנגען ? האָט מיסס אָפעליא געפרעגט.

— ניין. דער נארישער נפש האָט צוריסען דעם פאפיער און האָט זיך ענטשיעדען ענטזאגט מיך צו פערלאָזען. איך האָב נאָך קיינ־מאָל ניט געהאט אזא בראווען און עהרליכען מאן, וועלכער זאָל זיין אזוי טריי ווי ער. ער איז געווען מיין אויפזעהער אויף מיין אייגענ־טהום נעבען טייך און האָט געטהאָן זיין זאך אויסגעצייכענט. איך האָב איהם פערלאָרען אין אָנפאנג פון דער כאָלערא. דער אמת איז, אז ער האָט אוועקגעלייגט זיין לעבען פאר מיר. איך בין געווען כמעט טויט קראנק, און ווען אין דער פאניק איז יעדערער ענטלאָפען, האָט סיפיאָ ארום מיר געארבייט ווי א ריעז, און האָט מיך ווירקליך צו־ריקגעבראכט צום לעבען. אָבער, אָרימער קערל ! גלייך נאָך דעם איז ער אָנגעגריפען געוואָרען און מען האָט איהם ניט געקענט רעטען. איך האָב קיינעמ׳ס פערלוסט ניט געפיהלט אזוי שווער ווי זיינעם.

עווא איז צוגעקומען נעהענטער און נעהענטער צום פאטער ווענה־רענד ער האָט דערציילט די געשיכטע ; איהרע קליינע ליפען זיינען געווען אָפען און איהרע אויגען האָבען געהאט איין ערנסטען אויסדרוק.

ווען ער האָט געענדיגט האָט זי פּלוצלונג ארומגעוואָרפען איהרע אָרעמס ארום זיין האלז, טרעהרען האָבען זיך א לאָז געטהאָן פון איה־רע אויגען און זי האָט שטארק געכליפעט.

— עווא, טהייערע קינד ! וואָס איז דיר ? האָט סיינט קלער געפרעגט, ווען דעם קינד׳ס קליינער קערפער׳ל האָט געציטערט און האָט זיך געטרייסעלט פון איהרע שטורמישע געפיהלען. דאָס קינד, האָט ער צוגעזעצט, האָט ניט געדארפט הערן אזעלכע זאכען ; זי איז נערוועז.

— ניין, פאפא, איך בין ניט נערוועז, האָט עווא געזאָגט זיך

פלוצלונג פאסענדיג מיט א שטארקען ענטשלוס, וועלכער איז געווען זאנדערבאר פיר א קינד ; איך בין ניט נערוועז, אבער אזעלכע זאכען געהען מיר טיעף אין הארצען אריין.

— וואס מיינסטו, עווא ?

— איך קען עס דיר ניט זאגען, פאפא. איך דענק וועגען זעהר פיעל זאכען. אפשר וועל איך עס דיר אמאל זאגען.

— וועל, דענק, מיין קינד, נאר וויין ניט און מאך קיין שמער־צען ניט דיין פאפא, האט סיינט קלער געזאגט. קום אהער, — זעה וואס פאר א שעהנע פיטש (פערסיקע) איך האב פאר דיר !

עווא האט עס גענומען און האט געשמייכעלט, כאטש ארום איהר מויל איז נאך געווען א נערוועזער צוקען.

— קום, קוק אויף די גאלד־פיש, האט סיינט קלער געזאגט זי אננעהמענדיג פאר'ן האנד און ארויסגעהענדיג אויף די ווערענדא. אביסעל שפעטער האט זיך געהערט א פריילינער געלעכטער דורך די זיידענע פארהענגע, ווען עווא און איהר פאטער האבען זיך געוואר־פען מיט רויזען און האבען זיך ארומגעיאגט אין די אלעען פון הויף.

---

עס קען נאך זיין אז וועגען די געשיכטע פון די הויף געבארענע וועלען די לעזער פערגעסען אונזער ארימען פריינד טאם, אבער ווען זיי וועלען מיט אונז ארויפגעהן אין א שטיבעל איבער דעם שטאל וועלען זיי עטוואס ערפאהרען וועגען איהם. דאס איז געווען א פיינער צימער, אין וועלכען עס זיינען געשטאנען א בעט, א שטוהל און א קליינער טישעל. טאם איז יעצט געזעסעןביין טיש און פאר איהם איז געלעגען א גריפעל־טאבליצע, אין וועלכער ער איז געווען זעהר פערטיעפט.

די געשיכטע איז געווען, דאס ער האט אנגעפאנגען שטארק צו בענקען אהיים. עס איז איהם אריין אין קאפ צו שרייבען א בריעף. עטוואס שרייבען האט ער זיך אויסגעלערנט ביי מר. שעלבי, וואו מאסטער דזשארדזש האט איהם געלערנט. ער האט אלזא גענומען א גריפעל־טאבליצע און האט פרובירט. די צרה איז געווען וואס ער האט פערגעסען ווי צו מאכען די בוכשטאבען, און פון די וואס ער האט געקענט מאכען האט ער ניט געוואוסט וועלכע צו בענוצען.

און אזוי ווי ער האָט זיך דאָ געבראָכען דעם קאָפּ און האָט שווער גע־ארבייט, איז עווא אריין אין צימער ווי אַ פייגעל און האָט אריבער־געקוקט איבער זיין פּלייצע צו זעהען וואָס ער טהוט.

— אָה, אַנקעל טאָם, וואָס מאַכּכטו דאָרטען פאר קונציגע זאַכען ?

— איך פּרוביר צו שרייבען צו מיין אָרימע פרוי און צו מיינע קינדער, מיסס עווא, האָט טאָם געזאָגט אַפּווישענדיג זיך די אויגען מיט דער האנד, אָבער איך האָב מורא, אז איך וועל ניט קענען.

— איך וואָלט וועלען דיר העלפען, טאָם. איך האָב אביסעל געלערנט שרייבען. לעצטען יאָהר האָב איך געקענט מאַכען אַלע בוכ־שטאַבען, אָבער איך האָב מורא, אז איך האָב פערגעסען.

און עווא האָט צוגעלייגט איהר קליינעם גאָלדענעם קאָפּ דיכט צו זיינעם און ביידע האָבען געפיהרט אַ לאַנגע בעראטהונג איבער יע־דערן בוכשטאַב און איבערן צוזאַמענשטעלען אַ וואָרט. זיי זיינען געוועזן ביידע זעהר ערנסט אזוי ווי זיי זיינען געוועזן גלייך אונוויס־סענד.

— יעס, אַנקעל טאָם, עס זעהט אוים ווירקליך זעהר שעהן. ווי וועלען זיך דיין פרוי און די קינדערלעך פרייען ! אָה, עס איז אַ שאַנדע וואָס דו האָסט געדאַרפט פון זיי אוועק ! איך דענק צו בעטען דעם פּאַפּאַ, אז ער זאָל דיך לאָזען אהיים.

— די מיסים האָט געזאָגט, אז זי וועט שיקען געלד מיך אויס־צולייזען, אזוי באַלד ווי זי וועט האָבען. איך ערוואַרט פון איהר, אז זי וועט עס טהאָן. דער יונגער מאַסטער דזשאָרדזש האָט געזאָגט, אז ער וועט קומען נאָך מיר, און ער האָט מיר געגעבען דיעזען דאָ־לאַר אלס אַ צייכען. און טאָם האָט ארויסגעצויגען דעם דאָלאַר.

— דאַן וועט ער זיכער קומען ! האָט עווא געזאָגט. דאָס פרייט מיך אזוי !

— און איך האָב זיי געוואָלט שרייבען אַ בריעף און זיי לאָזען וויסען וואו איך בין און דערציילען דער אָרימער קלאָע, אז איך בין גוט אָפּ.

— העי, טאָם, האָט זיך דערהערט סיינט קלער'ס שטימע נעבען דער טהיר.



טאָם שרייבט א בריעף.

טאָם און עווא האָבען זיךביידע אומגעקוקט.

— וואָס טהוט איהר דאָ ? האָט סיינט קלער געזאָגט צוקומענדיג צום טיש און קוקענדיג אויפ'ן גריפעל־טאַבליצע.

— דאָס איז טאָם'ס בריעף, איך העלף איהם שרייבען, האָט עווא געזאָגט. איז עס ניט פּראַכטפאָל ?

— איך וויל אייך ביידען ניט קאַליע מאַכען, האָט כיינט קלער געזאָגט, אָבער איך דענק, טאָם, אז דו וואָלסט בעסער לאָזען מיך אָנשרייבען פאר דיר א בריעף. איך וועל דאָס טהאָן, ווען איך וועל קומען צוריק פון מיין דורכפאָהרען זיך.

— ווייסטו פּאפּא, עס איז זעהר וויכטיג, אז ער זאָל שרייבען, האָט עווא געזאָגט, ווייל זיין מיסיס וויל שיקען געלד איהם אויסצו־לייזען. זי האָט איהם דאָס פערשפּראָכען.

סיינט קלער האָט ביי זיך אין הארצען געקלעהרט, אז דאָס טהוען אלע גוטהערציגע בעזיצערס, ווען זיי פערקויפען זייערע שקלאַ־ווען אום זיי צו פערלייכטערן זייערע ליידען און לייזען זיי קיינמאָל ניט אויס. ער האָט עס אָבער ניט געזאָגט. ער האָט איהם נאָר גע־זאָגט, אז ער זאָל איהם אָנגרייטען די פערד אויף ארויסצופאָהרען.

טאָם'ס בריעף איז טאקע אין דיזען אבענד אָנגעשריבען געוואָ־רען ווי עס געהערט צו זיין און טאקע גלייך אוועקגעשיקט.

מיסס אָפעליא איז געווען אלץ מעהר בעשעפטיגט מיט דער הויז־ווירטהשאפט. ליידיג איז זי קיינמאָל ניט געווען. פון פארטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען זי געזעהען ביי דער ארבייט. אלע דיענער פון הויז האָבען דערפאר אויף איהר געקוקט מיט קרומע אויגען. זיי האָבען נאָך קיינמאָל ניט געזעהען, א דאמע זאָל אזוי אר־בייטען. אפילו מיסעס מערי אליין האָט אויף איהר געקוקט קרום. אָבער מיסס אָפעליא האָט קיין זאך ניט געזעהען, זי איז געגאנגען פאַרווערטס מיט דער ארבייט אזוי, דאָס מען וואָלט מיינען, אז זי גרייט זיך אָן פאר הונגעריגע יאָהרען. זי פלעגט נעהען און פער־ריכטען אזוי לאנג ביז עס איז געוואָרען פינסטער, און ווען עס איז געוואָרען פינסטער האָט זי זיך גענומען צום שטריקען זאָקען און איז געווען אין אלעם אזוי פערהאַוועט, אזוי ווי איינער וואָלט איהר אָנ־טרייבען. עס איז געוועןווירקליך צו בעוואונדערן.

## צוואַנציגכטער קאַפּיטעל.

### טאָפּסי.

איין פריה מאָרגען ווען מיסס אָפעליא איז געווען בעשעפטיג מיט איהר ארבייט האָט זיך דערהערט אויף די טרעפּ די שטימע פון סיינט קלער זי רופענדיג.

— קום אהער, קוזינע, איך וויל דיר עפּעס ווייזען.

— וואָס איז דאָרטען ? האָט מיסס אָפעליא געפרעגט אראָפּ־קומענדיג מיט איהר גענעה אין די הענד.

— איך האָב עפּעס געקויפט פאר דיין ווירטהשאַפט ; קוק אהער, האָט סיינט קלער געזאָגט, און מיט דיעזע ווערטער האָט ער צוגעצויגען א קליינע נעגערקע פון א יאָהר אכט אָדער ניין.

זי איז געווען די שוואַרצעסטע צווישען די נעגערס און איהרע רונדע אויגען האָבען געבלישצעט ווי גלעזערנע פּאַטשערקעס און זיינען ארומגעפלויגען איבער'ן צימער מיט אונרוהיגע און שנעלע בליקען. איהר מויל איז געווען האלב אָפען פון בעוואונדערן דעם נייעם מאַס־טערס זאַל און האָט געצייגט א וייכען און בלישצענדיגען מויל צייה־נער. איהרע קורצע וואָלענע האָאר זיינען געווען געפלאָכטען אין קליי־נע צעפּלעך און האָבען ארויסגעשטעקט אין אלע זייטען פון קאָפּ. איהר געזיכט האָט געהאַט א געמישטען אויסדרוק פון כיטרעקייט, גנב'יש און אין דערזעלבער צייט אויך ערנסטקייט. זי איז געווען אָנגעטהאָן איינפאך אין צוריסענע שמאַטעס און איז געשטאַנען מיט די הענד אראָפּגעלאָזען. מיסס אָפעליא האָט בעטראַכט די קליינע בעשעפענים מיט שרעק, און זיך ווענדענדיג צו סיינט קלער האָט זי געזאָגט :

— צו וואָס אין דער וועלט דאַרפסטו האָבען אַזאַ בעשעפענים ?

— טאַקע פאר דיר, אַז דו זאָלסט זי מאַכען פאר א מענשען. דאָס איז אַזאַ מין כאָרט נפש וואָס איז ווערטה צו שטודירען. הע׳. טאָפּסי, האָט ער צוגעזעצט געבענדיג א פייף אַזוי ווי מען רופט געווינליך א הונד, זינג עפּעס און צייג אונז ווי דו קענסט טאַנצען.

די קליינע גלעזערנע אויגען האָבען אָנגעפאַנגען צו בלישצען און

איהר מויל האט זיך אויפגעמאכט צום זינגען. זי האט געזונגען מיט א קלאָהרע דינע שטימע איין אלטע נעגערשע ליעד און האט דערביי צוגעטאנצט מיט די פיס און האט געמאכט מיט די הענד צום טאקט. אזוי האט זי געזונגען און געטאנצט א גאנצע וויילע, ביז זי איז פלוצ־לונג געבליעבען שטעהן ווי א סטאטוע.

מיסס אָפעליא איז געשטאנען אזוי ווי פאראליזירט פון בעוואונ־דערונג.

סיינט קלער'ן האָט דיעזע בעוואונדערונג אמוזירט, און זיך ווענ־דענדיג צום קינד האט ער ווידער געזאגט:

— טאפסי, דאס איז דיין נייע מיסעס. איך גיעב דיך אפ צו איהר. זעה, זיי א מענש.

— יעס, מאכטער, האט טאפסי ערנסט געזאגט, און האט דערביי געפינטעלט מיט איהרע גנב'ישע אויגען.

— דו זאלסט זיך אויפפיהרען גוט, טאפסי, פערשטעהסטו, האט סיינט קלער געזאגט.

— אָה, יעס, מאסטער, האט טאפסי געזאגט מיט נאך א פינ־טעל פון די אויגען.

— יעצט זאג מיר נאר, אוגוסטין, צו וואס דו דארפסט דאס, האט מיסס אָפעליא געזאגט. דיין הויז איז פול מיט דיעזען קליינעם פלאג. מען קען שוין אזוי אויך קיין טריט ניט טהאן אין הויז אז מען זאל ניט ארויפטרעטען אויף זיי. ווען איך שטעה אויף אין דער פריה, געפין איך זיי שלאפענדיג הינטער די טהיר, און דא זעה איך א שווארצען קאפ אונטער'ן טיש, איינער ליעגט אויף דער ראגזשע נע־בען טהיר; וואו א שפאלט, וואו א גראטע זעהט מען א שווארצען שצירענדיג די צייהן. צו וועלכען צוועק האסטו געדארפט נאך איינע אין הויז!

— פאר דיר, אז דו זאלסט זי לערנען, האב איך דיר דאס ניט געזאגט? דו פרעדיגסט אלץ, אז מען דארף זיי לערנען, האב איך דיר געבראכט א גאנץ נייע און מיר וועלען זעהען וואס דו קענסט מא־כען פון איהר.

— איך דארף זי ניט. איך האב מיט זיי צו טהאן מעהר ווי מיר האט זיך געקענט חלומ'ען.

— אזוי זיינען אייערע קריסטען איבעראל. איהר גרינדעט א

געזעלשאַפט און שיקט אן אָרימען מיסיאָנער פאר זיין גאַנצען לעבען צווישען די היידען אום זיי דאָרטען צו מאַכען פאר קריסטען, אָבער ווען מען ברייננט איך איינעם אין אייער הויז אז איהר זאָלט מיט איהם לערנען, דאַן איז ער ביי איך שמוציג, עקעלהאַפט און איהר ווילט איהם ניט קענען.

— דו ווייסט דאָך, אוגוסטין, אז איך האָב עס ניט אַזוי גע־מיינט, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט שוין אביסעל ווייכער. דאָס וועט אַלזאָ זיין א מיסיאָנערסקע ארבייט, און זי האָט שוין אָנגעקוקט די קליינע אביסעל פריינדליכער.

— וועל, קוזינע, האָט סיינט קלער געזאָגט זי נעהמענדיג אן א זייט, זיי אויף מיר ניט בייז פאר מיינע דרשות. דו ווייסט דאָך, אז איך מיין עס ניט. איך קען דיין גוט הארץ און דערפאר האָב איך זי דיר געבראַכט. די קליינע האָט בעלאַנגט צו א פּאָאַר שיכורים און זיי פלעג־גען זי שלאָגען מכות רצח און איך פלעג אַלע מאָל הערען איהרע קולות ווען איך בין דאָרטען פערבייגעגאַנגען. דערפאר האָב איך זי ביי זיי אָפּגעקויפט. זעה, און מאַך פון איהר עפּעס.

— וועל, איך וועל טהאָן וואָס איך קען, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט און האָט זיך גענעהערט צו איהר נייען געגענשטאַנד, אַזוי ווי איינער נעהערט זיך צו א שווארצען שפּין.

— זי איז שרעקליך שמוציג און האַלב נאַקעט, האָט זי גע־זאָגט.

— וועל נעהם זי אַראָפּ אונטען און היים זי ריין מאַכען און אָנטהאָן.

מיסס אָפעליא האָט זי אַוועקגעפיהרט דאָרטען וואו די קיך איז.

— איך ווייס ניט צו וואָס מאַסטער סיינט קלער דאַרף האָבען נאָך א נעגער! האָט דינאַה געזאָגט, בעטראַכטענדיג די קליינע וואָס מען האָט אַהער געפיהרט. איך וואָלט זי ניט וועלען האָבען אפילו נעבען מיינע פיס.

— פוי! האָבען ראָזא און דזשיינע אויסגערופען מיט עקעל. זאָל זי נאָר ניט קומען אין אונזער וועג. איך זעה ניט צו וואָס דער מאַסטער דאַרף נאָך נידריגע נעגערס!

— געה נאָר ארויס! זי איז ניט מעהר נעגער פאר דיר, מיסס

ראזא, האט דינאה געזאגט, וועלכע האט אנגענומען ראזא'ס לעצטע ווערטער געגען זיך. ווי מיר שיינט, בילדעט איהר זיך שוין איין, אז איהר זייט ווייכע. איהר זייטביידע זאכען נים. איך וויל בעסער זיין איינער פון דיביידע.

מיסס אפעליא האט גלייך געזעהען, אז זי קען זיך אויף קיינעם נים פערלאזען, ווער עס זאל אכטונג געבען אז מען זאל די מיידעל גוט ריין מאכען האט זי עס מיט דער הילפע פון דזשיינע אליין גע־טהאן.

עס איז נים פאר עדעלע אויערן צו הערן די איינצעלהייטען פון איין ערשטען טואלעט וואס ווערט געמאכט איבער א פערנאכלעסיגטען און געמאטערטען קינד. דער פאקט איז, אז טויזענדער מענשען לע־בען און שטארבען אין א צושטאנד, פון וועלכען נאר די בעשרייבונג אליין וואלט אנגעגריפען די נערוועז פון זייער נעבענמענשען. מיסס אפעליא האט געהאט א גוטען און שטארקען טהייל פון ענטשלאסענ־הייט און איז דורכגעגאנגען די עקעלהאפטע אפעראציע ווי א העלד, כאטש נים מיט'ן גאנצען הארצען, זאבער זי איז זי בעשטאנען. ווען זי האט אבער געזעהען אויף זיהר רוקען די גרויסע, שווארצע בלוטיגע צייכענס פון דער שקלאווען־סיסטעמע אונטער וועלכער זי האט ביז יעצט געלעבט, איז איהר הארץ פערקלעמט געווארען.

— קוקט אהער ! האט דזשיינע געזאגט ווייזענדיג אויף די בלוּ־טיגע צייכענס, צייגט עס נים, אז זי איז א מזיק. מיר וועלען שוין האבען מיט איהר צו טהאן. איך האס דיעזע יונגע נעגערס ! זיי זיינען עקעלהאפט ! איך וואונדער זיך וואס דער מאסטער האט זי געקויפט !

די קליינע האט געהערט דיעזע ווערטער און דאס האט איהר ווע־ניג געארט. זי איז געוועזען געוויינט צו ערגערע זאכען. ווען יענע האט גערעדט האט זי בעטראכט איהרע שיינע אוירינגלעך. ווען מען האט זי ארומגעוואשען און אפגעשארען איהר שפיציגע האאר און איהר אנ־געטהאן גוטע קליידער, האט זי שוין גאנץ אנדערש אויסגעזעהען. מיסס אפעליא האט שוין אויף איהר געקוקט מיט אנדערע אויגען. זי האט זיך אנידערגעזעצט און האט זי גענומען צום אויספרעגען.

— ווי אלט ביזטו, טאפסי ?

— איך ווייס ניט, מיסים, האָט דער נפש געענטפערט און האָט געשצירעט די צייהן.

— דו ווייכט ניט ווי אַלט דו ביזט ? האָט עס דיר קיינער ניט דערציילט ? ווער איז געווען דיין מאַמע ?

— איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין מאַמע, האָט דאָס קינד ווידער שצירענדיג געענטפערט.

— דו האָסט קיינמאָל ניט געהאַט קיין מאַמען ? ווי מיינסטו דאָס ? וואו ביזטו געבאָרען ?

— איך בין קיינמאָל ניט געבאָרען געוואָרען, האָט טאָפּסי גלייכ־גילטיג געענטפערט. ווען מיסס אָפעלי וואָלט געהאַט א טבע צו הלש'ן וואָלט זי גע'חלש'ט, דען זי האָט נאָר געקענט דענקען אַז זי האָט פאר זיך איינע פון יענע ברואים וועלכע ווערען ניט געבאָרען און שטאַרבען ניט, אָבער זי איז ניט געווען קיין חלש'דיגע און האָט ניט געדענקט וועגען יענע ברואים. זי האָט נאָר מיט איין ערנסטער שטימע געזאָגט :

— דו דאַרפסט ניט ענטפערן אַזוי, קינד. איך מאַך ניט קיין שפּאַס. דערצייל מיר וואו דו ביזט געבאָרען און ווער דיין פאָטער און מוטער זיינען געווען.

— איך בין קיינמאָל ניט געבאָרען געוואָרען, האָט די בעשעפע־נים געענטפערט מיט בעשטימטהייט. איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין פאָטער און קיין מוטער. איך בין ערצויגען געוואָרען ביי א הענד־לער צוזאַמען מיט א סך אַנדערע. די אַלטע טאַנטע סו האָט אויף אונז אַכטונג געגעבען.

עס איז געווען זיכער, אַז דאָס קינד האָט געזאָגט דעם אמת. דזשיינע האָט דערביי אַרויסגעלאָזען א קורצען געלעכטער און האָט געזאָגט.

— גאָט, מיסיס, עס זיינען דאָ א מאַסע פון זיי. די הענדלערס קויפען זיי, ווען זיי זיינען קליין, זעהר ביליג, ציעהען זיי אויף און ברענגען זיי אין מאַרק.

— ווי לאַנג ביזטו געווען מיט דיין מאַסטער און דיין מיסעס ?

— איך ווייס ניט, מיסים.

— איז עס א יאָהר, מעהר, אָדער ווייניגער ?

— איך ווייס ניט, מיסים.

— גאָט, מיכים, דיעזע נידריגע נעגערם ווייסען גאָרניט. זיי ווייסען ניט וואָס צייט איז, האָט דזשיינע געזאָגט. זיי ווייסען ניט וואָס א יאָהר איז, און זיי ווייסען ניט ווי אַלט זיי זיינען.

— האָסטו שוין אמאָל עפּעס געהערט וועגען גאָט, טאָפּסי ?

דאָס קינד האָט ניט פערשטאַנען און האָט געשצירעט די צייהן ווי געוויינליך.

— ווייסטו ווער עס האָט דיך בעשאַפען ?

— אזוי פיעל ווי איך ווייס, קיינער ניט, האָט דאָס קינד געענט־פערט מיט א קורצען געלעכטער.

דיעזע פראגע האָט זי געשיינט זעהר צו אמוזירען, דען זי האָט געפינטעלט מיט די אויגען ווען זי האָט צוגעזעצט :

— איך בין געוואקסען, און איך דענק ניט אז אימעצער האָט מיך בעשאַפען.

— קענסטו נעהען ? האָט מיכס אָפעליא געפרעגט, ווען זי האָט געזעהען אז אויף יענע פראגען קריגט זי קיין ענטפער ניט.

— ניין, מיסים.

— וואָס קענסטו טהאָן ? וואָס האָסטו געטהאָן פאר דיין מאַס־טער און די מיסעס ?

— ברייגגען וואסער, וואשען די געפעס, אָפּרייבען די מעסערס און בעדיענען די לייטע.

— זיינען זיי געווען גוט צו דיר ?

— איך דענק אז זיי זיינען געווען, האָט דאָס קינד געזאָגט זי אַנקוקענדיג מיט א גנב'ישען בליק.

מיכס אָפעליא איז אויפגעשטאַנען פון איהר זיץ ; הינטער איהר אַנגעלעהנט אויף איהר שטוהל איז געשטאַנען סיינט קלער.

— דו האָסט דאָ א גאַנץ נייען באָדען אויף וואָס צו ארבייטען, קוזינע, דאָ קענסטו צייגען דיינע אייגענע אידעען וועגען ערציע־הונג.

אזוי ווי עס איז גלייך בעקאַנט געוואָרען אז די נייע קליינע נעגער־קע איז אַנגעקומען צו מיסס אָפעליא, האָט די גאַנצע קאָמאַנדע פון הויז אויף איהר געקוקט קרום און פלעגען זיך טשעפּען צו איהר. מיסס אָפעליא האָט עס געזעהען און האָט בעשלאָסען זי צו מאַכען פאר איהר צימער־מיידעל. איהר גאַנצען לעבען האָט זי אַליין געמאַכט איהר

צימער און אויך דאָ האָט זי קיינעם ניט ערלויבט צו רייניגען איהר צימער און צו מאַכען איהר בעט. יעצט האָט זי זיך געמאַכט גאַנץ איינפאַך פאר א קרבן, ווען זי האָט זיך בעשלאָסען אויסצולערנען טאפּסי'ן צו מאַכען איהר צימער.

ווען די קליינע איז געווען אויסגעפּוצט מיט א נייע קליידעל און מיט א ווייכען געפּרעסטען פארטוך האָט זי מיסס אָפעליא אָנגעפאַנ־גען צו לערנען ווי צו מאַכען די בעט. זי האָט איהר געוויזען ווי אזוי צו לייגען און פערבייגען די ליילעכער, מיט דער רעכטער און ניט מיט דער לינקער זייט ארויף; ווי זי זאָל לייגען די קישענס און זאָ ווייטער, און די קליינע האָט צוגעשטימט ווען יענע האָט זי געפרעגט, אויב זי פערשטעהט.

און ווערענד די קליינע האָט צוגעשטימט אז זי פערשטעהט און יענע האָט צו איהר גערעדט מיט'ן רוקען צו איהר, האָט זי געכאַפּט פון קאָמאָד א פּאָאַר הענדשיקעס און א זיידענע לענטע און האָט עס שנעל אריינגערוקט אין די ארבעל. זי איז דאַן געשטאַנען מיט אראָפּ־געלאָזענע הענד אזוי ווי ניט איהר מיינט מען.

— יעצט טאפּסי, לאָמיך זעהען ווי דו וועסט עס מאַכען, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט אראָבנעהמענדיג די ליילעכער און זיך זעצענדיג אויף א שטוהל.

טאפּסי האָט זיך גענומען צו דער ארבייט זעהר ערנסט און עס איז ביי איהר געגאַנגען גאַנץ גוט, מיסס אָפעליא איז געווען זעהר צופריעדען. עס האָט אָבער געדאַרפט טרעפען א שלים מזל און ביי טאפּסי'ן איז ארויסגעקראָכען א שטיקעל זיידענע לענטע פון ארבעל. מיסס אָפעליא האָט עס גלייך בעמערקט און איז אויף איהר ארויף ווי א בליץ.

**— וואָס איז דאָס? דו שלעכטע, מיאוסע קינד, — דו האָסט עס גע'גנב'עט!**

מיסס אָפעליא האָט ארויסגעצויגען די גאַנצע לענטע פון טאפּסי'ס ארבעל. דיעזע האָט זיך אָבער קיין קאָפּ ניט דערשראָקען; זי האָט אויף דעם געקוקט מיט א בליק פון איבערראַשונג און פאַלשטענדיגער אונשולד.

— גאָט, דאָס איז דאָך מיכם פּילים (אָפעליא'ס) לענטע, ניט **אזוי? ווי אזוי האָט זיך דאָס אַנגעטשעפּעט אָן מיין ארבעל?**

— טאַפּסי, דו שלעכטע מיידעל, דערציייל מיר ניט קיין ליגען,
— דו האָסט גע'גנב'עט די לענטע !

— מיסים, איך שווער, אז איך האָב עס ניט געטהאָן ; איך האָב עס קיין מאָל ניט געזעהען ביז דיעזער מינוט.

— טאַפּסי, ווייסטו דען ניט אז עס איז א זינד צו זאָגען ליגען.

— איך דערציייל קיין מאָל קיין ליגען ניט, מיסס פילי, האָט טאַפּסי זעהר ערנסט געזאָגט. איך האָב אייך געזאָגט דעם ריינעם אמת און ווייטער ניט.

— טאַפּסי, איך וועל דיך לאָזען שמייסען אז דו וועסט זאָגען אזעלכע ליגען.

— גאָט, מיסים, ווען איהר וועט מיך שמייסען א גאַנצען טאָג וועל איך אנדערש ניט זאָגען, האָט טאַפּסי געזאָגט מיט א מינע צום וויינען. איך האָב עס קיינמאָל ניט געזעהען. עס האָט זיך געמווזט פערטשעפּען אָן מיין ארבעל.

מיסס אָפעליא איז געוואָרען אזוי אויסער זיך איבער דיעזען נאַקעטען ליגען, דאָס זי האָט געכאַפּט דאָס קינד און האָט זי געטרייסעלט.

— זאָג דאָס מיר ניט נאָך אמאָל !

דער טרייסלען האָט ארויכגעשאָקעלט די הענדטשיקעס פון דעם אנדערן ארבעל.

— און איצטער ! האָט מיסס אָפעליא אויסגערופען, וועסטו נאָך אלץ זאָגען, אז דו האָסט ניט גע'גנב'עט די לענטע ?

טאַפּסי האָט זיך מודה געווען אין די הענטשיקעס, אָבער האָט נאָך אלץ געלייקענט, אז זי האָט גע'גנב'עט די לענטע.

— יעצט, טאַפּסי, ווען דו וועסט זיך אין אלעם מודה זיין, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט, וועל איך דיך דעם מאָל ניט שמייסען.

טאַפּסי האָט זיך מודה געווען אין דעם בענגדעל אויך און האָט צוגעזאָגט אז זי וועט עס שוין מעהר ניט טהאָן.

— יעצט זאָג מיר ; דו האָסט דאָך געוויס גענומען אנדערע זאַכען אויך ווען דו ביזט געכטען געווען א גאַנצען טאָג אין שטוב אליין. דערציייל מיר אויב דו האָסט עפּעס גענומען, וועל איך דיך ניט שמייסען.

— גאָט, מיסיס, איך האָב צוגענומען עווא'ס רויטע זאַך וואָס זי טראָגט אויפ'ן האַלז.

— דו האָסט עס געטהאָן, דו שלעכטע קינד! און וואָס נאָך?

— איך האָב צוגענומען ראָזא'ס אויערינגלעך, די רויטע.

— געה, ברייננ מיר ביידע זאַכען, אָבער טאַקי באַלד!

— גאָט, מיסיס, איך קען ניט. זיי זיינען פערברענט!

— פערברענט! וואָס דערציילסטו מיר פאַר אַ געשיכטע! געה, ברייננ מיר זיי, ווען ניט וועל איך דיך שמייסען.

טאָפּסי האָט געשוואָרען, געוויינט און געקרעכצט און האָט בעהויפּטעט אַז זי קען ניט. זיי זיינען פערברענט, זיבער פערברענט.

— צו וואָס האָסטו זיי פערברענט? האָט מיסס אָפעליא געפרעגט.

— ווייל איך בין אַ זינדיגע. זעהר אַ זינדיגע. איך קען דערצו ניט העלפען.

גראַד אין דיעזען מאָמענט איז עווא אריינגעקומען און זי האָט געטראָגען דיזעלבע קאָרעלען אויף איהר האַלז.

— עווא, וואו האָסטו גענומען דיין האַלז־באַנד? האָט מיסס אָפעליא געפרעגט.

— וואו איך האָב איהם גענומען? איך טראָג איהם דעם גאַנצען טאָג אויפ'ן האַלז, האָט עווא געענטפערט.

— האָסטו איהם נעכטען אויך געטראָגען?

— און נאָך מעהר, טאַנטע, איך האָב איהם פערגעסען אראָפּצונעהמען ווען איך בין געגאַנגען שלאָפען.

מיסס אָפעליא איז אין גאַנצען צוטומעלט געוואָרען, דערצו נאָך איז אריינגעקומען ראָזא מיט אַ קאָרב געפרעסטע וועש און האָט געטראָגען איהרע קאָרעלען אויערינגלעך.

— איך וויים זיכער ניט וואָס איך זאָל טהאָן מיט אַזא קינד, האָט זי געזאָגט אין פערצווייפלונג. צו וואָס האָסטו געזאָגט אַז דו האָסט צוגענומען זייערע זאַכען, טאָפּסי?

— ווייל די מיסיס האָט געזאָגט, אַז איך מוז זיך מודה זיין, האָב איך אין דער מינוט ניט געוואוסט וואָס איך זאָל זיך מודה זיין, האָט טאָפּסי געענטפערט זיך רייבענדיג די אויגען.

— אָבער איך האָב ניט געוואָלט אַז דו זאָלסט זיך מודה זיין אויף זאַכען וואָס דו האָסט ניט געטהאָן, האָט אָפעליא געזאָגט. דאָס הייסט זאָגען אַ ליגען, אַזוי ווי יענעם.

— גאָט, איז עס אַ ליגען ? האָט טאָפּסי געפרעגט מיט אַ מינע פון ווירקליכען שטוינען.

— גאָט, ביי דעם נפש איז קיין וואָהר וואָרט ניטאָ, האָט ראָזא געזאָגט קוקענדיג מיט צאָרן אויף טאָפּסי. ווען איך וואָלט געווען מאַסטער סיינט קלער, וואָלט איך זי געשמיסען ביז בלוט וואָלט געשפּריצט. זי וואָלט עס ביי מיר געווים געהאַט.

— ניין, ניין, ראָזע, האָט עווא געזאָגט, מיט אַ בעפעהלענדע שטימע. דו דאַרפסט אַזוי ניט ריידען, ראָזא. איך קען דאָס ניט הערן.

— אָה, מיסס עווא, איהר זייט אַזא גוטע, איהר ווייסט ניט ווי אומצוגעהן מיט נעגערס. דער איינציגער וועג איז צו שניידען פון זיי שטיקער.

— ראָזא ! האָט עווא אויסגערופען, בלייב שטיל ! זאָלסט מעהר ניט ריידען אַזעלכע ווערטער ! און דעם קינד'ס אויגען האָבען געבליצט און איהרע באַקען זיינען געוואָרען רויט.

ראָזא האָט גלייך געענדערט איהר מיינונג.

— מיסס עווא האָט סיינט קלער'ס בלוט אין איהרע אָדערן, דאָס זעהט מען קלאָהר. זי קען רעדען ווי איהר פּאַפּאַ, האָט ראָזא געזאָגט און איז אַרויס פון צימער.

עווא איז געשטאַנען און האָט בעטראַכט טאָפּסי'ן.

דאָ האָט מען געזעהען צוויי קינדער, די פאָרשטעהער פון דער העכסטער און פון דער נידריגסטער געזעלשאַפט, די שעהנע הויך ערצויגענע קינד מיט איהרע גילדענע האָאָר, איהר טיפע אויגען, מיט איהר גייסטיגען און עדעלען געזיכט, מיט איהר פּרינצליכער בעוועגונג, — און איהר שוואַרצער אונטעריאָכטער און דאָך לעבהאַפטער שכן.

דאָס זיינען געווען די פאָרשטעהער, יעדערער פון זיין ראַסע. די זאַקסישע האָט געשטאַמט פון דורות פון ערציהונג, פון רעגיערען, פון בילדונג, פון קערפּערליכער און מאָראַלישער ערשיינונג, און די

אַפריקאַנערין האָט געשטאַמט פון דורות פון אונטערדריקונג, אונטער־וואָרפענהייט, אונוויסענהייט, פראַצע און פערברעכען.

עס קען זיין אַז עטוואָס דערפון איז געווען אין עוואַ׳ס גדאַנקען, אָבער קינדערשע גדאַנקען. איהר עדלע נאַטור האָט עפּעס געוואָלט אָבער זי האָט עס זיך ניט געקענט ערקלעהרען. ווען מיסס אָפעליאַ האָט געשטראָפט טאָפּסי׳ן פאַר איהרע שלעכטע פיהרונג, איז די קינד געווען טרויעריג און האָט דאַך געזאָגט מיט אַ זיסער שטימע:

— אָרימע טאָפּסי, צו וואָס דאַרפסטו גנב׳ענען? מען וועט דיך איצטער גוט בעהאַנדלען. איך וועל דיר בעסער געבען וואָס דו ווילסט פון מיינע זאַכען, אבי דו זאָלסט ניט גנב׳ענען.

דאָס איז געווען דער ערשטער פריינדליכער וואָרט וואָס די קינד האָט געהערט אין איהר לעבען. און דער זיסער טאָן פון דער שטימע האָט געטראָפען גלייך אין איהר פערהאַרטעוועטען האַרצען, און אַ פינטעל פון אַ טרעהר האָט זיך בעוויזען אין איהר רונדע, גלענציגע אויגען, אָבער באַלד דערויף איז געקומען דער קורצער לאַכען און דער שצירענען פון די צייהן. איהר אויער, וועלכער איז געווען געוויינט צו הערען נאָר קללות, איז געווען טויב צו געטליכע, זיסע רייד. טאָפּסי האָט בעטראַכט עוואַ׳ס ווערטער פאַר אַ מין אונערקלעהרליכע שפּאַסיגע זאַך. זי האָט איהר ניט געגלויבט.

פאַר מיסס אָפעליאַ איז יעצט געשטאַנען אַ שווערע אויפגאַבע. זי האָט ניט געוואוסט ווי זי זאָל האַנדלען מיט דער קליינער שוואַר־צער.

— איך וויים ניט, האָט זי געזאָגט צו סיינט קלער, ווי אַזוי איך וועל אויסקומען מיט איהר אָהן שמייסען.

— דאַן, שמייס זי, ווי פיעל די האַרץ געלוסט. איך גיב דיר די פולע מאַכט מיט איהר צו טהאָן וואָס דו ווילסט.

— קינדער דאַרף מען אַלע מאָל שמייסען, האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, אַז מען זאָל ערציעהען קינדער און זיי ניט שמייסען.

— אָה, יעס, גאַנץ געוויס, האָט סיינט קלער געזאָגט. טהו ווי דו פערשטעהסט. פון דעסטוועגען וועל איך דיר עטוואָס בעמער־קען. איך האָב געזעהען ווי מען האָט די מיידעל געשלאָגען מיט איין אייזערנער קאָטשערע, און אַניעדערגעשלאָגען מיט איין אייזערנער

צוואנג און ווי זי האט עס פערטראגען, גלויב איך ניט, אז דיין שמיי־סען וועט מעהרווירקען ווי יענע אייזענס.

— דו האסט אנגעפאנגען א שווערע פראגע, האט סיינט קלער געזאגט. איך וואלט וועלען אז ד ו זאלסט זי ענטפערן. וואס מען קען טהאן מיט א מענשען, וועלכען מען מוז בעהערשען נאר מיט א בולאווע, (וואס ווירקט ניט) איז א געוויינליכע פראגע!

— איך וויים ניט. איך האב נאך קיין מאל אזא קינד ניט גע־זעהען.

— אזעלכע קינדער זיינען א געוויינליכע זאך צווישען אונז. און אזעלכע מענער און אזעלכע פרויען אויך. ווי זאל מען זיי רעגיערען? האט סיינט קלער געזאגט.

— איך בין זיכער, האט אפעליא געזאגט, אז איך האב קיין בעגריף ניט.

— איך אויך ניט, האט סיינט קלער געזאגט. די שרעקליכע גרויעלטהאטען, וועלכע מען לעזט אמאל אין די צייטונגען, צום ביי־שפיעל, אזא פאל ווי פרוע'ס, פון וואנען קומען זיי? אין פיעלע פעלע איז עס א פערהארטעוועטער עסק פון ביידע זייטען; — דער בעזיצער ווערט וואס א מאל גרויזאמער אין דער מאס ווי דער דינער ווערט איינגעשפארטער. שלאגען און מארטערן זיינען אזוי ווי א שלאפטרונק, מען מוז פערדאפלען די פארציע נאך דער מאס ווי דער ווידערשטאנדס געפיהל ווערט שוואכער. דאס האב איך געזעהען גלייך אין אנפאנג ווען איך בין געווארען א שקלאווען־בעזיצער. און איך האב זיך בעשלאסען ניט אנצופאנגען, דען איך האב ניט געוואוסט ווען אויפצוהערען. איך האב זיך בעשלאסען צו היטען מיינע אייגענע מענשליכע געפיהלען. די פאלגען דערפון זיינען, דאס מיינע דיע־נער האנדלען ווי פערוויינטע קינדער. אבער איך געהם בעסער אן דאס, איידער איך און דער דיענער זאלען ביידע ווערען ווילדע חיות. דו האסט זעהר פיעל גערעדט וועגען ערציהען דיענערס. דא האב איך דיר געגעבען איינע פאר א פראבע. זעה וואס דו קענסט מאכען. דאס איז א קינד פון די טויזענדע צווישען אונז.

— דאס איז אייער סיסטעמע וואס מאכט אזעלכע קינדער, האט אפעליא געזאגט.

— דאָס ווייס איך. אָבער זיי זיינען דאָך שוין געמאַכט, זיי עקזיסטירען. די פראַגע איז, וואָס טהוט מען מיט זיי ?

— דאָס ווייס איך ניט. אָבער איך וויל זעהען וואָס איך קען טהאָן. און מיסכ אָפעליא האָט זיך גענומען ערנסט צו דיעזער פליכט. זי האָט גענומען איינטהיילען איהר ארבייט אין שטונדען, האָט זי אָנ־געפאַנגען צו לערנען לעזען און נעהען.

די קליינע האָט אַלעס בעגריפען זעהר שנעל. איבערהויפט האָט זי זיך גענומען פעסט צום לערנען לעזען. איינפאַכען דרוק האָט זי שוין געקענט לייכט לעזען. אָבער גאַנץ אַנדערס איז עס געוועזען מיט'ן נע־העזן. די קליינע בעשעפענים איז געוועזען פאַלש ווי אַ קאַץ און שנעל ווי איין אָבעזיאַנע. פאַר איהר איז געוועזען שווער צו זיצען אויפ'ן אָרט, האָט זי געזוכט אַלע מיטלען ווי דערפון לויז צו ווערען. אַלע צוויי מי־נוטען האָט זי צובראָכען אַ נאָדעל, דאַ האָט זיך פערפּלאָנטעט דער פאָדעם, און אַלע ווײַלע עפּעס אַנדערכ. זי האָט עס געמאַכט אַזוי קונ־ציג, דאָס מיסס אָפעליא האָט אויף קיין פאַל ניט געקענט וויסען צו טהוט זי עס בכיון אָדער דורך צופאַל.

טאָפּכי איז באַלד געוואָרען די הויפּט פיגור אין הויז. מיט איהר טאַנצען, זינגען, שפּרינגען, פייפען און נאָכמאַכען אַלעס האָט זי אַלעמען צוגעצויגען צו זיך, און אַלע האָבען זי בעוואונדערט. אויך פלעגט זי עווא בעוואונדערן און פלעגט שטענדיג זיין נעבען איהר. דאָס איז מיסס אָפעליא'ן ניט געפעלען געוואָרען און האָט געזאָגט סיינט קלער'ן, אַז זי האָט מורא, אַז עווא זאָל זיך פון איהר ניט אָפּ־לערנען איהרע זיטען.

— ווייס איך וואָס, האָט סיינט קלער געזאָגט, לאָז די קינדער צופריעדען. טאָפּסי וועט איהר נאָך טהאָן אַ טובה.

— דענקסטו ניט אַז אַזאַ פערדאָרבענע קינד וועט איהר ניט לער־נען מיאוסע זאַכען ?

— זי קען איהר ניט לערנען מיאוסע זאַכען. זי קען עס טהאָן מיט אַנדערע קינדער. שלעכטע מידות קייקלען זיך אַראָפּ פון עווא'ס ראַראַקטער אַזוי ווי טהוי־טראָפּענס פון אַ קרויט־בלעטעל — זיי זינ־קען קיינמאָל ניט איין.

— זיי ניט אַזוי זיכער, חאָט מיסכ אָפעליא געזאָגט. איך ווייס, אַז איך וואָלט מיין קינד ניט געלאָזען שפּיעלען מיט טאָפּסי'ן,

— וועל, דיינע קינדער זאָלען עס ניט טהאָן, האָט סיינט קלער געזאָגט, אָבער מיינע, יעס. ווען עווא וואָלט געקענט ווערען איי־בערגעפיהרט, וואָלט זי עס געווען שוין מיט יאָהרען צוריק.

צוערשט האָבען אַלע דינסטען פיינד געהאַט טאָפּסי'ן און האָבען פון איהר געמאַכט חוזק. אָבער באַלד האָבען זיי איינגעזעהן אז עס לוינט זיך ניט מיט איהר איינצורייסען, דען באַלד האָט ביי איינער געפעהלט א שפּיעלקע, ביי דער אַנדערער א פּאָאַר אויריינגלעך, ביי א דריטער צושניטען א גוטע קלייד ; דער אונטערגעלייגט עפּעס אונטער די פיס אז זי זאָל זיך הרג'ען, יענער ארויפגעגאָסען א פעטע זאַך אויף א ווייסע קלייד און זאָ ווייטער. אַלע האָבען געוואוכט, אז עס איז איהרע ארבייט, אָבער מען האָט זי ניט געקענט כאַפּען. מען האָט זי ווי פיעל מאָל גערופען אויפ'ן דאָפּראָס, אָבער זי האָט אַזוי אונשול־דיג אַלעס געלייקענט, דאָס מען האָט געמוזט איהר גלויבען. דאָך האָבען אַלע געמוזט מיט איהר מאַכען שלום און דער שאָרענמאַכען האָט אויפגעהערט.

טאָפּסי האָט אַלעס זעהר שנעל געלערנט. אין עטליכע מאָל האָט זי אויסגעלערנט צו מאַכען מיסס אָפעליא'ס צימער און זי פלעגט עס מאַכען אַזוי גוט דאָס זאָגאַר מיסס אָפעליא האָט ניט געפונען קיין פעה־לער. עס איז שוין געווען אַזוי, אז מיסס אָפעליא פלעגט אוועקגעהן און זי לאָזען אַליין אין צימער. דאָ פלעגט ווערען א לעבען פאַר טאָפּ־סי'ן. זי פלעגט איבערקעהרען די שטוב קאַפּויר. אנשטאַט צו מאַ־כען די בעט פלעגט זי אַלעס אראָפּשלעפּען אויף דער ערד, אָנטהאָן א קישען אויפ'ן קאָפּ און טאַנצען געגען שפּיעגעל.

ביי אַזאַ געלעגענהייט האָט מיסס אָפעליא געטראָפען טאָפּסי'ן מיט איהר בעסטען און טהייערסטען שאַל ארומגעוויקעלט ארום איהר קאָפּ אַזוי ווי א טורבאַן און טאַנצען געגען שפּיעגעל.

— טאָפּסי, פלעגט זי זאָגען ווען זי פלעגט שוין פערלירען די געדולד, צו וואָס טהוסטו דאָס ?

— איך וויים ניט, מיסיכ, איך דענק, ווייל איך בין זעהר זינדיג.

— איך וויים ניט וואָס איך זאָל מיט דיר טהאָן, טאָפּסי.

— גאָט, מיסים, איהר מוזט מיך שמייסען. מיין אַלטער מאַסטער האָט מיך אַלע מאָל געשמיסען.

— איך וויל דיך ניט שמייסען טאָפּסי. דו קענסט זיך אויפפיה־רען גוט ווען דו ווילסט. פאַר וואָס ווילסטו ניט ?

— גאָט, מיסים, איך בין געוויינט צום שמייסען און איך דענק אז דאָס איז גוט פאַר מיר.

מיסס אָפעליא האָט געמאַכט די פּראָבע און טאָפּסי האָט געמאַכט שרעקליכע קולות און האָט געשוואָרען, אז זי וועט שוין מעהר ניט טהאָן. א האַלבע שטונדע שפּעטער איז זי געשטאַנען אויפ׳ן באַלקאָן און האָט דערציילט די געשיכטע פאַר די שווארצע קינדער.

— גאָט, מיסים פילי איז אויך מיר א שמייסערין ! מיט אזא שמייסען קען מען אפילו קיין פליג ניט הרג׳ענען. איהר האָט געדאַרפט זעהען ווי דער אַלטער מאַסטער שמייסט, — שטיקער פלייש פליהען ! דער אַלטער מאַכטער ווייס ווי צו טהאָן.

טאָפּסי׳ס ערציעהונג איז געגאַנגען אין דיעזען וועג א יאָהר אָדער צוויי. מיסס אָפעליא האָט געהאַט קרענקונג פון איהר פון טאָג צו טאָג, און ענדליך האָט זי זיך אזוי געוויינט צו איהר אזוי ווי מען געוויינט זיך צו א שטענדיגער קראַנקהייט.

סיינט קלער האָט געהאַט פון איהר פערגעניגען אזוי ווי מען האָט פון די קונצען פון א פּאַפּוגאַי. ווען טאָפּסי האָט עפּעס אָפּגעטהאָן און מען פלעגט איהר נאָכלויפען, פלעגט זי זיך בעהאַלטען הינטער סיינט קלער׳ס שטוהל און ער פלעגט מאַכען שלום. זי פלעגט פון איהם זעהר אָפט בעקומען קאָנפעקטען און פרוכטען, פלעגט זי דאָס ארויס־טראָגען אויפ׳ן באַלקאָן און זיך צוטהיילען מיט די אַנדערע קינדער. דאָס האָט מען געמוזט צוגעבען, אז זי האָט געהאַט א גוטע הארץ און איז ניט געווען קאַרג.

---

## איין־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## קענטאַקי.

אונזערע לעזער וואָלטען אודאי וועלען א קוק טהאָן צוריק אויף א קורצע ווייַלע אין אַנקעל טאָם׳ס קעבין אין דער קענטאַקער פאַרם און זעהען ווי עס געהט די, וועלכע ער האָט צוריק געלאָזען.

עס איז געווען שפּעט אין א זומערדיגען נאָכמיטאג און די טהי־רען און פענסטער פון דעם גרויסען זאַל זיינען געווען אָפען כדי א פרישער, קיהלער ווינטעל זאָל אהין אריין.

מר. שעלבי איז געזעסען אין א גרויסען קאָרידאָר מיט א טהיר צום זאַל און וועלכער האָט זיך געצויגען דורך די גאַנצע לענג פון הויז פון איין באַלקאָן צום אנדערן. ער איז זיך געזעסען געמיטהליך אָנ־געלעהנט אויף איין שטוהל און אויף א צווייטען האָט ער אויסגעצויגען די פיס. ער האָט דערביי געהאַט דעם גענוס פון זיין נאָכמיטאג ציגאַר. מיסעס שעלבי איז געזעסען אין דער טהיר מיט געגעה אין האנד און איז געווען פערטראַכט. מען האָט געזעהען אז זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגען און האָט געוואַרט אויף א געלעגענהייט.

— ווייסטו, האָט זי געזאָגט, אז קלאָע האָט בעקומען א בריעף פון טאָם'ן.

— אזוי! טאָם מוז דאָרטען האָבען פריינד, דענק איך. וואָס מאַכט דער אַלטער?

— א זעהר פיינע פאַמיליע האָט איהם געקויפט. ער ווערט זעהר גוט בעהאַנדעלט און האָט ווייניג וואָס צו טהאָן, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט.

— אָה, זעהר גוט. דאָס פרייט מיך ווירקליך, האָט מר. שעלבי לעבהאַפט געזאָגט. איך גלויב, אז טאָם וועט זיך איינגעוויינען אין סאוטה, וועט ער שוין ניט וועלען קומען אהער.

— אין גענענטהייל, ער פרעגט זיך זעהר נאָך, האָט זי געזאָגט, ווען מען וועט האָבען די געלד איהם אויסצולייזען.

— איך וויים ווירקליך ניט, האָט מר. שעלבי געזאָגט. ווען די געשעפטען געהען אוועק ניט גוט, איז עס זעהר שווער צו פערבע־סערן. באָרגען פון איינעם און אוועקגעבען דעם אנדערן. די וועקס־לען מוזען בעצאָהלט ווערן, דער סוף איז אז מען וויים ניט וואוהין זיך פריהער צו וואַרפען.

— עס שיינט מיר, מיין טהייערע, אז עפּעס מוז דאָך געטהאָן ווערן אום די זאַך גלאַט צו מאַכען. ווי וואָלט געווען אז מיר וואָלטען פערקויפען אַלע פערד און איינע פון אונזערע פאַרעמס און אַלעמען אויסצאָהלען?

— אָה, נאַרישע עמיליע! דו ביזט די פיינסטע פרוי אין קענ־

טאָקי , דאָך האָסטו ניט גענוג שכל צו פערשטעהן וואָס געשעפט איז. פרויען פערשטעהען עס קיינמאָל ניט.

— אָבער דו קענסט דאָך מיר ווייניגסטענס געבען צו ערקלעהרען דיינע געשעפטען, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט. גיב מיר אַ צעטעל פון דיינע חובות, וואָס עס קומט יענעם און וואָס עס קומט דיר און לאָמיר ביידע צוזאַמען אויכרעכענען.

— אָה, לאָז מיך צופריעדען, עמיליע, איך קען ניט זאָגען אַקור־ראַט, אָבער איך האָב אין מיין קאָפּ אַלע רעכנונגען און איך וויים וואו איך האַלט. איך זאָג דיר, אַז דו פערשטעהסט גאָרניט וועגען געשעפט.

מיסעס שעלבי האָט געשוויגען און האָט לייכט געזיפצט. דער פאַקט איז, דאָס טראָץ דעם וואָס איהר מאַן האָט געזאָגט אַז די פרויען פערשטעהען ניט קיין געשעפט, האָט זי געהאַט אַ פיעל קלאָה־רערען, ענערגישערן און פּראַקטישערן קאָפּ און אַ שטאַרקערן כאַ־ראַקטער ווי איהר מאַן, און עס וואָלט געווען גאָרניט אַזוי נאַריש, ווען ער וואָלט איהר לאָזען אַ קוק טהאָן אין זיינע רעכענונגען און וואָלט געבעטען אַז זי זאָל איהם העלפען זוכען מיטלען ווי זיך אַרויסצודרע־העז פון זיין שווערער לאַגע.

— דענקסטו ניט, אַז מען קען געפינען אַ מיטעל צו שאַפען געלד אויסצולייזען טאָם'ען ? די אָרימע טאַנטע קלאָע איז אויס מענש.

— עס טהוט מיר זעהר לייד אויב עס איז אַזוי, און איך דענק, אַז איך האָב געמאַכט אַ פעהלער, ווען איך האָב איהר פערשפּראָכען, אַז איך וועל איהם אויסלייזען. איך בין איצטער אויך ניט זיכער און עס וועט זיין די בעסטע זאַך דאָס צו זאָגען קלאָע'ן, אַז זי זאָל גאָר־ניט ערוואַרטען. טאָם וועט אין אַ יאָהר אָדער צוויי האָבען אַנאַנדער פרוי, און זי זאָל זיך אויך בעסער אויסזוכען אַנאַנדערן.

— מר. שעלבי, איך האָב מיינע לייט געלערנט אַז זייער הייר־ראַטה איז אַזוי הייליג ווי אונזערע. איך וועל קלאָע'ן קיינמאָל ניט געבען אַזאַ עצה.

— עס איז אַ מיטלייד, מיין ווייב, וואָס דו האָסט זיי אָנגע־לאָדען מיט מידות וואָס זיינען איבער זייערן שטאַנד און זיינען צו הויך פאַר זיי. דאָס האָב איך אַלע מאָל געדענקט.

— דאָס זיינען דאָך נאָר די מידות פון דער ביבעל, מר. שעלבי.

— וועל, וועל, עמיליע, איך זוך זיך ניט צו מישען אין דיינע רעליגיעזע עסקים, אָבער זיי זיינען זעהר ניט פּאַסענד פאר מענשען פון אזא שטאנד.

— געוויס זיינען זיי פּאַסענד, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט, און דערפאר האָס איך טיעף אין הארצען די גאַנצע געשיכטע. איך זאָג דיר, מיין טהייערער, אַז מיט אזעלכע אויסריידען קען איך זיך ניט פריי מאכען פון מיינע פערשפּרעכונגען, וועלכע איך האָב געגעבען דיעזע אָרימע נפשות. אויב איך קען אנדערש ניט שאַפען די געלד, וועל איך געבען מוזיק שטונדען. דערמיט וועל איך זיין אין שטאנד צו שאַפען דאָס געלד.

— וועסטו זיך דערמיט ניט ערנידריגען, עמיליע? איך וואָלט עס קיינמאָל ניט צולאָזען.

— ערנידריגען! וועט עס ניט זיין נאָך ערגער ערנידריגט, ווען איך וועל ברעכען מיין וואָרט געגען די הילפלאָזע נפשות? גאַנץ געוויס!

— וועל, דו ביזט אַלע מאָל איינגעשפּארט, האָט מר. שעלבי געזאָגט, קענסט עס טהאָן, אָבער בעפאָר דו טהוכט אזא דאָן־קיכאָ־טישע זאַך, זאָלסטו זיך גוט איבערלעגען.

דאָ איז די אונטערהאַלטונג אונטערבראָכען געוואָרען דורך דעם אָנקומען פון טאַנטע קלאָע אויף דער וועראַנדא.

— פערצייהט מיר, מיסים, האָט זי געזאָגט.

— וועל, קלאָע, וואָס ווילסטו? האָט מיסעס שעלבי געפרעגט צוגעהענדיג צו איהר.

טאַנטע קלאָע האָט אָנגעפאַנגען צו ריידען וועגען עופות און ווי אזוי זיי זאָלען געמאַכט ווערען און מען האָט פערשטאַנען נאָך איהר מינע אַז ניט דאָס האָט זי געוואָלט. ענדליך האָט זי געזאָגט מיט אַ קור־צען געלעכטער, ווי די טבע איז פון די נעגערס ווען זיי ווילען עפּעס זאָגען אונזיכערעס. —

— מיין גאָט, מיסים, פאר וואָס זאָל דער מאַסטער און די מי־סים זיך דאנה'ן וועגען געלד און זיך ניט בענוצען מיט דעם וואָס איז ביי זיי אין די הענד? האָט זי געזאָגט ווידער מיט דעם געלעכטער.

— איך פערשטעה דיך ניט, קלאָע, האָט מיסעס שעלבי גע־

זאָגט, ניט וויסענדיג אז קלאָע האָט געהערט די אונטערהאלטונג מיט איהר מאַן.

— גאָט, מיסיס, האָט זי געזאָגט ווייטער לאַבענדיג, אנדערע מענשען פערדינגען זייערע נעגערס און מאַכען דערביי געלד. זיי האַלטען ניט אזא באַנדע נעגערס, אז זיי זאָלען אויפעסען זייער לאַנד און הויז.

— וועל, קלאָע, ועמען שלאָגסטו פאָר צו פערדינגען ?

— גאָט, איך שלאָג גאָרניט פאָר, נאָר סעם האָט געזאָגט, אז אין לואיזוויל איז דאָ א קוכען בעקער וואָס דאַרף האָבען א העלפער און ער צאָהלט פיער דאָלאַר א וואָך.

— נו, קלאָע ?

— וועל, גאָט, איך דענק, מיסיס, אז סעלי איז שוין לאַנג מיט מיר און קען מאַכען דיזעלבע ארבייט וואָס איך. איך וואָלט גע־גאַנגען מאַכען די פיער דאָלאַר און לאָזען סעלי׳ן אויף מיין פּלאַץ. איך בין זיכער, אז איך וועל דאָרטען באַקען די קוכען אזוי גוט ווי דער בעסטער אין לואיזוויל.

— אָבער קלאָע, און דו וואָלסט איבערלאָזען דיינע קינדער ?

— גאָט, מיסיס, די אינגלעך זיינען שוין גענוג גרויס און קע־נען שוין עפּעס טאָן. און סעלי וועט אַכטונג געבען אויף דער קליינער. זי איז א רוהיגע קינד.

— לואיזוויל איז זעהר ווייט פון דאַנען.

— ווער האָט דערפאַר מורא ? עס איז אראָפּ וואַסער, אפשר ניט ווייט פון מיין אַלטען ? די לעצטע ווערטער האָט קלאָע געזאָגט מיט א פראַגע, קוקענדיג אויף מיסעס שעלבי.

— ניין, קלאָע, עס איז עטליכע הונדערט מייל פון דאָרטען, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט.

— קלאָע איז ביי זיך אראָפּגעפאַלען.

— עס מאַכט ניט, קלאָע, דיין געהן אהין וועט דיך ברענגען נעהענטער צו דיין מאַן. יעס, דו קענסט געהן, און יעדערער סענט פון דיין פערדיענסט וועט אוועקגעלעגט ווערן פאַר דיין מאַן׳ס אויס־לייזונג.

און אזוי ווי א ליכטיגער זונען שטראהל פערוואנדעלט א שוואר־צען וואָלקען אין זילבער, אזוי איז קלאָע׳ס שווארצע געזיכט גלייך בעלויכטען געוואָרען. זי האָט ווירקליך געשיינט.

— גאָט, מיסיס, איהר זייט א צו גוטע! איך האָב געדענקט וועגען דעם א לאנגע צייט. דערמאָנט זיך; איך דארף ניט האָבען קיין שיך, קיין קליידער, — איך קען שפּאָרען יעדערן סענט. וויפיעל וואָכען איז אין א יאָהר, מיסיס?

— צוויי און פופציג, האָט מיסעס שעלבי געענטפערט.

— אזוי, אזוי פיעל? און פאר יעדערער פון זיי פיער דאָלאר, וויפיעל מאכט עס אין גאנצען?

— צוויי הונדערט און אכט דאָלאר האָט מרס. שעלבי געענט־פערט.

— אי, אי! האָט קלאָע אויסגערופען מיט גרויסער פרייד. און ווי לאנג וועט עס מיר נעהמען אויסצוארבייטען די געלד, מיסיס?

— ארום פיער אָדער פינף יאָהר, קלאָע. און דאן דארפסטו דאָס אליין ניט טהאָן, איך וועל דיר אויך אביסעל העלפען.

— איך וויל דאָס גאָרניט הערן, אז די מיסיס זאָל געהן געבען מוזיק־שטונדען. דער מאַסטער האָט זעהר רעכט אין דעם. דאָס וועט ניט געהן. איך האָף אז קיינער פון אונזער פאמיליע וועט ניט קומען דערצו אזוי לאנג ווי איך האָב הענד.

— האָב קיין מורא ניט, קלאָע, איך וועל שוין זאָרגען פאר דער עהרע פון דער פאמיליע, האָט מיסעס שעלבי געזאָגט מיט א שמייכעל. אָבער ווען ווילסטו געהן?

— וועל, איך קען געהן ווען איך וויל. אָבער סעם וועט פיהרען זייניגע יונגע פערד צום טייך און ער האָט געזאָגט, אז איך קען מיט איהם מיטגעהן. דארף איך נאָר איינפּאַקען מיינע זאכען. ווען די מיסיס וויל, קען איך געהן מאָרגען אין דער פריה מיט סעם׳ען. די מיכים וועט מיר דערוויילע מאכען מיין פּאס און די רעקאָמענדאציע.

— וועל, קלאָע, איך וועל עס טהאָן, אויב מר. שעלבי האָט ניט דאגעגען. איך וועל מיט איהם דעריבער רעדען.

מיסעס שעלבי איז ארויף אויבען און טאנטע קלאָע איז פול מיט פרייד אריין צו זיך אין קעבין אָנצוגרייטען איהרע זאכען.

— גאָט, מאַסטער דזשאָרדזש! איהר ווייסט ניט, אז איך

געה מאָרגען אין לואיזוויל ! האָט זי געזאָגט צו דזשאָרדזש'ען, וועל־כער איז דאָ אריינגעקומען און האָט זי געטראָפען סאָרטירענדיג דעם קינד'ס זאַכען. איך געה פערדיענען פיער דאָלאר א וואָך, און די מיסים וועט עס אָפּלעגען פאַר מיר אויסצולייזען מיין אַלטען.

— אָהאָ ! האָט דזשאָרדזש געזאָגט, דאָס איז ווירקליך איין איינפאַל ! ווי אַזוי וועסטו פאָהרען ?

— מאָרגען מיט סעם'ען. און יעצט מאַסטער דזשאָרדזש וויל איך אַז איהר זאָלט מיר אָנשרייבען א בריעף צו מיין אַלטען און אַלעס דערצעהלען. וועט איהר עס טהאָן ?

— גאַנץ געוויס, האָט דזשאָרדזש געענטפערט. אַנקעל טאָם וועט זיך זעהר פרייען ווען ער וועט האָבען נייעס פון אונז. איך געה גלייך נעהמען טינט און פעדער, און דאַן ווייסטו, טאַנטע קלאָע, וועל איך איהם שרייבען די נייע יונגע פערד.

— געוויס, געוויס, מאַסטער דזשאָרדזש, טהוט אייער זאַך, און איך וועל דערווייל פאַר אייך מאַכען עפּעס איבערצוכאַפּען. איהר וועט ניט האָבען נאָך פיעל וועטשערעס פון אייער אַלטער אָרימער טאַנטע.

---

צוויי־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## די גראָז פערטריקענט, — די בלומען פערוועלקען

אונזער אַלעמענס לעבען לויפט אַוועק מיט איין טאָג נאָכ'ן אנ־דערן. אַזוי זיינען גלאָפּען די טעג ביי אונזער פריינד טאָם, ביז עס זיינען אַוועק צוויי יאָהר. כאָטש ער איז געווען געשיידט פון אַלעס וואָס איהם איז געווען טהייער, און כאָטש ער האָט געבענקט נאָך די וואָס ער האָט צוריקגעלאָזען, דאָך האָט ער זיך ניט אין גאַנצען גע־פיהלט פערוואָגעלט, דען די האַרפע פון דעם מענשענס געפיהלען איז אַזוי אויפגעצויגען, דאָס נאָר, ווען אַלע סטרונעס פּלאַצען, קען דער טאָן פון דער האַרפע פערדאָרבען ווערן. און ווען מיר קוקען צוריק אויף די פערגאַנגענע יאָהרען און מיר דערמאָהנען זיך אויף די טרויעריגע און פרייליכע שטונדען וואָס מיר האָבען געהאַט און מיר

פערגלייכען זיי, זעהען מיר, אז מיר זיינען ניט אין גאַנצען אונ־גליקליך.

טאָם האָט געלערנט אין זיין בוך, אז דער מענש מוז זיין צו־פריעדען מיט דער לאַגע אין וועלכער ער געפינט זיך. און דאָס האָט ער געטהאָן.

אויף דעם בריעף וואָס ער האָט געשיקט אהיים האָט ער בעקומען איין ענטפער פון דזשאָרדזש'ן, אין וועלכען ער האָט איהם מיטגע־טהיילט אַלעס פון דער היים, ווי טאַנטע קלאָע איז אוועק אלס קעכין אין לואיזוויל און ווי זי איז דאָרטען געוואָרען בעקאַנט אלס די בעסטע קוכען בעקערקע און ווי דער בעקער מאַכט געלד פון איהר ; דאָס זיינע צוויי זיהן זיינען בעשעפטיגט אין הויז און דאָס די קליינע מיי־דעלע געהט שוין ארום, און סעלי גיט אויף איהר אכטונג ; דאָס זיין שטיבעל איז יעצט פערמאַכט און דאָס זי וועט פערגרעכערט ווערען, ווען ער וועט קומען, אזוי ווי ער האָט איהם פערשפּראָכען. ער האָט אויך געשריעבען פון די נייע פערד און זייערע נעמען, און האָט בע־שריעבען אַלעס וואָס טהוט זיך אין הויז.

דער בריעף איז געווען געשריעבען אין אַ רונדע שול האַנדשריפט, אַבוואָהל קינדיש אָבער זעהר דייטליך. פאַר טאָם'ען איז דיעזער בריעף געווען אַ הייליגטהום. ער צוזאַמען מיט עוואַ'ן האָבען איהם געלעזען און האָבען בעשלאָסען איהם איינצוראַהמען.

די פריינדשאַפט צווישען טאָם און עוואַ'ן האָט געוואַקסען מיט איהר וואַקסען. עס איז שווער צו זאָגען, וועלכען פּלאַץ ער האָט פער־נומען אין איהר קינדישען הארצען, אָבער טאָם האָט זי פשוט פער־געטערט. ער האָט זי בעטראַכט אַלס אַ הייליגטהום און פלעגט זי אַלס אַזעלכע בעהאַנדלען. עוואַ איז געווען אַ גוטע לעזערין, ניט נאָך איהרע יאָהרען. זי פלעגט איהם פאָרלעזען און ער פלעגט זיך צו הערען אַזוי ווי מען הערט זיך צו אַ געטליכער שטימע.

איין זונטאָג אבענד זיינען זיי ביידע געזעסען אין גאָרטען אויף אַ פייכטען בערגעל בעוואַקסען מיט גראָז. עוואַ האָט געהאַלטען אַ בוך אין די הענד.

— זעהסטו דאָרטען יענע שעהנע שטערן, וועלכע שוועבען אין דער לופטען ווי מלאכים. דאָרטען מוז עס זיין זעהר שעהן. איך וועל דאָרטען אויך באַלד זיין.

דעם אַלטען טרייען טאָם האָט עס געגעבען אַ ריס אין הארצען. מיט זעקס מאָנאַט צוריק האָט ער שוין בעמערקט ווי איהר קליינע הענד ווערען דינער, איהר הויט מעהר דורכזיכטיג און איהר אָטהעם קירצער, און ווען זי פלעגט אַביסעל ארומלויפען אין גאָרטען פלעגט זיא גלייך ווערען מיעד. ער האָט אָפט געהערט מיסס אָפעליא׳ן זאָגענדיג, אַז עווא האָט אַזא מין הוסטען וואָס קיין מעדיצין קען ניט היילען. ביז יעצט האָט ער דערפון גאָרניט געדענקט. דאָ האָט זיך דערהערט די שטימע פון מיסס אָפעליא.

— עווא, עווא ! עס איז יעצט פייכט אין דרויסען, טאָרסט דאָרטען ניט זיצען !

עווא און טאָם זיינען גלייך אריינגעגאַנגען.

מיסס אָפעליא איז געווען זעהר ערפאַהרען צו בעהאַנדלען קראַנקע. זי איז געווען פון ניו־ענגלאַנד און האָט געקענט דעם ערשטען טריט פון דיעזער ווייכער, צודרינגליכער קראַנקהייט, וועלכע טויטעט די ליעבסטע און די טהייערסטע נאָך איידער זיי פאַנגען אָן צו לעבען.

זי האָט בעמערקט דעם לייכטען, טרוקענעם הוכט, די פלאַמענדע באַקען און דעם פיבער וועלכער איז געווען ביי איהר אין די אויגען.

זי האָט איבערגערעדט עטליכע מאָל מיט סיינט קלער׳ן וועגען דעם, אָבער ער האָט עס געמאַכט צו גאָרניט.

— מאַך ניט קיין פוסטע שרעק, קוזינע, איך האָב עס פיינט, פלעגט ער זאָגען, זעהסטו דען ניט אַז די קינד וואַקסט ? קינדער פערלירען אַלע מאָל די קראַפט ווען זיי וואַקסען שנעל.

— אָבער זי האָט אַ מאָדנעם הוסטען !

— ווייס איך וואָס, זי האָט זיך געמוזט עטוואָס צוקיהלען.

— וועל, פונקט אַזוי איז עס געווען מיט עליזא דזשיינע און אַזוי איז עס געווען מיט עלען און מאַריא סענדערס.

— אָה, הער אויף מיט דיינע מעשות. ביי אייך טהאָר קיין קינד ניט געבען קיין הוכט אָדער אַ ניס, וואָרים איהר זעהט אין דעם גלייך אַ געפעהרליכע קראַנקהייט. גיב נאָר אַכטונג אויף איהר. היט זי אָפּ פון נאַכט־לופט און זעה, אַז זי זאָל ניט שפּיעלען צו פיעל, וועט זי זיין געזונד.

„זעהסטו דאָרטען יענע שטערן, וועלכע שוועבען אין דער לופטען ווי מלאכים?“

אזוי האָט סיינט קלער נאָר געזאָגט, אין אמת'ן אָבער איז ער געוואָרען נערוועז און אונרוהיג. ער האָט פיבערהאפט געהיט עווא'ן טאָג און נאכט. ער האָט אפילו ניט אויפגעהערט צו זאָגען אז עס איז גאָרניט, אז דאָס איז א לייכטער, אונשעדליכער הוסט, אז דאָס קומט פון מאָגען, אָבער ער איז נעבען איהר געוועזן מעהר ווי אַלע מאָל. ער פלעגט זי אָפט פיהרען אויף פרישע לופט און פלעגט איהר געבען פערשיעדענע רפואות.

וואָס האָט איבערהויפּט סיינט קלער'ן מעהר געוואונדערט איז, דאָס, אַבוואָהל עווא איז אין אַלע איהרע בעוועגונגען געווען נאָך א קינד, פלעגט זי אָבער אָפט ניט־ווילענדיג ארויסזאָגען געדאנקען, וועלכע האָבען זיך געפּאסט פאר איין ערוואַקסענעם קלוגען מענשען. דאָס האָט איהם נאָך מעהר צונויפגעצויגען די האַרץ, דען ער האָט עס אָנגענומען פאר א שלעכטען סימן. ער פלעגט זי דאַן דריקען אין זיינע אָרעם, אזוי ווי ער וואָלט זי וועלען רעטען.

דער קינד'ס גאַנצע האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט ליעבע און גוטסקייט. גוטהערציג איז זי אַלע מאָל געווען, אָבער יעצט איז אויף איהר געזיכט געלעגען א מין טיעפער דענקען, וועלכען יעדערער האָט בעמערקט. זי האָט אַלע מאָל ליעב געהאט צו שפּיעלען מיט טאָפּסי'ן און מיט די אַנדערע שווארצע קינדער, אָבער יעצט איז זי געווען מעהר א צוקוקערין ווי א מיטשפּיעלערין. זי פלעגט זיצען א האַלבע שטונדע דורכאַנאַנד און קוקען ווי זיי שפּיעלען און פלעגט לאַכען פון טאָפּסי'ס קונצען; דאַן פלעגט א שאטען אַריבער איבער איהר גע־זיכט, איהרע אויגען פלעגען פערצויגען ווערען און איהרע געדאַנקען פלעגען זיין ווייט אוועק.

— מאַמאַ! האָט א מאָל עווא פּלוצלונג געזאָגט צו איהר מו־טער, פאר וואָס לערנען מיר ניט אונזערע דיענער לעזען?

— וואָס איז דאָס פאר א פראַגע, קינד? מענשען טהוען עס קיינמאָל ניט.

— פאר וואָס טהוען זיי דאָס ניט? האָט עווא געפרעגט.

— ווייל זיי דאַרפען דאָס ניט האָבען. דאָס העלפט ניט אז זיי זאָלען ארבייטען בעסער. און זיי זיינען ניט געשאַפען פאר עפּעס אַנדערש ווי צו ארבייטען.

— אָבער, מאַמאַ, איך דענק אז לעזען איז זעהר גוט פאר זיי.

דאָס ענטוויקעלט זיי אביסעל און זיי פערשטעהען בעסער זייערע פליכטען, און דאן וועל איך פערשפאָרען פאר זיי פּאַרצולעזען.

— דאָס איז אויך א נארישקייט, עווא. דו וועסט האָבען אנדערע זאכען צו טאָן ווי פּאַרצולעזען פאר די דיענסטען. ניט מיין אז דאָס איז שלעכט, דען ווען איך בין געווען געזונד פלעג איך עס אליין טהאָן. אָבער ווען דו וועסט האָבען צו טהאָן מיט׳ן קליידען זיך און געהן אין געזעלשאפטען, וועסטו קיין צייט ניט האָבען. זעהסטו, אָט דיעזע ציערונג וועל איך דיר געבען ווען דו וועכט אריינטרעטען אין דער געזעלשאפט. איך האָב זיי געטראָגען צו מיין ערשטען באַל. איך קען דיר זאָגען, אז איך האָב געמאכט א פוראָר מיט דעם.

עווא האָט גענומען די קעסטעלע מיט די ציערונג און האָט זי בעטראכט. זי האָט פון דאָרטען ארויסגענומען א דימענטענעם האלזבאנד און איהרע גרויסע, געדאנקענפולע אויגען האָבען זיך אויף איהם אָפּגעשטעלט, אָבער עס איז געווען קלאָהר, אז איהרע געדאנקען זיינען געווען ערגעץ אנדערש.

— ווי ערנסט דו קוקסט, קינד! האָט מערי געזאָגט.

— זיינען דיעזע דימענטען ווערטה א סך געלד, מאמא?

— געוויס זיינען זיי ווערטה, מיין פאטער האָט נאָך זיי געשיקט אין פראנקרייך. זיי זיינען ווערטה א קליינעם פערמעגען.

— הלוואי וואָלטען זיי געווען מיינע, האָט עווא געזאָגט, און איך זאָל מיט זיי קענען טהאָן וואָס איך וויל!

— וואָס וואָלסטו טהאָן מיט זיי?

— איך וואָלט זיי פערקויפען און קויפען א פּלאַץ אין די פרייע שטאאטען, און איך וואָלט אהין אריבערגעפיהרט אלע אונזערע לייט און וואָלט זיי דאָרטען געלערנט לעזען און שרייבען.

עווא׳ס ווערטער זיינען קורץ אָפּגעבראָכען געוואָרען ביי איהר מוטער׳ס געלעכטער.

— ווילסטו מאכען א פּאנסיאָן פאר זיי! וועסטו זיי אויך לערנען שפּיעלען פּיאנאָ און מאָהלען בילדער?

— איך וואָלט זיי לערנען לעזען און שרייבען; זיי זאָלען אליין לעזען און שרייבען זייערע בריעף, האָט עווא מיט פעסטקייט געזאָגט. איך ווייס, מאמא, אז עס איז זיי זעהר ביטער וועגען דיעזע בריעף. טאָם פיהלט עס, מעמי פיהלט עס און איך פיהל עס, אז עס

איז אַ גרויסער אונרעכט.

— דו רעדסט ווי אַ קינד, עוואַ. דו פערשטעהסט ניט די זאַך, האָט מערי געזאָגט. און צווייטענס מאַכט מיר דיין ריידען קאָפּ־שמערצען.

מערי האָט אַלע מאָל געהאַט קאָפּ־שמערצען, ווען איין אונטער־האַלטונג איז געווען ניט נאָך איהר געשמאַק.

עוואַ האָט זיך ארויסגע'גנב'עט, און פון דאַן אָן האָט זי זיך גע־נומען פעסט צו לערנען מעמי'ן לעזען.

---

## דריי־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## הענריק.

ארום דער צייט איז סיינט קלער'ס ברודער אַלפרעד מיט זיין עלטערן זוהן, אַ אינגעל פון צוועלף יאָהר, געקומען אויף אַ פּאָאַר טעג צו בעזוך אויף אוגוסטין'ס ווילאַ נעבען דעם לייק (אָזוראָ).

קיין שעהנערעס און זאָנדערבאַרערעס בילד האָט מען ניט גע־דאַרפט ווי צו בעטראַכטען דיעזע צווילינג ברידער. אנשטאַט וואָס די נאַטור האָט זיי געדאַרפט מאַכען עהנליך איינער צום אַנדערן, האָט זי זיי געמאַכט פּונקט פערקעהרט אין יעדערן פּונקט. דאָך האָט עס געשיינט אַז אַ געהיימע מאַכט האָט געמאַכט זייער פריינדשאַפט שטאַר־קער ווי געוויינליך.

זיי זיינען געגאַנגען געאַרעמט אין גאָרטען, ביידע שעהן און עדעל, מיט פערשיעדענע געשטאַלטען און מיט פערשיעדענע געזיכ־טער, און אַזוי ווי זיי זיינען געווען פערשיעדען אין זייערע קערפּער־ליכע פאָרמען, זיינען זיי אויך געווען פערשיעדען אין זייערע מיי־נונגען. און וואָס די מערקווירדיגסטע איז, איז וואָס מעהר זיי האָבען ניט געשטימט אין זייער מיינונג, אַלץ שטאַרקער איז געווען זייער ברידערליכע פריינדשאַפט.

הענריק, אַלפרעד'ס עלטערער זוהן איז געווען איין עדעלער פּרינצ־ליכער אינגעל מיט דונקעלע אויגען, פול מיט לעבען און גייסט. פון

דעם ערשטען אַנבליק איז ער געווען בעצויבערט פון זיין גייסטרייכער קוזינע עוואַנזשעלין.

עווא האָט געהאַט אַ שנעע־ווייסען פערדעל, אויף איהם צו זיצען איז געווען וויך ווי אין אַ וויעג און ער איז געווען אַ גוטער ווי זיין קליינע רייטערין. דעם פערדעל האָט טאָם געבראַכט צו דער וועראנדא און אַ קליינער מולאַטאַ האָט געפיהרט אַ שוואַרצען אַראַבישען פערדעל, וועלכען מען האָט פאַר אַ גרויסע סומע געלד געקויפט אין אויסלאַנד פאַר העגריק'ען.

העגריק איז געווען שטאָלץ מיט זיין נייען פערדעל. ער האָט איהם גאַנץ גענוי בעטראַכט און זיין געזיכט האָט זיך פערפינסטערט.

— וואָס איז דאָס, דאָדאָ, דו קליינער פוילער הונד! דו האָסט גאָר מיין פערד ניט גערייניגט היינט.

— יעס, מאַסטער, האָט דאָדאָ אונטערטהעניג געענטפערט. די שטויב וואָס ער האָט אויף זיך האָט ער יעצט בעקומען ווען ער האָט זיך געקייקעלט אויף דרערד.

— דו טויגעניכטס! האַלט דעם מויל! האָט העגריק געזאָגט אויפהויבענדיג די בייטש. ווי ערלויבסטו זיך צו ריידען.

דער אינגעל איז געווען אַ שעהנער מולאַטאַ מיט שעהנע אויגען און איז געווען פונקט אַזוי גרויס ווי העגריק, און זיינע געגרייזעלטע האָאָר זיינען אַראָפּגעהאַנגען איבער זיין שטאָלצען הויכען שטערן. ער האָט געהאַט ווייסע בלוט אין זיינע אָדערן, דאָס האָט מען געקענט זעהען פון דעם שנעלען רויט ווערען פון זיינע באַקען און פון דעם פייער אין זיינע אויגען, ווען ער האָט געוואָלט ריידען.

העגריק האָט איהם דערלאַנגט מיט דער בייטש איבער'ן פּנים, און אָננעהמענדיג איהם פאַר'ן אָרעם האָט ער איהם אַראָפּגעבויגען צו דער ערד און האָט איהם אַזוי לאַנג געשלאָגען ביז עס האָט איהם פערכאַפּט דער אָטהעם שלאָגענדיג.

— אָט האָסטו, דו אונפערשעהמטער הונד! וועסטו ווייטער ענטפערן ווען איך רעד צו דיר? נעהם צוריק דעם פערד און מאַך איהם ריין. איך וועל דיך לערנען דרך ארץ!

— יונגער מאַסטער, האָט טאָם געזאָגט. איך ווייס אַז ער האָט געוואָלט זאָגען, דאָס דער פערד האָט זיך געקאַטשעט ווען ער האָט איהם אַרויסגעפיהרט. דער פערד איז פול מיט פייער. דערפון האָט



הענריק דערלאנגט מיט׳ן בייטש דאָראַ׳ן.

ער געהאַט דעם שטויב אויף זיך. איך האָב געזעהען ווי ער האָט איהם ריינגעמאַכט.

— האַלט דיין צונג ביז מען זאָגט דיר אַז דו זאָלסט ריידען! האָט הענריק געענטפערט און איז ארויפגעגאַנגען אויף דער וועראַנדא וואו עווא איז געשטאַנען אין איהר רויט קלייד.

— טהייערע קוזינע, עס טהוט מיר לייד וואָס דער דומער קערל האָט מיך פערהאַלטען, האָט ער געזאָגט. לאָמיר דאָ זיצען און וואַר־טען ביז זיי קומען. וואָס איז די מעשה, קוזינע? דו זעהסט אוים אַזוי ערנסט.

— ווי אַזוי האָסטו געקענט זיין אַזוי גרויזאַם און שלעכט געגען דעם אָרימען דאָדאָ? האָט עווא געזאָגט.

— גרויזאַם, — שלעכט! האָט דער אינגעל אויסגערופען מיט ניט קיין פערשטעלטער איבערראַשונג, וואָס מיינסטו דערמיט, טהייערע עווא?

— איך וויל ניט אַז דו זאָלסט מיך רופען, „טהייערע עווא", ווען דו טהוסט אַזוי.

— טהייערע קוזינע, דו קענסט ניט דאָדאָ'ן. דאָס איז דער איינציגער וועג איהם צו בעהאַנדלען, אַז ער זאָל פאָלגען און ניט זאָגען קיין ליגענס. דער איינציגער וועג איז איהם גלייך אוועקצור־ליינען; ניט לאָזען איהם עפענען דעם מויל. אַזוי טהוט דער פּאַפּאַ.

— אָבער טאָם האָט געזאָגט, אַז עס איז געוועזען אַ סיבה, און ער זאָגט ניט קיין ליגען.

— דאַן איז ער איין אונגעוועהנליכער אַלטער נעגער! האָט הענריק געזאָגט. דאָדאָ קען זאָגען ליגען אַזוי לאַנג ווי ער רעדט.

— מיט דיין בעהאַנדלונג ברענגסטו איהם, אַז ער זאָל דיך נאַרען.

— אָבער עווא, מיט דיין אָננעהמען זיך אַזוי פאַר דאָדאָ'ן קענסטו מיך נאָך מאַכען אייפערזיכטיג.

— דו האָסט איהם געשלאָגען און ער האָט עס ניט פערדיענט.

— אַ מאָל דויערט עס אַ לאַנגע צייט וואָס ער פערדיענט צו זיין געשלאָגען און עס געהט איהם אָפּ גלאַט. אַ פּאָאָר שניט טהוט דאָ־דאָ'ן קיין שאָדען ניט; ער קען פיעל פערטראָגען. אָבער איך וועל

איהם מעהר ניט שלאָגען אין דיין געגענוואַרט, ווען דו קענסט עס ניט פערטראָגען.

עווא איז ניט געווען צופריעדען מיט דער ערקלעהרונג, אָבער זי האָט עס געפונען שווער איהר שעהנעם קוזין צו געבען פערשטעהן איהרע געפיהלען.

דאָדאָ איז באַלד געקומען מיט די פערד.

— וועל, דאָדאָ, דעם מאָל האָסטו עס געמאַכט גוט, האָט זיין יונגער מאַסטער געזאָגט מיט א מעהר פריינדליכען טאָן. יעצט געה האַלט מיסס עווא'ס פערד ביז איך וועל זי אריינזעצען אין זאָטעל.

דאָדאָ האָט זיך אוועקגעשטעלט נעבען עווא'ס פערדעל. זיין גע־זיכט איז געווען אויפגערעגט און זיינע אויגען האָבען געצייגט, אַז ער האָט געוויינט.

הענריק האָט אריינגעזעצט זיין קוזינע אין זאָטעל און האָט איהר דערלאַנגט די לייצעס אין האַנד. אָבער עווא האָט זיך אריבער־געבויגען אויף דער אַנדערער זייט וואו דאָדאָ איז געשטאַנען און האָט צו איהם געזאָגט:

— דו ביזט א גוטער יונג, דאָדאָ, איך דאַנק דיר!

דאָדאָ האָט אין איבעררעשונג א קוק געטהאָן אין די יונגע שעהנע געזיכט. דאָס בלוט איז איהם אריין אין געזיכט און טרעהרען אין די אויגען.

— קום אהער דאָדאָ, האָט זיין מאַסטער געזאָגט מיט א בע־פעהלענדען טאָן.

דאָדאָ איז צוגעשפרונגען און האָט געהאַלטען דעם פערד וועה־רענד זיין מאַסטער איז אויף איהם ארויפגעשטיגען.

אָט האָסטו געלד צו קויפען קאָנפעקטען, האָט הענריק געזאָגט. קענסט זיך געהן קויפען.

הענריק און עווא זיינען אוועקגעריטען. דאָדאָ איז געשטאַנען און האָט נאָכגעקוקט די צוויי קינדער. איינער האָט איהם געגעבען געלד, און איינע האָט איהם געגעבען א זאך וואָס ער האָט פיעל מעהר געוואָלט — א פריינדליכען וואָרט, פריינדליך גערעדט. ערשט עט־ליכע מאָנאַט ווי ער איז צוגענומען געוואָרען פון זיין מוטער, זיין מאַסטער האָט איהם געקויפט אין א סקלאַד פון שקלאַווען, צוליעב

זיין שעהנעם פּנים, וועלכער האָט זיך גערארפט פּאַסען צום פּערדעל. און זיין יונגער מאַסטער האָט עס איהם געלערנט זיין א דיענער.

די סצענע פון שלאָגען איז געזעהען געוואָרען פון ביידע ברידער סיינט קלער פון אַנאַנדער זייט פון גאָרטען.

אוגוסטין׳ס באַקען זיינען רויט געוואָרען, אָבער ער האָט נאָר בעמערקט מיט זיין געוועהנליכען נאַכלעסיגען טאָן.

— איך רעכען, אַז דאָס קען מען רופען רעפּובליקאַנישע בילדונג, אַלפרעד ?

— הענריק איז א פערטייוועלטער יונג, ווען די בלוט צוהיצט זיך אין איהם, האָט אַלפרעד נאַכלעסיג געענטפערט.

— איך מוז אננעהמען, אַז דו רעכענסט עס פאַר א ניצליכע פּראַקטיקע פאַר דיין זוהן ? האָט אוגוסטין טרוקען געזאָגט.

— ווען ניט, וואָלט איך עס אויך ניט געקענט העלפען. הענ־רעק איז אן אמת׳ער קליינער וויכער. איך און זיין מוטער האָבען שוין לאַנג אויפגעגעבען איהם צו ענדערן. אָבער דאָדאָ איז א פאַלשטענדי־גער רוח ; קיין שלאָגען ריהרט איהם ניט.

— און אַזוי גיט מען עס הענריקען צו פערשטעהן, אַז אונטער א רעפּובליק זיינען אַלע מענשען גלייך געבאָרען און פריי ?

— אהאָ ! האָט אַלפרעד געזאָגט, דאָס איז א שטיק פון טאָם דזשעפערסאָן׳ס פראַנצויזישע מיינונגען און א דומהייט. עס איז זעהר לעכערליך אַז דאָס זאָל אַרומגעהן צווישען אונז נאָך ביז היינטיגען טאָג.

— איך דענק אַזוי, האָט סיינט קלער מיט בעדייטונג געזאָגט.

— ווייל, האָט אַלפרעד געזאָגט, מיר קענען זעהען גאַנץ דייט־ליך אַז אַלע מענשען זיינען נ י ט געבאָרן פריי און גלייך, זיי זיינען געבאָרן גאַנץ פערשיעדען. איך, פון מיין זייט, דענק, אַז האַלב פון דיעזע רעפּובליקאַנישע ריידען איז גאַנץ איינפאַך שוואַץ. דאָס זיינען די געבילדעטע, די קלוגע, די רייכע, וועלכע דאַרפען האָבען גלייכע רעכטע און ניט די שקלאַפען.

— אויב איהר קענט האַלטען דיעזע שקלאַפען ביי דיעזער מיי־נונג, האָט אוגוסטין געזאָגט. אין פראַנקרייך האָבען דיעזע שקלע־פען א מאָל געצייגט ז י י ע ר מיינונג.

— נאַטירליך מוז מען זיי שטענדיג אַרונטערקוועטשען, אַזוי ווי

איך, דערביי האָט אַלפרעד אַ שטאַרקען טראָט געטהאָן מיט'ן פוס צו ווייזען ווי ער מיינט דאָס.

— מען גליטשט זיך אָבער שרעקליך אויס, ווען זיי הייבען זיך אויף — צום ביישפּיעל — אין סיינט דאָמינגאָ.

— ווייס איך וואָס ! האָט אַלפרעד געזאָגט, דאָ וועלען מיר שוין מיט זיי פאַרטיג ווערען. מיר מוזען זיך שטעלען געגען דיעזע בילדונג און ערציעהונג ריידעריייען, וועלכע געהען דאָ ארום. די נידריגע קלאַסע טהאָר ניט זיין געבילדעט.

— דאָס איז שוין קיין פראַגע ניט, האָט אוגוסטין געזאָגט, געלערנט וועלען זיי ווערן, די פראַגע איז נאָר, ווי אונזער סיסטעמע איז זיי צו בילדען אין ווילדקייט און רציחה. מיר פערשטוויסען פון זיי אַלע מענשליכע געפיהלען און מאַכען זיי פאַר ווילדע חיות, און ווען זיי זאָלען קריגען די אויבערמאַכט, וועלען מיר זיי געפינען אַלס ווילדע חיות.

— זיי וועלען קיינמאָל ניט האָבען די אויבערמאַכט, האָט אַלפרעד געזאָגט.

— זעהר רעכט, האָט סיינט קלער געזאָגט. פיל אָן דעם קאַסטען מיט דאַמפּף און זעץ זיך אויף איהם אַרויף און קוועטש אריין נאָך דאַמפּף, און אַז דער דעקעל וועט אויפשפּרינגען וועסטו זעהען וואו דו וועסט אהינקומען.

— וועל, האָט אַלפרעד געזאָגט, מיר וועלען זעהען. איך האָב קיין מורא ניט צו זיצען אויפ'ן קאַסטען אזוי לאַנג ווי ער איז שטאַרק און די מאַשין ארבייט גוט.

— די אדעלליים אין לואיס דעם זעכצעהנטען'ס צייטען האָבען אויך אזוי גערעדט. עסטרייך און פּיאוס דער נייגטער דענקען אויך אַזוי, אָבער איין שעהנעם מאָרגען קענט איהר זיך אַלע בעגעגנען אין דער לופטען ווען די קעסלען וועלען פּלאַצען.

— נו, וועט מען שטאַרבען, האָט אַלפרעד געזאָגט לאַכענדיג.

— איך זאָג דיר, האָט אוגוסטין געזאָגט, אַז ווי עס ווייזט וועלען זיך די מאַסען אויפהויבען און די אונטערשטע קלאַסע וועט זיין די אויבערשטע.

— דאָס איז איינע פון אייערע רויטע רעפּובליקאַנישע דומהייטען, האָט אַלפרעד געזאָגט. פאַר וואָס זאָלסטו ניט ווערען אַ רעד־

נער ? דו וואָלסט געקענט זיין אַ גוטער רעדנער פאַר די וואהלען ! אָבער איך האָף, אַז איך וועל שוין זיין טויט ביז דיינע שמוציגע מאַסען וועלען זיך אויפהויבען.

— שמוציג אָדער ניט שמוציג, זיי וועלען אייך רעגיערען ווען די צייט וועט קומען, און זיי וועלען זיין פונקט אזעלכע רעגיערער ווי איהר מאַכט זיי. די פראַנצויזישע אַדעלליט האָבען געוואָלט האָבען די סאַן קילאָט (אָפּגעריסענע) אַלס רעגיערער, האָבען זיי זיי גע־האַט מעהר ווי זיי האָבען געוואָלט. דאָס פאָלק פון האאיטי —

— חלומות ! נאַרישקייטען !

— וועל, האָט אוגוסטין געזאָגט, עס איז דאָ אַ ווערטעל וואָס זאָגט : „אזוי ווי עס איז געווען אין נח'ס צייטען אזוי וועט עס זיין !

— זיי האָבען געגעסען, זיי האָבען געטרונקען, זיי האָבען געפּלאַ־נעוועט, זיי האָבען געבויט און האָבען ניט געוואוסט, ביז דער מבול איז געקומען און האָט זיי אַלעמען איינגעשלונגען.״

— אין גאַנצען גענומען, אוגוסטין, דענק איך אַז דו האָסט אַ גרויסען טאַלאַנט פאַר אַ צירקוס רייטער, האָט אַלפרעד געזאָגט לאַ־כענדיג. זאָרג זיך ניט פאַר אונז. נייגציג פּראָצענט האָבען מיר. מיר האָבען די מאַכט. דיעזע אונטערדריקטע מאַסע, האָט ער געזאָגט אַ טראָט געבענדיג מיט'ן פוס, איז אונטען, און זאָל דאָרטען בליי־בען. מיר האָבען גענוג ענערגיע און ווייסען ווי זיך צו בענעהען מיט אונזערע פּוללווער מאַגאַזינעס.

— קינדער, וועלכע זיינען ערצויגען ווי דיין הענריק וועלען זיין די הויפּט אָפּעקונעס פון אייערע פּוללווער מאַגאַזינעס, האָט אוגוסטין געזאָגט, אזוי קאַלט און זעלבסטבעהערשענד ! אַ שפּריכוואָרט זאָגט : די יעניגע וואָס קענען זיך זעלבסט ניט בעהערשען, קענען ניט הערשען איבער אַנדערע.

— דו האָסט רעכט. הענריק איז אַ גוטהאַרציגער און פיינער יונג. אָבער ווען ער ווערט אויפגערעגט איז ער אַ טייוועל. דאָס קומט וואָס ער האָט צופיעל פרייהייט און דער קלימאַט ווירקט אויף איהם. איך דענק איהם צו שיקען אין נאָרד און איהם דאָרטען ערציעהען. ער וועט דאָרטען האָבען אַ גאַנץ אַנדערן אומגאַנג און זיין הייסער טעמפּעראַ־מענט וועט אָפּגעקיהלט ווערען. אָבער לאָמיר דאָס אוועקוואַרפען. מיר האָבען שוין דעריבער הונדערט מאָל גערעדט און יעדערער בלייבט ביי דעם זייניגען. קום לאָמיר שפּיעלען ביליאַרד.

און ביידע ברידער זיינען אריין אין זאַל.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבען זיך דערהערט טריט פון פערד. דאָס זיינען אָנגעקומען עווא מיט העגריקען. ביידע ברידער זיינען גלייך אַרויס אויף דער וועראַנדאַ.

— קוק, האָט אוגוסטין געזאָגט, האָסטו שוין אַ מאָל געזעהען אַ זאַך וואָס זאָל זיין אַזוי שעהן ! און אין אמת'ן איז געווען וואָס צו זעהען.

העגריק מיט זיין שטאָלצען געזיכט און זיינע שווארצע גלאַנ־ציגע לאָקען און פייערדיגע באַקען האָט פריילעך געלאַכט, ווערהענד ער האָט זיך איינגעבויגען צו זיין שעהנער קוזינע צוקומענדיג נע־הענטער צום הויז. דער רייטען האָט געמאַכט רויט עווא'ס באַקען און האָט נאָך פערגרעסערט דעם עפעקט פון איהר דורכזיכטיגער הויט און איהרע גאָלדענע האָאַר.

— גאָט אין הימעל ! האָט אַלפרעד אויסגערופען, וואָס פאַר אַ הימלישע שעהנהייט ! איך זאָג דיר, אוגוסט, ניט איין הארץ וועט זי אַ מאָל מאַכען קלאַפּען !

— גאַנץ געוויס וועט זי דאָס טהאָן. גאָט ווייס, איך האָב אַזוי מורא דערפאַר ! האָט סיינט קלער מיט אַ פּלוצליכען ביטערן טאָן גע־זאָגט אַראָפּלויפענדיג זי אַראָפּצונעהמען פון פערד.

— עווא, מיין טהייערע ! ביזט דאָך ניט זעהר מיעד, האָט ער אויסגערופען שליסענדיג זי אין זיינע אָרעמס.

— ניין, פּאַפּאַ, האָט דאָס קינד געזאָגט. אָבער איהר קורצער און הארטער אָטהעם האָט דאָך געשראָקען איהר פאָטער.

— צו וואָס ביזטו אַזוי שנעל געריטען ? דו ווייסט דאָך, אַז עס שאדט דיר.

— איך האָב זיך אַזוי גוט געפיהלט און עס איז מיר אַזוי געפעה־לען, דאָס איך האָב פערגעסען אָן דעם.

סיינט קלער האָט זי אַריינגעטראָגען אויף זיינע אָרעמס אין זאַל און האָט זי אַרויפגעלייגט אויף דער זאָפאַ.

— העגריק, דו מוזט זיין פאָרזיכטיג מיט עווא'ן, האָט ער גע־זאָגט. דו דאַרפסט מיט איהר ניט רייטען שנעל.

— איך וועל זי נעהמען אונטער מיין אויפזיכט, האט הענריק געזאגט זיך זעצענדיג נעבען זאפא און נעהמענדיג עווא'ס האנד.

— ווייסטו עווא, עס טהוט מיר אזוי באנג, דאס דער פאפא וועט דא מעהר ניט בלייבען ווי צוויי טעג, און איך וועל דיך ווייטער ניט קענען זעהען א לאנגע צייט. ווען איך זאל בלייבען מיט דיר, וואלט איך זיך געסטארעט צו זיין א גוטער אינגעל און ניט זיין אזוי שטרענג געגען דאדא'ן. איך מיין ניט צו זיין שלעכט געגען איהם, אבער דו ווייסט דאך, אז איך האב אזא היציגען כאראקטער. דאך בין איך ניט אזוי שלעכט צו איהם. איך גיב איהם צייטענווייז א מטבעה, און דו זעהסט אז ער געהט שעהן געקליידעט. איך דענק, אין אלעמען איז איהם ניט שלעכט.

— וואלט דיר אויך געווען ניט שלעכט, ווען דו וואלסט ניט געהאט קיין נפש אין דער וועלט ווער עס זאל דיך ליעבען?

— איך? נאטירליך ניט.

— און דו האסט צוגענומען דאדא'ן פון אלע זיינע פריינד וואס ער האט אמאל געהאט און האט איצטער ניט איין נפש וואס זאל איהם ליעבען. דער וואס טהוט דאס קען ניט זיין קיין גוטער.

— וועל, וואס קען איך דערצו טהאן? איך קען זיין מוטער ניט בעקומען, און איך קען איהם ניט ליעבען, אזוי ווי קיינער קען עס ניט טהאן, אזוי פיעל ווי איך ווייס.

— פאר וואס קענסטו ניט? האט עווא געפרעגט.

— ליעבען דאדא'ן! דו אליין עווא, וואלסט עס ניט ווע־לען. שוין גענוג אז איך זאל איהם גלייכען. ליעבסטו דיינע דיענער?

— גאנץ געוויס.

— מערקווירדיג!

— אויף יעדען פאל, האט זי געזאגט, טהייערער קוזין, זאלסטו ליעבען דעם ארימען דאדא, און זיין פריינדליך צו איהם פון מייגעט־וועגען!

— פון דיינעטוועגען וואלט איך אלעם ליעבען, טהייערע קוזי־נע, דען איך דענק ווירקליך, אז דו ביזט די ליעבליכסטע בעשעפע־ניס וואס איך האב א מאל געזעהען! און הענריק האט עס געזאגט מיט אזא ערנסט דאס זיין שעהנע געזיכט האט געבלישצעט. עווא

האָט אַנגענומען דיעזען ענטפּער גאַנץ נאַכלעסיג, אפילו איהר גע־זיכט האָט זיך אויף אַ האָאָר ניט פערענדערט. זי האָט נאָר געזאָגט: „עס פרייט מיך זעהר, ליעבער העניריק, וואָס דו פיהלסט אַזוי! איך האָף, אַז דו וועסט עס געדענקען."

דער קלונג צום עסען האָט געמאַכט אַ סוף פון דער אונטער־האַלטונג.

---

## פיער־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## דער פאַראויסגעהענדער שאָטען.

צוויי טעג נאָך דעם האָבען זיך אַלפרעד און אוגוסטין געשיידעט, און עווא, וועלכע האָט זיך געשפּיעלט מיט איהר קוזין איבער איהרע קרעפטען, האָט אָנגעפאַנגען שנעל שוואַכער צו ווערען. סיינט קלער האָט ענדליך איינגעוויליגט צו זוכען מעדיצינישע הילפען, פון וואָס ער האָט זיך אימער צוריקגעהאַלטען, ווייל ער האָט ניט געוואָלט צו־געבען אַז עווא איז ווירקליך קראַנק.

אָבער איין טאָג איז עווא געווען אַזוי קראַנק, דאָס זי האָט גע־מוזט בלייבען אין שטוב און מען האָט גערופען אַ דאָקטאָר.

מערי סיינט קלער האָט ניט געוואָלט הערען און זעהען אַז עווא איז קראַנק, דען זי האָט געדאַרפט שטודירען אַ פּאָאָר אייגענע קראַנק־הייטען, וואָס זי האָט זיך איינגעבילדעט, אַז זי האָט. ווער נאָך האָט עס געקענט זיין קראַנק אַ חוץ איהר? די אַנדערע זיינען געווען פוילענצער און וואָס בילדען זיך נאָר איין אַז זיי זיינען קראַנק. ווען זיי וואָלטען האָבען איהרע קראַנקהייט, וואָלטען זיי וויסען דעם אונ־טערשיעד.

מיסס אָפעליא האָט וויפיעל מאָל פּראָבירט זי אויפמערקזאַם מאַ־כען אויף עוואַ'ס ערנסטע קראַנקהייט, אָבער עס איז געווען אומ־זיסט.

— איך זעה גאָר ניט וואָס דעם קינד פעהלט, פלעגט זי זאָגען, זי לויפט ארום, זי שפּיעלט.

— אָבער זי הוסט.

— הוסט ! דארפסט מיר ניט דערציילען וואס הוסט איז. איך האב מיין גאנצען לעבען געהוסט. ווען איך בין געוועזן אין עווא'ס יאהרען, האט מען געמיינט, אז איך האב די שווינדזוכט. נאכט ביי נאכט פלעגט מעמי זיצען נעבען מיר. ווייס איך וואס, עווא'ס הוסטען איז גארניט.

— אבער זי ווערט שוואכער און איהר אטהעם ווערט קירצער.

— גאט, איך האב עס געהאט יאהרען לאנג. דאס איז נאר א נערווען שוואכקייט.

— אבער זי שוויצט אזוי ביי נאכט !

— וועל, איך האב געשוויצט צעהן יאהר. זעהר אפט איין נאכט נאך דער אנדערער. מיין וועש האט מען געדארפט אויסדרייען. עווא שוויצט א האאר אויך ניט אזוי !

מיסס אפעליא האט דערפון א לאנגע צייט ניט גערעדט. אבער יעצט ווען עווא איז שוין געוועזן גוט קראנק און א דאקטאר פלעגט געהן אלע טאג, האט מערי פלוצלונג געענדערט איהר מיינונג. יעצט האט עס געהייסען, אז זי האט עס אלע מאל געפיהלט און זי האט עס געוואוסט אז עס איז איהר בעשערט צו זיין די אונגליקליכסטע פון אלע מוטערס, יעצט מוז זי קראנקערהייד צוזעהען ווי איהר איינציגע געליעבטע קינד געהט פאר דער צייט אין קבר ! און אויף דעם חשבון פלעגט זי נאך מעהר אנפאלען אויף מעמי'ן און די אנדערע און צו זיי אויסלאזען איהר טרויעריגע מוטערליכע הארץ.

— מיין ליעבע מערי, רייד ניט אזוי ! האט סיינט קלער געזאגט, זי שטארבט נאך ניט.

— דו האסט ניט קיין מוטער'ס געפיהל, סיינט קלער, דו האסט מיך קיין מאל ניט פערשטאנען.

— אבער רייד ניט אזוי ווי אלעס וואלט שוין געוועזן פארביי !

— איך קען עס ניט נעהמען אזוי גלייכגילטיג ווי דו, סיינט קלער. ווען ד ו האסט קיין געפיהל ניט ווען דיין איינציגע קינד איז אין אזא שרעקליכען צושטאנד, האב א י ך דעם געפיהל. דאס איז א קלאפ פאר מיר, נאך אן ערגערער פאר אלע וואס איך האב ביז יעצט געהאט.

— עס איז אמת אז עווא איז א שוואכע קינד, האט סיינט קלער געזאגט, און דאס וואס זי האט שנעל געוואקסען האט זי נאך מעהר

אַפּגעשוואַכט און איהר לאַגע איז איצט איין ערנסטע, אָבער אַנגעהמען דאָס ערגסטע דארף מען ניט. דארפסט ניט פערגעסען אז די היץ, און דאָס וואָס זי האָט פערבראַכט מיט איהר קוזין האָבען אויך געווירקט אויף איהר שוואַכע געזונד. דער דאָקטאָר זאָגט, אז עס איז נאָך דאָ גענוג האָפנונג, אז זי וועט בעסער ווערען.

— נו, נאַטירליך, ווען איינער בעטראַכט נאָר די גוטע זייט ווי דו, זעהסט קיין מאָל קיין שלעכטס ניט. איך בענייד די מענשען, וועלכע האָבען ניט קיין טיפע געפיהלען. הלוואי וואָלט איך עס געקענט, וואָלט איך זיך ניט אזוי געקרענקט.

און מערי האָט זיך יעצט גענומען צו אַלעמען. ווער עס האָט גערעדט אַ וואָרט, אז עווא איז ניש־קשה האָט בעקומען פון איהר אַ טהייערע דרשה. עווא האָט געהערט דערפון, ווי איהר מוטער קרענקט זיך נעבעך פאַר איהר, און זי פלעגט וויינען און בעדויערן די אָרימע מאַמאַ.

אין אַ פּאָאַר וואָכען ארום האָבען זיך ביי עווא'ן בעוויזען סימנים פון בעסערונג, סימנים, וועלכע זיינען געוויינליך אין אזא קראַנקהייט פערעטהעריש. עווא האָט זיך ווידער בעוויזען אין גאָרטען, ווידער געשפּיעלט מיט די קינדער און איהר פאָטער האָט זיך געפיהלט דער גליקליכסטער מענש. ער האָט ערקלעהרט, אז באַלד וועט זי שוין זיין אין גאַנצען געזונד. נאָר מיסס אָפעליא און דער דאָקטאָר האָבען זיך ניט געפרייט מיט דיזער שיינענדער בעסערונג.

עווא איז ארויפגעקומען אויף דער וועראנדא וואו איהר פאטער איז געווען. עס איז געווען אין אַ שפּעטען נאַכמיטאַג און די שטראַהלען פון דער זונן האָבען אויף איהר געשיינט.

סיינט קלער האָט זי גערופען איהר צו צייגען אַ קליינע סטאַטוע וואָס ער האָט פאַר איהר געקויפט, אָבער איהר אויסזעהען האָט אויף איהם פּלוצלונג געמאַכט אַ שמערצליכען איינדרוק. עס גיבט אַ מין שעהנהייט, וועלכע איז אזוי געטליך זיס, דאָס מיר קענען ניט פערטראָגען דעם קוקען אויף איהר. איהר פאָטער האָט זי ארייננגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס, דאָס ער האָט פערגעסען וואָס ער האָט איהר געוואָלט דערצעהלען.

— עווא, די צייטען זעהסטו אויס בעסער. איז ניט אזוי?

— פּאַפּא, האָט עווא געזאָגט מיט אַ פּלוצליכער ענטשלאָסענ־




סיינט קלער און די קראנקע עווא.

הייט, איך האָב דיר עפּעס שוין לאַנג געוואָלט זאָגען. איך וועל דיר עס זאָגען איצטער, איידער איך ווער שוואַכער.

— סיינט קלער האָט געציטערט ווען עווא האָט זיך געזעצט אויף זיין שויס. זי האָט אָנגעלעהנט איהר קאָפּ אָן זיין ברוסט און האָט געזאָגט:

— עס האָט קיין צוועק ניט, פּאַפּאַ, אז איך זאָל נאָך לענגער שוויינען. עס קומט די צייט ווען איך וועל דיך דארפען פערלאָזען. איך געה אום קיינמאָל ניט צוריק צו קומען, האָט עווא שלוכצענדיג געזאָגט.

— וואָס רעדסטו, מיין טהייערע קליינע עווא, האָט סיינט קלער געזאָגט ציטערנדיג, אָבער ער האָט גערעדט מיט א לוסטיגער שטימע, דו רעדסט עפּעס אזעלכע נארישע זאכען. דארפסט ניט האָבען אזעלכע טרויריגע געדאנקען. זעה, איך האָב דיר געקויפט דיעזע קליינע סטאַטוע.

— ניין, פּאַפּאַ, האָט עווא געזאָגט, לייכט אוועקשטופּענדיג זיין האַנד, רייד זיך ניט איין, איך בין גאָר ניט בעסער; איך ווייס דאָס גאַנץ גוט, און עס וועט לאַנג ניט נעהמען ביז איך וועל געהן. איך רייד ניט קיין נארישע זאכען. ווען ניט דו, פּאַפּאַ, און מיינע פריינד, וואָלט איך געווען גאַנץ גליקליך. איך וועל געהן, און איך גאָר צו געהן.

— פאַר וואָס, ליעבעס קינד? וואָס האָט אזוי פערפינסטערט דיין קליינע הארץ? דו האָסט געהאַט אַלעס וואָס א מויל קען ריידען אז דו זאָלסט זיין גליקליך.

— עס זיינען דאָ א סך זאכען וואָס מאַכען מיך קראַנק, וועלכע זעהען פאַר מיר אויס שרעקליך. איך וואָלט עס ניט וועלען זעהען. אָבער איך וויל דיך ניט פערלאָזען; דאָס צורייסט מיר כמעט מיין הארץ.

— וואָס מאַכט דיך טרויעריג און וואָס שיינט דיר שרעקליך, עווא?

— אָה, זאכען, וועלכע ווערען געטהאָן יעצט און ווערען געטהאָן אין אַלע צייטען. די הארץ טהוט מיר וועה פאַר אונזערע אָרימע לייט (נעגערס). זיי ליעבען מיך טריי און זיי זיינען אַלע גוט און פריינדליך צו מיר. איך וואָלט וועלען פּאַפּאַ, אז זיי זאָלען אַלע זיין פריי.

— פאר וואס, עווא, קינד ; דענקסטו דען ניט, אז זיי לעבען אלע צופריעדען ?

— אָבער, פּאפּא, ווען עטוואס זאָל מיט דיר פּאסירען, וואס וועט ווערען פון זיי ? עס זיינען דאָ זעהר וועניג מענשען ווי דו, פּאַ־פּאַ. אָנקעל אלפרעד איז ניט ווי דו און די מאמא אויך ניט. און דאן דענק וועגען די אָרימע פּרוע׳ס בעזיצערם. וואס פאר א שרעקליכע זאכען מענשען טהוען און קענען טהאָן ! און עווא האט געשוידערט.

— מיין טהייערע קינד דו פיהלסט צו שטארק. עס טהוט מיר לייד וואס איך האב דיך געלאָזען הערען אזעלכע געשיכטען.

— אַט דאס מאכט מיך ליידען פּאפּא. דו ווילסט אז איך זאָל לעבען גליקליך און איך זאָל קיינמאָל ניט האָבען קיין שמערצען ; איך זאָל קיינמאָל גאָרניט ליידען, אפילו ניט הערען א טרויעריגע געשיכ־טע וועהרענד אנדערע אָרימע נפשות האָבען מעהר ניט ווי יסורים און שמערצען זייער גאנצען לעבען, — דאס איז אונרעכט. איך האב געדארפט וויסען אזעלכע זאכען ; איך האב עס געדארפט מיטפיהלען, אזעלכע זאכען זיינען אלע מאָל טיעף געזונקען אין מיין הארץ. איך האב געקלעהרט און געקלעהרט ארום זיי. פּאפּא, איז ניטאָ עפּעס א וועג פריי צו מאכען אלע שקלאווען ?

— דאס איז זעהר א שווערע פראגע, מיין טהייערע. עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט אז דער יעצטינגער וועג איז זעהר א שלעכטער, און פיעלע מענשען האָבען אויך דיזעלבע מיינונג ; איך זעלבסט אויך. איך וואָלט ווינשען אז עס זאָל ניט זיין קיין שקלאוו, אָבער דאך וויים איך ניט וואס מען קען טהאָן.

— פּאפּא, דו ביזט אזא גוטער מענש, אזוי עדעל און פריינד־ליך, און דו דערצעהלסט אלע מאָל אזעלכע זאכען וואס איז א פער־גענינגען צו הערען, וואָלסטו ניט געקענט געהן צווישען די מענשען און זיי איבערצייגען, אז זיי דארפען אזוי ניט האנדלען ? ווען איך וועל שטארבען, פּאפּא, וועסטו דענקען וועגען מיר און וועסט עס טהאָן צוליעב מיר. איך וואָלט עס געטהאָן, ווען איך וואָלט עס געקענט.

— ווען דו וועסט שטארבען, עווא ! האט סיינט קלער ליידענ־שאפטליך אויסגערופען. אָה, קינד, רעד ניט צו מיר אזוי ! דו ביזט אלעס וואס איך האב אויף דער וועלט !

— דער אָרימער אלטער פּרוע׳ס קינד, איז געווען אלעס וואס

זי האָט געהאָט, און דאָך האָט זי געהערט איהר קינד זיך שרייענדיג צו טויט און זי האָט איהר ניט געקענט העלפען. פּאפּא, דיעזע אָרימע נפשות האָבען ליעב זייערע קינדער ווי דו מיך. אָה, טהו פאַר זיי עפּעס! די אָרימע מעמי האָט ליעב איהרע קינדער, איך האָב זי געזעהען וויינענדיג ווען זי האָט וועגען זיי גערעדט. און טאָם האָט ליעב זיינע קינדער. עס איז שרעקליך, פּאפּאַ, ווען אזעלכע זאכען פּאסירען אלע טאָג!

— נאַ, נאַ, נשמה מיינע, האָט סיינט קלער געזאָגט מיט איין איינרייידענדער שטימע, זיי זיך נאָר ניט מצער און רעד ניט וועגען שטאַרבען, און איך וועל טהאָן אלעס וואָס דו פערלאַנגסט.

— פערשפּרעך מיר, טהייערער פאָטער, אז דו וועסט בעפרייען טאָם'ען אזוי באַלד — זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט געזאָגט מיט צוריקגעהאַלטענע ווערטער: ווי איך וועל שוין ניט זיין!

— יעס, טהייערע, איך וועל טהאָן אלעס אין דער וועלט; אלעס וואָס דו וועסט מיך בעטען.

— טהייערער פּאפּאַ, האָט דאָס קינד געזאָגט צולעגענדיג איהרע ברענענדע באַקען צו זיינע, ווי וואָלט איך וועלען, אז מיר זאָלען געהן צוזאַמען!

— וואוהין, הארץ מיינע?

— אויף יענער וועלט. עס איז אזוי זיס און פרידליך דאָרטען; אזוי ליעבליך! די קליינע האָט גערעדט, אזוי ווי זי וואָלט שוין דאָרטען געווען. ווילסטו ניט געהן מיט מיר, פּאפּאַ?

סיינט קלער האָט זי שטאַרקער צוגעצויגען צו זיך און האָט גע־שוויגען. ער האָט געזעהען, אז דאָס קינד האָט גערעדט פון היץ.

— איך וועל געהן נאָך דיר. איך וועל דיך ניט פערגעסען.

אזוי איז סיינט קלער געזעסען מיט זיין קינד, וועלכע ער האָט פעסט צוגעדריקט צו זיין הארצען ביז עס איז געוואָרען דונקעל, דאַן האָט ער זי אריינגעטראָגען אין איהר שלאָפצימער. דאָרטען האָט ער זיך מיט איהר אַנידערגעזעצט אין אַ שאָקעל שטוהל און האָט זי אזוי לאַנג געוויגט אין זיינע אָרעמס און צו איהר געזונגען ביז זי איז איינ־געשלאָפען.

## פינף־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## די קליינע עוואַנזשעלינע.

עס איז געווען אַ זונטאָג נאָכמיטאָג. סיינט קלער איז געזעסען אויף דער וועראַנדאַ אויף אַ שטרויענע באַנק און האָט גערויכערט אַ ציגאַר און מערי איז געזעסען אויף אַ זאָפאַ אין צימער נעבען פענסטער פון וועראַנדאַ מיט אַ בוך אין האַנד, וועלכען זי האָט כלומרשט געלעזען און איז אין אמת'ן ביסלעכווייז געשלאָפען.

מיסס אָפעליאַ מיט עוואַ'ן און טאָם אַלס קוטשער זיינען אַוועק אין קירכע.

— הער, אויגוסטין, האָט מערי געזאָגט נאָך אַ קליינעם דרעמיל, איך מוז שיקען אין שטאָדט נאָך מיין אַלטען דאָקטאָר פּאָזי, איך בין זיכער, אַז מיין האַרץ איז ניט אין גאַנצען.

— וועל, צו וואָס דאַרפסטו שיקען נאָך איהם ? עווא'ס איז אַ גוטער דאָקטאָר.

— אין אַ שווערען פאַל וועל איך איהם ניט טרויען, האָט מערי געזאָגט, און איך דענק, אַז מיין פאַל איז אַזאַ. די לעצטע דריי נעכט האָב איך דעריבער געקלערט. איך האָב אַזעלכע שמערצען און עפּעס אַ מאָדנעם געפיהל.

— מערי, מאַך זיך ניט נאַריש, איך גלויב ניט, אַז דיין האַרץ פעהלט עפּעס.

— איך ווייס אַז דו גלויבסט ניט. איך האָב דאָס ערוואַרטעט פון דיר. דו ציטערסט ווען עווא הוסט אָדער פאַר איהר קלענסטער זאַך, אָבער וועגען מיר דענקסטו קיינמאָל ניט.

— אויב עס איז דיר אַנגענעהם אַז דו זאָלסט האָבען אַ האַרץ־פעהלער, וועל איך זיך סטאַרען צוצוגעבען אַז דו האָסט עס, האָט סיינט קלער געזאָגט. איך האָב ניט געוואוסט, אַז דו האָסט אַ האַרץ־פעהלער.

— וועל, איך וואָלט נאַר ווינשען, אַז דו זאָלסט עס ניט בעדויערן ווען עס וועט שוין זיין צו שפּעט ! האָט מערי געזאָגט, אָבער קענסט מיר גלויבען אָדער ניט, די צרות און די בעוועגונגען וואָס איך האָב

געהאט וועגען עווא'ן האבען מיר געבראכט דיעזע קראנקהייט.

וועלכע בעוועגונגען זי האט געהאט איז זעהר שווער צו זאגען. סיינט קלער האט זיך געמאכט זיין אייגענעם פשט דעריבער און האט אנגעפאנגען שטארקער צו רויכען זיין ציגאר, ביז א וואגען איז צו־געפאהרען צו דער וועראנדא און עווא מיט אפעליא'ן זיינען ארונטער פון איהם.

מיסס אפעליא איז גלייך אוועק צו זיך אין צימער און עווא איז צוגעגאנגען צו איהר פאטער און האט זיך געזעצט אויף זיינע קניע.

באלד האבען זיך דערהערט קולות פון מיסס אפעליא ווי זי האט אויף אימעצען געשריען.

— וואס פאר א קונץ־שטיק האט שוין טאפסי דארטען ווידער בעוויזען ? האט סיינט קלער געפרעגט. אז דער ליארם קומט דורך איהר בין איך זיכער.

און אין א מינוט ארום האט זיך בעוויזען מיסס אפעליא שלע־פענדיג הינטער זיך דעם פערברעכער.

— קום נאר, קום ! האט זי געשריען, איך וועל דאס דערציי־לען דיין מאסטער !

— וואס האט שוין דארטען פאסירט ? האט אוגוסטין גע־פרעגט.

— עס האט פאסירט, אז איך וויל פון איהר מעהר ניט ליידען ! עס איז שוין איבער דער מאס ; פלייש און בלוט קען עס ניט פערטרא־גען ! איך האב זי איינגעשלאסען אין צימער און האב איהר געגעבען א בוך דארטען עפעס אויסצושטודירען, וואס האט זי געטהאן ? זי האט אויסגעזוכט די שליסלען פון מיין קאמאד און פון דארטען ארויסגענומען מיינע זיידענע לענטעס און האט זיי צושניטען אויף שטיקער און האט דערפון געמאכט קאפטקעס פאר איהר קוקלע. אזוי וואס האב איך נאך אין מיין לעבען ניט געזעהען !

— איך האב דיר געזאגט, קוזינע, האט מערי געזאגט, אז מיט דיעזע נפשות קען מען מיט גוטען ניט אויסקומען. ווען איך וואלט געקענט טהאן ווי איך וויל, האט זי געזאגט קוקענדיג מיט א פאר־ווארף אויף סיינט קלער, וואלט איך זי אוועקגעפיהרט צום שמייסער און וואלט זי אזוי לאנג געשמיסען ביז זי וואלט געבליעבען ליגען.

— איך צווייפעל גאר ניט אין דעם האט סיינט קלער געזאגט.

מיסס אָפעליא איז ניט געווען פון דיעזער מיינונג, זי איז געווען א גרויסע ווירטהין און יעדע זאך איז ביי איהר געווען טהייער, אָבער געהן פערשמייסען א קינד וועגען א קלייניגקייט איז געווען ווייט פון איהר.

— פאר קיין געלד אין דער וועלט וואָלט איך אזוי בעהאַנדעלט א קינד. אָבער ווירקליך אוגוסטין, איך וויים ניט וואס איך זאָל מיט איהר מאכען. איך האָב שוין פרובירט אַלע מיטלען, מיט גוטען און מיט בעזען און עס איז אזוי ווי אין וואנד.

— קום אהער טאפסי, דו מאַלפע! האָט סיינט קלער געזאָגט זי רופענדיג צו זיך.

טאפסי איז צוגעקומען. איהרע רונדע אויגען האָבען געבלישצעט און געפינטעלט מיט א מישונג פון פחד און לצנות.

— פאר וואס פיהרסטו זיך ניט אויף גוט? האָט סיינט קלער גע־פרעגט און זיך אַמוזירט מיט איהר מאָדנעם קוק.

— איך האָב א זינדיגע האַרץ, האָט טאפסי געענטפערט. מיסס פילי זאָגט אזוי.

— זעהסטו ניט וואס מיסס אָפעליא טהוט פאר דיר? זי זאָגט, אז זי האָט פאר דיר אַלעס געטהאָן.

— גאָט, יעס, מאַסטער! די אַלטע מיסעס פלעגט עס אויך זאָגען. זי האָט מיך פיעל בעסער געשמיסען. זי פלעגט מיר אויס־רייסען די האָאר און פלעגט קלאַפּען מיט מיין קאָפּ אין טהיר, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפען. און ווען זיי זאָלען אפילו ארויסרייסען אַלע האָאר פון מיין קאָפּ, וועט עס אויך ניט העלפען. אך, גאָט! איך בין אזוי זינדיג! איך בין דאך א נעגערקע, וואס קען מען ער־ווארטען!

— וועל, איך מוז זי אויפגעבען. איך וויל מעהר פון איהר קיין צרות ניט ליידען, האָט אָפעליא געזאָגט.

עווא, וועלכע איז געשטאַנען פון ווייטען און האָט צוגעזעהען די גאַנצע סצענע, האָט געגעבען טאפסי'ן א צייכען אז זי זאָל געהן מיט איהר. אויף דער ווערא‍נדא איז געווען א קליינער צימער אין גאַנצען פון גלאָז, דאָס איז געווען סיינט קלער'ס לעזע צימער. עווא מיט טאפסי'ן זיינען אהין אריין.

— איך וואָלט וועלען זעהען וואָס עווא וועט דאַרטען טאָן, האָט סיינט קלער געזאָגט.

ער איז צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער צו דער גלעזערנער טהיר, האָט אויפגעהויבען דעם פאָרהאַנג און האָט אריינגעקוקט. אין א מינוט ארום האָט ער געגעבען א צייכען צו מיסס אָפעליא'ן, אז זי זאָל צוקומען. דאָרטען זיינעןביידע קינדער געזעסען אויף דער פאָדלאָ־גע מיט דער זייט פון זייערע געזיכטער צו זיי. טאָפּסי מיט איהר לצנישען פּנים און עווא אויפגערעגט און מיט טרעהרען אין די אויגען.

— פאַר וואָס ביזטו אזוי שלעכט, טאָפּסי ? פאַר וואָס זאָלסטו זיך ניט סטאַרען צו זיין א גוטע מיידעל ? ליעבסטו דען קיינעם ניט, טאָפּסי ?

— איך וויים ניט וואָס ליעבע איז. איך האָב ליעב צוקערקעס און נאָך אזעלכע זאכען, האָט טאָפּסי געענטפערט.

— אָבער דו האָסט דאָך ליעב דיין פאָטער און מוטער ?

— איך האָב זיי קיינמאָל ניט געהאַט. איך האָב אייך דאָס שוין דערציילט, מיסס עווא.

— יעס, איך וויים, האָט עווא טרויריג געזאָגט, אָבער האָסטו דען ניט געהאַט א ברודער, א שוועסטער, א טאַנטע אָדער —

— ניין, קיינעם פון זיי. איך האָב גאָרניט געהאַט און האָב קיינעם ניט געהאַט.

— אָבער, טאָפּסי, ווען דו וואָלסט פּרובירען צו זיין א גוטע מיידעל וואָלסטו אפשר —

— איך קען קיין אַנדער זאַך ניט זיין ווי א נעגערקע. ווען איך וואָלט געווען אפילו הונדערט מאָל גוט, האָט טאָפּסי געזאָגט. ווען מען וואָלט פון מיר קענען אראָפּציהען די שווארצע הויט און איך וואָלט געוואָרען וויים, וואָלט איך פּרובירט.

— אָבער מענשען קענען דיך ליעבען אפילו ווען דו ביזט שווארץ, טאָפּסי. מיסס אָפעליא וואָלט דיך געליעבט, ווען דו וואָלסט געווען גוט.

טאָפּסי האָט געענטפערט מיט איהר געוועהנליכען איראָנישען לאַך.

— גלויבסטו דאָס ניט ? האָט עווא געזאָגט.

— ניין, זי קען מיך ניט פערטראָגען, ווייל איך בין א נעגערקע.

זי וואָלט בעסער פערטראָגען דעם אָנריהרען פון א מויז. קיינער קען ניט ליעבען קיין נעגערס און נעגערס קענען גאָר ניט טהאָן דערצו. וואָס קימערט עס מיך, און טאפּסי האָט אָנגעפאַנגען צו פייפען.

— אָ טאפּסי, אָרימע קינד, א י ך ליעב דיך, האָט עווא אויסגערופען מיט א פּלוצליכען געפיהל פון מיטלייד ארויפלייגענדיג איהרע ווייסע דינע האנד אויף טאפּסי'ס שולטער. איך ליעב דיך וויל דו האָסט ניט קיין פאָטער קיין מוטער אָדער א פריינד, וויל דו ביזט געווען איין אָרימע, געמאַטערטע קינד. איך ליעב דיך און איך וויל אז דו זאָלסט זיין א גוטע קינד. איך בין זעהר קראַנק, טאפּסי, און איך גלויב אז איך וועל שוין לאַנג ניט לעבען, און עס קרענקט מיך ווירקליך וואָס דו ביזט אזוי שלעכט. איך וואָלט וועלען, אז דו זאָלסט פּראָבירען צו ווערען בעסער פון מיינט וועגען, — איך וויל נאָר זיין א קורצע צייט מיט דיר.

די רונדע שאַרפע אויגען פון דער שוואַרצער קינד האָבען זיך אָנגעפיהלט מיט טרעהרען ; — גרויסע קלאָהרע טראָפּען האָבען זיך שווער אראָפּגעקייקעלט איינע נאָך איינע און זיינען געפאַלען אויף די קליינע ווייסע האנד. זי האָט איינגעבויגען דעם קאָפּ צווישען איהרע קניע און האָט געוויינט אין דער הויך, ווערענד די שעהנע קינד האָט זיך אראָפּגעבויגען צו איהר און האָט געזאָגט :

— ווייַן ניט טאפּסי. איך זעה, אז דו האָסט א גוטע הארץ און איך בין זיכער, אז דו וועסט זיין א גוטע קינד.

— אָ טהייערע מיסס עווא. איך וועל זיך סטאַרען צו זיין גוט. פריהער האָב איך זיך וועגען דעם ניט געקימערט.

דאָ האָט סיינט קלער אראָפּגעלאָזען דעם פאָרהאַנג.

— נו, וואָס זאָגסטו יעצט ? האָט ער געזאָגט צו מיסס אָפעליא.

— איך האָב אַלע מאָל געהאַט א פאָראורטהייל געגען נעגערס, און דער אמת איז, אז איך האָב קיינמאָל ניט געקענט פערטראָגען, אז דאָס קינד זאָל מיך אָנריהרען, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט, אָבער איך דענק זי האָט עס ניט געוואוסט.

— דו קענסט עס ניט בעהאַלטען פון א קינד. איך בין איבער־ציינט, אז מיט קיין זאַך אין דער וועלט, מיט די בעסטע זאַכען אין דער וועלט קענסטו צו זיך ניט צוציהען א קינד, ווען דו האָסט גע־

גען איהם איין אפשטויסענדען געפיהל. עס איז אַ זאָנדערבארער פאַקט, אָבער עס איז אַ פאַקט.

— איך ווייס ניט ווי איך קען דאָס העלפען, האָט אָפעליא גע־זאָגט ; זיי זיינען מיר אונאַנגענעהם, און הויפּטזעכליך דיעזע מיידעל. ווי אַזוי קען איך איבערמאַכען דעם געפיהל ?

— ווי דו זעהסט, קען דאָס עווא טהאָן.

— ווייל זי איז די ליעבע אליין.

---

## זעקס־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## טויט.

עווא'ס שלאָפצימער איז געוועזן דער שעהנסטער אין הויז. ער איז געלעגען צווישען איהר עלטערנסביידע שלאָפצימערן. דער צי־מער איז געווען אויסגעשטאַטעט נאָך איהר קינדישען און ראָמאַנטי־שען געשמאַק. די גאַנצע מעבעל איז געווען פון געפלאָכטענעם ראָהר און בעצויגען מיט ראָזעווען טול בעלייגט מיט גאָלדענע קווייטען. די בעט איז געווען מיט אַ באַלדעכין און מיט פיער גילדענע פיגורען פון אויבען. די ווענט זיינען געווען בעהאַנגען מיט בילדער, וועלכע האָ־בען נאָר פאָרגעשטעלט קינדער. אויף די טישען און איבעראַל זיינען געשטאַנען וואַזאַנען מיט די טהייערסטע, פרישע בלומען.

עווא איז יעצט געווען זעהר קראַנק און פלעגט זיין כמעט שטענ־דיג ביי זיך אין צימער. עס איז געווען אַ נאָכמיטאָג צייט. עווא איז געלעגען אויף אַ דיוואַן און האָט געלעזען אַ בוך. פּלוצלונג האָט זי דערהערט איהר מוטערס שטימע אויף דער וועראַנדאַ.

— וואָס איז דאָס, דו קליינער טייוועל. דו געהסט שוין רייסען בלומען ! און עווא האָט געהערט אַ פּאַטש.

— גאָט, מיסים ! דאָס איז פאַר מיסס עווא'ן, האָט זי גע־הערט און האָט דערקענט טאָפּסי'ס שטימע.

— מיסס עווא ! אַ שעהנער תירוץ. דו דענקסט, אַז זי דאַרף דיינע בלומען, דו פאַסקודנע נעגערקע. ארויס פון דאַנען !

אין איין אויגענבליק איז עווא אראָפּ פון דיוואַן און איז געוועזן אויף דער וועראַנדאַ.

— אָה, הער אויף, מאַמאַ! איך וויל האָבען די בלומען. גיב זיי מיר.

— צו וואָס, עווא? דו האָסט דאָך אַ פולען צימער מיט בלומען!

— איך האָב קיין מאָל ניט צופיעל. טאָפּסי ברענג מיר די בלומען.

טאָפּסי, וועלכע איז געשטאַנען מיט איין אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, איז לעבעדיג געוואָרען און האָט איהר דערלאַנגט דעם בוקעט בלומען.

— עס איז אַ פּראַכטפאָלער בוקעט, האָט עווא געזאָגט קוקענדיג אויף איהם.

טאָפּסי איז געוועזן זעהר צופריעדען.

— איך וויל אַז דו זאָלסט מיר מאַכען אַלע טאָג אַזאַ בוקעט בלומען, האָט עווא געזאָגט.

— צו וואָס דאַרפסטו דאָס? האָט מערי געפרעגט.

— וואָס אַרט דיך, מאַמאַ? טאָפּסי וועט זיי דאָך מאַכען.

— זאָל זיין ווי דו ווילסט, קינד! טאָפּסי, דו הערסט וואָס דיין יונגע מיסים וויל? פאָלג איהר!

טאָפּסי האָט צוגענייגט מיט'ן קאָפּ און האָט זיך אומגעדרעהט אויף אוועקצוגעהן; דאָ האָט עווא בעמערקט ווי טרעהרען זיינען אראָפּגערונען פון איהרע אויגען.

— זעהסטו מאַמאַ, איך האָב געוואוסט אַז טאָפּסי וויל עפּעס טהאָן פאַר מיר, האָט עווא געזאָגט צו איהר מוטער.

— דאָס איז אונזין! עס איז ווייל זי האָט ליעב צו טהאָן היזק. זי ווייס אַז זי טהאָר ניט רייסען קיין בלומען, — און ווייל זי טהאָר ניט, טהוט זי עס להכעיס. אָבער אויב דו ווילסט אַז זי זאָל זיי רייסען, זאָל זיין אַזוי.

— מאַמאַ, איך מיין, אַז טאָפּסי איז ניט מעהר דאָס וואָס זי איז געוועזן. זי סטאַרעט זיך צו זיין אַ גוטע מיידעל.

—זי וועט זיך דאַרפען זעהר לאַנג סטאַרען ביז זי וועט ווערען גוט, האָט מערי געזאָגט מיט אַ נאַכלעסיגען געלעכטער.



טאפסי גיט עווא'ן א בלום.

— וועל, מאַמאַ, דו ווייסט דאָך אַז טאַפּסי איז אַלע מאָל געווען אין גרויסע צרות.

— ניט זייט זי איז דאָ, דאָס בין איך זיכער. דאָ האָט מען מיט איהר אַלעס פּראָבירט. מיט גוטען און מיט בייזען, און זי איז איצ־טער אַזוי ווילד ווי זי איז געווען. דו קענסט פון דעם נפש גאָרניט מאַכען.

— אָבער, מאַמאַ, עס איז אַ גרויסער אונטערשיעד, ווען דו בעדעכענסט ווי מען האָט מיך ערצויגען צו זיין אַ גוטע קינד, און וועל־כע ערציעהונג זי האָט געהאַט בעפאָר מען האָט זי געבראַכט אהער.

— דאָס איז אַפּילו ריכטיג, האָט מערי געזאָגט געגעצענדיג;

— אָבער וואָס קענען מיר העלפען. עווא, לאָמיר זיין צופריעדען, אַז מיר זיינען ניט אַזוי.

— איך קען ניט זיין צופריעדען, מאַמאַ, האָט עווא געזאָגט. עס קרענקט מיך זעהר טיעף וואָס די אָרימע מענשען קענען אויך ניט זיין צופריעדען ווי מיר. ווייסטו וואָס, מאַמאַ, האָט עווא פּלוצלונג צוגעזעצט, איך וויל אַז מען זאָל אָפּשערן אַ טהייל פון מיינע האָאָר.

— צו וואָס? האָט מערי געפרעגט.

— איך וויל דאָס אוועקגעבען צו מיינע פריינד, אַזוי לאַנג ווי איך קען עס נאָך טהאָן אַליין. ווילסטו ניט בעטען די טאַנטע, אַז זי זאָל עס מיר טהאָן?

מערי האָט אויסגערופען אין דער הויך, אַז מיסס אָפעליא זאָל אַריינקומען פון אַנדערן צימער.

די מיידעל האָט זיך האַלב אויפגעהויבען פון קישען ווען יענע איז אַריינגעקומען און שאָקלענדיג איהרע גאָלדענע האָאָר האָט זי גע־זאָגט מיט אַ מין לוסטיגע שטימע: קום, טאַנטע, שער אָפּ די שאָף!

— וואָס איז דאָס? האָט סיינט קלער געפרעגט. וועלכער איז יעצט אַריינגעקומען מיט פרוכטען פאַר עווא׳ן.

— פּאַפּאַ, איך האָב נאָר געוואָלט, אַז די טאַנטע זאָל אָפּ־שערן אַ טהייל פון מיינע האָאָר. איך האָב זיי אַזוי פיעל דאָס זיי מאַכען היים מיין קאָפּ. און דאַן וויל איך געבען אַ טהייל פון זיי צו מיינע פריינד.

מיסס אָפעליא איז אַריינגעקומען מיט דער שער.

— גיב אכטונג, — פיהר ניט איבער די האָאר ! האָט סיינט קלער געזאָגט, שער פון הינטען, מען זאָל ניט בעמערקען אז מען האָט זיי געשניטען. עווא'ס לאָקען זיינען מיין שטאָלץ.

— אָה, פּאפּא ! האט עווא טרויריג אויסגערופען.

— איך וויל אז זיי זאָלען זיין שעהן ; דען איך וויל דיך מיט־נעהמען נאָך פאר דער בעשטימטער צייט צו דיין פעטער'ס פלאנטא־ציע און דו זאָלסט זעהען דיין קוזין הענריק, האָט סיינט קלער געזאָגט מיט א פרייליכער שטימע.

— איך וועל אהין קיינמאָל ניט פאָהרען, פּאפּא. זעהסטו, דען ניט, אז איך ווער אלע טאָג שוואכער.

— צו וואָס ווילסטו דורכאויס, אז איך זאָל גלויבען אין אזא שרעקליכע זאך, עווא ? האָט איהר פאטער געזאָגט.

— ווייל עס איז אזוי, פּאפּא. און ווען דו וועסט עס יעצט גלויבען ווערט דיר שפּעטער ניט זיין אזוי שווער צו פערטראָגען.

סיינט קלער איז געשטאנען שטיל און פערפינסטערט, צווזעהענ־דיג ווי די פּראכטפאָלע לאָקען ווערען אָפּגעשאָרען פון דער קינד'ס קאָפּ און געלייגט איינע נאָך איינע אין איהר שויס. זי האָט זיי אויפ־געהויבען און האָט זיי ערנסט בעטראכט, דאן זיי געוויקעלט ארום איהרע פינגער און האָט דערביי פון צייט צו צייט טרויעריג געקוקט אויף איהר פאָטער.

— דאָס איז גראדע וואָס איך האָב שוין לאנג פאָראויסגעזעהען, האָט מערי געזאָגט. דאָס האָט צושטערט מיין געזונד פון טאָג צו טאָג, מיך פיהרענדיג צום קבר, כאָטש קיינער וויל עס ניט צוגעבען. איך האָב דאָס שוין לאנג געזעהען. סיינט קלער, אין א קורצע צייט וועסטו זעהען, אז איך האָב געהאט רעכט.

— און דאָס וועט דיך נאטירליך זעהר פיעל טרייסטען ! האָט סיינט קלער געזאָגט מיט א טרוקענעם און ביטערן טאָן.

מערי האָט זיך צוריקגעלייגט אויפ'ן דיוואן און האָט פערדעקט איהר געזיכט מיט א טיכעל.

עווא'ס קלאָהרע בלאָע אויגען האָבען געוואנדערט פון איינעם אויפ'ן אנדערן און עס איז געווען קלאָהר אז די פערשיעדענהייט פון כאראקטער פון איהרע עלטערן האָט איהר געמאכט יסורים. זי האָט

א ווינץ געגעבען מיט דער האנד צום פּאָטער און ער איז צוגעגאנגען און האָט זיך נעבען איהר געזעצט.

— פּאָפּאַ, מיינע קרעפטען געהען מיר אוים מיט יעדען טאָג און איך וויים, אז איך מוז זיך שיידען פון דער וועלט. עס זיינען דאָ עטליכע זאכען, וועלכע איך וויל זאָגען און טהאָן, — וועלכע איך דארף טהאָן. דו ביזט אָבער ניט צופריעדען ווען איך רייד וועגען דיע־זען געגענשטאנד. דאָך מוז עס קומען; מען קען עס ניט אָפּלייגען. ווילסטו, אז איך זאָל איצטער ריידען?

— מיין קינד, איך וועל הערען! האָט סיינט קלער געזאָגט זיך צודעקענדיג מיט איין האנד די אויגען און מיט דער אנדערער האָט ער אונטערגעהאַלטען עוואַ'ן.

— דאן וויל איך אז אַלע אונזערע לייט זאָלען זיך דאָ פערזאַמ־לער, איך וויל זיי עטוואָס זאָגען, האָט עוואַ געזאָגט.

— זאָל זיין אזוי, האָט סיינט קלער געזאָגט מיט פערקלעמטען הארצען.

מיסס אָפעליאַ האָט אוועקגעשיקט רופען אַלע דיענער און אין א ווײַלע ארום זיינען אַלע געוועזן אין צימער.

עוואַ איז געלעגען אויף איהרע קישענס. איהרע שעהנע האָאר האָבען בעדעקט איהר געזיכט און איהרע אויגען האָבען בעטראכט די לייט.

די דיענער האָבען מיט פערקלעמטע הערצער בעטראַכט די טרויע־ריגע סצענע. עוואַ'ס געזיכט האָט אויף זיך געטראָגען דעם צייכען פון טויט און נעבען איהר זיינען געלעגען איהרע אָפּגעשניטענע גאָלדע־נענע לאָקען. מערי איז געזעסען איינגעבויגען און האָט געוויינט.

די דיענער האָבען איינגעבויגען די קעפּ און האָבען געזיפצט. א טיעפע שטילקייט האָט געהערשט אזוי ווי אויף א בית עולם.

עוואַ האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר געלעגער און האָט אַלעמען ערנסט בעטראכט.

— איך האָב נאָך אייך געשיקט, מיינע פריינד, ווייל איך ליעב אייך און איהר ליעבט מיך.

— יעס, אָה, יעס, מיר ליעבען אייך, מיסס עוואַ, מיט'ן גאנצען הארצען, האָבען אַלע געענטפערט אין איין קול. גאָט זאָל אייך בענשען!

— יעס, איך ווייס, אז איהר ליעבט מיך. עס איז ניטאָ פון אייך, וועלכע איז ניט געוועזן זעהר פריינדליך צו מיר, און איך וועל אייך עטוואָס געבען, דאָס ווען איהר וועט דערויף קוקען וועט איהר זיך דערמאָהנען אין מיר. איך וועל אלעמען פון אייך געבען אַ לאָקען פון מיינע האָאר און דאָס וועט זיין מיין לעצטער געשיינק פאר אייך.

עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען די סצענע וואָס דאָ איז פאָר־געקומען ווען יעדערער פון זיי האָט גענומען די ביסעל האָאר; אנ־דערע זיינען געפאַלען אויף די קניע, אַנדערע האָבען געיאָמערט אויפ'ן קול, ביז מיסס אָפעליא האָט זיי געמוזט אײינציגווייז ארויספיהרען פון צימער.

ענדליך זיינען אַלע ארויס אויסער טאָם'ן און מעמי'ן.

— דאָ, אַנקעל טאָם, איז אַ פראַכטפאָלער לאָקען פאר דיר. און דו טרייע, גוטע, ליעבע מעמי! האָט זי געזאָגט ארומנעהמענ־דיג איהר האַלז, דאָ איז פאר דיר אויך.

— אָה, מיסס עווא, איך ווייס ניט ווי אַזוי איך וועל קענען לעבען אָהן אייך! און מעמי האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו איהרע שמערצען.

מיסס אָפעליא האָט לייכט ארויסגעשטופט טאָם'ען און מעמי'ן פון צימער און האָט שוין געדאַכט אַז קיינער איז שוין ניט געבליעבען, אָבער ווען זי האָט זיך אומגעדרעהט, האָט זי דערזעהען טאָפּסי'ן שטעהענדיג.

— פון וואַנען קומסטו אהער? האָט זי איהר געפרעגט?

— איך בין געוועזן דאָ, האָט טאָפּסי געזאָגט ווישענדיג די טרע־רען פון די אויגען. אָה, מיסס עווא, איך בין געוועזן אַ שלעכטע מיידעל; ווילט איהר מיר אויך געבען אַ ביסעל?

— יעס, אָרימע טאָפּסי, געוויס וועל איך דיר געבען. יעדעס מאָל וואָס דו וועסט קוקען דערויף, זאָלסטו געדענקען אַז איך ליעב דיך, און אַז איך האָב געוואָלט, אַז דו זאָלסט זיין אַ גוטע מיידעל.

— אָה, מיסס עווא, איך סטאַרע זיך ווי ווייט איך קען צו זיין אַ גוטע מיידעל.

מיסס אָפעליא האָט זי לאַנגזאַם ארויסגעפיהרט און האָט פער־מאַכט די טהיר.

נאָך דער אויבען בעשריעבענער סצענע איז עווא געוואָרען אַלץ

שוואַכער און שוואַכער און עס איז שוין קיין צווייפעל ניט געווען, אַז די ענד איז שוין ניט געווען ווייט.

טאָם פלעגט יעצט פערברייינגען פיעל צייט אין עווא׳ס צימער. ער פלעגט דאָרטען זיצען און וואַכען טאָג און נאַכט. עווא איז גע־וואָרען זעהר נערוועז און מען פלעגט זי דארפען טראָגען אויף די הענד, און דאָס איז געווען טאָם׳ס גרעסטער פערגעניגען צו טראָגען איהר קליינעם לייכטען קערפּער אויף די הענד אין גאָרטען אָדער אויף דער ווערענדא. איהר פאָטער פלעגט טהאָן דאָס זעלבע. און זי פלעגט אָפט צו איהם זאָגען:

— אָה, פּאַפּא, לאָז מיך טאָם נעהמען. אָרימער מאַן. דאָס איז אַלעס וואָס ער קען טהאָן פאַר מיר. לאָז איהם האָבען דעם פער־גניגען.

— איך האָב אויך דערפון פערגעניגען, עווא, האָט איהר פאָ־טער געזאָגט.

— וועל, פּאַפּא, דו קענסט טהאָן אַלעס און ביזט צו מיר אַלעס. דו לעזט פאַר מיר, זיצט אָפּ נעבען מיר נעכט, און טאָם האָט נאָר דעם טראָגען און וואָס ער קען צו מיר זינגען. דאַן איז ער שטאַרקער פאַר דיר.

דער וואונש צו טהאָן עפּעס פאַר עווא׳ן איז געווען ביי יעדען איינעם אין הויז, ווען מען וואָלט זיי צוגעלאָזען.

דער אָרימער מעמי׳ס הארץ האָט געצויגען צו איהר ליעבלינג, אָבער זי האָט ניט געקענט געפינען קיין געלעגענהייט. מערי איז גע־ווען קראנק ווי געוועהנליך און פלעגט זי ניט אָפּלאָזען אַ מינוט ניט ביי טאָג און ניט ביי נאַכט. אויסער אַ קוק טהאָן אין עווא׳ס צימער אָדער פערבייגעהענדיג זאָגען אַ פּאָאַר ווערטער, האָט זי מעהר גאָר ניט געקענט טהאָן.

— איך פיהל עס מיין פליכט, פלעגט מערי זאָגען, אַז איך זאָל זיך אַליין שאַנעווען, איך זאָל האָבען קרעפטען אויפצופּאַסען אויף די טהייערע קינד.

— טאַקע, מיין טהייערע, איך האָב געגלויבט, אַז אָפעליא טהוט עס, האָט סיינט קלער געענטפערט.

— דו רעדסט ווי אַ מאַן, סיינט קלער. עפּעס אַזוי ווי אַ מוטער וואָלט טאַקע געקענט אין אַזאַ פאַל פערטראָטען ווערען פון אַנאַנ־

דערן. אָבער וואָס מאַכט עס. קיינער ווייס ניט וואָס איך פיהל! איך קען ניט אוועקמאַכען מיט'ן האַנד ווי דו.

סיינט קלער האָט געשמייכעלט. איהר מוזט עס איהם פערציי־הען, ער האָט זיך ניט געקענט העלפען, — דען סיינט קלער האָט נאָך געקענט שמייכלען; ווייל אַזוי שיינענד און רוהיג איז געוועז די אָפּ־שיעדס רייזע פון דער קליינער נשמה, — דורך אַזעלכע זיסע און פער־פיומירטע ווינטלעך איז די קליינע שיפעלע געטראָגען געוואָרען צו די הימלישע ברעגען, — דאָס עס איז געווען אונמעגליך צו פיהלען, אַז דאָס עס איז געווען דער טויט, וועלכער האָט זיך גענעהערט. דאָס קינד האָט ניט געפיהלט קיין שמערצען, נאָר אַ רוהיגע, ווייכע שוואַכ־קייט, וועלכע איז טעגליך און כמעט אונבעמערקט געוואַקסען; און זי איז געווען אַזוי שעהן, אַזוי ליעבליך, אַזוי פערטרויט, אַזוי גליק־ליך, דאָס מען האָט ניט געקענט ווידערשטעהען די בערוהיגענדע ווירקונג פון דער לופט פון אונשולד און פריעדען, וועלכע האָט געשיינט צו שוועבען ארום איהר. סיינט קלער האָט געפיהלט אַז אַ זאָנדערבאַרע רוהיגקייט האָט איהם אַרומגענומען. עס איז ניט געווען קיין האָפנונג, — דאָס איז געווען אונמעגליך. עס איז ניט געווען קיין אונטערגעבען זיך, עס איז נאָר אַ שטילע רוהע אין דער געגענוואַרט, וועלכע האָט געשיינט צו זיין אַזוי זיס, דאָס ער האָט גאָרניט געוואָלט דענקען פון קיין צוקונפט. עס איז געווען די שטילקייט פון גייסט, וועלכע מיר פיהלען צווישען די שעהנע מילדע וועלדער אין הערבסט ווען די שעה־נע פערשווינדענדע רויטקייט איז אויף די בוימער, און די לעצטע הערבסט בלומען זיינען ביי דעם טייך; און מיר פרייען זיך מיט דעם נאָך מעהר, ווייל מיר ווייסען, אַז באַלד וועט אַלעס פערגעהען.

טאָם האָט שוין יעצט ניט געשלאָפען אין זיין צימער. ער פלעגט יעצט שלאָפען אויף דער וועראַנדאַ נעבען עוואַ'ס טהיר. ער האָט געוואָלט זיין צו דער האַנד ווען מען וועט איהם רופען.

— אַנקעל טאָם, וואָס איז געוואָרען מיט דיר, וואָס דו האָסט אָנגעפאַנגען צו שלאָפען אין אַלע ווינקעלעך ווי אַ הונד? האָט מיסס אָפעליא געזאָגט. איך האָב געגלויבט, אַז דו בעלאַנגסט צו דער בע־סערע קלאַסע שוואַרצע, וואָס ליעבען צו שלאָפען אין אַ בעט.

— איך ליעב צו שלאָפען אין אַ בעט, מיסס פילי, אָבער יעצט —



אנקעל טאָם וואכט איבער עווא'ן.

— נו, און וואס איז יעצט ?

— מיר דארפען ניט ריידען אזוי הויך, דען מאסטער סיינט קלער קען נאך הערען. אבער איהר ווייסט דאך מיסס פילי, אז צוועלף א זייגער קומט דער מלאך נאך דער נשמה. דארף מען וואכען.

מיסס אפעליא האט געוואלט עפעס זאגען, אבער זי האט געשוויגען און האט זיך אפגעקעהרט.

ארום צוועלף א זייגער האט טאם דערהערט מיסס אפעליא'ס שטימע :

— געה גלייך, נאכ'ן דאקטאר, שנעל ווי דו קענסט ! און דאן האט זי גלייך אנגעקלאפט אין סיינט קלער'ס צימער.

— קוזין, האט זי געזאגט, איך וואלט וועלען אז דו זאלסט קומען.

דיעזע ווערטער זיינען געפאלען אויף זיין הארצען ווי לאפעטעס ערד אויף א טרונע אין גרוב. אין איין מאמענט איז ער געוועזען אין עווא'ס צימער און איז געשטאנען איינגעבויגען איבער עווא'ן וועלכע איז נאך געשלאפען.

דאס וואס ער האט געזעהען האט געמאכט זיין הארץ שטעהן שטיל. אויף דעם געזיכט פון זיין איינציגען געליעבטען קינד איז געוועזען דער צייכען פון דעם נאהענטען טויט !

אלע זיינען געשטאנען און האבען אויף איהר געקוקט און עס איז געוועזען אזוי שטיל אז אפילו דער טיק־טאק פון זייגער האט געשיינט צו זיין א שטארקער. אין א פאאר מינוטען איז טאם צוריקגעקומען מיט'ן דאקטאר.

ווען ער איז אריינגעקומען און האט א קוק געגעבען אויפ'ן קינד איז ער געבליבען שטעהן גלייך מיט אלע.

— ווען איז דיעזע ענדערונג געקומען ? האט ער שטילערהייד געפרעגט ביי מיסס אפעליא.

— ארום האלבע נאכט, האט זי געענטפערט. מערי, וועלכע האט דערהערט דעם גערויש, איז שנעל אריינגעלאפען פון איהר צימער.

— אוגוסטין ! קוזינע ! אה, וואס איז ! האט זי שנעל געפרעגט.

— שששש ! האָט סיינט קלער געזאָגט מיט א הייזעריגער שטימע :
זי שטאַרבט !

מעמי האָט געהערט די ווערטער און איז אוועקגעפליגען אויפ־וועקען די דינער. די גאַנצע הויז איז באַלד געוואָרען וואַך. איבעראל האָבען זיך בעוויזען ליכט מען האָט געהערט טריט, שרעקעדיגע פּנים'ער האָבען זיך געציינט אויף דער ווערענדא. און אַלע האָבען זיך געקוועטשט צו דער טהיר וואו עווא איז געלעגען. אָבער סיינט קלער האָט קיין זאַך ניט געזעהען און האָט ניט געהערט ; ער האָט נאָר געזעהען דעם בליק פון זיין איינשלאָפענדיגען קינד.

— אָה, ווען זי וואָלט כאָטש נאָך איין מאָל אויפגעמאַכט די אויגען און צו מיר גערעדט ! האָט ער געזאָגט, און זיך איינבויגענדיג איבער איהר האָט ער צו איהר גערעדט אין אויער : — „עווא, טהייע־רע !"

די גרויסע בלאָע אויגען האָבען זיך געעפענט און א שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף איהר געזיכט. זי האָט פּרובירט אויפצוהויבען איהר קאָפּ און צו ריידען.

— קענסטו מיך, עווא ?

— טהייערער פּאַפּא, האָט דאָס קינד געזאָגט מיט דער לעצטער אנשטרענגונג ארומכאַפּענדיג זיין האַלז ; איהרע הענד זיינען אָבער גלייך צוריקגעפאַלען און ווען סיינט קלער האָט אראָפּגענומען זיין האנד פון איהר געזיכט איז שוין דאָרטען געלעגען דער שטעמפּעל פון טויט ; זי האָט געוואָלט כאַפּען דעם לעצטען אָטהעם און איז געבלי־בען ליגען.

— אָה, דאָס איז שרעקליך ! האָט ער געמורמעלט, זיך אָפּ־קעהרענדיג אין הערצרייסענדע קוואַלען, און אָנכאַפּענדיג טאָם'ס האנד : — אָה, טאָם, מיין יונג, דאָס טויטעט מיך !

טאָם האָט געהאַט זיין מאַסטערס האנד אין זיינע און טרעהרען זיינען גערונען איבער זיינע שווארצע באַקען.

— אַלעס איז פאַרביי, מאַסטער, פאַרביי !
עווא איז געוועזען טויט.

## זיעבען־און־צוואַנסטיגסטער קאַפּיטעל.

## דאָס לעצטע אויף דער ערד.

אַלע זאַכען וואָס זיינען געווען אין עוואַ'ס צימער זיינען געווען אַרומגעוויקעלט אין ווייסען טול, און די בלומען האָבען דאָרטען אויך ניט געפעהלט. אין מיטען צימער איז געשטאַנען עוואַ'ס שנעע ווייסע בעטעל בעפּוצט אין ווייסען און אין איהר איז געלעגען עוואַ אַזוי ווי אַ לעבעדיגע, נאָר איינגעשלאָפען מיט אַ שלאָף, פון וועלכען מען וואַכט ניט אויף!

סיינט קלער איז געשטאַנען מיט פערלייגטע הענט און האָט גע־קוקט אויף דאָס טויטע קינד. ווער קען זאָגען וואָס ער האָט געקלעהרט? דען פון דער צייט וואָס ער האָט געהערט: „זי איז טויט!" איז פאַר איהם געווען אַלעס אַ טומאַן, אַלעס אַ שוואַרצער מאַנטעל. ער האָט געהערט נעבען זיך שטימען; ער האָט געהערט פראַגען און אַנט־וואָרטען; מען האָט איהם געפרעגט וועגען די בעערדיגונג וועט זיין און ער האָט געענטפערט, אַז עס אַרט איהם ניט.

אַדאָלף און ראָזאַ האָבען אַלעס צורעכט געמאַכט אין צימער נאָך זייער געשמאַק. זיי האָבען די טויטע בעפּוצט מיט בלומען און סיינט קלער איז געשטאַנען און האָט צוגעקוקט. דאָ איז טאָפּסי אַריינגעקו־מען מיט פערוויינטע אויגען און האָט געטראָגען בלומען אין האַנד.

— דו מוזט אַרויסגעהן, האָט צו איהר ראָזאַ אַ שעפּטשע גע־טהאָן מיט אַ בעפעהלענדען טאָן, דו האָסט דאָ ניט וואָס צו טהאָן!

— אָה, לאָזט מיך! איך האָב געבראַכט אַ בלום, אַזאַ שעה־נעם! האָט טאָפּסי געזאָגט אויפהויבענדיג אַ שעהנע ראָזע. לאָזט מיך אוועקלעגען נאָר די איינע.

— געה אַרויס, האָט ראָזאַ מיט נאָך מעהר בעשטימטהייט געזאָגט.

— זאָל זי זיין דאָ! האָט סיינט קלער פּלוצלונג געזאָגט אַ קלאַפּ־טהאָנדיג מיט'ן פוס. זי זאָל צוקומען.

ראָזאַ איז גלייך צוריקגעטרעטען און טאָפּסי איז צוגעגאַנגען צו דער טויטער און האָט אַנידערגעלייגט דעם בלום צו איהרע פיס. פּלוצ־

לונג האָט זי זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דער ערד און האָט אָנגעפאַנגען ביטער צו וויינען.

מיסס אָפעליא איז אַריינגעלאָפען פון אַנדערן צימער און האָט זי געוואָלט אויפהויבען און זי איינשטילען, אָבער עס איז געווען אומזיסט.

— אַ מיסס עווא! אַ מיסס עווא! הלוואי וואָלט איך אויך געווען טויט!

עס איז געלעגען אַ שטעבענדיגע ווילדקייט אין דעם געשריי, די בלוט איז אַריין אין סיינט קלער׳ס בלייכען געזיכט און די ערשטע טרעהרען זייט עווא איז געשטאָרבען, זיינען געשטאַנען אין זיינע אויגען.

— שטעה אויף, קינד, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט מיט אַ ווייכער שטימע. וויין ניט אַזוי. מיסס עווא איז אַריין אין גן עדן, זי איז אַ מלאך!

— אָבער איך קען זי ניט זעהען! האָט טאָפּסי געזאָגט. איך וועל זי קיינמאָל ניט זעהען. און זי האָט ווידער געשלוכצעט.

— אַלע זיינען געשטאַנען אַ ווײלע אין שטילען שווייגען.

— זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט מיך געליעבט, האָט טאָפּסי געזאָגט, און ווער וועט מיך יעצט ליעבען! יעצט איז קיינער ניט געבליעבען!

— דאָס איז אמת, האָט סיינט קלער געזאָגט. צו מיסס אָפעליא. זעה אפשר קענסטו טרייסטען די אָרימע מיידעל.

— הלוואי וואָלט איך קיינמאָל ניט געבאָרען געוואָרען, האָט טאָפּסי ווייטער געזאָגט. איך האָב ניט געבעטען אַז איך זאָל געבאָרען ווערען. איך זעה ניט איין צו וואָס.

מיסס אָפעליא האָט זי מיט אַ פריינדליכען געפיהל אויפגעהויבען און האָט זי ארויסגעפיהרט פון צימער, דערביי זיינען ביי איהר אַ פּאָאַר טרעהרען ארויס פון די אויגען.

— טאָפּסי, אָרימע קינד, האָט זי צו איהר געזאָגט ווען זי האָט זי אַריינגעפיהרט צו זיך אין צימער. פערליר ניט דעם מוטה. איך וועל דיך ליעבען ווען אויך ניט ווי יענע טהייערע קינד, אָבער דו וועסט אין מיר האָבען אַ פריינד.

מיסס אָפעליא׳ס שטימע האָט מעהר געזאָגט ווי איהרע ווערטער,



סיינט קלער קוקט אויף זיין טויטע קינד.

און נאָך מעהר ווי דאָס זיינען געווען די עהרליכע טרעהרען, וועלכע האָבען געפלאָסען פון איהרע אויגען. פון דיעזער מינוט אָן האָט זי בעקומען א ממשלה איבער דער מיידעל, וואָס זי האָט עס פריהער ניט געהאַט.

א שטילער לעבען איז געווען אין טויטען צימער. עס האָט זיך געהערט א שושקעריי, טריט אהין און צוריק. מען האָט אריינגע־בראכט די קליינע טרונע; וואָגענס מיט די איינגעלאדענע געסט זיי־נען געקומען. סיינט קלער איז ארומגעגאנגען ווי אויפ'ן עולם התוהו, ער האָט נאָר געזעהען איין זאַך, דאָס איז געווען דער גאָלדענער קאָפּ אין דער טרונע. דאן איז געקומען דער דעקעל און האָט דאָס אויך צוגעדעקט. ער האָט דאן מארשירט מיט די אנדער הינטער די טרו־נע טרעגער ביז דעם פּלאַץ הינטען אין גאָרטען, אויף דעם ווייכען בער־געל, וואו עווא פלעגט פערברענגען מיט טאָם'ען און וואו יעצט איז געווען איהר קבר. סיינט קלער איז געשטאַנען נעבען דעם קבר און האָט געקוקט מיט גלעזערנע אויגען ווי מען האָט אהין אראָפּגעלאָזען די טרונע מיט די אמאָליגע עווא און פערדעקט מיט א בארג ערד!

דאן זיינען אלע אוועקגעגאנגען; די געסט זיינען זיך צופאָהרען און די אבלים זיינען געקומען צוריק צו דעם פּלאַץ, וועלכער האָט פערלאָהרען זיין שיין אויף אייביג. מערי האָט זיך איינגעשלאָסען ביי זיך אין צימער און האָט געוויינט און געקרעכצעט, און זי איז נאָך אנגעפאלען אויף די דיענסטען ווען זיי האָבען געוויינט. זיי דארפען ניט וויינען; זיי דארפען ארומטאנצען נעבען איהר. עס איז גענוג, אז זי אליין וויינט.

סיינט קלער האָט אפילו קיין איין טרעהר ניט ארויסגעלאָזען, האָט זי געזאָגט, ער האָט מיט איהר קיין האָאר ניט סימפּאטהיזירט. עס איז זיך געווען ווירקליך צו וואונדערן ווי א מענש זאָל האָבען אזא הארטע הארץ און זאָל ניט האָבען קיין געפיהל. ווען ער וואָלט נאָר געוואוסט ווי זי האָט געליטען.

טאָם האָט געהאַט אנאנדער געפיהל אין הארצען, וועלכער האָט איהם געצווינגען צו זיין מאַסטער. ער איז איהם נאָכגעגאנגען וואו ער איז געגאנגען. און ווען ער פלעגט איהם זעהען שטונדען לאַנג זיצענדיג אין עווא'ס צימער מיט א בלייכען און אָפּגעצעהרטען געזיכט קוקענדיג אויף עווא'ס געליעבטע בילד, האָט ער געזעהען אין זיינע טרוקענע

אויגען מעהר שמערץ ווי אין מערי'ס יאָמערן און שרייען אויף די דיענסטען.

עטליכע טעג שפּעטער איז סיינט קלער'ס פאַמיליע געווען צוריק אין שטאָדט. וועגען זיינע אונרוהיגקייט און שמערצען האָט אוגוסטין געוואָלט וועקסלען דעם פּלאַץ. זיי האָבען אַלזאָ פערלאָזען די הויז מיט דעם גאָרטען און דעם קליינעם קבר'ל און זיינען געקומען צוריק אין ניו־אָרליענס. דאָ האָט זיך סיינט קלער אריינגעלאָזען אין לעבען. ער איז געווען שטענדיג בעשעפטיגט. געלאכט, געווען פריילידָ, געלעזען צייטונגען, גערעדט וועגען פּאָליטיק, אזוי דאָס מענשען האָבען נאָר געוואוסט אז ער איז אָן אבל נאָך דעם שווארצען באַנד וואָס ער האָט געטראָגען אויפ'ן הוט. ווער האָט אַלזאָ געקענט וויסען, אז דיעזער אויסענזייטיגער שמייכעל איז מעהר ניט געווען ווי אַ דעקעל איבער אַ דורכגעשטאָכענער הארץ.

— מר. סיינט קלער איז אַ זאָנדערבארער מענש, האָט מערי געזאָגט צו מיסס אָפעליא'ן אין אַ בעקלאָגענדיגען טאָן. איך האָב געגלויבט, אז אויב עס איז עפּעס געווען אין דער וועלט וואָס ער האָט געליעבט, איז עס געווען אונזערע טהייערע קליינע עווא. אָבער ווי עס שיינט, פערגעסט ער זי זעהר לייכט, איך קען איהם ניט ברענגען דערצו, אז מיר זאָלען ריידען וועגען איהר. איך האָבווירקליך געגלויבט, אז ער האָט געהאַט מעהר געפיהלען פאַר איהר.

— שטילע וואסער גראָבט טיעף, זאָגט אַ ווערטעל, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט.

— איך גלויב ניט אין אזעלכע זאכען. עס איז נאָר גערעדט. ווען מענשען פיהלען עפּעס, קען מען עס זעהען. זיי קענען עס ניט בעהאַלטען. דאָך איז עס אַ גרויסער אונגליק אַז מען האָט געפיהלען. איך וואָלט בעסער וועלען זיין ווי סיינט קלער. מיינע געפיהלען מאַכען מיר דעם טויט.

— אָבער, מיסיס, מאַסטער סיינט קלער ווערט מאָגער ווי אַ שאטען. מען זאָגט אז ער עסט גאָרניט, האָט מעמי געזאָגט. איך וויים, אז ער פערגעסט ניט עווא'ן. איך וויים אז קיינער קען עס ניט — די טהייערע, זיסע, ליעבע בעשעפעניס! האָט זי צוגעזעצט זיך ווישענדיג די אויגען.

— וועל, אין יעדען פאַל דענקט ער וועגען מיר גאָרניט, האָט

מערי געזאָגט. איך האָב פון איהם ניט געהערט קיין איין טרייסט־וואָרט און ער דארף וויסען וויפיעל א מוטער פיהלט מעהר פון אנאנ־דערן. נאָר איך ווייס ווי איך פיהל, קיין אנדערער ווייס עס ניט ווי עס שיינט. עווא האָט עס געוואוסט, אָבער זי איז ניטאָ! און מערי האָט זיך צוריקגעלייגט אויפ'ן דיוואן און האָט שטארק געוויינט.

מערי איז געווען איינע פון יענע שטערבליכע, אין וועמעס אויגען אלעס האָט געהאט א גרויסען ווערטה וואָס איז פערשוואונדען, און טאָמער האָט זי עס געהאט האָט זי נאָר געזוכט חסרונות אין דעם.

---

## אכט־און־צוואנציגסטער קאפיטעל

### פעראייניגט.

איין וואָך נאָך דער אנדערער זיינען געפלאָסען אין סיינט קלער'ס הויז און די כוואלעס פון לעבען האָבען זיך צוריקגעקעהרט צו זייער געוועהנליכען לויף. די צייט קוקט ניט אויף די צרות און קוואלען וואָס זי לאָזט הינטער זיך; זי געהט זיך גאנץ קאלט ווייטער און ווייטער. מיר מוזען עסען, טרינקען, ארבייטען און טהאָן אלע נעטהיגע זאכען אין לעבען, כאָטש מיר האָבען אין לעבען קיין אינטערעס ניט.

דער גאנצער אינטערעס און האָפנונג פון סיינט קלער'ס לעבען איז געווען ארייגעטהאָן אין דעם קינד. פאַר עווא'ן האָט ער געקליבען זיין פערמעגען, פאַר איהר האָט ער אוועקגעגעבען זיין צייט; ער האָט פאַר איהר געטהאָן אלעס וואָס ער האָט נאָר געקענט. און יעצט, אז זי איז שוין אוועק אויף אייביג, האָט ער פערלאָרען דעם אינטערעס אין לעבען.

דער איינציגער נפש אין וועמען סיינט קלער האָט געהאט אינ־טערעס איז געווען טאָם. קיינער אין דער וועלט האָט איהם ניט אזוי דערמאָהנט אָן עווא'ן ווי ער. ער פלעגט איהם האלטען שטענדיג בע־בען זיך. און מען וואָלט זיך דעריבער ניט געוואונדערט, ווען מען

וואָלט געזעהען מיט וועלכער ערגעבענהייט, מיט וועלכער ליעבע טאָם פלעגט איהם נאָכגעהן טריט ביי טריט.

— וועל, טאָם, האָט צו איהם סיינט קלער געזאָגט א טאָג נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעפאנגען אויסצומאכען זיינע בעפרייאונגס פאַ־פיערען, איך וועל דיך מאכען פאר א פרייען מאַן. מאַך אלזאָ פאר־טיג דיינע זאכען צו פאָהרען נאָך קענטאָקי.

די פלוצליכע פרייד וואס האָט א שיין געטהאָן אויף טאָם'ס געזיכט און דער אויסרוף: „גאָט זיי דאנק! האָט א ביסעל געערגערט סיינט קלער'ן. ער האָט ניט געוואָלט, אז טאָם זאָל איהם אזוי גיך פערלאָזען.

— עס איז דיר דאָך ניט געווען אזוי שלעכט דאָ, דאָס דו זאָלסט שוין וועלען אזוי שנעל אוועק פון דאנען?

— ניין, מאַסטער סיינט קלער, ניט דאָס; עס איז ווייל איך וועל זיין א פ ר י י ע ר מ א ן! אָט דאָס פרייט מיך.

— דענקסטו אליין ניט, אז עס איז דיר געווען בעסער, ווי ווען דו וואָלסט געווען א פרייער מאַן?

— ניין, געוויס ניט, מאַסטער סיינט קלער, האָט טאָם געענט־פערט מיט איין ענערגישען טאָן. געוויס ניט!

— פאר וואָס, טאָם? וואָלסטו געקענט האָבען אזעלכע קליי־דער און אזא לעבען ווי דו האָסט געהאַט ביי מיר?

— איך ווייס דאָס אלעס, מאַסטער סיינט קלער. דער מאַסטער איז געווען צו גוט צו מיר, אָבער, מאַסטער, איך וויל בעסער האָ־בען אָרימע קליידער, איין אָרימע הויז און אלעס אָרעם, אבי מ י י נ ע, איידער איך זאָל האָבען די בעסטע זאכען און זיי זאָלען זיין יענעמס.

— איך דענק, אז עס איז אזוי, טאָם, און אין א מאָנאַט ארום וועסטו מיך פערלאָזען, האָט סיינט קלער געזאָגט מיט איין עטוואָס אונצופריעדענער מינע. איך האָב גערעכענט אז דו וועסט נאָך בלייבען מיט מיר א קורצע צייט.

— איך וועל מיט אייך בלייבען אזוי לאַנג ווי איהר ווילט, מאַס־טער, ביז איהר וועט ניט האָבען מעהר קיין צרות.

— ביז איך וועל ניט האָבען מעהר קיין צרות, טאָם? האָט סיינט קלער טרויריג געזאָגט קוקענדיג אין פענסטער. און ווען וועלען זיך מיינע צרות ענדיגען?

— ווען מאסטער סיינט קלער וועט ווערען פרום, האט טאם גע־ענטפערט.

— און דו מיינסט טאקע צו בלייבען ביז יענעם טאג ? האט סיינט קלער געזאגט מיט א שמייכעל, זיך אומדרעהענדיג פון פענסטער און ארויפלייגענדיג זיין האנד אויף טאם'ס שולטער. א, טאם, דו גוטער, נארישער יונג ! אזוי לאנג וועל איך דיך ניט האלטען. געה אהיים צו דיין ווייב און קינדער און גרים אלעמען פון מיינעט וועגען.

— איך גלויב, אז דער טאג וועט קומען, האט טאם ערנסט געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען. גאט האט ארבייט פאר'ן מאסטער.

— וואס, ארבייט ? האט סיינט קלער געזאגט. וועל, טאם, גיב מיר דיין מיינונג וועגען דעם סארט ארבייט, לאמיך הערען.

— וועל, אפילו איין ארימער קערל ווי איך האט אן ארבייט פון גאט, און מאסטער סיינט קלער וואס איז געלערנט, וואס האט רייכ־טהימער, פריינד ; וויפיעל דארף ער שוין קענען אויפטהאן פאר גאט !

— טאם, ווי מיר שיינט דענקסטו, אז גאט דארף האבען, אז מען זאל טהאן זעהר פיעל פאר איהם, האט סיינט קלער געזאגט שמייכלענדיג.

— ווען מיר טהוען פאר די מענשען, טהוען מיר פאר גאט, האט טאם געזאגט.

— גוטע תורה, בעסער ווי דר. ב. פרעדיגט, וואלט איך שווערן, האט סיינט קלער געענטפערט.

די אונטערהאלטונג איז דא אונטערבראכען געווארען דורך דעם אנמעלדען, דאס אייניגע געסט זיינען געקומען.

מערי סיינט קלער האט געפיהלט דעם פערלוסט פון עווא'ן אזוי ווי זי האט געפיהלט וועגען אנדערע זאכען. דערפאר האבען עס שטארק געפיהלט די דיענער, וועלכע האבען אין איהר פערלארען א בעשיצערין געגען דער מיסעס. איבערהויפט האט זיך ניט געקענט טרייסטען מיימי, וועלכע פלעגט ווינען טאג און נאכט וועגען איהר טהייערער און געליעבטער עווא.

מיסס אפעליא האט געפיהלט דעם פערלוסט און דאס האט גע־

מאכט איהר גוטע הארץ נאָך ווייכער און פריינדליכער צו טאָפּסי'ן, וועלכע איז יעצט געווען אנדערס ווי א מאָל.

איין טאָג, ווען מיסס אָפעליא האָט זי געשיקט רופען, איז זי געקומען און האָט עפּעס האסטיג אריינגעשטופּט אין בוזים אריין.

— וואָס טהוסטו דאָרטען, דו טייוועל? דו האָסט שוין עפּעס גע'גנב'עט, האָט געזאָגט די קליינע ראָזא, וועלכע איז זי געגאַנגען רופען, אָנכאַפּענדיג זי פאַר'ן אָרים.

— לאָזט מיך צופריעדען, מיסס ראָזא, האָט טאָפּסי געזאָגט זיך רייסענדיג פון איהר, דאָס איז ניט אייער זאַך!

— זיי ניט קיין חצופה, האָט ראָזא אויסגערופען. איך האָב געזעהען, אז דו האָסט עפּעס בעהאַלטען. איך קען דיינע שטיק, און ראָזא האָט זי פעסטער אָנגענומען ביים אָרעם און האָט פּרובירט אריינצושטופּען איהר האַנד אין איהר בוזים, און טאָפּסי, וועלכע איז צורייצט געוואָרען, האָט זיך געבריקעט און האָט העלדיש געקעמפּפט פאַר דאָס וואָס זי האָט בעטראַכט אַלס איהרע רעכטע. דער רויש און דער געטומעל פון דער שלאַכט האָט געבראַכט מיסס אָפעליא און סיינט קלער אויף דעם קאַמפּף־פּלאַץ.

— זי האָט גע'גנב'עט! האָט ראָזא געזאָגט.

— איך האָב עס ניט געטהאָן! האָט טאָפּסי אויסגערופען שלוכ־צענדיג מיט ליידענשאַפט.

— גיב נאָר אהער וואָס דו האָסט דאָ! האָט מיסס אָפעליא שטרענג אויסגערופען.

טאָפּסי איז געווען אונענטשלאָסען, אָבער אויף א צווייטען בע־פעהל האָט זי ארויסגעצויגען א קליינעם פּעקעל איינגעוויקעלט אין איהרען איין אַלטען זאָק.

מיסס אָפעליא האָט ארויסגעשלעפּט פון זאָק א קליינעם ביכעל און א פּערוויקעלטען פּאַפּיער אין וועלכען עס איז געלעגען א לאָק פון האָאָר, וועלכען עווא האָט איהר געגעבען אין יענעם דענקווירדיגען טאָג.

סיינט קלער איז געווען זעהר געריהרט ווען ער האָט עס דערזע־הען. דער ביכעל איז געווען ארומגעוויקעלט מיט א פּאַסיק פון שוואַר־צע קרעפּ, וואָס איז אָפּגעריסען געוואָרען פון דעם טרויער־טוך.

— צו וואָס האָסטו דאָס ארומגעוויקעלט ארום דעם ביכעל, האָט סיינט קלער געפרעגט.

— ווייל, ווייל, מיסס עווא, — אָה, נעהמט עס פון מיר ניט אוועק, זעהט! האָט זי געזאָגט זיך אנידערזעצענדיג אויף דער ערד און האָט שטארק געוויינט.

סיינט קלער האָט געשמייכעלט. אָבער אין זיינע אויגען זיינען געווען טרעהרען ווען ער האָט געזאָגט:

— וויין ניט, וויין ניט, נאדיר דאָס צוריק, זאָגענדיג דאָס, האָט ער צוזאמענגענומען אלעס און האָט עס איהר אריינגעוואָרפען אין שויס אריין. דערויף האָט ער גענומען מיסס אָפעליא און איז מיט איהר אריין אין זאל.

— איך דענק, אז דו קענסט ווירקליך עפּעס מאכען פון דעם נפש, האָט ער געזאָגט צייגענדיג מיט'ן גראָבען פינגער הינטער זיך. א הארץ וואָס קען ווירקליך פיהלען טרויער איז פעהיג צו גוטעס. דו מוזט פּרובירען צו מאכען עפּעס פון איהר.

— דאָס קינד האָט זיך זעהר פיעל פערבעסערט, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט און איך ליִיג אויף איהר גרויסע האָפנונגען. אָבער, אוגוסטין, איין זאך וועל איך דיך פרעגען: וועמ דאָס קינד זיין דיי־נע אָדער מיינע?

— וואָס פאר א פראגע, איך האָב זי דיר דאך אוועקגעגעבען, האָט אוגוסטין געזאָגט.

— אָבער ניט געזעצליך. איך וויל אז זי זאָל זיין מיינע גע־זעצליך.

— אהאָ, קוזינע! האָט אוגוסטין געזאָגט. וואָס וועלען די אבאָ־ליטשאָניסטען דעריבער דענקען? זיי וועלען דארפען גוזר תענית זיין ווען דו זאָלסט בייטען דיין מיינונג און ווערען א שקלאַווען־האלטערין!

— נארישקייטען! איך וויל אז זי זאָל זיין מיינע כדי איך זאָל זי קענען ברענגען אין די פרייע שטאאטען און איהר דאָרטען געבען די פרייהייט. איך וויל אז דו זאָלסט זי מיר אָפּשרייבען.

— נו, גוט, איך וועל דאָס טהאָן, האָט סיינט קלער געזאָגט, און ער האָט זיך אנידערגעזעצט לעזען א צייטונג.

— אָבער איך וויל, אז דאָס זאָל גלייך געשעהען, האָט מיסס אָפע־ליא געזאָגט.

— וואָס האָסטו אזוי קיין צייט ניט ?

— ווייל יעצט איז גראד די צייט דאָס צו טהאָן, האָט מיס אָפעליא געזאָגט. אָט האָסטו טינט און פעדער און פּאַפּיער. נעהם שרייב.

סיינט קלער, וועלכער האָט אזוי ווי די מעהרסטע מענשען פון זיין קלאַסע, אין אַלגעמיין פיינד געהאַט, אַז מען זאָל פון איהם פערלאַנגען אַז ער זאָל טהאָן עפּעס גלייך אויף'ן אָרט, איז געווען ניט צופריעדען מיט מיסס אָפעליא'ס אויפדרינגען.

— וואָס איז די מעשה ? האָט ער געזאָגט, ווילסטו ניט נעהמען מיין וואָרט ? מען וואָלט געקענט דענקען אַז דו האָסט זיך געלערנט פון אינדיאַנער, אַזוי צו צושטעהען צו אַ מענשען !

— איך וויל זיין זיכער אין דעם, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט, דען דו קענסט נאָך שטאַרבען אָדער באַנקראָטירען, און טאָפּסי קען נאָך פערקויפט ווערען און איך זאָל דאָס אפילו ניט קענען פערהינדערן.

— אַזוי, ווי איך זעה ביזטו זעהר פּאָרזיכטיג. און אזוי ווי איך בין דאָ אין די הענד פון אַ יענקי (מיינענדיג אָפעליא'ן) בלייבט פאַר מיר ניט מעהר צו טהאָן ווי זיך אונטערצוגעבען. און סיינט קלער האָט אויפגעשריעבען דעם פּאַפּיער אין אַ געזעצליכער פאָרמע, אַז ער שענקט איהר טאָפּסי'ן, מיט גרויסע קלאָהרע בוכשטאַבען און האָט זיך אונטערגעשריעבען מיט אַ קנאַקעדיגען צוק.

נאַ, אָט האָסטו שוואַרץ אויף ווייס, מיסס ווערמאָנט ! האָט ער געזאָגט דערלאַנגענדיג איהר דעם פּאַפּיער.

— ביזט אַ גוטער יונג, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט שמייכלענדיג. אָבער דאַרף מען דערצו ניט האָבען קיין עדות ?

— צום שוואַרץ יאָהר ! יעס, מערי, האָט ער אויסגערופען אויפמאַכענדיג די טהיר פון זיין פרוי'ס צימער, קום אהער, די קוזינע וויל האָבען אַז דו זאָלסט אוועקלעגען דיין אייגענע האַנד. שרייב אָקאָרסט אונטער דיין נאָמען אָט דאָ.

— וואָס איז דאָס ? האָט מערי געזאָגט ווען זי האָט שנעל דורכגעלעזען דעם פּאַפּיער. לעכערליך ! איך האָב געגלויבט, אַז די קוזינע איז צו פרום פאַר אַזעלכע מיאוסע זאַכען, האָט זי צוגעזעצט און האָט דערביי נאַכלעסיג אונטערגעשריעבען דעם פּאַפּיער. אָבער אויב זי האָט חשק צו דעם ארטיקעל פערגין איך עס איהר.

— נאַ, יעצט איז זי דיינע מיט לייב און לעבען, האָט סיינט קלער געזאָגט דערלאַנגענדיג איהר דעם פּאַפּיער.

— זי איז איצטער ניט מעהר מיינע ווי זי איז געוועזען פריהער, האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט. קיינער אויסער גאָט האָט אַ רעכט זי מיר צו געבען ; אָבער איך קען זי יעצט בעשיצען.

— וועל, דאַן איז זי דיינע לויט דער צערעמאָניע פון געזעץ, האָט סיינט קלער געזאָגט ווען ער איז געגאַנגען צוריק אין זאַל, וואו ער האָט זיך גענומען צו זיין צייטונג.

מיסס אָפעליאַ, וועלכע איז זעלטען געזעסען אין קאָמפּאַניע מיט מערי'ן, איז באַלד נאָך סיינט קלער'ן אריין אין זאַל.

— אוגוסטין, האָט זי פּלוצלונג געזאָגט, ווען זי האָט זיך גענר־מען צו איהר שטריקעריי, האָסטו עפּעס בעזאָרגט פאַר דיינע דיענער, אין פאַל ווען דו זאָלסט שטאַרבען ?

— ניין, האָט סיינט קלער געענטפערט, לעזענדיג ווייטער די צייטונג.

— דאַן קען מיט דער צייט דיין גאַנצע גוטסקייט צו זיי ווערען אַ שרעקליכע גרויזאַמקייט.

סיינט קלער האָט שוין אַליין פיעל מאָל געדענקט וועגען דעם, אָבער ער האָט נאַכלעסיג געענטפערט :

— וועל, איך האָב בדעה עס אין גיכען צו טהאָן.

— ווען ? האָט מיסס אָפעליאַ געפרעגט.

— דיעזע טעג.

— און וואָס וועט זיין, אַז דו וועסט פריהער שטאַרבען ?

— וואָס איז מיט דיר, קוזינע ? האָט סיינט קלער געזאָגט אַוועקלעגענדיג די צייטונג און קוקענדיג אויף איהר. דענקסטו, אַז איך האָב שוין די צייכענס פון געלען פיבער אָדער כאָלערא, דאָס דו מאַכסט שוין בעוואָהרעניסען פאַר נאָכ'ן טויט ?

— אין מיטען לעבען האַלטען מיר ביי'ן טויט, האָט מיסס אָפע־ליאַ געזאָגט.

סיינט קלער איז אויפגעשטאַנען, און נאַכלעסיג אַוועקלייגענדיג די צייטונג איז ער צוגעגאַנגען צו דער טהיר, וועלכע איז געווען אָפען צו דער וועראַנדאַ, אום צו מאַכען אַן ענדע צו דער אונטערהאַלטונג, וועלכע איז איהם געווען אונאַנגענעהם. מעכאַניש האָט ער וויעדער־

האַלט דעם לעצטען וואָרט „ט ו י ט !" און אלס ער האָט זיך אָנגע־לעהנט אָן די פאַרענצע און האָט בעטראַכט דאָס שטראַהלענדע וואַסער, וואָס האָט געשפּריצט אין דער הויף און איז געפאַלען צוריק אין דעם פאָנטאַן, און זעהענדיג ווי דורך א טהוי די בלומען, די בוימער און די וואַזאָנעס אין דעם הויף, האָט ער ווידערהאָלט דעם געהיימען וואָרט, וועלכער איז אזוי אָפט אין יעדערן מויל און האָט דאָך אזא שרעקליכע מאכט. „טויט !" ווי זאָנדערבאַר, דאָס עס גיעבט אזא וואָרט, האָט ער געזאָגט, און אזא זאַך, און מיר זאָלען עס פער־געסען אַלע מאָל ; דאָס מען זאָל ה י י נ ט לעבען, זיין וואַרעם און שעהן, פול מיט האָפנונגען, ווינשען און פערלאַנגען און דעם נעכסטען טאָג — אוועק, און אויף אייביג !

אין א ווײַלע אַרום איז סיינט קלער אַריין צוריק אין זאַל און האָט זיך אַוועקגעזעצט. מיסס אָפעליאַ איז געזעסען מיט איהר שטריי־קעריי. ביידע האָבען א ווײַלע געשוויגען.

— ווענען וואָס דענקסטו יעצט ? האָט מיסס אָפעליאַ אונטער־בראָכען דעם שווייגען.

— איך דענק וועגען דער צוקונפט. זייט איך האָב אַלעס פער־לאָהרען, איז מיר יעצט אַלעס גלייך. איך קען יעצט ריזיקירען אַלעס.

— און וואָס דענקסטו צו טהאָן ?

— מיין פליכט צו די אָרימע און נידערגעשלאָגענע, האָט סיינט קלער געזאָגט. אָנפאַנגענדיג מיט מיינע דיענער, פאַר וועלכע איך האָב נאָך גאָרניט געטהאָן. און שפּעטער פיעללייכט פאַר אַלע שקלאַ־ווען, צו רעטען מיין פאַטערלאַנד פון א שאַנד־פלעק, וועלכען זי טראָגט אָפען פאַר דער גאַנצער וועלט.

— דענקסטו דען, אז עס איז מעגליך דאָס א לאַנד זאָל א מאָל וועלען פרייוויליג בעפרייען די שקלאַווען ?

— איך ווייס ניט, האָט סיינט קלער געענטפערט. אין אונגאַרן האָבען די אַדעליגע בעפרייט מיליאָנען שקלאַווען ניט קוקענדיג אויף דעם גרויסען געלד פערלוסט, וואָס זיי האָבען דערביי געהאַט. פיעל־לייכט וועלען זיך ביי אונז אויך געפינען אזעלכע עדעלע מענשען, וועל־כע שעצען ניט עהרע און גערעכטיגקייט נאָכ'ן דאָלאַר און סענט.

— איך קען עס קוים גלויבען, האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט.

— אָבער לאָמיר אָננעהמען, אז מיר ווע‍לען זיך אין איין שעה־נעם טאָג אויפהויבען און בעפרייען די שקלאַווען. ווער וועט דיעזע מיליאָנען מענשען בילדען; ווער וועט זיי לערנען צו געברויכען זייער פרייהייט? דער אמת איז, אז מיר זיינען אליין צו פויל און אונ־פּראַקטיש זיי צו געבען צו פערשטעהן וואָס האנדעל און וואַנדעל איז. זיי וועלען דאַרפען געהן אין די נאָרד וואו די ארבייט איז אין גאַנג. אָבער, זאָג מיר, וועלען אונזערע ליעבע ברידער פון די נאָרד זיך וועלען אָפּגעבען מיט נעגערס? וויפיעל פאַמיליען אין דיין שטעדטעל וועלען אריינגעהמען צו זיך א נעגער? וויפיעל קויפלייט וואָלטען וועלען צונעהמען אדאָלף'ן פאר א קלערק (פּריקאַזשטיק), אָדער וויפיעל מעכאַניקער וואָלטען איהם וועלען לערנען א מלאכה? ווען איך וואָלט וועלען אריינגעבען דזשיינ'ען און ראָזאַ'ן אין א שולע אָדער פּאַנסיאָן, ווער וואָלט זיי וועלען נעהמען? דו זעהסט, קוזינע, אז איהר אין די נאָרד זייט ניט וועניגער אונטערדריקערס פון די נעגערס אלס מיר דאָ.

— וועל, קוזין, איך וויים אז עס איז אזוי האָט מיסס אָפעליא געזאָגט. איך בין פריהער אויך אזוי געוועזן, אָבער יעצט האָב איך געענדערט מיין מיינונג, און איך וויים, אז עס איז דאָ גענוג מענ־שען אין נאָרד, וועלכע דענקען אויך אזוי ווי איך איצטער.

— אָבער זיי זיינען זעהר וועניג, האָט סיינט קלער געזאָגט.

— וועל, קוזין, איך וויים אז עס איז אזוי, האָט מיסס אָפעליא געענטפערט. איך וויים אז עס איז געווען מיט מיר אזוי, ביז איך האָב געזעהען, אז עס איז מיין פליכט, אַז איך זאָל זיך ענדערן, און איך האָף, אז איך האָב זיך געענדערט. און איך וויים, אז עס זיינען דאָ פיעלע גוטע מענשען אין די נאָרד, וועלכע מען דאַרף נאָר געבען צו פערשטעהן, אז זייער פפליכט איז עס צו טהאָן. עס וועט אפילו זיין פיעל שווערער פאר אונז אויפצונעהמען אונגלויביגע איידער צו שיקען צו זיי מיסיאָנערען, אָבער איך דענק, אז מיר וואָלטען עס טהאָן.

— ד ו וואָלסט עס טהאָן, איך וויים, האָט סיינט קלער געזאָגט. איך וואָלט וועלען זעהען איין זאַך, וואָס דו וואָלסט ניט טהאָן, ווען דו וואָלסט עס געפינען פאר דיין פליכט.

— וועל, איך בין גאָר ניט אזא אויסנאַהמיגע, האָט מיסס אָפע־

ליא געזאָגט, אַנדערע וואָלטען עס אויך געטהאָן, ווען זיי וואָלטען געקוקט אויף זאַכען ווי איך. איך דענק צו געהמען מיט מיר טאָפּסי'ן ווען איך וועל פאָהרען אהיים. איך גלויב, אַז אונזערע לייט וועלען זיך פריהער וואונדערן, אָבער איך דענק, אַז זיי וועלען באַלד זיין איינפערשטאַנען מיט מיר. אויסערדעם ווייס איך אַז עס זיינען דאָ פיעלע מענשען אין די נאָרד וואָס טהוען גראָדע ווי דו זאָגסט.

— יעס, אָבער זיי זיינען אַ מינאָריטעט, און ווען מיר זאָלען אָנפאַנגען צו בעפרייען שקלאַווען, וועלען מיר מסתמא באַלד הערן פון דיר.

מיסס אָפעליא האָט ניט געענטפערט. עס איז געוועזן אַ ווײלע שטיל. דאַן האָט סיינט קלער'ס געזיכט בעקומען אַ טרויריגען פער־חלום'טען אויסדרוק.

— איך ווייס ניט פאַר וואָס איך דענק אַזוי פיעל וועגען מיין מוטער היינט ביינאַכט, האָט ער געזאָגט. איך האָב עפּעס אַ מין מאָדנעם געפיהל, אַזוי ווי זי וואָלט געווען נאָהענט פון מיר. זאָנ־דערבאַר, וואָס עס ברייננט פערגאַנגענע געפיהלען אַזוי לעבעדיג צוריק.

סיינט קלער איז געגאַנגען עטליכע מינוט אין צימער הין און צו־ריק, און האָט געזאָגט:

— איך דענק, אַז איך וועל געהן אין גאַס אויף אַ קורצע צייט און וועל דאָרטען הערען נייעס. ער האָט גענומען זיין הוט און איז אַרויסגעגאַנגען.

טאָם איז איהם נאָכגעגאַנגען ביז אויפ'ן גאַס און האָט איהם גע־פרעגט אויב ער זאָל געהן מיט איהם.

— ניין, מיין טאָם, האָט סיינט קלער געזאָגט. איך וועל זיין צוריק אין אַ שטונדע.

טאָם איז געזעסען אויף דער וועראַנדאַ. עס איז געווען אַ שעה־נער אבענד און די לבנה האָט געשיינט פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טויער. טאָם איז געלאָפען עפענען. מעהרערע מענער זיינען געשטאַנען אין דרויסען און האָבען געטראָגען אויף אַ נאָסילקע אַ מאַן איינגעוויקעלט אין אַ מאַנטעל. די גאַנצע קאָמפּאַניע איז אַריין אין הויף. די ליכט פון דער לאַנטערנע איז געפאַלען אויף דעם מאַן'ס געזיכט. אַ ווילדער געשריי פון טאָם'ען האָט זיך באַלד דערהערט און

אין דער גאנצער הויז איז געוואָרען איין אויפרוהר. די טרעגער מיט זייער לאַסט זיינען געגאנגען צום זאַל, וואו מיסס אָפעליא איז געזע־סען און האָט געשטריקט.

סיינט קלער איז אריינגעגאנגען אין א קאַפע־הויז צו לעזען א צייטונג. בשעת ער האָט געלעזען האָבען זיך צוויי אָנגע׳שיכור׳טע מענער צוקריגט און האָבען זיך גענומען שלאָגען. סיינט קלער און נאָך אייניגע מענער האָבען זיי געוואָלט פאנאנדער נעהמען. האָט סיינט קלער בעקומען א שטאָך אין זייט מיט א גרויסען מעסער, וועלכען ער האָט געוואָלט ביי יענעם ארויסרייסען.

די הויז איז געווען פול מיט געשרייען און יאָמערן. די דיענער האָבען זיך געריסען די האָאר און האָבען זיך געוואָרפען אן דר׳ערד און זיינען ארומגעלאָפען ווי משוגענע. נאָר טאָם און מיסס אָפעליא האָבען געשיינט צו האָבען גענוג זעלבסט בעהערשונג. זי האָט גלייך געהייסען אוועקלעגען דעם פערוואונדעטען אויף א זאָפא. סיינט קלער האָט גע׳חלוש׳ט ועגען פערלוסט פון בלוט. באַלד איז געקומען דער דאָקטאָר.

— יעצט, האָט ער געזאָגט, זאָלען אַלע ארויס. עס העננט אָפ אַלעס פון דעם אז עס זאָל זיין רוהיג.

סיינט קלער האָט געעפענט די אויגען, ער האָט געזעהען אַלעמען ארום זיך, אָבער ער האָט נאָר געזאָגט: „אָרימע בעשעפעניסען!" דאַן האָט ער ווידער צוגעמאַכט די אויגען. אין א ווייַלע ארום האָט ער ווידער געזאָגט: „טאָם, אָרימער יונג!"

— וואָס איז מאַסטער? האָט טאָם ערנסט געפרעגט.

— איך שטאַרב! האָט סיינט קלער געזאָגט דריקענדיג זיין האַנד.

— ווילט איהר האָבען א גייסטליכען? האָט דער דאָקטאָר גע־פרעגט.

סיינט קלער האָט האסטיג געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ: ניין!

באַלד דערויף איז סיינט קלער געווען טויט.

## ניין־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## די אונבעשיצטע.

מיר הערען זעהר אָפט פון די צרות פון די שוואַרצע דיענער, וועלכע פערליערען אַ גוטען מאַסטער. און עס איז זעהר ריכטיג, דען עס גיבט קיין בעשעפּענים אויף דער גאַנצער וועלט, וועלכער זאָל בלייבען אַזוי אונבעשיצט אַזוי הפקר ווי אַ שקלאַוו אין אַזאַ פאַל.

ווען אַ קינד פערלירט זיין פאָטער, ווערט ער בעשיצט פון פריינד, פון געזעץ. ער מוז עפּעס און קען עפּעס טהאָן. ער האָט אנערקענטע רעכטע און איין אנערקענטע שטעלונג אין דער געזעלשאַפט. דער שקלאַוו האָט גאָר ניט. דאָס געזעץ בעטראַכט איהם ניט מעהר ווי אַ שטיק סחורה. די איינציגע אנערקענונג אַלס אַ נפש און די מענשליכע בעהאַנדלונג וואָס ער קריעגט הענגט אָפּ פון אַ גוטען מאַסטער. פערליערט ער זיין מאַסטער, פערליערט ער זיין ביסעל ווערטה אַלס מענש.

די צאָהל פון די מאַסטערס, וואָס קענען זייער מאַכט איבערן נעגער און בעהאַנדלען איהם מענשליך, איז קליין. יעדערער ווייס עס און דער שקלאַוו ווייס עס נאָך בעסער; ער ווייס אַז פון צעהן נייע מאַסטער קען ער נאָר האָפען צו האָבען איינעם מיט מענשליכע געפיהלען. דערפאַר איז איהם זעהר שווער צו וואַרטען אויף אַ מענשליכען מאַסטער.

ווען סיינט קלער האָט אַרויסגעלאָזען זיין לעצטען אָטהעם איז אַ שרעק אַרויף אויף אַלע זיינע דיענער. ער איז אָפּגעריסען געוואָרען פון דער וועלט אין דער צייט ווען ער איז געווען אין זיין בליהענדער יוגענד. יעדער ווינקעלע פון דער הויז האָט פערהילכט מיט דעם פערצווייפעלטען יאָמערן און וויינען פון זיינע טרייע דיענער.

מערי האָט געהאַט מעהר היסטעריקעס, מעהר וויינען, מעהר שרייען אויף די אָרימע דיענער. און מיסס אָפעליאַ האָט געטהאָן אַלעס וואָס זי האָט געקענט צו בערוהיגען די דיענער.

ווען מען האָט סיינט קלער'ס קערפּער פאַרבערייטעט צו דער קבורה האָט מען ביי איהם אויף דער ברוסט געפונען אַ קליינעם מעדאַליאָן,

וועלכער האָט זיך געעפענט פון א פרוזשינע. דאָרטען איז געוועזן א קליינער פּאָרטרעט פון איין ערעלען און בילד שעהנעם פרויען געזיכט, און אונטער א גלעזעל איז געלעגען א לאָקען פון שווארצע האָאר. מען האָט עס אוועקגעלעגט צוריק אויף דער טויטער ברוסט, — שטויב צו שטויב! — אָרימע, טרויעריגע איבערבלייבעכץ פון יוגענדליכע חלומות, וועלכע האָבען א מאָל געמאכט ווארעם קלאפּען יעצטיגע קאָלטע הארץ!

א פּאָאר וואָכען נאָך דער בעערדיגונג איז מיסס אָפעליא געוועזן ביי איהר אין צימער. א לייכטער קלאפּ אין טהיר האָט זיך דערהערט און מיסס אָפעליא איז געגאנגען עפענען. ביי דער טהיר איז געשטאַנען די שעהנע מולאטקע ראָזא מיט די האָאר אין אונאָרדנונג און געשוואָלענע אויגען פון וויינען.

— אָה, מיסס פילי, האָט זי געזאָגט פאלענדיג אויף די קניע און זי אָננעהמענדיג פאר'ן קלייד. געהט צו מיסס מערי און בעט פאר מיר! זי שיקט מיך אין שמיים הויז, אז מען זאָל מיך שמייסען. זעהט! און זי האָט דערלאנגט מיסס אָפעליא א פּאַפּיער.

עס איז געוועזן א בעפעהל געשריעבען פון מערי'ס האנד צו דעם מאסטער פון דער הויז וואו מען שמייסט די נעגערס, אז ער זאָל דער איבערברענגערין פון דעם בעפעהל געבען פופצעהן שמיץ.

— וואָס האָסטו דען געטהאָן? האָט מיסס אָפעליא געפרעגט.

— איהר ווייסט דאָך, מיסס פילי, אז איך האָב אזא שלעכטע נאַטור; דאָס איז זעהר שלעכט פון מיר. איך האָב אָנפּרובירט מיסס מערי'ס קלייד און זי האָט מיר דערלאנגט א פּאטש. איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האָב איהר דערויף געענטפערט א פּאָאר ווערטער. זי האָט מיר געזאָגט אז זי וועט מיך איצטער לערנען דרך ארץ, דאָס איך זאָל ניט דענקען אז איך וועל האָבען אזא גוטען לעבען ווי איך האָב פריהער געהאט. דאן האָט זי דאָס געשריעבען און האָט דאָס מיר געהייסען אָפּטראָגען.

מיסס אָפעליא איז געשטאנען מיט'ן פּאפּיער אין האנד און האָט געטראכט וואָס זי זאָל טהאָן.

— איהר זעהט, מיסס פילי, דער שמייסען וואָלט מיך ניט אזוי שטארק געארט, ווען מיסס מערי אָדער איהר וואָלט עס געטהאָן.

אָבער מיך צו שיקען צו אַ מ אַ ן ! און נאָך צו אַזאַ שרעקליכען מאַן,
— דערמאָהנט זיך די שאַנדע, מיסס פּילי !

מיסס אָפעליאַ האָט זעהר גוט געוואוסט, אַז עס איז געווען ביי די שקלאַווענהאַלטערס אַ געוויינליכער געברויך צו שיקען פרויען אָדער יונגע מיידלעך אין דער שמיס־הויז צו די נידריגסטע מענער, מענער וועלכע זיינען געווען אַזוי פערדאָרבען דאָס צו מאַכען פאַר אַ פּראָפעסיאָן, און די מיידלעך זאָלען דאָרטען זיין אויסגעזעצט צו אַזאַ שאַנדע. מיסס אָפעליאַ האָט עס געוואוסט פון בעפאָר אָבער זי האָט עס קיינמאָל ניט געזעהען אין דער ווירקליכקייט, ביז זי האָט פאַר זיך געזעהען די עדעלע געשטאַלט פון ראָזאַ'ן, וועלכע האָט געציטערט ווי אַ בלאַט. איהרע גאַנצע עהרליכע בלוט האָט אויפגעפלאַמט אין איהרע באַקען און האָט צוקאָכט איהר האַרץ פון צאָרן. אָבער זי האָט זיך גלייך בעהערשט, און קוועטשענדיג דעם פּאַפּיער אין איהר האַנד האָט זי מיט איהר געוויינליכע שטימע געזאָגט :

— זעץ זיך, קינד, איך וועל געהן צו דיין מיסעס.

— עס איז אַ שאַנדע ! עס איז גרויזאַם ! האָט זי צו זיך געזאָגט ווען זי איז דורכגעגאַנגען דעם צימער.

זי האָט געפונען מערי'ן זיצענדיג אין איהר בעקוועמען שטוהל און נעבען איהר איז געשטאַנען מעמי און האָט געקעמט איהרע האָאָר. דזשיינע איז געזעסען אויף דער ערד און האָט איהר געקראַצט די פיס.

— ווי פיהלט איהר זיך היינט ? האָט מיסס אָפעליאַ געפרעגט.

אַ שווערער זיפץ און אַ קוועטש מיט די אויגען איז געווען דער ענטפער אין דעם ערשטען מאָמענט ; דאַן האָט זי געזאָגט. — אָה, איך ווייס ניט, קוזינע, מיר שיינט אַז איך פיהל מיך גאַנץ גוט, און מערי האָט זיך געווישט די אויגען מיט אַ שוואַרץ באָרדירטען טיכעל.

— איך קום צו דיר, האָט מיסס אָפעליאַ געזאָגט מיט אַ הוסט, מיט אַ ביטע פאַר דער אָרימער ראָזאַ.

מערי האָט אויפגעהויבען די אויגען און אַ רויטקייט איז אַריבער איבער איהרע געלע באַקען.

— וועל, וואָס איז דאָרטען ?

— זי האָט זעהר חרטה אויף דעם פעהלער וואָס זי האָט בע־גאַנגען.

— אזוי, זי האָט חרטה ? זי וועט מעהר חרטה האָבען ווען איך וועל מיט איהר פארטיג ווערען ! איך האָב לאַנג גענוג געליטען פון איהר חוצפה. יעצט וועט זי זיך ביי מיר וואלגערן אין מיסט.

— אָבער קענסטו זי ניט בעשטראפען אין אַנאַנדער וועג, — אין א וועג, וועלכער זאָל ניט זיין אזא שאַנדע ?

— דאָס וויל איך טאָקע ; איך וויל זי מאַכען צו שאַנדע. איהר גאַנצען לעבען האָט זי געבויט אויף איהר שעהנקייט און אויף איהר שטעל פון א דאמע, און איך וועל איהר געבען א לעסאָן, וועלכער וועט זי דערמאהנען ווער זי איז.

— אָבער, קוזינע, בערעכען, ווען דו פערדארבסט די ערדעל־קייט און דעם געפיהל פון שאַנדע אין א מיידעל, פערדארבסטו זי אין גאַנצען.

— ערדעלקייט ! האָט מערי געזאָגט מיט איין איראָנישען לאַ־כען, זעהר א שעהנער וואָרט פאר אזא ווי זי ! איך וועל איהר וויי־זען, אז מיט איהר גאַנצער ערדעלקייט איז זי ניט בעסער ווי די לומפיגסטע נעגערקע פון גאַס.

— דו וועסט זיך מוזען פערענטפערן פאר גאָט פאר אזא גרויזאַמ־קייט, האָט מיסס אָפעליא שאַרף געזאָגט.

— גרויזאַמקייט ? איך וואָלט וועלען וויסען וואָס גרויזאַמקייט איז ! איך האָב נאָר געהייסען געבען פופצעהן שמיץ און האָב זיי געהייסען געבען לייכט. איך בין זיכער, אז דערביי איז ניטאָ קיין גרויזאַמקייט !

— קיין גרויזאַמקייט ! האָט מיסס אָפעליא געזאָגט. איך בין זיכער, אז א ליאַדע מיידעל וואָלט בעסער וועלען גלייך גע'הרג'עט ווערען !

— דאָס מעג אזוי אויסזעהען צו די וואָס האָבען דיינע געפיהלען ; אָבער אַלע דיעזע נפשות זיינען געוועהנט דערצו. דאָס איז דער איינ־ציגער וועג זיי צו האַלטען אין אָרדנונג. טאָמער לאָזט מען זיי ווערן פריצים, קריכען זיי אויפ'ן קאָפּ, אזוי ווי מיינע דיענער האָבען עס געטהאָן. איך האָב יעצט אָנגעפאנגען זיי גיבען צו פערשטעהן ווער זיי זיינען. איך וועל זיי אַלע גלייך שיקען שמייסען ווען זיי וועלען ניט וויסען ווער זיי זיינען, האָט מערי געזאָגט זיך ארומקוקענדיג מיט א הערשענדען בליק.

דזשיינע האט אראפגעבויגען דעם קאפ, דען זי האט געפיהלט אז דאס מיינט מען זי אויך. מיסס אפעליא האט איינגעהאלטען איהר צארן און האט געשוויגען, דען זי האט געוואוסט, אז מיט ריידען וועט זי שוין בעסער ניט מאכען. זי האט זיך אויפגעהויבען און איז שטילערהייד ארויסגעגאנגען פון צימער.

פאר מיסס אפעליא איז געווען שווער צו דערצעהלען ראזא'ן אז זי האט גארניט געקענט אויספיהרען. שפעטער איז געקומען א דיענער און האט גענומען ראזא'ן אין שמיים־הויז טראץ איהר וויינען און יאמערן.

א פאאר טעג שפעטער איז טאם געשטאנען אויפ'ן באלקאן פערטראכטערהייט, ווען אדאלף איז צו איהם צוגעגאנגען. זייט סיינט קלער איז געשטארבען איז אדאלף געווען אין איינע שרעק. ער האט געוואוסט, אז מערי האט איהם אלע מאל פיינד געהאט, אבער ווען זיין מאסטער האט געלעבט האט עס איהם ניט געארט. יעצט האט ער ערווארטעט יעדע מינוט אז א צרה קען איהם פאסירען. מערי האט געהאט מעהרערע בעראטהונגען מיט איהר אדוואקאט און מיט סיינט קלער'ס ברודער און עס איז ביי איהר געבליעבען צו פערקויפען די הויז מיט די דיענער און נאר לאזען איהרע אייגענע זאכען און פאהרען צו איהר פאטערס פלאנטאציע.

— ווייסטו טאם, אז מיר וועלען אלע פערקויפט ווערען, האט אדאלף געזאגט.

— ווי אזוי האסטו עס געהערט? האט טאם געפרעגט.

— איך האב זיך בעהאלטען הינטער א פארהאנג, ווען די מיסיס האט גערעדט מיט'ן אדוואקאט.

— מסתמא וויל גאט אזוי, האט טאם געזאגט מיט א זיפץ.

— מיר וועלען קיינמאל ניט האבען אזא מאסטער, האט אדאלף געזאגט מיט בעשטימטהייט. אבער איך וויל בעסער פערקויפט ווערען איידער זיין אונטער דער מיסיס.

טאם האט זיך אפגעקעהרט; זיין הארץ איז געווען פול. די האפנונג אויף פרייהייט, דער געדאנקען וועגען זיין ווייטע פרוי און קינדער זיינען פאר איהם ערשיענען אזוי ווי פאר דעם מאטראז פון א זינקענדער שיף, וועלכע איז שוין געווען ביין ברעג און ער האט שוין געזעהען די הייזער פון זיין שטאדט און ער האט זיך שוין גערעכענט

נערטעטעט — און דאָ איז די שיף געזונקען. ער האָט שטאַרקער צו־זאַמענגעדריקט זיינע אָרעם אויף זיין ברוסט און האָט אַראָפּגעשלונגען די ביטערע טרעהרען.

ער האָט אויפגעזוכט מיסס אָפעליא, וועלכע האָט איהם בע־האַנדעלט זייט עוואַ'ס טויט מיט דער גרעסטער פריינדליכקייט.

— מיסס פילי, האָט ער געזאָגט, מאַסטער סיינט קלער האָט מיר פערשפּראָכען מיין פרייהייט. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער האָט שוין אָנגעגעבען די פּאַפּיערען. און יעצט, ווען מיסס פילי וואָלט זיך גענעבען די מיהע און רעדען מיט דער מיסיס וועגען דעם, וואָלט זי אפשר דאָס געטהאָן צוליעב מאַסטער סיינט קלער.

— איך וועל ריידען פאַר דיר, טאָם, און איך וועל טהאָן אַלעס וואָס איך קען, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט, אָבער אויב דאָס העננט אָפּ פון מיסעס סיינט קלער, האָב איך ווייניג האָפנונג. פון דעסט־וועגען וועל איך פּרובירען.

דיעזער געשפּרעך איז פאָרגעקומען אַ פּאָאַר טעג נאָך דעם וואָס האָט פּאַסירט מיט ראָזאַ'ן, וועהרענד מיסס אָפעליא האָט זיך געפּאַקט אוועקצופאָהרען צו זיך אַהיים.

מיס אָפעליא האָט זיך גוט איבערלייגט די זאַך און האָט נאָך אַ מאָל בעטראַכט די אונגיצליכע פּראַבע וואָס זי האָט געמאַכט וועגען ראָזאַ'ן, איז זי געקומען צום שלוס, אַז אפשר האָט זי דאַמאַלס גע־רעדט צו שאַרף פאַר ראָזאַ'ן, וועט זי יעצט זיין ווייכער און וועט זיין מעהר דיפּלאָמאַטיש. און אזוי האָט די גוטהערציגע פרוי צוזאַמענגע־פּאַקט איהר שטריקצייג און איז אוועק אין מערי'ס צימער.

זי האָט זי געפונען ליגענדיג אויף אַ דיוואַן אונטערגעשפּאַרט מיט קישענס אונטער איהר זייט, וועהרענד דזשיינע, וועלכע איז יעצט געקומען פון איינקויפען האָט פאַנאַנדערגעלייגט פאַר דער מיסיס פער־שידענע דינגע שווארצע טוך.

— אָט דאָס וועט זיין גוט, האָט מערי געזאָגט אויסקלייבענדיג אַ שטיק וואַרע, אָבער איך בין ניט זיכער, אויב דאָס איז אַ ריכטיגע טרויער פאַרב.

— נאָט, מיסיס, האָט דזשיינע לעבהאַפט געזאָגט, מיסיס דער־בענאָן דעם גענעראַל'ס פרוי, האָט געטראָגען פונקט אַזאַ קלייד ווען דער גענעראַל איז געשטאָרבען.

— וואָס דענקסטו ? האָט מערי געפרעגט ביי מיסס אָפעליא.

— דאָס הענגט אָפּ פון דער מאָדע, דענק איך, האָט מיסס אָפע־ליא געענטפערט. דו קענסט דעריבער בעסער אורטהיילען ווי איך.

— דער פאַקט איז, האָט מערי געזאָגט, דאָס איך האָב ניט קיין קלייד וואָס איך זאָל קענען אָנטהאָן. און אזוי ווי איך גיב אויף די הויז און פאָהר נעכסטע וואָך אוועק, מוז איך יעצט אויף עפּעס בעשליסען.

— פאָהרסטו שוין אזוי שנעל ?

— יעס. סיינט קלער'ס ברודער האָט געשריעבען, דאָס ער און דער אדוואָקאט דענקען, אז די מעבעל און די דיענער זאָלען בעסער פערקויפט ווערען אין אוקציאָן און די הויז זאָל בלייבען אין דעם אד־וואָקאט'ס הענד.

— עס איז דאָ איין זאַך איבער וועלכער איך וואָלט וועלען מיט דיר רעדען, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט. אוגוסטין האָט פערשפּראָ־כען טאָמ'ען די פרייהייט און האָט שוין אָנגעגעבען די פּאַפּיערען. איך האָף אז דו וועסט דאָס ענדיגען.

— עס הייבט זיך גאָר ניט אָן ! האָט מערי שאַרף געענטפערט. טאָם איז דער טהייערסטער דיענער אין הויז. איך וויל ניט פערלירען אזוי פיעל געלד. צווייטענס צו וואָס דאַרף ער פרייהייט ? ער איז בעסער אָפּ אזוי.

— אָבער ער גאַרט זעהר נאָך דער פרייהייט, און זיין מאַסטער האָט עס איהם פערשפּראָכען, האָט מיסס אָפעליא געזאָגט.

— אז ער וויל זיין פריי צווייפעל איך גאָרניט, האָט מערי גע־זאָגט, זיי ווילען דאָס אַלע, ווייל זיי זיינען אונצופריעדענע נפשות ; זיי ווילען שטענדיג האָבען זאַכען וואָס זיי קענען ניט קריעגען. עס איז איבערהויפּט מיין פּרינציפּ ניט צו בעפרייען שקלאַווען אין קיין פאַל. ווען אַ נעגער איז אונטער אַ שטרענגען מאַסטער איז ער גוט ; גיב איהם אָבער פרייהייט, ווערט ער פויל און וויל ניט אַרבײ־טען, הייבט אָן צו שיכור'ן און ווערט גאַנץ פערדאָרבען. איך האָב עס בייגעוואוינט הונדערט מאָל. דער בעפרייען טהוט זיי גאָר קיין טובה ניט.

— אָבער טאָם איז אזא גוטער און פלייסיגער נפש.

— דו דאַרפסט מיר ניט איינרעדען ! איך האָב שוין געזעהען

הונדערט אזעלכע ווי ער. ער וועט זיין אזוי לאנג גוט ביז מען האלט איהם אין האנד.

— אבער בערעכען, ווען דו וועסט איהם פערקויפען, קען ער נאך קריעגען א שלעכטען מאסטער.

— אה, דאס איז אלעס פוסטע זאכען! האט מערי געזאגט. ניט איין מאל פון הונדערט קען א גוטער קערל קריגען א שלעכטען מאסטער. די מעהרסטע מאסטערס זיינען גוט, כאטש מען רעדט אזוי פיעל געגען זיי. איך האב געלעבט און בין אויפגעוואקסען אין סאוטה און איך האב נאך קיינמאל ניט בעגעגענט אז א מאסטער זאל שלעכט בעהאנדלען זיינע דיענער. נאטירליך ווען זיי האבען עס פערדיענט. פאר טאם'ען זארג איך זיך ניט. ער וועט שוין קריגען א גוטען מאסטער.

— וועל, האט מיסס אפעליא ענערגיש געזאגט, איך וויים אז דער לעצטער וואונש פון דיין מאן איז געווען צו בעפרייען טאם'ען. דאס איז געווען זיין לעצטער פערשפרעכען צו דער טהייערער עווא אויף איהר טויטען בעט, און איך דענק ניט אז דו קענסט זיך נעהמען די פרייהייט צו געהן געגען זיין לעצטען וואונש.

מערי האט פערדעקט איהר געזיכט מיט'ן טיכעל ביי דיעזער עראי־נערונג און האט אנגעפאנגען צו וויינען און שטארק צו געברויכען איהר פלעשעלע מיט חלוש־טראפען.

— אלעס איז געגען מיר! האט זי געזאגט. קיינער בערעכענט מיך ניט! איך האב ניט געגלויבט, אז דו וועסט מיך דערמאהנען אן מיינע צרות. דו בעמיטלייידעסט מיך ניט! מיינע צרות זיינען אזוי זאנדערבאר. איך האב געהאט איין טאכטער און איך האב זי פערלאהרען. איך האב געהאט א מאן, וועלכער האט מיר געפאסט — און מיר איז אזוי שווער עפעס צוצופאסען — און איך האב איהם פערלאהרען. און ווי עס שיינט האסטו מיט מיר קיין מיטגעפיהל ניט, און דו דערמאהנסט עס מיר אזוי גרינגהארציג, ווען דו ווייסט ווי שרעקליך איך לייד. איך נעהם אן אז דו מיינסט עס גוט, אבער עס איז א גרויסער אונרעכט. און מערי האט געקלאגט און האט געזוכט נאך אטהעם און האט געהייסען מעמי'ן עפענען די פענסטער, בריינגען איהר די קאמפער־פלעשעל, און צו נעצען איהר קאפ און אפצושפילען איהר קלייד. און אין דעם גרויסען טומול וואס דא איז געווארען האט

זיך מיסס אָפעליא אָפגעטראָגען.

זי האָט געזעהען, אז אלע איהרע מיהע ווייטער צו רעדען פאר טאָם'ען איז געווען אומזיסט, איז איהר ניט געבליעבען ווי צו שריי־בען צו מר. שעלבי און איהם מיטצוטהיילען די גאַנצע געשיכטע און אז ער זאָל קומען טאָם'ען צו הילף.

דעם נעכסטען טאָג איז טאָם און אדאָלף און נאָך א האלב דוטצענד דיענער אוועקגעפיהרט געוואָרען אין א שקלאַווען וואַרע הויז. דאָר־טען האָבען זיי געדארפט וואַרטען אויף'ן שקלאַווענהענדלער, וועלכער האָט זיי געדארפט מיטנעהמען מיט נאָך א פּארטיע שקלאַווען צו דעם אוקציאָן.

---

דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

## די שקלאַווען וואַרע הויז.

א שקלאַווען וואַרע הויז! פיעלייכט וועלען פיעלע דענקען, אז דאָס איז א מין שרעקליכער פּלאַץ, וואו קיין מענש קען גאָר ניט אריינ־געהן, וועלען זיי האָבען א טעות. אין היינטיגער ציוויליזירטער וועלט ווערען געטהאָן די שרעקליכסטע זאַכען, אָבער אזוי פערפּוצט דאָס מען זאָל פון אויבען ניט בעמערקען וועלכע מעשים תעתועים עס ווערען אָבגעטהאָן אונטען. מענשליכע סחורה איז זעהר טהייער אויף'ן מארק, דערפאר זיינען זיי גוט געקאָרמעט, גוט גערייניגט און גוט אויפגעפּאַסט, כדי מען זאָל פאר זיי קריגען א גוטען פּרייז. א שקלאַווען־סחורה הויז אין ניו אָרלעאַנס, איז פון דרויסען ניט פיעל מאוסער ווי די אַנדערע הייזער און איז געהאַלטען ריין. א סך שקלאַ־ווען שטעהען אין דרויסען אונטער א דעכעל און שיינען צו דיענען אלס א שילד אום צו צייגען אז דער מארק איז אינווענינ.

דאָרטען זייט איהר גאַנץ העפליך איינגעלאַדען צו בעטראַכטען די סחורה. איהר געפינט דאָ פאָטערס, מוטערס, שוועסטערס, ברי־דער, אַלטע, יונגע און קליינע קינדער. איהר קענט זיי קויפען אגול־נע אָדער איינציגווייז.

עס איז געווען א טאָג אָדער צוויי נאָך דער אונטעררעדונג וואָס

מיסס אָפעליא האָט געהאַט מיט מערי'ן, ווי טאָם, אַדאָלף און נאָך עטליכע פון סיינט קלער'ס הויז זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו דער ליעבליכער פריינדליכקייט פון מר. סקעגס, דער אָנהאַלטער פון דעם דעפּאָ אין דער לואיס גאַס צו וואַרטען אויף דעם טאָג פון דעם אוק־ציאָן.

טאָם האָט מיט זיך געהאַט א גרויסען קאַסטען פול מיט קליידער און דאָסזעלבע האָבען אויך די אנדערע געהאַט. אויף בייגאַכט האָט מען זיי אריינגעפיהרט אין א לאַנגען צימער, וואו עס האָבען זיך געפונען פיעלע אנדערע מענער פון פערשיעדענעם עלטער, גרויס און קליין און פון פערשיעדענער פאַרב, וועלכע האָבען געלאַכט און זיך געמאַכט לוסטיג.

— אהא ! אזוי איז גוט ! האַקט ווייטער, קינדער ! האָט גע־זאָגט מר. סקעגס, דער אָנהאַלטער. מיינע לייט זיינען אַלע מאָל פריילעך. אָה, דאָס ביזטו, סאַמבאָ, האָט ער צופריעדען געזאָגט צו א געזונדען נעגער, וועלכער האָט דורך פערשיעדענע קונצען און גראָבע ווערטלעך געמאַכט אַלעמען לאַכען, און דאָס איז געווען דער געלעכטער, וועלכען טאָם האָט געהערט, ווען ער איז אהער אריינ־געקומען.

ווי מען קען זיך פאָרשטעלען איז טאָם'ען ניט געלעגען אין קאָפּ זיך אויסצומישען מיט דער פרייליכער חברה און ער האָט דער־פאַר אוועקגעשטעלט דעם קאַסטען ווייט פון זיי ; ער האָט זיך אויף איהם געזעצט און האָט אָנגעלעהנט זיין פּנים צו דער וואַנד.

די הענדלער פון מענשען סחורה גיבען זיך אַלע מיהע צו מאַכען אז די שקלאַווען זאָלען זיין פריילעך אום זיי זאָלען פערגעסען אויף זייערע צרות און זאָלען ניט זיין מרה־שחורה'דיג. דער גאַנצער ציעל זייערער איז, אז פון דער צייט אָן וואָס זיי נעהמען צו דעם שקלאַוו פון זיין היים און פיהרען איהם אין סאַוטה, זאָל ער זיין צוטומעלט און זאָל קיין צייט ניט האָבען צו דענקען. מען גיט זיי עסען און טרינ־קען, מען גיט זיי א פידלער און ער שפּיעלט גאַנצע טעג און מאַכט אַלעמען טאַנצען. טאָמער געפינט זיך איינער, וואָס דער טאַנצען אָדער זינגען ליעגט איהם ניט אין קאָפּ, האַלטען איהם די אנדערע פאַר א געפעהרליכען קערל און זיי דערגעהען איהם די יאָהרען. מען

רעדט זיי איין אז ווען זיי וועלען זיין לעבעדיג און מונטער, וועלען זיי קריגען א גוטען מאַסטער און עס וועט זיי זיין גוט.

— וואָס טהוט דאָרטען יענער נעגער? האָט סאַמבאָ געזאָגט צו־געהענדיג צו טאָם'ען, ווען מר. סקעגס איז ארויסגעגאנגען. סאַמבאָ איז געווען א זעהר שוואַרצער נעגער, גרויס און שטארק געבויט, לע־בעדיג און פול מיט גראָבען וויץ.

— וואָס טהוסטו דאָ? האָט סאַמבאָ געפרעגט צוגעהענדיג צו טאָם'ען און שטויסענדיג איהם אין זייט. זאָרגסט זיך, הא?

— מאָרגען פערקויפט מען מיך אויפ'ן אוקציאָן, האָט טאָם רו־היג געזאָגט.

— פערקויפען אין אוקציאָן! הא! הא! חברה, איז דאָס ניט קיין געלעכטער! הלוואי פערקויפט מען מיך אין אוקציאָן! זיי וואָלטען זיך ביי מיר געקייקעלט לאַכענדיג. אָבער ווי קומט עס דאָס אייער גאַנצע חברותא ווערט מאָרגען פערקויפט אין אוקציאָן? דער־ביי האָט ער גאַנץ פראָסט ארויפגעלייגט זיין גרויסע שוואַרצע האַנד אויף אַדאָלף'ס שולטער.

— זעה, לאָז מיך צופריעדען! האָט אַדאָלף אויסגערופען אויפשפּרינגענדיג און אַנקוקענדיג סאַמבאָ'ן מיט פייערדיגע אויגען און מיט עקעל.

— זעהט נאָר חברה! דאָס איז איינער פון די ווייסע נעגערס, א מין סאָרט סמעטענע פארב, — עס שמעקט! האָט ער געזאָגט צו־געהענדיג צו אַדאָלף'ן און שמעקענדיג איהם מיט דער נאָז. אָה, גאָט! ער וואָלט געווען גוט פאר א טאַבאַק פאַבריק; דאָרטען וואָלטען זיי איהם געקענט האַלטען ער זאָל צוגעבען ריח פאר'ן שמעקטאַבאַק. גאָט, די גאַנצע פאַבריק וואָלט געגאַנגען כאַדאָראָם!

— איך זאָג, אז דו זאָלסט אוועקגעהן, הערסטו? האָט אַדאָלף געזאָגט א צוקאָכטער.

— גאָט, ווי עדעל די ווייסע נעגערס זיינען! קוקט אהער, האָט סאַמבאָ געזאָגט זיך אויסציהענדיג און נאָכמאַכענדיג ווי גרויסאַרטיג אַדאָלף זעהט אויס. ער איז געווען אין א גוטער פאַמיליע, פערגעסט ניט!

— יעס, האָט אַדאָלף געזאָגט, איך האָב געהאַט א מאַסטער, וועלכער וואָלט אייך אַלע געקענט אָפּקויפען פאר א זאַק ציבעלעס.

— יעצט בערעכענט נאָר וואָס פאר א ארעלמאַן ער איז ! האָט סאמבאָ געענטפערט.

— איך האָב בעלאַנגט צו סיינט קלער׳ס פאמיליע, האָט אדאָלף געזאָגט מיט שטאָלץ.

— אזוי ! זאָל איך געהאַנגען ווערען, אויב זיי שעצען זיך ניט גליקליך וואָס זיי זיינען פון דיר פטור געוואָרען. איך צווייפעל גאָר־ניט אז זיי ווילען דיך פערקויפען צוזאַמען מיט די אַלטע טעפּ, האָט סאמבאָ געזאָגט מיט א בייסענדען טאָן.

אדאָלף איז אָנגעצונדען געוואָרען פון דיעזע ווערטער און ער האָט זיך א וואָרף געטהאָן ווי א טיגער אויף זיין געגנער און האָט איהם גע־בוכטשעט פון אַלע זייטען. די אַנדערע האָבען געלאַכט און געשריען און דער ליארם האָט אריינגעבראַכט דעם אייגענטהימער.

— וואָס איז דאָס, חברה ? אָרדנונג, — אָרדנונג ! האָט ער אויסגערופען אריינקומענדיג מיט א גרויסער בייטש אין דער האַנד.

אַלע זיינען זיך צולאָפען אין די ווינקלעך, נאָר סאמבאָ איז געבליבען שטעהן, ווייל ער האָט זיך גערעכענט פאר א יחסן ביי דעם בעל הבית און האָט יעדען מאָל שנעל אָפּגעקעהרט דעם קאָפּ, ווען יענער האָט איהם געוואָלט דערלאַנגען מיט׳ן בייטש.

— גאָט, מאַסטער, דאָס זיינען ניט מיר. איהר ווייסט דאָך אז מיר טשעפּען זיך ניט. דאָס זיינען די נייע. זיי זיינען רעגעלע טייוואָלים ; זיי לאָזען אונז ניט צופריעדען, און רייצען זיך מיט אונז.

דערויף האָט זיך דער ווירטה געווענדט צו אדאָלף׳ן און טאָם׳ן און אָהן שום נאָכפרעגען זיך זיי דערלאַנגט עטליכע קלעפּ און איז ארויס פון צימער, אָנזאָגענדיג זיי אז זיי זאָלען זיך בענעהמען ווי פיינע מענשען.

וועהרענד דיעזע סצענע איז פאָרגעקומען אין דעם צימער פאר מענער, ווילען מיר א קוק טהאָן וואָס עס טהוט זיך אין דעם צימער פאר די פרויען.

אויסגעשטרעקט אויף דער ערד זיינען געשלאָפען פיעלע פרויען, פיעלע פון זיי שווארץ ווי פעך און פערשיעדענע כמעט ווייס ; פון גאַנץ אַלט ביז יונגע קינדער.

דאָ איז געלעגען א שעהנע מיידעל פון צעהן יאָהר, וועמעס מו־

טער מען האָט נעכטען פערקויפט און זי האָט אזוי לאַנג געוויינט ביז זי איז איינגעשלאָפען. דאָ איז געלעגען איין אַלטע אויסגעדאַרטע פרוי, וועלכע איז געוועז איין אויסבראַקירטער אַרטיקעל אויף מאָרגען צו פערקויפען פאַר וויפיעל מען וועט געבען. און נאָך פופציג אַזעלכע זיינען דאָ געלעגען אויסגעשטרעקט אויף דער ערד איינגעוויקעלט אין טיכער און שמאַטעס. אָבער אין אַ ווינקעל, אָפּגעטהיילט פון די אַנ־דערע זיינען געזעסען אַ פּאָאַר, וועלכע האָבען גאָרניט געפּאַסט צו די אַנדערע.

איינע פון זיי איז געווען אַ פיין געקליידעטע מולאַטקע פון אַ יאָהר פערציג ביז פופציג מיט גוטמיטהיגע אויגען און אַ פריינדלי־כען געזיכט. צוגעטולעט צו איהר איז געזעסען אַ יונגע מיידעל פון אַ יאָהר פופצעהן, איהר טאָכטער. זי איז אויך געווען אַ מולאַטקע און איז געווען זעהר ענהליך צו איהר מוטער. אין אַלעמען איז זי גע־ווען זעהר דעליקאַטנע און פיין געקליידעט. נאָך איהרע ווייסע, צאַר־טע הענד האָט מען געזעהען אַז צו גראָבע אַרבייט איז זי ניט געווען געוואוינט. דיעזע צוויי פרויען האָבען עס געדאַרפט מאָרגען פערקויפט ווערען מיט סיינט קלער'ס פּאַרטיע. און דער אייגענטהימער פון דיע־זע צוויי איז געווען אַ פרומער קריסטליכער מיטגליעד פון אַ קירכע אין ניו־יאָרק, וועלכער וועט פאַר זיי קריגען די געלד.

דיעזע צוויי, וועלכע מיר וועלען רופען סוסאַנע און עמעלינע זיינען געווען די לייב־דיענערס פון אַ ליעבענסווירדיגער און פרומער דאַמע אין ניו אָרליענס, וועלכע האָט זיי גוט געלערנט אין רעליגיאָן און פיינע מאַניערען. זיי האָבען געקענט גוט שרייבען און לעזען, און זיי האָבען זיך געפיהלט גליקליך אין זייער לאַגע. אָבער דער איינ־ציגער זוהן פון זייער בעשיצערין האָט געפיהרט די הויז און דורך נאַכ־לעסיגקייט און פערשוועדונג איז ער אריין אין גרויסע חובות און ענדליך באַנקראָטירט. איינע פון זיינע גרעסטע קרעדיטאָרען איז גע־ווען די פירמע ב. ענד קאָמ. פון ניו־יאָרק. ב. ענד קאָמ. האָבען גע־שריעבען צו זייער אַדוואָקאַט אין ניו־אָרליענס, אַז ער זאָל לייגען אַ נאַלאָז אויף די גרונד־אייגענטהום (דערצו געהערען די צוויי פרויען און אַ טהייל נעגערס פון די פּלאַנטאַציעס) און זאָל עס לאָזען וויסען אין ניו־יאָרק. ברודער ב. איז געווען אַ פרומער קריסט און איין איינ־וואָהנער אין די פרייע שטאַאַטען, ער האָט זיך דארום געפונען אין



מוטער און טאָכטער.

אַ פערפּלאָנטערטער לאגע וועגען דיעזען עסק. עס האָט זיך איהם ניט געוואָלט האנדלען מיט שקלאווען און נשמות — נאטירליך האָט ער ניט געוואָלט; אָבער עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען דרייסיג טויזענד דאָלארס, און דאָס וואָלט געווען צופיעל געלד צו פערליערען וועגען אַ פּרינציפּ; ער האָט זיך אַלזאָ ארומגעדרעהט און געפרעגט עצות און דאן האָט ער געשריעבען צו זיין אדוואָקאט, אז ער זאָל טהאָן ווי ער פערשטעהט און זאָל זעהן אריינצובעקומען וואָס מעהר געלד.

אין דעם טאָג וואָס דער אדוואָקאט האָט בעקומען דעם בריעף האָט ער גלייך צוגענומען סוסאנען און עמעלינען און האָט זיי אוועק־געשיקט אין דעפּאָ אז זיי זאָלען אויף מאָרגען פערקויפט ווערען אין אוקציאָן. יעצט זיצען זיי וויינענדיג און האַלטען אַ געשפּרעך.

— מאַמע, לייג אנידער דיין קאָפּ אויף מיין שויס און זעה אויב דו קענסט שלאָפען, האָט די מיידעל געזאָגט סטארענדיג זיך צו זיין רוהיג.

— איך האָב קיין הארץ ניט צו שלאָפען, עמא, איך קען ניט. עס קען זיין אז דאָס איז די לעצטע נאכט וואָס מיר זיינען צו־זאַמען!

— אָה, מאַמע, זאָג דאָס ניט! פּיעלייכט וועלען מיר פערקויפט ווערען צוזאמען, — ווער וויים?

— ווען עס וואָלט געווען וועגען אימיצען אנדערס, וואָלט איך אפשר אויך אזוי געדענקט, אָבער דער פּחד דיך צו פערלירען ברענגט פאַר מיינע אויגען נאָר געפאהר.

— פאַר וואָס, מאַמע? דער מאַן האָט געזאָגט אז מיר זיינען אזוי עהנליך איינע צו דער אנדערער, דאָס מיר וועלען פאַרשטעלען אַ גוטע פּאָאַר צום פערקויפען.

סוסאנע האָט געטראכט וועגען דעם מאַן׳ס געזיכט און זיינע ווערטער. מיט אַ צובראָכענע הארץ האָט זי זיך דערמאָהנט ווי ער האָט געטאַפּט איהר טאָכטערס הענד און ווי ער האָט אויפגעהויבען איהרע לאָקען און האָט ערקלעהרט אז זי איז איין אויסגעצייכענטער ארטיקעל. דערפאַר האָט זי געהאט וועניג האָפנונג.

— מאַמע, איך דענק אז מיר וואָלטען זיך פּאסען אויסגעצייי־כענט, — דו אלס קעכין און איך אלס צימער־מיידעל און נייטערין אין אַ פאַמיליע. איך בין זיכער, אז מיר וואָלטען זיך פּאסען. לאָמיר

זיך סטארען צו זיין פריילעך און דערצעהלען וואָס מיר קענען טהאָן, און עס איז מעגליך אז מיר וועלען קריגען וואָס מיר ווילען, האָט עמעלינע געזאָגט.

— איך וויל אז דו זאָלסט זיך פערקעמען די האָאר גלאט נאָך הינטען, האָט סוסאַנע געזאָגט.

— צו וואָס, מאַמע ? איך זעה אויס שעהנער ווי איך בין איצטער פערקעמפט.

— יעס, אָבער דו וועסט זיך בעסער פערקויפען אז דו וועסט מאכען די האָאר ווי איך זאָג.

— איך זעה ניט פארוואָס ! האָט דאָס קינד געזאָגט.

— אנשטענדיגע פאמיליען וועלען דיך גיכער קויפען, ווען דו זעהסט אויס איינפאך און אנשטענדיג, איידער דו זאָלסט זיך סטארען צו זיין שעהן, האָט סוסאַנע געזאָגט.

— אַלזאָ, זאָל זיין אזוי ווי דו זאָגסט, מאַמע.

— און ווייטער זאָלסטו געדענקען, עמעלינע, אויב מיר וועלען זיך פון מאָרגען אָן מעהר ניט זעהען ; אויב איינע פון אונז וועט פערקויפט ווערען ווייט אויף איין פלאנטאַציע און די אנדערע ווער ווייס וואו ווייטער, זאָלסטו זיך אויפפיהרען ווי דו ביזט ערצויגען געוואָרען. זאָלסט זיך פערלאָזען אויף גאָט און ער וועט דיר העלפען.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז מר. סקעגס אריינגעקומען צו זעהען וואָס זיין סחורה מאכט. אַלע זיינען שוין געווען אויפגעוואכט און האָבען ערווארטעט דעם מאַסטער. ער האָט זיי געגעבען דעם בעפעהל אז זיי זאָלען זיך וואשען און זיך אויספוצען אז זיי זאָלען אויסזעהען אנשטענדיג פאר'ן מארק.

מר. סקעגס איז ארומגעגאנגען מיט זיין ברייטען שטרוי־הוט און מיט'ן ציגאר אין מויל און האָט מוסטירט זיין סחורה.

— וואָס איז דאָס ? האָט ער געזאָגט צוגעהענדיג צו סוסאַנען און עמעלינען. וואו זיינען דיינע לאָקען, מיידעל ?

די מיידעל האָט מיט איין אראָפּגעביי‌גענעם קאָפּ א קוק געטהאָן אויף איהר מוטער און דיעזע האָט מיט איהר ווייבער שטימע געענטפערט :

— איך האָב עס איהר נעכטען געהייסען טהאָן, אום זי זאָל אויסזעהען אנשטענדיגער.



אויפ'ן מארק פון די שקלאווען.

— נאָך עפּעס ! האָט דער מאַן געזאָגט, און זיך ווענדענדיג צו דער מיידעל האָט ער צוגעזעצט : שאָקלענדיג מיט א שטעקעל אין האנד, געה גלייך און מאַך צוריק דיינע לאָקען, און זאָלסטו אויך באלד זיין צוריק !

— דו געה און העלף איהר, האָט ער געזאָגט צו איהר מוטער. דיעזע לאָקען מאַכען איין אונטערשיעד אויף הונדערט דאָלאר אין פערקויף.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף א גרויסארטיגען פּלאַץ איבערגעדעקט מיט א דאך איז גע־ווען דער אמפיטהעאטער וואו די שקלאַווען זיינען געקויפט און פער־קויפט געוואָרען. דאָס איז געווען א גרויסע רונדע געביידע געפּלאַס־טערט מיט מאַרמאָר, און אויסגעפּיהלט פון צוויי זייטען מיט זיצען. אויף דער דריטער זייט איז געווען די פּלאַטפאָרם פאַר די אויסשרייער. ענטקעגען איז געווען דער פּלאַץ פאַר די שקלאַווען.

גרויסע לייט פון אלע נאַציאָנען זיינען דאָ געווען פערזאַמעלט. צווישען די שקלאַווען האָבען מיר דאָ געזעהען טאָם'ען, אדאָלף'ן און די אנדערע פון סיינט קלער'ס דיענער. צווישען זיי זיינען אויך געווען סוסאַנע און עמעלינע. מיט פערקלעמטע הערצער און מיט שרעק האָ־בען זיי געוואַרט אויף זייער שיקזאַל. פערשיעדענע צושויער, וועלכע האָבען געוואָלט קויפען אָדער ניט זיינען געגאַנגען ארום די שקלאַווען און האָבען זיי בעטראַכט און האָבען וועגען זיי גערעדט אזוי ווי ווע־גען פערד.

— האַלאָ, אַלף ! ווי קומסטו אַהער ? האָט א לעבעדיגער יונגער מאַן געזאָגט, קלאַפּענדיג אַנאַנדער יונגען מאַן אויף די שולטער, וועל־כער האָט בעטראַכט אדאָלף'ן מיט א מאָנאָקעל.

— איך דאַרף א וואַלעט און איך האָב געהערט, אז סיינט קלער'ס דיענער ווערען דאָ פערקויפט. איך האָב געוואָלט בעטראַכ־טען דיעזען. —

— ניט פאַר מיר זיינען סיינט קלער'ס דיענער ! זיי זיינען אַלע פערדאָרבענע נעגערס. חוצפה האָבען זיי ווי דער טייוועל ! האָט דער אַנדערער געזאָגט.

— איך האָב דערפאַר קיין מורא, האָט דער ערשטער געענט־

פערט. ווען איך וועל זיי קריגען, וועל איך פון זיי גלייך ארויסשלאָ־
גען די פליגען פון נאָז. זיי וועלען גלייך אויסגעפינען אז זיי האָבען
בעקומען אנאנדער סאָרט מאסטער, ווי סיינט קלער איז געווען. אויף
מיין וואָרט, אז איך קויף דיזען קערל. מיר געפעלט זיין פאסאָן.

— דו וועסט אויסגעפינען, אז דיין גאנצער פערמעגען איז ניט
גענוג איהם אויסצוהאלטען. ער איז א געוואלטיגער פערשווענ־
דער !

— יעס, אָבער דער פּאָריץ וועט באלד אויסגעפינען, אז ער קען
ניט זיין א פערשווענדער ביי מיר. איך וועל איהם נאָר שיקען א פּאָאָר
מאָל אין שמיים־הויז און איהם לאָזען ארונטערציהען די הויט, וועט
ער בעקומען אנדערע געדאנקען ! ער וועט ביי מיר געהן בארג ארויף
און בארג אראָפּ און איך וועל איהם לערנען טאנצען נאָך מיין פידעל.
אָפּגעמאכט, איך קויף איהם !

טאָם איז געשטאנען טרויריג און האָט בעטראכט די הונדערטער
מענשען, וועלכע האָבען זיך געדרעהט ארום איהם און האָט געזוכט
א געזיכט, וועלכען ער וואָלט זיך געווינשען צו האָבען פאר א מאס־
טער. ווען איהר וואָלט געווען אויף טאָמ'ס פּלאץ און וואָלט גע־
זעהען צוויי הונדערט מענשען, גראָבע, דארע, אלטע, יונגע מיט
חיה'שע צורות און טיגערשע מאָרדעס, וואָס קענען אייך קויפען
און קענען מיט אייך טהאָן וואָס זיי ווילען און איהר טהאָרט אפילו
קיין מויל ניט אויפמאכען, וואָלט איהר גלייך מיט טאָמ'ען ניט ווע־
לען אז זיי זאָלען זיין אייערע מאסטערס. קיין סיינט קלער האָט ער
צווישען זיי ניט געזעהען.

קורץ בעפאָר דער אויספערקויף האָט זיך אָנגעפאנגען
האָט זיך א קורצער, ברייטער און קרעפטיגער מאן אין
א העמד מיט קעסטעלעך און אָפען ביי דער ברוסט, אין א פּאָאָר שמו־
ציגע אלטע הויזען, דורכגעקוועטשט דורך דער מאסע און מען האָט
געזעהען, אז ער האָט דאָ וואָס צו טהאָן. ער איז צוגעקומען צו די
שקלאווען און האָט זיי אָנגעפאנגען צו עקזאמינירען. פון דעם אוי־
גענבליק אָן ווי טאָם האָט איהם דערזעהען צוקומענדיג, איז א שוידער
אריבער איבער זיין לייב. מען האָט געזעהען, דאָס אָבוואָהל ער
איז געווען קורץ אין געשטאלט, איז ער געווען א ריעז אין קראפט. זיין
רונדע קוגעל קאָפּ, זיינע גרויסע ליכט־גראָע אויגען מיט די שפּיציגע

ברעמען און שטעכיגע האָאר ווי ביי א יעזשאק האבען ניט געקענט מאכען א גוטען איינדרוק איבערהויפּט אויף א שקלאוו ווי טאם. זיין גרויסער גראָבער מויל איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט קיי־טאבאק און דעם סאַק דערפון האָט ער אלע מאָל געגעבען א שפּיי מיט א קנאק. זיינע הענד זיינען געווען שרעקליך גרויס, האָאריג און בעשאָטען מיט זומערשפּרינגלעך און זעהר שמוציג, מיט לאנגע נעגעל ווי ביי א קאר־שון און שרעקליך שמוציג. ער האָט גלייך אָנגעפאנגען צו עקזאמינירען די שקלאווען אויף א גאנץ איינפאכען אופן. ער האָט אָנגעכאַפּט טאָם׳ען פאר די באקען און האָט איהם אויפגעמאכט דעם מויל און בעטראכט די צייהן. דאן האָט ער איהם געהייסען פערקאַשערן די ארבעל אום צו בעטראכטען זיינע מוסקלען; ער האָט איהם אויסגע־דרעהט און איהם געהייסען שפּרינגען און זיך בייגען.

— וואו ביזטו אויפגעצויגען געוואָרען? האָט ער קורץ געפרעגט, ווען ער האָט געענדיגט דעם עקזאמינירען.

— אין קענטאַקי, מאסטער, האָט טאָם געענטפערט זיך ארומ־קוקענדיג אזוי ווי ער וואָלט ערווארטעט איין ערלייזונג.

— וואָס האָסטו געטהאָן?

— איך האָב געפיהרט דעם מאסטערס פארם, האָט טאָם גע־ענטפערט.

— אן אמת׳ע זאך, האָט יענער געזאָגט און איז אוועק ווייטער. ער איז געבליעבען שטעהן נעבען אדאָלף׳ן און געבענדיג א גוטען שפּיי פון זיין טאבאק אויף זיינע לאקירטע שטיוועל, איז ער אוועק ווייטער. ער איז דאן געבליעבען שטעהן לעבען סוסאנע׳ן און עמעלינע׳ן. ער האָט אויסגעצויגען זיין שווערע, שמוציגע האנד און האָט צוגע־צויגען די מיידעל צו זיך; ער איז איבערגעגאנגען מיט דער האנד איבער איהר האלז און ברוסט און האָט בעטאַפּט איהרע ארעם, האָט איהר געקוקט אין די צייהן, און דאן האָט ער זי צוריקגעשטופּט צו איהר מוטער, וועמעס לייזענדע געזיכט האָט געצייגט די שרעקליכע יסורים וואָס זי האָט געהאט ביי יעדער בעוועגונג פון דעם עקלהאפ־טען פרעמדען.

די מיידעל איז געווען דערשראָקען און האָט אָנגעפאנגען צו וויינען.

— זיי שטיל, דו מאלפּע! האָט דער פערקויפער געזאָגט, דאָ

פישצעט מען ניט ; דער פערקויף פאנגט זיך באַלד אָן. און דער פער־קויף האָט זיך אָנגעפאנגען.

אדאָלף איז פערקנאַקט געוואָרען פאר א היפּשע סומע צו דעם יונגען מאַן, וועלכער האָט פריהער געזאָגט, אז ער וועט איהם קוי־פען. סיינט קלער'ס אַנדערע דיענער זיינען פערקלאפט געוואָרען צו פערשיעדענע איבערשטייגערס.

— יעצט, קום דו ארויס, נעגער ! הערסטו ? האָט דער אוק־ציאָנער געזאָגט צו טאָם'ען.

טאָם איז ארויף אויפ'ן קלאָץ און האָט זיך אנגסטליך אומגע־קוקט. עס האָבען זיך גלייך דערהערט פרייזען. איינער האָט געבאָ־טען אַזוי פיעל אין פראנצויזיש, אַנאַנדערער מעהר אין ענגליש ביז דעם לעצטען קלאפ פון האמער, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט די ווערטער ד אָ ל א ר ס, — און טאָם האָט בעקומען א מאַסטער. מען האָט איהם אראָפּגעשטופּט פון קלאָץ. דער מאַן מיט דעם רונדען קוגעל קאָפּ האָט איהם שאַרף אָנגענומען פאר די שולטער און האָט איהם אַוועקגעשטופּט אָן א זייט מיט די הארטע ווערטער שטעה דאָ, ד ו !

טאָם האָט קוים בעגריפען וואָס דאָ טהוט זיך. דאָך איז די אי־בערשטייגונג געגאַנגען איהר וועג ווייטער און דער האמער האָט גע־קלאפט ווייטער. סוסאַנע איז פערקויפט ! זי געהט אראָפּ פון קלאָץ, שטעלט זיך אָפּ, קוקט מיט שרעק הינטער זיך, איהר טאָכטער שטרעקט אויס די הענד צו איהר. זי קוקט אָן דעם מאַן וואָס האָט זי געקויפט מיט הערצרייסענדען שמערץ, — א פיינער מאַן אין מיטעלע יאָהרען מיט א פריינדליכען פּנים.

— אָה, מאַסטער, קויפט מיין טאָכטער אויך !

— איך וואָלט זעהר וועלען, אָבער איך האָב מורא, אז איך האָב ניט די מיטלען דערצו, האָט דער מאַן געזאָגט מיט שמערצליכען אינטערעס, ווען די יונגע מיידעל איז ארויף אויפ'ן קלאָץ און האָט געקוקט ארום זיך מיט איין איבערגעשראָקענעם בליק.

די בלוט איז אריין אין איהרע בלייכע באַקען ; איהרע אויגען האָבען געטראָגען א פיבערהאפטען פייער און איהר מוטער האָט סרעכצענדיג געזעהען, אז זי זעהט יעצט פיעל שעהנער אויס ווי זי איז געווען. דער אוקציאָנער האָט אין דעם געזעהען זיין פאָרטהייל



אָך מאַסטער, קויפט מיין טאָכטער אויך!

און האָט זי אָנגעפאנגען צו לויבען אין פראנצויזיש און אין ענגליש ביז'ן הימעל. דערביי איז דער אריבערשטייגען געוואקסען.

— איך וועל טהאָן, וואס איך קען האָט דער נייער מאסטער פון דער מוטער געזאָגט און האט אָנגעפאנגען איבערצושטייגען. אין עטליכע מינוטען ארום האָט מען איהם אריבערגעשטיגען איבער זיינע קרעפטען. ער האט העכער ניט געקענט געהן. איצטער איז דער אריבערשטייגען געווען צווישען איין אריסטאָקראטישען בירגער און דעם קוגעל קאָפּ. דיעזער האָט זיך איינגעשפּארט און האָט אלץ גע־שטיגען העכער ביז ער האָט דעם אריסטאָקראט מיעד געמאכט און די מיידעל איז געבליעבען ביי דעם קוגעל קאָפּ מיט לייב און זעעלע, סיידען גאָט וועט איהר העלפען.

איהר מאסטער איז מר. לעגרי, וועלכער האָט א פלאקס פלאַנ־טאַציע נעבען דעם רויטען טייך.

דעם פריינדליכען מאן, וואס האָט געקויפט די מוטער, קרענקט עס זעהר וואס ער האָט ניט געקענט קויפען די טאָכטער, אָבער אזעל־כע זאכען פּאסירען אלע טאָג! אויף אזעלכע אויספערקויפען זעהט מען א י מ ע ר מוטער און טאָכטער וויינענדיג, וואס קען מען העלפען? און ער געהט זיך אוועק אין אנאנדער וועג.

צוויי טעג שפּעטער האָט דער אדוואָקאט פון דער קריסטליכער פירמע ב. ענד קאָמפּ. פון ניו־יאָרק זיי אָפּגעשיקט דאָס געלד.

---

איין־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

## דער מיטעל וועג.

אויף דעם אונטערשטען טהייל פון א קליינער געמיינער שיפעל איז געזעסען טאָם; קייטען אויף די הענד, קייטען אויף די פיס און א געוויכט שווערער פאר די קייטען איז געהאנגען אויף זיין ברוסט. אלעס איז פערשוואונדען פון זיין הימעל, די לבנה און די שטערן; אלעס איז פאר איהם פערבייגעגאנגען, אזוי ווי די ביימער און די ברעגען געהען יעצט פערביי אום זיך קיינמאל ניט צוריקצוקעהרען. די

קענטאָקער היים מיט די ווייב און קינדער און זייערע גוטע מאַסטערס; סיינט קלער'ס היים מיט אַלע איהרע שעהנהייטען, עווא'ס גאָלדענער קאָפּ, דער גוטער סיינט קלער; אַלע גליקליכע שטונדען, — אַלעס איז אַוועק — און וואָס בלייבט אויף זייער פּלאַץ?

עס איז דער שרעקליכסטער קלאַפּ פאַר אַ נעגער, וועלכער האָט אין אַלגעמיין זעהר ווייכע געפיהלען און וועלכער איז אין זיין שקלאַווערי געהאָדעוועט געוואָרען אין אַ פיינער פאַמיליע און האָט קיין גראָבע ארבייט ניט אָנגעזעהען, דאַרף אָנקומען צו דער גראָבסטער און שווער־סטער ארבייט און צו גרוויזאמער בעהאנדלונג, — פּונקט אַזוי ווי אַ שטוהל אָדער אַ טיש, וועלכע קומען ארויס פון אַ פּאַלאַץ און טרעפען אריין אין אַ פינסטערן פּלאַץ פון שיכורים און די נידריגסטע נפשות. דער גרויסער אונטערשיעד איז נאָר דאָ וואָס אַ טיש אָדער אַ שטוהל קענען ניט פיהלען און דער מ ע נ ש קען. אפילו דער געזעצליכער זיעגעל וואָס פאר איהם איז געמאַכט, אַז דער שקלאַוו איז נאָר „אַ מענשליכע שטיק סחורה" קען פון איהם ניט אוועקנעהמען זיין איי־גענע שטיקעל וועלט פון געדאַנקען, האָפנונגען, ליעבע, פּחד און פערלאַנג.

מר. סיימאָן לעגרי, טאָם'ס מאַסטער האָט געקויפט שקלאַווען אין עטליכע פּלעצער אין ניו־אָרליענס, אַכט שטיק אין אַלעמען. ער האָט זיי געשמידט פּאָאַר־ווייז און האָט זיי געטריבען צום דאַמפּפער פיראַט, וועלכער איז געשטאַנען אויפ'ן רויטען טייך פאַרטיג אָפּצו־געהן.

ווען אַלע זיינען געווען אויפ'ן שיף האָט לעגרי בעטראַכט זיינע שקלאַווען. ער איז געבליבען שטעהן נעבען טאָם'ען, וועלכער איז געווען אָנגעטהאָן אין זיינע שעהנע קליידער און געפּוצטע שטיוועל און האָט קורץ קאָמאַנדריט:

— שטעל זיך אויף!

טאָם איז אויפגעשטאַנען.

— גיב אַהער דיינע זאַכען פון די קעשענעס! און אַזוי ווי טאָם איז געווען געהינדערט פון זיינע קייטען האָט ער איהם געהאָלפען גאָר ניט מיט קיין ווייכהאַרציגער האַנד, און וואָס ער האָט געקענט אריינ־ליינען צו זיך אין קעשענע, האָט ער ניט געלאָזען טאָם'ען.

לעגרי האָט זיך יעצט גענומען צו טאָם'ס קאַסטען, וועלכען ער



לעגרי און טאָם.

האָט שוין פאַר דעם געטרייבערט, און האָט פון דאָרטען אַרויסגענומען א פּאָאַר אַלטע הויזען וואָס טאָם פלעגט טראָגען אין שטאָל. ער האָט פריי געמאַכט טאָם׳ס הענד און האָט איהם געגעבען די הויזען.

— געה אהין, האָט ער געזאָגט צייגענדיג אויף א בארג מיט קאַסטענס, און טהו דאָס אָן.

ער האָט געפאָלגט און אין א פּאָאַר מינוטען שפּעטער איז ער געקומען צוריק.

— טהו אויס דיינע שטיוועל, האָט ער געזאָגט.

טאָם האָט עס געטהאָן.

— דאָ האָסטו, האָט לעגרי געזאָגט, צוּוואַרפענדיג איהם א פּאָאַר אַלטע גראָבע שיך, וועלכע די פּראָסטע שקלאַווען טראָגען, טהו זיי אָן.

ווען לעגרי האָט טאָם׳ען ווידער אָנגעטהאָן די האַנד־בראַסלעטען, האָט ער זיך אָהן צערעמאָניעס גענומען נאָך א מאָל צו אונטערזוכען זיינע קעשענעס. ער האָט דאָרטען געפונען א זיידענע נאָז טיכעל און ער האָט זי גאַנץ איינפאַך אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע. ער האָט געפונען פערשיעדענע קלייניגקייטען, וועלכע טאָם פלעגט עס האַלטען פאַר הייליג, ווייל ער פלעגט מיט זיי אַמוזירען די קליינע עווא. לעגרי האָט דערויף געקוקט מיט א שמייכעל פון א חיה רעה און האָט עס אַריבערגעוואָרפען הינטער זיך אין טייך.

ער האָט דאַן גענומען טאָם׳ס קאַסטען, וואו טאָם האָט געהאַט גוטע קליידער און וועש און האָט איהם אַרויסגעשלעפּט אין מיטען שיף. באַלד האָבען זיך דאָ פערזאַמעלט פיעלע אַרבייטער פון שיף און האָבען אויסגעקויפט טאָם׳ס זאַכען. זיי האָבען נאָך געלאַכט וואָס א נעגער האָט אַזעלכע גוטע קליידער. ווען דער קאַסטען איז געוועזען ליידיג האָט איהם לעגרי גלייך פעראוקציאָנירט. איבערהויפּט האָבען אַלע פיעל געלאַכט איבער דעם נעגערס שמערצליכען פּנים און ווי מען האָט אָנגעפאַנגען איבערצושטייגען דעם קאַסטען.

ווען ער איז מיט דיעזער קלייניגקייט פאַרטיג געוואָרען איז סיימאָן צוגעגאַנגען צו זיין סחורה.

— וועל, טאָם, דו זעהסט, אַז איך האָב דיך בעפרייט פון איבעריגע שמאַטעס. זאָלסט גוט אַכטונג געבען אויף דיינע קליידער. עס וועט זעהר לאַנג דויערן ביז דו וועסט קריעגען אַנדערע. מיינע נע־

נערס דארפען זיין שפּאַרזאַם. ביי מיר דארף מען טראָגען קליידער א יאָהר.

סיימאָן איז דאן צוגעגאַנגען צו עמעלינען, וועלכע איז געווען אַנגעשמידט צו אַנאַנדער פּרוי.

— וועל, מיין טהייערע, האָט ער געזאָגט זי אַננעהמענדיג פאר דער מאָרדע. לעבעדיג דארף מען זיין.

דער שרעק און שוידער וואָס האָט זי אָנגעכאַפּט געגען איהר ווי־לען פון זיין בעריהרונג איז פון זיין בליק ניט ענטגאַנגען און זיין פּנים האָט זיך פערפינסטערט.

— דו זאָלסט ניט מאַכען קיין שטיק ווען איך רייד צו דיר, הערסטו! און דו גנלע מאַלפּע, האָט ער געזאָגט צו דער מולאַטקע, צו וועלכער עמעלינע איז געווען צוגעקייט, געבענדיג איהר א שטויס, מאַך נאָר דו ניט אַזא פּנים! דו וועסט ביי מיר אַזא פּנים ניט מאַכען; דאָס זאָג איך דיר!

— איך זאָג צו אייך אַלע, אַז איהר זאָלט מיר קוקען גלייך אין די אויגען. קוקט גלייך! גלייך — האָט ער געזאָגט שטאַמפּענדיג מיט'ן פוס.

אַזוי ווי פער'כשופ'ט האָבען אַלע געקוקט אין זיינען פייערדיגע גרינלעך גראָע אויגען.

— יעצט, האָט ער געזאָגט צומאַכענדיג זיין גרויסען שווערן קו־לאַק, וועלכער האָט אויסגעזעהען ווי א גרויסער שווערער האַמער. זעהט איהר דיעזען קולאַק? בעטראַכט איהם! און ער האָט איהם אַראָפּגעלאָזען אויף טאָם'ס האַנד. בעטראַכט נאָר דיעזע ביינער! איך זאָג אייך, אַז דיעזער קולאַק ווערט האַרט ווי אייזען, ווען ער דארף שמעטערן נעגערס. עס איז מיר נאָך ניט פאָרגעקומען אַז איך זאָל מיט איין קלאַפּ ניט אויסציהען א נעגער אויף דר'ערד. דערביי האָט ער געגעבען א מאַך מיט דעם קולאַק, דאָס אין איין האָאָר וואָלט ער דערלאַנגט טאָם'ען אין פּנים, ווען יענער וואָלט זיך ניט שנעל אָפּגעבויגען. איך האַלט ניט קיינע פערדאַמטע אויפזעהערס, איך בין אַליין א גוטער אויפזעהער. ביי מיר דארף מען טהאָן אויפ'ן קוק. קיין ווייכקייט וועט איהר ביי מיר ניט געפינען. אַלזאָ, יעצט זאָלט איהר וויסען וואָס איהר האָט צו טהאָן. רחמנות זאָלט איהר ביי מיר ניט זוכען.



לעגרי פערקויפט טאָם'ס זאַכען.

מען קען זיך פארשטעלען וועלכען איינדרוק דיעזעווערטער האבען געמאכט אויף די אונגליקליכע שקלאווען. מיט אראפּגעלאזענע קעפּ זיינען זיי געבליעבען זיצען. דערוויייל איז סיימאן אוועקגעגאנגען צום בופעט פון שיף צו נעהמען א משקה.

— דאס איז דער וועג ווי איך פאנג אן מיט מיינע נעגערס, האט ער געזאגט צו א פיין אויסזעהענדען מאן, וועלכער האט בייגעוואוינט זיין רעדע צו די נעגערס. מיין סיסטעמע איז, אנצופאנגען שטרענג. זיי זאלען וויסען וואס זיי האבען צו ערוואַרטען.

— נאטירליך, האט דער פרעמדער געזאגט, קוקענדיג אויף איהם מיט א נייגעריגקייט פון א נאטוראליסט וועלכער שטודירט די נאטור פון איין אונגעוועהנליכער חיה.

— יעס, איך בין נאטירליך ניט איינער פון אייערע פריצ'ישע פלאנצערס מיט ראזעווע פינגער, וועלכע טרייבען זיך ארום און פער־לאזען זיך אויף די אויפזעהער, אז זיי זאלען זיי בעשווינדלען. בע־טראכט נאר דיעזען קולאק! איך זאג אייך, אז די פלייש פון איהם איז הארט ווי שטאל נאר פון פראקטיקע אויף די נעגערס. נעהמט פיהלט איהם.

דער פרעמדער האט אנגעריהרט מיט'ן פינגער דעם פלאץ און האט איינפאך געזאגט.

— עס איז גענוג הארט, און איך נעהם אן, נאטירליך, אז פון פראקטיקע איז ביי אייך די הארץ אויך געווארען אזוי.

— גאנץ געוויס, עס איז אזוי, האט סיימאן געזאגט מיט א הערצליכען געלעכטער. איך גלויב ניט אז איהר וועט אין מיר גע־פינען איין ווייכען אדער. קיינער קומט ניט צו מיר! די נעגערס קענען מיך קיינמאל ניט נארען און קענען ביי מיר ניט אויספיהרען סיי מיט גוטען, סיי מיט בייזען, דאס איז א פאקט.

— איהר האט דא פיינע נעגערס.

— אמת פיינע, האט סיימאן געזאגט. דא איז טאם; מען זאגט מיר אז ער איז עפּעס אונגעוועהנליכעס. איך האב פאר איהם בעצאהלט א ביסעל צופיעל און איך האב איהם גערעכענט צו מאכען פאר א טרייבער אדער א מין אויפזעהער, אבער מען מוז איהם פריי־הער געבען צו פערשטעהן אז ער דארף בעהאנדעלט ווערען ווי א נע־גער, דאן וועט־ער זיין גוט! די געלע פרוי האב איך בעקומען אלס

צוגאָב. איך דענק אַז זי איז קראַנק. איך וועל איהר אָבער געבען צו טהאָן גענוג אַז זי זאָל אויסארבייטען וואָס זי איז ווערטה. אפשר וועט זי נאָך אָנהאַלטען אַ יאָהר אָדער צוויי. איך שאָנעווע ניט קיין נעגערס. אָבגענוצט און געקויפט אַנדערע. דאָס איז מיין וועג. וועניגער קאָפּ־דרעהעניס, און איך בין זיכער אַז איך קום אָוועק ביליגער אַזוי. און סיימאָן האָט אויסגעטרונקען זיין גלאָז בראַנפען.

— און ווי לאַנג האַלטען זיי געוועהנליך אויס ? האָט דער פרעמדער געפרעגט.

— וועל, איך ווייס ניט. עס העננגט אָפּ פון זייערע קרעפטען. אַ שטאַרקער מאַן האַלט אויס פון זעקס ביז זיעבען יאָהר ; שארבענס האַלטען ניט מעהר אויס ווי אַ יאָהר אָדער צוויי. אין אָנפאַנג פלעג איך מיט זיי אומגעהען בעסער. ווען זיי זיינען געווען קראַנק פלעג איך נעהמען אַ דאָקטאָר, פלעג זיי געבען בעסערע קליידער און מיט וואָס זיך צוצודעקען ; איך האָב איבערהויפּט געזעהען אַז זיי זאָלען לעבען פיינער און עס זאָל זיי זיין בעקוועמער, איך האָב אָבער פערלאָהרען געלד אין דעם און האָב געהאַט פיעל צרות. יעצט מוזען זיי ביי מיר ארבייטען געזונד אָדער קראַנק. שטאַרבט אַ נעגער, קויף איך אַנאַנדערן. און איך קום דערביי אויס זעהר גוט.

דער פרעמדער האָט אָפּגעטראָטען און האָט זיך געזעצט נעבען אַ העררן, וועלכער האָט צוגעהערט די גאַנצע אונטערהאַלטונג.

— איהר דאַרפט ניט אָננעהמען דיעזען קערל אַלס אַ מוסטער פון די דרום'דיגע פּלאַנצערס, האָט ער געזאָגט.

— איך האָף אַז ניט, האָט דער יונגער העררר געענטפערט מיט אַ שארפען טאָן.

— ער איז אַ גראָבער, נידריגער, ברוטאַלער קערל ! האָט דער ערשטער געזאָגט.

— און דאָך ערלויבען אייערע געזעצע, אַז אַזא חיה רעה זאָל האַלטען אַ צאָהל לעבעדיגע מענשען און זאָל טהאָן מיט זיי וואָס ער וויל און זיי זאָלען ניט האָבען קיין ברעקעל שוץ. און אויב עס איז דאָ א י י נ ע ר אַזא, ווי קענט איהר זאָגען, אַז עס איז ניטאָ מעהר אַזעלכע ?

— וועל, האָט דער אַנדערער געענטפערט, עס זיינען אָבער דאָ אַ סך גוטע מענשען צווישען די פּלאַנצערס.

— לאָמיר אָננעהמען, אז עס איז אזוי, האָט דער יונגער מאַן געזאָגט, אָבער נאָך מיינער מיינונג זיינען עס אייערע גוטע מענשען שולדיג אין דיעזע אלע אונמענשליכקייטען און ברוטאליטעטען, וואָס ווערען בעגאַנגען פון אזעלכע חיות רעות, דען ווען ניט אייערע סיס־טעמע, וואָלטען אזעלכע מערדערייען ניט געקענט עקזיסטירען איין שטונדע. ווען עס וואָלטען געווען נאָר אזעלכע פלאַנצערס ווי דער, צייגענדיג מיט'ן פינגער אויף לעגרי, וועלכער איז געשטאַנען מיט'ן רוקען צו זיי, וואָלט דער גאַנצער שקלאַווען עסק אונטערגעגאַנגען ווי א שווערער שטיין אין וואַסער. דאָס איז אייער אנשטענדיגקייט און מענשליכקייט וואָס פּאַטענטירט און בעשיצט זיינע מערדערייען.

— איהר האָט געוויס א הויכע מיינונג וועגען מיין גוטער נאַטור, האָט דער פלאַנצער געזאָגט מיט א שמייכעל; אָבער איך ראַטה אייך ניט צו ריידען אזוי הויך. עס זיינען דאָ מענשען אויף דער שיף, וועל־כע זיינען אפשר ניט אזוי טאָלעראַנט ווי איך. בעסער וואַרט ביז איך וועל קומען אויף מיין פּלאַנטאַציע און דאָרטען קענט איהר אונז זידלען וויפיעל אייער הארץ געלוסט.

דער יונגער מאַן איז רויט געוואָרען און האָט געשמייכעלט. באַלד האָט מען זיי ביידען געזעהען שפּיעלענדיג אין קאָרטען. אין דערזעל־בער צייט איז אויף דער נידריגער זייט שיף פאָרגעקומען אנאַנדער אונטערהאַלטונג צווישען עמעלינע'ן און דער מולאַטקע מיט וועמען זי איז געווען צוזאַמען. נאַטירליך האָבען זיי זיך דערצעהלט זייער לעבענס־געשיכטען.

— צו וועמען האָסטו בעלאַנגט? האָט עמעלינע געפרעגט.

— וועל, מיין מאַסטער איז געווען מר. עליס, און האָט גע־וואוינט אויף לעווים גאַס. פיעלייכט האָסטו געזעהען די הויז.

— איז ער געווען גוט צו דיר? האָט עמעלינע געפרעגט.

— אלע מאָל, ביז ער איז קראַנק געוואָרען. ער איז געווען מעהר ווי זעקס מאָנאַט קראַנק. דאָ איז ער געוואָרען אונרוהיג און האָט אויך מיך ניט געלאָזען רוהען, ניט ביי טאָג און ניט ביינאַכט, ביז איך בין געוואָרען אזוי שוואַך, דאָס איך האָב ניט געקענט זיין וואַך. און ווייל איך בין איין נאַכט געגאַנגען שלאָפען, איז ער געווען אין אזא רציחה אויף מיר דאָס ער האָט געזאָגט אז ער וועט מיך אוועקגעבען צום

שלעכטעסטען מאסטער. פאר'ן טויט האָט ער מיר אויך פערשפּראָ־
כען די פרייהייט.

— האָסטו געהאַט וועלכע פריינד? האָט עמעלינע געפרעגט.

— יעס, מיין מאַן, ער איז אַ שמיעד. מיין מאַסטער האָט איהם
געוועהנליך פערדונגען צו אנדערע. מען האָט מיך אזוי שנעל צוגענו־
מען דאָס איך האָב אפילו קיין צייט ניט געהאַט איהם צו זעהען. איך
האָב אויך פיער קינדער. אָ, טהייערע מיינע! און די פרוי האָט פער־
דעקט איהר געזיכט מיט די הענד.

עס איז אַ נאַטירליכע זאַך, אַז אין אַ צרה טרייסט איין מענש
דעם אנדערן, אָבער וואָס קען איינער וואָס איז אויך מיט אַזעלכע
צרות טרייסטען יענעם? עמעלינע האָט עפּעס געוואָלט זאָגען און
האָט ניט געוואוסט וואָס. דער געדאנקען וועגען זייער נייען מאַסטער
האָט ביי זיי ביידען צוגענומען די טרייסט ווערטער.

די שיף אָנגעלאָדען מיט אַ גרויסער משא פון יסורים און ליידען
איז געגאַנגען ווייטער מיט דעם געדרעהטען רויטען, מוטנעם טייך
און פערוויינטע אויגען האָבען טרויריג געקוקט אויף די שטייפע רויטע
ברעגען וועלכע זיי זיינען פערבייגעפאָהרען. ענדליך איז די שיף גע־
בליעבען שטעהן נעבען אַ קליינער שטעדטעל און לעגרי מיט זיין פּאר־
טיע זיינען אראָפּ פון שיף.

---

צוויי־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

## פינסטערע פּלעצער.

הינטער אַ שווער געלאָדענעם וואָגען האָט זיך געשלעפּט פּאר־
ווערטס דער מיעדער טאָם מיט זיינע קאַמעראַדען.

אין וואָגען איז געזעסען סיימאָן לעגרי. די צוויי פרויען זיינען
אויך געוועזען אויפ'ן וואָגען, אָבער געקייטעט צוזאַמען אין אַ ווינקעל
צווישען די געפּעק. און די גאַנצע קאָמפּאַניע איז יעצט געגאַנגען צו
לעגרי'ס פּלאַנטאַציע, וועלכע איז נאָך געוועזען וויית.

עס איז געוועזען אַ ווילדער פערלאָזענער וועג. דאָ זיינען זיי געגאַנ־

גען דורך א צוואווארפענעם סאַסנאַווען וואלד, וואו דער ווינד האָט טרויריג געשעפּטשעט; דאָ האָבען זיי געדראַפּט קריכען צווישען איינגעפאלענע בוימער, דאָ זיינען זיי געגאַנגען דורך בלאָטעס בע־וואקסען מיט בוימער, וועלכע האָבען אראָפּגעהאַנגען זייערע צווייגען און האָבען מיט זייער שווארצען מאַך בעשאַטענט די זומפּיגע בלאָטע און וואו מען האָט פון צייט צו צייט געזעהען שווארצע שלענג זיך גליטשענדיג צווישען די קלעצער, וועלכע האָבען דאָ געפוילט אין דעם זומפּ.

אזא רייזע איז גענוג טרויריג אפילו פאר א מאַן, וועלכער פאָהרט וועגען מסחר און זיינע קעשענעס זיינען אָנגעשטאָפּט מיט געלד און פאָהרט אויף א וואָגען מיט א גוטען פערד, אָבער ווי שרעקליך איז עס פאר׳ן מענשען, וועלכען יעדער טריט וואָס ער מאַכט אויף דעם פינס־טערן וועג, דערווייטערט איהם אלץ ווייטער פון אלעס וואָס איז איהם געווען ליעב און טהייער און פיהרט איהם אלץ נעהענטער צום תהום פון וועלכען ער וועט קיינמאָל ניט ארויס?

דאָס האָט זיך איינער געקענט דענקען, ווען ער וואָלט געזעהען די איינגעזונקענע באַקען און דעם הערצרייסענדען אויסדרוק פון דיעזע שווארצע פנימ׳ער און דעם טרויעריגען אויסדרוק פון זייערע אויגען.

סיימאָן איז זיך געזעסען גאַנץ פריילעך אין זיין וואָגען און האָט בּיסלעכווייז געזופּט פון א פלאַש בראַנפען, וועלכע ער האָט געטראָ־גען אין קעשענע.

— העי, איהר! האָט ער זיך אויסגעדרעהט צו די פערפינסטער־טע שקלאַווען, זינגט עפּעס!

די שווארצע האָבען זיך אָנגעקוקט. און אזוי ווי דער וואָרט „זינגט!” איז איבערגע׳חזר׳ט געוואָרען מיט א קנאַק פון דער בייטש דערצו, האָט טאָם אָנגעפאַנגען איינע פון זיינע קירכען ליע־דער.

— האלט די מויל, דו שווארצער כלב! האָט לעגרי געשריען, דענקסטו אז איך האָב געוואָלט אז דו זאָלסט מיר זינגען דיינע פרומע ליעדער? זינג עפּעס א לעבעדיגע זאַך, און טאַקע גלייך!

אַנאַנדערער פון די לייט האָט אָנגעפאַנגען צו זינגען א געוויינלי־כען נעגערשען ליעד. די אַנדערע האָבען איהם צוגעהאָלפען און מען וואָלט טאַקע געקענט מיינען, אז עס איז זיי געווען גוט אויפ׳ן האַר־

צען. ווען מען האָט זיך אָבער צוגעהערט נעהענטער, האָט מען גע־זעהען אז די ווערטער זיינען געווען צובראָכען און האָבען ניט געקלעפּט איינער צום אנדערן און אז די שטימע איז געווען מעהר אַ יאָמער גע־שריי ווי אַ געזאַנג. לעגרי איז געווען צופריעדען מיט דעם זינגען און האָט זיך אומגעדרעהט צו עמעלינען.

— וועל, מיין ליעבע קליינע, האָט ער געזאָגט ארויפלייגענדיג זיין האַנד אויף איהר שולטער; מיר זיינען שוין כמעט אין דער־היים!

ווען לעגרי האָט געשריען אויף איהר און האָט זי געזידעלט האָט זיך עמעלינע געשראָקען, אָבער ווען ער האָט אויף איהר ארויפגעלייגט די האַנד און האָט צו איהר גערעדט, וואָלט זי בעסער געוואָלט, אז ער זאָל זי שלאָגען. דער אויסדרוק פון זיינע אויגען האָט זי אזוי דערשראָקען און פערעקעלט דאָס זי האָט זיך צוגעטוליעט צו דער פרוי און פון איהר געזוכט שוץ אזוי ווי פון אַ מוטער.

— האָסטו שוין אַ מאָל געטראָגען אוירינגלעך? האָט ער זי געפרעגט, אָננעהמענדיג מיט זיין גראָבער האַנד איהר אויער.

— ניין, מאַסטער, האָט זי געזאָגט ציטערנדיג און קוקענדיג אראָפּ.

— וועל, איך וועל דיר געבען אַ פּאָאַר, ווען מיר וועלען קומען אהיים און דו וועסט זיין אַ גוטע מיידעל. דו דאַרפסט קיין מורא ניט האָבען; איך וועל דיך ניט לאָזען זעהר שווער ארבייטען. דו וועסט לעבען אַ גוטען טאָג מיט מיר און וועסט זיין ווי אַ דאַמע; זאָלסט נאָר זיין אַ גוטע מיידעל.

לעגרי האָט אזוי פיעל געטרונקען דאָס ער האָט בעקומען חשק צו ווערען זעהר דאַמען פריינדליך.

אין דיעזער צייט האָט זיך דער צאַם פון לעגרי'ס פּלאַנטאַציע געלאָזען זעהען. פריהער האָט די פּלאַנטאַציע בעלאַנגט צו אַ גרויסען העררן און ער האָט זי איינגעריכט אויפ'ן פיינסטען אַרט, ער איז אָבער אריין אין גרויסע חובות און לעגרי האָט זי געקויפט אַלס אַ מציאה. אזוי ווי דיעזער האָט געקויפט די פּלאַנטאַציע צו מאַכען געלט פון איהר, איז זי באַלד פערנאַכלעסיגט געוואָרען און יעצט איז מעהר ניט געבליעבען ווי אַ סקעלעט פון איהר אַמאָליגען שטאָלץ.

פאַר'ן הויז איז אַמאָל געווען אַ שעהן געמאַכטער פּלאַץ פון גלאַ־

טער גראָז ווי סאַמעט און פערזייט אין פערשיעדענע פּלעצער מיט קוסטעס, יעצט איז ער געווען פערשאָטען מיט טרוקענע שטעכעדיגע גראָז און איבעראַל האָט מען געזעהען איינגעגראָבענע קלעצער אויף אָנצובינדען פערד. דאָרטען וואו עס זיינען אַמאָל געווען בלומען האָבען זיך יעצט אַרומגעוואַלגערט צובראָכענע בלעכענע כלים, שאָלעכץ פון אוגערקעס און נאָך אַזעלכע פיינע זאכען. וואו עס איז אַ מאָל געווען אַ גאָרטען איז יעצט געווען פערוואקסען מיט מאָך און פערוואָרפען מיט שטיינער. וואו עס איז אַמאָל געווען אַ ווינטער גאָרטען פאַר בלומען, זיינען יעצט די גאַנצע פענסטער געווען אויסגעבראָכען און די אַלטע פערטריקענטע בלומען־טעפּ האָט מען געקענט זעהן פון דרויסען.

דער וואָגען איז דורכגעפאָהרען אַ שעהנע אַלעע פון בוימער, די איינציגע זאַך וואָס איז געבליבען פון דעם אַמאָליגען גלאַנץ און די צייט האָט ניט געקענט פערדארבען, און איז צוגעפאָהרען צו דער וועראנדא פון אַ געוועזענער שעהנער הויז, פון צוויי שטאָק. אייניגע פענסטער זיינען געווען פערשלאָגען מיט ברעטער און אין פיעלע האָבען געפעהלט די שויבען. אַלעס האָט געצייגט אויף גרויסען אונצוכט. שטיקער ברעטער, שטרוי, אַלטע פערפוילטע פעסער און קאַסטענס זיינען געלעגען איבעראַל.

דריי אָדער פיער הינד ווי ווילדע חיות, האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף טאָם'ען און די אַנדערע און זיינען מיט גרויסע מיהע אוועקגעשלעפּט געוואָרען פון די אָפּגעריסענע דיענער פון הויז.

— איהר זעהט וואָס איהר קענט קריעגען, האָט לעגרי געזאָגט צו טאָם'ען און די אַנדערע, גלעטענדיג די הינד מיט צופריעדענהייט, טאָמער וועט זיך איינעם פון אייך פערגלוסטען צו ענטלויפען ? אַ נעגער איז פאַר איינעם פון זיי געגוג אויף אַ וועטשערע. אַלזאָ, האָט עס אין זינען ! וואָס הערט זיך, סאַמבאָ ? האָט ער געזאָגט צו איין אָפּגעריסענעם נעגער, וועלכער איז כלומרשט געווען זיין צווייטע האַנד, ווי איז אַלעס צוגעגאַנגען ?

— זעהר גוט, מאַסטער.

— קימבאָ, האָט לעגרי געזאָגט צו אַנאַנדערן, וועלכער האָט געמאַכט פערשיעדענע קונצען אַז זיין מאַסטער זאָל אויף איהם אַ קוק טהאָן ; האָסטו געטהאָן ווי איך האָב דיר געהייסען ?

— געוויס האָב איך געטהאָן, און ווי געטהאָן!

דיעזע צוויי נעגערס זיינען געווען די הויפּט ארבייטערס אויף דער פּלאַנטאַציע. לעגרי האָט זיי געלערנט צו זיין אַזוי ווילד און אַזוי מערדעריש ווי זיינע בייזע הינד. עס איז אויך צו בעמערקען, אַז דער נעגער־אויפזעהער איז פיעל מערדערישער, פיעל טיראַנישער ווי דער ווייסער. דערמיט איז צו זאָגען אַז דעם נעגערס פערשטאַנד איז מעהר צוגעקלאַפּט, מעהר צומישט ווי ביי דעם ווייסען. אַזוי איז עס מיט אַלע אונטערדריקטע פעלקער, דער שקלאַוו איז אַלע מאָל אַ טיראַן ווען ער קריעגט די מאַכט.

לעגרי האָט געוואוסט ווי מיט די צוויי נעגערס צו האַנדלען. ביי־דע האָבען זיך פיינד געהאַט און איינער פלעגט מסר'ן אויפ'ן צווייטען. דערפון האָט לעגרי געוואוסט וואָס עס טהוט זיך צווישען די נעגערס. ביידע האָבען געזוכט זיך אונטערצולעקען צום מאַסטער.

יעצט זיינען זיי געשטאַנען ביידע און האָבען ערוואַרטעט אַ בע־פעהל. ווען איינער האָט ניט געזעהען חיות רעות אין מענשען גע־שטאַלט האָט ער געדאַרפט נאָר אַ קוק טהאָן אויף די' צוויי גרויסע אָפּ־געריסענע נעגערס, מיט די גרויסע ווילדע אויגען, זיך אָנקוקענדיג איינער דעם אַנדערן ווי די טיגערס.

— הער נאָר דו, סאַמבאָ, האָט לעגרי געזאָגט. נעהם דיעזע נעגערס און פיהר זיי אָפּ צו זייער פּלאַץ. און דאָ איז אַ פרוי וואָס איך האָב פאַר דיר געבראַכט, האָט ער צוגעזעצט, ווען ער האָט אָפּ־געטהיילט די מולאַטקע פון עמעלינע'ן און האָט זי צו איהם צוגעשטופּט. איך האָב דיר פערשפּראָכען צו ברייגנען איינע.

די פרוי האָט געגעבען אַ פּלוצלונגען שפּרונג און האָט זיך געגעבען אַ ציה צוריק.

— אָה, מאַסטער! איך האָב געלאָזען מיין מאַן אין ניו־אָר־ליענס.

— נו, איז וואָס, דו —; ווילסטו דאָ ניט האָבען אַנאַנדערן? איך וויל גאָר ניט הערן, — געה וואו מען הייסט! האָט לעגרי געזאָגט און האָט אויפגעהויבען די בייטש.

— קום, מיסעס, האָט ער געזאָגט צו עמעלינען, דו קום מיט מיר אריין אהער.

אַ טונקעלע, ווילדע געזיכט האָט זיך פאַר אַ ווייַלע געלאָזען זע־

העז אין פענסטער און ווען לעגרי האט געעפענט די טהיר, האט א פרויענ־שטימע עפעס געזאגט שנעל אין א בעפעהלענדען טאן. טאם, וועלכער האט מיט ציטערנים צוגעזעהען ווי די מיידעל איז אריין אין הויז, האט געהערט ווי לעגרי האט געענטפערט: „קענסט האלטען די צונג! איך וועל טהאן וואס מיר געפעהלט, אויב דו ווילסט אדער ניט!

טאם האט מעהר ניט געהערט ווייל ער איז באלד נאכגעגאנגען סאמבא'ן צו דעם פלאץ. דער פלאץ איז געווען א מין קליינע געסעל פון חורבות אין מיטען פלאנטאציע און ווייט פון דער הויז. זיי האבען געהאט א שרעקליכען און פינסטערן אויסזעהען. ביי טאם'ען איז איינ־געפאלען די הארץ ווען ער האט עס געזעהען. ער האט זיך געטרייסט, דאס ער וועט ווייניגסטענס האבען א הייזקע, ווען אויך ארעם, דאך ווענינגסטענס מענשליך, וואו מען וועט זיך קענען אויסרוהען נאך דער ארבייט. ער האט אריינגעקוקט אין עטליכע און האט געזעהען, אז די שטיבעל איז געווען צונויפגעשלאגען פון ברעטער און עס איז דאר־טען ניט געווען קיין סימן פון מעבעל. א ביסעל פערפוילטע שטרוי איז געלעגען אויף דער רויהער ערד, וועלכע איז געווען הארט אויסגע־טראטען פון די פיעלע פיס, און דאס איז געווען אלעס.

— וועלכע פון דיעזע איז מיינע? האט טאם מיט איין אונטער־טהעניגען טאן געפרעגט ביי סאמבא'ן.

— איך ווייס ניט, קענסט אריינגעהן אהער, איך דענק, האט סאמבא געזאגט. איך רעכען אז עס איז דא פלאץ נאך פאר איינעם. עס איז דא א היבשע ביסעל נעגערס פאר יעדער הייזעל. וואס איך וועל טהאן מיט נייע, ווייס איך ניט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז געווארען שפעט אין אבענד ווען די איינוואהנער פון די חורבות האבען אנגעפאנגען צו קומען פון פעלד, מענער און פרויען, שמוציגע און אפגעריסענע. זיי זיינען געווען גענוג פער'צרה'עט, אז זיי זאלען נאך קוקען אויף די צוגעקומענע. עס איז געווארען לעבעדיג אין דעם קליינעם דערפעל. הייזעריגע שטימען האבען זיך געהערט. יעדערער האט זיך געאיילט צו מאכען זיין וועטשערע, וועלכע איז בעשטאנען פון א ביסעל טערקישען ווייץ, וועלכען זיי האבען ערשט געדארפט געהן מאהלען אויף א האנדמיהל און דאן באקען קיכלעך

דערפון. דאָס איז געווען זייער גאַנצע וועטשערע. פון בעגינען ביז נאַכט ארבייטען זיי אין פעלד אונטער דער ברענענדער היץ און אונטער דער בייטש פון דעם אויפזעהער.

טאָם האָט געפּרופט צו זוכען אַ שטיקעל מענשליכען פּנים מיט וועמען ער זאָל זיך קענען אונטערהאַלטען, אָבער עס איז געווען אומזיסט. דאָס זיינען געווען מענשען, וועלכע זיינען דורך אונמענשליכער בעהאַנדלונג געבראַכט געוואָרען צו אַ צושטאַנד פון חיות.

ביז האַלבע נאַכט האָט געדויערט דער מאָהלען דעם ווייץ. די שוואַכערע האָבען זיך נאָך געהאַלטען מיט זייערע ניט געמאָהלענע וועטשערעס, ווייל פריהער זיינען צוגעקומען צו דער מיהל די שטאַרקערע און האָבען אָפּגעשטופּט די שוואַכערע.

— העי, דו, האָט סאַמבאָ געזאָגט צוקומענדיג צו דער מולאַטקע און אַ וואָרף טהאָנדיג צו איהר אַ זעקעל ווייץ. ווי איז דיין נאָמען ?

— לוסי, האָט די פרוי געענטפערט.

— וועל, לוסי, איצטער ביזטו מיין פרוי. געה צו מאָהל די ווייץ און מאַך מיר מיין וועטשערע, הערסטו ?

— איך בין ניט דיין פרוי און וועל עס ניט זיין ! האָט די פרוי מיט פּלוצליכער פערצווייפעלטער ענטשלאָסענהייט געענטפערט, געה אוועק !

— דאַן וועל איך דיך שלאָגען, האָט סאַמבאָ געזאָגט אויפהייבענדיג דעם פוס.

— דו קענסט מיך הרג'ענען, ווען דו ווילסט, וואָס גיכער וועט זיין בעסער ! הלוואי וואָלט איך געווען טויט ! האָט זי געזאָגט.

— זאָג נאָר, סאַמבאָ, דו פיהרסט איבער די נעגערס. איך וועל געהן דערצעהלען דעם מאַסטער, האָט קימבאָ געזאָגט, וועלכער איז געווען ביי דער מיהל און האָט אוועקגעטריבען די פרויען, וועלכע זיינען געקומען מאָהלען זייער ווייץ.

— און איך וועל דערצעהלען דעם מאַסטער, אַז דו לאָזט ניט צו פרויען צו דער מיהל, דו היגטישער נעגער, האָט סאַמבאָ געענטפערט. בעסער מיש זיך ניט, עס איז ניט דיין זאַך.

טאָם איז געווען שרעקליך הונגעריג פון אַ גאַנצען טאָג רייזע,

— דאָ האָסטו ! האָט קימבאָ געזאָגט צואווארפענדיג איהם א זעקעל ווייץ. דאָס האָסטו אויף צוויי וואָכען.

טאָם האָט געוואַרט ביז שפּעט אין דער נאַכט צו האָבען א פּלאַץ נעבען דער מיהל. ער האָט צוגעהאָלפען א פּאָאַר פערמאַטערטע פרויען צו מאָהלען זייער ווייץ. דאַן האָט ער צורעכט געמאַכט דעם פייער אויף צו באַקען די קיכלעך. נאָך דעם האָט ער זיך געמאַכט וועטשערע.

---

## דריי־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

### קאַסי.

עס האָט טאָם'ען ניט לאַנג גענומען בעקאַנט צו ווערען מיט אַלע איינצעלהייטען פון דעם פּלאַץ. אַלס איין ערפאַהרענער ארבייטער מיט א געזונדען פערשטאַנד האָט ער געוואוסט, אויף וועלכער אַרט ער קען זיך פערלייכטערן זיין טרויריגע לאַגע. פון נאַטור אויס א גוט־הערציגער און פון א זעהר רוהיגען כאַראַקטער האָט ער באַלד צו זיך צוגעצויגען די ליעבע פון אַלע זיינע מיטליידענדע חברים. זיי פּלעגען גערן צוהערען זיינע טרייסטענדע ווערטער און פאָלגען זיינע עצות. אויך האָט לעגרי ניט פערפעהלט צו בעמערקען זיינע גוטע מעלות, אָבער ער האָט איהם פיינט געהאַט, דען דער שלעכטער האָט בטבע פיינט דעם גוטען.

ווען לעגרי האָט איהם געקויפט האָט ער איהם גערעכענט צו מאַ־כען פאר א מין אויפזעהער, אז ער זאָל זיך אויף איהם קענען פערלאָ־זען ווען ער פאָהרט אוועק אויף א קורצע צייט. אָבער איין זאַך איז געוועזען אין וועג, — טאָם'ס וויכהאַרציגער כאַראַקטער. ער האָט גע־דאַרפט האָבען א האַרטען כאַראַקטער. ער האָט זיך אַלזאָ בעשלאָסען איהם צו מאַכען האַרט.

איין אין דער פריה, נאָך א פינף וואָכען ווי טאָם איז געוועזען דאָ, ווען די נעגערס זיינען געוועזען פאַרטיג צו געהן אין פעלד, האָט טאָם מיט איבערראַשונג בעמערקט א נייע פערזאָן צווישען די נעגערס.

עס איז געוועזען א פרוי, הויך און פיין געבוים, מיט זעהר דעלי־

קאָטנע הענד און פיס און אָנגעטהאָן אין ריינע און פיינע קליידער. נאָך איהר געזיכט האָט זי געדארפט זיין צווישען פינף און דרייסיג און פערציג יאָהר. און א געזיכט האָט זי געהאַט, דאָס ווען מען האָט זי איין מאָל געזעהען, האָט מען זי שוין ניט פערגעסען. א געזיכט, וועלכעס האָט געטראָגען דעם שטעמפעל פון א ווילדען, שמערצליכען און ראָמאַנטישען לעבען. איהר שטערן איז געווען הויך און איהרע ברעמען זיינען געווען פראכטפאָל שעהן. איהר גלייכער, פיין געפאָ־רעמטער נאָז, איהר שעהן געשניצטער מויל; איהר פיינער קאָפּ און האַלז האָבען געציינט, אז זי האָט אמאָל געמוזט זיין בילד שעהן. אָבער איהר פּנים איז געווען טיעף געקנייטשט פון שמערצען, פון גע־בראָכענעם שטאָלץ און איבערגעטראָגענעליידען. איהר הויט־פאַרב איז געווען געל און קרענקליך; איהרע באַקען דין, די געזיכטס־ציגע זיינען געווען שארף און איהר גאַנצער קערפּער איז געווען אָפּגעצערט. אָבער די הויפּטזאַך זיינען געווען איהרע אויגען; — גרויס און שוואַרץ, ווילד און טרויריג פערצווייפעלט. א שאַרפער שטאָלץ און טראָץ איז געלעגען אין יעדערען קנייטש פון איהר פּנים, אין יעדער ווינקעל פון איהרע הופקע ליפּען און אין יעדער בעוועגונג פון איהר קערפּער; אָבער אין איהרע אויגען איז געלעגען א טיעף איינגעוואָרצעלטער קוואַל פון ליידען, — איין אויסדרוק פון שמערצען אָהן האָפנונג, פּונקט דער געגענזאַץ פון איהר גאַנצער שטאָלצער האַלטונג.

פון וואַנען זי איז געקומען אָדער ווער זי איז, האָט טאָם ניט געוואוסט. אַלעס וואָס ער האָט דערוויל געוואוסט איז, וואָס זי איז געגאַנגען שטאָלץ ביי זיין זייט. אָבער צו דער גאַנצער שוואַרצער קאָ־מאַנדע איז זי געווען בעקאַנט, דען עס איז געוואָרען א קוקעריי און א שטאַרקער דרעהען מיט די קעפּ און א פערשטיקטע דאָך אויגענשיינ־ליכע פרייד צווישען די אונגליקליכע, אָפּגעריסענע, האַלב פערהונ־גערטע בעשעפעניסען, פון וועלכע זי איז געווען ארומגערינגעלט.

— ענדליך איז עס געקומען דערצו, — זעהר גוט! האָט איינער געזאָגט.

— הע! הע! הע! האָט געזאָגט אַנאַנדערער, איהר וועט וויסען ווי גוט עס איז, מיסעס!

— מיר וועלען זעהען ווי זי וועט ארבייטען!

— מיר וועלען זעהען אויב זי וועט בעקומען ביי נאַכט וואָס מיר קריעגען!

— איך וואָלט זי וועלען זעהען דאָרטען אונטען וואו מען שמייסט, אי, וואָלט איך עס וועלען! האָט אַנאַנדערער אונטערגעכאַפּט.

די פרוי האָט זיך ניט געקימערט וועגען דיעזע אַלע קאָמפּלימענטען. זי איז געגאַנגען מיט דערזעלבער אונטערדריקטער קרענקונג אַזוי ווי זי וואָלט גאָרניט געהערט. טאָם האָט אַלע מאָל געלעבט צווישען פיינע מענשען, און נאָך איהר שטעלונג האָט ער געזעהען, אַז זי האָט אויך דאָרטען בעלאַנגט, אָבער ווי אַזוי זי איז געקומען צו אַזאַ נידריגער לאַגע האָט ער ניט געקענט פערשטעהן. די פרוי האָט אויף איהם ניט געקוקט און האָט צו איהם ניט גערעדט, כאָטש דעם גאַנצען וועג ביז׳ן פעלד איז זי געגאַנגען נעבען זיין זייט.

טאָם האָט פלייסיג געאַרבייט און האָט פון דעסטוועגען פון צייט צו צייט געוואָרפען איין אויג אויף דער פרוי, וועלכע האָט געאַרבייט ניט זעהר ווייט פון איהם. ער האָט גלייך געזעהען, אַז פאַר אַ געשיקטען און ערפאַהרענען מענשען איז די אַרבייט געווען לייכטער ווי פאַר אַנאַנדערן. זי האָט געמאַכט איהרע אַרבייט גוט.

דעם גאַנצען טאָג האָט טאָם געאַרבייט נעבען דער מולאַטקע מיט וועלכער ער איז געקומען צוזאַמען. ער האָט געזעהען אַז זי האָט געליטען און איז געווען שוואַך, דען אַלע אויגענבליק איז זי כמעט אומגעפאַלען. טאָם האָט זיך צו איהר גענעהערט און האָט גענומען שטילערהייד פון זיינע אָפּגעריסענע פלאַקס און האָט אַריינגעלייגט אין איהר זאַק.

— אָה, טהוט עס ניט, טהוט עס ניט! האָט די פרוי אין איבערראַשונג צו איהם געזאָגט, דען איהר וועט ליידען פון מיינעטוועגען.

אין דיעזען אויגענבליק איז סאַמבאָ צוגעקומען. ווי עס שיינט האָט ער געהאַט אַ בעזונדערן כעס געגען דיעזער פרוי. און אויפהויבענדיג די בייטש האָט ער געזאָגט מיט אַ שטימע פון אַ רוצח:

— וואָס איז דאָס, לוסי, מאַכסט קונצען, הא? מיט דיעזע ווערטער האָט ער איהר דערלאַנגט אַ שטוים מיט זיין שווערען שטיוועל און האָט דערלאַנגט טאָם׳ען מיט דער בייטש איבער׳ן פּנים.

טאָם האָט זיך שטילערהייד גענומען צו זיין ארבייט, אָבער די פרוי וועלכע האָט שוין פריהער קיין כוח ניט געהאַט, האָט גע׳חלש׳ט.

— איך וועל זי באַלד לעבעריג מאַכען, האָט די שווארצע חיה געזאָגט שצירענדיג די צייהן ווי אַ היענע. איך וועל איהר געבען אַ בעסערע זאַך ווי קאמפער, און ארויסנעהמענדיג אַ שפּילקע פון זיין ארבעל האָט ער איהר דערמיט אַ שטאָך געטהאָן אין קאָפּ. די פרוי האָט געקרעכצעט און האָט זיך האַלב אויפגעהויבען. שטעה אויף, דו חיה, און ארבייט, הערסטו! אָדער איך וועל דיר מאַכען נאָך אַ קונץ.

ווי עס שיינט האָט די פרוי בעקומען איבערנאַטירליכע קרעפטען און האָט זיך גענומען צו דער ארבייט מיט אַ פערצווייפעלטען מוטה.

— זעה, אז דו זאָלסט ארבייטען כסדר אזוי, האָט דער שוואר־צער געזאָגט, אָדער דו ווענסט זיך ווינשען דעם טויט היינט ביי־נאַכט.

— הלוואי וואָלט עס געווען יעצט, האָט טאָם זי געהערט זאָגענ־דיג. דאָ האָט ער זי ווידער געהערט זאָגענדיג, אָ, גאָט, ווי לאַנג! אָ, גאָט, פאַר וואָס העלפסטו אונז ניט?

מיט דער ריזיקע צו האָבען די שרעקליכסטע ליידען האָט טאָם אריינגעלייגט זיין גאַנצען פלאַקס אין דער פרוי׳ס זאַק.

— אָה, טהוט דאָס ניט! איהר ווייסט ניט וואָס זיי קענען אייך טהאָן! האָט די פרוי געשעפּטצעט.

— איך קען פערטראָגען לייכטער ווי איהר! האָט טאָם געענט־פערט. און ער איז געווען צוריק אויף זיין פּלאַץ. די גאַנצע געשיכטע האָט מעהר ניט גענומען ווי אַ מאָמענט.

פּלוצלונג איז די פרעמדע, וועלכע מיר האָבען שוין בעשריעבען און וועלכע האָט אין איהר ארבייט געהערט די לעצטע ווערטער פון טאָמ׳ען, צוגעקומען נעהענטער און האָט טאָמ׳ען אָנגעקוקט מיט איה־רע גרויסע שווארצע אויגען, דאַן האָט זי פון איהר קאָרב ארויסגענו־מען אַ הויפען פלאַקס און האָט עס אריינגעלייגט אין זיינעם.

— איהר קענט ניט דיעזען פּלאַץ, האָט זי געזאָגט, זאָנסט וואָלט איהר דאָס ניט געטהאָן. ווען איהר וואָלט דאָ געווען אַ מאָנאַט, וואָלט איהר געהאָלפען יעדערן, אָבער איהר וועט עס געפינען גענוג שווער אפילו נאָר צו פערהיטען אייער אייגענע הויט.

— זאָל גאָט היטען, מיסיס ! האָט טאָם געענטפערט, ריידענ־דיג אינסטינקטיוו צו זיין פעלד חבר'טע, אזוי ווי ער וואָלט ריידען צו א פרוי פון דער גזועלשאַפט.

— גאָט קומט ניט אין דיעזע פּלעצער, האָט די פרוי מיט ביטער־קייט געזאָגט און האָט זיך ווייטער גענומען צו איהר ארבייט.

אָבער די בעוועגונג פון דער פרוי איז בעמערקט געוואָרען פון א שקלאַווען טרייבער פון דער אַנדערער זייט און מיט דער בייטש אין דער הויך איז ער צו איהר צוגעקומען.

— וואָס איז דאָס ! וואָס איז דאָס ! האָט ער געזאָגט צו דער פרוי מיט א זיעגרייכען טאָן, ד ו מאַכסט שטיק ? טהו דיין אר־בייט ! דו ביזט יעצט אונטער מיר. גיב אכטונג, אָדער דו קריעגסט !

א בליץ פייער האָט פּלוצלונג ארויסגעשאָסען פון די שווארצע אויגען. דאַן האָט זי זיך אויסגעצויגען אין איהר גאַנצע לענג און איהר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פון אויפרעגונג.

— הונד ! האָט זי אויסגערופען, ריהר מיך אָן, אויב דו וואגסט. איך האָב נאָך גענוג מאַכט דיך צו לאָזען רייסען פון די הינט, דיך פערברענען לעבעדיגערהייד און דיך שניידען שטיקערווייז. איך דאַרף נאָר געבען דעם וואָרט.

— צו וועלכען טייוועל זייט איהר דען דאָ ? האָט דער טרייבער געזאָגט שוין געלאַסען, ווי א הונד בייגט ארונטער דעם עק, און האָט צוריקגעטראָטען א פּאָאר טריט.

— איך האָב ניט געמיינט קיין שלעכטעס, מיסיס קאַסי !

— דאַן האַלט זיך פון ווייטען ! האָט די פרוי געזאָגט, און האָט זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט מיט אזא פליים דאָס טאָם האָט געשטוינט. עס איז ביי איהר געגאַנגען ווי מיט כשוף. נאָך איידער דער טאָג איז אוועק, איז איהר קאָרב געווען אָנגעשטאָפּט מיט א ווערך און האָט נאָך אריינגעלייגט אין טאָם'ס אויך. לאַנג נאָך דעם ווי עס איז געוואָרען פינסטער, האָט זיך אוועקגעצויגען א לאַנגע רייהע פון מענער און פרויען מיט די קערב אויף די קעפּ צו די געביידע וואו מען האָט געוואויגען און געפּאַקט דעם פלאַקס. לעגרי איז דאָרטען געווען און האָט זיך ערנסט אונטערהאַלטען מיט זיינע צוויי טרייבערס.

— דיעזער טאָם וועט אָנמאַכען פיעל צרות ; ער האָט געהאַל־טען איין לייגען פלאַקס אין לוסי'ס קאָרב. ער וועט נאָך אויפריי־

צען אַלע נעגערס, ווען דער מאַסטער וועט ניט אויפפּאַסען, האָט סאַמ־באָ געזאָגט.

— אָהאָ! דער שוואַרצער טייוועל! האָט לעגרי געזאָגט. מען וועט איהם דאַרפען געבען אַ לעהרע, דענקט איהר ניט אזוי, קערלס?

ביידע נעגערס האָבען געשצירעט די צייהן מיט אַ בעסטיאַלען שמייכעל, וויסענדיג וואָס ער מיינט.

— אַי, אַי! לאָז מאַסטער לעגרי איהם אַליין געבען די לעהרע! דער טייוועל אַליין קען דעם מאַסטער ניט איבערטרעפען אין דעם! האָט קימבאָ געזאָגט.

— וועל, קינדער, דער בעסטער וועג איהם צו לערנען וועט זיין, איהם צו מאַכען פאַר אַ שמייסער, האָט לעגרי געזאָגט, דאָס וועט ביי איהם אָוועקנעהמען די וויכע פליגען פון נאָז.

— גאָט, מאַסטער, עס וועט זיין אַ שווערע ארבייט דאָס פון איהם ארויסצונעהמען.

— עס וועט דאָך מוזען ארויס פון איהם! האָט לעגרי געזאָגט איבערקעהרענדיג זיין קיי־טאַבאַק אין מויל.

— יעצט איז נאָך דאָ די לוסי, די שלעכטעסטע און די העס־ליכסטע פרוי אין דיעזען פּלאַץ, האָט סאַמבאָ געזאָגט.

— פּאַס אויף, סאַם, איך וועל שוין וויסען פאַר וואָס דו ביזט אויף איהר אזוי בייז.

— וועל, זי גיהט געגען דעם מאַסטערס ווילען, ווערליג ער האָט זי מיר געגעבען. זי וויל מיך ניט.

— איך וואָלט איהר שוין אריינגעשמיסען אין קאָפּ אַנאַנדער מיינונג, אָבער יעצט איז דאָ צופיעל אַרבייט, און דאָס קען זי מאַ־כען אונפעהיג צו טהאָן עפּעס. זי איז שוואַך, אָבער די שוואַכע ווענען זיך לאָזען האַלב טויט שלאָגען אבי אויסצופיהרען זייערס.

— וועל, לוסי איז זעהר פויל און וויל גאָרניט טהאָן — און טאָם האָט פאַר איהר געאַרבייט.

— דאָס האָט ער געטהאָן, הא! וועל, דאַן זאָל טאָם האָבען דעם פערגניגען זי צו שמייסען. דאָס וועט פאַר איהם זיין אַ גוטע פּראַקטיקע און דאַן וועט ער איהר ניט געבען אזוי ווי איהר, טייוואָלים.

— האָ, האָ! האו, האו! האָ! האָבען דיעזע צוויי פערדאָר־



דער שקלאווען טרייבער וויל דערלאנגען קאסי'ן מיט'ן בייטש.

בענע ברואים געלאַכט. און דער קלאַנג פון דיעזען טייוולישען געלעכ־טער האָט ריכטיג געצייגט דעם כאַראַקטער וואָס לעגרי האָט דיעזע צוויי טיגערס אַריינגעגעבען.

וועל, מאַסטער, טאָם און מיסיס קאַסי האָבעןביידע אַנגעפילט לוסי'ס קאָרב. איך גלויב אַז ביי זיי וועט פעהלען צו דער וואָג.

— א י ך  ו ו ע ל  ו ו ע ג ע ן ! האָט לעגרי געזאָגט מיט א בעטאָנונג.

און ביידע טרייבערס האָבען ווייטער געלאַזען הערען זייער טייפעלשען געלעכטער.

— אַלזאָ, האָט ער צוגעזעצט, מיסיס קאַסי האָט געטהאָן איהר טאָג אַרבייט.

— זי פּליקט ווי דער טייוועל צוזאַמען מיט אַלע זיינע מלאכים!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לאַנגזאַם און מיעד האָבען זיך געשלעפּט די אונגליקליכע בעשע־פעניסען מיט דער משא אויף זייערע קעפּ צו דעם פּלאַץ וואו מען האָט געוואויגען דעם פּלאַקס אום צו זעהען אויב זיי האָבען ניט געמאַכט ווענינער אַרבייט ווי זיי האָבען געמוזט.

לעגרי האָט פערשריעבען אויף א טאָפעל די נעמען און די געוויכט פון דעם פּלאַקס.

טאָם'ס קאָרב איז געוואויגען געוואָרן און עס איז געוועזען גוט. ער האָט געקוקט מיט אַנגסטליכע אויגען אויף דעם קאָרב פון דער אונגליקליכער פרוי, וועלכער ער האָט געהאָלפען.

זיך שאָקלענדיג פון שוואכקייט איז זי צוגעגאַנגען מיט איהר קאָרב. ער האָט געהאַט דעם פולען געוויכט ווי לעגרי האָט בעמערקט; אָבער זיך מאַכענדיג בלומרשט ערגערליך, האָט ער געזאָגט:

— וואָס, דו פוילע חיה! ווייטער ווענינער! שטעל זיך אָן א זייט, דו וועסט שוין קריגען און זעהר באַלד!

די פרוי האָט געגעבען א קרעכץ און האָט זיך אין פערצווייפלונג אַראָפּגעלאָזען אויף א ברעט.

די פערזאָן, וועלכע מען האָט גערופען מיסעס קאַסי איז יעצט צוגעקומען, און מיט א שטאָלצער מינע האָט זי אָפּגעגעבען איהר קאָרב. ווען זי האָט איהם דערלאַנגט, האָט איהר לעגרי געקוקט אין

די אויגען מיט אַ רייצענדיגען און אין דערזעלבער צייט פראַגענדען בליק.

זי האָט איהם שאַרף אָנגעקוקט מיט איהרע שווארצע אויגען, איהרע ליפען האָבען זיך לייכט בעוועגט און זי האָט עפּעס געזאָגט אין פראַנצויזיש. וואָס דאָס איז געווען, ווייס קיינער ניט, אָבער לעגרי'ס צורה האָט בעקומען אַ טייפלישען אויסדרוק, ווען זי האָט גערעדט, ער האָט געמאַכט אַ בעוועגונג מיט דער האַנד זי צו שלאָגען, אָבער זי האָט דיעזע בעוועגונג בעטראַכט מיט ברענענדער פעראַכטונג און האָט זיך אומגעדרעהט און איז אוועקגעגאַנגען.

— יעצט, קום אהער, טאָם, האָט לעגרי געזאָגט. דו זעהסט, איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך האָב דיך ניט געקויפט צו טהאָן גראָבע ארבייט. איך דענק דיך צו מאַכען פאַר'אַ טרייבער, און היינט ביי־נאַכט זאָלסטו מאַכען דיין ערשטע ארבייט. יעצט, אַלזאָ, נעהם דיעזע פרוי און שמייס זי; דו האָסט דאָך שוין מסתמא געזעהען ווי מען טהוט דאָס.

— איך בעט דעם מאַסטער'ס פערצייהונג, האָט טאָם געזאָגט. איך האָף, אַז דער מאַסטער וועט מיך דאָס ניט לאָזען טהאָן. דערצו בין איך ניט געוויינט. איך האָב עס קיין מאָל ניט געטהאָן.

— איך וועל דיך לערנען אַ סך זאַכען וואָס דו האָסט נאָך דערפון קיינמאָל ניט געוואוסט, האָט לעגרי געזאָגט אויפהייבענדיג אַ גראָ־בען רימען און האָט דערלאַנגט דערמיט טאָם'ען איבער'ן פּנים און האָט עס פאַרטגעזעצט מיט אַ גאַנצען רעגען פון מערדערישע קלעפּ.

— אַט דאָ האָסטו! האָט ער געזאָגט זיך אָפּרוהענדיג. נו, וועסטו נאָך אַלץ זאָגען, אַז דו קענסט עס ניט טהאָן?

— יעס, מאַסטער, האָט טאָם געזאָגט אָפּווישענדיג די בלוט וואָס האָט גערונען פון זיין פּנים; איך בין בערייט דאָ צו ארבייטען טאָג און נאַכט און אַזוי לאַנג ארבייטען ביז עס איז נאָך דאָ אַ ביסעל אָטהעם אין מיר, אָבער דאָס צו טהאָן בין איך ניט פעהיג, און, מאַס־טער, איך וועל עס ק י י נ מ א ָ ל ניט טהאָן, ק י י נ מ א ָ ל!

טאָם האָט געהאַט זעהר אַ ווייכע און גלאַטע שטימע. און לעגרי האָט דערפאַר אָנגענומען, אַז ער מוז זיין אַ טרוס, און מיט בייזען וועט ער ביי איהם אַלעס פּועל'ן. דאַרום האָבען איהם טאָם'ס לעצטע ווערטער געוואַלדיג איבערראַשט. די פרוי האָט ניט ווילענדיג אויס־

גערופען : אַ גאָט ! און אַלע האָבען איינגעהאַלטען זייער אָטהעם פאַר שרעק.

לעגרי איז געבּליבּען שטעהן אַ צומישטער. ענדליך האָט ער וויע־דער אויסגעבּראָכען :

— וואָס ! דו פערפלוכטע, שוואַרצע חיה. דו זאָגסט מ י ר אַז דו רעכענסט ניט פאַר רעכט צו טהאָן דאָס וואָס איך היים דיר טהאָן! וואָס האָט איהר פאַסקודנע בּהמות צו דענקען וואָס רעכט איז ? וואָס זייט איהר דען ? אפשר דענקסטו, אַז דו בּיזט אַ פּאַריץ, מאַסטער טאָם ? צו זאָגען דיין מאַסטער וואָס איז רעכט און וואָס איז ניט רעכט ! אַלזאָ, זאָגסטו, אַז עס איז אונרעכט צו שמייסען די פרוי ?

— אַזוי דענק איך, מאַסטער, האָט טאָם געזאָגט. די אָרימע בּעשעפּעניס איז שוואַך און קראַנק ; דאָס וועט זיין גאַנץ איינפאַך גרויזאַם, און דאָס וועל איך קיינמאָל ניט טהאָן און וועל עס ניט פּרוּ־בּירען צו טהאָן. איך וועל בּעסער שטאַרבּען !

טאָם האָט גערעדט מיט אַ געלאַסענער ווייכער שטימע, אָבּער מיט אַ בּעשטימטהייט, דאָס מען האָט אין זיינע ווערטער קיין טעות ניט געקענט האָבּען. לעגרי האָט געציטערט פאַר ערגער. זיינע גראָע־ליכע אויגען האָבּען געשפּריצט פייער, אפילו זיינע האָאָר האָבּען זיך געשיינט צו גרייזלען פון רציחה, אָבּער אַזוי ווי אַ פערצוקענדע חיה רעה, וועלכע שפּיעלט זיך מיט איהר קרבּן איידער זי צורייסט איהם, האָט ער צוריקגעהאַלטען זיין געלוסט גלייך אָנצופאַנגען זיין מערדעריי און האָט אויסגעבּראָכען אין גיפטיגע ווערטער :

— וועל, ענדליך איז אויף אונז זינדיגע אַראָפּגעשיקט געוואָרען דיעזער פרומער הונד ! אַ הייליגער, אַ פּאַריץ, און ניט ווענינער ווי צו אונז צו ריידען וועגען אונזער זינד. ער מוז זיין אַ מעכטיגער הייליגער נפש ! הער נאָר, דו טויגעניכץ ! דו ווילסט איינריידען דעם עולם אַז דו בּיזט פרום. האָסטו קיינמאָל ניט געלעזען אין דער בּיבעל : „קנעכט דאַרפען פאָלגען זייער מאַסטער ?” בּין איך ניט דיין מאַסטער ? האָב איך ניט בּעצאָהלט מזומן'ע צוועלף הונדערט דאָלאַר פאַר דיר און פאַר אַלעס וואָס איז אין דיין מיאוסן בּויך ? בּיזטו ניט מיינער מיט לייב און זעעלע ? האָט ער געזאָגט צו טאָם'ען, גע־בּענדיג איהם אַ שרעקליכען בּריק מיט זיין שווערן שטיוועל, זאָג מיר !

אין דער טיפקייט פון זיין קערפּערליכען ליידען און געבויגען פון דער אונמענשליכער בעהאַנדלונג האָבען דיזע ווערטער ארויסגערופען א זעעלענס פרייד אין טאָם'ס ברוסט. ער האָט זיך פּלוצלונג אויסגע־גלייכט און מיט טרעהרען אין די אויגען און מיט די בלוט רינענדיג פון זיין געזיכט האָט טאָם אויסגערופען:

— ניין! ניין! ניין! מיין נשמה האָט איהר ניט, מאַססער! איהר האָט זי ניט געקויפט, איהר קענט זי ניט קויפען. איהר קענט רייסען מיין קערפּער, אָבער ניט מיין נשמה!

— איך קען ניט! האָט לעגרי געזאָגט מיט רציחה, מיר וועלען זעהען, מיר וועלען זעהען! סאַמבאָ, קימבאָ, גיט דיזען הונד א לעקציע, וועלכע ער זאָל אזוי גיך ניט פערגעסען!

די צוויי ריזען נעגערס האָבען זיך א וואַרף געטהאָן אויף טאָם'ען ווי די ווילדע בעסטיען און האָבען איהם אוועקגעשלעפּט. די אָרימע פרוי האָט ארויסגעשטויסען שרעקענס געשרייען. אַלע זיינען אויפגע־שפּרונגען, האָבען זיך אָבער ניט געריהרט.

---

פיער־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

## דער מולאַטקעס געשיכטע.

עס איז געוועזען שפּעט ביי נאַכט און טאָם איז געלעגען קרעכצענ־דיג און א פערבלוטיגטער אין א פערוואָרפענער חורבה צווישען אַלטע שטיקער אייזען, צווישען קופּעס פערפוילטע פלאַקס און אנדערע טראַנטעס וועלכע האָבען זיך דאָרטען צוזאַמענגעקליבען פון א לאַנ־גער צייט.

די נאַכט איז געוועזען דומפּיג און פערשטיקט און די שווערע לופט איז געוועזען אָנגעפילט מיט מיליאָנען מאָסקיטאָס (קאָמארען) וועלכע האָבען נאָך פערגרעסערט די שרעקליכע שמערצען פון זיינע וואונדען, וועהרענד א ברענענדער דורסט — וועלכער איז נאָך ערגער פון אַלע מאַטערניסען — האָט איהם געצויגען די לעצטע עצמות.

— אַ גאָט! העלף מיר, גוטער גאָטעניו! האָט דער אונגליק־ליכער געמורמעלט.

אַ פוס טריט האָט זיך דערהערט אין דיעזען פינסטערן אָרט און אַ ליכט פון אַ לאַנטערנע האָט געגעבען אַ שיין אין זיינע אויגען.

— ווער איז דאָרטען? אום גאָטעס ווילען, גיט מיר אַ טרונק!

די פרוי קאַסי, דען דאָס איז געווען זי, האָט אראָפּגעשטעלט די לאַנטערנע און האָט אדיינגעגאָסען אין אַ קווערטעל וואסער פון אַ פלאַש, האָט איהם אונטערגעהויבען דעם קאָפּ און האָט איהם געגע־בען צו טרינקען. ער האָט געטרונקען איין קווערטעל נאָך דער אנדע־רער, מיט פיבערהאַפטער זשעדנעקייט.

— טרינק וויפיעל דו ווילסט, האָט זי געזאָגט, איך ווייס וואָס עס וועט זיין. דאָס איז ניט דעם ערשטען מאָל וואָס איך געה ארום ביי נאכט טראָגענדיג וואסער צו אזעלכע ווי דו.

— אַ דאנק אייך, מיסיס, האָט טאָם געזאָגט ווען ער האָט זיך אָנגעטרונקען.

— רוף מיך ניט מיסיס! איך בין איין אונגליקליכע שקלאווין ווי דו. נאָך נידריגער ווי מען קען זיין! האָט זי ביטער געזאָגט. — יעצט, האָט זי געזאָגט צוגעהענדיג צו דער טהיר צושלעפּענדיג פון דאָרטען אַ שטרויזאַק, אויף וועלכען זי האָט ארויפגעלייגט אַ נאסען לייווענט, פּרוביר אָרימער מענש, אויב דו קענסט זיך ארויפקייקלען אויף דעם נאסען לייוועגט.

שטייף ווי ער איז געווען פון די וואונדען און צוקאַליעטשעט האָט עס ביי טאָם'ען גענומען אַ צייט דאָס אויסצופיהרען, אָבער ווען ער איז שוין געלעגען מיט די וואונדען אויף דעם טוך האָט ער זיך גלייך געפיהלט פערלייכטערט.

— יעצט, האָט די פרוי געזאָגט, ווען זי האָט אונטערגעלייגט אַ הויפען פון די פערדאָרבענע פלאקס אונטער זיין קאָפּ, דאָס איז אַלעס וואָס איך קען טהאָן פאַר דיר.

טאָם האָט זי געדאנקט. די פרוי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דער ערד. זי האָט צוזאַמענגענומען איהרע קניע און האָט זיי ארומגענומען מיט איהרע אָרעמס; זי האָט דאן געקוקט פערטראכ־טערהייד און איהר געזיכט האָט געטראָגען אַ ביטערן און שמערצליכען אויסדרוק. איהר טשעפּיק האָט זיך אראָפּגערוקט און איהרע גערדיכטע,

לאַנגע שוואַרצע האָאַר זיינען אַריבערגעפאַלען איבער איהר מעלאַנ־כאָלישען געזיכט.

— עס האָט קיין צוועק, מיין אָרימער נפש! האָט זי ענדליך אָנגעפאַנגען, דאָס וואָס דו האָסט געוואָלט טהאָן האָט קיין צוועק ניט. דו ביזט געווען אַ בראַווער מאַן און דו האָסט געהאַט רעכט, אָבער עס איז אַלעס אומזיסט, דיין קעמפפען וועט דיר גאָרניט העל־פען. דו ביזט אין דעם טייוועלס הענט. ער איז שטאַרקער און דו מוזט זיך אונטערגעבען!

— אָה, גאָט, אָה, גאָט! ווי קען איך זיך אונטערגעבען?

— עס איז גאָר קיין פּעולה ניט צו רופען גאָט. ער הערט ניט, האָט די פרוי מיט פעסטקייט געזאָגט. איך גלויב, אַז עס גיבט קיין גאָט, אָדער אויב עס איז דאָ איינער, איז ער געגען אונז. אַלעס איז געגען אונז, הימעל און ערד. יעדע זאַך שטופּט אונז אין גהינום. פאַר וואָס־זשע זאָלען מיר ניט געהן אַהין?

דער פרומער טאָם האָט צוגעמאַכט די אויגען און האָט זיך צו־געהערט מיט שוידערן צו דיעזע אפּקורסישע ווערטער.

— זעהסטו, האָט די פרוי געזאָגט, דו ווייסט דערפון גאָרניט, אָבער איך ווייס. איך בין אויף דיעזען פּלאַץ פינף יאָהר מיט לייב און לעבען אונטער דיעזען מאַן'ס פיס, און איך האַס איהם, ווי איך האַס דעם טייוועל! דאָ ביזטו אויף איין איינזאַמער פּלאַנטאַציע צעהן מייל פון אַנאַנדערער. קיין ווייסער מענש איז דאָ ניטאָ צו זאָ־גען עדות, ווען מען זאָל דיך אפילו פערברענען לעבעדיגערהייד, אָדער ווען מען זאָל דיך אָפּקאָכען און צושניידען אין קליינע שטיקלעך און אַוועקגעבען פאַר די הינט, אָדער אויפהענגען און פערשמייסען צום טויט. עס גיבט דאָ קיין געזעץ פון גאָט אָדער מענשען, וועלכער זאָל אונז בעשיצען. דיעזער מאַן איז צו קיינעם ניט גוט. ווען איך וואָלט געקענט דערצעהלען וואָס איך האָב דאָ געזעהען, וואָלטען זיך די האָאַר געשטעלט אויף'ן קאָפּ און די צייהן וואָלטען געקלאַפּט. ניט פאָלגען האָט דאָ קיין צוועק. האָב איך ג ע ו ו אָ ל ט לעבען מיט איהם? בין איך ניט געווען אַ פיין ערצויגענע פרוי? און ער — גאָט אין הימעל! וואָס איז ער געווען און וואָס איז ער? און דאָך האָב איך מיט איהם געלעבט דיעזע פינף יאָהר און האָב פערפלוכט יעדע מינוט פון מיין לעבען, — טאָג און נאַכט! יעצט האָט ער אַ נייע,



קאסי גיט א טרונק טאָמ'ען.

אַ יונגען נפש, ערשט פופצעהן יאָהר אַלט, און ווי זי זאָגט, איז זי פיין ערצויגען.

— און ווער זיינען דיעזע נידריגע הינט, האָט זי פּאַרטגעזעצט נאָך אַ קליינער פּויזע, מיט וועמען דו אַרבייטסט און דו זאָלסט פאַר זיי ליידען? יעדער איינער פון זיי וועט אויף דיר אַרויפּפאַלען אַזוי באַלד ווי זיי זאָלען האָבען אַ געלעגענהייט. זיי זיינען אַלע נידריג און גרויזאַם איינער געגען דעם אַנדערן ווי עס פּאַסט זיך פאַר זיי. מיט דיין ליידען וועסטו ניט פערשפּאָרען זייער ליידען. — זעהסט מיך יעצט, האָט זי פּאָרטגעזעצט מיט אַ שנעלער שפּראַך, זעהסט וואָס איך בין! וועל, איך בין ערצויגען געוואָרען אין לוקסוס. דאָס ערשטע וואָס איך געדענק איז, ווען נאָך אַלס קינד, האָב איך זיך אַרומגעשפּיעלט אין פּראַכטפאָלע זאַלען; איך פלעג געהן אָנגעטהאָן ווי אַ קוקלע און אַלע האָבען מיך געליובט. אין גרויסען גאָרטען פלעג איך זיך שפּיעלען מיט מיינע שוועסטער און ברידער. איך בין געווען אין אַ פּאַנסיאָן און האָב דאָרטען געלערנט מוזיק, פראַנצויזיש און אויסנעהען. ווען איך בין אַלט געווען פערצעהן יאָהר איז מיין פאָטער געשטאָרבען. ער איז פּלוצלונג געשטאָרבען. און ווען מען האָט גענומען נאָכזוכען זיין פערמעגען, האָט מען געפונען, אַז ער איז געווען אַ גרעסערער בעל חוב ווי ער האָט פערמאָגט. מיין מוטער איז געווען אַ שקלאַווין און מיין פאָטער האָט מיך געוואָלט בעפרייען, אָבער זיין טויט האָט עס פערהינדערט. מיין פאָטער איז געפאַלען פון דער כאָלערא אין ניו־אָרליענס. נאָך מיין פאָטער'ס טויט האָט זיין ווייסע פרוי מיטגענומען איהרע קינדער און איז אַוועק צו איהרע עלטערן. אַ יונגען אַדוואָקאַט האָט מען איבערגעגעבען אויסצוגלייכען זיך מיט די קרעדיטאָרען. איין טאָג האָט ער מיט זיך געבראַכט אַ יונגען מאַן, וועלכער, ווי איך האָב געגלויבט, איז געווען דער שעהנסטער וואָס איך האָב אַ מאָל געזעהען. דיעזען אַבענד וועל איך קיין מאָל ניט פערגעסען. איך בין מיט איהם אַרומגעגאַנגען אין גאָרטען. איך בין געווען אומעטיג און פול מיט שמערצען און ער איז געווען אַזוי פיין און פריינדליך צו מיר. ער האָט מיר געזאָגט אַז ער קען מיך נאָך בעפאַר איך בין געווען אין פּאַנסיאָן און דאָס ער האָט מיך שוין לאַנג געליעבט און דאָס ער וועט זיין מיין בעשיצער. — קורץ, ער האָט מיר ניט דערצעהלט, אַז ער האָט פאַר מיר בעצאָהלט צוויי טויזענד דאָלאַר און אַז איך בין

זיין אייגענטהום. איך בין געבוירן געוואָרען זיינע, ווייל איך האָב איהם געליעבט. אָ, ווי האָב איך איהם געליעבט! ווי ליעב איך איהם יעצט, און וועל איהם ליעבען אזוי לאנג ווי איך אָטהעם! ער איז געווען אזוי בילד שעהן, הויך, אזוי עדעל! ער האָט מיך אריינגענו־מען אין א פּראַכטפאָלע הויז מיט דיענסטען און פערד מיט קארעטעס, מיט מעבעל און קליידער. אַלעס וואָס מען האָט געקענט קויפען פאר געלט האָט ער מיר געגעבען. איך האָב זיך אָבער פאר קיין זאַך ניט געקימערט, נאָר איהם האָב איך געדארפט. איך האָב איהם געליעבט מעהר ווי מיין אייגענע זעעלע.

— איך האָב נאָר געוואָלט איין זאַך,—ער זאָל מיך הייראטהען. איך האָב געגלויבט, אז אויב ער האָט מיך ווירקליך ליעב ווי ער האָט מיר געזאָגט, וואָלט ער מיך געדארפט הייראטהען און מיך פריי מאכען פון שקלאַווערייי. ער האָט מיך אָבער איבערצייגט, אז דאָס איז אונ־מעגליך, און אז מיר זיינען טריי איינער צום אנדערן איז עס פּאר גאָט א הייראטה. אויב דאָס איז אמת? בין איך ניט געווען דעם מאַן'ס פרוי? בין איך ניט געווען טריי צו איהם? האָב איך ניט זיעבען יאָהר געהיט זיין יעדע בעוועגונג און געלעבט און געאָטהעמט נאָר איהם צופריעדען צו שטעלען? ער האָט געהאַט דעם געלען פי־בער און איך האָב צוואנציג טעג און נעכט געוואכט איבער איהם, איך אליין, און האָב איהם איינגעגעבען אַלע זיינע מעדיצינען און האָב אַלעס געטהאָן פאר איהם. דאן האָט ער געזאָגט אז איך בין זיין גוטער מלאך און אז איך האָב גערעטעט זיין לעבען.

— מיר האָבען געהאַט צוויי זעהר שעהנע קינדער. דער ערשטער איז געווען א אינגעל און מיר האָבען איהם א נאָמען געגעבען הענרי, ער איז געווען אין גאנצען דער פאָטער. ער האָט געהאַט זעהר שעהנע אויגען און א שעהנעם שטערן; זיינע האָאר זיינען געהאנגען אין לאָ־קען ארום זיין געזיכט און ער האָט געהאַט דעם פאָטערס גייסט אין גאנצען און אויך זיין טאַלאַנט.

— די קליינע עליזע, האָט ער געזאָגט, איז אין גאנצען אין מיר געראָטהען. ער פלעגט מיר זאָגען, אז איך בין די שעהנסטע פרוי אין לואיזיאַנא; ער איז געווען זעהר שטאָלץ מיט מיר און מיט די קינדער. ער פלעגט ליעב האָבען, אז איך זאָל אָנקליידען די קינדער און אַלע צוזאמען פלעגען מיר פאָהרען שפּאַצירען אין איין אָפענער



קאסי און איהר מאן.

קאַרטעס. ער פלעגט מיר דאַן דערצעהלען ווי לייטע פלעגען אונז בעד־וואונדערן. אַה, דאַס זיינען געוועזען גליקליכע טעג! איך האָב געגלויבט, אַז גליקליכער קען מען שוין ניט זיין. אָבער באַלד זיינען געקומען די ביי־טערע צייטען. זיינער אַ קוזין מיט וועמען ער איז געוועזען זעהר בעפריינ־דעט איז איהם געקומען בעזוכען אין ניו־אָרליענס. ער האָט זעהר פיעל פון איהם געהאַלטען. אָבער — איך ווייס ניט פאַר וואָס — פון דעם ערשטען אויגענבליק אָן וואָס איך האָב איהם געזעהען, האָב איך פאר איהם געציטערט. איך בין געוועזען זיכער, אַז ער וועט אונז ברענ־גען אונגליק. ער האָט גע'פועל'ט ביי הענרי'ן, אַז ער זאָל מיט איהם אויסגעהן און ער פלעגט זעהר אָפט קומען אַהיים האַלבע נאַכט; הענרי איז געוועזען זעהר לייכטזיניג און דערפאַר האָב איך מורא געהאַט.

— ער האָט איהם אָנגעפאַנגען צו פיהרען אין נידריגע הייזער פון קאָרטען־שפּיעלער; דאַן האָט ער איהם בעקאַנט געמאַכט מיט אַ דאַ־מע, און פון דיעזער צייט אָן האָב איך געזעהען אַז הענרי ווערט צו מיר אַלץ מעהר אָפּגעקיהלט. ער האָט עס מיר אפילו ניט געזאָגט, אָבער איך האָב עס געזעהען. איך האָב עס געפיהלט טאָג פאַר טאָג. איך האָב געפיהלט, אַז מיין האַרץ ווערט מיר צובראָכען, אָבער איך האָב גאָרניט געקענט זאָגען!

— דאָ האָט דיעזער אויסוואורף אָנגעבאָטען הענרי'ן, אַז ער זאָל מיך מיט די קינדער פערקויפען און זאָל בעצאָהלען די חובות אין די קאָרטען־הייזער און ער וועט דאַן קענען הייראַטהען נאָך זיין וואונש. און ער האָט אונז פערקויפט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער דאַרף אָוועקפאָהרען אויף אַ פּאָאַר וואָכען ווענען געשעפט. ער האָט צו מיר גערעדט פריינדליך ווי געוועהנליך און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט קומען צוריק. אָבער פאַר מיר איז עס געוועזען אַ קנאַפּער אויסרייד. איך האָב געוואוסט אַז די צייט איז געקומען. איך בין פערשטיינערט געוואָרען. איך האָב ניט געקענט ריידען און ניט וויינען. ער האָט מיך געקושט און געקושט די קינדער פיעל מאָל און איז ארויס־געגאַנגען. איך האָב איהם געזעהען אַרויפשטייגען אויפ'ן פערד און האָב געזעהען ווי ער איז אוועק, און האָב גע'חלש'ט.

— דאַן איז ע ר געקומען, דער פערפלוכטער אויסוואורף! ער איז געקומען צו זיין אייגענטהום. ער האָט מיר דערצעהלט אַז ער האָט מיך געקויפט מיט די קינדער, און ער האָט מיר געוויזען די פּאַפּיערען.

איך האָב איהם געפּלוכט בעפאָר גאָט און האָב איהם געזאָגט אז איך וועל בעסער שטארבען איידער צו לעבען מיט איהם.

— ווי אייך געפעהלט, האָט ער געזאָגט, אָבער טאָמער וועט איהר ניט זיין רוהיג, וועל איך פערקויפען ביידע קינדער און איהר וועט זיי קיינמאָל ניט זעהען. ער האָט מיר דערצעהלט, אז ער האָט מיך אלע מאָל געוואָלט האָבען זייט ער האָט מיך צום ערשטען מאָל געזעהען ; דאָס ער האָט הענרי'ן בכיון אריינגעצויגען צו שפּיעלען אין קאָרטען און אז ער זאָל בלייבען א בעל חוב און דאן זאָל ער מיך לייכט אָפּקויפען ; דאָס ער האָט איהם געמאַכט ליעבען אַנאַנדער פרוי.

— איך האָב געמוזט נאָכגעבען, דען מיינע הענד זיינען געווען געבונדען. מיינע קינדער זיינען געווען ביי איהם אין האַנד און ער האָט געקענט מאַכען מיט מיר וואָס ער האָט געוואָלט. אַך, וואָס פאַר א לעבען דאָס איז געווען ! פאַר הענרי'ן האָב איך געטהאָן אַלעס מיט פערגניגען, און פאַר איהם האָב איך ג ע מ ו ז ט טהאָן, כאָטש איך האָב איהם געהאַסט ווי דעם טויט. ער איז געווען גראָב צו מיר און הארט צו די קינדער. עליזע איז געווען א קליינע שטילע קינד, אָבער הענרי איז געווען שטאָלץ און לעבהאַפט ווי זיין פאָטער און קיינער האָט איבער איהם ניט געקענט קאָמאַנדירען. ער האָט זיך אַלע מאָל געטשעפּעט צו איהם און האָט זיך מיט איהם געקריעגט, און איך בין אלע מאָל געווען אין הוילע אַנגסטען און שרעק וועגען הענרי'ן. איך האָב פּרובירט דאָס קינד לערנען רעשפּעקט, איך האָב איהם פּרובירט צו האַלטען אָפּגעזונדערט, ווייל די קינדער זיינען ביי מיר געווען די גאַנצע וועלט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. ע ר ה אָ ט פ ע ר ק ו י פ ט ב י י ד ע ק י נ ד ע ר. ער איז מיט מיר איינמאָל אויסגעפאָהרען און ווען איך בין געקומען צוריק, האָב איך זיי ביידען ניט געפונען. ער האָט מיר דערצעהלט, אז ער האָט זיי פערקויפט און האָט מיר געצייגט דאָס געלד, דעם פּרייז פאַר זייער בלוט.

— די וועלט איז פאַר מיר געוואָרען פינסטער. איך האָב געיאָמערט און געפלוכט — געפלוכט גאָט און מענשען ; און איך דענק, אז א קורצע צייט האָט ער פאַר מיר מורא געהאַט, אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט. ער האָט מיר געזאָגט, אז ער ווייס וואו די קינדער

זיינען, און אויב איך דענק זיי אַ מאָל צו זעהען, זאָל איך זיין רוהיג, ווען ניט וועלען די קינדער ליידען.

— איהר קענט אַלעס טהאָן מיט אַ פרוי, ווען איהר האָט איהרע קינדער אין די הענט. איך האָב זיך געמוזט אונטערגעבען. ער האָט מיך געמאַכט רוהיג. ער האָט מיך געטרייסט מיט דער האָפנונג, אַז ער וועט זיי נאָך אפשר צוריק קויפען. אַזוי איז עס געגאַנגען אַ וואָך אָדער צוויי. איין טאָג בין איך ארויסגעגאַנגען און איך בין פאַרביי־געגאַנגען די שמיים־הויז. איך האָב געזעהען פיעל מענשען שטעהען נעבען די שטאַכעטען און האָב דערהערט אַ קינד'ס שטימע און פלוצלונג האָט זיך מיין הענרי אויסגעריסען פון צוויי מענער וועלכע האָבען איהם געהאַלטען און איז צוגעלאָפען צו מיר און האָט אָנגעכאַפּט מיין קלייד. זיי זיינען צו איהם צוגעלאָפען און האָבען שרעקליך געפלוכט, און איין מאַן, — איך וועל קיין מאָל ניט פערגעסען זיין פנים, — האָט צו איהם געזאָגט, אַז ער וועט אַזוי לייכט ניט אַוועק, דאָס ער וועט געהן מיט איהם צוריק אין שמיים־הויז און וועט איהם געבען אַזאַ פּאָרציע וואָס ער וועט קיינמאָל ניט פערגעסען. איך האָב פּרובירט בעטען און וויינען, אָבער זיי האָבען נאָר געלאַכט. דער אָרימער אינגעל האָט געשריען און געוויינט און האָט מיר געקוקט אין פנים, ער האָט זיך געהאַלטען פעסט פאַר מיין קלייד, ביז זיי האָבען איהם אָפּגעריסען און האַלב פון מיין קלייד, און האָבען איהם אַוועקגעטראָגען. מאַמע ! מאַמע ! האָבען זיך געהערט זיינע קולות. איין מאַן איז דאָרטען געשטאַנען, וואָס האָט געשיינט צו האָבען מיטלייד מיט מיר. איך האָב איהם אָנגעבאָטען די גאַנצע געלט וואָס איך האָב געהאַט, אַז ער זאָל זיך אָננעהמען. ער האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ און האָט געזאָגט, אַז דער מאַן וואָס האָט איהם געקויפט זאָגט, אַז דער אינגעל איז אַ גרויסער עזות פנים און מען דאַרף איהם לערנען דרך ארץ איין מאָל פאַר אַלע מאָל. איך האָב זיך אומגעקעהרט און בין געלאָפען, און אויף דעם גאַנצען וועג האָבען מיר געקלונגען אין די אויערן די קולות פון מיין קינד. איך בין אריין אין הויז, און אָהן אטהעם בין איך אריין אין זאַל, וואו איך האָב געפונען באָטלער'ן. איך האָב איהם דערצעהלט און האָב איהם געבעטען רחמים אַז ער זאָל זיך געהן אריינמישען. ער האָט נאָר געלאַכט און האָט מיר געזאָגט אַז דער אינגעל האָט בעקומען וואָס ער האָט פערדיענט. מען האָט גע־

דארפט איהם אַנלערנען, פריהער אָדער שפּעטער. וואָס האָב איך דען ערווארטעט ? האָט ער געפרעגט.

— עס האָט מיר געשיינט אז עפּעס האָט געפּלאצט אין מיין קאָפּ אין דיעזען מאָמענט. איך בין געווען צוטומעלט און ווילד. איך דער־מאהן זיך אן א גרויסען, שארפען מעסער אויפ'ן טיש. איך דערמאהן זיך, אז איך האָב געכאַפּט דעם מעסער און האָב זיך אויף איהם א וואָרף געטהאָן, דאן איז אלעס געוואָרען פינסטער און מעהר האָב איך ניט געוואוסט ; ניט פריהער ווי מיט עטליכע טעג שפּעטער.

—ווען איך בין געקומען צו זיך בין איך געווען אין א שעהנעם צימער — אָבער ניט מיינער. איין אלטע שווארצע פרוי האָט מיך אָפּגעווארטעט, און א דאָקטאָר איז מיך געקומען זעהען. און ווי איך האָב געזעהען האָט מען מיך גוט בעהאַנדעלט. שפּעטער א ביסעל האָב איך ערפאהרען, אז ער איז אוועק און האָט געלאָזען מיך מיט דער הויז צום פערקויפען.

— איך האָב ניט געוואָלט געזונד ווערען, אָבער דער פיבער האָט מיך פערלאָזען, איך בין געוואָרען בעסער און ענדליך בין איך אין גאַנצען געזונד געוואָרען. דאן האָט מען מיך אַלע טאָג געקליידעט, און הערען פלעגען קומען און קוקען אויף מיר און רויכען ציגארען און מיר שטעלען פראגען און רעדען צווישען זיך וועגע דעם מקח. איך בין געווען אזוי שטיל און פערפינסטערט, דאָס קיינער האָט מיך ניט גע־וואָלט. זיי האָבען מיך געסטראשעט מיט שמייסען, ווען איך וועל ניט צייגען קיין פרייליכערן פּנים און אז איך וועל זיך ניט געבען די מיהע צו זיין אנגענעהמער. ענדליך איז איין טאָג געקומען א הערר מיט'ן נאָמען סטוארט. ער האָט געשיינט צו האָבען א ביסעל מיטגע־פיהל מיט מיר. ער האָט געזעהען, אז עפּעס שווערעס איז אויף מיין הארצען. ער פלעגט קומען אָפט און ריידען מיט מיר אליין, און ענד־ליך האָט ער מיך איבערגערעדט איהם צו דערצעהלען מיין געשיכטע.

— ענדליך האָט ער מיך געקויפט און ער האָט מיר פערשפּראָכען צו טהאָן אַלעס אום אָפּצוקויפען צוריק מיינע קינדער. ער איז געגאַנ־גען אין האָטעל וואו מיין הענרי איז געווען, און זיי האָבען איהם דאָר־טען געזאָגט, אז זיי האָבען איהם פערקויפט אין א פּלאַנטאציע נעבען דעם פּערל טייך. דאָס איז געווען דאָס לעצטע וואָס איך האָב פון איהם ווען עס איז געהערט. דאן האָט ער אויסגעפונען וואו מיין טאָכטער

איז געוועזן. איין אַלטע פרוי האָט זי געהאַט. ער האָט פאַר איהר אָנגעבאָטען אַ גרויסע סומע געלד, אָבער זיי האָבען זי ניט געוואָלט פערקויפען. באַטלער האָט אויסגעפונען, אַז מען וויל זי קויפען פאַר מיר, און ער האָט מיר געלאָזען וויסען, אַז איך וועל זי קיינמאָל ניט קריעגען. דער קאַפּיטאַן סטוארט איז געוועזן זעהר גוט צו מיר. ער האָט געהאַט אַ פּראַכטפאָלע פּלאַנטאַציע און ער האָט מיך אַהין גענומען. אין דער צייט פון אַ יאָהר האָב איך געבאָרען אַ זוהן. אַך, אָט דאָס קינד ! ווי האָב איך איהם געליעבט ! דער קליינער נפש'ל האָט אויסגעזעהען פּונקט ווי מיין הענרי ! אָבער איך האָב זיך בעשלאָסען אַנדערש. — יעס, אַנדערש ; איך וועל ניט דערלאָזען אַז מיין קינד זאָל אויסוואַקסען ! איך האָב גענומען דעם אָרימען נפש'ל פון צוויי וואָכען, אין מיינע אָרעמס און האָב איהם געקושט און האָב איבער איהם געוויינט און האָב איהם איינגעגעבען לאַדאַנום און האָב איהם צוגעדריקט צו מיין ברוסט ביז ער איז איינגעשלאָפען צום טויט. ווי האָב איך איבער איהם געטרויערט און געקלאָגט ! און וועמען האָט זיך עס געקענט חלומ'ען אַז דאָס קינד האָט ניט דורך אַ טעות בעקומען דעם לאַדאַנום ? איך האָב דערויף קיין חרטה ניט. ווייניגסטענס האָב איך איהם פערשפּאָרט יסורים און שמערצען. וואָס האָב איך איהם געקענט געבען בעסער ווי טויט, אָרימעס קינד !

באַלד נאָכדעם איז געקומען די כאָלערא און דער קאַפּיטאַן סטוארט איז געשטאָרבען. יעדער וואָס האָט *געוואָלט* לעבען, איז געשטאָרבען, און איך, — וועלכע איז שוין געוועזן ביין שוועל פון טויט, — *איך בין געבליעבען לעבען* ! דאַן בין איך פערקויפט געוואָרען. און איך בין געגאַנגען פון האַנד צו האַנד ביז איך בין פערוועלקט געוואָרען, מיין פּנים האָט זיך בעדעקט מיט קאָרטשעס און איך האָב בעקומען פיבער. און דאַן האָט מיך דיעזער טיגער געקויפט און האָט מיך געבראַכט אהער, — און דאָ בין איך !

די פרוי איז אַנשוויגען געוואָרען. זי איז דורכגעפלויגען איהר געשיכטע מיט ווילדע, ליידענשאַפטליכע ווערטער. אַ מאָל האָט זי גערעדט ווי צו טאָמ'ען און אַ מאָל ווי צו זיך זעלבסט. איהר שפּראַך האָט אין זיך געהאַט אַזאַ קראַפט, דאָס טאָם האָט צייטענווייז פערגעסען די שמערצען פון זיינע וואונדען און האָט זיך האַלב אויפגעהויבען

בען און האָט אויף איהר געקוקט ווי זי איז געלאָפען הין און צוריק אי־בער דער חורבה.

— מען דערצעהלט מיר, האָט זי געזאָגט נאָך א פויזע, אז עס איז דאָ א גאָט, א גאָט וואָס קוקט אראָפּ און זעהט עס אלעס צו און בע־צאָהלט אויף יענער וועלט; דאָס אונזערע ליידען, די ליידען פון אונזערע קינדער זיינען א קלייניגקייט; דאָך ווען איך בין געגאַנגען אין גאָס האָב איך געפיהלט אזוי פיעל יסורים נאָר אין מיין האר־צען וואָס איז געווען געגוג איינצוזינקען די שטאָדט.

ווען איך בין געווען יונג בין איך געווען פרום. יעצט בין איך אין דעם טייוועל'ס הענד, וועלכער מוטשעט מיך טאָג און נאכט, און דאָס טרייבט מיך צו בעגעהן א טהאט, וועלכע וועט לויז מאכען די וועלט פון א טייוועל! האָט זי צוגעזעצט מיט געקוועטשטע הענט און מיט פונקען פייער אין די אויגען; איך וועל איהם שיקען וואוהין ער בע־לאַנגט; זעהר א קורצען וועג. ווען זיי זאָלען מיך אפילו דערנאָך פערברענען לעבעדיגער־הייד. און זי האָט געענדיגט מיט א ווילדען, שרעקליכען געלעכטער.

אין עטליכע מינוטען ארום האָט זי זיך בערוהיגט און איז צוגע־גאַנגען צו טאָם'ען.

— קען איך פאר אייך עפּעס טהאָן, מיין אָרימער מאַן? האָט זי איהם געפרעגט, זאָל איך אייך געבען נאָך וואַסער?

א ליעבע זיסקייט איז געלעגען איצטער אין איהר שטימע, קיין סימן פון איהר פריהערע ווילדקייט.

טאָם האָט געטרונקען די וואַסער און האָט זי אָנגעקוקט אזוי ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגען, אָבער זי האָט איהם דערפון קורץ אָפּגעהאַלטען.

— רעדט ניט, אָרימער מאַן! פּרובירט צו שלאָפען, ווען איהר קענט. און אַוועקשטעלענדיג נעבען איהם וואַסער און פעררישטענדיג זיין געלעגער ווי וויט זי האָט געקענט, איז קאַסי אַרויס פון דער חורבה.

פינף־און־דרייסיגסטער קאפיטעל.

## דער טאַליסמאַן.
(צויבער־מיטעל).

דער גאסט־צימער פון לעגרי'ס הויז איז געווען א גרויסער לאנגער צימער און האָט געהאט א גרויסען קאמין. אמאָל איז ער געווען רייך טאפעצירט און יעצט זיינען די פערפוילטע טאפעטען געהאנגען שטיקערווייז פון די פייכטע ווענד, דער צימער האָט געהאט א שרעק־ליכען אויסזעהען. א שווערער גערוך פון דעם מיסט און אנדערע פער־דאָרבענע זאכען, צוזאמענגעמישט מיט דער פייכטקייט האָבען גע־קענט א געזונדען מענשען קראנק מאכען. די טאפעטען זיינען געווען בעשפריצט פון וויין און ביער און אין ערטער זיינען זיי געווען בעדעקט מיט ציפערן, וואו רעכנונגען זיינען געמאכט געוואָרען. אין דעם קאַ־מין איז געשטאנען א פולער פייער־טאָפּ מיט ברענענדע הילצערנע קוי־לען, וויל, כאָטש עס איז ניט געווען קאלט, איז דאָ אין אבענד געווען די לופט זעהר פייכט און מען האָט געמוזט האָבען פייער. און דאן האָט דאָ לעגרי שטענדיג געוואָרעמט זיין הייסען פונש און אָנגע־צונדען זיין ציגאר. דער אומעטיגער שיין פון דעם פייער האָט בעלויכ־טען דעם צימער און האָט נאָך מעהר ארויסגעגעבען זיין פינסטערן אנגיסזעהען. דאָ האָט מען געזעהען זאָטלען, צוימען, פערשיעדענע געשפאנען, רייט בייטשען, איבערציהערס און פערשיעדענע קליידער צוזעעט איבער'ן גאנצען צימער, און די הינד, פון וועלכע מיר האָבען שוין גערעדט, זיינען געווען די בעלי הבתים איבער די שמאטעס.

לעגרי האָט זיך יעצט געמישט זיין פונש און האָט געגאָסען וואַ־סער פון א צובראָכענעם טשייניק אָהן א נעזעל, דערביי ברומענדיג:

— א כאָלערא זאָל קומען אויף סאמבאָ, איצטער מיך אויפצור־רייצען געגען די נייע הענד! דער קערל וועט יעצט א גאנצע וואָך ניט קענען ארבייטען; גראָד אין דעם רעכטען סעזאָן!

— פונקט אזוי ווי דו, האָט געזאָגט א שטימע פון הינטער זיין שטוהל. דאָס איז געווען די פרוי קאסי, וועלכע האָט זיך צו איהם צו־גע'גנב'עט.

— אהא, דו, טייוועל, דו ביזט געקומען צוריק, ווי איך זעה?

— יעס, איך בין געקומען, האָט זי גענטפערט, און איך בין געקומען צו טהאָן ווי א י ך וויל!

— דו ליעגסט, דו חיה! איך וועל האַלטען מיין וואָרט. דו מוזט זיין א מענש, אָדער דו וועסט ארבייטען אין פעלד גלייך מיט יענע.

— איך וועל בעסער לעבען אין דער שמוציגסטער חורבה איידער אונטער דיין פוס!

— אָבער דו ביזט דאָך אונטער מיין פוס, האָט ער געזאָגט זיך ווענדענדיג צו איהר מיט א ווילדען בליק. דאָס איז שוין גוט. זעץ זיך בעסער אויף מיין קניע, מיין טהייערע און זיי א מענש, האָט ער צוגעזעצט ארויפליעגענדיג זיין האנד אויף איהר אָרעם.

— סיימאָן לעגרי, פּאַס אויף! האָט די פרוי געזאָגט מיט א שרעקליכען און ווילדען פייער אין איהרע אויגען. דו האָסט מורא פאַר מיר, סיימאָן, האָט זי קאַלט געזאָגט, און דו האָסט פאַר וואָס!

די לעצטע ווערטער האָט זי איהם אריינגעשיפּעט אין די אויערן.

— געה ארויס! האָט ער געזאָגט זי אָפּשטופּענדיג פון זיך און זיך פּיהלענדיג אונזיכער. נאָך אַלעמען, קאַסי, פאַר וואָס זאָלען מיר ניט זיין פריינד ווי מיר זיינען געוועזן?

— ווי מיר זיינען געוועזן! האָט זי ביטער געזאָגט. ווייטער האָט זי ניט געקענט זאָגען.

קאַסי האָט אַלע מאָל געהאַט א געוויסע ווירקונג איבער לעגרי'ן אזוי ווי א שטארק בעצויבערנדע פרוי קען האָבען אפילו איבער דעם ברוטאַלסטען מאַן. אָבער פון א צייט האָט ער בעמערקט אז זי איז געוואָרען אונרוהיג און האָט געוויזען סימנים פון ווילדקייט, כמעט פון משוגעת, און דערפאַר האָט ער מורא געהאַט. ווען לעגרי האָט געבראַכט עמעלינען אין הויז, איז קאַסי'ס פערביטערטע הארץ אָנ־געפיהלט געוואָרען מיט שמערץ און זי האָט זיך פאַר איהר אָנגענומען. דערפון איז געוואָרען א שרעקליכע קאַמפּף צווישען איהר און לעגרי'ן. לעגרי האָט פון רציחה געשוואָרן אז ער וועט זי שיקען ארבייטען אין פעלד, אויב זי וועט זיך מישען. קאַסי האָט איהם געזאָגט אז זי וועט געהן ארבייטען אין פעלד. און ווי מיר האָבען געזעהען האָט זי געאַרבייט איין טאָג אין פעלד.

דעם טאָג איז לעגרי געווען אונרוהיג. עפּעס האָט ער געהאַט א

מאָרגעם געהיימען געפיהל. ווען זי האָט געבראכט איהר קאָרב אר־בייט האָט ער פרובירט מיט איהר צו ריידען אין א איבערבעטענדיגען טאָן, אָבער זי האָט איהם געענטפערט מיט א גיפטיגע שטימע.

די מערדערישע בעהאַנדלונג געגען טאָם'ען האָט זי נאָך מעהר אויפגעקאָכט און זי איז געקומען בעצאָהלען דערפאר.

— איך וואָלט וועלען, קאַסי, אז דו זאָלסט זיך אויפפיהרען אנשטענדיגער.

— ד ו רעדסט וועגען אנשטענדיגער אויפפיהרונג! און וואָס האָסטו געטהאָן? דו, וועלכער האָט אפילו ניט גענוג שכל צו שאָנע־ווען איינעם פון דיינע בעסטע ארבייטער און נאָך גראָד אין דער צייט ווען דו דאַרפסט איהם אזוי נייטיג, און נאָר צוליעב דיין טייוועלשען נאַטור!

— איך בין געווען א נאַר, דאָס איז גאַנץ ריכטיג, צו לאָזען קומען צו אזא מחלוקה, האָט לעגרי געזאָגט, אָבער ווען דער קערל האָט זיך איינגע'עקשן'ט מוז מען איהם טאַמעווען.

— איך רעכען אז דו וועסט א י ה ם קיינמאָל ניט טאַמעווען.

— אזוי זאָגסטו? האָט זיך לעגרי אויפגעהויבען א צוקאָכטער, איך וואָלט עס וועלען זעהען! ער וואָלט געווען דער ערשטער נעגער וואָס וואָלט ביי מיר אויסגעפיהרט! איך וועל אין איהם צוברעכען יעדערן ביין, אָבער פאָלגען מוז ער!

אין דעם האָט זיך די טהיר אויפגעמאַכט און סאַמבאָ איז אריינגעקומען. ער איז צוגעגאַנגען זיך בוקענדיג און האַלטענדיג עפּעס אין דער האַנד איינגעוויקעלט אין א פּאַפּיער.

— וואָס איז דאָס, דו הונד? האָט לעגרי געפרעגט.

— עס איז עפּעס א כישוף'דיגע זאַך, מאַסטער!

— א וואָס?

— א זאַך וואָס נעגערס בעקומען פון כישוף־מאַכערס. דאָס פערהיט זיי פון שמערצען ווען זיי ווערען געשמיסען. ער האָט עס געהאַט ארומגעבונדען ארום זיין האַלז אויף א שווארצען שנירעל.

לעגרי איז געווען אבערגלויביש אזוי ווי אלע מערדערישע מענ־שען. ער האָט גענומען דעם פּאַפּיער און האָט איהם געעפענט מיט פּחד.

עס איז פון דאָרטען ארויסגעפאַלען א זילבערנער דאָלאר און א

לאַנגער לאָק שעהנע האָאַר, וועלכע האָבען זיך אַרומגעוויקעלט אַרום לעגרי'ס פינגערס.

— פערפלוכט זאָלסטו ווערען! האָט ער אויסגערופען האַלב טויט פאַר שרעק, רייסענדיג די האָאַר פון די פינגער, — רייס זיי אַראָפּ! פערברען זיי! צו וואָס האָסטו מיר דאָס געבראַכט. וואַרף זיי אַריין אין פייער. און שרייענדיג האָט ער אַרויפגעוואָרפען די האָאַר אויף די ברענענדע קויהלען.

סאַמבאָ איז געשטאַנען מיט איין אָפענעם מויל פאַר וואונדער, און קאַסי, וועלכע האָט געוואָלט אַרויסגעהן, איז געבליבען שטעהן און האָט איהם בעטראַכט מיט שטוינען.

— זאָלסט מיר ניט ברענגען אהער דיינע טייוועלשע זאַכען! האָט ער געזאָגט שאָקלענדיג זיין קולאַק געגען סאַמבאָ'ן, וועלכער האָט זיך שנעל צוגערוקט צו דער טהיר און האָט דורכגעוואָרפען דעם זילבערנעם דאָלאַר דורכ'ן פענסטער אין דער פינסטערער נאַכט.

סאַמבאָ איז געווען צופריעדען וואָס ער האָט זיך אָפּגעטראָגען. ווען ער איז אַרויס, האָט עס לעגרי'ן פערדראָסען, וואָס ער האָט געוויזען זיין שוואַכקייט. ער האָט זיך געזעצט בורטשענדיג אין שטוהל און האָט זיך צורעכט געמאַכט אַ נייע גלאָז פונש.

קאַסי איז אַרויסגעגאַנגען אונבעמערקט און איז געגאַנגען זעהען וואו טאָם איז און איהם צוגעבען הילף. ווי זי האָט עס געמאַכט האָבען מיר געזעהען.

די האָאַר האָבען זיין זיך אַ געשיכטע פון לעגרי'ס לעבען. ער איז געווען דער איינציגער זוהן ביי זיינע עלטערן. ער איז געווען געראָטהען אין זיין פאָטער, וועלכער האָט אויך געהאַט אַזאַ מערדערישען כאַראַקטער ווי ער. אָבער זיין מוטער איז געווען איין עדעלע פרוי און האָט געטהאָן אַלע מעגליכקייטען, אַז ער זאָל ניט זיין געראָטהען אין זיין פאָטער, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער אינגעל איז ער אוועק דיענען אויף אַ שיף, און פלעגט קומען איין מאָל אַ יאָהר אַהיים. און ווען ער פלעגט קומען פלעגט ער צוטהיילען דער אונגליקליכער מוטער צרות. איין מאָל איז ער געקומען אַהיים האָט ער געפונען זיין מוטער קראַנק. זי איז איהם געפאַלען צו די פיס און איהם געבעטען, אַז ער זאָל זיך פיהרען מענש־ליך, אנשטאַט דאָס האָט ער איהר דערלאַנגט אַ בריק מיט'ן פוס



לעגרי רייסט די האָר פון פינגער.

און איז אוועק. מעהר האָט ער זי ניט געזעהען. שפּעטער האָט ער ערהאַלטען אַ בריעף, אַז זיין מוטער איז טויט און זי פּערציייהט איהם זיין שלעכטקייט געגען איהר. אין בריעף האָט ער געפונען אַ לאָק בלאָנדע האָאָר פון זיין מוטער, וועלכע האָבען זיך ארומגעוויקעלט ארום זיינע פינגער גראַד ווי דעם מאָל. ער איז דאַמאַלס אויך אַזוי צושראָקען געוואָרען און האָט די האָאָר פערברענט. פון יענער צייט אָהן פלעגען איהם די האָאָר שטעהן שטענדיג פאַר די אויגען, סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט. ער פלעגט אָפט ארומלויפען אין צימער ווי אַ משוגענער און פלעגט רעדען וועגען די האָאָר. יעצט האָט זיך די גאַנ־צע געשיכטע ווידער אָפּגעפרישט.

— פּלאַצען זאָל עס! האָט לעגרי צו זיך זעלבסט געזאָגט, וואו האָט ער עס גענומען? עס האָט אויסגעזעהען פונקט — אוף! איך האָב געמיינט, אַז איך האָב שוין פערגעסען. אָבער עס פערגעסט זיך ניט! — עס איז מיר אומעטיג! איך רעכען אַז איך וועל רופען עמע'ן, — זי האַסט מיך, די מאַלפּע! אָבער וואָס ארט עס מיך. איך וועל זי מ א כ ע ן קומען!

לעגרי איז ארויסגעגאַנגען אין אַ גרויסען קאָרידאָר פון וועלכען אַ געדרעהטע טרעפּ האָט געפיהרט ארויף. אַ מאָל איז עס געווען אַ פּראַכטפאָלער ארויפגאַנג, אָבער יעצט איז עס געווען שמוציג און טרויעריג און איז געווען פערלייגט מיט פערפוילטע און פערראָסטעטע זאַכען. די טרעפּ האָבען געשיינט צו פיהרען ווער ווייס צו וועלכען פינסטערן פּלאַץ!

די בלייכע לבנה האָט אריינגעשיינט דורך אַ צובראָכע־נעם פענסטער און האָט בעלויכטען די טהיר. די לופט איז דאָ געווען אונגעזונד און קאַלט, אַזוי ווי אין אַ גרוב.

לעגרי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויבען אויף די טרעפּ און האָט גע־הערט אַ פרויען שטימע זינגען. די ליעד איז געווען איינע פון די טרויעריגע שקלאַווען־ליעדער.

— אַ שוואַרץ יאָהר אויף דער מיידעל! האָט לעגרי געברומט. איך וועל זי דערשטיקען! — עמע! עמע! האָט ער גערופען מיט אַ גראָבען קול, אָבער נאָר איין איראָנישער אָפּקלאַנג פון די ווענט האָט איהם געענטפערט, און די זיסע שטימע האָט ווייטער גע־זונגען.

לעגרי איז געבליבען שטעהן. איין אבערגלויבישער שרעק האָט איהם געפּאַקט. איהם האָט זיך געדוכט אז דער גייסט פון זיין מוטער וועט דאָ ערשיינען. און שוידערנדיג האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין זיין צימער.

— איך ווייס איין זאַך, האָט ער צו זיך געזאָגט, ווען ער איז געזעסען אויף זיין פּלאַץ, איך וועל דעם קערל לאָזען צופריעדען! וואָס האָב איך געוואָלט פון דיעזען פערפלוכטען פּאַפּיער? איך בין זיכער, אז איך בין בע'כשופ'ט! פון דאַן אָן ציטער איך און שוויץ! וואו האָט ער גענומען די האָאר? עס קענען ניט זיין י ע נ ע האָאר; איך האָב זיי פערברענט, דאָס איז זיכער. עס וואָלט געווען אַ שעה־נער שפּאַס אז האָאר זאָלען אויפשטעהן תחית המתים!

— הערט נאָר, האָט לעגרי געקלאַפּט און געפּייפט צו די הינט, שטעהט אויף און האלט מיט מיר געזעלשאַפט! אַבער די הינט האָ־בען נאָר געקוקט מיט האלב פערשלאָפענע אויגען און האָבען ווידער איינגעשלאָפען.

— איך וועל מוזען רופען סאַמבאָ און קימבאָ אהער, אז זיי זאָ־לען זינגען און טאַנצען איינע פון זייערע העלישע טענץ, צו פערטריי־בען דיעזע שרעקליכע חלומות, האָט לעגרי געזאָגט. ער האָט אָנגע־טהאָן זיין הוט און איז ארויסגעגאַנגען אויף דער וועראַנדא, דאָרטען האָט ער געבלאָזען אין אַ האָרן אז די צוויי שקלאַווען־טרייבער זאָלען קומען, וואָס ער פּלעגט אַלע מאָל טהאָן ווען ער האָט זיי געדאַרפט.

ווען לעגרי האָט זיך געוואָלט פריילעך מאַכען פּלעגט ער אַלע מאָל רופען זיינע צוויי תכשיטים אין זיין צימער. און נאָכדעם ווי ער פּלעגט זיי אָנוואַרעמען מיט בראַנפען, פּלעגט ער זיי לאָזען זינגען און טאַנצען אָדער זיך שלאָגען, ווערליג נאָך זיין חשק נאָך.

עס איז געווען צווישען איינס און צוויי אזייגער ביינאַכט ווען קאַסי איז געקומען צוריק פון דעם אָרימען טאָם'ען, ווי זי האָט גע־הערט דעם זינגען, טאַנצען און דעם בילען פון די הינט אין לעגרי'ס צימער.

זי איז אַרויפגעגאַנגען אויף דער וועראַנדא און האָט אַריינגעקוקט. לעגרי און זיינע צוויי טרייבערס זיינען געווען צוהיצט פון שכרות און האָבען געטאַנצט און געזונגען, איבערגעקעהרט טישען מיט שטוהלען און האָבען געמאַכט טווייעלשע גרימאַסען איינער צום אנדערן.

זי האָט ארויפגעליינט איהרע לייכטע הענד אויפ'ן פענסטער און האָט זיי שארף בעטראכט. א וועלט מיט ביטערקייט און קרענקונג איז געווען אין איהרע שווארצע אויגען. „וועט עס זיין א פערברעכען ווען די וועלט וועט פטור ווערען פון אזא אויסוואורף?" האָט זי צו זיך זעלבסט געזאָגט.

זי האָט זיך אומגעדרעהט און איז שנעל אוועק. זי איז אריין אין אַנאַנדער טהיר און איז פון דאָרטען ארויף די טרעפ און האָט אָנגע־קלאפט אין עמעלינעס טהיר.

---

זעקס־און־דרייסיגסטער קאפיטעל.

## עמעלינע און קאַסי.

קאַסי איז אריין אין צימער און האָט געפונען עמעלינען זיצענ־דיג אין א ווינקעל א בלייכע פאר שרעק.

ווען זי איז ארייגגעקומען האָט זיך די מיידעל אויפגעהויבען א דערשראָקענע, אָבער ווען זי האָט געזעהען ווער דאָס איז, איז זי איהר געלאָפען ענטקעגען און אָנכאפענדיג איהרע ארעמס האָט זי אויסגערופען: „אָה, קאַסי, דאָס זייט איהר? איך בין אזוי צו־פריעדען וואָס איהר זייט געקומען! איך האָב מורא געהאט אז דאָס איז — אָה, איהר ווייסט ניט וואָס פאר א שרעקליכער ליארם דאָרטען אונטען איז געווען דעם גאַנצען אָבענד!

— א י ך דארף עס וויסען, האָט קאַסי טרוקען געזאָגט. איך האָב עס אָפט גענוג געהערט.

— אָ, קאַסי, זאָגט מיר, קענען מיר ניט אוועק פון דאַנען? עס ארט מיך ניט וואוהין, — אין זומפּ צווישען די שלאַנגען, — וואו עס איז! ק ע נ ע ן מיר אין ע ר ג ע ץ ניט אוועק?

— אין ערגעץ, נאָר אין קבר, האָט קאַסי געענטפערט.

— האָט איהר שוין אמאָל פּרובירט?

— איך האָב שוין געזעהען א סך פּראָבעס, און וואָס ווערט דערפון, האָט קאַסי געענטפערט.

— איך וואָלט בעסער וועלען לעבען אין די זומפּען און בייסען די קאָרעס פון די בוימער. איך האָב מורא פאַר שלענג ! איך וואָלט אָבער בעסער האָבען אַ שלאַנג נעבען זיך, איידער איהם, האָט עמעלינע מיט היץ געזאָגט.

— עס זיינען שוין דאָ געוועזען אַ סך מיט דיין מיינונג, האָט קאַסי געזאָגט, אָבער אין די זומפּען קענסטו ניט בלייבען, מען וואָלט דיך ברענגען צוריק מיט די הינט און דאַן — דאַן —

— וואָס וואָלט ער טהאָן ? האָט די מיידעל געפרעגט קוקענדיג אין איהר פּנים מיט שפּאַנענדער ערוואַרטונג.

— בעסער פרעג, וואָס וואָלט ער נ י ט געטהאָן, האָט קאַסי געזאָגט. ער האָט זיין מלאכה גוט געלערנט צווישען די ים־רויבערס אין וועסט אינדיען. דו וואָלסט ניט פיעל געשלאָפען ווען איך וואָלט דיר דערציילען פון די זאַכען וואָס איך האָב געזעהען, זאַכען, וועלכע ער דערציילט אַמאָל פאַר אַ גוטען שפּאַס. איך האָב דאָ געהערט קולות, וועלכע האָבען מיר געקלונגען אין קאָפּ וואָכענלאַנג, דאָרט נעבען די חורבות איז דאָ אַ פּלאַץ, וואו דו קענסט זעהען אַ שוואַרצען פערסמאַלעמטען בוים און די ערד ארום איהם אין גאַנצען בעדעקט מיט אַש. און פרעג איינעם פון די שקלאַווען וואָס ער האָט דאָרטען געזעהען, וועסטו זעהען אויב ער וועט וואַגען צו דערציילען.

— אָה, וואָס מיינט איהר ?

— איך וויל דיר דאָס ניט דערציילען. איך וויל גאָרניט דענקען וועגען דעם. און איך קען דיר זאָגען, אז גאָט ווייס וואָס מיר וועלען זעהען מאָרגען, אויב דיעזער אָרימער נפש וועט ווייטער טהאָן דאָס זעלבע.

— שרעקליך ! האָט עמעלינע אויסגערופען און איז געוואָרען שרעקליך בלייך. אָה, קאַסי, זאָגט מיר וואָס זאָל איך טהאָן !

— דאָס וואָס איך האָב געטהאָן. טהו וואָס דו קענסט, טהו וואָס דו מוזט — און ענטפער מיט האַס און מיט פלוך !

— ער האָט געוואָלט, אז איך זאָל טרינקען זיין העסליכען בראַנפען, האָט עמעלינע געזאָגט, און איך האָס עס אַזוי —

— זאָלסט בעסער טרינקען, האָט קאַסי געזאָגט. איך האָב עס אויך געהאַסט, און יעצט קען איך אָהן דעם ניט לעבען. מען מוז עפּעס האָבען. די זאַכען זיינען ניט אַזוי שרעקליך ווען מען נעהמט זיי.

— מיין מוטער פלעגט מיר זאָגען, אז איך זאָל קיינמאָל ניט אַנריהרען אזעלכע זאַכען, האָט עמעלינע געזאָגט.

— די מוטער האָט דיר געזאָגט, האָט קאַסי געזאָגט מיט א ביטערער און שארפער בעטאָנונג אויף דעם וואָרט מוטער. וועלכען צוועק האָט עס איבערהויפּט וואָס מוטערס זאָגען ? אלעס וואָס דו ביזט איז צו פערקויפען און דיין לייב און זעעלע בעלאַנגט צו דעם וואָס קויפט דיך. אזוי גערט עס. איך זאָג טרינק בראַנפען ; טרינק וויפיעל דו קענסט און עס וועט דיר זיין לייכטער צו פערטראָגען.

— אָה, קאַסי, האָט מיטלייד מיט מיר !

— מיטלייד האָבען מיט דיר ! טהו איך דאָס ניט ? האָב איך ניט א טאָכטער, — גאָט ווייס וואו זי איז, און וועמעס זי איז, — געהט יעצט דענזעלבען וועג וואָס איהר מוטער איז געגאַנגען, דענק איך, און איהרע קינדער וועלען געהן איהר וועג ! עס גיבט גאָר קיין סוף צו דער קללה — עס איז אייביג !

— הלוואי וואָלט איך קיינמאָל ניט געבאָרן געוואָרען, האָט עמע־לינע געזאָגט ברעכענדיג די הענד.

— דאָס איז מיין אַלטער וואונש, האָט קאַסי געזאָגט. איך בין שוין געוואוינט געוואָרען דאָס צו ווינשען. קאַסי האָט דערביי געקוקט אין דער פינסטערער נאַכט מיט א פערצווייפעלטען בליק.

— עס וואָלט געווען א זינד זיך אליין צו נעהמען דאָס לעבען, האָט עמעלינע געזאָגט.

— איך ווייס ניט פאר וואָס, — דאָך ניט זינדיגער פאר אנדערע זאַכען וואָס מיר טהוען אַלע טאָג.

עמעלינע האָט זיך אָפּגעקעהרט און האָט פערדעקט איהר פּנים מיט די הענד.

ווערענד דיעזער אונטערהאלטונג האָט זיך דער קארגיוואל אין לעגרי'ס צימער געענדיגט. לעגרי האָט זיך קיינמאָל ניט אָנגע'שיכור'ט אזוי ווייט, אז ער זאָל פערלירען דעם שכל, אָבער היינטיגען מאָל איז ער געווען אזוי צושראָקען דאָס ער האָט זיך גוט אָנגע'שכור'ט. ווען זיינע צוויי קאָלעגען זיינען ארויס איז ער אנידערגעפאלען און איז גלייך איינגעשלאָפען ווי א טויטער. ער האָט געהאט שרעקליכע חלומות. דאָ האָט זיך איהם גע'חלומ'ט פון זיין מוטער און די

האָאר ארום זיינע פינגער. . אזוי איז געגאנגען די גאנצע נאכט ביז ער איז אויפגעוואכט.

זיין ערשטע זאך איז געווען א גלאָז בראנפען, ווען ער האָט זיך אביסעל אָפּגעפרישט איז קאסי אריינגעקומען.

— איך האָב געהאַט א העללישע נאכט האָט ער געזאָגט צו קאסי.

— ווערסט נאָך האָבען א סך אזעלכע נעכט אין קורצען האָט זי טרוקען געזאָגט.

— וואָס מיינסטו, דערמיט, דו שליוכע ?

— דו ווערסט עס אין גיכען אויסגעפינען, האָט זי געענטפערט אין דענזעלבען טאָן. איצטער סיימאָן, האָב איך דיר צו געבען א שטיקעל ראטה.

— צום טייוועל מיט דיין ראטה !

— מיין ראטה איז, האָט זי געזאָגט זיך ארומדרעהענדיג אין ציי־מער, אז דו זאָלסט לאָזען צופריערען טאָמ'ען.

— וואָס האָט דאָס צו טהאָן מיט דיר ?

— וואָס ? צו נעהמען א מענשען, פאר וועלכען דו האָסט בעצאָהלט צוועלף הונדערט דאָלאר און איהם מאכען אונפעהיג צו דער ארבייט גראד אין רעכטען סעזאָן נאר צוליעב דיין רציחה, — זאָל עס מיך ניט אָנגעהן ? איך האָב פאר איהם געטהאָן וואָס איך האָב געקענט.

— וואָס האָסטו געטהאָן ? וואָס האָסטו זיך צו מישען אין מיי־נע עסקים ?

— געוויס, איז עס ניט מיין עסק. איך האָב דיר איינגעשפּאָרט שעהנע עטליכע טויזענד דאָלארס אין פערשיעדענע וועגען מיט דעם וואָס איך האָב געהיילט דיינע לייט, — דאָס איז דער גאנצער דאנק וואָס איך בעקום. דו ווילסט דאָך ניט אז דיין תבואה זאָל היינטיגען יאָהר זיין ווענינער ווי ביי די אַנדערע. און דעם ווערט ווילסטו דאָך אויך ניט פערלירען.

אזוי ווי פערשיעדענע אַנדערע פלאַנצערס, האָט לעגרי אויך געהאַט די אַמביציע צו ברענגען אין מארק וואָס מעהר תבואה. דערצו האָט ער זיך נאָך מיט אַנאנדער פלאַנצער געוועט אז ער וועט האָבען

מעהר פאר איהם. קאסי האט דערפאר אנגעריהרט זיין איינציגע סטרונע וועלכע האט אפגעקלונגען.

— וועל, דעם מאל וועל איך איהם לאזען אפקומען מיט דעם וואס ער האט בעקומען, האט לעגרי געזאגט, אבער ער דארף ביי מיר בעטען פערצייהונג און פערשפרעכען אז ער וועט ווערען בעסער.

— דאס וועט ער ניט טהאן, האט קאסי געזאגט.

— אזוי ! מאקי ?

— איך זאג דיר אז ניין, האט קאסי וויעדערהאלט.

— איך וואלט וועלען וויסען פ א ר ו ו א ס, מיסעס, האט לעגרי געזאגט אין גרויסען צארן.

— ווייל ער האט געהאנדעלט ריכטיג, און ער וויים עס, און ער וועט ניט זאגען אז ער האט געהאנדעלט שלעכט.

— וועלכער טייוועל קימערט זיך וועגען דעם וואס ער וויים ? דער נעגער דארף טהאן וואס מיר געפעהלט אדער —

— אדער דו וועסט פערליערען דיין וועט אויף דער תבואה אויב דו וועסט איהם צוריקהאלטען פון פעלד אין סעזאן.

— אבער ער ו ו ע ט נאכגעבען. וויים איך דען ניט וואס נעגערס זיינען ?

— סיימאן, ער וועט ניט נאכגעבען. דעם סארט נעגערס קענסטו ניט. דו קענסט איהם טויטען שטיקערווייז, — וועסטו ביי איהם ניט ארויסקריעגען קיין איין ווארט.

— מיר וועלען זעהען. וואו איז ער ? האט לעגרי געפרעגט ארויסגעהענדיג.

— אין דער אלטער חורבה, האט קאסי געענטפערט.

כאטש לעגרי האט גערעדט צו קאסי אין א הארטען טאן, האט ער זיך דאך ניט געפיהלט אזוי זיכער, אז ער וועט אויספיהרען ביי טאם'ען. ער האט זיך אלזא בעשלאסען, אז אויב טאם וועט ניט נאכגעבען, וועט ער לאזען די ראכע אויף א פאסענדערע צייט, ווען עס וועט זיין וועניגער ארבייט.

טאם איז געלעגען אויף דענזעלבען פלאץ, אבער די שמערצען זיינען געווען וועניגער. אין זיין עהרליכער הארץ האט ער בעשלאסען אז עס קען קומען וואס עס וויל, וועט ער קיין אונרעכט ניט טהאן.

ווען ער האָט געהערט זיין פייניגער קומען האָט ער ניט געציטערט און האָט זיך ניט געשראָקען. ער איז געווען געפאַסט אויף אַלעס.

— וועל, מיין יונג, האָט לעגרי געזאָגט דערלאַנגענדיג טאָם'ען א שטויס מיט'ן פוס, ווי פיהלסטו זיך ? האָב איך דיר ניט געזאָגט, אז איך קען דיר געבען א פּאָאַר לעקציעס, ווי געפעהלט עס דיר, הא ? ווי האָט דיר געשמעקט די פּאַרציע, טאָם ? ביזט שוין ניט אַזוי איינגעשפּאַרט ווי דו ביזט געווען נעכטען. וואָלסטו נאָך געקענט פּרעדיגען פאַר זינדיגע נשמות — עה ?

טאָם האָט ניט געענטפערט.

— שטעה אויף, דו חיה ! האָט לעגרי געזאָגט דערלאַנגענדיג איהם נאָך א שטויס מיט'ן פוס.

דאָס איז געווען א שווערע זאַך צו טהאָן פאַר א צו'הרג'עטען און אָפּגעשוואַכטען, און אלס טאָם האָט זיך געמאַטערט אויפצושטעהן, האָט לעגרי ברוטאַליש געלאַכט.

— וואָס ביזטו היינט אַזוי שטייף, טאָם ? האָסט זיך אוודאי פערקיהלט לעצטע נאַכט.

ביי דיעזע ווערטער איז שוין טאָם געשטאַנען אויף די פיס און האָט אָנגעקוקט זיין מאַסטער מיט א פעסטען און רוהיגען בליק.

— צום טייוועל, אָבער קענסטו אויסהאַלטען ! האָט לעגרי געזאָגט איהם בעטראַכטענדיג. איך דענק, אז דו האָסט נאָך ניט בעקומען גענוג. יעצט, טאָם שטעל זיך אויף די קניע און בעט אום פערצייהונג פאַר דיינע נעכטיגע שטיק.

טאָם האָט זיך ניט געריהרט.

— אַנידער, דו הונד ! האָט לעגרי גערעוועט איהם דערלאַנ־גענדיג מיט דער בייטש.

— מאַסטער לעגרי, האָט טאָם געזאָגט, איך קען דאָס ניט טהאָן. איך האָב געטהאָן דאָס וואָס איך האָב געפונען פאַר רעכט. איך וועל עס נאָך א מאָל טהאָן ווען עס זאָל קומען דערצו. איך וועל קיינמאָל ניט טהאָן קיין גרויזאַמע זאַך, עס מעג זיין וואָס עס וויל.

— אָבער דו ווייסט ניט וואָס עס קען קומען, מאַסטער טאָם, דו מיינסט, אז דאָס וואָס דו האָסט בעקומען איז עפּעס ; דאָס איז נאָרניט. ווי ווער עס דיר געפעלען, אז מען וועט דיך צובינדען צו



לעגרי הייסט טאָם'ן זיך שטעלען אויף די קניע און בעטען אום פערציייהונג.

אַ בוים און מאַכען אַרום דיר אַ קליינעם פייער, — וועסטו ניט האָבען פערגניגען דערפון, טאַם ?

— מאַסטער, האָט טאַם געזאָגט, איך ווייס אַז איהר קענט טהאָן שרעקליכע זאַכען, און איהר קענט מיך מעהר ניט ווי הרג'ענען. אָבער עס איז דאָ אַ יענע וועלט !

לעגרי האָט געקריצט מיט די ציינער און ער האָט קוים איינגעהאַלטען זיין כעס. און טאָם האָט ווייטער געזאָגט.

— מאַסטער לעגרי, אַזוי ווי איהר האָט מיך געקויפט וועל איך זיין צו אייך אַ טרייער און ערגעבענער דיענער. איך וועל אַרבייטען פאַר אייך מיט אַלע מיינע קרעפטען. מיין נשמה אָבער קענט איהר פון מיר ניט נעהמען. איהר קענט מיך שמייסען, מיך פערהונגערן, מיך פערברענען, — עס וועט מיך נאָר שיקען גיכער אהין וואו איך וויל געהן.

— איך וועל דיך צווינגען ! האָט לעגרי געזאָגט מיט רציחה.

— מען וועט מיר העלפען, האָט טאָם געזאָגט, איהר וועט עס קיינמאָל ניט פועל'ען.

— וועלכער טייוועל וועט דיר העלפען ? האָט לעגרי געזאָגט מיט צאָרן.

— גאָט דער אַלמעכטיגער ! האָט טאָם געענטפערט.

— געה צום טייוועל ! האָט לעגרי אויסגערופען און מיט איין קלאַפּ פון פויסט האָט ער טאָם'ען אויסגעצויגען אויף דער ערד.

אַ קאַלטע ווייכע האַנד איז דאָ געפאַלען אויף לעגרי'ס האַנד. ער האָט זיך אויסגעדרעהט און האָט דערזעהען קאַסי'ן.

— ווילסטו זיין אַ נאַר ? האָט זי געזאָגט אין פראַנצויזיש. לאָז איהם אָפּ ! לאָז איהם מיר, אַז איך זאָל איהם מאַכען פעהיג צו געהן אין פעלד. האָסטו פערגעסען וואָס איך האָב דיר געזאָגט.

מען זאָגט, אַז דער אַליגאַטאָר, דער רינאָצעראָס האָבען אויף זיך אַ ניט דורכדרינגליכען פאַנצער, וועלכער שיצט זיי פון קוילען, דאָך האָבען זיי אַ פּלאַץ, וואו מען קען צו זיי צוקומען, און די מערדערישע און בעסטיאַלישע מענשען האָבען דעם פּלאַץ אין זייער אָבערגלויבישען שרעק.

לעגרי האָט זיך אָפּגעקעהרט זיך בעשליסענדיג דאָס צו לאָזען אויף אַנאַנדער צייט.

— וועל, מאַך ווי דו פערשטעהסט, האָט ער געזאָגט צו קאַסי׳ן מיט פערביסענע צייהן.

— אָבער דו זאָלסט וויסען, האָט ער געזאָגט צו טאָם׳ען. איך וויל דיך איצטער לאָזען, ווייל איך האָב פיעל ארבייט און דארף האָבען אַלע מיינע הענד, אָבער איך פ ע ר ג ע ס קיינמאָל נים. איך וועל זיך נאָך נעהמען צו דיר און וועל ארויסשלאָגען מיין שאָדען פון דיין שווארצען פעל ! זאָלסט עס געדענקען !

ער האָט זיך אויסגעדרעהט און איז אוועק.

— געה, געה, האָט קאַסי געזאָגט קוקענדיג אויף איהם מיט פינסטערע אויגען. דיין אָפּרעכנונג וועט באַלד קומען ! מיין ארימער קערל ! ווי פיהלסטו זיך ?

— איהר האָט דעם מאָל פערשלאָסען דעם לייב׳ס מויל, האָט טאָם געזאָגט.

— יעס, פאַר ד ע ם מאָל, האָט קאַסי געזאָגט, יעצט אָבער האָסטו איהם געגען זיך. ער וועט דיר איצטער נאָך געהן טאָג ביי טאָג און וועט הענגען אויף דיין האלז ווי א הונד, זויגענדיג דיין בלוט טראָפּען ביי טראָפּען. איך קען דעם מאַן.

---

זיעבען־און־דרייסיגסטער קאפּיטעל.

פרייהיים.

מיר מוזען לאָזען טאָם׳ען אין זיינע פערפאָלגערס הענד און זיך אומקעהרען צו אונזערע אַלטע פריינד דזשאָרדזש מיט זיין פרוי עליזע, וועמען מיר האָבען געלאָזען אין א פארם הויז אויפ׳ן שליאַך.

טאָם לאָקער׳ן האָבען מיר געלאָזען קרעכצענדיג אין א ריינע בעט און אויפגעווארטעט פון טאנטע דארקאס.

טאנטע דאָרקאס איז געווען א הויכע שטאטקאָווגע פרוי, זעהר ריין געקליידעט און האָט ארומגעטאנצט ארום דעם פערוואונדעטען אזוי ווי ער וואָלט געווען איין איינענער.

— צום טייוועל ! האָט טאָם געזאָגט אַראָפּוואַרפענדיג פון זיך דעם צודעק.

— איך בעט דיך, טהאָמאַס, אַז דו זאָלסט ניט געברויכען גראָבע ווערטער, האָט טאַנטע דאָרקאַס געזאָגט, וועהרענד זי האָט רוהיג צורעכט געמאַכט די בעט.

— איך וועל עס ניט טהאָן, טאַנטע, אויב איך וועל עס קענען אויספיהרען, האָט טאָם געזאָגט. אָבער ווי זאָל מען ניט פלוכען, ווען עס איז אַזוי פערטייוועלט הייס !

דאָרקאַס האָט אַראָפּגענומען די איבריגע וואַרעמע זאַכען פון בעט און האָט איהם צורעכט געמאַכט, אַז עס זאָל איהם זיין קיהלער. דאַן האָט זי בעמערקט :

— איך וואָלט וועלען, פריינד, אַז דו זאָלסט אויפהערען צו שעל־טען און פלוכען און זאָלסט בעסער דענקען אַרום זיך.

— צו וועלכען טייוועל, האָט טאָם געזאָגט, זאָל איך דענקען וועגען זיך ? פאַר זיך איז דאָס וועניגסטע וואָס איך דענק. און ער האָט דערביי ווייטער צוראַיעט די בעט.

— דער קערל מיט דער פרוי מוזען אודאי זיין דאָ, האָט ער נאָך אַ קורצער ווייל̇ע בּמורנע געזאָגט.

— זיי זיינען דאָ, האָט דאָרקאַס געענטפערט.

— עס וואָלט געווען בעסער אַז זיי זאָלען זיין ביים טייך, האָט טאָם געזאָגט, און וואָס גיכער, איז בעסער.

— וואהרשיינליך וועלען זיי אַזוי טהאָן, האָט טאַנטע דאָרקאַס געזאָגט רוהיג שטריקענדיג.

— און פערגעסט ניט, האָט טאָם געזאָגט, אַז מ'יר האָבען קאָרעספּאָנדענטען אין סאַנדאָסקי, וועלכע היטען פאַר אונז די שיפען. עס אַרט מיך ניט וואָס איך דערצעהל אייך דאָס. איך האָף אַז זיי וועלען ענטלויפען אויף להכעיס דעם פערפלוכטען מאַרקס, זאָל איהם דער שוואַרץ יאָהר נעהמען !

— טהאָמאַס ! האָט טאַנטע דאָרקאַס געזאָגט.

— איך זאָג אייך, מאַמעלע, ווען איהר וויקעלט איין אַזוי אַ קערל ווי מיך קען איך נאָך פּלאַצען פון היץ. — וועגען דער פרוי, מוז איך אייך זאָגען, אַז איהר זאָלט זי פערקליידען, דען אין סאַנדאָסקי האָבען זיי איהר בעשרייבונג, ווי זי זעהט אויס.

— מיר וועלען שוין דאָס בעזאָרגען אַקוראַט, האָט דאָרקאַס גלייכגילטיג געזאָגט.

אַזוי ווי מיר פערלאָזען דאָ טאָם'ען אין גאַנצען, מוזען מיר שוין אין איין וועג דערצעהלען, אַז נאָכדעם ווי ער איז דאָ אָפּגעלעגען ניין וואָכען איז ער אויפגעשטאַנען פון בעט אַ נייער מענש. אַנשטאָט צו זיין אַ שקלאַווען-יעגער, האָט ער זיך דאָ בעזעצט און איז געוואָרען אַ יעגער נאָך וועלף און בערען, וועלכע זיינען דאָ געווען זעהר פיעל אין די וועלדער. ער האָט זיך נאָכהער געקויפט אַ פאַרם און איז געוואָרען אַ גוטער פריינד פון די קוועקערס.

אַזוי ווי טאָם לאָקער האָט געזאָגט, אַז מען וועט די גאַנצע פאַרטיע היטען אין סאַנדאָסקי, האָט מען געפונען פאַר נעטהיג זיי צו טהיילען. דזשים מיט זיין מוטער האָט מען אוועקגעשיקט פאַראויס, אין אַ פּאָאַר טעג שפּעטער האָט מען דזשאָרדזש'ען און עליזאַ'ן מיט זייער קינד אוועקגעפיהרט אין סאַנדאָסקי און דאָרטען זיי אָפּגעשטעלט אין אַ פריינדליכע הויז פון וואַנען זיי האָבען געדאַרפט נעהמען די שיף.

זייער נאַכט איז שוין אוועק און דער מאָרגען שטערן פון פרייהייט איז געווען בעפאָר זיי. פרייהייט! — עלעקטרישער וואָרט! וואָס איז דאָס? פאַר וואָס, מענער און פרויען פון אַמעריקאַ, ציטערט אייער האַרץ ביי דיעזען וואָרט, פאַר וועלכען אייערע פּאַטערס האָבען געבלוטיגט און אייערע מוטערס האָבען איינגעוויליגט אוועקצוגעבען זייערע בעסטע און זייערע איידעלסטע צום טויט?

פאַר וואָס זאָל ניט זיין הייליג און טהייער פאַר איין מאַן, וואָס איז הייליג פאַר אַ נאַציאָן? איז ניט פרייהייט פאַר אַ נאַציאָן די פרייהייט פאַר דעם איינציגען מאַן? וואָס איז פרייהייט צו דעם יונגען מאַן, וועלכער זיצט דאָרטען מיט פערלייגטע הענד אויף דער ברוסט, מיט דער פאַרב פון אַפריקאַנער בלוט אין זיינע באַקען, זיין טונקעלער פייער אין זיינע אויגען, — וואָס איז פרייהייט צו דזשאָרדזש הערים? צו אייערע עלטערן איז פרייהייט געווען דאָס רעכט פון אַ נאַציאָן צו זיין אַ נאַציאָן. צו איהם איז עס דאָס רעכט פון אַ מאַן צו זיין אַ מאַן און ניט אַ ווילדע חיה; דאָס רעכט צו רופען די פרוי פון זיין ברוסט זיין פרוי, און זי צו בעשיצען געגען אונגעזעצליכען אַנגריף; דאָס רעכט צו בעשיצען און צו ערציעהען זיין קינד; דאָס

רעכט צו האָבען זיי אייגענע היים, זיין אייגענעם כאראקטער און ניט זיין אונטערוואָרפען אונטער דעם ווילען פון אנאנדערן.

אלע דיעזע געדאנקען האָבען זיך גערדרעהט און געקאָכט אין דזשאָרדזש'עס ברוסט ווען ער איז געזעסען נאָכדענקענדיג דעם קאָפּ אָנגעשפּארט אויף זיין האנד קוקענדיג אויף זיין פרוי ווי זי האָט ארויפגעצויגען מענער קליידער אויף איהר דעליקאטנער און שעהנער געשטאַלט, אום צו מאכען זיכער זייער ענטלויפען.

— יעצט צו דעם עסק, האָט זי געזאָגט, ווען זי איז געשטאַנען פאר'ן שפּיעגעל און האָט צולאָזען איהרע פולע, לאַנגע, זיידענ'ע געקרייזעלטע האָאר. וואָס זאָגסטו, דזשאָרדזש, איז עס ניט א צער, האָט זי געזאָגט האַלטענדיג א הויפען פון די האָאר זיך שפּילענדיג מיט זיי — איז עס ניט א מיטלייד דאָס אלעס אָפּצושערען?

דזשאָרדזש האָט טרויריג געשמייכעלט און האָט גאָר ניט געזאָגט.

עליזא האָט זיך צוגעקעהרט צום שפּיעגעל און די שער האָט גע־בלישצעט ווען די לאַנגע לאָקען זיינען אראָפּגעשניטען געוואָרען פון קאָפּ איינער נאָך דעם אנדערן.

— עס איז פארטיג האָט זי געזאָגט נעהמענדיג א האָאר בערש־טעל אין דער האנד. בין איך ניט א שעהנער יונגער איינגעל? האָט זי געזאָגט לאַכענדיג צו איהר מאַן און איז אין דערזעלבער צייט רויט געוואָרען.

— דו ווערסט אלע מאָל זיין שעהן, קענסט מאכען וואָס דו ווילסט, האָט דזשאָרדזש געזאָגט.

— וואָס מאכט דיך אזוי טרויריג? האָט זי געזאָגט זיך שטע־לענדיג אויף איין קניע און אנידערלייגענדיג איהר קאָפּ אויף זיינע. מיר זיינען נאָר פיער און צוואַנציג שטונדען פון קאנאדא, ווי זיי זאָגען. נאָך א טאָג מיט א נאכט אויפ'ן לאַק (אָזערא) און דאַן, — אָה, דאַן! —

— אָה, עליזא! האָט דזשאָרדזש אויסגערופען, אָט דאָס איז עס! מיין גאַנצער שיקזאַל הענגט יעצט אָפּ פון איין פּונקט. צו זיין אזוי נאָהענט פון איהם, כמעט פאר די אויגען, און דאַן פערליערען אלעס. ווען דאָס זאָל פּאסירען, עליזא, לעב איך ניט!

— האָב קיין מורא ניט, האָט זיין פרוי געזאָגט מיט א מינע פון האָפנונג. מיר וועלען אריבער בשלום.

— דו ביזט א געבענשטע פרוי, עליזא ! האָט ער געזאָגט זי ארומכאפּענדיג מיט היץ. אָבער, אָה, זאָג מיר, קענען מיר דער־לעבען אזא גן־עדן ? וועט זיין א סוף פון דיעזע יסורים, פון דיעזע לאַנג־יאָהריגע יסורים ? וועלען מיר טאקע זיין פריי ?

— איך בין זיכער, דזשאָרדזש, האָט עליזא געזאָגט מיט טרעה־רען און מיט פולער האָפנונג אין די אויגען. איך פיהל עס אין מיר, אז גאָט וועט אונז בעפרייען פון דער שקלאַווערייע און טאקע היינט !

— איך וועל דיר גלויבען, עליזא, האָט דזשאָרדזש געזאָגט זיך פּלוצלונג אויפהייבענדיג. איך וועל דיר גלויבען, — קום לאָמיר אוועק. וועל, האָט ער געזאָגט זי בעטראַכטענדיג פון וויטען, דו ביזט וואירקליך א שעהנער בחור. דיעזע קורצע לאָקען פּאסען דיר זעהר גוט, טהו נאָר אָן דיין הוטעל. אזוי, אביסעל אויף א זייט. איך האָב דיך נאָך קיינמאָל ניט געזעהען אזוי שעהן. אָבער עס איז שוין צייט פאר׳ן וואָגען. איך וואָלט וועלען וויסען אויב מיסעס סמיטה האָט שוין אָנגעטהאָן העררי׳ן.

די טהיר האָט זיך געעפענט און א רעספּעקטאבלע פרוי אין מי־טעלע יאָהרען האָט ארייגעפיהרט העררי׳ן אין מיידעלשע קליידלעך.

— זעה נאָר וואָס פאר א שעהנע מיידעלע ער שטעלט פאָר, האָט עליזא געזאָגט איהם ארומדרעהענדיג. זעהסטו, מיר וועלען איהם רופען העריעט, דער נאָמען פּאסט איהם אויסגעצייכענט, ניט אזוי ?

דאָס קינד איז געשטאַנען און האָט ערנסט בעטראַכט זיין מוטער אין איהר מאָדנער מאסקירונג און האָט געשוויגען, ער האָט נאָר גע־זיפצט און האָט אויף איהר שטענדיג געקוקט פון הינטער זיינע שוואר־צע לאָקען.

— דערקענסטו דיין מאמען, העררי ? האָט עליזא געזאָגט אויס־שטרעקענדיג צו איהם די הענד.

דאָס קינד האָט זיך שרעקענדיג צוגעטוליעט צו דער מוטער.

— צו וואָס דארפסטו אויפרעגען דאָס קינד, עליזא, ווען דו ווייסט, אז ער דארף ניט זיין נעבען דיר ?

**— איך ווייס, אז עס איז נאריש, אָבער עס איז מיר דאָך שווער,**



עליזא שערט זיך אפ די האאר.

איהם ניט צו האָבען נעבען זיך. אָבער לאָמיר געהן. וואו איז מיין איבערציהער, דזשאָרדזש ? ווי טהוען איהם מענער אָן ?

— דו מוזט מאַכען אַזוי, האָט איהר מאַן געזאָגט ארויפלייגענ־דיג דעם מאַנטעל אויף זיינע שולטערס.

— אַלזאָ אַזוי, האָט עליזא געזאָגט נאָכמאַכענדיג איהר מאַן. יעצט מוז איך געהן ווי אַ מאַן. מאַכען גרויסע טריט און זיך האַלטען שטייף.

— דאַרפסט זיך ניט איינאַיבען, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, דען עס געבען פיעלע יונגע לייט, וועלכע האָבען פרויען מאַניערען און איך דענק אַז עס וואָלט געווען פיעל לייכטער פאַר דיר זיי נאָכצו־מאַכען.

— אָבער זעה נאָר דיעזע האַנדשוה ? גאָט זאָל זיך ערבאַרמען ! מיינע הענד בעהאַלטען זיך דאָך אין זיי !

— און איך ראַטה דיר אַז דו זאָלסט זיי טראָגען, דען דיין קליינע לאַפּע קען אונז נאָך פערראַטהען, האָט דזשאָרדזש געזאָגט. איהר מיסעס סמיטה, איהר זייט איצטער אונטער אונזער פיהרונג, און איהר זייט אונזער טאַנטע ; איהר זייט דאָך איינפערשטאַנען ?

— איך האָב געהערט, האָט מיסעס סמיטה געזאָגט, אַז מענער זיינען געווען אויף די שיפען און האָבען געוואַרנט אַלע קאַפּיטאַנען געגען אַ יונגע פּאָאַר פאַלק מיט אַ קליינעם איינגעל.

— אַזוי ! האָט דזשאָרדזש געזאָגט, נו, אַז מיר וועלען זעהען אַזעלכע לייט וועלען מיר זיי זאָגען.

אַ וואָגען האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טהיר, און די פריינד־ליכע פאַמיליע, וואָס האָט די ענטלויפערס אַזוי פיין אויפגענומען האָט זיך דאָ פערזאַמעלט צו נעהמען פון זיי אַפּשיעד.

דער וואָגען איז אַוועק צום האַפען. די צוויי יונגע לייט, נאָך זייער אויסזעהען, זיינען אַרויף אויפ'ן בריקעל פון שיף און זיינען באַלד געווען אויפ'ן שיף. עליזא האָט געגעבען איהר אָרעם צו מי־סעס סמיטה און דזשאָרדזש האָט זיך בעשעפטיגט מיט'ן באַגאַזש.

דזשאָרדזש איז געשטאַנען אין דעם קאַפּיטאַנס אָפיס צו בעצאָה־לען פאַר דער רייזע, ווען ער האָט דערהערט צוויי מענער ריידענדיג ניט וויים פון זיך.

— איך האָב געהיט יעדערן וואָס איז אַרויף אויפ'ן שיף, האָט

איינער געזאָגט, און איך בין זיכער, אז זיי זיינען ניט אויף דער שיף.

די שטימע איז געווען פון א קלערק פון דער שיף. דער, צו וועמען ער האָט גערעדט, איז געווען אונזער אלטער בעקאַנטער מארקס, וועלכער איז געקומען אהער צו געפינען מענשען, וועלכע ער וואָלט געוואָלט אויפפרעסען.

— מען קען די פרוי קוים אונטערשיידען פון א ווייסע, האָט מארקס געזאָגט. דער מאַן איז זעהר א העלער מולאטאָ און ער האָט א צייכען אויף א האנד.

די האנד מיט וועלכער דזשאָרדזש האָט גענומען די בילעטען און די אויסגאָבע, האָט אביסעל געציטערט. אָבער ער האָט זיך קאַלט אויסגעדרעהט און האָט דעם ריידנער גלייכגילטיג אָנגעקוקט און איז זיך לאנגזאם אוועקגעגאנגען צו אנאנדער טהייל פון שיף וואו עליזא האָט אויף איהם געוואַרט.

מיסיס סמיטה מיט דעם קליינעם הערי'ן זיינען געזעסען אין דער דאמען קאיוטע, וואו די טונקעלע שעהנהייט פון דער פערשטעלטער מיידעל האָט אויף זיך צוגעצויגען די בעוואונדערונג פון אלע פאַסאזשירען.

דזשאָרדזש האָט זיך געפרייט ווען דער גלאָק האָט געגעבען א קלונג צום אָפּגעהן און ער האָט געזעהען ווי מארקס איז אראָפּ פון שיף און איז ארויף אויפ'ן ברעג. ער האָט געגעבען א לאנגען זיפץ פון ערלייכטערונג ווען די שיף איז אָפּגעגאַנגען פון ברעג און האָט איהם אָפּגעשיידט פון שקלאַווערייַ אויף עוויג.

עס איז געווען א פראכטפאָלער טאָג. די בלאָע כוואַליעס פון דעם לייק איריע האָבען געטאַנצט, געשפריצט און געפונקעלט אין דעם שיין פון דער זונן. א פרישער ווינטעל האָט געבלאָזען פון דעם ברעג און די רייכע שיף האָט געשניטען איהר וועג פאָרוועדטס.

אָה וואָס פאר א גרויסע וועלט עס געפינט זיך אין איין מענשליכער הארץ! ווער האָט געקענט וויסען, אלס דזשאָרדזש איז ארומגעגאַנגען רוהיג אויפ'ן שיף מיט זיין ציטערדיגען קאַמפּאַניאָן נעבען זיין זייט, וואָס עס ברענט אין זיין ברוסט? דער גרויסער גליק וועלכער האָט געשיינט צו זיין נאָהענט, איז געווען צו גרויס, צו געטליך אפילו נאָר פאר א מעגליכקייט; און ער האָט געפיהלט א

גאַנצען טאָג אַז עס קען קען נאָך קומען אַ צרה און ביי איהם דאָס צו־געהמען.

אָבער די שיף איז געגאַנגען פאָרוועדטס. שטונדען זיינען גע־פלויגען, און, ענדליך, האָבען זיך קלאָהר בעוויעזען די ענגלישע ברעגען, ברעגען וועלכע האָבען אין זיך געטראָגען אַזאַ כישוף פאַר די פערוואָגעלטע הערצער; ברעגען וועלכע האָבען מיט איין ריהר געמאַכט אַ סוף פון שקלאַווערייַ!

דזשאָרדזש מיט זיין פרוי זיינען געשטאַנען אָרעם ביי אָרעם, ווען די שיף האָט זיך גענעהערט צו דער קליינער שטעטעל אַמהערס־בורג, אין קאַנאַדאַ. זיין אָטהעם איז געוואָרען שווער און קורץ, אַ טומאַן האָט בעדעקט זיינע אויגען; ער האָט שטיל געדריקט די קליי־נע האַנד וועלכע איז געלעגען ציטערנדיג אויף זיין אָרעם.

דער גלאָק האָט אַ קלונג געטהאָן און די שיף האָט זיך אָפּגע־שטעלט. כמעט ניט וויסענדיג וואָס ער טהוט, האָט ער צוזאַמענגע־נומען זיין באַגאַזש און האָט צוזאַמענגענומען זיין קליינע פאַמיליע. באַלד זיינען זיי אַלע געווען אויפ׳ן ברעג. זיי זיינען אַ ווײַלע געשטאַ־נען שטיל. דאַן האָבען זיי מיט טרעהרען אין די אויגען זיך אַלע ארומ־גענומען.

באַלד האָט זיי מיסעס סמיטה אַוועקגעפיהרט צו איהרע פריינד, וואו זיי האָבען געפייערט זייער פרייהייט.

דיעזע פּאָאַר מענשען האָבען ניט געהאַט קיין אייגענע שטיקעל ערד, קיין שטיקעל דאַך זיך צו בעשיצען פון וועטער, זיי האָבען אויסגעבראַכט ביז דעם לעצטען דאָלאַר. זיי האָבען מעהר ניט געהאַט ווי די פויגלען אין דער לופט און די בלומען אין פעלד, דאָך האָבען זיי אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפען פאַר פרייד. אָה, איהר, וואָס נעהמט צו די פרייהייט פון מענשען, מיט וואָס וועט איהר זיך פער־ענטפערן פאַר גאָט?

## אכט־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

## דער פערזוך.

טאָם׳ס וואונדען זיינען נאָך געווען קוים פערהיילט, האָט מען איהם געשיקט ארבייטען אין פעלד. שוואך ווי ער איז געווען, האָט ער נאָך געליטען הונגער און קרענקונג פון זיין בלוטדורסטיגען מאסטער. זיין איינציגע נחמה איז געווען די ביבעל. ווען ער פלעגט קומען איין אפּגעמאַטערטער פון דער ארבייט און פלעגט זיך מאכען זיין טרוקענעם עסען, פלעגט ער ביין פייער פון זיין ברענענדען האָלץ לעזען זיין פערשמאָלצענע ביבעל. פּלוצלונג האָט ער איין אבענד דערהערט הינטער זיך די שטימע פון זיין תליון. —

— ועל, אַלטער יונג, האָט ער געזאָגט, ווי מיר שיינט האָט דיין רעליגיאָן קיין פּעולה ניט! איך גלויב אז איך וועל עס דאָך ארײנשלאָגען אין דיין וואָלענעם קאָפּ!

טאָם האָט געשוויגען.

— דו ביזט געווען א נאר, האָט לעגרי געזאָגט, דען איך האָב געמיינט דיין טובה ווען איך האָב דיך געקויפט. עס וואָלט דיר אפשר געווען בעסער ווי סאמבאָ און קימבאָ׳ן, און וואָלסט עס געהאַט לייכט. און אנשטאָט צו זיין גע׳ממית׳ט אַלע פּאָאר טעג, וואָלסטו געקענט שפּיעלען דעם פּאָריץ און ממית׳ן אַנדערע נעגערס. און פון צייט צו צייט וואָלסטו געקענט האָבען א הייסען פּונש. נו, טאָם, דענקסטו ניט, אז עס איז בעסער צו קומען צום שכל? ווארף ארײן די אַלטע טראַנטע אין אויווען און נעהם אָן מיין רעליגיאָן!

— זאָל גאָט היטען! האָט טאָם אויסגערופען מיט פייער.

— דו זעהסט דאָך, אז גאָט העלפט דיר ניט. ווען ער וואָלט דיר געהאָלפען וואָלסטו ניט אָנקומען צו מיר, דיין גאַנצע ביבעל איז ניט מעהר ווי אָנגעבלאָזענע באָבע מעשיות, טאָם. איך קען דאָס גאַנץ גוט. האָלט בעסער מיט מיר, איך בין דאָך א י מ ע צ ע ר און קען ט ה אָ ן עטוואָס!

— ניין, מאַסטער, איך וועל בעסער בלייבען ביי מיין ביבעל.

— דו גראָבער עזעל! האָט לעגרי אויסגערופען שפּייענדיג

איהם אין פּנים און געבענדיג איהם א בריק מיט'ן פוס. עס מאַכט ניט אויס, איך וועל דיך דאָך אַפּלערנען, דו וועסט זעהען. און לעגרי איז אוועק.

פון דעם מאָל אָן האָט זיך טאָם געמאַכט הארץ, אז עס קען זיין וואָס עס וויל, זאָל ער זיך האַלטען שטייף און ניט לאָזען מערקען אז ער ליידעט.

— וועלכער טייוועל איז אריין אין טאָם'ען ? האָט לעגרי גע־זאָגט צו סאמבאָ'ן. דאָ ניט לאַנג איז ער געווען נידערגעשלאָגען און פערטרויערט און יעצט האָט ער גאָר אָפּגעלעבט.

— איך ווייס ניט, מאַסטער, אפשר דענקט ער צו ענטלויפען.

— איך וואָלט זעהען, אז ער זאָל עס פּרובירען, האָט לעגרי געזאָגט מיט א טיגערשען שמייכעל. ווי דענקסטו סאמבאָ, וואָלטען מיר עס געוואָלט זעהען ?

— איך מיין עפּעס, אז מיר וואָלטען וועלען ! האָו ! האָו ! האָ ! האָט די חיה רעה אויסגערופען. גאָט, וואָלט דאָס געווען א שפּאַס ! ווי ער וואָלט געשטעקט אין דער בלאָטע, ווי ער וואָלט זיך געריסען צווישען די קוסטעס און די הינט וואָלטען איהם געריסען ! גאָט, איך האָב באַלד געפּלאַצט לאַכענדיג דאַמאָלס, ווען די הינט האָבען געריסען מאָלין און זיי וואָלטען זי צוריסען ווען מען וואָלט זיי ניט אָפּגעטריבען. זי טראָגט נאָך יעצט די סימנים.

— איך רעכען, אז זי וועט זיי האָבען ביז'ן קבר, האָט לעגרי געזאָגט. יעצט סאמבאָ זאָלסטו גוט אויפפּאַסען. ווען דער נעגער זאָל דאָס פּרובירען, הענג איהם אויף.

— מאַסטער, פערלאָזט זיך אויף מיר, האָט סאמבאָ געזאָגט. דער נעגער וועט ביי מיר הענגען. האָ, האָ, האָ !

איין נאַכט ווען אַלע אין טאָם'ס קעבין זיינען געשלאָפען און טאָם איז געווען וואַך, האָט ער פּלוצלונג דערזעהען קאַסי'ס פּנים אין דעם לאָך פון פענסטער. זי האָט איהם געגעבען א שטילען צייכען, אז ער זאָל ארויסקומען.

טאָם איז ארויסגעקומען. עס איז געווען צווישען איינס און צוויי א זייגער ביינאַכט. עס איז געווען שעהן און קיהל און די לבנה האָט געשיינט. ווען די ליכט איז געפאַלען אויף קאַסי'ס פּנים האָט ער בע־

מערקט אַ מין פייער אין איהרע גרויסע שווארצע אויגען, וואָס ער האָט נאָך פריהער ניט געזעהען.

— קום אהער פּאָטער טאָם, האָט זי געזאָגט ארויספליִיגענדיג איהר קליינע האנד אויף זיין ארעם און האָט איהם גענומען שלעפּען מיט אזא קראַפט, אזוי ווי איהר האנד וואָלט געווען פון שטאָהל. קום אהער, איך האָב פאר דיר גוטע נייעס.

— וואָס איז עס, מיסיס קאַסי ? האָט טאָם מיט היץ גע־פרעגט.

— טאָם, ווילסטו ניט האָבען דיין פרייהייט ?

— איך וועל זי האָבען, מיסיס, ווען גאָט וועט געבען, האָט טאָם געענטפערט.

— אָבער דו קענסט עס האָבען היינט ביינאכט, האָט קאַסי גע־זאָגט מיט פייער, קום !

טאָם האָט זיך געהאַלטען צוריק.

— קום האָט זי געשעפּצעט אָנשטעלענדיג אויף איהם איהרע שווארצע אויגען, קום ! ער שלאָפט שטארק. איך האָב גענוג אריינ־געטהאָן אין זיין בראַנפען, אז ער זאָל שלאָפען. הלוואי וואָלט איך געהאט מעהר וואָלט איך דיך ניט גענוג גערופט. אָבער קום, די הינ־טערשטע טהיר איז ניט פערשלאָסען. איך האָב דאָרטען אנידערגע־לייגט אַ האַק. די טהיר פון זיין צימער איז אָפען. איך וועל דיר ווייזען דעם וועג. איך וואָלט עס אליין געטהאָן, אָבער מיין אָרעם איז שוואך, קום !

— אפילו ניט פאר טויזענד וועלטען, מיסיס, האָט טאָם געענט־פערט זיך צוריקציהענדיג.

— אָבער בעדענק נאָר דיעזע אַלע אונגליקליכע בעשעפּעניסען, מיר קענען זיי נאָך אַלע פריי מאכען, און געהן ערגעץ אויף איין אינ־זעל און לעבען פאר זיך אליין. איך האָב געהערט, אז מען האָט שוין אזוי געטהאָן. אבי וואָס פאר אַ לעבען איז אַלץ בעסער ווי דיעזער.

— ניין, האָט טאָם ענטשלאָסען געזאָגט, פון שלעכטס קומט קיינמאָל קיין גוטס ניט ארויס. איך וועל זיך בעסער אָפּהאַקען די רעכטע האנד !



קאסי שלעפט טאם׳ען ער זאָל געהן ערמאָרדען לעגרי׳ן.

— דאַן וועל א י ך דאָס טהאָן, האָט קאַסי געזאָגט זיך אומ־דרעהענדיג.

טאָם האָט זי זעהר פיעל דערפון אָפּגערעדט. ער האָט איהר ער־קלעהרט, אז מיט זיין ערמאָרדען וועט זי גאָרניט אויספיהרען. זי וועט דערמיט קיינעם ניט בעפרייען און זיך אויך ניט, און זי וועט נאָר פועלן, אז מען וועט זי פערברענען לעבעדיגערהייד.

— אויב דו וואָלסט קענען ענטלויפען, איז אַנאַנדער זאַך. איך וואָלט דיר און עמעלינען דאָס ראטהען צו פרובירען. דאָס הייסט, אז איהר וואָלט עס קענען טהאָן אָהן בלוטפערגיסען, ניט אנדערש.

— ווילסטו דאָס אויך מיט אונז פרובירען, פאָטער טאָם?

— ניין, האָט טאָם געזאָגט. עס איז געווען א צייט ווען איך וואָלט עס געטהאָן, אָבער יעצט מוז איך בלייבען מיט די אונגליקליכע נפשות און זיי פערלייכטערן זייער אונגליקליכען לעבען וויעפיעל איך קען. אפילו ביז איך וועל דארפען מיט זיי ענדיגען אונזער לעבען. פאר אייך אָבער איז עס אַנאַנדער זאַך. אייער לעבען איז אייך פער־ביטערט און איהר האָט ניט די קראַפט צו פיהלען פאר אנדערע און דערפאר איז עס בעסער, אז איהר זאָלט אוועק אויב איהר קענט.

— מיר וועלען פרובירען, האָט קאַסי ענדליך געזאָגט.

---

ניין־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

## איין איינפאל.

די דאַך שטוב פון לעגרי׳ס הויז איז געווען ווי אלע דאך־שטיבער, גרויס, פערלאָזען, פערשטויבט, פול מיט שפינוועב און פערוואָרפען מיט אַלטע האַלץ. ווען די הויז איז געווען אין מענשליכע הענד איז די דאַך־שטוב געווען א פּלאַץ פאר אַלטע מעבעל און אנדערע זאכען, וואָס מען שטעלט אוועק פון האנד. ווען די פאמיליע האָט ארויסגע־צויגען, האָט זי די בעסערע מעבעל צוגענומען און די אַלטע געלאָזען שטעהן. און זיי זיינען נאָך יעצט געשטאַנען האלב פערדאָסט און פערוואקסען מיט מאָך. צוויי ריזען קאַסטענס, אין וועלכע מען פלעגט

פּאַקען מעבעל, זיינען געשטאַנען ביי די ווענט אין דער דאַך־שטוב. אַ קליינער פענסטער, וועלכער איז געווען פערוואַקסען מיט שטויב, האָט אַריינגעוואָרפען אַ שיין אין דער שטוב און האָט געלאָזען זעהען הויכע שטוהלען און אַ טיש, וועלכע האָבען אַמאָל געזעהען בעסערע צייטען. אין אַלעמען איז עס געווען אַ טרויעריגער פּלאַץ, וועלכער האָט זיך געפּאַסט פאַר שדים פון די אַבערגלויבער. מיט עטליכע יאָהר צוריק איז אַ נעגער פרוי, וועלכע האָט אויף זיך ארויפגעצויגען לעגרי'ס רציחה, דאָרטען איינגעשפּאַרט געוואָרען אויף עטליכע וואָכען. וואָס דאָרטען האָט פּאַסירט איז ניט בעקאַנט, אָבער ווי די נעגערס האָבען צווישען זיך גערעדט, האָט מען דעם טויטען קערפּער פון דער אונגליקליכער אַראָפּגעטראָגען און בעגראָבען. נאָכדעם האָט מען פון דאָרטען געהערט פערצווייפעלטע קולות, שטאַרקען שלאָגען, קרעכצען און יאָמערן. ווען לעגרי האָט איינמאָל דערהערט, וואָס די נעגערס רעדען צווישען זיך, האָט ער זיי אָנגעזאָגט, אַז ווען זיי וועלען דערמאָהנען איין וואָרט דעריבער צווישען זיך, וועט ער זיי אנשמיעדען אין קייטען. דאָס האָט אָפּגעשניטען אַלע רעדערייען. דאָס האָט אָבער ניט געמאַכט די טרויריגע געשיכטע צו פערגעסען.

ביסלעכווייז איז די טרעפּ, וועלכע האָט געפיהרט אין דאַך־שטוב פערלאָזען געוואָרען, און דער שרעק פון די נעגערס איז געווען אַזוי גרויס פאַר דער דאַך־שטוב, דאָס זיי האָבען אפילו מורא געהאַט צו געהן דורך דעם גאַנג וואָס האָט געפיהרט צו דער טרעפּ.

קאַסי'ס שלאָפצימער איז געווען אונטער דער דאַך־שטוב. אָהנע צו פרעגען לעגרי'ן, האָט זי איין טאָג מיט דער הילפע פון די אונטער־ד־יענער אַריבערגעטראָגען די מעבעל פון איהר צימער אין אַנאַנדערן וויינט פון דאָרטען.

ווען לעגרי איז געקומען צוריק פון אַ דורכפאָהרען זיך און האָט געזעהען די ענדערונג האָט ער זיך געוואונט צו קאַסי'ן. —

— העלאָ, דו, קאַס! האָט ער געזאָגט, וואָס איז דאָ פאַר אַ געשיכטע?

— גאָרניט. עס האָט זיך מיר פערוואָלט אַנאַנדער צימער האָט זי געזאָגט אויסווייכענדיג.

— לאָמיר הערען פאַר וואָס? האָט לעגרי געזאָגט.

— ווייל איך האָב אַזוי געוואָלט, האָט קאַסי געענטפערט.

— זאָל דיך דער טייוועל וועלען ! און צו וואָס ?
— ווייל איך וויל שלאָפען רוהיג.
— שלאָפען ! ווער לאָזט דיך ניט שלאָפען ?
— איך וואָלט קענען זאָגען, אויב דו ווילסט נאָר הערן, האָט קאַסי טרוקען געזאָגט.
— רעד, דו שליוכע, האָט לעגרי געזאָגט.
— אָה, גאָרניט. איך רעכען, אז ד י ך וועט עס ניט שטערן ! עס איז נאָר קרעכצען, און מענשען קייקלען זיך ארום אויף דער פאָדלאָגע פון דער דאך־שטוב פון האלבע נאכט ביז פאר טאָג.
— מענשען אין דער דאך־שטוב ! האָט לעגרי געזאָגט ניט מיט קיין זיכערער שטימע, און זיך צווינגענדיג צו לאכען : — ווער זיינען זיי, קאַסי ?
קאַסי האָט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע שווארצע אויגען מיט אזא אויסדרוק, דאָס עס איז איהם דורכגעגאנגען דורך אלע ביי־נער. סיימאָן, ווער זיינען זיי ? איך וואָלט וועלען, אז ד ו זאָלסט מיר דערצעהלען. איך רעכען, אז דו ווייסט ניט !
מיט א פלוך האָט איהר לעגרי דערלאַנגט מיט דער בייטש, אָבער זי האָט זיך אויסגעדרעהט און איז ארויס פון טהיר. דאן האָט זי אריינגעקוקט און האָט געזאָגט : ווען דו וועסט שלאָפען אין דער דאך־שטוב וועסטו אלעס וויסען. איך וואָלט דיר ראטהען דאָס צו פּרובי־רען ! דערויף האָט זי צוגעמאכט די טהיר און האָט זי פערשלאָסען.
לעגרי האָט געפלוכט און געטאנצט און האָט געוואָלט צוברעכען די טהיר. ער האָט זיך אָבער איבערלייגט אנדערס און איז אוועק צו־ריק אין זיין צימער. קאַסי האָט געזעהען, אז זי האָט געטראָפען אין פונקט און האָט פון דעם מאָל אָן ניט אויפגעהערט איהם צו שרעקען מיט דער דאך־שטוב.
אין א לאָך פון דאך־שטוב האָט זי אריינגעשטעקט א פלאש מיט'ן העלזעל אין דרויסען און דער קלענסטער ווינטעל האָט ארויסגעגעבען א טרויריגען פייפען, און אז דער ווינט האָט זיך פערשטאַרקט האָט זיך דער פייפען פערוואנדעלט אין א מין קלאָגען, וועלכער האָט אויף דעם אבערגלויבער געמאכט דעם איינדרוק אזוי ווי ער וואָלט געהערט דעם קלאָגען פון א מענשען אין גרויסע יסורים.
דיעזען קלאנג האָבען געהערט די דיענער און דער אמאָליגער

שרעק האָט זיך אין זיי נאָך פערשטאַרקט. אַ שרעקליכע מורא האָט אָנגעכאַפּט די גאַנצע הויז. און אַבוואָהל די נעגערס האָבען מורא געהאַט דעריבער צו ריידען, האָט לעגרי דאָך דערפון געוואוסט.

איין נאַכט איז לעגרי געזעסען ביי זיך אין צימער נעבען אַ פייער, וועלכער האָט טרויריג בעלויכטען דעם צימער. עס איז געווען אַ שטורמענדיגע נאַכט, וועלכע מאַכט די אַלטע הייזער קלאַפּען און קוויטשען. די פענסטער האָבען געקנאַקט און די טהירען האָבען גע־סקריפּעט און דורך די קוימענס האָט עס געוואָיעט, אַזוי ווי טויזענ־דער שדים וואָלטען זיך צושפּיעלט. לעגרי האָט געמאַכט רעכענונגען און האָט געלעזען צייטונגען. קאַסי איז געזעסען אין אַ ווינקעל און האָט טרויריג געקוקט אין פייער. אויפ׳ן טיש איז געלעגען אַ בוך וועגען כישוף־מאַכער און גייסטער. לעגרי האָט איהם גענומען און האָט אַ ביסעל געלעזען.

— דו גלויבסט דאָך ניט אין גייסטער, קאַסי? איך האָב גע־גלויבט, אַז דו האָסט מעהר פערשטאַנד, דאָס ד ו זאָלסט זיך שרעקען פאַר אַ גערויש.

— וואָס מאַכט עס אויס אין וואָס איך גלויב, האָט קאַסי פער־דריסליך געענטפערט.

— ווען איך בין געווען אויפ׳ן ים פלעגען מיך די קערלס פּרובי־רען איינצושרעקען מיט אַזעלכע מעשיות. אָבער ניט מיר האָבען זיי דאָס געקענט איינרריידען. איך בין צו האַרט פאַר אַזעלכע שוואַ־צערייען.

קאַסי איז געזעסען אין ווינקעל און האָט איהם בעטראַכט מיט יענעם דורכשטעכענדיגען בליק, וועלכער האָט אַלע מאָל דורכגעדרונ־גען זיין האַרטע פעל.

— דיעזער גערויש איז נאָר פון שצורס און פון דעם ווינד, האָט לעגרי געזאָגט. שצורס קענען מאַכען אַ טייוועלשען גערויש. איך פלעג דאָס זעהר אָפט הערען אויף דעם גרונד פון שיף. און דער ווינד, גאָט זאָל זיך ערבאַרמען! פון ווינד קענסטו מאַכען אַלעס.

קאַסי האָט געוואוסט, אַז ער האָט זיך געפיהלט אונרוהיג אונ־טער איהר בליק. דערפאַר האָט זי ניט געענטפערט און האָט נאָר אויף איהם שאַרפער געקוקט ווי פריהער.

— זאָג, פרוי, — איז עס ניט אַזוי? האָט לעגרי געפרעגט.

— קענען שצורם אראפגעהן די טרעפ און מארשירען דורך דעם קארידאר, און עפענען א טהיר, וועלכע איז געווען צוגעמאכט און נאך צוגעשטעלט א שטוהל צו איהר ? האט קאסי געזאגט, און דאן צוקומען צו דיין בעט און אויסשטרעקען די האנד ?

קאסי האט אין איהם אריינגעשטאכען איהרע שארפע אויגען ווען זי האט דאס געזאגט, און ער האט זי אנגעקוקט אזוי ווי אין א שרעקליכען חלום ביז זי האט ארויפגעלייגט איהר אייז־קאלטע האנד אויף זיינע. ער האט געגעבען א שפרונג מיט א פלוך.

— פרוי ! וואס רעדסטו. קיינער איז דארטען ניט געגאנגען !

— אה, ניין, געווים ניט. האב איך דען געזאגט אז אימעצער איז געגאנגען ? האט קאסי געזאגט מיט א שמייכעל, וועלכער איז געגאנגען דורך זיינע ביינער.

— אבער האסטו ווירקליך געזעהען ? זאג, קאסי, דערצעהל, וואס איז דארטען !

— דו קענסט דארטען שלאפען זעלבסט, האט קאסי געזאגט, וועסטו אויסגעפינען.

— איז עס געקומען פון דער דאך־שטוב, קאסי ?

— וואס איז געקומען ? האט קאסי געפרעגט.

— אט דאס וואס דו האסט געזאגט. —

— איך האב קיין זאך ניט געזאגט, האט קאסי געענטפערט פערדריסליך.

לעגרי איז אונרוהיג ארומגעגאנגען איבערן צימער.

— איך וועל די זאך אונטערזוכען. איך וועל עס זעהען דיעזע נאכט גופא. איך וועל נעהמען מיינע פיסטאלעטען. —

— טהו דאס, האט קאסי געזאגט. שלאף אין דער דאך־שטוב. איך וואלט וועלען זעהען ווי דו וועסט עס טהאן. זאלסט שיסען פון דיינע פיסטאלעטען.

לעגרי האט געטופעט מיט'ן פוס און האט שרעקליך געפלוכט.

— פלוך ניט, האט קאסי געזאגט, קיינער קען ניט וויסען, ווער עס קען הערען, — הער ! וואס איז דאס געווען ?

— וואס ? האט לעגרי געזאגט בלייבענדיג שטעהן.

א שווערער אלטער האלענדישער זייגער האט אנגעפאנגען לאנג־זאם צו קלינגען צוועלף.

לעגרי האָט ניט גערעדט און האָט זיך ניט געריהרט. עפּעס א מין שרעק האָט איהם ארומגעכאַפּט, וועהרענד קאַסי האָט מיט שטע־כענדיגע אויגען אויף איהם געקוקט און האָט געצעהלט די קלענג פון זייגער.

— צוועלף א זייגער. יעצט וועלען מ י ר זעהען, האָט זי גע־זאָגט זיך אומדרעהענדיג און עפּענענדיג די טהיר פון קאָרידאָר און זיך שטעלענדיג אזוי ווי זי וואָלט עפּעס הערן.

— הער! וואָס איז דאָס? האָט זי געזאָגט אויפהויבענדיג דעם פינגער.

— דאָס איז נאָר דער ווינד, האָט לעגרי געזאָגט. הערסטו ניט ווי פערפלוכט ער בלאָזט?

— סיימאָן, קום אהער, האָט קאַסי געזאָגט מיט אשטילער שטימע, ארויפלייגענדיג איהר האַנד אויף זיינע און איהם צופיהרענ־דיג צו די טרעפּ. ווייסטו וואָס דאָס איז? הער!

א ווילדער קוויטש איז אראָפּגעקומען פון די טרעפּ. ער איז גע־קומען פון דער דאַך־שטוב. לעגרי'ס קניע האָבען זיך געטרייסעלט; זיין פּנים איז געוואָרען ווייס פון שרעק.

— פאַר וואָס נעהמסטו ניט דיינע פּיסטאָלעטען? האָט זי גע־זאָגט מיט א בייזער איראָניע, וועלכע האָט פערגליווערט לעגרי'ס בלוט. עס איז צייט, אז מען זאָל די זאַכען אונטערזוכען, דו ווייסט? איך וואָלט וועלען אז דו זאָלסט איצטער ארויפגעהן, ווערסט דאָרטען טרעפען די גאַנצע חתונה.

— איך וועל ניט געהן! האָט לעגרי געזאָגט מיט א פלוך.

— פאַר וואָס ניט? דו ווייסט דאָך, אז קיין מתים זיינען ניטאָ! קום! און קאַסי איז ארויפגעשפּרונגען די געדרעהטע טרעפּ לאַכענדיג און קוקענדיג הינטער זיך אויף איהם. נו, קום!

— איך גלויב, אז דו ב י ז ט דער טייוועל! האָט לעגרי געזאָגט. קום צוריק, דו מכשפה! קום צוריק, קאַסי! דו זאָלסט ניט געהן!

אָבער קאַסי האָט ווילד געלאַכט און איז געלאָפען ארויף. ער האָט זי געהערט עפענען די טהיר וואָס פיהרט אין דער דאַך־שטוב, א שטאַרקער ווינד האָט געגעבען א בלאָז און האָט אויסגעלאָשען די ליכט אין זיין האַנד און אין דיזען אויגענבליק האָט זיך דערהערט דער

שרעקליכער וואָיען ; זיי האָבען געשיינט צו קומען דירעקט אין זיינע אוי־ערן.

לעגרי איז אַ פּערציטערטער ענטלאָפען אין זיין צימער, און אין אַ פּאָאַר מינוטען נאָך איהם איז אריינגעלאָפען קאַסי, בלייך, רוהיג קאַלט, אזוי ווי אַ ראַכע־נעהמענדער גייסט און מיט דענזעלבען אונער־שראָקענעם פייער אין איהרע אויגען.

— איך גלויב, אז דו דענקסט יעצט אַנדערש, האָט זי געזאָגט.

— דער שוואַרץ יאָהר זאָל דיך נעהמען, קאַסי !

— פאַר וואָס ? האָט קאַסי געפרעגט. איך בין נאָר געגאַנגען און האָב פערמאַכט די טהיר. וואָס דענקסטו קען זיין די מעשה מיט דער דאַך־שטוב, סיימאָן ? האָט קאַסי געפרעגט.

— דאָס איז ניט דיין זאַך ! האָט לעגרי געענטפערט.

— אזוי, עס איז ניט מיין זאַך ? וועל, האָט קאַסי געזאָגט, אויף יעדען פאַל בין איך צופריעדען וואָס א י ך שלאָף דאָרטען ניט.

אזוי ווי קאַסי האָט ערוואַרטעט אַ שטאַרקען ווינט דיעזע נאַכט, האָט זי פריהער אויפגעמאַכט אַ פענסטער אין דער דאַך שטוב, און, נאַטירליך, אזוי ווי זי האָט אויפגעמאַכט די טהיר, האָט דער ווינט אויסגעבלאָזען די ליכט אין לעגרי׳ס האַנד.

דאָס אַלזאָ צייגט וועלכען שפּיעל קאַסי האָט געהאַט מיט לעג־רי׳ן. זי האָט געוואָלט, אז ער זאָל האָבען אזאַ פּחד פאַר דער דאַך־שטוב, דאָס ער וואָלט בעסער אריינגשטעקען זיין קאָפּ אין אַ לייב׳ס מויל איידער אריינגעהן אהין. דערווייל האָט קאַסי, ביינאַכט, ווען אַלע האָבען געשלאָפען געטראָגען שפּייז און קליידער אין דער דאַך־שטוב פאַר זיך און עמעלינען, אז זיי זאָלען האָבען גענוג אויף אַ צייט דאָרטען צו לעבען. און ווען אַלעס איז שוין געווען פאַרטיג, האָט זי געוואַרט אויף אַ גוטע געלעגענהייט אויסצופיהרען איהר פּלאַן.

דורך שמייכלענדיג זיך צו לעגרי׳ן און וואַרטענדיג ביז ער איז גוט אויפגעלייגט, האָט זי איהם געבעטען, אז ער זאָל זי מיטנעהמען אין אַ בענאַכבאַרטע שטעדטעל, וועלכע איז געלעגען ביים רויטען טייך. מיט זעהר אַ שאַרפען געדעכטניס האָט זי זיך אַנגעמערקט אַלע וועגען דורך וועלכע זי איז געפאָהרען און האָט אויסגערעכענט ווי לאַנג עס דאַרף נעהמען מאַכען דעם וועג צופוס.

אין דער צייט ווען אַלעס איז שוין געווען פאַרטיג אויסצופיהרען דעם עסק, וועלען מיר זעהן ווי אַזוי זי האָט עס געמאַכט.

עס איז געווען אין אבענד. לעגרי איז אַוועקגעפאָהרען אין אַ שכנ'ישע פאַרם. קאַסי איז מיט איהם געווען אין די פריינדליכסטע פערהעלטניסע. יעצט געפינען מיר זי אין עמעלינעס צימער, וואו זיי האָבען ביידע איינגעפּאַקט צוויי קליינע פּעקלעך.

— טהו אָן דיעזען טשעפּיק, עמעלינע, און לאָמיר געהן. עס איז צייט.

— ווי אַזוי ? איצטער קען מען נאָך אונז זעהן, האָט עמעלינע געענטפערט.

— איך וויל טאַקע, אַז זיי זאָלען זעהן, האָט קאַסי קאַלט געזאָגט. ווייסטו דען ניט, אַז זיי וועלען אונז נאָכיאָגען אין יעדען פאַל. די זאַך וועט זיין אַזוי : — מיר וועלען זיך אַרויסכאַפּען פון דער הינטער טהיר און מיר וועלען פערביילויפען די חורבות. סאַמבאָ און קימבאָ וועלען אונז געוויס זעהען. זיי וועלען אונז נאָכלויפען און מיר וועלען אריין אין די זומפּען. דאַרטען קענען זיי אונז ניט נאָכגעהן ביז זיי מאַכען ניט קיין ליאַרם און קעהרען זיך ניט אום צוריק נאָך די הינט. און וועהרענד זיי וועלען ארומלויפען ווי די ווילדע חיות, וועלען מיר לויפען מיט'ן קליינעם געדרעהטען טייכעל און מיר וועלען קומען צוריק צו דער הינטער טהיר פון הויז. דאָס וועט די הינט אויך צומישען, דען אין וואסער קענען זיי ניט שמעקען. יעדערער וועט לויפען אונז זוכען. דערווייל וועלען מיר אריין אין דער דאַך שטוב, וואו איך האָב געמאַכט אין איינעם פון די גרויסע קאַסטענס אַ פיינע בעט פאַר אונז.

— מיר וועלען מוזען בלייבען אין דער דאַך־שטוב אַ לענגערע צייט, דען, איך קען דיר זאָגען, אַז ער וועט שיקען הימעל און ערד זיך יאָגען נאָך אונז. ער וועט צוזאַמענגעהמען די אויפזעהערס פון די אַרומיגע פּלאַנטאַציעס און וועט מאַכען איין אַלגעמיינעם געיעג און זיי וועלען דורכזוכען יעדען ווינקעל אין דעם זומפּ. ער בעריהמט זיך, אַז פון איהם איז נאָך קיינער ניט ענטלאָפען געוואָרען. אַלזאָ קען ער זיך יאָגען וויפיעל זיין חיה'שע האַרץ געלוסט.

— קאַסי, ווי גוט איהר האָט עס געפּלאַנעוועט ! האָט עמעלינע געזאָגט. ווער נאָך וואָלט עס געקענט אויספּלאַנעווען אַ חוץ אייך ?

אין קאַסי׳ס אויגען איז ניט געווען קיין שטאָלץ אָדער פרייד, נאָר איהר פערצווייפעלטע ענטשלאָסענהיים.

— קום, האָט זי געזאָגט, אָנגעהמענדיג עמעלינע׳ס האַנד.

די צוויי פרויען זיינען שטילערהייד ארוים פון הויז און זיינען געלאָפען אין דעם שאטען פון אבענד פאַזע די חורבות. די קלאָהרע לבנה מיט איהר זילבערנע ליכט האָט אביסעל אָפגעהאלטען דעם אָנ־קומען פון דער נאכט.

אזוי ווי קאַסי האָט ערוואַרטעט, ווען זיי זיינען שוין געווען נעבען דעם זומפּ, וועלכער האָט ארומגערינגעלט די פּלאַנטאַציע, האָ־בען זיי דערהערט א שטימע, וועלכע האָט געשריען אז זיי זאָלען בליי־בען שטעהן. דאָס איז אָבער ניט געווען סאַמבאָ, זאָנדערן לעגרי, וועלכער האָט זיי נאָכגעיאָגט מיט שרעקליכער רציחה. ווען עמעלינע האָט דערהערט זיין שטימע, האָט זי פערלאָרען דעם מוטה, און ארויפלייגענדיג איהר האַנד אויף קאַסי׳ס ארעם האָט זי געזאָגט, אז זי חלש׳ט.

— אויב דו ועסט עס טהאָן וועל איך דיך טויטען ! האָט קאַסי געזאָגט ארויסציהענדיג פון בוזים א קליינעם גלענצענדיגען קינזשאַל און מיט איהם א מאַך טהאָנדיג פאַר דער מיידעל׳ס אויגען.

דיעזער מאַנעווער האָט געהאַט זיין ערפאָלג. עמעלינע האָט ניט גע׳חלש׳ט און איז מיט איהר אריינגעלאָפען אין זומפּ, וועלכער איז געווען אזוי טיעף און פינסטער, דאָס לעגרי האָט איינגעזעהען אז ער וועט זיי ניט קענען נאָכלויפען אָהן הילף.

— וועל, האָט ער געזאָגט כאָרכלענדיג פאַר רציחה. אויף יעדען פאַל זיינען זיי יעצט אין א פאַסטקע, — דיעזע הינט, זיי קענען ניט ענטלויפען, זיי וועלען שוין דערפאַר שוויצען !

— העי ! סאַמבאָ, קימבאָ ! האָט ער געשריען, ווען ער איז צוגעקומען צו די חורבות און די מענער און פרויען זיינען געקומען פון דער ארבייט. צוויי ענטלויפערס זיינען איצטער אין דעם זומפּ. איך וועל געבען פינף דאָלאַר צו יעדען נעגער, ווער עס וועט זיי כאַפּען. לאָזט ארוים די הינט !

די אויפרעגונג וואָס דיעזע אנמעלדונג האָט געמאַכט איז געווען אונבעשרייבליך. פיעלע זיינען ארויסגעלאָפען צו געווינען פינף דאָ־לאַר, און אנדערע מיט דער האָפנונג צו בעקומען א בעסערע בעהאַנד־

לונג. אייניגע זיינען געלאָפען אהער און אנדערע אהין. אַנדערע האָ־בען אָפּגעבונדען די הינט, וועמעס ווילדער הייזעריגער בילען האָט זיך צומישט מיט די געשרייען פון די שקלאַווען און האָבען נאָך לעבע־דיגער געמאַכט די גאַנצע סצענע.

— מאַסטער, זאָלען מיר זיי שיסען, אויב מיר וועלען זיי ניט קענען כאַפּען ? האָט סאַמבאָ געפרעגט, ווען לעגרי האָט אַרויס־געטראָגען אַ ביקס.

— דו קענסט שיסען אויף קאַסי'ן, אַז דו ווילסט. עס איז שוין צייט, אַז זי זאָל שוין געהן צום טייוועל, צו איהם געהערט זי, אָבער די מיידעל ניט, האָט לעגרי געזאָגט. יעצט, קינדער, האָט שכל און זייט פלינק. פינף דאָלאַר פאַר דעם וואָס וועט זי כאַפּען און אַ גלאָז בראַנפען קריעגט יעדערער סיי ווי סיי.

די גאַנצע באַנדע מיט די הינט און מיט פאַקעלס אין די הענד האָבען זיך מיט אַ העלישען געשריי און ליאַרם אַוועקגעלאָזען צום זומפּ. די הויז איז דערווייל גאַנץ ליידיג געוואָרען ווען קאַסי און עמעלינע זיינען צוריקגעקומען. זיי זיינען אריין אין לעגרי'ס צימער און פון דאָרטען האָבען זיי געזעהען די גאַנצע ווילדע סצענע אַרום דעם זומפּ.

— זעהט דאָרטען ! האָט עמעלינע געזאָגט צו קאַסי'ן. דער גע־יעג האָט זיך אָנגעפאַנגען. זעהט ווי די ליכט טאַנצען אַרום ! הערט די הינט ! הערט איהר ניט ? ווען מיר וואָלטען געווען דאָרטען, וואָלט אונזער לעבען ניט ווערטה געווען אַ סענט. אום גאָטעס ווילען, לאָמיר זיך בעהאַלטען שנעל !

— מיר דאַרפען זיך ניט איילען, האָט קאַסי געענטפערט. זיי זיינען אַלע אויפ'ן געיעג, — דאָס איז דער פערגעניגען פון דעם אבענד ! מיר וועלען שוין אַרויפגעהען. דערווייל, האָט זי געזאָגט אַרויסנעהמענ־דיג אָהן צערעמאָניעס אַ שליסעל פון לעגרים ראָק, וועלכען לעגרי האָט ־יין דער איילע אַראָפּגעוואָרפען פון זיך, דערווייל וועל איך נעהמען עפּעס וואָס מיר דאַרפען צו אונזער רייזע.

זי האָט אויפגעשלאָסען די קאָנטאָרקע, האָט פון דאָרטען אַרויס־גענומען אַ פּאַק פּאַפּיער־געלד, וועלכע זי האָט שנעל איבערגעצעהלט.

— אָה, לאָמיר ניט טהאָן דאָס ! האָט עמעלינע געזאָגט.

— פאַר וואָס ניט ? האָט קאַסי געענטפערט. ווילסטו אַז מיר זאָלען בעסער אויסגעהען פון הונגער אין דעם זומפּ, איידער דאָס

געלט זאָל בעצאָהלען אונזער רייזע נאָך די פרייע שטאאטען ? געלט טהוט אַלעס, מיידעל ! און וועהרענד זי האָט עס געזאָגט, האָט זי אריינגעלעגט די געלט אין איהר בוזים.

— עס וועט דאָך הייסען גנב׳ענען, האָט עמעלינע געמורמעלט.

— גנב׳ענען ! האָט קאסי געזאָגט מיט א בייזען געלעכטער. די וואָס גנב׳ענען אונזער לייב און לעבען דארפען עס אונז ניט זאָגען. יעדערע פון דיעזע אסיגנאציעס איז גע׳גנב׳עט, — גע׳גנב׳עט פון אָרימע, פערהונגערטע, פערהאָרעוועטע נפשות, און וועלכע מוזען ענדליך געהן צום טייוועל צוליעב זיין פּראָפיט. זאָל ע ר ריידען וועגען גנבה ! אָבער לאָמיר ארויפגעהן אין דער דאַך־שטוב. איך האָב דאָ א פּאָאָר ליכט און ביכער צו פערברייגגען די צייט. דו קענסט זיין פאָלקאָמען זיכער, אז זיי וועלען א ה י ן ניט קומען זוכען. און אויב זיי וועלען קומען, וועל איך זיך מיט זיי שפּיעלען אין מתים.

ווען זיי זיינען אריין אין דער דאַך־שטוב, האָט עמעלינע געזעהען א גרויסען קאסטען ליגענדיג אויף א זייט מיט דער אָפענער זייט צום פענסטער. דאָרטען זיינען געלעגען צוויי מאטראצען מיט קישענס און א גאנצע מאסע שפּייזען און אנדערע זאכען צום לעבען. אין איין זייט איז געווען אריינגעשלאָגען א האקען פאר אויפהענגען א לאָמפּ צום לעזען.

— נו, ווי געפעהלט דיר דאָ ? האָט קאסי געפרעגט.

— זייט איהר זיכער, אז זיי וועלען ניט געהן זוכען אין דער דאַך־שטוב ?

— איך וואָלט וועלען זעהען ווי סיימאָן לעגרי וועט עס טהאָן, האָט קאסי געזאָגט. ער וועט זיך זעהר היטען דערפון. וואָס אנבעלאַנגט די דיענער, וועלען זיי זיך בעסער לאָזען שיסען איידער ארויפגעהען אהער.

אביסעל בערוהיגט, האָט זיך עמעליע אנידערגעזעצט.

— וואָס האָט איהר געמיינט דערמיט, קאסי, ווען איהר האָט געזאָגט אז איהר וועט מיך טויטען ? האָט זי רוהיג געפרעגט.

— איך האָב געמיינט דיך אָפּצוהאַלטען פון חלש׳ן, האָט קאסי געענטפערט, און איך האָב עס געפועל׳ט. און יעצט זאָג איך דיר, עמעלינע, אז דו מוזט זיך בעשליסען נ י ט צו חלש׳ן, עס מעג זיין וואָס עס וויל. מען דארף דאָס גאָרניט האָבען. ווען איך וואָלט דיך

נים אָפּגעהאַלטען, וואָלט אפשר יעצט די חיה רעה דיך שוין געהאַט אין זיינע הענד.

עמעלינע האָט געשווידערט.

ביידע זיינען אַ ווײלע אַנשווינגען געוואָרען. קאַסי האָט געלעזען אַ פראַנצויזישען בוך; עמעלינע איז געווען אָפּגעמאַטערט און איז איינגעשלאָפען. זי איז אויפגעוועקט געוואָרען פון שטאַרקע געשרייען, פון פערד טריט און פון בילען פון הינט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ דומפּען געשריי.

— דאָס קומען נאָר די יעגער צוריק, האָט קאַסי קאַלט געזאָגט. קוק דורך דער לאָך. זעהסטו זיי נים אַלע דאָרטען? סיימאָן וועט עס מוזען אויפגעבען פאַר היינטיגע נאַכט. זעה ווי בלאָטיג זיין פערד איז קריכענדיג אין זומפּ. זעה ווי די הינט זעהען אויס. אַך, מיין גוטער הערר, דו וועסט מוזען פּרובירען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל; — די אָפּפער זיינען דאָרטען ניטאָ.

— אָה, רעדט נים, האָט עמעלינע געזאָגט. וואָס וועט זיין אז זיי וועלען דערהערען?

— ווען זיי זאָלען עפּעס הערען, וועט עס זיי נאָך פעריאָגען ווייטער, האָט קאַסי געזאָגט. עס איז קיין געפאַהר. מיר קענען מאַכען דעם שטאַרקסטען גערויש, וועט עס זיי נאָך מעהר פעריאָגען.

ענדליך איז אַרום האַלבע נאַכט געוואָרען רוהיג אין הויז. לעגרי האָט פערפלוכט זיין שלים מזל. ער האָט געשוואָרען פינסטערע ראַכע אויף מאָרגען, ווען ער וועט כאַפּען, און איז געגאַנגען זיך לייגען שלאָפען.

---

## פערציגסטער קאַפּיטעל.

## דער מאַרטירער.

דער ענטלויפען פון קאַסי׳ן און עמעלינע׳ן האָט לעגרי׳ן אַזוי אויפגעקאָכט דאָס ער האָט פערלאָהרען יעדען פונק פון מענשליכקייט. זיין גאַנצע רציחה האָט ער אויסגעלאָזען צו דעם אונגליקליכען טאָמ׳ן. ווען אַלע זיינען ווייטער אוועק אויפ׳ן געיעג, האָט ער געוואָלט

רופען טאָם׳ען, אָבער ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט ניט געהן און ער האָט ניט געוואָלט פערלירען קיין צייט ; ער האָט איהם דערוויילע געלאָזען צופריערען.

— וועל, האָט דעם נעכסטען מאָרגען קאָסי געזאָגט צו עמעלינע׳ן, ווען זי האָט געקוקט דורך׳ן לאָך, די יעגעריי פאַנגט זיך היינט וויעדער אָן !

אין הויף זיינען געווען פערזאַמעלט מענער, ווייסע און שוואַרצע פון די אַרומיגע פלאַנטאַציעס. לעגרי האָט אַלעמען אויסגעטהיילט צו גלעזער בראַנפען און אַלע זיינען געווען לוסטיג און פריילעך אַזוי ווי זיי וואָלטען געהן פייערן אַ גרויסען יום טוב.

קאָסי האָט צוגעזעהען די געשיכטע און דער ווינד האָט צו איהר געבאַרכט די ווערטער פון לעגרי און פון די אַנדערע, ווי זיי האָבען זיך צוטהיילט מיט די פלעצער, וועלכער יעדערער זאָל געהמען צום זוכען.

קאָסי האָט צוריקגעטראָטען פון פענסטער און האָט אויסגערופען : „אַלמעכטיגער גאָט ! וואָס האָבען מיר געטהאָן ערגער פון דער גאַנצער וועלט, אַז מיר זאָלען אַזוי בעהאַנדעלט ווערען !”

אַ שרעקליכער ערנסט איז געלעגען אויף איהר געזיכט ווען זי האָט דאָס געזאָגט.

— ווען עס וואָלט ניט געווען וועגען ד י ר, קינד, האָט זי געזאָגט קוקענדיג אויף עמעלינע׳ן, וואָלט איך אַראָפּגעגאַנגען צו זיי און איך וואָלט געדאַנקט איינעם פון זיי ווען ער וואָלט מיך טויט־געשאָסען, דען צו וואָס קען מיר נוצען מיין פרייהייט ? קען דאָס מיר צוריקגעבען מיינע קינדער, אָדער קען איך ווערען צוריק וואָס איך בין געווען ?

עמעלינע האָט אין איהרע קינדערשער איינפאַכהייט זיך געשראָקען פאַר קאָסי׳ס פינסטערע געדאַנקען. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגען און האָט אָבער געשוויגען. זי האָט נאָר גענומען קאָסי׳ס האַנד און האָט זי לייכט געגלעט.

— טהו דאָס ניט ! האָט קאָסי געזאָגט, פּרובירענדיג צוריקצוציהען איהר האַנד, דו קענסט נאָך מאַכען אַז איך זאָל דיך ליעבען, און איך וויל מעהר קיינעם ניט ליעבען.

— אָרימע קאָסי ! האָט עמעלינע געזאָגט. פיהל א י ך ניט

דאסזעלבע ? אויב גאט וועט אונז געבען די פרייהייט קען ער אייך נאך צוריקגעבען אייער טאכטער. אויף יעדען פאל וועל איך זיין ווי א טאכטער צו אייך. איך ווייס, אז איך וועל קיינמאל ניט ווידער־זעהען מיין אָרימע, אַלטע מוטער ! איך וועל אייך ליעבען, קאסי, אויב איהר ליעבט מיך אדער ניט !

דער ליעבליכער קינדישער גייסט האט געזיעגט. קאסי האט זיך נעבען איהר אנידערגעזעצט, זי האט זי ארומגענומען און האט גע־גלעט איהרע ווייכע האאר. עמעלינע האט דאן בעוואונדערט איהרע וואונדערבארע שעהנע אויגען, וועלכע זיינען יעצט געווען אין טרעהרען.

— אָה, עמא ! האט קאסי געזאגט, איך האב געהונגערט נאך מיינע קינדער און האב נאך זיי געדורסט און מיינע אויגען האבען גע־גארט זיי צו זעהען ! דא ! דא ! האט זי געזאגט, זיך שלאגענדיג אין ברוסט, דא איז אלעס פערוויסטעט, דא איז אלעס פוסט ! ווען גאט וואלט מיר צוריקגעגעבען מיינע קינדער, דאן וואלט איך צו איהם בעטען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די יעגעריי האט געדויערט לאנג און איז געווען לעבעדיג, אבער אָהן ערפאלג. מיט א שווערען הארצען און א ביטערער איראָניע האט קאסי געזעהען ווי לעגרי איז אראפגעקראכען פון פערד א פערמאטער־טער און אין פולער רציחה.

— יעצט, קימבא, האט לעגרי געזאגט ווען ער האט זיך אויס־געצויגען אין זיין צימער אויף א שטוהל, געה ברענג מיר גלייך אהער דעם טאם ! דער אלטער כלב שטעקט דא אין דער גאנצער געשיכטע. איך וועל דאס ארויסשלאגען פון זיין שווארצען פעל. מיר וועלען זע־העז אויב איך קען.

סאמבא און קימבא, כאטש זיי האבען איינער דעם אנדערן פיינט געהאט, האבען זיי ביידע געמיינשאפטליך געהאסט טאם'ען. לעגרי האט זיי דערצעהלט, אז ער האט איהם געקויפט ער זאל זיין דער הויפט־אויפזעהער ווען ער וועט ערגעץ פעררייזען, און דאס אליין האט שוין געמאכט א בייזען געפיהל געגען איהם. און אין זייער נידריגער און קנעכטישער נאטור זיינען זיי נאך געווען געגען איהם נאך מעהר אויפגעבראכט פאר וואס ער איז געווען איינגע־

שפּאַרט געגען זייער מאַסטער. דעריבער איז קימבאַ אוועק מיט חשק אויסצופיהרען זיין מאַסטערס בעפעהל.

אַי, אַי ! האָט אויסגערופען דער ריזען נעגער, ווען ער איז געקומען נעהמען טאָם'ען און האָט איהם גענומען שלעפּען פאַר'ן ארעם. יעצט וועסטו עס קריעגען ! דער טייוועל זאָל מיך נעהמען, ווען דער מאַסטער וועט מיט דיר ניט טאַנצען א טענצעל ! דו וועסט זיך ניט אויסדרעהען ! דו וועסט שוין זעהען וואָס עס הייסט צו העל־פען ענטלויפען דעם מאַסטערס נעגערס ! וועסט עס שוין קריעגען !

טאָם האָט געוואוסט דעם פּלאַן פון ענטלויפען און האָט געוואוסט וואו קאסי און עמעלינע געפינען זיך. אָבער ער וואָלט בעסער שטאַר־בען איידער זיי פערראַטהען.

— וועל, טאָם, האָט לעגרי געזאָגט צוגעהענדיג צו איהם און אננעהמענדיג איהם פאַר'ן קאָלנער און ריידענדיג דורך די צייהן מיט א בעסטיאַלישער רציחה ; דו ווייסט אז איך האָב זיך בעשלאָסען דיך צו טויטען ?

— עס איז זעהר מעגליך, מאַסטער, האָט טאָם געענטפערט.

— איך האָב זיך בעשלאָסען, טאָם, סיידען דו וועסט מיר זאָגען וואָס דו ווייסט וועגען די פרויען.

טאָם איז געשטאַנען און האָט געשוויגען.

— הערסטו ? האָט לעגרי אויסגערופען מיט א שטימע פון א לייב, רעד !

טאָם האָט געשוויגען.

— רעד ! האָט לעגרי געדונערט איהם שרעקליך שלאָגענדיג. ווייסטו עפּעס ?

— איך וויים, מאַסטער, אָבער איך קען ניט דערצעהלען. איך קען שטאַרבען !

לעגרי האָט געצויגען א לאַנגען אָטהעם, און צוריקהאַלטענדיג זיין ווילדען צאָרן, האָט ער אנגענומען טאָם'ן פאַר'ן אָרעם, און צו־לייגענדיג זיין פּנים כמעט צו טאָם'ס, האָט ער געזאָגט מיט א שרעק־ליכער שטימע, „הער, טאָם ! אפשר דענקסטו, ווייל איך האָב דיך אָפּגעלאָזען פריהער, וועל איך איצטער ניט טהאָן וואָס איך זאָג, האָסטו א טעות. איך מיין דאָס, און איך האָב שוין אָפּגע־מעקט וואָס איך האָב פאַר דיר בעצאָהלט. האָסט ביז יעצט אויסגע־

פיהרט, אָבער איצטער וועט זיין דיך בעזו׳עגען אָדער ד י ך ט ו י־ט ע ן! איך וועל ארויסציהען פון דיר יעדען טראָפּען בלוט איינס ביי איינס, ביז דו וועסט זיך אונטערגעבען!

— מאַסטער, האָט טאָם רוהיג געזאָגט, איך האָב מיך ניט וואָס אונטערצוגעבען. ווען איהר ווילט מיך טויטען קענט איהר דאָס טהאָן. נאָר איין זאַך קענט איהר פון מיר ניט נעהמען — די נשמה! גאָט האָט זי מיר געגעבען און גאָט וועט זי נעהמען!

ווי א רייסענדע בעסטיע האָט זיך לעגרי ארויפגעוואָרפען אויף טאָם'ען און האָט איהם אנידערגעריסען צו דער ערד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בלוטיגע און גרויזאַמע סצענעס זיינען אָנגרייפענד פאַר אונזערע אויערן און אונזער הארץ. וואָס א מענש האָט דעם מוטה צו טהאָן האָט ער ניט דעם מוטה צו הערען. וואָס ברודער מענש קען ליידען קען אונז ניט דערצעהלט ווערען, אפילו ביי אונז אין שטוב, אונז רייסט עס די ברוסט! און דאָך ווערט עס געטהאָן אין א פרייען לאַנד מיט פרייע געזעצע!

— ער איז כמעט טויט, מאַסטער, האָט סאַמבאָ געזאָגט קוקענ־דיג אויף דעם האַלב טויטען טאָם.

— גיב איהם, גיב איהם נאָך! האָט לעגרי געשריען. מיר וועלען צונעהמען פון איהם יעדען טראָפּען בלוט וואָס ער האָט, ביז ער וועט זיך מודה זיין.!

טאָם האָט אויפגעמאַכט די אויגען און האָט געקוקט אויף זיין מאַסטער. „דו, אָרימע, נידריגע בעשעפענים! האָט ער געזאָגט. עס איז שוין פאַר דיר ניט געבליבען וואָס צו טהאָן", און ער האָט אין גאַנצען גע'חלוש'ט.

— ביי מיין זעעלע, איך גלויב אז ער איז ענדליך א פאַרטיגער, האָט לעגרי געזאָגט צוגעהענדיג און קוקענדיג אויף איהם. יעס, ער איז פאַרטיג! וועל, זיין מויל איז ענדליך צוגעמאַכט געוואָרען. דאָס איז דאָך וועניגסטענס איין טרייסט!

דאָך איז טאָם נאָך ניט געווען אין גאַנצען טויט. די צוויי שוואַר־צע חיות האָבען ענדליך בעקומען א פונק פון מענשען געפיהל, און אזוי באַלד ווי לעגרי איז אוועקגעגאַנגען, האָבען זיי פּרובירט איהם אפּצולעבען.



„איך פערגיעב איך פון גאנצען הארצען !" האט טאם געזאגט און גע'חלש'ט.

— מיר האָבען געווים געטהאָן א שרעקליכע זאַך האָט סאַמבאָ געזאָגט. איך האָף, אז דער מאַסטער וועט דערפאַר דאַרפען געבען רעכענשאַפט, ניט מיר.

זיי האָבען איהם אראָפּגעטראָגען אונטען און האָבען איהם אוועקגעלעגט אויף א ווייכען געלעגער און האָבען איהם ארומגעוואַשען די וואונדען.

— אָה, טאָם, האָט קימבאָ געזאָגט, מיר האָבען שרעקליך גע־זינדיגט געגען דיר!

— איך פערגיעב אייך מיט מיין גאַנצען הארצען, האָט טאָם גע־זאָגט און האָט גע׳חלוש׳ט.

---

איין־און־פערציגסטער קאַפּיטעל.

## דער יונגער מאַסטער.

צוויי טעג שפּעטער איז א יונגער מאַן אויף א לייכטע בריטשקע צוגעפאָהרען צו לעגרי׳ס הויז. ער איז אראָפּ פון וואָגען און האָט גע־פרעגט וואו דער אייגענטהימער איז.

דאָס איז געווען דזשאָרדזש שעלבי. אום צו וויסען ווי אזוי ער איז אהער געקומען מוזען מיר זיך צוריקקעהרען אין אונזער גע־שיכטע.

דער בריעף, וועלכען מיסס אָפעליא האָט געשריעבען צו מר. שעלבי׳ן איז אונגליקליכער ווייזע ערגעץ א פּאָאָר מאָנאַט פערהאַלטען געוואָרען. טאָם איז דערווייל פערשוואונדען געוואָרען ערגעץ צווי־שען די זומפּען ארום דעם רויטען טייך.

מיסעס שעלבי האָט געלעזען דעם בריעף מיט גרויס הארץ־קלעמע־ניס אָבער זי האָט דערווייל גאָרניט געקענט טהאָן. מר. שעלבי איז געווען זעהר קראַנק, ער האָט געהאַט שטאַרקען פיבער און זי האָט געמוזט שטענדיג געבען איהם וואַכען. מאַסטער דזשאָרדזש שעלבי, וועלכער איז דערווייל געוואָרען פון א אינגעל א שטאַטליכער יונגער מאַן, איז געווען איהר איינציגער העלפער און ער האָט גערדאַרפט

פיהרען דעם פּאַטער'ס געשעפטען. מיסס אָפעליא האָט זיי געשריע־בען דעם נאָמען פון דעם אדוואָקאַט, וועלכער האָט געהאַט אין האַנד סיינט קלער'ס איינגענטהום. דאָס איינציגע וואָס מען האָט יעצט גע־קענט טהאָן איז, זיך נאָכצופרעגען ביי איהם וועגען טאָם'ען אין א בריעף. דער פּלוצליכער טויט פון מר. שעלבי'ן האָט נאַטירליך אָפּ־געהאַלטען די גאַנצע געשיכטע.

פאַר'ן טויט האָט מר. שעלבי אַלעס אָפּגעשריעבען פאַר זיין פרוי און זי האָט יעצט געהאַט ארבייט איבער'ן קאָפּ.

מיסעס שעלבי מיט דער הילף פון דזשאָרדזש'ן האָט זיך גענומען אויסצוגלייכען זייער אייגענטהום. מען האָט פערקויפט איבעריגע זאַ־כען און בעצאָהלט די חובות און געזעהען אַלעס צו מאַכען אין אָרדנונג. דערוויייל איז אָנגעקומען א בריעף פון אדוואָקאַט, אז טאָם איז פער־קויפט געוואָרען אין אוקציאָן און מעהר ווייס ער פון איהם ניט.

ניט דזשאָרדזש און ניט זיין מוטער האָבען געקענט זיין צופריע־דען מיט דעם רעזולטאַט. און ערשט זעקס מאָנאַט שפּעטער, ווען דזשאָרדזש האָט געהאַט אויסצופיהרען א געשעפט פאַר זיין מוטער אין די סאַוטה, האָט ער געקענט זיין אין אָרליענס און דאָרטען זוכען וואו טאָם איז אהינגעקומען, אום איהם אויסצולייזען.

נאָך איינִיגע מאָנאַט אומזיסטען זוכען, האָט דזשאָרדזש דורך א צופאַל געפונען א מאַן, וועלכער האָט געוואוסט וואו טאָם איז. געלד האָט ער געהאַט גענוג, איז ער אוועקגעפאָהרען צום רויטען טייך נאָך זיין אַלטען פריינד, טאָם.

מען האָט איהם גלייך אריינגעפיהרט אין הויז וואו לעגרי איז געזעסען.

לעגרי האָט עמפּפאַנגען דעם פרעמדען מיט א מין בייזער גאַסט־פריינדשאַפט.

— איך האָב געהערט, האָט דער יונגער מאַן געזאָגט, אז איהר האָט געקויפט אין ניו־אָרליענס א מאַן מיט'ן נאָמען טאָם. ער איז געוועזען אויף מיין פאַטער'ס בעזיצונג, און איך בין געקומען אהער איהם אויסצוקויפען.

לעגרי'ס פּנים האָט זיך פערפינסטערט און ער האָט אויסגעבראָ־כען מיט א טאָן פון א רוצח. —

— איך האָב טאַקע געקויפט אזא קערל, און איך האָב אויך גע־

כאַפּט אַ העלישע מציאה אין איהם! דער גרעסטער בונטאָוושציק און אונפערשעהמטער הונד! אַנגערייצט מיינע נעגערס, אַז זיי זאָלען ענטלויפען; ער האָט אַוועקגעפּטר'ט צוויי נעגערקעס, וועלכע זיינען ווערטה פון אכט הונדערט ביז טויזענד דאָלאַר אַ שטיק. דאָס איז געוועזן זיין ארבייט. און ווען איך האָב איהם געהייסען זאָגען וואו זיי זיינען, האָט ער געענטפערט, אַז ער ווייס און וועט ניט זאָגען. דערביי איז ער געבליעבען און איך האָב איהם געגעבען די גרעסטע מכות וואָס אַ נעגער האָט ווען עס איז געהאַט פון מיר. איך דענק, אַז ער פּרובירט צו שטאַרבען, אָבער וואָס עס וועט זיין ווייס איך ניט.

— וואו איז ער? האָט דזשאָרדזש מיט שטורם געפרעגט. לאָז מיך איהם זעהען. די באַקען פון דעם יונגען מאַן זיינען געוועזן פייער רויט און זיינע אויגען האָבען געשאָסען פייער; אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטען פון עפּעס צו זאָגען.

— ער איז דאָרטען אין שטעלכעל, האָט אַ קליינער יונג געזאָגט, וועלכער האָט געהאַלטען דזשאָרדזש'ס פערד.

לעגרי האָט געגעבען אַ בריק דעם יונג און האָט איהם געפלוכט, אָבער דזשאָרדזש האָט זיך ניט געקימערט און איז געגאַנגען גלייך צום פּלאַץ.

טאָם איז דאָ געלעגען צוויי טעג פון יענער שרעקליכער נאַכט אָן. ער האָט ניט געליטען, דען יעדער אבר וואָס ליידט ביי אַ מענשען, איז ביי איהם געווען פערשטומפּט און צושטערט. כמעט די גאַנצע צייט איז ער געלעגען אַ בעטויבטער, ווייל אַ שטאַרק געבויטער קערפּער גיט ניט אַזוי לייכט ארויס פון זיך דעם לעבען.

ווען קאַסי האָט געהערט, ווי ער האָט זיך פאַר איהר און עמעליינע'ן מקריב געווען, פלעגט זי מיט דער ריזיקע פון איהר אייגענעם לעבען איהם אראָפּטראָגען ביינאַכט וואַסער. דאָס איז אַלעס וואָס מען האָט פאַר איהם געקענט טהאָן.

ווען דזשאָרדזש איז אריין אין שטעלכעל האָט איהם אָנגעפאַנגען צו שווינדלען אין קאָפּ און זיין האַרץ איז צוזאַמענגעצויגען געוואָרען.

— איז דאָס מעגליך! איז דאָס מעגליך! האָט ער געמורמעלט זיך אראָפּלאָזענדיג צו איהם. אַנקעל טאָם! מיין אָרימער אַלטער פריינד!

עפּעס פון די ווערטער איז אריין אין טאָם'ס אויערן און ער האָט געמאַכט אַ לייכטע בעוועגונג.

— אָה, טהייערער אַנקעל טאָם ! וואַך אויף ! רעד צו מיר ! קוק אויף מיר, דאָס איז מאַסטער דזשאָרדזש ! דיין טרייער קליינער מאַסטער דזשאָרדזש ! קענסטו מיך ניט ?

— מאַסטער דזשאָרדזש ! האָט טאָם געזאָגט אויפמאַכענדיג די אויגען און מיט אַ שוואַכער שטימע, מאַסטער דזשאָרדזש ! זיין בליק איז געווען אַ צוטומעלטער.

לאַנגזאַם איז דער פערשטאַנד צו איהם געקומען און דער פּוסטער קוק פון זיינע אויגען איז פערשוואונדען און זיי האָבען בעקומען לעבען. טרעהרען זיינען פון זיי גערונען.

— געלויבט איז גאָט ! דאָס איז — דאָס איז — אַלעס וואָס איך האָב געוואָלט ! זיי האָבען מיך ניט פערגעסען ! דאָס וואַרעמט מיין ברוסט ; דאָס איז אַ באַלזאַם פאַר מיין הארץ ! יעצט וועל איך שטאַרבען צופריעדען ! געלויבט איז גאָט !

— דו דאַרפסט ניט שטאַרבען ! דו מוזט ניט שטאַרבען, און זאָלסט גאָר ניט דענקען פון דעם ! איך בין געקומען דיך צו קויפען און דיך נעהמען אהיים, האָט דזשאָרדזש געזאָגט מיט שטורעמדיגער ענטשלאָסענהייט.

— אָה, מאַסטער דזשאָרדזש, עס איז צו שפּעט, האָט טאָם שוואַך געזאָגט.

— אָה, שטאַרב ניט ! דאָס וועט מיך הרג'ענען ! עס וועט צו־ברעכען מיין הארץ ווען איך וועל דענקען וואָס דו האָסט געליטען — און נאָך ליגען אין דיעזען אַלטען שטאַל ! אָרימער, אָרימער מאַן !

— רוף מיך ניט אָרימער, דען איך דאַרף יעצט ניט קיין אָרימ־קייט און קיין רייכטהום. מיינע ליידען האָבען זיך געענדיגט. דו דאַרפסט ניט, האָט טאָם פאַרטגעזעצט אָננעהמענדיג דזשאָרדזש'ס האַנד, דערצעהלען קלאָע'ן, אָרימע נשמה — אין וועלכען צושטאַנד דו האָסט מיך געפונען און מיינע ליעבע קינדער. אַך, ווי האָב איך זיי געוואָלט זעהען. גריס דעם מאַסטער און די גוטע מיסיס, דיינע ליעבע עלטערן, און גריס אַלעמען פון מיר הערצליך ! גיב זיי אַלע־מען מיין ליעבע.

אין דיעזען מאָמענט איז לעגרי צוגעקומען און האָט אריינגעקוקט;

ער האָט זיך געמאַכט ווי עס אַרט איהם ניט און איז אוועקגעגאַנגען.

— דער אַלטער אשמדאי ! האָט דזשאָרדזש געזאָגט מיט פעראַכטונג. ווען דאָס געזעץ קען איהם גאָר ניט טהאָן, אָבער דער טייוועל וועט עס טהאָן !

טאָם'ס אויפרעגונג האָט ביי איהם צוגענומען די לעצטע ביסעל קרעפטען, און ווען ער האָט געענדיגט די לעצטע ווערטער, האָט ער אָנגעפאַנגען צו זינקען און איז געבליעבען ליגען. נאָך עטליכע שווערע אָטהעם ציגע און ער איז געוועזן טויט.

דזשאָרדזש איז געזעסען און האָט געקוקט אויף דעם שטאַרבענדען ביז ער האָט ארויסגעלאָזען דעם לעצטען אָטהעם. ווען ער האָט זיך אומגעקוקט, איז לעגרי געשטאַנען הינטער איהם.

די שרעקליכע און טרויעריגע סצענע האָט צוגענומען ביי דזשאָרדזש'ען דעם געפיהל פון צאָרן און עס איז ביי איהם געבליעבען נאָר עקעל און פעראַכטונג געגען דער בעסטיע. ער האָט איהם נאָר שאַרף אָנגעקוקט און האָט געזאָגט :

— דו האָסט פון איהם ארויסגעצויגען אַלעס וואָס דו האָסט געקענט. וואָס זאָל איך דיר בעצאָהלען פאַר זיין קערפער ? איך וויל איהם צונעהמען און אַנשטענדיג בעערדיגען.

— איך פערקויף ניט קיין טויטע נעגערס, האָט לעגרי אויסווייכענד געזאָגט. דו קענסט איהם בעגראָבען וואו און ווען דו ווילסט.

— קינדער, האָט דזשאָרדזש געזאָגט צו די צוויי, דריי נעגערס וואָס זיינען דאָ געשטאַנען, העלפט מיר איהם ארויפלייגען אויפ'ן וואָגען און ברענגט אַ רידעל.

איינער פון זיי איז געלאָפען נאָך אַ רידעל און די אַנדערע צוויי האָבען איהם געהאָלפען אריינלייגען דעם טויטען קערפער אין וואָגען.

דזשאָרדזש האָט ניט געקוקט און ניט גערעדט צו לעגרי, וועלכער האָט ניט געשטערט זיינע בעפעהלען צו די נעגערס ; ער איז נאָך געשטאַנען און האָט געפייפט, אַזוי ווי עס וואָלט איהם ניט געאַרט. מיט פערביסענעם כעס איז ער זיי נאָכגעגאַנגען ביז צום וואָגען.

דזשאָרדזש האָט אויסגעשפרייט זיין מאַנטעל אין וואָגען און מען האָט דאָרטען אריינגעלייגט דעם קערפער. ווען ער איז געשטאַנען נעבען וואָגען האָט ער זיך אומגעקעהרט צו לעגרי'ן און האָט געזאָגט מיט אַ צוריקגעהאַלטענעם צאָרן :

— איך האָב דיר ביז יעצט ניט געזאָגט וואָס איך דענק וועגען דיעזער שוידערליכער געשיכטע. דאָס איז ניט די צייט און ניט דער פּלאַץ דערצו. אָבער, ליעבער הערר, דיעזע אונשולדיגע בלוט וועט האָבען גערעכטיגקייט. איך וועל בעקאַנט מאַכען דיעזען מאָרד! איך וועל אריינגעהן צום ערשטען ריכטער און וועל דיך אַנצייגען.

— קענסט עס טהאָן! האָט לעגרי געזאָגט קלאַפּענדיג מיט די פינגער מיט פעראַכטונג. איך וואָלט עס וועלען זעהען ווי דו וועסט עס מאַכען. וואו וועסטו נעהמען עדות? ווי אזוי וועסטו עס בע־וויזען? מאַך זיך ניט נאַריש!

דזשאָרדזש האָט גלייך איינגעזעהען, אַז ער האָט רעכט. אויף דעם פּלאַץ איז ניט געווען קיין איינציגער ווייסער מענש, און אין אַלע געריכטען אין סאַוטה האָט אַ שווארצער ניט געקענט זיין קיין עדות.

— און נאָך אַלעמען צו וואָס דאַרף מען מאַכען אַזאַ געפּילדער וועגען אַ נעגער! האָט לעגרי געזאָגט.

דיעזער וואָרט איז געווען אַ פונק צו אַ פאַס פּולפער. דערצו איז ער נאָך געווען אַ קענטאָקער בחור, וועלכע האָבען זיך פיינט לאַנג צו איבערלייגען. דזשאָרדזש האָט זיך אומגעדרעהט און האָט איהם מיט אַ שטאַרקען קנאַק אין מאָרדע אויסגעצויגען פלאַך מיט'ן פּנים צו דער ערד. און אזוי ווי ער איז געלעגען אויף דער ערד האָט ער אויף איהם אויסגעגאָסען זיין ברענענדען האַס.

אייניגע מענשען ווערען פיעל בעסער ווען זיי ווערען אויסגעצוי־גען אויף דער ערד פון אַ קלאַפּ. ווען איינער ציעהט זיי אויס אין מיסט בעקומען זיי רעשפּעקט פאַר איהם. צו דער סאָרט האָט געהערט לעגרי. ווען ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט פון זיך אָפּגעטריי־סעלט דעם שטויב, האָט ער געקוקט ווי דער וואגען איז לאַנגזאַם אָפּ־געפאָהרען און ער האָט ניט געעפענט קיין מויל ביז דער וואָגען איז שוין געווען ווייט אוועק.

איבער דער גרענעץ פון לעגרי'ס פּלאַנטאַציע האָט דזשאָרדזש בעמערקט אַ טרוקענעם זאַמדיגען פּלאַץ, וועלכער איז געווען בעשאַ־טענט פון עטליכע בוימער, און דאָ האָבען זיי געמאַכט דעם קבר.

— זאָלען מיר אַראָפּנעהמען דעם מאַנטעל, מאַסטער? האָבען די נעגערס געפרעגט, ווען די גרוב איז שוין געווען פערטיג.

— ניין, ניין! בענראַבט איהם מיט איהם! דאָס איז אַלעס וואָס איך קען דיר געבען יעצט, אָרימער טאָם, און דו זאָלסט עס האָבען.

זיי האָבען איהם אריינגעלעגט, דאן האָבען זיי שווייגענדיג איהם פערשאָטען און געמאכט א בערגעל פון גרינע גראָז.

— איהר קענט געהן קינדער, האָט דזשאָרדזש געזאָגט געבענדיג יעדערן פון זיי א פערטעל דאָלאר. זיי האָבען זיך פון דעסטוועגען ארומגעדרעהט.

— פיעלייכט וויל דער יונגער מאסטער אונז קויפען, האָט איינער געזאָגט.

— מיר וואָלטען איהם טריי געדיענט, האָט אַנאַנדערער געזאָגט.

— דאָ זיינען הארטע צייטען, מאַסטער, האָט דער ערשטער געזאָגט. זעהט, מאַסטער, קויפט אונז!

— איך קען ניט, — איך קען ניט — האָט דזשאָרדזש געזאָגט, זיך פון זיי לויז מאַכענדיג. עס איז אונמעגליך!

— די אָרימע נפשות האָבען זיך געפיהלט ניעדערגעשלאָגען און זיינען שטילערהייד אוועק.

— גאָט איז מיין עדות! האָט דזשאָרדזש געזאָגט שטעהענדיג ביי טאָמ'ס קבר, אז פון דיעזער שטונדע אָן וועל איך טהאָן אַלעס וואָס א מאַן קען טהאָן ארויסטרייבען די פערפלוכטע שקלאַווערײ פון מיין לאַנד!

און דזשאָרדזש איז אוועק.

---

צוויי־און־פערציגסטער קאַפּיטעל.

## א מתים געשיכטע.

נאָך דעם ווי טאָמ'ס קערפּער איז אוועקגעפיהרט געוואָרען איז לעגרי'ס פינסטערער לעבען נאָך פינסטערער געוואָרען. ווען קאַסי, עמעלינע און טאָם זיינען געוועזען האָט ער געהאַט אויף וועמען אויס־

צוגיסען זיין טיראנישע הארץ, אבער זיים זיי זיינען אוועק האט ער דאס אויך ניט געהאט.

דערצו זיינען די ריידערייען ווענען די מתים אין דער דאך־שטוב צווישען די נעגערס נאך שטארקער געווארען. זיי האבען גאנץ איינ־פאך געזעהען מתים ארויף און אראפ געהענדיג פון די טרעפ. איין נאכט האט עם לעגרי אליין געזעהען.

פון דעמאלט אן האט ער שטענדיג געהאלטען פערשלאסען די טהיר און פלעגט אויף ביינאכט אונטערשטעלען שווערע זאכען צום טהיר, ברענגען א גאנצע נאכט ליכט און האלטען געלאדענע פיסטא־לעטען אויפ'ן טיש. ער האט אנגעפאנגען שטארקער צו שכור'ן און פלעגט אנידערפאלען טויט־שכור, וואס ער פלעגט קיינמאל ניט טהאן. באלד איז ארוים א קלאנג, אז ער איז טויט־קראנק אין בעט און שרייט און רעדט פון היץ, פון שדים און מתים. איין נאכט האט זיך איהם אויסגעוויזען אז א פרוי אנגעטהאן אין ווייסען רופט איהם: קום! קום! קום!

און מערקווירדיגער ווייזע האט מען אויף מארגען אין דער פריה נאך דיעזער נאכט געפונען די טהיר פון לעגרי'ס הויז אפען און די נע־גערס האבען געזעהען ביינאכט צוויי ווייסע פיגורען פערבייגע־הענדיג.

עס איז געווען נעגען אבענד ווען קאסי און עמעלינע האבען זיך אפגעשטעלט אין א קליינעם וועלדעל נעבען קליינעם שטעדטעל.

קאסי איז געווען געקליידעט ווי די קרעאלישע־שפאנישע דאמען — אין גאנצען אין שווארצען. א קליינער שווארצער טשעפיק אויף איהר קאפ מיט א געדיכטען שלייער, וועלכער האט פערדעקט איהר געזיכט. עס איז צווישען זיי בעשטימט געווארען, אז קאסי זאל פארשטעלען א קרעאלישע דאמע און עמעלינע זאל זיין איהר דינ־נערין.

אזוי ווי קאסי איז אויפגעבראכט געווארען אין פיינער געזעל־שאפט און האט געהאט דערצו די שפראך און מאניערען און אזוי ווי זי האט נאך געהאט פון איהרע אמאליגע קליידער און עטוואס ציערונג, איז איהר געווען ניט שווער צו שפיעלען די אנגענומענע ראלע.

זי האט זיך אפגעשטעלט אין דער פארשטאדט, וואו זי האט גע־זעהען א קראם פון רייזע קופערס און האט געקויפט א קופער. זי



לענגרי שרייט און רעדט פון היץ.

האָט פערלאַנגט פון דעם קרעמער, אַז ער זאָל איהר מיטשיקען דעם קופער. דערמיט האָט זי בעקומען אַ אינגעל, וועלכער האָט געפיהרט אויף אַ וועגעלע דעם קופער און עמעלינע איז געגאַנגען הינטען און האָט געטראָגען פעקלעך אין די הענד. ווען זי איז געקומען אין אַ קליינעם האָטעל, האָט עס אויסגעזעהען אַז זי איז אַ רייכע דאַמע.

די ערשטע פּערזאָן, וואָס זי האָט דאָרטען בעגעגענט, איז געווען דזשאָרדזש שעלבי, וועלכער האָט דאָרטען געוואַרט אויף די נעכסטע שיף.

קאַסי האָט געזעהען דעם יונגען מאַן פון דעם לאָך אין דער דאַך־שטוב, און זי האָט געזעהען ווי ער האָט אוועקגעפיהרט טאָם׳ס קערפּער. זי האָט אויך געזעהען ווי דזשאָרדזש האָט אויסגעצויגען לעג־רי׳ן אויף דער ערד. אין איהר נאַכט וואַנדלען האָט זי ערפאַהרען פון די נעגערס וועלכע בעציהונגען ער האָט געהאַט צו טאָם׳ען. דערפאַר האָט זי זיך געפרייט וואָס ער וואַרט אויך אויף דערזעלבער שיף.

קאַסי׳ס שטעל און מאַניערען און איהרע גוטע געלד־מיטלען האָבען ניט צוגעלאָזען קיין פערדאַכט געגען איהר אין האָטעל. מענשען קוקען זיך ניט אַזוי איין אויף מענשען, וועלכע קענען גוט בעצאָהלען, אַ זאַך, וועלכע קאַסי האָט עס פאָראויסגעזעהען און האָט זיך דעריבער פערזאָרגט גוט מיט געלט.

אין אָבענד איז אָנגעקומען די שיף און דזשאָרדזש שעלבי האָט אַרויפגעפיהרט קאַסי׳ן אויפ׳ן שיף מיט דער העפליכקייט וועלכע איז אַזוי נאַטירליך ביי די קענטאַקער און האָט זיך בעמיהט איהר אויס־צוזוכען אַ שעהנע קאַיוטע.

קאַסי איז געווען ביי זיך אין דער קאַיוטע די גאַנצע צייט וואָס זי איז געווען אויפ׳ן רויטען טייך. ווייל זי האָט זיך ניט געפיהלט גוט. זי איז געווען בעדיענט פון איהר דיענערין.

ווען זיי זיינען געקומען צום מיסיסיפּי טייך און דזשאָרדזש האָט ערפאַהרען, אַז קאַסי פאָהרט דענזעלבען וועג, האָט ער זיך איהר אָנגעבאָטען צו נעהמען פאַר איהר אַ קאַיוטע אויף דערזעלבער שיף. נאַטירליך האָט עס קאַסי אָנגענומען.

קאַסי׳ס געזונד איז געוואָרען פיעל בעסער. זי איז שוין אַרומ־געגאַנגען אויבען אויפ׳ן שיף, פלעגט געהן עסען אין שפּייזע־זאַל גלייך

מיט אַלע ערשטער קלאַסע פּאַסאַזשירען און איז פון אַלעמען אויפ'ן שיף אַנערקענט געוואָרען אַלס אַ געווענליכע שעהנהייט.

פון דעם ערשטען בליק וואָס דזשאָרדזש האָט אויף איהר געוואָרפען האָט ער פון איהר קיין אויג ניט אַראָפּגענומען. וואו זי איז געשטאַנען און וואו זי איז געגאַנגען האָט ער זי נאָר בעטראַכט. עפּעס אַ מין מאַגנעט האָט איהם געצויגען צו איהר.

קאַסי איז אונרוהיג געוואָרען. זי האָט אָנגעפאַנגען צו דענקען, אַז ער פערדעכטיגט עפּעס, ענדליך האָט זי זיך בעשלאָסען איהם אַלעס צו פערטרויען און זיך אריינגעבען אין זיינע הענד.

דזשאָרדזש האָט זי אויסגעהערט און איז געווען העכסט צופריעדען וואָס זי איז ענטלאָפען פון אַזאַ העלל. ער האָט איהר פערשפּראָכען צו טהאָן אַלעס זי גליקליך צו ברענגען צו איהר ציעל. די צווייטע קאַיוטע פון איהרער איז געווען פערנומען פון אַ פראַנצויזישער דאַמע מיט'ן נאָמען מאַדאַם דע טו, וועלכע איז געווען בעגלייטעט פון אַ פיינער קליינער טאָכטער פון אַ צוועלף יאָהר.

די דאַמע האָט ערפאַהרען פון דזשאָרדזש'ען, אַז ער איז פון קענטאַקי און האָט מיט איהם געמאַכט בעקאַנטשאַפט. דערצו האָט איהר געהאָלפען איהר ליעבליכע קליינע מיידעלע, וועלכע איז געווען געליעבט פון דער גאַנצער שיף וועגען איהרע פרעהליכקייט.

דזשאָרדזש האָט אַלע מאָל געשטעלט זיין שטוהל נעבען איהר קאַיוטע, און קאַסי, וועלכע פלעגט זיצען נעבען דער פאַרענצע פון שיף האָט געקענט הערען זייער אונטערהאַלטונג.

מאַדאַם דע טו פלעגט זיך זעהר נאָכפרעגען וועגען קענטאַקי, וואו זי האָט אין איהרע פריהערדיגע יאָהרען געלעבט. דזשאָרדזש האָט זיך געוואונדערט, דען אויף די פלעצער וואָס זי האָט זיך נאָכגעפרעגט, זיינען איהם אַלע געווען בעקאַנט.

— ווייסט איהר אפשר, האָט איהם מאַדאַם דע טו איין טאָג געפרעגט, פון אַ מאַן אין אייער נאָכבאַרשאַפט מיט'ן נאָמען הערים?

— עס איז דאָ אַן אַלטער קערל מיט דיעזען נאָמען וועלכער וואָהנט ניט ווייט פון מיין פאָטער'ס בעזיצונג, האָט דזשאָרדזש געענטפערט. מיר האָבען אָבער קיין מאָל קיין געשעפטען ניט געהאַט מיט איהם.

— איך האָב געהערט, אַז ער איז אַ גרויסער בעזיצער פון שקלאַ־

ווען, האט מאדאם דע טו געזאגט מיט א טאן, וועלכער האט געצייגט, אז זי האט אין דעם א גרויסען אינטערעס, וועלכען זי האט זיך גע־סטארעט צו פערקוועטשען.

— דאס איז ער, האט דזשארדזש געענטפערט שוין פערוואונ־דערט וועגען דיעזע פראגען.

— האט איהר אפשר געהערט, אדער אפשר ווייסט איהר, אז ער האט געהאט א מולאטא מיט׳ן נאמען הערריס ?

— גאנץ געוויס, — דזשארדזש הערריס, — איך קען איהם גוט. ער האט געהייראט מיין מוטער׳ס דיענערין. אבער ער איז ענטלאפען נאך קאנאדא.

— אזוי ! האט מאדאם דע טו שנעל אויסגערופען. א דאנק גאט !

מאדאם דע טו האט אראפגעבויגען דעם קאפ אין די הענד און האט געוויינט.

— ער איז מיין ברודער, האט זי געזאגט.

— מאדאם ! האט ער געזאגט מיט איבערראשונג.

— יעס, האט מאדאם דע טו געזאגט אויפהייבענדיג איהר קאפ מיט שטאלץ און אפווישענדיג איהרע אויגען ; מר. שעלבי, דזשארדזש הערריס איז מיין ברודער.

— איך בין ווירקליך איבערראשט, האט דזשארדזש געזאגט אפרוקענדיג זיין שטוהל א פאאר טריט און קוקענדיג אויף מאדאם דע טו.

— מען האט מיך פערקויפט אין די סאוטה ווען ער איז נאך גע־ווען א אינגעל, האט זי געזאגט. מיך האט געקויפט א גוטהארציגער מאן. ער האט מיך גענומען נאך וועסט אינדיען ; האט מיך בע־פרייט און האט מיך געהייראט. דא ניט לאנג איז ער געשטארבען. איך בין דאס איצטער געפאהרען נאך קענטאקי איהם אויסצוקויפען.

— איך האב איהם געהערט דערצעהלען פון א שוועסטער עמילי, וועלכע איז פערקויפט געווארען אין די סאוטה, האט דזשארדזש געזאגט.

— דאס בין איך ! האט מאדאם דע טו געזאגט. זאגט מיר, איך בעט אייך, וואס פאר א סארט. —

— זעהר א פיינער יונגער מאן, האט דזשארדזש געזאגט, אונ־

געאַכטעט דעם לאַנגען שקלאַווען יאָך וואָס ער האָט אויף זיך געטראָ־גען. ער האָט געטראָגען זעהר אַ פיינעם כאַראַקטער, איין פערשטאַנד און פרינציפּ. איך ווייס עס, ווי איהר זעהט, ווייל ער האָט געהיי־ראַט אין אונזער פאַמיליע.

— וואָס פאַר אַ מין מיידעל ? האָט מאַדאַם דע טו זשערנע נעפרעגט.

— איין אוצר, האָט דזשאָרדזש געזאָגט, אַ בילד שעהנע, קלו־גע, ליעבענסווירדיג מיידעל. זעהר פרום. מיין מוטער האָט זי ער־צויגען און געלערנט אַזוי גוט ווי איין איינציגע טאָכטער. זי האָט געקענט אויסגעצייכענט לעזען, שרייבען, שטיקען און נייען, און איז געוועזען אַ פיינע זינגערין.

— איז זי געבאָרען אין אייער הויז ? האָט מאַדאַם דע טו גע־פרעגט.

— ניין, דער פאָטער האָט זי געקויפט אין ניו־אָרליענס און האָט זי געבראַכט פאַר אַ פּרעזענט צו מיין מוטער. זי איז געוועזען פון אַכט ביז נייען יאָהר אַלט. דער פאָטער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט זאָגען וואָס ער האָט פאַר איהר בעצאָהלט, אָבער ווען מיר האָבען ניט לאַנג איבערגעקוקט די פּאַפּיערען האָבען מיר געפונען דעם פּאַ־פּיער פון איהר קויפען און מיר ווייסען איצטער אַז ער האָט פאַר איהר בעצאָהלט אַ גרויסע סומע געלד וועגען איהרער שעהנהייט.

דזשאָרדזש איז געזעסען מיט'ן רוקען צו קאַסי'ן און האָט ניט געזעהען מיט וועלכער נייגעריגקייט, מיט וועלכער אונגעדולד זי האָט זיך צוגעהערט צו זיינע רייד.

ביי דיעזען פּונקט האָט זי אָנגעריהרט זיין אָרעם, און מיט אַ בלאַסען פּנים פון זשערנעקייט, האָט זי געזאָגט : קענט איהר די נעמען פון די מענשען, פון וועלכע ער האָט זי געקויפט ?

— אַ מאַן מיט'ן נאָמען סיימאָן, דענק איך, איז געוועזען דער הויפּט מאַכער אין דעם פערקויף. וועניגסטענס, דענק איך, איז דאָס געוועזען דער נאָמען אויף דעם אונטערגעשריעבענעם פּאַפּיער.

— גאָט, מיין גאָט ! האָט קאַסי אויסגערופען. און איז גע־פאַלען חלשות אויף דער פּאָדלאָגע פון דער קאַיוטע.

דזשאָרדזש איז יעצט לעבעדיג געוואָרען און אַזוי אויך מאַדאַם דע טו. כאָטש קיינער פון זיי האָט ניט געקענט בעגרייפען די אורזאַך

פון קאַסי'ס חלש'ן, האָבען זיי דאָך געמאַכט א געטומעל, וועלכער פאַסט זיך אין אזעלכע פעלע; דזשאָרדזש האָט איבערגעקעהרט א קרוג וואסער און האָט צובראָכען א פּאָאָר גלעזער אין דער היץ פון מענשליכקייט, און פערשיעדענע דאַמען פון די קאַיוטען, הערענדיג אַז אימעצער האָט גע'חלש'ט, האָבען זיך פערזאַמעלט נעבען דער טהיר פון דער קאַיוטע און האָבען ווי ווייט זיי האָבען געקענט ניט אַריינגעלאָזען קיין קאָפּ לופט אין דער קאַיוטע. אזוי, דאָס אין אַלע־מען איז אַלעס געטהאָן געוואָרען וואָס מען האָט געקענט ערוואַרטען.

אָרימע קאַסי! ווען זי איז געקומען צו זיך האָט זי זיך אומגע־קעהרט צום וואַנד און האָט געוויינט ווי א קינד — אפשר מוטערס, קענט איהר זאָגען וועגען וואָס זי האָט געוויינט! אפשר ווייסט א י ה ר דאָס ניט, אָבער זי איז געווען זיכער, אַז דאָס איז געווען איהר טאָכטער, און דאָס זי וועט זי, האָפענטליך באַלד זעהען. — ווען? דאָס וועלען מיר זעהען שפּעטער.

---

## דריי־און־פערציגסטער קאַפּיטעל.

## די רעזולטאַטען.

דער סוף פון אונזער געשיכטע וועט באַלד דערצעהלט ווערען. דזשאָרדזש שעלבי, וועמען די געשיכטע פון קאַסי האָט זעהר אינטע־רעסירט, האָט אויס מענשליכקייט איהר אוועקגעשיקט עליזאַ'ס פּאַ־פּיערען, וואו אַלעס איז געווען פערשריעבען און נאָך וועלכע מען האָט זי געקענט לייכט דערקענען. עס האָט זיך נאָר געהאַנדעלט אויסצוגעפינען וואו זיי זיינען.

מאַדאַם דע טו, וועלכע דער צופאַל האָט צוזאַמענגעפיהרט מיט קאַסי'ן, איז אוועק מיט איהר אין קאַנאַדא און האָבען אָנגעפאַנגען צו זוכען עליזאַ'ן מיט איהר מאַן אין די סטאַנציעס וואו די ענטלאָפענע שקלאַווען האַלטען זיך אויף. אין א הערבערג, וואו עליזא האָט זיך צוערשט אָפּגעשטעלט, האָבען זיי אויסגעפונען, אַז זי איז אוועק אין מאָנטרעאַל. א מאַן, א פריינד פון עליזא האָט זיך אונטערגענו־מען זיי צו פיהרען אין מאָנטרעאַל.

דזשאָרדזש און עליזא זיינען שוין געווען פינף יאָהר פריי. דזשאָרדזש האָט געפונען בעשעפטיגונג ביי א פיינעם מאַן אין א מאַ־שין־פאַבריק וואו ער האָט פערדיענט גענוג אויף אויסצוהאַלטען זיין פאַמיליע, וועלכע איז פערגרעסערט געוואָרען דורך א טאָכטער.

דער קליינער הערי איז אריינגעגעבען געוואָרען אין א גוטער שולע, וואו ער האָט זעהר גוט געלערנט.

מאַראַם דע טו און קאַסי זיינען אוועקגעפאָהרען אין מאָנטרעאָל, און אין דער פאָרשטאַדט האָבען זיי געפונען די הויז וואו עליזא האָט געוואוינט.

א פיין געפוצטער צימער מיט א לעבעדיגען פייער אין אויווען און אין א ווינקעל א שעהנער שרייב־טיש בעדעקט מיט ביכער און שרייב מאַטעריאַל, איז געווען דזשאָרדזש'עס שטודיר צימער, וואו ער האָט זיך אָפגעגעבען מיט לייב און לעבען צום שטודירען.

יעצט געפינען מיר איהם ביי זיין שרייב טיש און מאַכענדיג נאָ־טיצען פון א בוך.

— קום, דזשאָרדזש, דו ביזט א גאַנצען טאָג ניט געווען אין דערהיים, לייג אוועק דעם בוך און לאָמיר ריידען. איך וועל דערווייל מאַכען טהעע.

און די קליינע עליזא האָט אונטערגעכאַפּט דער מוטער'ס ווער־טער און איז צוגעגאַנגען צום פאָטער און האָט ביי איהם געשלעפּט דעם בוך, און האָט זיך ביי איהם ארויפגעזעצט אויף די קניע.

— אָה, דו קליינע צויבערין! האָט דזשאָרדזש געזאָגט נאָכגע־בענדיג.

— אָט אזוי, האָט עליזא געזאָגט שניידענדיג א ברויט.

עליזא איז איצטער אביסעל עלטער. איהר געשטאַלט אביסעל פולער. איהרע מינע אביסעל ערנסטער, אָבער ווייטער גאַנץ גליק־ליך, ווי א מענש קען נאָר זיין.

— הערי, מיין יונג, ווי אזוי ביזטו היינט געקומען צו דיעזען חשבון? האָט דזשאָרדזש געזאָגט צו זיין זוהן ארויפלייגענדיג די האַנד אויף זיין קאָפּ.

הערי האָט פערלאָהרען זיינע לאַנגע לאָקען אָבער ער האָט קיינ־מאָל ניט געקענט פערליערען זיינע שעהנע אויגען, וועלכע האָבען גע־בלישצעט מיט זיעג ווען ער האָט געענטפערט: „איך האָב דאָס



דזשארדזש און זיין פאמיליע אין קענעדע.

אלעס אליין געמאכט ; קיינער האט מיר ניט געהאָלפען !

— אזוי איז גוט, האט זיין פאטער געזאגט. פערלאז זיך נאר אויף זיך אליין, מיין זוהן. דו האסט א בעסערע געלעגענהייט ווי דיין ארימער פאטער האט געהאט.

אין דיעזען אויגענבליק האט זיך דערהערט א קלאפ אין טהיר. עליזא איז געגאנגען עפענען און האט זיך זעהר געפרייט, ווען זי האט דערזעהען איהרען מאן'ס פריינד. ער האט איהר געזאגט, אז ער האט מיטגעבראכט צוויי פרויען מיט וועלכע ער וויל זי בעקאנט מאכען. עליזא האט זיי געבעטען זיצען.

אויפ'ן וועג האט דער פריינדליכער מאן מיט זיי אפגעמאכט, אז זיי זאלען באלד ניט זאגען ווער זיי זיינען, די איבערראשונג זאל ניט זיין צו שטארק. ער וועט פריהער מאכען א ריידע און וועט ביסלעכווייז ברענגען צום דערקענען זיך. דער גוטער מאן האט ארויס־גענומען זיין טיכעל און האט זיך אפגעווישט דעם מויל צום אנפאנגען ריידען, אין דעם איז ארייגעקומען דזשארדזש.

ווען מאדאם דע טו האט איהם דערזעהען, האט זי פערגעסען דעם גאנצען פלאן און מיט א געשריי :

— דזשארדזש ! איז זי איהם ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז. אה, דזשארדזש, קענסטו מיך ניט ? איך בין דיין שוועסטער עמיליע !

קאסי איז געזעסען און האט געשוויגען און זי וואלט איהר פראַ־גראמע אויסגעפיהרט ווען עליזא'ס טעכטער'ל וואלט צו איהר ניט צו־געגאנגען און זי ניט אנגעקוקט. זי האט אזוי פינקטליך אויסגעזעהען ווי איהר מוטער איז אמאל געווען אין איהרע יאהרען דאס זי האט זי ארומגעכאפט און האט זי צוגעדריקט צו זיך און האט אויסגערופען :

טהייערינקע ! איך בין דיין מוטער !

מען קען זיך פארשטעלען די סצענע וואס דא איז געווארען. דער פריינדליכער מאן האט דאן אלעס ערקלעהרט און פריידען טרעהרען האבען געפלאסען אהן א שיעור.

ווען דער ערשטער אויסברוך פון פרייד האט זיך אביסעל גע־שטילט, זיינען אלע געזעסען ביים טיש און מען האט געפראוועט א גרויסע מאהלצייט. קאסי האט געהאלטען די קליינע עליזא אויפ'ן שויס און האט זי אזוי געדריקט, אז דאס קינד האט זי פערוואונדערט אנגעקוקט.

אין צוויי, דריי טעג ארום האט זיך מיט קאסי'ן געמאכט אזא ענדערונג, דאס מען האט זי געקענט קוים דערקענען. אנשטאט דעם פינסטערן, טרויעריגען בליק, האט איהר פנים יעצט געטראגען דעם אויסדרוק פון העכסטען גליק און צופריעדענהייט. איהרע גרויסע שווארצע אויגען, וועלכע האבען געשפריצט פייער, זיינען יעצט גע־ווען ווייך און ליעבליך און האבען געקוקט פריי אויף דער גאנצער וועלט.

אין עטליכע טעג ארום האט מאדאם דע טו דערצעהלט איהר ברו־דער פאדראבנע ועגען איהרע געשעפטס־אנגעלעגענהייטען. דער טויט פון איהר מאן האט געלאזען א היפשען פערמעגען, וועלכען זי האט זיך גוטהערציג צוטהיילט מיט זיין פאמיליע. ווען זי האט דזשארדזש'ען געפרעגט, וואס זי קען טהאן פיר איהם מיט'ן געלד, האט ער איהר געענטפערט:

— גיב מיר בילדונג, עמיליע, דאס איז אלעס צו וואס מיין הארץ האט אלע מאל געשטרעבט. דאס איבריגע וועל איך שוין אליין טהאן.

נאך אייניגע בעראטהונגען איז ביי זיי געבליעבען, אז זיי זאלען פאהרען נאך פראנקרייך. זיי זיינען אהין אוועק און מיטגענומען עמעלינע'ן אויך.

מיט איהר שעהנקייט האט עמעלינע געוואונען די הארץ פון איין אפיציער פון שיף, און ווען זיי האבען געלאנדעט, האט ער זי גע־הייראט.

דזשארדזש איז געווען פיער יאהר אין א פראנצויזישען אוניווער־זיטעט און דורך פיעל מיהע און שטרעבונג האט ער בעקומען א הויכע בילדונג. פאליטישע אונרוהען אין פראנקרייך האבען געצוואונגען די פאמיליע צו פערלאזען די לאנד און צו קומען צוריק אהער.

דזשארדזש'ס אנזיכטען און געפיהלען אלס א געבילדעטער מאן קען מען זעהען פון פאלגענדען בריעף, וועלכען ער האט געשריעבען צו זיינעם א פריינד.

„איך בין נאך ניט אין גאנצען זיכער וועגען מיין צוקונפט. עס איז טאקע אמת, ווי דו האסט געזאגט, אז איך קען פערקעהרען אין געזעלשאפטען פון ווייסע. דער קאליר פון מיר און מיין פאמיליע אונטערשיידט זיך זעהר וועניג פון די ווייסע. עס קען זיין, אז אפשר

אין נויטח וואָלט איך עס געטהאָן, אָבער דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך דערצו קיין חשק ניט.

„מיינע סימפּאַטהיען זיינען ניט מיט מיין פּאַטער'ס ראַסע, זאָנדערן מיט מיין מוטער'ס. צו איהם בין איך מעהר ניט געווען ווי אַ פיינער הונד אָדער אַ פערד, אָבער צו מיין אָרימער געבראָכענער מוטער בין איך געווען אַ ק י נ ד, און אָבוואָהל איך האָב זי מעהר ניט געזעהען זייט דעם גרוייזאַמען פערקויף, וועלכער האָט אונז געשיידעט ביז זי איז געשטאָרבען, האָב איך געוואוסט, אַז זי האָט מיך אַלע מאָל הערצליך געליעבט. איך וויים עס פון מיין אייגענער הארץ. ווען איך דענק וועגען אַלע איהרע ליידען און וועגען מיין אייגענע ליידען אַלס קינד, אויך וועגען די שרעקליכע צרות און קעמפּפען פון מיין העלדישער פרוי און פון מיין שוועסטער, וועלכע איז פערקויפט געוואָרען אויף דעם מארק אין ניו־אָרליענס מוז איך זאָגען, אַז איך האָב קיין לוסט ניט זיך אָנצוגעבען אָדער זיך צו בעטראַכטען פאר אן אמעריקאַנער.

„מיין שיקזאַל איז מיט די אונטערדריקטע, פערשקלאַווטע אַפריקאַנער ראַסע, און ווען איך זאָל עטוואָס ווינשען, וואָלט איך געוואונשען צו זיין מיט אַ פּאָאַר גראַד טונקעלער ווי העלער.

„דער וואונש און דער פערלאַנג פון מיין זעעלע איז אַן אפריקאַנער נ אַ צ י אָ ן. איך וויל אַז מיין פאָלק זאָל האָבען אַ שטאַרקע און זיכערע עקזיסטענץ פאר זיך אַליין. אָבער וואו זאָל איך זי זוכען? ניט אין האאיטי, דען אין האאיטי האָבען זיי ניט מיט וואָס אָנצופאַנגען. וואסער קען ניט געהן העכער ווי דער קוואַל איז.

„וואו דען זאָל איך זוכען? ביי די ברעגען פון אפריקאַ זעה איך אַ רעפּובליק — אַ רעפּובליק געבילדעט פון געבילדעטע מענשען, וועלכע האָבען זיך דורך אייגענער מיהע און אויפאָפּפערונג אויסגעבילדעט און זיך ערהויבען איבער דער שטופע פון שקלאַווערייַ. אָנפאַנגס איז דיעזע רעפּובליק געווען שוואַך, שפּעטער אָבער איז זי געוואָרען שטאַרקער און איז אנערקענט געוואָרען אַלס אַ נאַציאָן — אנערקענט פון פראַנקרייך און ענגלאַנד. אַהין וויל איך געהן פאר מיר געפינען אַ נאַציאָן.

„איך וויים, אַז איך וועל אייך אַלע האָבען געגען מיר, אָבער איידער איהר טאַדעלט מיך, הערט מיך אויס. וועהרענד איך האָב

זיך אויפגעהאַלטען אין פראנקרייך, האָב איך מיט טיעפען אינטערעס פערפאָלגט די געשיכטע פון מיין פאָלק אין אַמעריקאַ. איך האָב גע־מערקט דעם קאַמפּף צווישען די אבאָלישאַניסטען און די קאָלאָניזאַ־ציאָניסטען און האָב אַלס אַ צוזעהער פון וויטענס געקענט בעסער בע־טראכטען די זאַך ווי ווען איך וואָלט אַליין אנטהייל גענומען אין דעם קאַמפּף.

„איך גיעב צו, אַז דיעזע רעפּובּליק ליבעריאַ וואָלט געקענט דיע־נען אין די הענד פון אונזערע אונטערדריקער אַלס אַ פּיעלפאכער מיטעל געגען אונז. אָהנע צווייפעל וואָלט דער פּלאַן געקענט געברויכט ווערען אויף אונגערעכטע אַרט צו פערשפּעטיגען אונזער בעפרייאונג. אָבער די פראגע פאר מיר איז: גיעבט עס ניט אַ גאָט איבער אַלע מענשען׳ס פּלענער?

„אין היינטיגע יאָהרען ווערט אַ נאַציאָן געבאָרען אין אַ טאָג. אַ נאַציאָן פאנגט אין היינטיגע צייטען אָן מיט אַלע גרויסע אויפגאַ־בען פון אַ רעפּובּליקאַנישען לעבען און פון ציוויליזאַציאָן פערטיג און אויסגעארבייט. זי דאַרף ניט ערפינדען, זי דאַרף נאָר אָנווענ־דען דאָס וואָס זי האָט. לאָמיר אַלזאָ אַלע צוזאַמענהאַלטען זיך מיט אַלע אונזערע קרעפטען און לאָמיר זעהען וואָס מיר קענען מאכען מיט דיעזער נייער אונטערנעהמונג און דער גאַנצער פּראכטפאָלע וועלט־טהייל אַפריקאַ וועט זיין אָפען פאר אונז און אונזערע קינדער. א ו נ ז ע ר נ א צ י א ן זאָל טרייבען דעם שטראָם פון ציוויליזאַציאָן אין דער לענג פון אַפריקאַ׳ס ברעגען און זאָל דאָרטען פּלאַנצען מעכטיגע רעפּובּליקען, וועלכע זאָלען וואַקסען מיט דער שנעל־קייט פון פּלאַנצען אין די הייסע געגענדען און זאָלען בלייבען פאר אַלע קומענדע דורות.

„דו וועסט זאָגען, אַז איך פערלאָז מיינע פערשקלאַוּוטע ברוי־דער? דאָס איז ניט אַזוי: אויב איך פערגעס זיי איין שטונדע, איין מאָמענט פון מיין לעבען, מעג מיך גאָט פערגעסען! אָבער וואָס קען איך פאר זיי טהאָן דאָ? קען איך צוברעכען זייערע קיי־טען? ניין, ניט איינער אַליין; אָבער לאָמיר געהן און ווערען אַ טהייל פון אַ נאַציאָן, וועלכע וועט האָבען אַ שטימע אין די אסיפות פון די נאַציאָנען, דאַן וועלען מיר קענען ריידען. אַ נאַציאָן האָט אַ רעכט צו דיסקוטירען, צו בעווייזען, צו בעטען און פאָרלעגען

די קריווורעס פון איהר ראַסע, — וואָס דער איינצעלנער קען עס ניט טהאָן.

„ווען איירָאָפּא זאָל אַמאָל ווערען דאָס גרויסע ראַטה־הויז פון די נאַציאָנען, — און איך האָף צו גאָט, עס וועט אַזוי זיין, — ווען שקלאַווערייַ און אַלע אונגערעכטע און אונטערדריקענדע געזעלשאַפט־ליכע אונגלייכהייטען וועלען אָפּגעשאַפט ווערען, ווען די אַנדערע נאַציאָנען וועלען, ווי פראַנקרייך און ענגלאַנד, אַנערקענען אונ־זער טרויריגע לאַגע, דאַן וועלען מיר אין דעם גרויסען קאָנגרעס פון די נאַציאָנען פּאָרלעגען אונזער קלאַגע און מיר וועלען קלאָהר מאַכען די לאַגע פון אונזער פערשקלאַווטער און ליידענדער ראַסע ; דאַן קען עס ניט זיין אַז די פרייע אויפגעקלעהרטע אַמעריקאַ וועט ניט וועלען אָפּווישען פון איהר הערב דעם פלעק וואָס מאַכט זי צו שפּאָט צווישען די נ.צ.יאָנען און איז איין אמת׳ער פלוך אי פאַר איהר אי פאַר די פער־שקלאַווטע.

„אָבער, דו וועסט מיר זאָגען, אונזער ראַסע האָט גלייכע רעכ־טע זיך צו מישען אין דער אַמעריקאַנער רעפּובליק אַזוי ווי די איר־לענדער, די דייטשען, די שוועדען. זאָל זיין, אַז מיר האָבען גע־דאַרפט זיין פריי אום זיך צו קענען בעגעגענען און זיך מישען, — מיר זאָלען קענען שטייגען לויט דעם ווערטה פון דעם איינצעלנעם, ניט קוקענדיג אויף שטאַם אָדער הויט־פאַרב ; און די יעניגע וואָס ענטזאָגען אונז דיעזעס רעכט, זיינען פאַלש צו זייערע אייגענע פּרינ־ציפּען פון מענשליכער גלייכהייט. איבערהויפּט וואָלט מען עס אונז געדאַרפט ערלויבען היער. מיר האָבען מעהר ווי די רעכטע פון געוועהנליכע מענשען. מיר האָבען די פּרעטענזיע פון אַ בעליי־דיגטע ראַסע, וועלכע האָט דאָס רעכט צו פאָדערן פערגיטיגונג. אָבער, וויל איך עס ניט ; איך וויל איין אייגענע לאַנד, אַ אייגענע נאַציאָן. איך דענק, אַז די אַפריקאַנער ראַסע האָט אייגענשאַפטען, וועלכע דאַרפען נאָך ענטוויקעלט ווערען, און וועלכע, ווען אויך זיי זיינען ניט דיזעלבע ווי פון דער אַנגלאָ־זאַקסישער, קענען זיך מאָ־ראַליש ארויסצייגען נאָך פון אַ גרעסערען ווערטה.

„צו דער אַנגלאָ־זאַקסישער ראַסע איז אין איהרע ערשטע צייטען פון קאַמפּף איינפערטרויט געוואָרען דאָס שיקזאַל פון דער וועלט. צו דיעזער אויפגאַבע האָט זיך איהר שטרענגקייט און איהר גרויסע ענער־

גיע זעהר געפּאסט, אָבער איך אַלס אויפגעקלעהרטער מענש ער־וואַרט דעם אַנקומען פון אַנאַנדערער צייט. אויף די גרענעצען פון דיע־זער צייט, האָף איך, שטעהען מיר, און די ליידען וועלכע פיינינגען יעצט די נאַציאָנען זיינען, ווי איך האָף, די געבורטס־שמערצען פון פריעדען און ברידערליכקייט אויף דער גאַנצער וועלט.

„איך האָף, אַז די ענטוויקלונג פון אפריקא וועט געוויס זיין א הויכע. ווען ניט א הערשענדע ראַסע, וועט זי ווענינגסטענס זיין א מענשען־פריינדליכע און גרויסמוטהיגע.

„דו וועסט מיך רופען ענטהוזיאַסט, דו וועסט מיר זאָגען אַז איך האָב זיך ניט איבערלייגט וואָס איך טהו, אָבער איך האָב זיך אַלעס איבערלעגט און בערעכענט. איך געה נאָך ליבעריא, ניט צו זוכען לופט־שלעסער, זאָנדערן צו געפינען א פעלד וואו צו ארבייטען. איך האָף צו ארבייטען מיט לייב און לעבען געגען אַלע שוועריגקייטען, צו ארבייטען ביז מיין טויט. אָט צו דעם צוועק געה איך, און אין דעם האָף איך, וועל איך ניט זיין געטוישט.

„וואָס דו זאָלסט ניט דענקען וועגען מיין בעשלוס, זאָלסטו פון מיר ניט פערשטויסען דיין פריינדשאַפט, און האָב אימער אין זינען, אַז וואָס איך טהו, טהו איך דאָס מיט'ן גאַנצען הארצען פאַר מיין פאָלק.

רזשאָרדזש האררים."

רזשאָרדזש מיט זיין פרוי און קינדער, שוועסטער און מוטער זיינען מיט א פּאָאַר וואָכען שפּעטער אָוועק נאָך אַפריקא. אויב מיר האָבען קיין טעות ניט, וועט די וועלט נאָך פון איהם הערען.

פון אונזערע אַנדערע פּערזאָנען האָבען מיר זעהר ווענינ וואָס צו שרייבען, אויסער א וואָרט וועגען מיסס אָפעליא און טאָפּסי און א קאַפּיטעל וועגען רזשאָרדזש שעלבי.

מיסס אָפעליא האָט מיטגענומען טאָפּסי'ן צו זיך אין ווערמאָנט. דאָרטען האָט זי זיך אויפגעפיהרט גוט און איז געוואָרען בעליעבט אין דער גאַנצער פאַמיליע. און עס איז איהר געווען גאַנץ גוט.

נאָך די נאַכפראַגען, וואָס מאַראַם דע טו האָט געמאַכט ניט לאַנג, האָט זי אויסגעפונען קאַסי'ס זוהן. צו פערדאַנקען זיין ענער־גיע, איז איהם געלונגען צו ענטלויפען, נאָך בעפאַר זיין מוטער, און

ער איז עמפּפאַנגען געוואָרען פון פריינד אין די נאָרד, וואו ער האָט בעקומען א גוטע ערציהונג. ער וועט קירצליך פאָהרען צו זיין פאַמי־ליע אין אפריקא.

---

זיער־און־פערציגסטער קאפּיטעל.

## דער בעפרייער.

דזשאָרדזש שעלבי האָט געשריעבען דער מוטער א פּאָאר ציילען וועלכען טאָג ער קומט אהיים. וועגען דער טויטעס־סצענע פון זיין אל־טען פריינד האָט ער ניט געהאַט קיין הארץ צו שרייבען. ער האָט עטליכע מאָל פּרובירט און האָט נאָר גע'פּועל'ט אז ער איז האַלב דער־שטיקט געוואָרען פון וויינען, און האָט אלע מאָל דערמיט געענדיגט וואָס ער האָט צוריסען דעם בריעף און האָט געווישט די טרעהרען און האָט געמוזט ערגעץ לויפען זיך צו בערוהיגען.

אין מיסעס שעלבי'ס הויז איז געוועזן לעבעדיג דעם טאָג ווען מען האָט ערוואַרטעט דעם יונגען מאַסטער דזשאָרדזש.

מיסעס שעלבי איז געזעסען אין איהר בעקוועמען זאַל, וואו עס האָט געברענט א פריינדליכער פייער צו וואַרעמען דעם צימער וועגען דעם קיהלען הערבסט אבענד. דער טיש איז געווען געדעקט מיט די בעסטע געשיר און טאַנטע קלאָע איז געווען די סאַרווערין.

טאַנטע קלאָע איז געווען ריין אויסגעפּוצט און האָט זיך אונרוהיג געדרעהט ארום טיש און האָט געזוכט עפּעס צו ריידען צו איהר מי־סעס. גאָט, ווי נאַטירליך עס וועט אויסזעהען! האָט זי געזאָגט. איך האָב אוועקגעשטעלט דעם טעלער פונקט ווי ער האָט עס ליעב. ניט וויים פון פייער. מאַסטער דזשאָרדזש האָט אלע מאָל ליעב דעם וואַרעמען פּלאַץ. — סולי, פאַר וואָס האָסטו ניט געבראַכט די קליינע נייע טאַסע, וואָס ער האָט בעקומען א געשענק פון דער מיסיס? איך וועל זי אליין נעהמען. — האָט די מיסיס וואָס געהערט פון מאַסטער דזשאָרדזש? האָט זי ווייך געפרעגט.

— יעס, קלאָע, אָבער נאָר א פּאָאר שורות. ער שרייבט נאָר

אז ער דענקט היינט אבענד צו זיין אין דער היים. — דאָס איז אַלעס.

— ער האָט גאָר ניט געזאָגט וועגען מיין אַלטען ? האָט קלאָע געפרעגט זיך דרעהענדיג אונרוהיג אַרום די געשיר אויפ'ן טיש.

— ניין, קלאָע. ער האָט וועגען קיין זאַך ניט גערעדט. ער האָט געשריעבען, אַז ער וועט אַלעס דערצעהלען, ווען ער וועט קומען אַהיים.

— דערזועלבער מאַסטער דזשאָרדזש. ער האָט אַלעס ליעב צו דערצעהלען אַליין. איך ווייס ניט ווי ווייסע מענשען קענען דער־צעהלען זאַכען אין שרייבען, ווען יעדער וואָרט געהט אַזוי לאַנג־זאַם.

מיסעס שעלבי האָט געשמייכעלט.

— איך דענק יעצט, אויב מיין אַלטער וועט דערקענען אונזערע אינגלעך און די פּיצעלע קינד. יעצט איז פאַלי שוין א גרויסע מיידעל. זי איז יעצט אין דער קיך און זעהט ווי מען באַקט די קוכען. איך האָב יעצט ערשט בעקומען א פאָרם צו מאַכען קוכען וואָס מיין אַלטער האָט ליעב. גראַד אַזעלכע האָב איך איהם מיטגעגעבען ווען מען האָט איהם צוגענומען. גאָט, ערבארמיגער ! ווי האָב איך געפיהלט יענעם טאָג !

מיסעס שעלבי האָט געזיפצט און האָט געפיהלט א שווערע גע־וויכט אויף איהר האַרץ ביי דיעזער עראינערונג. זי איז געווען אונרו־היג זייט זי האָט בעקומען דעם בריעף פון איהר זוהן. דאָס וואָס ער האָט ניט דערמאָהנט וועגען טאָם'ען איז געווען ניט גלאַט.

— האָט די מיסיס בעקומען די פּאַפּיער־געלד ? האָט קלאָע גע־פרעגט ציטערנדיג.

— יעס, קלאָע.

— ווייל איך וויל וויזען מיין אַלטען דיזעלבע פּאַפּיער־געלד וואָס איך האָב בעקומען פון דעם קוכען־בעקער. און דער בעקער האָט מיר נאָך געזאָגט : „הלוואי וואָלסטו בלייבען לענגער, קלאָע." „איך דאַנק אייך מאַסטער, האָב איך געזאָגט, איך וואָלט עס געטהאָן, אָבער מיין אַלטער דאַרף היינט קומען, און די מיסעס קען אָהן מיר מעהר ניט אויסקומען. אָט דאָס האָב איך איהם דערצעהלט. זעהר א גוטער מאַן, דיעזער מאַסטער דזשאָנעס.

קלאָע האָט דורכאויס דערויף בעשטאַנען אַז דיזעלבע געלט זאָל

זיין בעהאַלטען וועלכע זי האָט בעקומען, כדי טאָם זאָל זעהען איהר פעהיגקייט, און מיסעס שעלבי האָט זי נאַטירליך צופריעדען גע־שטעלט.

— ער וועט פאַלי'ן ניט דערקענען, מיין אַלטער. מיין גאָט, עס איז שוין פינף יאָהר ווי זיי האָבען איהם צוגענומען! דאַמאָלס איז זי נאָך געווען אַ ברעקעל; זי האָט נאָך אפילו ניט געקענט שטעהן. איך געדענק נאָך ווי ער פלעגט זיך קראַנק־לאַכען, ווען זי פלעגט וועלען געהן און פלעגט זיך אַלע מינוט איבערקוליענען. אַך גאָט!

דער צופאָהרען פון אַ בריטשקע האָט זיך דערהערט.

— מאַסטער דזשאָרדזש! האָט טאַנטע קלאָע אויסגערופען צו־לויפענדיג צום פענסטער.

מיסעס שעלבי איז צוגעלאָפען צו דער טהיר און איז געווען ארומ־געכאַפּט פון איהר זוהן. טאַנטע קלאָע איז געשטאַנען ווי אויף שפּילקעס און האָט געפרופט צו זעהען אין דער פינסטער.

— אָה, אָרימע טאַנטע קלאָע! האָט דזשאָרדזש געזאָגט צו־געהענדיג צו איהר און נעהמענדיג איהר שווארצע הארטע האנד אין זיינע ביידע. איך וואָלט געגעבען מיין גאַנצען פערמעגען ווען איך וואָלט איהם געקענט ברענגען, אָבער ער איז אוועק אויף אייביג!

אַ ליידענשאַפטליכער געשריי איז ארויס פון מיסעס שעלבי, אָבער טאַנטע קלאָע איז געווען שטיל.

אַלע זיינען אריין אין שפּייזע צימער. דאָס געלט אויף וועלכע קלאָע איז געווען אזוי שטאָלץ איז נאָך געלעגען אויפ'ן טיש.

— נאַט, האָט זי געזאָגט נעהמענדיג דאָס געלט און האַלטענדיג דאָס צו מיסעס שעלבי, איך וויל דערפון מעהר ניט הערען און זעהען. אזוי האָב איך געוואוסט וועט עס זיין, — פערקויפט און ערמאָרדעט דאָרטען אויף די פּלאַנטאַציעס!

קלאָע האָט זיך אומגעדרעהט און איז שטאָלץ ארויסגעגאַנגען פון צימער. מיסעס שעלבי איז איהר לאַנגזאם נאָכגעגאַנגען און האָט גע־נומען איהר האנד און האָט זי צוגעצויגען צו אַ שטוהל און האָט זיך געזעצט נעבען איהר.

— מיין אָרימע, גוטע קלאָע, האָט זי געזאָגט.

קלאָע האָט אָנגעלעהנט איהר קאָפּ אָן איהר מיסעס שולטער און

האט זיך שטארק צו־וויינט. אה, מיסיס! פערצייהט מיר, מיין הארץ איז צובראכען! — דאס איז אלעס!

— איך ווייס דאס, האט מיסעס שעלבי געזאגט, וועהרענד איהרע טרעהרען זיינען געפלאסען, און איך קען לײדער דיין הארץ ניט היילען; זאל דיך גאט היילען!

א ווײלע איז געווען שטיל און אלע האבען געוויינט. דאן האט זיך דזשארדזש אנידערגעזעצט און האט איבערגעגעבען די גריסונגען וואס טאם האט איהם געגעבען פאר'ן טויט.

א מאנאט שפעטער זיינען אין א מארגען אלע דיענער פון שעל־בי'ס בעזיצונג צוזאמענגערופען געווארען אין דעם גרויסען זאל פון הויז צו הערען א פאאר ווערטער פון זייער יונגען מאסטער.

צו אלעמענס איבערראשונג איז ער ערשיענען מיט א פאק פא־פיערען אין האנד, וואס זיינען געווען די בעפרייאונגס פאפיערען פאר יעדערן פון זיי, וועלכע ער האט זיי פארגעלעזען און האט זיי צו־טהיילט אונטער וויינען און יאמערן פון אלע.

פיעלע פון זיי, פון דעסטוועגען, האבען זיך צו איהם געקוועטשט און איהם געבעטען, אז ער זאל זיי ניט אוועקשיקען און האבען איהם געשטעקט די פאפיערען צוריק.

— מיר ווילען ניט זיין פרייער ווי מיר זיינען. מיר האבען גע־האט אלעס וואס מיר האבען געוואלט. מיר ווילען ניט פערלאזען דעם אלטען פלאץ מיט'ן מאסטער און די מיסעס און אלעס איבריגע!

— מיינע גוטע פריינד, האט דזשארדזש געזאגט, אזוי באלד ווי עס איז שטילער געווארען, איהר דארפט מיך ניט פערלאזען. דער פלאץ דארף האבען די זעלבע צאהל מענשען וואס ער האט געהאט. די הויז בלייבט ווי פריהער. אבער איהר זייט יעצט פרייע מענער און פרייע פרויען. איך וועל אייך צאהלען געהאלט אזוי פיעל וויפיעל מיר וועלען מושוה ווערן. דער פארטהייל פאר אייך איז, אז אויב איך וועל ארייגפאלען אין חובות אדער שטארבען. — זאכען וואס קע־נען פאסירען, — קען מען אייך ניט פערקויפען. איך וועל ווייטער אנהאלטען די בעזיצונג, און איך וועל אייך לערנען ווי צו זיין פרייע מענער און פרייע פרויען. איך ערווארט, אז איהר זאלט לערנען מיט חשק און איך האף, אז איך וועל אייך לערנען גוט. און יעצט, מיינע פריינדע, דאנקט גאט פאר אייער גליק און פרייהייט.

אלע האבען געוויינט פאר פרייד.

— נאך איין זאך, האט דזשארדזש געזאגט, ווען די דאנק גע־שרייען צו איהם האבען נאכגעלאזען, איהר געדענקט אלע אונזער גוטען אנקעל טאם?

דא האט זיי דזשארדזש דערצעהלט ווי טאם איז געשטארבען און זיינע לעצטע ווערטער.

דאס איז אויף זיין קבר וואס איך האב געשווארן פאר גאט, אז איך זאל קיינמאל נים האבען קיין שקלאוו, אזוי לאנג ווי איך קען איהם בעפרייען, און קיינער פון מיינע לייט זאל נים קומען דערצו, אז מען זאל איהם אפרייסען פון זיין פאמיליע און ער זאל שטארבען א פערוואגעלטער אויף א פערשאלטענע פלאנטאציע. אלזא ווען איהר געניסט אייער פרייהייט, זאלט איהר געדענקען אז איהר האט דאס צו פערדאנקען יענעם גוטהערציגען טאם'ן און איהר זאלט עס בעצאהלען מיט פריינדליכקייט זיין פרוי און קינדער. געדענקט אן אייער פרייהייט יעדעס מאל וואס איהר זעהט אנקעל טאם'ס קעבין און איהר זאלט זיין אזוי גוט און טריי ווי ער איז געווען.

---

פינף־און־פערציגסטער קאפיטעל.

שלוס־בעמערקונגען.

פערשיעדענע קארעספאנדענטען פון גאנץ אמעריקא האבען זיך ביי דער פערפאסערין פון דיעזען בוך אנגעפרעגט, אויב די געשיכטע איז אמת, און זי וועט געבען איין אלגעמיינעם ענטפער.

די איינצעלנע פאסירונגען וועלכע שטעלען צוזאמען דיעזע ער־צעהלונג זיינען צום גרעסטען טהייל ריכטיג; זיי זיינען פארגעקומען אונטער איהרע אייגענע בעטראכטונגען אדער אונטער די בעטראכטונ־גען פון איהרע פריינד. זי אדער איהרע פריינד האבען בעטראכט פער־זאנען, וועמעס כאראקטער זיינען אין דעם בוך זעהר ריכטיג פאר־געשטעלט. און פיעלע פון די בעשרייבונגען זיינען ווארט פאר ווארט וואס זי אדער איהרע פריינד האבען עס געהערט.

עליזא'ס פערזאן און איהר כאראקטער איז גענומען געווארען פון לעבען. די ערגעבענע טרייהייט און די עהרליכקייט פון אנקעל טאם

איז מעהר ווי איין מאָל געזעהען געוואָרען אין איהר לעבען. אייניגע פון די טיעפע טראַגישע און ראָמאַנטישע בעגעבענהייטען, אייניגע פון די שרעקליכסטע פּאַסירונגען, האָבען זייער גלייכען אין ווירקלי־כען לעבען. דער פּאַרפּאַל ווי די מוטער איז אריבער דעם אָהייאָ טייך אויף די שטיקער אייז איז אַ בעקאַנטער פאַקט. די געשיכטע מיט דער אַלטער פרוע (ניינצעהנער קאַפּיטעל) איז אַ פּאַרפּאַל, וועלכען דער ברודער פון דער פערפאַסערין האָט עס אליין בייגעוואָהנט. פון דער־זעלבער קוועלע איז גענומען געוואָרען די געשיכטע מיט לעגרי: ווע־גען איהם האָט איהר ברודער, וועלכער איז געפאָהרען צו איהם קאָ־לעקטירען, אזוי געשריעבען: ער האָט מיר גאַנץ פּראָסט געגעבען צו פיהלען זיינע קולאַקעס, וועלכע זיינען געווען ווי אַ גרויסער האַ־מער אויף אַ קאָוואדלע, און ער האָט מיר דערצעהלט אַז די האַרטקייט פון די הויט קומט פון קלעפּ וואָס ער גיט די נעגערס. ווען איך האָב פערלאָזען זיין פּלאַנטאַציע, האָב איך אָפּגעאָטהעמט, איך האָב זיך געפיהלט אזוי ווי איך וואָלט זיך מציל זיין פון אַ באַנדע גזלנים אין וואַלד.״

אַז די טרויעריגע ענדע פון אָנקעל טאָמ׳ען האָט זעהר פיעל מאָל איהר גלייכען, זיינען דאָ עדות איבער׳ן גאַנצען לאַנד, וואָס קענען דאָס בעשטעטיגען. עס איז בעקאַנט אַז אין אַלע סאָוטה שטאַאַטען קען דער נעגער קיין עדות נים זיין. הונדערט נעגערס קענען נים זאָ־גען עדות געגען איין ווייסען.

דער עפענטליכער און שענדליכער פערקויף פון מולאַטקעס איז געוואָרען אַ געוועהנליכע זאַך זייט דעם פּאַרפּאַל מיט דעם כאַפּען אויפ׳ן שיף פּוירל. מיר נעהמען ארויס פאָלגענדעס פון אַ רעדע פון דעם אַדוואָקאַט האָריים מאַנן, ער זאָגט: „אין דער קאָמפּאַניע פון זעקס־און־זיעבציג פערזאָנען, וועלכע האָבען אין יאָהר 1848 פּרובירט צו ענטלויפען פון דיסטריקט קאָלאַמביאַ פון דער שיף פּוירל, וועמעס אָפּיציערען איך האָב געהאָלפען פערטהיידיגען, זיינען געווען מעה־רערע שעהנע און געזונטע מיידלעך, וועלכע זיינען ווערטה געווען פּאַר קענער פון מיידלעך פיעל געלט. עליזאַבעט ראָסעל איז געווען איינע פון זיי. זי איז אריינגעפאַלען אין אַ שקלאַוועןהענדלער׳ס לאַפּע און איז בעשטימט געוואָרען פאַר׳ן מאַרק אין ניו־אָרליענס. די הער־צער פון דיעזע וואָס האָבען זי געזעהען זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט

מיטלייד פאַר איהר שיקזאַל. זיי האָבען אָנגעבאָטען אכצעהן הונ־דערט דאָלאַר פאַר איהר בעפרייאונג ; אַנדערע האָבען געבאָטען כמעט מעהר ווי זי איז געוועזן ווערטה, אָבער די חיה רעה פון אַ שקלאַ־ווענהענדלער האָט ניט געוואָלט. מען האָט זי אַוועקגעשלעפּט אין ניו־אָרליענס, אָבער אויף האַלבען וועג האָט זיך גאָט ערבאַרמט אי־בער איהר און זי איז געשטאָרבען. עס זיינען געוועזן נאָך צוויי מייד־לעך אין דערזעלבער קאָמפּאַניע מיט׳ן נאָמען עדמונדסאָן. פאַר׳ן אַוועקשיקען אין מאַרק, איז איין עלטערע שוועסטער געגאַנגען צום מערדערישען שקלאַווענהענדלער צו בעטען פאַר זיי, האָט ער איהר אָנגעפאַנגען צו דערצעהלען וואָס פאַר אַ פיינע קליידער און טהייערע מעבעל זיי וועלען האָבען. זייער בעטען האָט ניט געהאָלפען, מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אין ניו־אָרליענס, אָבער ענדליך זיינען זיי אויסגעלייזט געוואָרען פאַר אַ גרויסע סומע געלט און געבראַכט צו־ריק.״

קען מען דערפון ניט זעהען אַז די געשיכטע פון קאַסי׳ן און עמע־לינע׳ן האָבען אַ גלייכען ?

גערעכטיגקייט און אונפּאַרטייאישקייט פון דעסטוועגען בעוועגט די פערפאַסערין צו ווייזען אַז דער עדעלער כאַראַקטער פון סיינט קלער געפינט אויך אַ גלייכען, וואָס דער פאָלגענדער אַנעקדאָט בעווייזט : מיט עטליכע יאָהר צוריק איז אין סינסינעטי געוועזן אַ יונגער העררר פון די סאָוטה שטאַאַטען מיט אַ לייב־דיענער, וועלכער האָט איהם בעדיענט נאָך פון קינדערוויז אויף. דער יונגער מאַן (דער דיענער) האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט צו געווינען זיין פרייהייט, און איז ענטלאָפען צו אַ קוועקער, וועלכער האָט איהם גענומען אונטער זיין שוץ ; דער קוועקער איז געוועזן בעקאַנט אַלס אַ בעשיצער פון ענטלאָפענע שקלאַווען. דער יונגער העררר איז געקומען צום קוועקער מעלאַבעס. ער האָט זעהר גוט בעהאַנדעלט זיינע שקלאַווען און ער האָט אַנדערס ניט געדענקט, אַז דער קוועקער האָט אָנגערעט זיין דיענער אַז ער זאָל ענטלויפען. אָבער אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ גוטען און גערעכטען כאַראַקטער האָט איהם דער קוועקער דורך לאָגישע ער־קלעהרונגען גלייך בערוהיגט. אַזאַ קלאָהרע לאָגיקע האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געהערט און ער האָט געזאָגט דעם קוועקער, אַז אויב זיין שקלאַוו וועט איהם זאָגען אין די אויגען, אַז ער וויל זיין פריי,

וועט ער איהם בעפרייען. מען האָט באַלד גערופען דעם דיענער. דער יונגער מאַסטער האָט נאַטהאַן׳ען געפרעגט, אויב ער האָט אַמאָל געהאַט איין אורזאַך זיך צו בעקלאָגען געגען שלעכטע בעהאַנדלונג.

— ניין, מאַסטער, האָט נאַטהאַן געענטפערט. איהר זייט אַלע מאָל געווען צו מיר גוט.

— וועל, דען פאַר וואָס ווילסטו מיך פערלאָזען ?

— דער מאַסטער קען שטאַרבען און איך קען קריגען אַ נייען מאַסטער. איך וויל בעסער זיין אַ פרייער מאַן.

נאָך אַ קורצער איבערלייגונג האָט דער יונגער מאַן געענט־פערט.

— נאַטהאַן, אויף דיין פּלאַץ וואָלט איך אויך געטהאָן דאָס זעל־בע. דו ביזט פריי.

ער האָט גלייך אויסגעמאַכט בעפרייאונגס־פּאַפּיערען און האָט געגעבען דעם קוועקער געלט אז ער זאָל נאַטהאַן׳ען אַרויספיהרען אויפ׳ן וועג, אָנצופאַנגען אַ פרייען לעבען. ער האָט אויך געלאָזען אַ פיינעם בריעף פאַר׳ן יונגען מאַן מיט גוטע עצות ווי זיך צו פיהרען. דיעזער בריעף איז אַ לאַנגע צייט געווען ביי דער פערפאַסערין אין האַנד.

די פערפאַסערין האָפט, אז זי האָט געטהאָן גענוג אום צו בע־ווייזען, אז עס זיינען דאָ ערדלע און גוטהערציגע כאַראַקטערע צווי־שען איינצעלנע פּלאַנצערס אין די סאַוטה, אָבער זי פרעגט די יעניגע, וועלכע קענען די וועלט : זיינען דאָ פיעל אַזעלכע כאַראַקטערע ?

פיעלע יאָהרען האָט די פערפאַסערין ניט געוואָלט לעזען און ניט הערען וועגען די שקלאַווערייא, ווייל עס איז געווען פּיינליך פאַר איהר, און זי האָט גערעכענט אז מיט דער אויפקלעהרונג און ציווי־ליזאַציאָן וועט די שקלאַווערייא מוזען פערשווינדען, אָבער זייט דער נייער געזעץ פון 1850 איז פון קאָנגרעס בעשלאָסען געוואָרען, וועל־כער האָט פערבאָטען אויפצונעהמען איין ענטלאָפענעם שקלאַוו, האָט זי נאָר געקענט דענקען, אז די מענשען וואָס האָבען דאָס געטהאָן, ווייסען ניט וואָס די שקלאַווערייא איז, און דערפאַר האָט זי זיך בע־שלאָסען אַרויסצוגעבען די פאַקטען אין דער בעסטער און ערגסטער ליכט. און דאָס האָט זי געטהאָן מיט איהר בוך „אַנקעל טאָמ׳ס קעבין״.

# שלוס־ווארט פון איבערזעצער

מיט איהר שרעקליכער ערצעהלונג האט די פערפאסערין ערזייכט איהר ציעל. עס איז אלגעמיין בעקאנט אז מיט איהר „אנקעל טאם׳ס קעבין" האט זי געגעבען דעם שטארקסטען מעסער שטוים אין דער זייט פון דער אמעריקאנער שקלאווערײ.

דער געפיהל געגען שקלאווערײ האט שוין געשטאמט פון לאנגע יאהרען אין אמעריקא און פיעלע גרויסע מענער זיינען אויפגעטרעטען געגען דעם, אבער די פיהרער פון די שקלאווען שטאאטען אין סאוטה־אמעריקא זיינען געווען צו מעכטיג און עס איז געווען שווער עטוואס אויסצופיהרען; אויסער דעם האבען זיי געהאט א גרויסע מאכט אין דעם קאנגרעס פון די פעראייניגטע שטאאטען. דעם גרעסטען קלאפ האט די שקלאווערײ בעקומען פון דעם נייען געזעץ וואס דער קאנגרעס האט איינגעפיהרט, וועלכער האט געלויטעט, אז יעדער אייגער וואס וועט בעשיצען אדער בעהאלטען איין ענטלאפענעם שקלאוו וועט שווער בעשטראפט ווערען מיט געלט אדער געפענגניס. ביז דער צייט, ווען א שקלאוו איז ענטלאפען אין אנאנדער שטאאט, האט מען איהם גארניט געקענט טהאן, און דער אונגליקליכער שקלאוו האט זיך גע־קענט רעטען פון זיינע פייניגער. מיט דיעזען נייען געזעץ האט מען צוגענומען ביי דעם גוטהערציגען מענשען די מעגליכקייט צו בעשיצען דעם ארימען שקלאוו און ביי דעם שקלאוו דעם לעצטען פונק האפנונג גערעטעט צו ווערען.

דאס האט אויפגעריהרט דאס גאנצע לאנד און דער קאמפף געגען דער שקלאווערײ איז אויפגענומען געווארען מיט מעהר פייער. דא איז ערשיענען „אנקעל טאם׳ס קעבין", און האט געמאכט א גאנצע רעוואלוציע אין דער גאנצער וועלט.

באלד נאך דער ערשיינונג פון דעם בוך איז ערשיענען אויף דער סצענע ד ז ש א ה ן  ב ר א ו ן, א מאן פון זעכציג יאהר, א פאר־

מער פון די פרייע שטאַאטען און ער האָט זיך אַריינגעוואָרפען מיט א העלדישען פייער אין דעם קאַמפּף געגען שקלאַווערײַ. ער האָט מיט זיך געהאַט זיינע פיער זיהן. זעקס יאָהר האָט ער געפיערט איבעראַל זיינע רעוואָלוציאָנערע רעדען, ביז ער האָט געדענקט, אַז עס איז צייט צו מאַכען איין אַלגעמיינעם אויפשטאַנד. ער האָט געהאָפט, אַז די שקלאַווען וועלען זיך אויפהויבען. אין 1859 האָט ער אויף זיין פאַרם אָנגעפאַנגען צו זאַמלען געוועהר און פּראָוויאַנט און צוזאַמענרופען נעגערס. ער האָט געמאַכט א פּלאַן צו בעפאַלען א קליינע פעסטונג שטאָדט און דאָרטען צונעהמען די געוועהר מיט אַלע קריעגס מאַטעריאַלען, און דאַן אָנפאַנגען דעם אַלגעמיינען אויפשטאַנד פון די נעגערס.

אין איין נאַכט איז ער מיט זיעבענצעהן ווייסע, צווישען זיי זיינע צוויי זיהן און א פּאָאַר נעגערס, בעפאַלען די פעסטונג און האָבען זי איינגענומען. די אָפיציערען פון דער פעסטונג האָט ער גענומען געפאַנגען.

די נעגערס האָבען זיך אָבער ניט אויפגעהויבען. אויף מאָרגען זיינען אָנגעקומען מיליטער פון אנדערע שטעדט און ער האָט געקעמפּפט ווי א העלד מיט זיין הייפעל מענשען געגען א געוואַלטיגע איבערמאַכט. זיינעביידע זיהן זיינען געשאָסען געוואָרען און דאַן איז ער אויך פערוואונדעט געוואָרען. ווען מען האָט איהם גענומען געפאַנגען איז איין זוהן געלעגען נעבען איהם א טויטער און דער אַנדערער האָט געהאַלטען אין שטאַרבען ליגענדיג מיט'ן קאָפּ אויף דעם פערוואונדעטען פאַטער'ס ברוסט.

דזשאָהן בראון האָט מען גע'משפּט פאַר פעררעטה און פעראורטהיילט צום אויפהענגען. א קורצע צייט שפּעטער איז ער געהאַנגען געוואָרען.

נאָך זיין טויט איז דער שטורם נאָך גרעסער געוואָרען, דען מען האָט גלייך איינגעזעהען, אַז ער האָט געקעמפּפט פאַר א גערעכטע זאַך און ער איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אַלס א מאַרטירער.

א יאָהר שפּעטער, אין 1860, איז אייבערעהעם לינקאָלן ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאטען. דאָס איז געווען דער טויט־קלאַפּ פאַר דער שקלאַווערײַ, דען ער איז געווען א פייערדיגער געגנער פון שקלאַווערײַ.

די סאוטה שטאאַטען האָבען לאנג געזוכט ארויסטרעטען פון די פעראייניגטע שטאאַטען וועגען דער שקלאווען פראגע, אָבער ווען לינקאָלן איז ערוועהלט געוואָרען, זיינען זיי נאָך לעבעריגער געוואָרען און האָבען זיך פאָרבערייטעט צו א קריעג.

לינקאָלן׳ס פראָקלאמאציע אָפצושאפען די שקלאווערייי און ווען דאָס איז געוואָרען א געזעץ, האָט גלייך ארויסגערופען דעם בירגער־קריעג.

דיעזער שרעקליכער ברודער־קריעג האָט געדויערט איבער פיער יאָהר. איבער א מיליאָן מענשען לעבענס זיינען פערלאָהרען געגאנגען און די לאנד איז כמעט פערוויסטעט געוואָרען. אָבער די פערפלוכטע שקלאווערייי איז אָפגעשאפט געוואָרען.

און דאָס האָט די פערפאסערין פון „אָנקעל טאָם׳ס קעבין״ דער־לעבט צו זעהען מיט איהרע אייגענע אויגען. גיעבט עס נאָך א גרע־סערער פערגעניגען פאר א מענשען וועלכער האָט געאָפפערט יאָהרען לאנגע צייט צו ערגרייכען אזא ערהאבענעם ציעל, דורך וועלכען טוי־זענדער מענשען זיינען בעפרייט געוואָרען פון אזא גרויזאמער און אונמענשליכער בעהאנדלונג ?

י. יאפפא.



# קורצע לעבענס-בעשרייבונג פון הערריעט ביטשער סטאָו.

# קורצע לעבענס־בעשרייבונג פון הערריעט ביטשער סטאָו

---

די פערפאסערין פון אָנקעל טאָם׳ס קעבין איז געבאָרען געוואָרען, דען 14טען יוני 1811, אין ליטשפיעלד, קאָננעטיקאָט. איהר פאָטער איז געוועזן דער גייסטליכער, דאָקטאָר לייטאַן ביטשער, און זי איז געוועזן איינע פון זיינע עלף קינדער.

הערריעט׳ס אנפאנג פון גערענקען הייבט זיך אָן ווען זי איז אַלט געוועזן פינף יאָהר, ווען איהר מוטער איז געשטאָרבען, דאָס איז געוועזן, דען 25טען סעפטעמבער 1816. ווען זי האָט שפעטער בע־שריעבען דיעזען פאָרפאַל, זאָגט זי אזוי וועגען איהר מוטער: „מיין מוטער איז געוועזן איין ענטהוזיאַסטישע גערטנערין און האָט אין דעם אַזוי פיעל געטהאָן וויפיעל די קרעפטען האָבען איהר ערלויבט. איהר ברודער דזשאָהן האָט איהר געשיקט פון נויאָרק אַ קליינעם זעקעל מיט בלומען וואָרצלען. איינער פון הערריעט׳ס ברידער האָט דיעזע וואָרצ־לען ארויסגענומען פון זייער פּלאַץ און האָט איינגערעדט די איבריגע קינדער, אַז דאָס זיינען זיסע ציבעלעס און אַלע גרויסע מענשען עסען זיי. דערויף האָט זיך די גאַנצע קליינע חברה ארויפגעוואָרפען אויף די וואָרצלען און האָבען זיי אין איין אויגענבליק איינגעשלונגען. ערשט נאָכדעם האָבען זיי זיך געוואונדערט, אַז דאָס איז געוועזן צו זיס פאַר ציבעלעס און האָט ניט געהאַט דעם טעם.

„דאָן איז אונזער מוטערס רוהיגעס געזיכט ערשיענען אין דער טהיר; מיר זיינען איהר ענטגעגען געלאָפען און האָבען איהר דער־ציילט פון אונזער ענטדעקונג און ווי אַזוי מיר האָבען אַלע ציבעלעס אויפגעגעסען!

„איך געדענק אויך, אַז דער אויסדרוק פון איהר רוהיגען גע־זיכט האָט זיך אויף אַ האָאָר ניט פערענדערט; זי האָט זיך נאָר

אנידערגעזעצט און האָט געזאָגט : „מיינע ליעבע קינדער, דאָס וואָס איהר האָט געטהאָן טהוט אייער מוטער זעהר לייד ; דאָס זיינען ניט געווען קיין ציבעלעס, זאָנדערן וואָרצלען פון פּראַכטפאָלע בלומען, און ווען איהר וואָלט זיי ניט געטשעפּעט, וואָלט אייער מוטער גע־האַט נעכסטען זומער אין גאָרטען אַזעלכע גרויסע פּראַכטפאָלע רויטע און געלע בלומען וואָס איהר האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהען.״ איך דערמאָהן זיך נאָך ווי נידערגעשלאָגען מיר זיינען אַלע געוואָרען און ווי טרויעריג מיר האָבען אַנגעקוקט דעם ליידיגען זעקעל.

„אַבוואָהל, זאָגט מרס. סטאָו, אונזער מוטערס געגענוואַרט איז פערשוואונדען פון אונזער מיטע, דענק איך אַז די עראינערונג אָן איהר און איהרע ביישפּיעלע האָבען געהאַט מעהר גוטען איינפלוס אויף דער פאַמיליע ווי די לעבעדיגע געגענוואַרט פון פיעלע מוטערס.״

די געגענד פון ליטשפיעלד, קאָננעטיקאַט, וואו הערריעט איז געבאָרען, האָט געהאַט אַ גרויסען עפעקט אויף דער ענטוויקלונג פון איהר כאַראַקטער. איהר לעבענסלענגליכע ליעבע צו דער נאַטור האָט זיך אין איהר ענטוויקעלט נאָך פון דער יוגענד אָן דורך די זעל־טענע שעהנהייט פון ליטשפיעלד׳ס בערג, וואַלד און טייכען. וועגען דעם שרייבט זי :

„מיינע גאַנץ יונגע דערמאָהנונגען וועגען ליטשפיעלד זיינען די פּראַכטפאָלע לאַנדשאַפטען, וועלכע האָבען זיך איינגעדריקט און האָבען געבילדעט מיין געדאַנקען, נאָך איידער איך האָב געהאַט ווערטער אויסצודריקען מיינע געפיהלען אָדער זיך צו געבען רעכענונג פון וואָס איך דענק. אין דער וועסט זייט פון אונז, איז געשטאַנען אַ גלאַטער בארג מיט׳ן נאָמען פּראָספּעקט היל, און שטונדען לאַנג פלעג איך זיצען ביי׳ן פענסטער דענקענדיג און בעוואונדערנדיג דעם צויבערהאַפטען זונענאונטערגאַנג, וועלכער פלעגט דורכשיינען צווי־שען מאַסען וואָלקענס, וואָס האָבען אויסגעזעהען ווי שלעסער מיט טורעמס ארומגערינגעלט פון בערג.

אין דער אַנדערער זייט פון אונז זיינען געלעגען אַנדערע בערג מיט׳ן נאָמען טשעסנאַט הילס, וועמעס זייטען זיינען געווען רייך בעוואַקסען מיט בוימער, וואָס האָבען געוועקסעלט דעם קאָליר און די גרין פון אַ פריהלינג ביז דעם טיעפען קאָליר פון זומער און דאַן צום גלאַנץ פון אַ רעגענבויגען פון הערבסט.״

די הויז, אין וועלכער הערריעט איז געבאָרען, איז אין אנפאנג געווען אַ קוואדראטנע הויז מיט אַ שפּיציגען דאַך. איידער זי איז געבאָרען האָט איהר פאָטער צוגעבויט אַ טהייל, וועלכער האָט געהייסען „דער נייער טהייל“. אין דעם אונטערשטען עטאזש פון דעם נייעם טהייל איז געווען אַ גרויסער זאַל, אין וועלכען היימישע מוזיקאַלישע אבענדע פלעגען געגעבען ווערען.

ווען דיעזער היים האָט מיסעס סטאָו געשריעבען, אַז איהר פאָטער האָט זעהר ליעב געהאַט מוזיק און דאָס זי דערמאָהנט זיך מיט פערגעניגען ווענען איין פאַל אין יענער צייט, דאָס איז געווען ווען איהר פאָטער האָט געבראַכט פון ניו־הייווען אַ פיינע הויכע פּיאַנאָ. קיין זאַך האָט זי ניט אַזוי פֿאַנגעפילט מיט פרייד ווי דיעזער וואונדערבארער אינסטרומענט אין איין אָרימערן דאָרף׳ס גייסטליכען׳ס הויז.

איינער פון הערריעט׳ס ליבלינגס פּלעצער איז געווען איהר פאָטער׳ס שטודיר־צימער. דאָ פלעגט זי זיך פערקריכען אין אַ ווינקעל און פלעגט זיך ארומלעגען מיט ביכער. זי האָט שוין געקענט אַ ביסעל לעזען, פלעגט זי איבערלעזען די נעמען פון די ביכער, וועלכע זי האָט ניט פערשטאַנען.

ווען הערריעט איז אַלט געווען צווישען זעקס און זיעבען יאָהר האָט איהר פאָטער צום צווייטען מאָל געהייראַט. זיין צווייטע פרוי איז געווען מיסס הערריעט פאָרטער פון פּאָרטלאַנד מעין. זי איז געווען בילדשעהן און גוטהערציג און אַלע קינדער האָבען זי געליעבט ווי איין אייגענע מוטער.

ווען הערריעט איז אַלט געווען ניין יאָהר איז זי געווען די בעסטע אין איהר קלאַס אין דער שולע. זי פלעגט מאַכען די בעסטע אויפזעצע. אַלע יאָהר איז געווען אין דער שולע איין אויסשטעלונג פון די בעסטע קאָמפּאָזישאָנס (אויפזעצע) אין וועלכע די בעסטע שילער האָבען גענומען אנטהייל. דיעזען יאָהר האָט דער שול לעהרער מר. בריים, דער בעסטער לעהרער אין דער שולע אין דער ענגלישער ליטעראַטור, געגעבען אַ קאָמפּאָזישאָן אונטער דעם נאָמען:

„קען די אונשטערבליכקייט דער זעעלע איבערצייגט ווערען דורך נאַטור לעהרע“.

מעהרערע פון די יונגע דאַמען האָבען אין שרייבען שטאַרק בע־

הויפטעט, אז מען קען. מר. בריים זעלבסט האָט עס אָפּגעשטריטען. הערריעט האָט זיך צוגעהערט צו אַלע מיינונגען און האָט אויך געענט־פערט אז ניין.

„איך גערענק, שרייבט מיסעס סטאָו, די סצענע ביי דער אויס־שטעלונג, וועלכע איז געוועזן פאר מיר אזוי וויכטיג. דער גרויסער זאל איז געוועזן געפּאקט מיט אלע קענערס פון ליטשפיעלד. פאר זיי זיינען געלעזען געוואָרען אלע אונזערע קאָמפּאָזישאָנס. ווען מיינער איז פאָרגעלעזען געוואָרען, האָב איך בעמערקט ווי מיין פאטער, וועל־כער איז געזעסען ביי מר. בריים'ס רעכטע האנד, איז לעבעדיג גע־וואָרען און איז געוועזן זעהר פעראינטערעסירט, און ווען דער פאָר־לעזען האָט זיך געענדיגט, האָב איך איהם געהערט פרעגענדיג: „ווער האָט געשריעבען דיעזען אויפזאַץ?" איי ער טאָכטער, מיין הערר!" איז געוועזן דער ענטפער. דאָס איז געוועזן דער שטאָלצעסטער מאָמענט אין מיין לעבען."

ווען הערריעט איז אַלט געוועזן צווישען צוועלף און דרייצעהן יאָהר איז זי געקומען צו איהר שוועסטער קאטהערין, וועלכע האָט געעפענט אַ שולע אין הארטפאָרד, קאָננעטיקאָט, אום ביי איהר צו לערנען. הערריעט האָט געהאט אַ פּאָעטישען גייסט און פלעגט שטענ־דיג פאר זיך אלייך שרייבען געדיכטע, אָבער איהר שוועסטער האָט איהר דערפון אָפּגעהאַלטען און האָט איהר געראטהען זיך אָפּצוגעבען מיט רעליגיעזע זאכען, וואָס זי האָט אויך געטהאָן.

נאָך איהר פיעלען ארומרייזען האָט מיסעס סטאָו, אין 1832, בעזוכט איהר ברודער וויליאם אין ניו־פּאָרט, ראָד איילאנד, און וועה־רענד זי איז געוועזן דאָרטען האָט זי פערפאסט אַ קליינע געאָגראַפיע. דאָס איז געוועזן איהר ערשטער ביכעל, וועלכער איז געדרוקט גע־וואָרען אין 1833.

איהר פאָטער, דאָקטאָר בּיטשער, איז געוועזן אַ פּראָטעסטאנטי־שער גייסטליכער און האָט אַטאַקירט די קאטהאָלישע רעליגיאָן וואו ער האָט נאָר געקענט. זיין טאָכטער ווידער, וועלכע איז אויך גע־ווען אַ פּראָטעסטאנטין, האָט ניט אטאקירט די קאטהאָלישע רעליגיאָן און דערפאר האָבען זי די קאטהאָלישע גלחים געשעצט.

הערריעט איז די גאנצע צייט פון איהרע יוגענד יאָהרען געוועזן אַ שול־לעהרערין, און איהר הויפּט אונטערריכט איז געוועזן רעליגיאָן,

ווייל זי איז געווען זעהר פרום. אין די בריעף צו איהרע שוועסטער און ברידער בעקלאָגט זי זיך זעהר אויף איהר שווערע און לאנגווייליגע ארבייט. וועגען צושטרייאונג פלעגט זי שטענדיג שרייבען, סקיצען, קליינע ארטיקלען און פּאָעזיע פלעגט זי אוועקגעבען צו וואָהלטהעטיגע געזעלשאַפטען, וועלכע פלעגען דאָס דרוקען און מאכען געלד דערפון. דערוויל איז הערריעט'ס נאָמען בעקאַנט געוואָרען.

ווען הערריעט איז אין 1836 געקומען אין סינסינעטי האָט זי בעקומען די טרויעריגע נאכריכט, אז מיסעס סטאָו, איהר אינטימע פריינדין, איז געשטאָרבען. די פערשטאָרבענע איז געווען די פרוי פון פּראָפעסאָר קאַלווין עלליס סטאָו; זי ווערט אזוי בעשריעבען, — א דעליקאַטנע, שעהנע קליינע פרוי, בלויע אויגען, רויט־ברוינע האָאָר, שעהנע הויט פארב, פיינער קאָליר, א שעהנער קליינער מויל, פיינע צייהן, זעהר אינטערעסאַנטע און איינפאכע מאַ־ניערען.

איהר פערלוסט האָט דעם פּראָפעסאָר סטאָו כמעט משוגע גע־מאכט, און ווען הערריעט איז געקומען אין סינסינעטי איז זי געוואָ־רען זיין טרייסטערין. אין צוויי יאָהר האָט זיך זייער פריינדשאַפט ענטוויקעלט צו א ליעבע און זיי האָבען זיך פערלאָבט. א קורצע צייט פאַר איהר הייראַט שרייבט הערריעט צו איהרער א פריינדין פאָלגענדעס:

„טהייערע פריינדין, אין א האלבע שטונדע ארום וועט דיין פריינדין און שול קאַמעראַדין הערריעט ביטשער וועקסלען איהר נאָ־מען צו אַנאַנדערן. טהייערע, דו ביזט פערלאָבט און אין א יאָהר אָדער צוויי וועסטו אויך האָבען דעמזעלבען שיקזאַל, און ווילסטו ווי־סען ווי דו וועסט פיהלען? וועלל, מיין טהייערע, פאַר דיעזער צייט האָב איך געציטערט; איך בין די לעצטע וואָך ניט געשלאָפען נעכט און האָב געקלעהרט ווי אזוי וועל איך איבערקומען דיעזען שווע־רען קריזיס, און אוּ! עס איז געקומען און איך הייב גאָרניט אָן צו פיהלען. די חתונה וועט זיין א היימישע. קיינער וועט דערביי ניט זיין אויסער מיינע שוועסטער און ברידער, קיינער פון מיינע פיעלע פריינד און בעקאַנטע, וועלכע האָבען גענומען גרויסען אינטע־רעס אין מיין פערבינדונג, וויסען ניט דעם טאָג פון מיין הייראַט, און עס וועט געמאכט ווערען נאָך איידער זיי וועלען עפּעס וויסען."

דיעזער בריעף איז ניט אוועקגעשיקט געוואָרען און שפּעטער האָט זי צוגעשריעבען :

„דריי וואָכען זיינען פערגאַנגען זייט איך האָב געשריעבען דעם בריעף, און מיין מאַן און איך זיצען יעצט ביי אונזער קאָמין אַזוי היימיש ווי אַ פּאָאָר היימישע עופות ; ער שרייבט אַ בריעף צו זיין מוטער און איך צו דיר.

ווען פּראָפעסאָר סטאָו איז געפאָהרען נאָך אייראָפּאַ, איז מיסעס סטאָו אוועק צו איהר פאָטער. דאָ האָט זי געשריעבען פאַר פערשיעדענע זשורנאַלען און צייטונגען. אין אַ בריעף צו איהרער אַ פריינדין שרייבט זי פאָלגענדעס וועגען די ערשטע יאָהרען פון איהר פאַמיליען לעבען : ווען איך בין געווען אַלט פינף און צוואַנציג יאָהר האָב איך געהייראַט אַ מאַן, וועלכער איז געווען רייך אין גריכיש, העברעאיש, לאַטיין און אַראַביש און קיין אַנדערע רייכטהימער. ווען מיר האָבען אָנגעפאַנגען אונזער הויז־ווירטהשאַפט איז מיין גאַנצער סקלאַד פון געפעס פאַר'ן זאַל און פאַר דער קיך געקויפט געוואָרען פאַר עלף דאָלאַר. דאָס האָט געדיענט צוויי יאָהר זעהר שעהן ביז מיין ברודער האָט געהייראַט און ער און זיין פרוי זיינען אונז געקומען בעזוכען. איך האָב דאַן אויסגעפונען, דאָס איך האָב ניט געהאַט ניט קיין טעלער און ניט קיין טאַסען צו שטעלען אויפ'ן טיש פאַר מיין פאָטערס פאַמיליע. דאָ האָב איך זיך בערעכענט, אַז איך מוז פערשטאַרקען מיין ווירטהשאַפט און האָב צוגעקויפט נאָך פאַר אַ צעהן דאָלאַר געשיר ; דאָס איז מיר שוין געווען גענוג פאַר פיעלע יאָהרען.

„אָבער דערפאַר בין איך רייך געוואָרען מיט אַנאַנדער מין פערמעגען. צום אָנפאַנג האָב איך געהאַט אַ צווילינג פון צוויי טעכטער מיט געקרייזעלטע קעפּ, און ביסלעכווייז איז מיין סקלאַד פון דיעזער סחורה געוואַקסען ביז איך בין געוואָרען די מוטער פון זיעבען קינדער, פון וועלכער דער שעהנסטער און דער ליעבליכסטער ליעגט בעגראָבען נעבען מיין וואָהנונג אין סינסינעטי.

איך האָב געוואָהנט אין לאַנד, צוויי מייל פון סינסינעטי, און אַזוי ווי עס איז זעהר שווער צו קריעגען אַ דיענער אפילו אין סינסינעטי, איז אַזוי גוט ווי אונמעגליך צו קריעגען אַ דיענסט אין לאַנד, אפילו פאַר די וואָס קענען גוט בעצאָהלען. וואָס האָט מען געקענט

ערוואַרטען פון מיר אַרימער, וועלכע האָט געהאט זעהר ווייניג וואָס אַנצובאַטען ?

וואָלט עס ניט געוועזען מיין טהייערע פריינדין אַנאַ, איין ערעל־האַרציגע ענגלישע מיידעל, וועלכע איז געקומען אין אמעריקא אָרעם און אונגליקליך און וועלכע האָט זיך צו מיר צוגעקלעפט ווי רות צו נעמי׳ן, וואָלט איך קיין מאָל ניט געקענט אריבערטראַגען די לאַסט, וועלכע די אונגעוויסהייט און דער פעהלען פון א דיענער האָבען אויף אונזביידען ארויפגעלייגט.״

אין זומער 1837 האָט איהר שוואַכע געזונד געצוואונגען מיסעס סטאָו אויפצוגעבען איהר הויז־ווירטהשאַפט און אוועקצופאָהרען צו איהר ברודער, דעם רעווערענד וויליאַם ביטשער אין פיטנאַם, אָהייאָ.

מיט דעם וואָס מיסעס סטאָו האָט זיך אריינגעגעבען מיט לייב און לעבען אין דער אבאָלישאָניסטען בעוועגונג האָט עס אָנגעגריפען איהר געזונד. אין דיעזער בעוועגונג האָבען געמומען אנטהייל איהר גאַנצע פאַמיליע און אויך איהר מאַן. פון איבעראל זיינען פון איהרע פריינד צו איהר געקומען בריעף פון דעם ערפאָלג וואָס די בעוועגונג האָט גע־מאַכט.

אין יאַנואַר 1838 איז הענרי עלליס, איהר דריטעס קינד געבאָ־רען. אין מאַי 1840 איז איהר נאָך א זוהן געבאָרען געוואָרען און מען האָט איהם א נאָמען געגעבען פרעדעריק ווילליאַם אין אַנדענקען פון פרייסישען קעניג פון דיעזען נאָמען, ווייל פראָפעסאָר סטאָו האָט זעהר געאַכטעט דיעזען קעניג.

אין 1843, עטליכע וואָכען בעפאָר דער געבורט פון איהר דריי־טער טאָכטער דזשאָרדזשיאַנאַ מעי, איז מיסעס סטאָו געטראָפען געוואָרען ווי פון א שרעקליכען דונער קלאַפ ; איהר ברודער, דער רעווערענד דזשאָרדזש ביטשער האָט זיך טויט־געשאָסען אין זיין איי־גענעם גאָרטען.

נאָך דריי יאָהר, וועלכע זיינען געווען אָנגעפילט פאַר איהר מיט אַלע מעגליכע צרות, אָרימקייט און קראַנקהייט, שרייבט מיסעס סטאָו : „צו אַלע צרות וואָס איך האָב געהאט דאנק איך גאָט וואָס ער האָט מיר געגעבען אַזעלכע פריינד. עס איז ניט געווען איין טאָג דיעזען ווינטער וואָס איך האָב עס ניט געזעהען. א פריינד איז אַלע

מאָל געקומען מיך אויפמונטערן און מיר העלפען, און מיר האָט גאָר־ניט געפעהלט.

ווען עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אז זי מוז זיך פאָהרען קורי־רען דורך א וואסער־היילונג אין בראטלעבאָראָ, ווערמאָנט, האָבען איהר די פריינד אויסגעהאָלפען מיט געלד. וועגען דעם שרייבט זי צו איהר מאַן: דיין בריעף פון פיטסבורג האָט מיך זעהר געטרייסט. ווען איך בין געקומען צוריק פון שיף מיט וועלכער דו ביזט אָפּגעפאָה־רען, האָב איך געפונען אויף דער פּאָסט א בריעף פון מיסעס בולל פון נויאָרק מיט פופציג דאָלארס. אין אנאנדער בריעף פון מיסעס דעווערא, נאָרד קאראָליינא, אויך פופציג דאָלארס. דערצו נאָך קלענערע סומען פון אנדערע. מיין הארץ איז געווען פול מיט דאנק צו גאָט. אזוי ווייט ווי איך געדענק, קען איך קיינעם ניט פון דיעזע בעלי מנדבים.״

ווען איהר וואסער־היילונג האָט שוין געהאלטען ביין ענדע שרייבט איהר פּראָפעסאָר סטאָו: „און יעצט, מיין טהייערע פרוי, וויל איך, אז דו זאָלסט קומען אהיים אזוי שנעל ווי מעגליך. דער אמת איז, אז איך קען ניט לעבען אָהן דיר, און ווען מיר וואָלטען ניט געווען אזוי משונה׳דיג ארעם, וואָלט איך דיך געפאָהרען גלייך אָפּנעהמען. עס גיעבט ניט אין דער גאנצער וועלט אזא פרוי ווי דו. ווער נאָך האָט אזוי פיעל טאלאנט און אזוי וועניג שטאָלץ; אזא גרויסע רעפּוטאציאָן און אזוי וועניג צוגעבונדענהייט; אזוי פיעל ליטעראטור און אזוי וועניג אונזינן; אזוי פיעל אונטערנעהמונג און אזוי וועניג אויסבערענגעריי; אזוי פיעל רייד און אזוי וועניג בייזערן זיך; אזוי פיעל זיסקייט און אזוי וועניג ווייכקייט; אזוי פיעל פון א מאסע זאכען און אזוי וועניג פון אזוי פיעל אנדערע זאכען.״ דערויף האָט איהם מיסעס סטאָו געענטפערט „איך האָב דערציילט בעלל׳ען, אז איך האָב ניט געוואוסט ביז איך בין אוועק אויף וויפיעל איך בין געווען אָפּהענגיג פון דיין אויפקלעהרונג. עס זיינען דאָ א טויזענד געגענשטענדע, איבער וועלכע איך וואָלט בעסער גע־וואָלט ריידען מיט דיר איידער מיט אימעצען אנדערס. ווען דו וואָלסט שוין ניט געווען מיין פיעל געליעבטער מאַן, וואָלט איך זיך געוויס פערליעבט אין דיר״. מיסעס סטאָו איז געווען גאנץ געוויס געאכטעט אין איהר אייגענער פאמיליע נאָך איידער די וועלט האָט זי געקענט.

קורץ פאַר איהר קומען צוריק פון בראַטלעבאָראָ, שרייבט מיסעס סטאָו צו איהר מאַן: „קומענדיג צוריק צו מיין פאמיליע, פון וועלכער איך בין געווען אזוי לאַנג געשיידעט, פיהל איך א היי־ליגע נייע פעראַנטוואָרטליכקייט. עס שיינט מיר אז עס איז מיר ניט בעשערט לאַנג צו לעבען; אויף יעדען פאַל איז דער געפיהל שטארק אין מיין געדאַנקען דאָס איין ארבייט איז מיר געגעבען געוואָ־רען אין די הענד, וועלכע איך מוז ערנסט אין קורצען ענדיגען. קיין זאַך איז ניט גרויס אָדער גלענצענד אין דער וועלטס אויגען; עס ליעגט אין א קליינעם פאמיליען צירקעל, פון וועלכען איך בין גע־רופען צו זיין דער מיטעלפונקט”.

דיעזער בריעף איז געשריעבען געוואָרען נאָר זעקס יאָהר איידער „אָנקעל טאָם'ס קעבין” איז געדרוקט געוואָרען.

גאַנצע זעקס מאָנאַט נאָך איהר קומען פון דער וואסער־היילונג זיינען איהרע אויגען אזוי אָנגעגריפען געוואָרען, דאָס זי האָט גע־קענט זעהר וועניג שרייבען. איהר געזונד האָט זיך פון דעסטוועגען פיעל פערבעסערט נאָכדעם ווי איהר דריטער זוהן סעמיועל טשארלעס איז געבאָרען געוואָרען, אין 1848.

ענדליך איז דער פּראָפעסאָר צוזאַמענגעבראָכען געוואָרען און איז אויך אוועק זיך קורירען אין בראַטלעבאָראָ. מיסעס סטאָו שרייבט צו איהר פריינד, דאָס זי איז אין גאַנצען צובראָכען פון דער לאַסט וואָס אויף איהר איז געפאַלען. צום שלוס שרייבט זי מיט דער צו־ריקגעקעהרטער פריילעכקייט פון אמאָליגע יאָהרען: „וועלל, דזשאָר־דזי, איך בין זיעבען און דרייסיג יאָהר אַלט! איך בין דערפון צו־פריעדען. איך ליעב צו זיין אַלט און האָבען זעקס קינדער און א מאַ־סע זאָרג. איך וואָלט וועלען, אז דו זאָלסט מיך זעהען מיט מיין משפחה ארום מיר. זיי פערשאַפען מיר אַלע מיינע זאָרג און ווען זיי וואָלטען אוועק, וואָלט איך מיך געפרעגט „וואָס דאַרף מען איצטער טהאָן? זיי זיינען מיין שפּונג, איבער וועלכער איך ציטער און שרעק זיך”.

אין 1849 ווערענד פּראָפעסאָר סטאָו איז נאָך געווען אין בראַט־לעבאָראָ און מיסעס סטאָו מיט די זעקס קינדער און די טרייע אַנא האָבען געקעמפּפט געגען דער נויטה אין סינסינאַטי, האָט א שרעק־ליכע כאָלערא אויסגעבראָכען אין דער שטאָדט. די קראַנקהייט איז

געוועזן אנשטעקענד און גיפטיג. מענשען זיינען געפאלען טויט אין גאס. טרונעס מיט טויטע זיינען געשטאנען אויפגעשטאפעלט ביי יע־דער הויז און האבען געווארט אויף דעם וואגען, אז מען זאל זיי צו־נעהמען צום בעערדיגען. קינדער האבען זיך אמוזירט מיט דער אויפ־רעגונג און פלעגען אלע מאל אריינלויפען אין הויז און דערציילען ווי־פיעל טרונעס מען האט פערביינעפיהרט אין א האלבע שטונדע. גרויסע בערג קוילען האבען טאג און נאכט געברענט ביי די עקען פון די גאַ־סען און די סקווערס (פלאשטשאדס) און די לופט האט געטראגען א טויטליכע שטיקונג, וועלכע האט געוואויגען ווי בליי אויפ'ן קאפ און אויף דער הארץ. די טויטעס־פעללען זיינען געוואקסען ביז הונדערט און זעכציג אין איין טאג. און דאך האבען זיך אלע געפונען וואויל אין סטאו'ס הויז, און דער מלאך המות איז נאר פערביינעגאנגען די טהיר. דאן זיינען הונדערט און צוואנציג טויטע א טאג געווארען א געוויינליכע צאהל. מענשען זיינען געוואוינט געווארען צו דער לאגע. ווען שכנים האבען זיך בעגעגענט אין גאס, האבען זיי זיך געמיטהליך אונטערהאלטען וויפיעל טויטע זיינען געווען אין דיעזער אדער יענער הויז. כאלערא דיעטען, כאלערא מעדיצין, כלאריד קאלך, בעערדי־גונג, איז געוועזן דער הויפט פונקט פון אונטערהאלטונג. ערנסטע און רעליגיעזע פערזאנען האבען געמאכט בעמערקונגען, וועלכע האבען זיך געפאסט צו דער געלעגענהייט.

דאן זיינען דער קליינער סעמיועל טשארלעס און הענרי ביידע קראנק געווארען. דער קליינער הונד דייזי, וועלכען אלע האבען געליעבט און וועלכער האט אלעמען געליעבט, איז אויך קראנק גע־ווארען מיט דער שרעקליכער קראנקהייט און איז געוועזן טויט אין שרעקליכע קרעמפפען אין א האלבע שטונדע. דער קליינער טשארלס איז געשטארבען באלד נאך איהם. מיסעס סטאו שרייבט צו איהר מאן אין בראטלעבארא: „ענדליך איז אלעס פערביי און אונזער טהייערער קינד איז פון אונז אוועק. מיין טשארלי, מיין שעהנער, געליעבטער גוטער קינד, אזוי ליעבליך, אזוי זיס, אזוי פול מיט לעבען, מיט קראפט. — יעצט ליעגט ער א בלייבער און קאלט אין א צימער אונ־טען . . . איך שרייב אזוי ווי עס וואלטען ניט געוועזן שמערצען ווי מיינע שמערצען, דאך איז עס געוועזן אין דיעזער שטאדט אזוי ווי אין עגיפטען כמעט קיין הויז אהן א טויטען. דיעזער הארץ־ברעכען,

דיעזער ליידען איז געווען איבעראל און וואס וועט זיין דער סוף, ווייס גאט."

א קליינער פארפאל, וועלכער האט געשיינט צו זיין אונבעדייטענד, האט געמאכט אזא איינדרוק אויף מיסעס סטאו, דאס ער איז ביי איהר געבליעבען לאנגע יאהרען אין זכרון. דאס איז געווען אין דער צייט, ווען זי איז געפאהרען מיט איהרע פינף קליינע קינדער פון סינסינעטי נאך בראנסוויק. גאנץ פריה האט זי זיך געפונען מיט איהרע פינף קינדער אויף דער אייזענבאהן סטאנציע. זי איז געזעסען אויף איהרע פעקלעך, איהרע קינדער ארום זיך און האט אויסגעזעהען ארעם. אין דיעזער שטעלונג האט זי בעמערקט דער אגענט פון דער סטאנציע. זי איז איהם מסתמא ניט געפעלען געווארען, דען ער איז צוגעגאנגען און האט זי געפרעגט וואוהין זי פאהרט און פון וואנען זי פאהרט. ווען זי האט איהם רוהיג און קורץ געענטפערט אויף זיינע פראגען, האט זיך דער שטיקעל בעאמטער אומגערעהט און איז אוועקגעגאנגען. דאס איז געווען הערריעט ביטשער סטאו צוויי יאהר פאר דעם ערשיינען פון „אנקעל טאם'ס קעבין". אז דיעזער פייערדיגער קליינער וואך־הונד פון בכבוד'ע לייט האט זיך געפונען בערעכטיגט אויף איהר צו בילען האט זי פיעל מאל נאך דעם געמאכט שמייכלען.

„איהר ווילט אלזא וויסען וואס פאר א סארט פרוי איך בין, האט זי געשריעבען צו מיסעס פאללען באלד נאכדעם ווי „אנקעל טאם'ס קעבין" איז ערשיענען. וועלל, אויב איהר ווילט עס וויסען, קען איך אייך בעפריעדיגען. איך בין א קליינע שטיקעל פרוי, עטוואס מעהר ווי פערציג און אזוי דין און טרוקען ווי א שמעק טאבאק. אין מיינע בעסטע יאהרען איז ניט געווען פיעל וואס צו זעהען אויף מיר, און יעצט בין איך איין אפגענוצטער ארטיקעל."

דאס איז געווען די הערריעט ביטשער סטאו, וועלכער דער זעהר פלייסיגער סטאנציע בעאמטער האט געפונען זיצענדיג אויף איהרע פעקלעך ארומגערינגעלט פון איהרע פינף קינדער אין דעם במורגעם אפריל מארגען, אין 1850 יאהר.

צוויי יאהר שפעטער האט דיעזע קליינע פרוי, „פונקט אזוי דין און טרוקען ווי א שמעק־טאבאק" געשריעבען א געשיכטע מיט'ן נאמען „אנקעל טאם'ס קעבין". קוקענדיג צוריק אויף דיעזער צייט,

מעהר ווי דרייסיג יאָהר נאָכהער, שרייבט זי : „אָנקעל טאָם׳ס קעבין״ איז געדרוקט געוואָרען דעם 20טען מערץ 1852. די אנגסטען פון דער פערפאַסערין, אויב איהר בוך וועט געלעזען ווערען אָדער אויב מען וועט צוהערען צו איהר אויפרוף זיינען באַלד פערשוואונדען געוואָרען. אין עטליכע טעג זיינען איבער צעהן טויזענד ביכער פערקויפט געוואָרען און איבער דריי הונדערט טויזענד אין א יאָהר. אכט גרויסע דרוק מאשינען האָבען געארבייט טאָג און נאכט און האָבען קוים געקענט נאָכקומען דעם פערלאַנג פון די ביכער.

די ווירקונג פון דעם בוך איז געוועזען אזוי ווי דער גליהען פון א פייער׳ל אונטער א וואלד מיט טרוקענע האָלץ. דער הימעל האָט געגליהט מיט די שטורמישע געפיהלען וועלכע האָבען געשוועבט איבעראַל און זיינען זאָגאר אריבער דעם גרויסען אָקעאַן, ביז עס האָט געשיינט, אז די גאַנצע וועלט האָט מעהר ניט גערעדט ווי ארום דעם. דאַן האָבען גאַנצע מאַסען מענשען אָנגעפאנגען צו פרעגען, ווער האָט די זאַך געמאכט ? ווער האָט אָנגעצונדען די וועלט ? און, אוף ! דאָרטען שטעהט געגען דער גרויסער ליכט „א קליינע שטיקעל פרוי . . . פונקט אזוי דין און טרוקען ווי א שמעק־טאַבאַק.״

דאָס איז געוועזען הערריעט ביטשער סטאָו. אזוי ווי דער גערויש פון מעכטיגע ווינטען, אזוי ווי דער שטראָם פון וואסערן, איז ארויפגעשטיגען פון אויף דער ערד א געטומעל פון מענשליכע שטימען. דאָס זיינען געוועזען שטימען פון וויינען, דער געשריי פון די יעניגע, וואָס האָבען געזאָגט : קען גאָרניט געטהאָן ווערען אום אָראָפּצו ווישען די פערפלוכטע שקלאַווערייו פון דער ערד׳ס פלעכע ? דאַן האָט געפּאָלגט דער אויסברוך פון צאָרן און פון האס און פּראָטעסט. די העלל איז אויפגערודערט געוואָרען אין איהר סאַמע טיעפקייט און זי האָט געשפּיען מיט קללות און פלוכען.

הערריעט ביטשער סטאָו איז פערפלייצט געוואָרען מיט בריעף פון אלע עקען פון דער וועלט, וועלכע האָבען זי געלויבט ביז׳ן הימעל. זי האָט אָבער געהאט געגנער אויך. דאָס זיינען געוועזען די שקלאַווען־האַלטער און זייערע שטיצער. זיי זיינען אויף איהר ארויפגעפאַלען מיט זלזולים און פערליימדונגען. די פּאָליטיקער און זייערע גלחים האָבען זי פערדאַמט און אין פערשיעדענע סאַוטה שטאַאַטען האָט מען פערבאָטען צו פערקויפען „אָנקעל טאָם׳ס קעבין״.

אין איין יאָהר איז די אונבעקאַנטע קליינע פרוי געוואָרען א פערזאָן פון אינטערנאציאָנאַלער וויכטיגקייט. ניט נאָר איז איהר בוך געלעזען געוואָרען פון דער גאַנצער וועלט מיט אינטערעס, ער איז נאָך אויפגענומען געוואָרען אַזוי ערנסט, דאָס ער איז געוואָרען אין דער גאַנצער וועלט א פּאָליטישע און מאָראַלע קראַפט.

ווען מיסעס סטאָו האָט נאָכדעם בעזוכט ענגלאַנד, איז זי דאָרטען עמפּפאַנגען געוואָרען פון די גדולים פון ענגלאַנד מיט דער גרעסטער עהרע, אַזוי ווי זי וואָלט געווען א קעניגין. דעם זעלבען עמפּפאַנג האָט זי געהאַט אין פראַנקרייך אויך.



# וועגען די פערזאנען פון „אנקעל טאם'ס קעבין".

---

דאס ווערק וואס די שרייבערין האט פערעפענטליכט, איז ניט געשריעבען געווארען מיט פערגעניגען, זאנדערן מיט פיעל שמערצען.

אין בעלעטריסטישע פערפאסונגען קען מען אויסמיידען שרעקליכע און הארטע סצענעס, ווען מען קלעהרט אוים די פערזאנען פון א פריינדליכען כאראקטער. אזעלכע הילפס מיטלען זיינען אבער ניטא אין א ווערק פון פאקטען ; און דער צוועק פון דיעזען ווערק איז די וואהרהייט, וועלכע, ווען זי זאל אין גאנצען דערצעהלט ווערען, מוז זיין זעהר שרעקליך. די סצענעס, וועלכע זיינען געמאהלען געווארען פריינדליך פאר די גוטהערציגקייט און וואהלטהאט פון מענשליכע מאסטערס, וואלטען געוועזן נאך בעסער ווען די שקלאווערײ וואלט אין גאנצען ניט געוועזן. עס איז גארניט אזא זעלטענהייט וואס מען געפינט ערגעבענהייט פון אלטע דיענער צו זייערע מאסטערס און מיסעס'ען ; מען געפינט עס אויך אין לענדער וואו די דיענער זיינען געזעצליך פריי. די דיענער פון ענגלישער בעזיצונג זיינען אפט מעהר צופריעדען און טריי ווי זיי וואלטען געוועזן שקלאווען. שקלאווערײ איז אלזא ניט דער געגענשטאנד וועלכער בילדעט די גרויסארטיגקייט און די שעהנהייט פון דעם לעבען אין דער סאוטה. וואס די זאנדערבארקייט אין שקלאווערײ איז און וואס אונטערשיידעט זי פון פרייען דיענסט, איז צרות, און נאר צרות, און דאס איז אלע מאל. ביי'ן אנפאנג שרייבען דיעזעס ווערק האט די פערפאסערין געזעהען, אז עס האט ווייט אריבערגעשטיגען דעם צוועק, וועלכען זי האט זיך פארגענומען. עס איז אזוי ווייט אריבער די גרענעץ, דאס זי האט געמוזט אויסלאזען א גאנצען טהייל, — דאס איז דעם כאראקטער און די ענטוויקלונג פון די שווארצע אין

פערשיעדענע לענדער און אומשטענדען. דערצו געהערט אַ גאַנצער בוך, און זי האָפט, אַז דאָס וועט באַלד געמאַכט ווערען פון אַ פריינד וועמען זי האָט איבערגעגעבען די מאַטעריאַל דערצו.

די פּערפאַסערין ווינשט אויסצודריקען איהר דאַנק הויפּטזעכליך צו די אַדוואָקאַטען, וועלכע האָבען זי געשטיצט און געהאָלפען מיט די געזעצליכע ענינים אין דעם בוך. זי ווינשט אויך צו דאַנקען אַלע יענע פון נאָרד און סאַוטה, וועלכע האָבען איהר געליפערט מאַטע־ריאַל צו איהר געברויך. מען האָט איהר געליפערט מעהר ווי זי האָט געקענט געברויכען. דער בוך איז אַלזאָ אויפגעשטעלט געוואָרען פון אַ באַרג מיט מאַטעריאַל.

דער גרויסער צוועק פון דער פּערפאַסערין, שרייבענדיג דעם בוך, איז געוועזען, צו ברענגען דעם געגענשטאַנד פון שקלאַווערייַ פאַר די אויגען פון די יעניגע, וועלכע רופען זיך מענשען־פריינד אין דיעזען לאַנד. אַ קלאָהרע געשיכטע איז דאָ געגעבען געוואָרען וועגען אַלעס וואָס קומט פאָר אין שקלאַווערייַ.

דער שרייבערינס ציעל איז געוועזען ווי ווייט מעגליך צו זאָגען דעם אמת אָהנע ריקזיכט, וועלכען עפעקט עס זאָל ניט האָבען אויף אַ פּערזאָן אָדער אַ פּאַרטיע. זי האָפט, אַז דאָס וואָס זי האָט גע־זאָגט, וועט עקזאַמינירט ווערען אָהן ביטערקייט און מיט דער ערנסט־קייט, מיט וועלכער אַזאַ ערנסטע זאַך דאַרף עקזאַמינירט ווערען. עס וואָלט געוועזען פאַר איהר צו פיעל, ווען זי זאָל האָפען, אַז עס זאָל זיין גאַנץ פריי פון פעהלערן. אין דעם ווייטען פעלד וואָס זי האָט גע־דאַרפט אריבערגעהן, איז דאָ אַ מעגליכקייט פאַר טעות'ען. זי קען נאָר זאָגען, אַז זי האָט געטהאָן אַלעס מעגליכע, אום צו געבען וואַהרע פאַקטען.

דער בוך ווערט עמפפאָהלען צו דער פריינדליכער אויפמערקזאַמ־קייט, פון אַלע די וואָס ווינשען דעם וואָהלזיין פון דער מענשהייט און זיי זאָלען העלפען בעפרייען די וועלט פון אַזאַ גרויסער צרה ווי די שקלאַווערייַ איז.

פיעל צווייפעל איז ארומגעגאַנגען אין דער וועלט, אויב די בילדער וועלכע זיינען געמאָהלען אין „אָנקעל טאָם'ס קעבין” זיינען ווירקליכע כאַראַקטערע, אָדער נאָר אויסגעטראַכט, און אויב אַזעל־

בע סצענעס זיינען ווירקליך פאָרגעקומען מיט די שקלאַווען. די פער־פאַסערין ענטפערט דערויף מיט פאָלגענדע לעבעדיגע בילדער.

---

## האַלעי.

דער ערשטער קאַפּיטעל שטעלט אונז פאָר דעם שקלאַווען־הענד־לער האַללעי. אין איהם געפינט מען דעם הענדלער, דעם נעגער־גנב, דעם נעגער־כאַפּער, דעם נעגער־שמייסער, און אלע אנדערע נעגער־טרייבערס. די ערשטע פערזענליכע בעאָבאכטונג פון דער פערפאַסע־רין פון אזאַ קלאַס איז אונגעפעהר פאָלגענדע.

מיט מעהרערע יאָהרען צוריק, ווען זי איז געווען בעשעפטיגט אין דער קינדער שטוב איז אריינגעקומען א שווארצע פרוי. זי איז געווען זעהר שווארץ, שטארק געבויט און מיט עכט אפריקאַנישע געזיכטס־ציגע. וואָס איז אונגעווערנליך ביי די נעגערס, האָט זי ניט געשמייכעלט ווען מען האָט צו איהר געשמייכעלט און האָט ניט געענטפערט פריינדליך ווען מען האָט צו איהר אזוי גערעדט. דער אינגסטער קינד פון דער קינדער שטוב, א אינגעל פון דריי יאָהר, איז צו איהר צוגעגאַנגען און האָט ארויפגעלייגט די האנד אויף איהר קניע, און האָט זיך געוואונדערט, וואָס די שווארצע האָט צו איהם ניט געשמייכעלט ווי די נעגערקעס טהוען עס ווען קינדער קומען צו זיי צו. די שרייבערין האָט זי געהאַלטען פאר זעהר גראָב און אונאַנ־גענעהם, און אין א פּאָאַר מאָמענטען ארום האָט זי איהר געפרעגט מיט אביסעל אונגעדולד: „ווילסטו עפּעס פון מיר?"

„דאָ זיינען אייניגע פּאַפּיערען, האָט די פרוי געזאָגט, זיי צו־שטופענדיג צו איהר, אפשר וועט איהר זיי לעזען."

דעם ערשטען פּאַפּיער וואָס זי האָט אויפגעמאַכט איז געווען א בריעף פון א שקלאַווען־הענדלער אין קענטאָקי, אין וועלכען ער שרייבט, אַז ער האָט שוין לאַנג געגוג געוואַרט פאר דעם קינד; דאָס ער וויל פאָהרען אין די סאַוטה און מוז פון די מיידעל לויז ווערען; דאָס אויב זי וועט איהם שיקען צוויי הונדערט דאָלארס פאר'ן סוף פון דער וואָך, קען זי איהר האָבען; דאָס אויב ניט, וועט ער זי שבת אוועק־

געבען אין אוקציאָן, ביי דער טהיר פון געריכטס הויז. ער האָט נאָך צוגעזעצט, דאָס ער וואָלט נאָך געקענט קריגען מעהר ווי דאָס פאר'ן קינד, אָבער ער וויל בעסער, אז זי זאָל זי האָבען ביליג.

„וואָס פאר א סאָרט מענש איז ער, האָט די פערפאַסערין גע־פרעגט, ווען זי האָט געענדיגט לעזען דעם בריעף.

„איך ווייס ניט, מאַדאַם, א גרויסער קריסט, איך ווייס, — א מיטגליעד פון דער מעטהאָדיסטישער קירכע, יעדענפאַלס."

דעם איראָנישען אויסדרוק פון איהר געזיכט וועהרענד זי האָט עס געזאָגט איז ניט לייכט צו פערגעסען.

„און ווי אַלט איז דאָס קינד?" האָט זי די פערפאַסערין גע־פרעגט.

די פרוי האָט געקוקט אויף דעם קינד וואָס איז געשטאַנען ביי איהרע קניע און האָט געזאָגט: „דיעזען זומער וועט זי ווערען דריי יאָהר."

ביי וויטערען נאָכפרעגען זיך אויף דער געשיכטע פון דער פרוי איז ארויסגעקומען, אז איהר אייגענטהימער האָט זי בעפרייט; דאָס נאָכ'ן געזעץ איז דאָס קינד אויך געוועזען פריי, אָבער זי איז צוגענו־מען געוואָרען פון די יורשים פון דעם אייגענטהום. די פרוי איז געוועזען אָרעם און אָהן פריינד, און אָהן געלד האָט זי ניט געקענט קלאָגען די יורשים. און דאָס נאַטירליך האָט געבראַכט דאָס קינד אין די הענד פון א שקלאַווען־הענדלער. די קליינע סומע געלד איז נאַטירליך צוזאַמענגעקליבען געוואָרען צווישען די שכנים און דאָס קינד איז אָפּגענומען געוואָרען פון דעם שקלאַווען־הענדלער.

מיר וועלען דאָ געבען די לעזער א סעמפּעל פון די בריעף, וועל־כע זיינען געוועקסעלט געוואָרען צווישען דיעזע חברה, וועלכע זיינען די הויפּט אונטערשטיצער און אויפהאַלטער פון שקלאַווערייי. פאָל־גענדעס וועט זיין איין אינטערעסאַנטע שטיק פון ליטעראַרישער זעלטענהייט. דער בריעף איז געשיקט געוואָרען פון מר. מ. ר. טהאָ־מאַס פון פילאַדעלפיא צו דער „נאַציאָנאַלע ערא", וואו ער האָט בע־שטעטיגט, אז דער בריעף איז גענומען געוואָרען וואָרט פאר וואָרט פון א בריעף, וועלכען מען האָט געפונען ביי א געפאַנגענעם, וועלכען מען האָט ארעסטירט פאר מאַכען פאַלשע געלד.

„פולסוויל, מאָנטגאָמערי, קאָ. מר., דען 24טען מערץ 1831.

„ווערטהער העדר!

„איך בין געקומען אהיים בשלום מיט לואיזא'ן; דזשאהן'ען האָט מען פון מיר צוגענומען צוועלף א זייגער בייגאכט, פון א צווייטען זשיגען פענסטער. איך האָב פאר איהם אָנגעבאָטען פופציג דאָלארס בעלאָהנונג און איך האָב איהם יעצט דאָ אין געפענגנים. די פערזאָן, וועלכע האָט איהם גענומען, האָט איהם געבראַכט אין פרעדעריקסטאַון געפענגנים. איך און קעפּפּארט זיינען ענטשלאָסען גוט צו בעצאָהלען פאר יעדערן נעגער, וואָס איהר קענט געפינען, און איהר מוזט מיר גלייך לאָזען וויסען אזוי באלד ווי איהר וועט איינעם געפינען. אין יעדען פאל וועל איך אייך גלייך שיקען א בעקאנטמאכונג ווען א נעגער וועט ענטלויפען, אום איהר זאָלט אויפּפּאסען. זאָגט דעם קאָנסטאַבלער, אז ער זאָל אָנגעהן מיט דעם פערקויף פון דזשאהן'ס אייגענטהום, און ווען מיר וועלען מאכען געלד, וועל איך אייך אויך שיקען. זעהט, טהוט עס פאר מיר; איהר זאָלט מיר אויך שרייבען און מיר בענאכריכטיגען, אויב איהר ווייסט פון א נעגער וואָס איז ענטלאָפען געוואָרען, — עס מאכט ניט אויס פון וואנען ער איז געקומען אָדער פון ווי וועיט, — איך וועל פּרובירען אויסצוגעפינען זיין מאסטער. לאָזט מיך וויסען ווי איהר דענקט פון וואנען ער איז, מיט זיינע אלע בעזונדערע צייכענס, און אויב איך וועל ניט געפינען זיין מאסטער, איז דזשאָ טויט. שרייבט מיר וועגען דעם נעגער מיט די אויסגעבויגענע פינגער און שרייבט מיר, וועלכע האַנד און וועלכע פינגער, דעם קאָליר און זאָ ווייטער. גיט מיר אויך די צייכענס פון יעדערן וואָס איז ענטלאָפען געוואָרען פון דעם קויפער.

גריסט פון מיר אייער שותף און זעהט שרייבט ניט צו קיין אנדערן און נאָר צו מיר. אויב אימעצער וועט צו אייך שרייבען, זאָלט איהר מיר דערפון לאָזען וויסען, אז איך וועל פּרובירען קויפען פון איהם. איך דענק, אז מיר וועלען מאכען געלד אויב מיר וועלען מאכען געשעפטען צוזאמען, דען איך האָב גענוג געלד, ווען איהר וועט געפינען גענוג נעגערס. לאָזט מיך וויסען, אויב דאַניעל

איז נאָך דאָרטען, וואו ער איז געווען, און אויב איהר האָט עפּעס נעהערט פון פראַנסיס'ען, זייט איך בין פון אייך אוועק.

איך גריס אייך,

רובען ב. קאַרללעי."

דיעזער בריעף צייגט קלאָהר דעם כאַראַקטער פון דיעזע פּאַטריאָטען, מיט וועמען די גדולים פון אונזער לאַנד זיינען געגאַנגען האַנד אין האַנד אויסצואַרבייטען דעם געזעץ געגען די ענטלאָפענע שקלאָווען.

די שרייבערין האָט דאָ בעצייכענט איין קלאַס שקלאַווען־הענדלער. עס גיעבט אַ גאַנצע צאָהל פערשיעדענהייטען פון זיי, ביז צו די גרויסע אָגולנע שקלאַווען סוחרים, וועלכע האַלטען גרויסע האַנדעלס־הייזער, וועלכע האָבען פיינע מאַניערען און זיינען העפליך אין זייערע בענעהמונגען; וועלכע טהוען אַ מאָל גרויסע צדקה, וועלכע בעטראַכטען שקלאַווערייַ פאַר אַ גרויסען פערברעכען און האָפען, אַז דאָס לאַנד וועט זיך דערפון אַ מאָל בעפרייען; זיי דענקען אָבער, אַז אַזוי לאַנג ווי גייסטליכע און דער עולם, הייליגע און זינדיגע שטימען איין אין האַלטען און בעזיצען שקלאַווען, איז עס בעסער אַז דער נויטהיגער מסחר זאָל געפיהרט ווערען פון מענשען מיט געפיהלען און אנשטענדיגקייט אנשטאַט פון ברוטאַלע, פלוכענדע מענשען פון טאָם לאָקער'ס שולע. דיעזע מענער (האַללעי'ם) זיינען העכסט עמפּפינדליך צו דעם וואָס זיי בעטראַכטען אַלס אַ מין אונרעכט פון דער וועלט, וואָס מען שליסט זיי אויס פון דער געזעלשאַפט איינפאַך דערפאַר ווייל זיי אונטערנעהמען זיך אויסצופילען אַ פערלאַנג פון דער געזעלשאַפט, וועלכען דאָס געריכט, די פּרעסע און די קירכע האָבען ערקלעהרט פאַר אַ נויטהיגע זאַך. אין דיעזען פאַל טאַנצט די געזעלשאַפט נאָך די נאַרישקייט פון די אַלטע עגיפּטער, וועלכע האָבען בעשעפטיגט אַ געוויסע קלאַסע מענשען פאַר־צובערייטען טויטע קערפּער צו באַלזאַמירען און זיינען אויף זיי ארויפגעפלויגען מיט שטעקענס און שטיינער, ווען זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט דער אָפּעראַציע, דערפאַר ווייל זיי האָבען בעגאַנגען אַ

נאָטעסלעסטיגע טהאט. אויב עס איז דאָ אַ שלעכט בעהאַנדעלטער קלאַס פון מענשען, זיינען דאָס געוויס די שקלאַווען־הענדלער, ווייל אויב עס איז ניטאָ קיין שאָדען פון שקלאַווערייַ, אויב דאָס איז אַ בעשטימטע זאַך פון גאָט און איין עהרענהאַפטע זאַך אַזוי ווי אַ ציוויל־נע רעגיערונג און אַנדערע גוטע אַנשטאַלטען, — דאַן איז עס גאָר קיין אורזאַכע ניטאָ פאַר וואָס אַ שקלאַווען־הענדלער זאָל ניט זיין אַזוי אונ־שולדיג ווי אַנאַנדער אַרט סוחר.

---

## מרס. שעלבי.

אין בעצוג אויף מיסעס שעלבי'ס כאַראַקטער מוז די שרייבערין זאָגען אַ פּאָאַר ווערטער.

אַ פרומע דאַמע האָט צו איהר געזאָגט אין בעצוג אויף דעם אונ־טערריכט פון אַ שקלאַוו.

„איך שעהם זיך זיי צו לערנען וואָס עס איז רעכט; איך ווייס, אַז זיי ווייסען אַזוי גוט ווי איך, דאָס עס איז אונרעכט זיי צו האַל־טען אין שקלאַווערייַ און איך שעהם זיך זיי צו קוקען אין די אויגען." צייגענדיג מיט'ן פינגער אויף אַ מולאַטקע, וועלכע איז דורכגעגאַנגען דעם צימער, האָט זי פאָרטגעזעצט. זעהט, אָט איז ב—, זי איז אַזוי פערשטענדיג און פעהיג ווי די בעסטע ווייסע פרוי און איז אויך אַזוי פעהיג צו בענוצען איהר פרייהייט, און זי ווייס, אַז עס איז ניט רעכט זי צו האַלטען אַזוי ווי מיר טהוען עס; און דאָך קען איך ניט מאַכען מיין מאַן דענקען ווי איך, זאָנסט וואָלט עס מיך געפרייט זיי צו בעפרייען.

---

## דזשאָרדזש העררים.

מיט בעצוג אויף דזשאָרדזש הערריס לעבען, דאָס אַזאַ פאַל איז ניט קיין אויסנאַהמע, וועלען מיר דאָ פאָרברענגען עטליכע פאַקטען וועלכע מיר האָבען אַליין בייגעוואָהנט צווישען אונזערע גוטע בע־

קאַנטע. לואיס קלאַרק איז אַ בעקאַנטער פון דער פערפאַסערין. אַזוי באַלד ווי ער איז ענטלאָפען פון שקלאַפעריי, איז ער אויפגענומען געוואָרען אין דער פאַמיליע פון דער פערפאַסערין'ס שוועגערין, און דאָרטען איז ער געבילדעט געוואָרען. זיין אויפפיהרונג איז וועהרענד דער צייט געווען אַזאַ, דאַס ער האָט געוואונען אונגעוועהנליכען רע־ספּעקט און ליעבע, און די פערפאַסערין האָט אָפט געהערט ריידען וועגען איהם מיט דער גרעסטער אַכטונג פון אַלע די וואָס האָבען איהם געקענט. דער הערר, אין וועמעס פאַמיליע ער האָט אַזוי לאַנג געלעבט, האָט נים לאַנג צו דער פערפאַסערין געשריעבען: „איך וואָלט איהם געטרויט אוצרות גאָלד."

לואיס איז אַ מולאַטאָ און אַ שעהנער מאַן, מיט אייראָפּעאישע גע־זיכטס־ציגע, די האָאר וועניג געקרייזעלט און מיט אַ אינטעליגענטען און אנגענעהמען אויסזעהען.

דער לעזער ווערט געבעטען צו פערגלייכען די פּאַסירונג, וועלכע ער האָט איבערגעגעבען דער פערפאַסערין מיט די פּאַסירונגען פון דזשאָרדזש הערריס'עס.

זיין מוטער איז געווען אַ שעהנע מולאַטקע, די טאָכטער פון איהר מאַסטער, וועלכער האָט זי פערהייראַט מיט אַ פרייען ווייסען מאַן, אַ סקאַטלענדער, מיט דער בעשטימטער בעדינגונג, דאַס זי און איהרע קינדער זאָלען זיין פריי. דיעזער אָפּמאַך, אויב ער איז איבערהויפּט אויפריכטיג געמאַכט געוואָרען, איז קיינמאָל ניט גע־האַלטען געוואָרען. זיין מוטער מיט ניין קינדער זיינען נאָך דעם טויט פון איהר מאַן געקומען אַלס שקלאַווען אין איהר פאָטערס הויז. אַ פערהייראַטע טאָכטער פון דער פאַמיליע, וועלכע איז געווען דער שרעק פון דעם גאַנצען הויזגעזינד וועגען איהר ווילדען כאַראַקטער, האָט נאָך איהר הייראַט מיטגענומען אַ מיידעל פון איהר פאַמיליע. דורך מאַטערנים האָט זי די קליינע מיידעל געבראַכט צו אַ צושטאַנד פון איין אידיאָטקע. דאַן איז זי געקומען צוריק צו איהר פאָטער און האָט ערקלעהרט, אַז דאַס קינד טויג צו גאָרניט און זי וויל האָבען אַנאַנדערן, און אַזוי ווי דעם אָרימען לואיס'עס שיקזאַל האָט עס מסתמא אַזוי געוואָלט, האָט זי אָנגעשטעלט איהרע אויגען אויף איהם.

צו פערמיידען דעם אויסברוך פון איהר ווילדען צאָרן, האָט

די פאַמיליע איהר אוועקגעגעבען דעם אינגעל אלס איין אָפּפער. דיע־זען פּאַרפּאַל האָט לואיס זעלבסט געשריעבען און ער איז שפּעטער גע־דרוקט געוואָרען: —

„יעדער אינגעל איז אריינגערופען געוואָרען, אז ער זאָל פער־בייגעהען די מכשפה, אום זי זאָל זיך אויסקלייבען א קרבן פאר איהרע רציחות, און אויף ווענען זי זאָל קענען גיסען איהר גאַל פאר לאַנגע יאָהרען. דיעזער אונגליקליכער יונג בין איך געווען. מר. קעמפּבעל, מיין זיידע האָט ניט געוואָלט, וויל עס וואָלט צושיידען א פאַמיליע און האָט אָנגעבאָטען מאָזעס'ן; . . . אָבער אַלע ענטזאגונגען און פאַרדערונגען זיינען אוועקגעקעהרט געוואָרען אָן א זיים דורך די ווילדע ליידענשאַפט און קוויטשעדיגען קול פון מיסעס ב. מיך האָט זי געוואָלט און קיין אנדערן. מר. קעמפּבעל איז אוועק אויף דער יאגט צו פערטרייבען בייזע געדאנקען, און די אַלטע דאַמע איז געוואָרען שטיל, דען זי איז געווען זיכער, אז איהר בלוט איז ניט געראָנען אין מיינע אָדערן, און אויב עס איז געווען וועלכע פון איהר מאַן'ס בלוט אין מיר, איז עס ניט געווען איהר שולד. שקלאַווען־האַלטערס פרויען טראָגען אַלע מאָל ראכע געגען קינדער פון שקלאַווען, וועלכע האָבען אין זייערע אָדערן בלוט פון זייערע מענער. איך בין געווען צו יונג — נאָר זיעבען יאָהר — צו פערשטעהן וואָס עס געהט אָן. אָבער מיין אָרימע ליעבע מוטער האָט עס פערשטאַנען און האָט עס גע־פיהלט. ווען זי האָט פערלאָזען די קיך פון דער הערען־הויז, וואו זי איז געווען בעשעפטיגט אלס קעכין און זי איז געקומען אהיים אין אונזער קליינע הייזעל, זיינען טרעהרען פון אנגסטען געווען אין איה־רע אויגען און א בילד פון צרות אין יעדען שטריך פון איהר געזיכט. זי האָט געקענט דעם ווייבערשען רוצח, וועמעס אייזערנער רוט איז געהאנגען איבער מיר. דיעזע נאַכט האָט זי ניט געשלאָפען. מיט דעם אינגסטען קינד פעסט צוגעדריקט צו איהר ברוסט, האָט זי פער־בראַכט די נאַכט אַרומגעהענדיג אין צימער. זי איז אַלע מאָל צוגע־גאַנגען צו מיין בעט וואו איך בין געשלאָפען מיט מיין ברודער און פלעגט אַלע מאָל אויפהייבען מיין צודעק און קוקען אויף מיר. ג ע־ש ל אָ פ ע ן, האָב איך געזאָגט? דער ברודער איז געשלאָפען אָבער ניט איך. איך האָב געזעהען מיין מוטער ווען זי איז צום ערשטען מאָל צוגעקומען צו מיר און איך האָב ניט געקענט שלאָפען. די סצענע

פון דיעזער נאַכט, — איהר טיעפער אייביגער איינדרוק — איז איצ־
טער פאר מיין געדאַנקען אזוי לעבעדיג ווי עס וואָלט געווען נעכטען.
אויף מאָרגען פריה בין איך אריינגעוועצט געוואָרען אין טיסעט ב.'ס
וואַגען צוזאמען מיט איהרע קינדער און מיינע צרות האָבען זיך אָנ־
געפאנגען."

זאָל דער לעזער איבערלעזען די בעשרייבונג וואָס דזשאַרדזש
הערריס גיט וועגען דעם פערקויף פון זיין מוטער און איהרע קינדער
און דאן לעזען די בעשרייבונג פון דעם גייסטליכען דזשאָסיאה הענסאָן,
דעם יעצטיגען פאסטאָר פון דער מיסיאָן אין דאון, אין קאנאַדא.

נאָך דעם טויט פון זיין מאַסטער, זאָגט ער, זיינען די שקלאַווען
פון דער פלאנטאציע אוועקגעגעבען געוואָרען אין אוקציאָן, ווער עס
וועט מעהר באָטען.

„מיינע ברידער און שוועסטער זיינען פערקויפט געוואָרען
איינער נאָך איינעם, וועהרענד מיין מוטער, וועלכע האָט געהאלטען
מיין האנד, האָט עס צוגעזעהען מיט א צוריסענעם הארצען, די אור־
זאכע דערפון האָב איך צוערשט ווייניג פערשטאנען, עס איז מיר אָבער
באַלד שרעקליך קלאָהר געוואָרען, ווען איך האָב געזעהען ווי דער
פערקויף איז אָנגעגאנגען. מיין מוטער איז דאן פון מיר געשיידעט
געוואָרען און איז אויך פערקויפט געוואָרען. זי איז געקויפט געוואָרען
פון א מאן מיט'ן נאָמען אייזאאק ר., וועלכער האָט געוואָהנט אין
מאָנטגאָמרי קאונטי, (מערילענד), און דאן בין איך אָנגעבאָטען גע־
וואָרען צו די פערזאַמעלטע קויפערס. מיין מוטער, וועלכע איז גע־
ווען האלב צומישט פון דער שיידונג פון אַלע איהרע קינדער אויף
אייביג, האָט זיך דורכגעקוועטשט דורך דעם עולם, וועהרענד די
שטייגונג פאר מיר איז אָנגעגאנגען און איז צוגעגאנגען צו דעם פלאץ
וואו ר. איז געשטאנען. זי איז פאר איהם געפאלען צו די פיס.
האָט ארומגענומען זיינע קניע און איהם געבעטען תחנונים מיט ווער־
טער וואָס א מוטער קען נאָר האָבען, ווען זי בעט, אז מען זאָל קוי־
פען זי מיט איהר קינד צוזאמען און מען זאָל ווענינגסטענס לאָזען איין
קינד מיט איהר. קען מען אָרער וועט מען עס גלויבען, דאָס דיעזער
מאן, וועלכען מען האָט אויף אזא ארט געבעטען, זאָל זיין פעהיג
נים נאָר זיך אָפקעהרען פון איהר און ניט וועלען הערען איהר יאָמער
געבעט, זאָנדערן זיך אָפשאָקלען פון איהר מיט אזעלכע שרעקליכע

קלעפּ און בריקס מיט'ן פוס, דאָס זי האָט זיך געמוזט פון איהם אָפּשאַרען, אום זיך צו בעשיצען פון זיין מערדעריי, מישענדיג איהר קרעכצען פון קערפּערליכע שמערצען מיט דעם קלאָגען פון א צובראָ־כענער הארץ.

דאָס וואָס דאָ אויבען איז אָנגעגעבען זיינען אמת'ע פאַקטען, וועלכע האָבען פּאַסירט און זיינען אונבעשטרייטבאַר.

מען האָט געצווייפעלט, אז אזא „בעקאַנטמאַכונג" ווי עס קומט פאָר וועגען דזשאָרדזש הערריס'ן, וואו עס שטעהט געזאָגט „טויט אָדער לעבעדיג, האָט געקענט עקזיסטירען. דערצו האָבען מיר פאַק־טען. אין יאָהר 1839 האָט מר. טהעאָדאָר ד. וועלד געקליעבען סטאַ־טיסטיקס וועגען שקלאווערייי. ער האָט זיי געזאַמעלט וואו ער האָט נאָר געקענט. שפּעטער האָט ער דערפון געמאַכט א בוך און גיט אָן די קוועלען פון וואַנען ער האָט יעדע זאַך גענומען.

די „ווילמינגטאָן (נאָרד קאַראָליינאַ) אדווערטייזער" פון 13טען יולי 1838 דרוקט פאָלגענדע בעקאַנטמאַכונג :

„הונדערט דאָלאַר וועט געגעבען ווערען צו יענעם, וועלכער וועט כאַפּען און איינשפּאַרען אין געפענגניס א נעגער מיט'ן נאָמען אַלפרעד. די זעלבע בעלאָהנונג וועט געגעבען ווערען, ווער עס וועט קענען בעווייזען, אז ער איז געטויטעט. ער האָט איינעם אָדער מעהרערע צייכענס אויף זיינע הענד, וואָס איז איהם געקומען פון דעם וואָס מען האָט אויף איהם געשאָסען.

די בירגער פון אָנסלאָוו.

ריטשלאַנד אָנסלאָוו קאָמ. דען 16 מאי 1883."

אין דעמזעלבען קאָלום און גלייך אונטער דער אויבערשטער בעקאַנטמאַכונג קומט אַנאַנדערע : —

„ענטלאָפען, מיין נעגער ריטשאַרד. א בעלאָהנונג פון פינף און צוואַנציג דאָלאַר וועט געגעבען ווערען פאַר זיין כאַפּען טויט אָדער לעבעדיג. נאָר זיכערע בעווייזע וועלען אָנגענומען ווערען, אויב ער איז טויט געמאַכט געוואָרען. ער האָט מיט

זיך, אין אלע וואהרשיינליכקייטען, זיין פרוי עליזא, וועלכע זיינען ענטלאָפען געוואָרען פון פאָלקאָוניק טהאָמסאָן, וואָס וואָהנט יעצט אין אלאבאמא, אין דער צייט ווען ער איז געפאָהרען צו זיין פלאַנטאציע.

דוראַנט ה. רהאָדעס.״

אין „מעקאָן (דזשאָרדזשיא) טעלעגראף״, דען 28טען מאי איז געווען פאָלגענדעס:

„ארום דעם 1טען מערץ האט מיך דער נעגער ראַנסאָם פערלאָזען אָהן שום אורזאכע. איך וועל געבען א בעלאָהנונג פון צוואַנציג דאָלאר אויב ער וועט געכאפט ווערען טויט אָדער לעבעדיג, און אויב ער וועט געטויטעט ווערען אין וועהרען זיך וועט פינף דאָלאר צוגעלייגט ווערען.

בריאַנט דזשאָהנסאָן,
קראָופאָרד קאָמ. דזשאָרדזשיא.״

אין דער צייטונג „ניובערן (נ. ק.) ספעקטאטאָר״, פון 5טען יאַנואר 1838, קענט איהר לעזען פאָלגענדע בעקאַנטמאכונג: —

„ענטלאָפען פון דעם אונטערצייכענטען א נעגער מיט'ן נאָמען סעמפסאָן. פופציג דאָלארס בעלאָהנונג וועט געגעבען ווערען פאר'ן ברענגען איהם צו מיר, אָדער פאר זיין איינשליסען אין געפענגניס, אז איך זאָל איהם קענען נעהמען; און טאָמער וועט ער זיך וועהרען און וועט זיך ניט לאָזען ארעסטען, וועל איך דעם כאפער ניט פערקלאָגען פאר שאָדען ווען ער זאָל איהם טויט שלאָגען.

ענאָק פאָי,
דזשאָנעס קאָמפ. נ. ק.״

אין דעם „טשארלעסטאָן (ס. ק.) קוריער״ פון דען 20טען פעברואר 1838 לעזט מען פאָלגענדע בעקאַנטמאכונג. —

„דריי הונדערט דאָלאר בעלאָהנונג. ענטלאָפען פון דעם אונטערשרייבער אין לעצטען סעפטעמבער זיינען צוויי נעגערס ביל און

פראָמפּעי. בילי איז פינף און צוואַנציג יאָהר אַלט און איז בעקאַנט אַלס איין ארבייטער אויף מיין שיף פאר פיעלע יאָהרען. ער וועט זיך העכסט וואהרשיינליך וועהרען, אין דיעזען פאַל וועט פופציג דאָלארס געגעבען ווערען פאר זיין ק אָ פּ."

---

## עליזא.

די פערפאַסערין האָט בעהויפּטעט אין איהר בוך, אז עליזא איז א פּאָרטרעט גענומען פון לעבען. דאָס וועט זי בעווייזען מיט פאָל־גענדעס: —

וועהרענד די פערפאַסערין האָט געררייזט מיט פיעלע יאָהרען צו־ריק אין קענטאַקי, איז זי געוועזען אין א קירכע אין א קליינער שטעד־טעל. אויף א בעזונדערע באַנק האָט זי בעמערקט א וואונדער־שעהנע מולאַטקע־מיידעל, וועלכע האָט געשיינט צו האָבען די אויפזיכט אויף א פּאָאַר קינדער. די בעשרייבונג פון עליזא'ס פערזאָן האָט זיך זעהר גוט געפּאַסט פאר איהר. ווען די פערפאַסערין איז געקומען צוריק פון דער קירכע, האָט זי זיך נאָכגעפרעגט וועגען דער מיידעל און זי האָט ערפאהרען אז זי איז געוועזען אַזוי גוט און ליעבענסווירדיג ווי זי איז געוועזען שעהן, און ענדליך, אז זי האָט ג ע ה ע ר ט צו אזוינעם און אזוינעם. דער געדאַנק, אז דיעזע מיידעל איז געוועזען א שקלאַווין האָט פערגליווערט איהר הארץ און מיט א טיעפען געפיהל האָט זי געזאָגט: אָה, איך האָף, אז זיי בעהאַנדלען זי פריינדליך.

„אָה, געוויס, איז געוועזען דער ענטפער; זיי האַלטען זי ווי איין אייגענע קינד."

„איך האָף, אז זיי וועלען זי קיינמאָל ניט פערקויפען, האָט איינע פון דער קאָמפּאַניע געזאָגט.

„געוויס וועלען זיי דאָס קיינמאָל ניט טהאָן. ניט לאַנג צוריק האָט א הערר פון דער סאוטה אָנגעבאָטען איהר מאַסטער טויזענד דאָ־לאַר פאר איהר; אָבער דיעזער האָט איהם געענטפערט, אז אַלס א פרוי איז זי געוועזען צו גוט פאר איהם, און אַלס מעטרעסע וועט ער זי געוויס ניט קריעגען."

דאָס איז אַלעם וואָס די פּערפּאַסעריין וויים פון דער מיידעל.

אין בעצוג אויף דעם פאַל ווי עליזא איז אריבער אויפ'ן אייז איבער'ן טייך אָהייאָ — אַזוי ווי די מעגליכקייט פון אַזאַ זאַך איז געווען בעשטריטען — גיט די שרייבערין פאַלגענדען פאַל אין פערגלייך.

לעצטען פריה־יאָהר ווען די פּערפּאַסעריין איז געווען אין נויאָרק איז אַ פּרעסביטעריאַנער גייסטליכער געקומען צו איהר און האָט געזאָגט: „ווי איך פערשטעה שטרייטען זיי אָפּ דעם פאַקט אַז אַ פרוי איז אריבער דעם טייך. אָבער איך וויים אַלעם וועגען דעם, דען איך האָב ערפאַהרען די געשיכטע פון דעמזעלבען מאַן, וואָס האָט זי ארויפגעהאָלפען אויפ'ן ברעג. איך וויים, אַז עס איז אמת, דען זי איז יעצט אין קאַנאַדאַ."

מען האָט אויך אָפּגעשטריטען די בעשרייבונג פון האַלעי, מאַרקס און לאָקער, ווי זיי האָבען געפּלאַנעוועט געגען עליזא און איהר קינד און וועלכע מיינונג מאַרקס דריקט אויס וועגען געוויסע פריעדענס־ריכטער אין שטאַאַט אָהייאָ.

אין 1839 האָט די פּערפּאַסעריין בעקומען אַלס אַ דיענסט, אַ מיידעל פון קענטאַקי. זי איז געווען אַ שקלאַווין ביי איינער פון די נידריגסטע און ברוטאַלסטע פאַמיליען, ביי וועלכער זי איז אויפגעוואַקסען געוואָרען אין אַ האַלב בארבארישען צושטאַנד. נאָכפרעגענדיג זיך וועגען איהר לעבענס־געשיכטע איז אויסגעפונען געוואָרען, דאָס נאָך דעם געזעץ פון אָהייאָ, איז זי געזעצמעסיג געווען פריי נאָך דעם פאַקט, דאָס זי איז געבראַכט געוואָרען אין דיעזען שטאַאַט און געלאָזען אויף אַ געוויסע צייט מיט דער איינווילינונג פון איהר מיסעס. דיעזע פאַקטען זיינען געזעצליך אָפּגעמאַכט געוואָרען און בעשטעטיגט פון געריכט, און דערויף איז אָנגענומען געוואָרען, אַז אַלע געפאַהרען פון פערפאָלגונגען זיינען געווען אריבער. נאָכדעם ווי זי איז געווען עטליכע מאָנאַט אין דער פאַמיליע, האָט פּראָפעסאָר סטאָו בעקומען נאַכריכטען פון פערשיערענע פּלעצער, דאָס דער מיידעל'ס יונגער מאַסטער זוכט זי, און אויב מען וועט זיך ניט פּאָרזעהען, וועט מען זי צונעהמען צוריק אין שקלאַווערייי. פּראָפּעסאָר סטאָו איז געגאַנגען צום ריכטער, וועלכער האָט בעשטעטיגט די מיידעל'ס פּאַפּיערען און האָט איהם געפרעגט, אויב זיי זיינען ניט גענוג צו שיצען די מיידעל. דער ענטפער איז געווען:

„געוויס זיינען זיי געגוג נאָכ'ן געזעץ, אויב מען וועט זי עהרליך אויסהערען, אָבער זיי ווילען'קומען צו אייך ביי נאכט מיט א בעאַמטען און א פערהאַפטס בעפעהל; זיי ווילען זי ברענגען פאר'ן ריכטער ד. און שווערן, אַז זי איז זייערע. ער איז א מאַן וואָס מאַכט אַלע אַזעלכע געשעפטען, און ער וועט זי אַרויסגעבען, און דאָס וועט זיין דער סוף."

מר. סטאָו האָט דאן געפרעגט וואָס מען קען טהאָן, און ער האָט בעקומען די עצה, אַז ער זאָל זי אַוועקפיהרען אין א פּלאַץ ביז די אונטערזוכונג וועט זיין אַריבער. דערויף האָט דער פּערפאַסערין'ס א ברודער צוזאַמען מיט'ן פּראָפעסאָר סטאָו געטהאָן די זעלבע געשיכטע ווי דער סענאַטאָר האָט געטהאָן מיט עליזא'ן. זיי זיינען געפאָהרען צעהן מייל איבער איין איינזאַמען וועג, זיינען אַריבער א געפיהרליכען וועג איבער א טייכעל און זיינען געקומען ביי נאכט צו דער הויז פון וואן זאנדט, איין ערעל־הארציגען קענטאַקער, וועלכער האָט געטהאָן דיעזעלבע גוטע זאַך ווי די שרייבערין שרייבט עס צו וואן טראָמפּ'ן.

נאָך אייניגע קלאַפּען אין טהיר, איז דער עהרליכער אייגענטהימער פון הויז ערשיענען אויף דער שוועל פון טהיר מיט א ליכט אין האַנד, פּונקט ווי די פערפאסערין האָט געשריעבען.

„זייט איהר דער מאַן, וועלכער וועט רעטען איין אָרימע שוואַרצע מיידעל פון כאַפּערס?" איז געוועזען די פראַגע.

„איך מיין עפּעס אַזוי", איז געוועזען דער שנעלער ענטפער. „וואו איז זי?"

„אָט דאָ איז זי".

„אָבער ווי אַזוי זייט איהר געקומען?"

„איך בין אַריבער דעם טייכעל."

„וואָס רעדט איהר!" האָט ער אויסגערופען, „איך אַליין וואָלט עס ניט געוואַגט צו טהאָן ביינאַכט. א מאַן מיט זיין פרוי און פינף קינדער זיינען דאָ ניט לאַנג דערטרונקען געוואָרען אין דעם טייכעל."

פאר'ן לעזער וועט עס זיין אינטערעסאַנט צו וויסען, אַז די אָרימע מיידעל איז קיינמאָל ניט צוגענומען געוואָרען צוריק אין שקלאַפעריי. זי האָט געהייראַט אין סינסינעטי און איז זעהר א רעספּעקטאַבלע פרוי און איז א מוטער פון פיעלע קינדער.

## אַנקעל טאָם.

דעם כאַראַקטער פון אַנקעל טאָם האָט מען אויף פיעל אָפּגע־שטריטען אַלס איין אומעגליכען, דאָך האָט די שרייבערין בעקומען מעהר בעשטעטיגונגען װעגען דעם װי פון אַלע איהרע כאַראַקטערע אין בוך. צו נעהמען אַלע װאָלט געמאַכט אַ גרויסען בוך, די שרייבע־רין װעט אַלזאָ נאָר אויסקלייבען איינעם פון זיי.

װען די שרייבערין איז געװען אויף אַ װיזיט ביי אַ פריינד אין אַ קליינע שטאָדט, אין מעין, און מען האָט דאָרטען גערעדט װעגען דיעזען געגענשטאַנד, האָט דער העדר פון דער פאַמיליע דערצעהלט פאָלגענדעס: װען ער איז מיט עטליכע יאָהר צוריק געװען אויף אַ װיזיט ביי זיין ברודער אין ניו־אָרליענס, האָט ער ביי איהם געפונען אַ נעגער פון אַזאַ מערקװירדיגען, אויפריכטיגען און עהרליכען כאַראַק־טער, דאָס זיין ברודער האָט איהם בוכשטעבליך פערטרויט אַלעס װאָס ער האָט געהאַט. ער האָט אָפט אַרויסגענומען ניט קיין׳ געצעהל־טע פּאַפּיער־געלד און האָט איהם דערלאַנגט, ער זאָל געהען איינ־קויפען װאָס עס איז נעטהיג פאַר׳ן הויז און ער זאָל איהם ברענגען אויסגאָב. ער האָט מיט זיין ברודער געהאַט אַ װיכוח װעגען דעם און האָט איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זיין נאַרישקייט; אָבער יע־נער האָט איהם געענטפערט, אַז ער איז אַזוי פיעל איבערצייגט אין זיין עהרליכקייט דאָס ער קען איהם טרויען אַלעס.

די געשיכטע פון דעם דיענער איז געװען אַזוי. ער האָט בע־לאַנגט צו אַ מאַן אין באַלטימאָר, װעלכער האָט געהאַט איין אַלגע־מיינעם פאָראורטהייל געגען רעליגיעזע שקלאַװען און האָט זיי פער־קויפען צו זיין פרום אָדער צו לעזען די ביבעל, און אַזוי װי דיעזער שקלאַװ, מיט׳ן נאָמען דאַניעל, האָט איהם ניט געפאָלגט און האָט גע־טהאָן זיינע רעליגיעזע פליכטען שטילערהייד, האָט ער איהם אַלס בעשטראָפונג געשיידעט פון זיין פרוי און קינדער און האָט איהם פערקויפט נאָך ניו־אָרליענס.

דער העדר, װעלכער האָט דערצעהלט דער שרייבערין דיעזע גע־שיכטע, האָט געזאָגט, דאָס אָבװאָהל ער זעלבסט איז ניט פרום, האָט ער פיינט צו שטערן יענעם װאָס איז פרום. דערפאַר האָט ער

געזאגט זיין ברודער, אז ער זאל זיין שקלאוו ניט שטערן אין זיין פרומקייט. זיין ברודער האט איהם דערויף געענטפערט, אז ער וואלט געוועזן א נאר ווען ער וואלט עס געטהאן, אזוי ווי זיין פרומער דיענער איז אזא עהרליכער מאן.

---

## מערי סיינט קלער.

מערי סיינט קלער איז דער טיפ פון א קלאס פרויען וועלכער איז ניט זאנדערבאר ניט אין דער צאהל און ניט אין די פערהעלטניסען פון דער געזעלשאפט. מען קען זי געפינען אין ענגלאנד אדער אין אמעריקא. אין די נארד פרייע שטאאטען האבען מיר פיעלע מערי סיינט קלער'ס, מעהר אדער וועניגער פול ענטוויקעלט.

ווען מען געפינט זי אין נארד, איז זי אלע מאל אויף צרות מיט איהרע דיענער. איהרע דיענער טהוען קיינמאל ניט א ריכטיגע זאך. זאנדערבאר צו זאגען, ביי איהר זיינען זיי קיינמאל ניט פאלקאמען גוט און זי דענקט, אז עס איז א גרויסע שאנדע. זי איז גאנץ איבערצייגט, אז אין דער קיך מוז זי האבען די גאנצע מאראל און די טוגענד פאר ווענינער ווי געוועהנליכע שכירות, און ווען איהר קעכין פערלאזט זי, ווייל זי געפינט, אז זי קען האבען בעסערע שכירות און ווענינער ארבייט ביי אנאנדערן, דענקט זי אז דאס איז א שענדליכע האנדלונג. זי איז פון דער מיינונג, אז דיענער דארפען ניט האבען קיין אייגענעם אינטערעס; זיי דארפען זיין צופריעדען מיט דעם ערגסטען צימער אין הויז, און מיט ווייניג שכירות און מיט אבי וועלכען עסען, און ניט קוקען צו זוכען עפעס בעסערעס, — און דאס אלעס אום נאר איהר צו געפעלען. זי האט ליעב ארייננצוכאפען אויסלענדער דיענער, וועלכע קענען נאך ניט אונזערע וועגען, וועלכע זיינען געוועהנט צו ארבייטען פאר ווענינ געצאהלט און וועלכע זיינען צופריעדען מיט א קלייניגקייט. אבער מען הערט זי אפט קלאגען, אז די נייע דיענער ווערען באלד איבערגעפיהרט און פערלאנגען אלעס ווי די אנדערע, — און דאס איז שרעקליך. מערי ווינשט אפט, אז זי זאל זיין א שקלאווען־האלטערין, אדער לעבען ערגעץ, וואו די

נידריגע קלאַסע איז אונטערדריקט און מען ווייזט זיי וואו זייער פּלאַץ איז. זי יאָגט זיך אַלע מאָל אַרום נאָך ביליגע נייטהערקעס, און ווערט אייך דערצעהלען שטילערהייד, דאַס זי האָט אויסגעפונען אַ פרוי, וועלכע מאַכט לייוונטענע העמדער אויסגעצייכענט; זי שטעפּט צוויי מאָל אַרום די קאָלנערס און די אַרבעל, אַלעס פאַר די דרייסיג סענט, וועהרענד אַנדערע נייטהערקעס נעהמען דערפאַר אַ דאָלאַר. זי זאָגט, אַז זי טהוט עס ווייל זי איז אָרעם און האָט ניט קיין פריינד. זי זאָגט, אַז איהר זאָלט זיין פאָרזיכטיג און איהר זאָלט דער ניי־טהערקע ניט לאָזען וויסען ווי דער פּרייז איז, דען זי קען נאָך איבער־געפיהרט ווערען און ווערט העכערען איהר פּרייז, — דיעזע נייהטערקעס זיינען זעהר זעלבסטזיכטיג. ווען מערי סיינט קלער וואָלט געהאַט דעם אונגליק צו לעבען אין אַ פּרייען שטאַאַט וואָלט צו איהרע צרות גאָר קיין סוף ניט געווען. איהר קעכין געהט אַלע מאָל אַוועק זוכען בעסערע שכירות און אַ בעסערע דירה. איהר צימער־מיידעל האָט קיין חשק ניט צו זיין אַ נייטהערקע פאַר האַלבע געלד און געהט אויך אַוועק. מערי'ס קיכען־קאַבינעט איז אַלע מאָל אין אַ רעוואָלוציאָנערען צושטאַנד, און זי ערקלעהרט זעהר אָפט מיט פולען ערנסט, אַז דיענער דערגעהען איהר דעם לעבען. ווען איהר מאַן זאָגט איהר, אַז זי זאָל פּרובירען אַ ביסעל בעסער צו בעהאַנדלען די דיענער, איז ער אַ האַרט־האַרציגער מענש אָהן געפיהלען; ער ליעבט זי ניט און זי האָט עס אַלע מאָל געוואוסט. און אַזוי האָט זי איהם אָפּגע׳פּטור׳ט.

אָבער ווען מערי קומט אונטער אַ סיסטעמע וואו דאָס געזעץ גיט איהר די פולע מאַכט איבער איהרע אונטערטהאַנער, און זי קען זיי צושניידען פון זייערע פאַמיליען ווי איהר האַרץ געלוסט, און קען זיי שטראָפען און פייניגען אויף׳ן שרעקליכסטען אָרט, דאַן האָבען מיר מערי סיינט קלער׳ס פולען כאַראַקטער.

די מענשליכע נאַטור איז איבעראַל דיזעלבע, אָבער דאָס געזעץ אין די סאַוטה גיט געווים די מעגליכקייט, אַז אַזעלכע גרויזאַמקייטען זאָלען פּאַסירען.

וועגען דיעזע גרויזאַמקייטען שרייבט דאָקטאָר האָו פאָלגענדעס:

איך האָב פערבראַכט צעהן טעג אין ניו־אָרליענס ניט אונגיציג, עקזאַמינירענדיג די עפענטליכע אַנשטאַלטען, די שולען, די האָספּי־טאַלס, די געפענגניסען און זאָ ווייטער. מיט דער אויסנאַהמע פון

די ערשטע איז דאָ וועניג האָפנונג זיי צו בעסערען. איך ווייס ניט וואָס פאר א גוטסקייט עס איז דאָ אין זייער סיסטעמע, אָבער דאָס ווייס איך, אז אין דער פערוואַלטונג פון דער געזעצגעבונג זיינען דאָ שענדליכקייטען, וועלכע דאַרפען אראָפּברענגען דעם שיקזאַל פון סדום אויף דער שטאָדט. אויב האָוואַרד און מיסעס פריי האָבען אויסגעפונען אזאַ שענדליך געפיהרטע הייל פון גנבים אין ניו־אָרליענס, האָבען זיי עס קיינמאָל ניט בעשריעבען. אין דער אָבטהיילונג פון די נעגערס אין געפענגניס האָב איך געזעהען אזעלכע זאכען, וואָס האָבען מיך געמאַכט רויט ווערען דאָס איז בין א ווייסער און האָבען אויפגעקאָכט די בלוט אין מיינע אָדערן. אריינקומענדיג אין א גרויסען געפּלאַסטערטען הויף, ארום וועלכען עס זיינען געווען גאַלערייעס, וועלכע זיינען געווען אָנגעפילט מיט שקלאַווען פון אַלע עלטערס, קאָלירען, מענער און פרויען, האָב איך געהערט דעם קנאַקען פון א בייטש, און יעדער שמיץ האָט געקלונגען ווי דער שאָס פון א פּיסטאָלעט. איך האָב אומגעדרעהט מיין קאָפּ און האָב דערזעהען א בילד, וועלכער האָט מיך פשוט פערקיהלט ביז אין מיינע ביינער און האָט מיר דעם ערשטען מאָל אין מיין לעבען געגעבען דעם געפיהל ווי די וואָרצלען פון מיין האָאר אין קאָפּ זיינען שטייף געוואָרען. דאָרטען איז געלעגען א שווארצע מיידעל מיט'ן פּנים צו דער ערד אויף א ברעט, איהרעביידע גראָבע פינגער צוגעבונדען צו איין עק און איהרע ביידע פיס פעסט צוזאמענגעבונדען צו דעם אַנדערן עק, וועהרענד א פּאַס איז געווען ארומגענומען אַרום איהר שמאָלען רוקען און פעסט צוגעבונדען אַרום ברעט. אונטער'ן פּאַס איז זי געווען גאַנץ נאַקעט. נעבען איהר זייט און זעקס פוס העכער איבער איהר איז געשטאַנען א נעגער מיט א לאַנגער בייטש און האָט געשמיסען מיט פולער קראַפט און רעגעלמעסיגער פּינקטליכקייט. יעדער שמיץ האָט אראָפּגעריסען א שטיק הויט, וועלכע האָט זיך אָנגעקלעפּט אָן בייטש אָדער איז אראָפּגעפאַלען קאָרטשענדיג זיך אויף דער ערד, די בלוט איז נאָכגעקומען. די אָרימע בעשעפעניס האָט זיך צונויפגעצויגען און האָט געשריען מיט א קול וועלכער האָט אין דערזעלבער צייט געצייגט שרעק פאר'ן טויט און שרעקליכע יסורים; זי האָט געשריען צו איהר מאַסטער, וועלכער איז געשטאַנען ביי איהר קאָפּ: „אָה, שוינט מיין לעבען! שנייט ניט אויס מיין נשמה!" אָבער די קלעפּ זיינען

געפאַלען ווייטער ; ווייטער זיינען שטיקער פלייש געפאַלען, און אימער ווייטער זיינען פרישע וואונדען אריינגעשניטען געוואָרען אין די לעבעדיגע פלייש, ביז זי איז געוואָרען אַ שרעקליכע און בלוטיגע מאַסע פון רויהע און זיך צוזאַמענציהענדיגע מוסקלען. מיט דער גרעסטער שווערקייט האָב איך זיך איינגעהאַלטען פון ארויפצושפּרינגען אויף דער חיה רעה און אָפּצוהאַלטען זיין בייטש. אָבער, אַך ! וואָס האָב איך געקענט טהאָן מעהר ווי זיך אָפּצוקעהרען צו בעהאַלטען מיינע טרעהרען פאַר דער ליידענדער און רויט ווערען פאַר דער מענשהייט ? דאָס האָט פּאַסירט אין איין עפענטליכער און רעגעלער געפענגניס. דיעזע שטראָף איז געוועזען בעשטימט פון געזעץ.. אָבער דענקט איהר, אַז דיעזע אונגליקליכע בעשעפעניס האָט בעגאַנגען אַ שרעקליכען פערברעכען און איז דערפאַר געוועזען פעראורטהיילט צו דער שרעקליכער שטראָף ? ניט אַ האָאָר. איהר מאַסטער האָט זי אהער געבראַכט צום שמייסען און קיינער פרעגט איהם ניט פאַר וואָס. און ער קען זי ברענגען אהער אַלע טאָג און לאָזען שמייסען. וויפיעל ער וויל אַבי ער בעצאָהלט וואָס עס קומט פאַר'ן שמייכען. אַז ער וויל קען ער האָבען אַזאַ שמייס־ברעט ביי זיך אין הויז און קען שמייסען וויפיעל זיין הארץ געלוסט. דער שרעקליכסטער טהייל פון דיעזער באַרבאַרישער שטראָף איז, דאָס עס ווערט געטהאָן אין די אויגען פון אַלע שווארצע אין געפענגניס. איהר ווערט נאַטירליך דענקען, אַז זיי האָבען אַלע ארויסגעשטעקט די קעפּ און האָבען מיט בלייכע פּנים'ער פאַר שרעק צוגעקוקט דעם ברוטאַלען ספּעקטאַקעל, ווערט איהר האָבען אַ טעות. פיעלע פון זיי האָבען עס קוים בעמערקט, און פיעלע זיינען געוועזען גאַנץ גלייכגילטיג דערצו. זיי זיינען זיך געגאַנגען אין זייער קינדישען וועג און אייניגע פון זיי האָבען געלאַכט אויפ'ן קול. אַזוי נידריג קען גאָטס מענשליכע בעשעפעניס זינקען אין ברוטאַליטעט."

---

## לעגרי.

אַזוי ווי סיינט קלער און שעלבי'ס זיינען די פּאַרשטעהער פון איין קלאַס מאַסטערס, אַזוי איז לעגרי אַ פאַרשטעהער פון אַנאַנדער

קלאַס ; און אַזוי ווי אַלע גוטע מאַסטערס זיינען ניט אַזוי אויפגע־קלעהרט און אַזוי גוטהערציג ווי סיינט קלער און שעלבי, אַזוי האָ־בען ניט אַלע שלעכטע מאַסטערס די פערזענליכע העסליכקייט, די גראָבהייט און די געמיינהייט פון לעגרי'ן.

לעגרי איז ניט פאָרגעפיהרט געוואָרען צו בעשמוצען מאַסטערס אַלס אַ קלאַס, זאָנדערן מיט דער אבזיכט צו ברענגען פאַר די אויגען פון די ערענהאַפטע סאַוטה מענער, ביי וועלכע מאַסטערס זיינען אַ זעהר וויכטיגע ערשיינונג אין דער שקלאַווען סיסטעמע, וועגען וועלכער זיי האָבען פיעללייכט ניט נאָכגעדאַכט. און דאָס איז דיע־זעס: דאָס קיין סאַוטה געזעץ פאָדערט ניט די בעווייזע וועגען דעם כאַראַקטער פון דעם מאַן צו וועמען די פאָלשטענדיגע מאַכט פון אַ מאַסטער ווערט געגעבען.

גיעבט עס אַזעלכע מענשען ווי לעגרי ? זאָל איינער געהן אין די ניעדריגע פערטעלס און אין די היילען פון נויאָרק, זאָל ער געהן אין איניגע פלעצער און שמוציגע אַלעען פון לאָנדאָן, וועט ער זעהען, אויב ער וועט ניט געפינען קיין לעגרי'ס. נעהמט דעם ריינסטען בעצירק אין ניו־ענלאַנד און קוקט זיך דאָרטען גוט אום און זעהט, אויב דאָרטען זיינען ניטאָ הארטע, גראָבע, אונפיהלענדע, ברוטא־לע מענשען, וועלכע, ווען זיי וואָלטען געהאַט די פולע מאַכט ווי לעגרי, וואָלטען זיי זי ניט בענוצט אין דעמזעלבען וועג ; און אַז עס זיינען דאָ לעגרי'ס אין די סאַוטה שטאַאַטען איז עס נאָר געזאָגט, דאָס די מענשליכע נאַטור איז איבעראַל דיזעלבע. דער איינציגער אונטערשיעד איז נאָר דאָ, דאָס אין די פרייע שטאַאַטען איז לעגרי געשמיעדט און צוריקגעהאַלטען פון געזעץ און אין די שקלאַווען שטאַאַטען מאַכט איהם דאָס געזעץ פאַר אַ פאָלשטענדיגען דעספאָט.

מיט בעצוג אויף די מערדערישע סיסטעמע אין וועלכער לעגרי קען אַזוי פיהרען אַ פּלאַנטאַציע, איז ליידער דאָ פיעל גרונד צו ווי־סען, אַז אַזוי איז עס געטהאָן געוואָרען און עס ווערט נאָך געטהאָן יעצט.

אַ פריינד פון דער שרייבערין, דער רעווערענד מר. באַרראָוס, וועלכער איז יעצט לעהרער אין העברעאיש אין אַנדאָווער טהעאָלאָ־גישען סעמינאַריום, האָט איהר פאָלגענדעס דערצעהלט : דאָס

וועהרענד ער איז געווען אין ניו־אָרליענס מיט איניגע צייט צוריק, איז ער איינגעלאַדען געוואָרען פון א פלאַנצער צו בעזוכען זיין פלאַנ־טאַציע, וויל ער האָט זי בעטראַכט אַלס א מאָדעל. ער האָט געפונען גוטע וואָהנונגען פאַר די שקלאַווען, גוטע און גענוג שפייז; אַנ־שטאַט גרויזאַמע בעשטראַפונגען, ווערט געווירקט דורך ווערטער אויף זייער פערשטאַנד; א האַלבען טאָג אין וואָך האָבען זיי פאַר זיך צו בעאַרבייטען זייער אייגענע ערד; זיי קריעגען אויך מאָראַלע און רעליגיעזע אונטערריכט. מר. באָרראָוס האָט געפרעגט דעם פלאַנצער: „בעטראַכט איהר אייער פלאַנטאַציע אַלס א גוטען ביי־שפּיעל?" דער העררר האָט געענטפערט: „עס גיעבען צוויי סיסטע־מען, וועלכע מיר קומען נאָך. איינע איז, צו מאַכען פון א נעגער אַלעס וואָס מיר קענען אין עטליכע יאָהר און דאַן בעזעצען זיין פּלאַץ פון אַנאַנדערן; און דער אַנדערער דאַרף בעהאַנדעלט ווערען ווי איך טהו עס. מיין שכן פון דער נעכסטער פלאַנטאַציע טהוט פּונקט פערקעהרט. זיינע שקלאַווען אַרבייטען שווער און קריעגען ניט גע־נוג צו עסען. זיינע שקלאַווען קומען אָפט צו מיר און פאַלען צו מיר אויף די קניע און בעטען מיך, אז איך זאָל זיי קויפען."

מר. באָראָוס זאָגט, דאָס ער איז שפּעטער פערביי־געפאָהרען דיעזע פלאַנטאַציע און דאָס דער אַנבליק פון די דערשלאָגענע און פער־מוטשעטע שקלאַווען האָבען פאָלשטענדיג בעשטעטיגט דעם פלאַנ־צערס ווערטער. ער האָט אויך געזאָגט, דאָס דער פלאַנצער וואָס בעהאַנדעלט אַזוי גוט זיינע שקלאַווען האָט איהם דערצעהלט: „איך מאַך ניט פיעל געלד פון מיינע שקלאַווען."

די זאָנדערבאַרע אַרבייט אויף א צוקער פלאַנטאַציע איז אַזעלכע, דאָס דער מאַסטער מוז אין א געוויסען סעזאָן פון יאָהר איבערלאָדען די שקלאַווען מיט אַרבייט, אום ניט צו ליידען קיין גרויסען פער־לוסט. פּראָפעסאָר אינגערהעם האָט אין זיין בוך געזוכט צו בעווייזען, אז די שקלאַווען אַרבייטען טאַקע שווער די פּאָאָר מאָנאַט, דערפאַר אָבער האָבען זיי ווינטער גאָרניט וואָס צו טהאָן און מאַכען די שווע־רע אַרבייט גאַנץ לוסטיג און פרעהליך. ער שרייבט אַזוי:

„ווען די אַרבייט פאַנגט אָן, הערט זי ניט אויף ביז זי ווערט פאַרטיג. ביז צום ענדע געהט פאַר א פלייסיגע און פרעהליכע סצענע. די נעגערס אַרבייטען פון אַכצעהן ביז צוואַנציג שטונדען, דאָך אום

צו ערלייכטערן ווי ווייט מעגליך זייער לאַסט, זיינען די פּאַרטיעס צוטהיילט אין צוויי טהיילען; איינע בייטאָג און איינע ביינאַכט, און גיט קוקענריג אויף די שטענדיגע ארבייט, זעהען די נעגערס אויס בעסער און ווערען פעט און געזונד. זיי טרינקען פיעל פון דעם ראָהר־צוקער סאָק, און די קראַנקע פון זיי ווערען בעסער און ווערען געזונד און שטאַרק.

ווען די ארבייט איז געענדיגט, האָבען די נעגערס מעהרערע ימים טובים, וואו זיי קענען זיך פריי אמוזירען, טאַנצען און זיין פרעהליך וויפיעל זייער הארץ געלוסט. און אזוי געהט עס ביי זיי טאָג און נאכט און קיינער שטערט זיי ניט."

דאָס אויבערשטע איז אָבגעדרוקט געוואָרען אלס א סעמפּעל צו צייגען ווי די פערטהיידיגער פון שקלאַווערייי זוכען צו פערדעקען מיט א שעהנעם מאַנטעל די שרעקליכסטע זאכען, וועלכע ווערען אונטער איהם בעגאַנגען.

זאָל זיך איינער פּריוואַט נאָכפרעגען ביי די זיעבען הונדערט שווארצע מענער און פרויען, וועלכע זיינען געצוואונגען צו ארביי־טען טאָג און נאכט אונטער דער בייטש פון א טרייבער א צייט פון דריי מאָנאַט, וועט ער זעהען, ווי „פרעהליך און לוסטיג" זיי אר־ביימען.

„מעגליך, ווען דיעזער פיינער הערר, וועלכער האָט געשריע־בען דעם בוך, וואָלט געווען בעשעפטיגט מיט זיין פרוי און פאמיליע אין דיעזער „פרעהליכער" ארבייט, — ווען ער וואָלט געזעהען די פרוי וואָס ער ליעבט, די טאָכטער, וועלכע איז געווען טהייער צו איהם ווי זיין אייגענע נשמה, אונטער דער בייטש פון א טרייבער, מעגליך, ווען ער וואָלט דאָס אלעס געזעהען, וואָלט ער געהאט אנ־אנדער מיינונג וועגען דער פרעהליכקייט פון די שקלאַווען. און עס וואָלט געווען זעהר א גוטע זאך פאר אלע פערטהיידיגער פון שקלאַ־ווערייי, אז זיי זאָלען זיך בעשעפטיגען איין סעזאָן מיט דיעזער אר־בייט; איבערהויפּט מר. אינגרעהעם, וועלכער דערצעהלט אונז אזוי געשמאַק וועגען דער געזונד פון די נעגערס און ווי זיי פיהלען זיך בעסער ביי אזא ארבייט, ווי די קראַנקע ווערען גאָר געזונד פון איהר. איינער קען נאָך דענקען, אז עס איז איין איבערראַשענ־דער פאקט, דאָס ווען מען גיט זיי גענוג צו טרינקען פון דעם ראָהר־

צוקער סאָס ווערען זיי דערפון געזונד און מען זאָל זיי דאָס ניט געבען א גאַנצען יאָהר; אפשר איז עס דערפאר, ווייל אויב מען וועט זיי געבען צופיעל דערפון וועלען זיי נאָך ווערען זעהר פעט און זיי וועלען ניט קענען אזוי גוט ארבייטען. אָדער אפשר גיט מען זיי ניט די געזונטע משקה דעם גאַנצען יאָהר, ווייל די אקער־בוי געזעלשאַפטען האָבען אויסגעפונען, אז אין דעם סעזאָן פון די דריי מאָנאַט שטארבען צופיעל שקלאווען פון דעם געזונטען סאָס? דאָס דארפען די פילאַנטראָפען גוט בעטראַכטען. פיעללייכט וואָלט געווען א גוטער מיטעל מען זאָל די שקלאווען לאָזען ארבייטען זעקס מאָנאַט אַנשטאָט דריי.

וועלען אונזערע לעזער יעצט זאָגען, אז לעגרי׳ס צווינגען זיינע נעגערס אזוי שווער צו ארבייטען, איז איבערטריבען?

אין „אָנקעל טאָם׳ס קעבין" זיינען פאָרגעבראכט געוואָרען שרעקליכע סצענעס וועגען שקלאווען־האנדעל. עס וועט זיין זעהר גוט פאָרצופיהרען א פּאָאר פון זיי. די ערשטע זאַך וואָס קומט צום פאָרשיין איז די שיידונג פון א פערמוטשעטע נעגערקע פון איהר יונגען זוהן. די שרייבערין קען ליידער ניט זאָגען, אז זי האָט די זאך אויסגעטראכט. זי האָט עס געפונען אין א צייטונג, אין וועלכער דער שרייבער גיט עס אָן פאר א סצענע, וועלכע ער האָט צוגעזעהען מיט זיינע אייגענע אויגען. די איינציגע זאַך וואָס זי האָט אויסגעלאָזען איז די צוגעזעצטע אונמענשליכקייט און שמערצליכקייט וואָס ער האָט צוגעגעבען. ער שטעלט פאר דעם אינגעל ווי א פלאַנצער האָט איהם געקויפט און איהם אָנגעטהאָן קייטען אויף די הענד; האָט ארומגעבונדען א שטריק ארום זיין האלז, וועלכען ער האָט ארומגעבונדען ארום האלז פון פערד, און אויף דיעזער וויזע האָט ער געצוואונגען דעם קינד צו געהען גלייך מיט׳ן פערד. דיעזער פאַל איז פון דער שרייבערין ארויסגעלאָזען געוואָרען.

אנאנדערע סצענע פון פאלשקייט און גרויזאמקייט איז בעשריעבען אין דעמזעלבען קאפּיטעל, וועלכער איז אויסגעפיהרט געוואָרען פון א קענטאָקער שקלאווען־מאסטער, וואָס פערקויפט א פרוי צו א שקלאווענהענדלער, און רעדט זי איין דורך א פאלשער פערשפּרעכונג צו געהן מיט איהם אראָפּ דעם טייך אין די סאַוטה, דאָרטען וואו איהר מאַן ארבייט און אז זי וועט דאָרטען זיין א קעבין. דאָס

איז א פאַל, וועלכער האָט פּאַסירט אונטער דער פּערפּאַסערין'ס אויגען, שוין זייט יאָהרען, ווען זי איז געפאָהרען אראָפּ מיט'ן טייך אָהייאָ. די פרוי איז געווען פיין און אַלע הינזיכטען אי אין קליידונג אי אַלס פערזאָן.

די פערפאַסערין געדענקט נאָך יעצט, ווי זי איז געווען זעהר ריין געקליידעט ; האָט געטראָגען א ווייסע הויז־קלייד, איהרע האָאָר זיינען געווען שעהן פערקעמט און זי האָט מיט זיך געהאט א שעהן געקליידעטען אינגעל פון א יאָהר זיעבען. זי האָט אויך מיט זיך געהאט א קופערט מיט קליידער, וואָס עס האָט געצייגט, אז זי איז געווען גוט ערצויגען. מען וועט זעהען אין די שקלאַווען־הענדלערס בעשרייבונג פון אזא פאַל, אז ער איז פערענדערט ווי עס פּאַסט זיך זיי. זיי שטעלען פאַר די פרוי מיט'ן אינגעל, אַלס א מוטער מיט א זויג־קינד אויפ'ן אָרעם.

די געוועהנליכע ווייזע צו שיידען א זויג־קינד פון זיין מוטער, ווען די מוטער דאַרף געבראַכט ווערען אין מארק פון די סאַוטה שטאַא־טען איז א זאַך פון אַלע טאָג אין דעם בעקאַנטען שקלאַווען־האַנדעל. דאָס ווערט ניט געטהאָן איין מאָל אין א יובל, זאָנדערן ווען עס איז נאָר דאָ א געלעגענהייט ; און דער מוטערס יסורים ווערען ניט מעהר בעטראַכט ווי פון א קוה פון וועלכער מען נעהמט צו די קאַלב.

די אורזאַכע דערפון איז, דאָס די זאָרגען און די ערציעהונג פון שקלאַווען־קינד ווערען ניט אריינגענומען אין כלל פון מענשליכקייט אויף די פּלאַנטאַציעס אין דער סאַוטה. די קינדער זיינען א צרה ; זיי נעהמען אראָפּ פון דער מוטער דעם ווערטה אַלס א פעלד ארביי־טערין, און עס קאָסט טהייערער זיי אויסצוהאָדעווען, ווי צו קויפען פאַרטיג אויסגעהאָדעוועטע ; זיי ווערען דעריבער צוריקגעלאָזען פאַר א שמעק־טאַבאַק. ניט לאַנג צוריק האָט די שרייבערין געהאַט א געשפּרעך מיט טהאָמאַס סטראָטהער, א שקלאַווען גייסטליכער אין סענט לואיס, פאַר וועמעס בעפרייאונג זי האָט זיך געגעבען אייניגע מיהע. צופעליג האָט ער איהר דערצעהלט א געשיכטע, וועל־כע ער האָט בייגעוואָהנט מיט א קליינער צייט פריהער, אין וועלכער זיינע א בעקאַנטע יונגע פרוי איז געקומען צו איהם אין א שרעקליכען צושטאַנד און איהם דערצעהלט, אז זי איז פערקויפט געוואָרען אין די

סאָוטה צו אַ שקלאַווען־הענדלער און דאָס זי לאָזט הינטער זיך אַ וויג־קינד.

דער פּאָרפאַל אין דעמזעלבען קאַפּיטעל, וועלכער ווערט בע־שריעבען ווי די פרוי פון דעם אונגליקליכען אָרטיקעל, וועלכער איז פערשריעבען אַלס „דזשאָהן דרייסיג יאָהר אַלט", לויפט אַרויף אויפ'ן שיף און וואַרפט אַרום איהרע אָרעם אַרום זיין האַלז מיט יאָמער־גע־שרייען, איז איין אמת'ער פּאָרפאַל. דער מאַן, וועלכער האָט עס דערצעהלט, איז געווען אַזוי אויפגערעגט פון דיזער סצענע, דאָס ער האָט געזאָגט צום שקלאַווען־הענדלער פּונקט דיזעלבע ווערטער, ווי די שרייבערין האָט עס דערצעהלט אין איהר בוך: „מיין פריינד, ווי קענט איהר, ווי וואַגט איהר צו טרייבען אַזאַ מסחר? קוקט אויף דיזע אונגליקליכע בעשעפעניסען! איך פרעה זיך דאָ אין מיין הארצען, ד'אָס איך פאָהר אַהיים צו מיין פרוי און קינד, און דער זעלבער קלונג וועלכער גיט דעם סיגנאַל אַז מען זאָל מיך פיהרען נע־הענטער צו מיין היים, וועט שיידען דיזען אָרימען מאַן פון זיין ווייב אויף אייביג. איהר קענט זיך פערלאָזען, אַז גאָט וועט אייך בעצאָהלען דערפאַר."

ווען דיזער הערר האָט געלעזען מיין בוך, וואָס ער האָט שוין געוויס געמוזט טהאָן, — האָט ער געווים דערקענט זיינע אייגענע ווערטער. איין ערגרייפענדער פּאָרפאַל אין דער ערצעהלונג, וועל־כער האָט ווירקליך פּאַסירט, איז ווערטה צו דערמאָהנען. די פרוי האָט שרעקליך בעוויינט איהר מאַן'ס שיקזאַל, וועלכער האָט באַלד געדאַרפט געשיידעט ווערען פון אַלעס וואָס איז געווען טהייער צו איהם, ווייל ער איז פערקויפט געוואָרען צו דער שווערער אַרבייט פון די פּלאַנטאַציעס אין דער סאָוטה. דער מאַן האָט בענוצט דיזעלבע ווערטער, וועלכע די שרייבערין האָט געגעבען אָנקעל טאָם'ן: „דאָר־טען איז דערזעלבער גאָט וואָס דאָ".

איין אַנדער פּאָרפאַל אין „אָנקעל טאָם'ס קעבין" קען בעשטעט־מיגט ווערען אין דיזען פּלאַץ ווי אויך אין אַנדערע פּלעצער.

דער פּאָרפאַל מיט דער אַלטער פרוע איז דערצעהלט געוואָרען פון אַ שוועסטער און ברודער פון דער שרייבערין ווי פאָלגט: זי איז געווען די פרוי, וועלכע פלעגט ברענגען נעבעקס אין דער אַכסניאָ וואו זיי האָבען געוואָהנט. איהרע מאַניערען, ערשיינונג און כאַ־

ראַקטער זיינען געווען פונקט אזוי ווי עס איז בעשריעבען געוואָרען אין איהר בוך. איין טאָג איז אַנאַנדער פרוי געקומען מיט די געבעקס. די שוועסטער פון דער שרייבערין האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען דער פרוע. פריהער האָט זי זיך צוריקגעהאַלטען און האָט ניט געוואָלט זאָגען, ענדליך האָט זי דערצעהלט, אַז מען האָט זי אַראָפּגענומען אין קעלער און מען האָט זי געשלאָגען ; דאָס די פליגען זיינען אַרום איהר און זי איז טויט !

עס איז גוט בעקאַנט, אַז אין ניו־אָרליענס זיינען ניטאָ קיין ק ע ל ע ר ס. די ערד איז דאָרטען אַזאַ, אַז מען קען דאָרטען ניט גראָבען. די שקלאַווין וועלכע האָט בענוצט דעם וואָרט, האָט געמוזט זיין פון אַנאַנדער שטאַאַט, וואו עס זיינען דאָ קעלערס, און האָט דערמיט געמיינט אַ פּלאַץ וועלכער זעהט אויס ווי אַ קעלער. אַ קעבין, וועלכע איז געווען אין דער שרייבערינס פאַמיליע און וועלכע האָט דעם גרעסטען טהייל פון איהר לעבען פערבראַכט אויף אַ פּלאַנטאַציע, האָט אָנגערופען יעדען הויף, יעדע דאָרף הויז מיט אַ הויף אַ פּלאַנטאַציע.

דיזעלבע דאַמע (דער שרייבערינס שוועסטער), וועהרענד זי האָט געוואָהנט אויף דעמזעלבען פּלאַץ, איז זעהר אָפט געווען אויפגערעגט פון דעם וויינען פון אַ קראַנקען קינד אין אַ שכנה'שע הויז, און אויך וועגען די מערדערישע בעהאַנדלונג געגען דער מוטער פון דעם קינד. זי האָט אַ מאָל געהאַט אַ געלעגענהייט צו רעדען מיט דער מוטער, וועלכע איז געווען פער'צרה'ט און פעריאָמערט. ווען זי האָט זי געפרעגט וואָס מיט איהר קינד איז, האָט זי געענטפערט, דאָס זי האָט געהאַט פיבער און דאָס איהר מילך איז אין גאַנצען פערטרוקענט געוואָרען ; דאָס איהר מיסעס האָט פיינט געהאַט איהר קינד און האָט ניט געוואָלט פאַר איהר קויפען קיין מילך. זי האָט פּרובירט איהר צו געבען עסען איהרע אייגענע גראָבע שפּייז, אָבער דאָס קינד האָט עס ניט געקענט פערנעהמען און האָט געסאָכנעט און שטענדיג געשריען. דאָס צו בעשטעטיגען האָט זי געבראַכט דאָס קינד. עס איז געווען צונויפגעשרונקען ווי אַ סקעלעט. די דאַמע האָט גענומען דאָס קינד אין די הויז פון איהרער אַ פריינדין, וועלכע איז ניט לאַנג געלעגען געוואָרען און האָט געליטען פון קנאַפּ מילך, און האָט זי געבעטען אַז זי זאָל זייגען דאָס קינד. דער שרעקליכער אנבליק

פון דעם פערהונגערטען און אויסגעטריקענטען נפש'ל האָט אזוי אנ־געגריפען די קינפעטאָרין דאָס זי האָט ניט געקוקט אויף קיין זאך און האָט צוגעלייגט דאָס קינד צו איהר ברוסט. אָבער דאָס קינד איז שוין געווען אזוי אויסגעמאטערט, אז דאָס האָט שוין ניט געקענט העלפען. נאָך דעם איז עס געווען כמעט אונמעגליך צו זעהען די פרוי, און דער ווילדער כאראקטער פון איהר מיסעס איז געווען אזא, דאָס עס איז געווען שווער זיך דאָ ארייגצומישען. די דאמע האָט געטהאָן אלעס אום די אונגליקליכע פרוי צו העלפען און האָט קוים גע'פועל'ט ביי איהר מיסעס אז זי זאָל ערלויבען צו בעערדיגען דאָס קינד. דאָס איז איינער פון יענע פעללע, וועלכע ווייזען, אז דער א י נ ט ע ר ע ס פון דעם אייגענטהימער ערלויבט זעהר זעלטען דעם שקלאַוו גוט צו בעהאנדלען.

---

## טאָפּסי.

טאָפּסי שטעהט אלס א פאָרשטעהערין פון א גרויסער קלאַס קינ־דער, וועלכע וואקסען אונטער דעם אנשטאלט פון שקלאַווערייִ, זיי זיינען שנעל, טהעטיג, ווייך און ערפינדעריש, און ווי עס שיינט אָהן יעדען פרינציפּ און געוויסען. עס ווערט אויך אָפט געזאָגט, אז די נעגערס זיינען פאלש און דום שטאָלץ; זיי האָבען ליידענשאפטליך ליעב פאָרשטעלונגען און זיינען אינטערעסירט נאָר אין קלייניגקייטען. און וועמען דארף מען דערפאר בעשולדיגען? נעהמט אוועק פון אבי וועלכער קלאַסע מענשען אלע הויכע ציעלען, אלע ערדלע אמביציעס, וואָס וועט דאן בלייבען מעהר פאר זיי אין וואָס זיך צו אינטערעסירען ווי אין קלייניגקייטען?

דער יעצטיגער געזעץ מיניסטער פון ליבעריא, מר. לואיס, איז א מאַן פאר וועלכען מען האָט דעם גרעסטען רעספּעקט פאר זיין טאַ־לאַנט און זיין פעהיגקייט; דאָך ווען ער איז געווען אין אמעריקא, האָט מען וועגען איהם גערעדט אז ער איז געווען איין אויפגעבלאָזע־נע פוסטע כלי. וואָס האָט איהם אזוי אומגעביטען נאָכדעם ווי ער איז געקומען אין ליבעריא? ווער זעהט ניט דעם ענטפער? וויל איינער וויסען וואָס איז אויפגעשריעבען אויפ'ן זיעגעל, וועלכער האלט דעם גרויסען שטיין איבער דעם קבר פון אפריקאס קאָפּ? עס

איז דאָס — וואָס די אָרימע טאָפּסי האָט אַזוי ריכטיג געזאָגט: —
„איך בין דאָך מעהר ניט ווי אַ נעגערקע!"

עס איז דאָס וואָס איז איינגעברענט אין דער זעעלע מיט ברע־נענדיגען אײַזען פון גרויזאַמער און אונמענשליכער פעראַכטונג, וואָס איז אַ שאַרפערע און אַ טיעפערע וואונד ווי אַלע קערפערליכע צרות פון שקלאַווערײַ צוזאַמען.

אַ בעקאַנטע פון דער שרייבערין איז געווען פערהייראַט צו אַ העררן פון לואיזיאַנאַ, וועלכער איז געווען דער אייגענטהימער פון אַ אַכט הונדערט שקלאַווען. ער האָט נאַטירליך געהאַט פיעל דיענער אין זיין הויז. ווען די נייע ווירטהין איז אָנגעקומען אין הויז האָט מען זי געוואָרענט, דאָס די דיענער זיינען אַזעלכע גנבים, דאָס זי וועט מוזען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע הויז־פיהרערס האַלטען אַלעס אונטער שלאָס און ריגעל. זי האָט פונדעסטוועגען ערקלעהרט, אַז זי האָט בדעה אַזוי צו ערציעהען איהרע דיענער, אַז מען זאָל ניט דאַרפען קיין שלעסער. מען האָט זיך אויסגעלאַכט פון איהר אידעע, אָבער זי האָט זיך בעשלאָסען דאָס אויסצופיהרען. דער וועג, וועל־כען זי האָט אָנגענומען, איז געווען פאָלגענדער: זי האָט צוזאַמענ־גערופען אַלע דיענער און האָט זיי געזאָגט, אַז עס וועט זיין זעהר שווער פאַר איהר האַלטען אַלעס פאַר זיי פערשלאָסען; זי האָט גע־הערט, אַז מען קען זיי ניט טרויען, אָבער זי האָפט, אַז זיי זיינען פיעל בעסער ווי מען האָט זיי פאָרגעשטעלט. זי האָט זיי פערשפּראָ־כען, אַז זי וועט זיי געבען אַלעס וואָס זיי ווילען, וועט ניט האַלטען פאַר זיי קיין זאַך פערשלאָסען און וועט טרויען זייער עהרע.

דער געדאַנק, דאָס מען נעהמט אָן, אַז זיי קענען האָבען עה־רע, האָט אָנגעריהרט אַ נייע סטרונע אין זייערע הערצער. די דיע־נער האָבען זיך בעוויזען זעהר דאַנקבאַר פאַר דעם צוטרויען און אַלע־מעס גייסט איז אויפגעוועקט געוואָרען. די עלטערע און די ערנסטע האָבען אויפגעפאַסט אויף די אינגערע, אַז עס זאָל קיין זאַך ניט גע־שעהען וואָס זאָל צושטערען זייער ניי־געפונענעם אוצר — די עהרע.

ענדליך האָט די דאַמע אויסגעפונען אַז אימעצער פון דער שוואַר־צער קליינוואַרג האָט זיך מרחם געווען איבער איהר קוכען. זי האָט דערויף צוזאַמענגערופען אַלע דיענער און האָט זיי דערצעהלט דעם פאַקט. זי האָט זיי ערקלעהרט, אַז עס איז ניט דער ווערטה פון דעם

קוכען וואָס ערגערט זי, זאָנדערן דאָס וואָס מען האָט איהם גע־פאַטשקעט מיט די פינגער. יעצט וועט זי לייגען קוכען פריי אויפ'ן טיש און יעדערער זאָל עסען וויפיעל ער וויל, אבי מען זאָל לאָזען צופריעדען דעם קוכען אין דער שאַפע. די דאַמע האָט בעהויפּטעט, אַז דער קוכען וועלכען זי האָט אוועקגעשטעלט פריי אויפ'ן טיש, איז דאָרטען פערטריקענט געוואָרען און קיינער האָט איהם ניט אָנגעריהרט, און דאָס נאָכדעם האָט זי מעהר קיין ערגער ניט געהאַט וועגען דיעזער אנגעלעגענהייט.

א קורצע צייט נאָכדעם איז א קליינע קאַרעטע געקויפט געוואָ־רען, און אין איין נאַכט איז א לעדערנער צודעק פון דעם וואָגען פער־שוואונדען געוואָרען. איידער איהר מאַן האָט נאָך צייט געהאַט זיך צו איבערלייגען וואָס ער זאָל טהאָן, האָבען די דיענער געמאַכט צווישען זיך א פערזאַמלונג און האָבען די זאַך אונטערזוכט. דער צודעק איז געפונען געוואָרען און אָפּגעגעבען, אָבער דעם מאַסטער און דער מיסעס האָבען זיי ניט געזאָגט, ווער עס האָט עס גע־נומען.

אנאַנדער אנעקדאָט, וואָס די דאַמע האָט דערצעהלט, בעווייזט די זאָנדערבארע ערגעבענהייט פון א שקלאַוו צו א גוטען מאַסטער, וועגען וואָס עס איז שוין אויפמערקזאַם געמאַכט געוואָרען. איהר מאַן איז גע'הרג'עט געוואָרען דורך א טרויעריגער סיבה. ער האָט געהאַט א פערטרויטען לייב־דיענער, וועלכער איז מיט איהם אויפגעוואַקסען פון קינדהייט אויף. דער דיענער איז אַזוי אָנגעגריפען געוואָרען פון עגמת נפש, דאָס ער איז כמעט פערדולט געוואָרען. אין דעם טאָג פון דער בעערדיגונג האָט א ברודער פון דעם פערשטאָרבענעם'ס מאַס־טער ביי איהם געפרעגט, אויב ער האָט אויסגעפיהרט פאַר דער מיסעס א געוויסע זאַך. דער דיענער האָט געזאָגט, אַז ער האָט עס פערגע־סען. ניט בעמערקענדיג אין דיעזען מאָמענט זיין געפיהל, האָט דער הערר געענטפערט: „איך בין איבערראַשט, דאָס דו זאָלסט פער־נאַכלעסיגען א בעפעהל פון דיין מיסעס, ווען זי איז אַזוי אָנגע־גריפען.”

דיעזע בעמערקונג איז געווען דער לעצטער טראָפּפען אין א פולער גלאָז. דער אָרימער קערל איז אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד ווי א טויטער, און די פאַמיליע האָט געמוזט פערברענגען כמעט

צוויי שטונדען אנוועגדענדיג פערשיעדענע מיטלען איהם צו ברענגען אין לעבען. דער דאָקטאָר האט ערקלעהרט, אז זיין גאנצע בלוט פון קערפּער האט זיך געגעבען אזא לאז צום הארצען, דאס עס איז געווען א נעפאהר, אז די הארץ זאל פּלאצען.

---

## די קוועקערס.

דער שרייבערינס מאָהלען דעם כאראקטער פון דיעזע מענשען איז גענומען געוואָרען פון איהר פּערזענליכער בעאָבאכטונג. עס זיינען דאָ עטליכע פּלעצער פון דיעזע לייטע אין אָהייאָ. זייער ארט לעבען, זייערע נעפיהלען און געוואָהנהייטען, ווי די שרייבערין האט זיי פּאָרגעשטעלט זיינען נים איבערטריבען.

דיעזע פּלעצער זיינען אלע מאל געווען א שוץ פאר די ענטלאָפענע שקלאַווען. דער כאראקטער פון רייטשעל האללעדעי איז געווען א ריכטיגער, אָבער זי איז שוין געשטאָרבען. סימעאָן האללעדעי, וועלכער האט רוהיג ריזיקירט צו בעקומען א שטראָף און געפענגניס אוים ליעבע צו גאָט און צו מענשען האט געהאט אין דיעזען לאנד פיעלע אזעלכע אין זיין סעקטע.

די שרייבערין האט געהאט אין זינען, ווען זי האט דאס געשריעבען, די סצענע אויף דעם געריכט פון טהאָמאס גאררעטט פון ווילמינגטאָן, דעלאַווער, פאר דעם פערברעכען וואס ער האט געדונגען א וואָגען אָפּצופיהרען א מוטער און פיער קינדער פון ניו־קעסעל געפענגניס נאָך ווילמינגטאָן, א משך פון פ י נ ף מ י י ל.

די שרייבערין האט בעקומען די פאקטען פון דיעזער געריכטס־פערהאנדלונג אין א בריעף פון טהאָמאס גאררעטט, פון וועלכען אייניגע אויסציגע וועלען דאָ געגעבען ווערען:

„ווילמינגטאָן, דעלעווער.
דען 1טען יאנואר 1853.
„מיין טהייערע פריינדין!
הערריעט ביטשער סטאָו, — איך האָב היינט ערהאלטען א

בריעף פון טשארלעס ק. אביפפעל, פון באָסטאָן, דיר צו שיקען א ריכטיגע בעשרייבונג פון די צרות און פערלוסט, וועלכע זיינען גע־קומען אויף מיר און מיינע פריינד פאר די הילפע וואָס מיר האָבען געגעבען צו ענטלאָפענע שקלאווען, אום, אז דו זאָלסט עס האָבען פאר דיין בוך, וואָס דו וועסט דרוקען.

איך וועל דיר יעצט געבען א בעשרייבונג ווי איך און דזשאהן הונן האָבען געליטען פאר העלפען א פאמיליע פון שקלאווען, שוין זייט א פּאָאר יאָהר.

אין דעצעמבער 1846 האָט א פאמיליע, וועלכע איז בעשטאַנען פון סעם האוקינס, א פרייער שקלאוו, זיין פרוי עמעלינע און זעקס קינדער, וועלכע האָבען זיך נאָכהער ארויסגעוויזען אלס שקלאווען, זיך אָפּגעשטעלט ביי א פריינד מיט'ן נאָמען דזשאהן הונן, נעבען מידעלטאון, אין דיעזען שטאאט. דאָס איז געוועזען אין אבענד און זיי האָבען דאָרטען געוואָלט בלייבען איבער נאכט. זיי זיינען געזעהען געוואָרען פון הונן'ס שכנים, וועלכע זיי־נען פאר שקלאווערייי, און זיינען געקומען מיט א קאָנסטאבלער און האָבען זיי אלעמען גענומען צו א ריכטער. הונן האָט געלאָזען די שקלאווען אין דער קיך, ווען ער איז אוועק אין דאָרף א האלבען מייל פון דאנען. ווען דער בעאמטער איז געקומען מיט דעם פערהאפטס־בעפעהל פון דעם ריכטער, האָט ער געטראָפען הונן אין דער קיך און האָט איהם געפרעגט וואו די שקלאווען זיינען. הונן האָט מיט אמת געענטפערט, אז ער ווייס ניט. הונן'ס פרוי האָט געדענקט, אז די שקלאווען וועלען זיין זיכערער אין די אויבערשטע צימערן, ווערענד איהר מאן איז ניט געווען. אויבען האָט מען זיי געפונען. הונן האָט ניט געמאכט קיין ווידערשטאנד און זיי זיינען געבראכט געוואָרען פאר'ן ריכטער, און פון ריכטער אין ניו־קעסעל געפענגניס, וואו זיי זיינען אָנגעקומען ארום איינס א זייגער פאר טאָג אויפ'ן זיעבענטען טאָג

דער שעריף און זיין טאָכטער, וועלכע זיינען געווען גוטע מענ־שען, האָבען זיך נאָכגעפרעגט ביי האוקין'ען וועגען דער זאך, און זיין טאָכטער האָט געשריעבען אהער צו א דאמע, מיך צו בעטען, אז איך זאָל פאָהרען נאָך ניו־קעסעל און זעהען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, ווייל זי און איהר פאָטער האָבען זיכער געגלויבט,

אז די שקלאווען זיינען געווען בערעכטיגט צו פרייהייט. איך האב איינגעבעטען דעם שעריף, אז ער זאל מיר וויזען דעם בעפעהל פון דעם ריכטער, און איך האב געפונען, אז ער איז געווען ניט ריכטיג. איך האב גענומען א קאפיע דערפון און האב עס איבערגעגעבען צו מיין אדוואקאט. ער האט ערקלעהרט דעם ארעסט פאר ניט ריכטיג, און ער האט זיך אונטערגענומען צו פאהרען צום הויפט ריכטער פון שטאאט, ריכטער בוטה אום פארלויפיג ארויסצונעהמען די געפאנגענע פון געפענגניס ביז דער פראצעס וועט פארקומען, אין דעם האבען סעמיועל האוקינס און זיין פרוי צוגעגעבען פאלגענדעס: זיי האבען צוגעגעבען אז זייערע עלטערע צוויי זיהן זיינען געהאלטען געווארען אלס שקלאווען ביי איינעם משארלעס גלאודין פון קווין אננע קאונטי, מערילענד; דאס נאך דער געבורט פון דיעזע צוויי קינדער, האט עליזאבעטה טוירנער, אויך פון קווין אננע, די מיסעס פון זייער מוטער, זי בעפרייט און האט איהר ערלויבט צו געהן לעבען מיט איהר מאן א צוואנציג מייל פון איהר וואהנונג, דאן זיינע ביי זיי די צוויי אינגסטע קינדער געבארען געווארען; דאס איהר מיסעס האט וועהרענד דער גאנצער צייט, איין ערך פון עלף אדער צוועלף יאהר, קיין מאל ניט געגעבען א סענט צו זייער שטיצונג און איז זיי קיינמאל ניט געקומען זעהען. נאך דעם ווי דער הויפט־ריכטער האט דורכגעזעהען די גאנצע פערהאנדלונג און האט זיך בעראטהען מיט זיין אדוואקאט האט ער דער גאנצער פאמיליע געגעבען א פארלויפיגע בעפרייאונג. דער טאג איז געווען א נאסער און א קאלטער; איינער פון די דריי קינדער איז געווען פערקיהלט און האט ניט געקענט מאכען קיין דריי טריט; אנאנדערער פון עלף מאנאט איז געווען ביי דער ברוסט, און אזוי ווי די עלטערן האבען געוואלט פאהרען אין ווילמינגטאן, פינף מייל פון דארטען, האב איך געפרעגט דעם ריכטער, אויב איך מעג דינגען א פערד און וואגען און אפפיהרען די מוטער מיט די קינדער צו זייער ארט. דער ריכטער האט אין דער געגענווארט פון שעריף געענטפערט, אז ער זעהט ניט איין פאר וואס איך זאל ניט מעגען. איך האב דערויף געבעטען דעם שעריף, אז ער זאל מיר שאפען א פערד און וואגען אויף אפצופיהרען די פאמיליע אין ווילמינגטאן.

די גאנצע פאמיליע האט ניט געווארט אויפ׳ן פראצעס און איז

ענטלאָפען. דזשאהן הונן און טהאָמאס גאררעטט זיינען געבראכט געוואָרען פאר'ן געריכט און זיינען בעשולדיגט געוואָרען, אז זיי האָבען געהאָלפען ענטלויפען די שקלאווען. דזשאהן הונן איז פערורטהיילט געוואָרען צו בעצאָהלען צוויי טויזענד און פינף הונדערט דאָלאר שטראָף און טהאָמאס גאררעטט איז בעשטראָפט געוואָרען מיט פינף טויזענד און פיער הונדערט דאָלארס. דריי טויזענד פינף הונדערט דאָלארס פאר דינגען א וואָגען און איין טויזענד ניין הונדערט פאר דעם ווערטה פון די שקלאווען !

---

## סיינט קלער.

די צווילינג ברידער אלפרעד און אוגוסטין סיינט קלער שטעלען פאָר צוויי קלאסען מענשען, וועלכע מען געפינט אין אלע לענדער. זיי זיינען די ראדיקאלע אריסטאָקראטישע און דעמאָקראטישע מענער. דער אריסטאָקראט פון פערהעלטניסע איז ניט אלע מאָל דער אריסטאָקראט פון דער נאטור און פערקעהרט ; אָבער דער אריסטאָקראט פון דער נאטור, ער קען זיין פון א העכערער אָדער נידריגער געזעלשאפט, איז דער יעניגער, — ער קען אפילו זיין גוט, מענשליך און גערעכט צו מענשען וואָס ער בעטראכט פאר זיין גלייכען, — וואָס האָט קיין געפיהל ניט צו די ליידען פון מענשען, וועלכע ער בעטראכט פאר נידריג. די ליידען פון א גרעפין וואָלטען איהם געמאכט וויינען ; די ליידען פון א נייטהערקע איז א גאנץ אנדערע זאך.

פון דער אנדערער זייט ווערט דער דעמאָקראט זעהר אָפט געפונען אויף דער העכסטער שטופע פון דער געזעלשאפט. פאר דיעזען מאן איז גרויסקייט איבער זיין ברודער א זאך, וועלכע ער קען ניט האָבען אָפען אָהן געהיימען שמערץ. אין דעם נידריגסטען און אָרעמסטען גאנג פון לעבען אנערקענט ער די הייליגקייט פון א פראָסטער מענשהייט. און ווי ערנידריגט א געוויסער קלאס זאָל ניט זיין פון די מיינונגען און פון די אנשטאלטען פון דער געזעלשאפט, גיעבט עס א מין אינסטינקטיווער געפיהל אין זיין זעעלע, וועלכער לערנט

איהם, אז די אָרימע זיינען מ ע נ ש ע ן מיט אזעלכע ליידענשאַפּ־טען ווי ער.

אז אזעלכע מענשען קען מען געפינען אין די סאוטה איז קיין צווייפעל נים. פיעלע פון די בעריהמטעסטע מענער אין דער רעוואָ־לוציאָן, זיינען געווען פון דיעזען קלאַס, און פיעלע מענער פון דער סאוטה אין די שפּעטערע צייטען האָבען זיך אויך ארויסגעוויזען אלס אזעלכע מענשען.

דער כאַראַקטער פון סיינט קלער איז געמאָהלען געוואָרען פון דער שרייבערין מיט ענטהוזיאזם און מיט האָפנונג. ווען דיעזע האָפנונג קיינמאָל ניט פערווירקליכט ווערען? ווען דיעזע מענער פון דער סאוטה, וועמען גאָט האָט געגעבען די מאַכט צו בעמערקען און א הארץ צו פיהלען די אונאויסשפּרעכליכע שלעכטיגקייט און אונרעכט, אלע מאָל בלייבען שטיל און אונטהעטיג? וועלכע עדע־לערע אמביציע קען א סאוטהערנער מאַן האָבען ווי צו בעפרייען די לאַנד פון א שאַנד־פלעק? פון דער סאוטה מוז דער בעפרייער ארויס־קומען. ווי לאַנג נאָך וועט ער ווארטען? עס גיעבט א גלענצענדערע קרוין ווי די גרעסטע אמביציע האָט א מאָל געטראָגען, — עס גיעבט א זיעגעס פּאַהן, וועלכע וועט קיינמאָל ניט פערבליאַקנען; זי איז פאַרבערייטעט און ווארט פאַר׳ן העלד, וועלכער וועט זיך אויפהויבען פאַר דער פרייהייט אין דער סאוטה און וועט בעפרייען דיעזע ערדעלע און פראַכט־שעהנע לאַנד פון דער לאַסט און שאַנדע פון דער שקלאַ־פעריי.



וואס די געגנער זאגען וועגען
„אָנקעל טאָם'ס קעבין".

# וואס די געגנער זאָגען וועגען „אנקעל טאם'ס קעבין".

דער „ניויאָרקער קוריער און אינקווייער" פון פינפטען נאָוועמבער, האָט געדרוקט א גרויסען ארטיקעל, אין וועלכען דער שרייבער זוכט צו בעווייזען, אז די שרעקליכע שילדערונג פון דער לאגע פון שקלאווריי אין „אָנקעל טאָם'ס קעבין" איז פאלש ; דאָס זי האָט בענוצט פאלשע בעווייזע געגען טויזענדע און מיליאָנען פון איהרע מיטמענשען.

„זי האָט זיי בעשולדיגט, שרייבט ער, פאר דער גאנצער וועלט מיט פערברעכענס, אין וועלכע זיי זיינען גאנץ אונשולדיג. איהר פינסטערע געשיכטע איז פאָרגעשטעלט אזוי, אז מען זאָל זי קענען צוטהיילען אין דריי טהיילען : דער ערשטער איז די *גרויזאמע בעהאנדלונג* פון די שקלאווען ; דער צווייטער, די *צושיידונג פון פאמיליען* און דער דריטער, קיין *רעליגיעזער אונטעריכט*.

מיט דעם ערשטען בעווייזט זי, ווי מען גיט א בעלאָהנונג פאר'ן כאפען איין ענטלאָפענעם שקלאוו „טויט אָדער לעבעדיג", וועהרענד אזא זאך איז גאָר ניט געהערט און געזעהען געוואָרען און מען האָט גאָר דערפון קיינמאָל ניט געטרוימט. עס איז שוין וויפיעל מאָל פון געריכט בעשטימט געוואָרען ; „אז א שקלאוו, וועלכער ענטלויפט נאָר, טהאָר ניט געטויטעט ווערען". זי זאָגט נאָך אזוי : „א מאסטער, וועלכער טהוט די שלעכטסטע פערברעכען געגען א שקלאוו, טהוט נאָר דאָס וואָס דאָס געזעץ ערלויבט איהם". וועהרענד אין אמת'ן זאָגט דאָס געזעץ אין דעמזעלבען שטאאט, פון וועלכען זי רעדט, לואיזיאנא, פאָלגענדעס : — „דער שקלאוו איז פאָלשטענדיג אונטער דער ממשלה פון דעם מאסטער, וועלכער מעג איהם בעסערן און שטראָפען, דאך ניט מיט שווערער שטראָף, אָדער ניט אזוי, אז ער זאָל איהם בעשעדיגען אָדער פערקריפּלען, אָדער צו ברענגען

איהם אין געפאהר צו פערלירען דעם לעבען, אָדער איהם צו טויטען."

ווייטער זאָגט דאָס געזעץ: —

„ווען דער מאסטער זאָל פעראורטהיילט ווערען פאר גרויזאמע בעהאנדלונג פון זיינע שקלאווען, און דער ריכטער זאָל געפינען, אז א חוץ די שטראָף וואָס עס קומט איהם פאר זיינע האנדלונג, מוז דער שקלאוו פערקויפט ווערען אין אוקציאָן, אום ער זאָל דערוויי־טערט ווערען פון א שלעכטען מאסטער."

„אויב א פערזאָן וועט מיט אבזיכט טויט שלאָגען זיין שקלאוו אָדער א שקלאוו פון אנאנדער פערזאָן, זאָל ער גע'משפט און פער־אורטהיילט ווערען נאָכ'ן געזעץ."

אין דעם צענטראל געריכט פון ווירזשיניא איז לעצטען יאָהר פאָרגעקומען א פראָצעס, אין וועלכען עס איז ערקלעהרט געוואָרען, אז אויב א מאסטער טויטעט זיין שקלאוו מיט ווילען דורך שמייסען אָדער דורך אנדערע פייניגונג, פערדיענט ער די טויטעס־שטראָף, אָב־וואָהל עס קען זיין, אז ער האָט ניט געהאט די אבזיכט איהם צו טוי־טען. און עס איז נאָך ניטאָ קיין זעקס מאָנאט ווי דער גובערנאטאָר דזשאהנסטאָן פון ווירדזשיניא האָט מוחל געווען א שקלאוו, וועלכער האָט גע'הרג'עט זיין מאסטער, וואָס האָט איהם מערדערליך גע־שלאָגען.

און דאָך טראָץ דיעזע אלע געזעצע און בעשטימונגען, געהט מיסעס סטאָו ארוים מיט א בארג גרויזאמקייטען, וועלכע ווערען כלומרשט בעגאנגען געגען איהרע שווארצע און מאכט אז איהר העלד טאָם זאָל בוכשטעבליך געשמיסען ווערען צו טויט אין לואיזיאנא פון זיין מאסטער, לעגרי. און דיעזע גרויזאמקייטען, וועלכע זיינען פערבאָטען פון געזעץ שטעלט זי ארוים אלס פאקטען אום צו בעשמו־צען די אנשטאלטען פון שקלאווערײ.

אזוי איז אויך מיט בעצוג אויף די שיידונג פון קינדער פון זייערע עלטערן. א גרויסען וועזען האָט זי געמאכט וועגען דעם פערקוי־פען פון דאָס קינד פון עליזא'ן „אכט אָדער ניין יאָהר אלט", וועלכע מען האָט צוגענומען פון איהר מוטער. ווען די ערפינדערין פון דיעזער געשיכטע וואָלט אָבער א קוק געטהאָן אין דעם געזעץ־בוך פון לואי־זיאנא, וואָלט זי דאָרטען געפונען פאָלגענדעס:

„עס איז אויסדריקליך פערבאָטען צו פערקויפען קינדער אונטער

זייערע עלטערן, װען די קינדער זיינען נאָך ניט אַלט קיין צעהן יאָהר.

„און װייטער, זאָגט דער געזעץ, אויב אַ פּערזאָן אָדער פּער־זאָנען זאָלען פערקויפען די מוטער פון קינדער, װעלכע זיינען נאָך ניט אַלט קיין צעהן יאָהר, און דערמיט שיידען די מוטער פון די יונגע קינדער, אַזאַ פּערזאָן זאָל בעשטראָפט װערען מיט ניט װייניגער װי טויזענד דאָלאַר און ניט מעהר װי צװיי טויזענד דאָלאַר, און זאָל איינגעשפּאַרט װערען אין געפענגניס ניט װייניגער װי זעקס מאָנאַט און ניט מעהר װי אַ יאָהר."

די זאָנדערבאַרע פאַלשקייט אין דיעזען בוך איז, צו מאַכען אויסנאַהמס־פעלע, פעלע װאָס פּאַסירען איין מאָל אין אַ יובל, פאַר בעשולדיגער פון שקלאַװעריי. מיט דעמזעלבען גאַנג איז זי געגאַנ־גען בסדר. װען מען זאָל װעלען זוכען אויסנאַהמענדע שלעכטע זאַכען, דאַרף מען זיי ניט זוכען ביי די שקלאַװען־האַלטער, מען געפינט זיי צװישען אַלע קלאַסען מענשען. עס איז מיאוס, אונפערצייהליך מיאוס צו בעשולדיגען אַ כלל מיט דעם, װאָס מען געפינט צװישען זיי אַ פערדאָרבענעם מענשען. דער אַלגעמיינער אָנפאַל פון איהר איז זעהר לעבערליך. איהר אָנקעל טאָם איז איין אמת'ער מלאך און אַלע איהרע שװאַרצע זיינען האַלבע מלאכים; איהר סיימאָן לעגרי איז אַ װאַהרער אשמדאי און איהרע װייסע זיינען געװעהנליך האַלבע טיי־װאָלים. זי האָט עפּעס אַ מין זאָנדערבאַרען רוגז געגען די גלחים, און אַלע װאָס זי פיהרט פאַר, מיט זעהר אַ קליינער אויסנאַהמע, זיי־נען פאַריזעער און היפּאָקריטען. װען איינער װאָס קען ניט אַמעריקאַ־און איהרע בעפעלקערונג און װאָלט דאָס געדאַרפט לערנען פון איהר בוך, װאָלט ער געקענט מיינען, אַז דאָ איז אַ אמת'ער גיהנום. מיר װילען ניט זאָגען, אַז מיסעס סטאָו האָט עס געטהאָן מיט שלעכטער אבזיכט, װען זי האָט צוזאַמענגעשטעלט איהר בוך, אָבער מיר זאָ־גען, אַז זי האָט אָנגעמאַכט צרות, צו װעלכע קיין אונװיסענהייט איז אַ פערצייהונג און קיין שטראָף אַ פערגעבונג."

װען די שרייבערין האָט זיך גענומען שרייבען דעם בוך האָט זי געװאוסט, אַז זי װעט דאַרפען האָבען פיעלע פאַקטען װעגען די געזעצע אין פערשיעדענע שטאַאַטען. זי האָט אויך גאַנץ גוט געװאוסט, אַז װען זי טרעט אַרויס פאַר דער װעלט מיט אַ שרעקליכער בעשולדיגונג

געגען אַ מעכטיגער קלאַסע מענשען, וועט זי דארפען ווייזען מיט פאַקטען וואו זי האָט די בעשולדיגונג גענומען. דער ריכטער סטראָוד פון פילאַדעלפיא האָט איהר פערשאַפט די געזעץ־ביכער פון פערשיעדענע שטאַאַטען און דיעזע האָט זי אַ לאַנגע צייט שטודירט ביז זי האָט געפּאַסט מיינונגען וועגען פערשיעדענע שקלאַווען געזעצע.

יעצט וועלען מיר זעהען, אויב דאָס געזעץ, ווי מיר האָבען עס געלעזען אין דעם דערמאָהנטען אַרטיקעל, אַז אַ מאַסטער וועלכער טויטעט אַ שקלאַוו, זאָל פער׳משפּט ווערען צום טויט, איז ריכטיג.

סימאָן סאַוטהער איז געווען אָנגעקלאַגט אין אָקטאָבער 1850, אין בעצירקס געריכט פון האַנאָווער, פאַר ערמאָרדען זיין שקלאַוו. די בעשולדיגונג איז בעשטאַנען אין פופצעהן פּונקטען פון פערשיעדענע סאָרטען פערברעכענס, פון וועלכע יעדערער האָט פערדיענט אַ שווערע שטראָף.

די בעשולדיגונג איז געווען פאָלגענדע: דעם ערשטען סעפּטעמבער 1849, האָט דער געפאַנגענער געבונדען דעם שקלאַוו, סעם, מיט שטריק אַרום די אָרעם, האַלז, פיס און קנעכעלס צו אַ בוים. ווען דער שקלאַוו איז געווען אויף דיעזער ווייזע אַזוי געבונדען, האָט דער געפאַנגענער צוערשט געשמיסען דעם שקלאַוו מיט ריטער, דאַן האָט ער איהם געשלאָגען מיט שטעקענס און האָט געצוואונגען אַ נעגער מיט זיין פרוי, אַז זיי זאָלען אויך שלאָגען דעם געבונדענעם מיט די שטעקענס. דאָס איז נאָך ניט גענוג, האָט איהם דער געפאַנגענער געשלאָגען מכות רוצח איבער׳ן קאָפּ, איבער׳ן רוקען און איבער׳ן גאַנצען קערפּער. דאַן האָט ער איהם געברענט מיט פייער. ווען דער אונגליקליכער איז געווען פערפּלייצט מיט וואונדען האָט ער געהייסען די זעלבע נעגערס, אַז זיי זאָלען איהם אָפּוואַשען מיט וואַרעמע וואַסער געמישט מיט רויטען פעפער. נאָך דעם בינדען, שמייסען, קלאַפּען, שלאָגען, צופּען, רייסען, שינדען, ברענען, וואַשען און מאַרטערן, האָט דער געפאַנגענער אָפּגעבונדען דעם דערשלאָגענעם אויף אַזאַ אַרט דאָס ער איז געפאַלען צו דער ערד ווי אַ שטיין. דאַן איז ער ווידער אַרויפגעשפּרונגען אויף איהם און האָט איהם געטרעטען מיט די פיס. דאַן האָט דער געפאַנגענער געהייסען זיינע שקלאַווען איהם אַריינטראָגען אין אַ שטאַל. דאָרטען האָט ער געהייסען אַ שקלאַוו ער זאָל איהם בינדען די פיס און זיי אַריינלייגען צווישען צוויי

קלעצער, און אַ שטריק אַרום האַלז און איהם פעסט מאַכען צו אַ קלאָץ אין אַזאַ אָרט אַז ער זאָל האַלב דערשטיקט װערען. און װעה־רענד ער איז געװען אַזױ געבונדען האָט איהם דער געפאַנגענער גע־שלאָגען, געבריקעט מיט די פיס, געטראָטען, גע'ממית'ט איבער דעם קאָפּ, פּנים, ברוסט, בױך, זײט, רוקען און גאַנצען קערפּער און האָט װײטער געצװאַונגען זײנע צװײ שקלאַװען אָנצוברענען דעם פערשטאָרבענעם, װעהרענד ער איז געװען פעסט צוגעבונדען. און די בעשולדיגונג בעהױפּטעט און בעװײזט, אַז פון דיעזער מערדערי־שער שטראָף איז דער שקלאַװ סעם געשטאָרבען. עס איז בעװיזען, אַז דער געפאַנגענער האָט אָנגעפאַנגען די מערדערײ אין דער פריה און עס האָט געדױערט אַ גאַנצען טאָג און דאָס דער פערשטאָרבענער איז געשטאָרבען אין דער געגענװאַרט פון דעם געפאַנגענעם, און אין דער געגענװאַרט פון די שקלאַװען און פון איין עדות.

װען די בעװײזע זײנען אַלע פאָרגענומען געװאָרען און דער ריכ־טער האָט אױסגעהערט בײדע צדדים, איז די פערהאַנדלונג איבער־געגעבען געװאָרען צו די געשװאָרענע. דיעזע האָבען אַרױסגעבראַכט דעם אורטהײל: מ אָ ר ד א י ן צ װ ײ י ט ע ן ג ר אַ ד, און דער געפאַנגענער איז פער'משפט געװאָרען אױף פ י נ ף י אָ ה ר ג ע פ ע נ ג נ י ס. דער פעראורטהײלטער איז נאָך ניט געװען צו־פריעדען מיט דעם אורטהײל און האָט אָנגעגעבען פאַר אַ נײען פּראָ־צעס, װאָס ער האָט פון דעסטװעגען ניט גע'פועל'ט.

די פערטהײדיגער פון דעם פעראורטהײלטען האָבען אַלץ געזוכט צו בעװײזען, אַז דער מאָרד איז ניט בעגאַנגען געװאָרען מיט דער אַבזיכט צו נעהמען דאָס לעבען, זאָנדערן צו שטראָפען און דאָס דער פערשטאָרבענער שקלאַװ האָט גאָר ניט אַזױ געליטען, אַז ער האָט זיך נאָר פערשטעלט, דאָס דער פעראורטהײלטער האָט גאָר ניט גע־װאוסט, אַז פון אַזאַ שטראָף קען ער שטאַרבען, — און נאָך אַזעלכע אױסרײדען, און דאָס איז געװען גענוג אַזאַ שױדערהאַפטען מאָרד צו פערװאַנדלען אין „צװײטען גראַד מאָרד".

די סצענע פון דער שױדערהאַפטער רציחה האָט געדױערט צװעלף שטונדען. זי האָט שטאַטגעפונען אין שטאַאַט װירדזשיניאַ אין דעם בעצירק האַנאָװער. מען קען ניט אָננעהמען, אַז אַ מענש װאָלט געקענט לעזען דיעזע שרעקליכע געשיכטע צװײ מאָל. מען קען דענ־

קען, אַז אַ קאַלטע האַנד פון שוידער וואָלט זיך דערביי אוועקגעלייגט אויף יעדער הארץ; דאָס די גאַנצע געריכטס-פערזאַמלונג וואָלט זיך אויפגעהויבען ווי איין מאַן און וואָלט ארויסגעטרייסעלט די נשמה פון דעם מערדער. אָבער ווי עס שיינט זיינען אַלע געווען גאַנץ רו־היג. די אדוואָקאַטען האָבען זיך גאַנץ געמיטהליך געלעזען זייערע פּאַפּיערען און האָבען קאַלטבלוטיג אויסגעפרעגט די עדות, ווי די שטיקער פלייש זיינען געפלויגען און ווי הייסע וואַסער מיט רויטען פעפער זיינען געגאָסען געוואָרען אויף זיינע וואונדען. און נאָך דעם אַלעמען האָבען זיך די געזעץ־מענער בעראַטהען און האָבען בעשלאָסען, אַז עס זיינען נ י ט אָ נ ע נ ו ג פ אַ ק ט ע ן פאַר מאָרד אין ערשטען גראַד, און עס איז געבליעבען אַז מען זאָל איהם משפט'ן פאַר ט ו י ט - ש ל אַ ג ע ן אין צווייטען גראַד. די צוועלף שטונ־דען מאַרטערן אַ מענשען צום טויט האָט מען גערופען ב ע ש ט ר אַ־פ ו נ ג. צום שלום האָט דער אורטהייל געהייסען: —

„עס האָט ניט געשיינט, אַז דער געפאַנגענער האָט געהאַט די אבזיכט צו טויטען דעם שקלאַוו, סיידען אַזאַ אבזיכט וואָלט געקענט בעוויזען ווערען דורך דער אַרט און ווייזע און דעם געדויערן פון דער בעשטראַפונג."

ווי עס ווייזט אויס דענקען די ארויסגעבער פון דיעזען אורטהייל, אַז צוועלף שטונדען פון שלאָגען, ברענען, שטעכען, טרעטען און מאַרטערן אַ מענשען מוז בעטראַכטעט ווערען אַלס אַ זאַך, וועלכע איז ניט מעהר ווי אַ געזעצליכע בעשטראָפונג און האָט נאָר געהאַט די אבזיכט דעם שקלאַוו צו בעסערן.

דאָ איז נאָך אַ געשיכטע וועגען ענטלאָפענע נעגערס. דאָס איז געדרוקט געוואָרען אין „ווילמינגטאָן דזשוירנאַל", דען 13טען דעצעמ־בער 1850: —

שטאַאַט נאָרד קאַראָליינאַ, ניו האַנאָווער בעצירק.

„פאַר אונז, צוויי פריעדענס-ריכטער פון דיעזען בעצירק איז געבראַכט געוואָרען אַ קלאַגע פון גילפאָרד האַרן פון עדזשקאָמב בעצ־צירק, דאָס אַ געוויסער שקלאַוו מיט'ן נאָמען העררי, אַ סטאַליאַר, ארום פערציג יאָהר אַלט,. פינף פוס און פינף צאָל הויך, פון געלען קאָליר, שטאַרק געבויט, מיט אַ שניט פון אַ האַק אויפ'ן לינקען פוס, האָט זעהר גראָבע ליפּען, טיעף געזונקענע אויגען אין קאָפּ, אַ בריי־

טען שטערן, א שטארקע שטימע, האט פערלאהרען איינעם אדער צוויי אויבערשטע ציירען, — ער איז ענטלאפען פון מאסטער און שיינט זיך ארומצוטרייבען אין דיזען בעצירק. ער האט בעגאנגען פערשיעדענע פערברעכענס. מיר בעפעהלען אלזא, אז דער שקלאוו זאל זיך גלייך זעלבסט אונטערגעבען און זאל זיך צוריק אומקעהרען צו זיין מאסטער. און מיר ערקלעהרען אין נאמען פון געזעץ, דאס אויב דער בעטרעפענדער שקלאוו העררי וועט ניט פאלגען דעם בעפעהל זאבאלד ווי ער וועט בעקאנט געמאכט ווערען, קען יעדערער איהם טויטען און פערניכטען דורך וועלכען עס איז מיטעל, אהנע מורא צו האבען אז זיי זאלען דערפאר בעשטראפט ווערען אפילו מיט דער לייכטעסטער שטראף.

ארויסגעגעבען מיט אונזערע נעמען און זיגלען, דען 20 יוני 1850.

„דזשיימס ט. מילער, פריעדענס־ריכטער

„וו. ס. בעטטענסקורט, פריעדענס־ריכטער."

---

„הונדערט און פינף און צוואנציג דאלאר בעלאהנונג וועט געגעבען ווערען פאר'ן ברענגען צו מיר אין טאסנאט דעפא, ערזשקאמב בעצירק, דעם געגאנטען העררי'ן, אדער פאר'ן איינשפארן איהם אין געפענגניס פון דיזען שטאאט, אום איך זאל איהם קענען אפנעהמען, אדער הונדערט און פופציג דאלארס וועט געגעבען ווערען פאר זיין קאפ.

מען האט ניט לאנג געהערט, אז ער איז אין ניובערן, וואו ער רופט זיך העררי בארנעס, און וועט וואהרשיינליך טראגען דיזען נאמען אדער ער וועט הייסען קאפאדזש אדער פארמער. ער האט א פריינע מולאטקע פאר א ווייב מיט'ן נאמען סייללי באזעמען, וועלכע האט ניט לאנג אריינגעצויגען אין ווילמינגטאן און לעבט אין דעם טהייל פון שטאדט, וואס הייסט טעקסאס, וואו ער וועט זיך וואהרשיינליך ארומדרעהען.

אייגענטהימער פון שיפען זיינען געווארנט זיך צו היטען איהם צו בעהאלטען, דען זיי וועלען שווער בעשטראפט ווערען נאכ'ן געזעץ.

גילפארד הארן, דען 29טען יוני, 1850."

אין דער בעשרייבונג פון דיזען העררי'ן קלינגט עס אזוי ווי א

געשיכטע פון א ראמאן ; מען האט איהם עפענטליך ארויסגעשטעלט צום הרג'ענען, אז די נעגער־כאפערס פון די זומפען זאלען זיך אן דעם אנכאפען ווי אן א לוסטיגען לעקערביסען. עס שיינט, אז ער איז א סטאליאר, א שטארקער מאן, פאר וועמען זיינע שטארקע אברים האבען געפאסט בעסער פאר איהם אליין ווי פאר א מאסטער. עס שיינט, אז ער האט אויך א פרוי, און זיין מאסטער גיט אן פאר א מעגליכקייט, אז ער זאל זיך ארומדרעהען ארום איהר. דאס ווייזט אז דער מאסטער איז געווען א דורכדרינגליכער מאן. פערהייראטהע מענער האבען אלע מאל ליעב די געזעלשאפט פון זייערע פרויען, און פון דעם אויף וויפיעל מיר קענען די נאטור פון סטאליארעס דא אין ניו־ענגלאנד, קומט אונז אוים מאדנע, אז העררי זאל אין דיעזען פאל זיין אנדערס. לאמיר בעטראכטען דעם פארטרעט פון העררי'ן : „די אויגען טיעף געזונקען אין קאפ, זעהר א ברייטער שטערן". א גייסטליכער האט א מאל געזאגט, אז „מענשען מיט ברייטע שטערנס, לאזען זיך ניט אזוי לייכט אראבפיהרען פון זייער וועג."

מיר דענקען, אז עס איז זעהר וואהרשיינליך, אז העררי מיט זיין „ברייטען שטערן" איז פונקט איינער פון דיעזע. ער מוז וואהר־שיינליך זיין איינער פון די ארטיקלען, וועלכע וואלטען ווערטה גע־ווען פיעל געלד, ווען דער אייגענטהימער וואלט פון איהם געקענט מאכען א געברויך. זיין קאפ איז שוין גוט, אבער ער וויל איהם גע־ברויכען פאר זיך. ער איז ניט ניצליך פאר קיינעם ווי נאר פאר דעם וואס טראגט איהם ; און דער מאסטער וויל נאך מעהר בעשטעטיגען די זאך מיט דעם, וואס ער באט אן פינף און צוואנציג דאלאר פאר דעם קאפ אהן דעם קערפער מעהר, ווי ער וויל געבען פאר'ן קאפ, פאר'ן מאן און פאר אלעס. ארימער העררי ! מיר וואלטען וועלען וויסען, אויב זיי האבען איהם שוין געכאפט ; אדער די אונדורכ־דרינגליכע וועלדער, די גיפטיגע אינזעקטען, די טויטליכע שלאנגען און די געפאנצערטע אליגאטארס פון די זומפען, וועלכע זיינען מעהר מענשליך ווי די שקלאווען־יעגער, פערשטעלען דעם וועג מיט זייערע מיאוסע קערפערס פאר די כאפערס און זיינען די איינציגע שוץ אין קאראליינא, וואו דער שקלאוו קען פריי לעבען.

# שלוס־בעמערקונג פון דעם איבערזעצער

עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט אז ווען „אָנקעל טאָם'ס קעבין" איז אַרויס אין דער וועלט און האָט אויפגערודערט אלע נאציאָנען, האָבען די פערטהיידיגער פון דער שקלאווען סיסטעמע, וועלכע זיינען דאמאלס געוועזן אין פולער מאכט, ניט געשוויגען און האָבען גע־טהאָן אלעס מעגליכע אָפּצושוואכען די שרעקליכע שילדערונג אין דעם בוך. דעם סעמפּעל וואָס זי ברענגט פאָר פון דער נויאָרקער צייטונג „קוריער און אינקווייערער" ווייזט קלאָהר וואָס פאר א ממשות ער האָט און האָט געהאט געגען איהרע בעהויפּטונגען. מען מוז ניט פערגעסען, אז זי האָט ניט גענומען די פאקטען פון איהר קאָפּ זיצענדיג אין איהר צימער. ווי די לעזער האָבען שוין געזעהען איז זי ניט געזעסען אויף איין אָרט. אָבוואָהל אין יענער צייט איז זי געוועזן א קרענקליכע פרוי און בעפאלען מיט קינדער, און אָרעם איז זי אויך געוועזן, האָט זי דאָך ניט גערוהט טאָג און נאכט און האָט געזאמעלט מאטעריאל פאר איהר גרויסען ווערק. און אז זי האָט געהאט קוועלען פון וואנען צו קלייבען פאקטען און סצענעס איז קיין צווייפעל, דען זי איז ניט געשטאנען אליין אין איהר צוועק.

איהר ענטפער צו איהרע אָנגרייפער פערנעהמט א גאנצען בוך מיט פאקטען פון פערשיעדענע געריכטען און געזעץ־ביכער, מיט וועלכע זי שלאָגט די פערטהיידיגער פון שקלאווערייי. דיעזע אלע פאקטען זיינען איהר געשיקט געוואָרען פון אדוואָקאטען און ריכטער, וועלכע זיינען געוועזן געגען שקלאווערייי און האָבען פאר איהר אויס־געזוכט דעם בעסטען מאטעריאל אויסצופיהרען איהר צוועק.

א וועלט מיט מענשען איז איהר געשטאנען צו הילף מיט ראטה און טהאט און דאָס האָט איהר געהאָלפען צו מאכען איהר בוך ניט נאָר פאר איין אינטערעסאנטע און הערצרייסענדע ערצעהלונג, זאָנדערן פאר א פייערדיגען רוף געגען א סיסטעמע, וועלכע מען האָט שוין מעהר ניט געקענט פערטראָגען.

אויף ווי ווייט איהרע סצענען און כאראקטערע זיינען געווען ריכ־טיג פארגעשטעלט, זעהט מען דערפון ווי לעכערליך עס איז געווען זייער אפשטרייטונג פון די יעניגע, וועלכע זי האט בעשולדיגט אין אויפהאלטען די שקלאווען סיסטעמע. אלע סצענעס, וועלכע זי האט פארגעפיהרט, האט זי בעוויזען מיט געריכטס־פראצעסען, וועלכע האבען אין יענער צייט שטאטגעפונען אין פערשיעדענע סאוטה שטאא־טען. נים נאר דאס אליין, פיעלע סצענעס, וועלכע זי האט אויפ־געוויזען אז זיי האבען ווירקליך פאסירט, האט זי ניט געוואלט פאר־ברייננגען, ווייל זיי זיינען שוין געווען אזוי שרעקליך, דאס ניט נאר מענשען, זאנדערן דער אשמדאי אליין, האט זיך געראָרפט מיט זיי שעהמען.

וואס זי האט מיט איהר בוך אויסגעפיהרט ווייסען מיר. עס איז שוין באלד פופציג יאהר ווי די שקלאווען סיסטעמע איז אפגעשאפט געווארען. מיסעס סטאו האט אבער געלעבט אין דער צייט ווען די שקלאווערייַ האט עקזיסטירט. זי האט געזעהען ווי איהר בוך איז ארויס און האט צוגעזעהען, ווי דער קאלטער קעסעל האט אנגעפאנ־גען צו ווערען ווארעם; ווי ער איז ביסלעך־ווייז געווארען ווארעמער און ווארעמער ווי ער האט געהאלטען ביי'ן קאכען און ווי ער האט אנגעפאנגען צו זידען און די פארע האט פון איהם אנגעפאנגען צו זעצען און דער דעקעל האט ארויפגעשאסען אין דער הויך. און די געקעכץ איז געווען פארטיג!'

דער קעסעל איז געווען דער אנפאנג און דער סוף פון קריעג.

די וועלט איז פטור געווארען פון א צרה, און הערריעט בישער סטאו האט בעקומען די קרוין פון זיעג.

